דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן מיט דער הילף
פון דעם „רייזל און דוד פאַיוס־פאָנד״ ביים
י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, לויטן באַשלוס פון דער זשורי.

# אַרײַנפֿיר

אין דער יידישער ביכער־וועלט איז אָנגענומען, אַז אַ בוך איז אַ בוך און אַ ספר איז אַ ספר — איז אויך אַ בוך. דאָס קלינגט אַ ביסל ווי אַ זאַץ אַרויסגענומען פון גערטרוד שטיינס זאַצן־אַרסענאַל, וואָס זי האָט געזאָגט און מען האָט פאַרשפּרייט אין איר נאָמען ווי גרויסע חכמות. אַ רויז איז אַ רויז איז אַ רויז — האָט זי געלערנט אירע יינגערע תלמידים־שרייבער, אַז זיי זאָלן שרייבן ספּאָנטאַנע ריטמישע זאַצן און נישט באַמיען דעם שכל, אַז עס מוז דווקא עפּעס מיינען, אַחוץ דעקאָראַציע — אויף פּאַפּיר. דער סוף איז געווען, אַז עטלעכע תלמידים אירע זענען געוואָרן גרויסע שרייבער און זי איז געבליבן ביי די חכמות.

כ׳האָב אַנגעהויבן אין גערטרוד שטיינס נוסח און כ׳וויל עס גלייך פאַרטייטשן, אַז אַ יידישער בוך־מבין — אַ טערמין, וואָס איז ברייט גענוג איינצושליסן פון אַ קריטיקער ביז אַ געוויינלעכן אינטעליגענטן לייענער — מוז ביי אונדז קענען אויפֿנעמען און אָפּנעמען אַלערליי ביכער און אַפילו ספרים און זיין גרייט צו זאָגן וועגן זיי אַ מיינונג. איך באַקום פון צייט צו צייט אַ סך ספרים און חיבורים, מיט דרשות, חידושים, פשטלעך און די מחברים פאָדערן פון מיר אַ רעצענזיע, נישט אַנדערש ווי אַ רעצענזיע, אַן אָפּשאַצונג פון זייער אַרבעט; ווייל אַ ספר איז טאַקע אַ ספר, אָבער ס׳איז אויך אַ בוך און אַ יידישער שרייבער וועגן ביכער דאַרף אויף אַלץ זיין אַ מבין.

וועגן ביכער איז אַוודאי נישט שייך, אַלע באַזונדערע דעפּאַרטמענטן פאַרשווינדן, נישטאָ קיין ספּעציאַליטעטן. ביי אונדז קריגט אַ קריטיקער ביכער וועגן מוזיק, געשיכטע, וויסנשאַפט, פאַרשונג, פילאָזאָפיע און אַלץ גייט אַריין אין גדר פון — אַ בוך. די באַזונדערע ספּעציאַליטעטן ווערן צעשמאָלצן און דער קריטיקער מוז זיין אַ כל־בו, אַן אַלצווייסער און אַלצפאַרשטייער; און צו די אַלע מעלות מוז ער נאָך זיין אימשטאַנד וועגן יעדן באַזונדערן בוך צו שרייבן אַ גאַנצע אָפּהאַנדלונג.

אייגנטלעך איז עס אַ גאַנץ קאָמפּלימענטאַרער ענין, ווען דער בוך־מבין גיט אַן עפּן אויף אַ פּעקל און ער געפינט דאָרט, למשל, עטלעכע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, געשריבן אין דער שפּראַך פון מוזיק און דער קאָמפּאָזיטאָר בעט — אַ רעצענזיע. די אָנגענומענע מיינונג ביי אַ טייל מחברים, אַז דער קריטיקער איז אַזאַ ענציקלאָפּעדישער ווייסער, איז אַן אינטערעסאַנטע אילוזיע, וואָס איז נישט לטובת דעם צעך דערפון עפּעס אָפּצודינגען, אָבער אַ מאָל קען עס דערטרייבן צו אַזעלכע ספּעציאַליטעטן, וואָס גייט אַריבער אַלע גרענעצן. כ׳האָב שוין, דאַכט זיך, דערציילט, אַז כ׳האָב אַ מאָל באַקומען אַ חיבור וועגן אַ נייעם צוגאַנג צום טעכנישן פּראָצעס פון מל זיין. דער מחבר

האַט אַפילו גערעדט וועגן אַ דערפינדענער מאַשינקע. איז עס אַלץ געווען שיין און פיין. אָבער די שוועריקייט האָט זיך אָנגעהויבן ווען דער פּאַטענטירער פון שפּאָגל נייעם ברית־אברהם־אופן האָט געפאָדערט פון מיר — אַ רעצענזיע.

ווען איך דאָ דערפאַר מאַכן אַ שטיקל התנצלות און בפירוש אָפן און דעמאָנ־סטראַטיוו זאָגן, אַז הגם איך באַטראַכט זיך פאַר אַ נישקשהדיקן לייענער פון אַלערליי ביכער, אויף אַ סך געביטן, ווערט אָבער מיין מבינות מייסטנס פאַרגליווערט אין בוך גופא. איך פאָלג נאָך דאָס בוך — לייענענדיק און מיט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט אויף וויפל דאָס בוך רופט אין מיר אַרויס, אָבער — אָפּגעלייענט און איך בין געווינלעך פאַרטיק. ווען עמעצער זאָל ביי מיר פאָדערן אָפּשאַצונגען פון אַכציק פראָצענט ביכער, וואָס מיר קומט אויס צו לייענען, און וואָס איך לייען אַפילו מיט דעם שאַרפסטן אינטערעס, וואָלט מיר שווער געווען וועגן זיי צו שרייבן, פשוט דערפאַר, ווייל שרייבן ויעגן אַ בוך מיינט טאָן עפעס אַזוינס, וואָס האָט מיט דעם בוך גופא בלויז אַ טייל־ווייזע שותפות. ס׳מיינט אויפבויען אַן אייגענעם בנין, ס׳מיינט שרייבן אַזוי, אַז איך זאָל קודם כל נישט פאַרשעמען זיך אַליין. דאָס איז אַ באַזונדערע וועלט, וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען פון אַ געלייענט בוך, איז אָפט אינספּירירט פון בוך, אָבער ס׳מוז ווערן דער זעלביקער מיטל פאַר זיך־אויסדרוק, ווי יעדער שעפערישער מעטאָד. און פונקט ווי נישט אַלע שטימונגען און אַפילו אָנרעגונגען קענען פאַרוואַנדלט ווערן אין לידער, אַזוי קענען נישט אַלע ביכער גורם זיין דעם שעת הכושר, אַז דער שרייבער זאָל קענען אי שרייבן וועגן בוך, אי אַרויסשרייבן פון זיך אַליין אַלץ, וואָס ליגט אים אויף דער לונג. געוויסע ספּעציאַליטעט־ביכער שאַפן גלייך אַ מחיצה צווישן דעם ספּעציאַליזירטן בוך און דער שרייבערישער וועלט פון דעם שטייגער בוך־מבין, וואָס באַטראַכט זיין אַזוי־גערופענע מבינות־זאָגעריי, ווי אַ טייל פון זיין אייגענער שעפערישער באַשערטקייט.

אַזאַ שטייגער קריטיקער איז בטבע דאַנקבאַר דעם בוך, וואָס רופט יאָ אין אים אַרויס אַלע פעיקייטן און טאַלאַנטן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר אים. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם זענען פאַרוויקלט גאַר אַ סך פאַרוויקלעניש. לאָמיר נעמען אַזאַ וויכטיק פּראָבלעם ווי — עטיק. בעת דער קריטיקער ק י נ ס ט ל ע ר ט אויף דעם חשבון פון אַ מחבר, איז ער מחויב אויסצודריקן זיין אייגענעם אמת, אָבער עס מוז זיין אַן אמת, וואָס ליגט אויך אין בוך. מיט אַנדערע ווערטער, סיי לויב, סיי אומלויב מוזן אַרויסוואַקסן פון בוך, אויף אַן ערלעכן, אומפּניותדיקן אופן. דער שעפערישער קרי־טיקער, — לאָמיר אים אַזוי רופן — מוז זיין טאָפּלט געהיט. ער פאָרט אַוועק פון בוך אויף זיין אייגענעם געשפאַן, אָבער ער מוז דעם אַראָמאַט פון בוך מיטנעמען און בלייבן געטריי צו דעם, וועמען ער האָט מיטגענומען ווי אַ באַגלייטער אויף זיין אייגענעם וועג.

אַן אמתער שעפערישער קריטיקער קען בטבע נישט זיין קיין רשע. ווען די רשעות שטעקט אַרויס פון דער קריטיק, טוט זיך דער קריטיקער אַליין קיין טובה נישט, זיין אָפּשאַצונג ווערט — פאַשקוויל און ער, דער קריטיקער, געווינט גאָרנישט דערפון.

דערפֿאַר וועט אַ שעפֿערישער קריטיקער בטבע מער ליבן און אַפֿילו איבערליבן ווי אַרונטעררייסן. ווען ער מוז זיך שוין יאָ באַציִען נעגאַטיוו צו אַ בוך, דאַרף ער באַווייזן, אַז ער טוט עס מיט באַציִונג און פּיעטעט, אי צום שרייבער, אי צום געשריבענעם וואָרט. אַפֿילו ווען מען טוט ווי אַ שרייבער, דאַרף מען אים שעפֿעריש ווײ־אָן, אַז דער געקריוודעטער זאָלן מוזן איינזען, אַז ס'גייט אין גרויסע זאַכן, וואָס לאָזן זיך נישט אַראָפּדינגען.

רשעות אין קריטיק פֿירט צו סטיללאָזיקייט, ווייל רשעות איז אַ באַזונדער „געביט", וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט ליטעראַטור, אָדער בכלל מיט שעפֿערישקייט. ס'קומט אַרויס פֿון אַן אינערלעכער ביטערקייט און איז געוויינלעך אַ פּסיכישע קראַנקייט, וואָס אירע סימפּטאָמען זענען אַן אינערלעכע פֿוילעניש. אָט די פֿוילעניש עפֿנט אַ מאָל אַ קעמערל צו זיך אויף דער סאָפֿע פֿון פּסיכיאַטער. אָבער ווען דער רשע ליידט נאָך פֿון שרייבעריי און זיין גאַנצע רשעות גייט אַריין אין קריטיק, ברענגט ער אַרויס פֿון זיך די אינערלעכע פֿוילעניש, וואָס צעלייגט זיך אין זיין שרייבן, ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן. די סימנים פֿון אַזאַ רשע זענען, וואָס זיינע שורות גיבן קיין מאָל נישט קיין שמייכל, אַ גלעט, נאָר זיי זענען תּמיד אויסן צו גיפֿטיקן און צו בייסן. אַפֿילו ווען ער זאָגט שוין יאָ אַ גוט וואָרט, וואַרפֿט ער עס צו ווי אַ קופּערנע נדבה.

דער קריטיקער, וואָס איז נישט קיין רשע, שרייבט תּמיד מיט אַ געוויסער פֿרומקייט, ווייל ער ווייסט ווי שווער עס איז צו זיין אַ גוטער שרייבער. דער עיקר געדענקט ער, אַז מען טאָר נישט באַליידיקן דעם קריטיקירטן שרייבער מיט אַ נאָכלאָזיקאַנגעשריבענער קריטיק. דער קריטיקער דאַרף זיך געבן די מי, אַז דער קריטיקירטער זאָל הנאה האָבן פֿון אַן אָפּהאַנדלונג וועגן זיך, אַפֿילו ווען ער זאָל עס נישט קענען צוגעבן. פֿאַרשטייט זיך, הנאה מוז דאָ גענומען ווערן מיט מער ווי אַ שטויבעלע זאַלץ. אויב דער קריטיקירטער האָט דערוואַרט אַ סך לויב און ער קריגט דאָס פֿאַרקערטע, איז זיין הנאה נישט אַזאַ, וואָס צעגייט זיך אים אין די ביינער, נאָר אַ הנאה, וואָס עסט זיך איין אין די ביינער און ער לערנט אַ מאָל עפּעס דערפֿון, אַפֿילו ווען ער וויל עס נישט צוגעבן.

16.8.63

# ווען מענדעלע מוכר־ספרים האָט געשוויגן

די פייערונג פון הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור און פּרעסע, ווערט פאַר־בונדן מיט מענדעלע מוכר ספרים און זיין ווערק — „דאָס קליינע מענטשעלע״, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1863. שלום יעקב אַבראַמאָוויטש האָט שוין מיט אַ יאָר פריִער זיך געהאַט דערוואָרבן אַ רעפּוטאַציע ווי אַ משכילישער שריי־בער מיט זיין העברעיִש ווערק — „האבות והבנים״. ער איז שוין אויך געווען אַ פּובליציסט, וואָס האָט געלאָזט הערן זיין קול וועגן פאַרשידענע יידישע פּראָב־לעמען. צווישן העברעיִשן לייענער האָט מען אים גוט געקענט און ער האָט אָנגע־הויבן שרייבן יידיש.

בכלל איז מענדעלע געווען אַ קינסטלער מיט שטימונגען און איבערברוכן. מיט אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער איז ער צוריקגעגאַנגען צו זיין ערשטן שרייב־לשון און אַליין גענומען איבערשלייפן זיינע ווערק אויף העברעיִש, שאַפנדיק אַ לעבעדיקע העברעיִשע שפּראַך, וואָס איז ביזן היינטיקן טאָג פּונקט אַזאַ ווונדער ווי זיין יידיש. ס׳זענען אָבער אויך געווען יאָרן אין מענדעלעס קינ־סטלערישער קאַריערע ווען ער איז געווען אַ ליטעראַרישער שותק און ער האָט אין גאַנצן אָנגעוווירן דעם חשק צו שרייבן.

מענדעלע איז נאָך געווען גאַנץ יונג ווען ער איז באַרימט געוואָרן. ווען „דאָס קליינע מענטשעלע״ איז דערשינען אין „קול מבשר״, איז ער סך־הכל אַלט געווען 27 יאָר. אַנדערע מייסטערווערק זיינע האָבן נישט לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך. ס׳זענען דערשינען „קיצור מסעות בנימין השלישי״, „די קליאַטשע״, „די טאַקסע״. ער איז אויך געווען גאַנץ טעטיק אין דער דעמאָלטיקער פּובלי־ציסטיק און „גענומען שאַרפע שטעלונג״ צו אַ סך יידישע פּראָבלעמען. אָבער אין 1877, אין סאַמע בלי פון זיין שאַפן, אין עלטער פון 41 יאָר, האָט ער פּלוצעם פאַר־לוירן דעם ווילן צו שרייבן, ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שעפערישער אַפּאַטיע און, נישט געקוקט אויף די פאַרזוכן פון אַ סך פריינד, וואָס האָבן אים גענומען מונטערן און אים געוואָלט אַרויסשלעפּן פון זיין קינסטלערישן הינערפּלעט, איז ער געזונקען אַלץ טיפער און טיפער אין עצבות.

זיינע ביאָגראַפן דערציילן, אַז דעמאָלט האָט ער איבערגעלעבט שווערע יאָרן אין זיין פּערזענלעכן לעבן. ער האָט פאַרלוירן זיין גרעאָטענע טאָכטער, וואָס איז יונג אַוועק פון דער וועלט. זיין איינציקער זון, אַ ברויזנדיקער און טאַלאַנט־פולער רוסישער שרייבער, האָט זיך געשמדט, קיין פּרנסה האָט מענדעלע נישט געהאַט. איז אים געווען ביטער אויפן האַרצן, מיט זיין גאַנצער באַרימטקייט, און

קיינער האָט אים נישט געקענט אָפּמונטערן. דעמאָלט האָט מענדעלע געשריבן אין אַ בריוו צו אַ פֿריינד — „מיין מוח איז ווי באַגאָסן מיט בליי און דאָס האַרץ איז מיר פֿאַרוואַנדלט אין שטיין". ערשט אין 1881 האָט מען אים אין אָדעס געגעבן אַ שטיקל פּרנסה־מעמד. ער איז געוואָרן אַ תּלמוד־תּורה־פֿאַרוואַלטער, אַ שטעלע, וואָס האָט אים אויך געגעבן פֿאַרביטערט דאָס לעבן, אָבער ער האָט כאָטש געהאַט זיין טעגלעך ברויט. ערשט אין 1884 האָט ער זיך אויסגעטשוכעט פֿון זיין פּלעג־מאַטישער באַציִונג צו דער פּען און ער איז צוריק געוואָרן דער קינסטלערישער מענטש. ס'איז דערשינען זיין דראַמע „דער פּריזיוו" און נישט לאַנג נאָך דעם איז ער געוואָרן זיין אייגענער איבערזעצער און דער ווירטואָז פֿון אַ העברעיִש, וואָס האָט אין גאַנצן פֿאַרוואָרפֿן דעם אָנגענומענעם מליצה־סטיל. מענדעלע איז געוואָרן דער פּערפֿעקטער צווייִשפּראַכיקער קינסטלער, אַ זעלטנקייט אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אָבער אין מיטן פֿון זיין שווייג־פּעריאָד איז אים פּלוצעם אָנגעקומען אַ בריוו פֿון אַ יינגערן קאָלעגע־שרייבער, דעם פֿלאַמיקן ציוניסטישן טריבון, משכּילישן העברעיִשן נאָוועליסט און גלייכצייטיק שפּרודלדיקן יידישן שרייבער — ראובן אָשר ברוידעס.

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש איז געווען מיט פֿופֿצן יאָר עלטער פֿון ברוידעסן, אָבער מענדעלע האָט געוווסט פֿון ברוידעס' קאָלירפֿולער טעטיקייט. מענדעלע איז בטבע געווען אַ זיצער, אָבער ברוידעסן האָט עס פּשוט געטריבן צו וואַנדערן און פֿאָרן. ער איז געווען איינער פֿון די באַגאַבטסטע יידיש־העברעיִשע שרייבער, וואָס האָט געהאַט אַ מיסיע — די אויפֿלעבונג פֿון ארץ־ישׂראל. ער האָט געוואָנ־דערט אומעטום און גערעדט און געשריבן פֿאַר יידן. אין 1882 האָט ברוידעס אָנגעשפּאָרט אין בוקאַרעשט, ווו ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג — „יהודית". אין יענער צייט זענען שעפֿערישע מענטשן נישט געווען זיכער מיט אַריכות ימים,האָבן זיין אין קורצע יאָרן אַריינגעפּאַקט אַזוי פֿיל, אַז ס'איז ממש צו שטוינען. ברוידעס איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 51 יאָר, אָבער אין דער קורצער צייט פֿון זיין צווייִשפּראַכיקער ליטעראַרישער אַרבעט האָט ער געשפּילט אויף אַלע שרייבערישע אינסטרומענטן און כּסדר געזוכט יידן אומע־טום און גערעדט צו זיי וועגן ארץ־ישׂראל. ד"ר הערצל אַליין האָט ברוידעסן באַשטימט פֿאַר דעם רעדאַקטאָר פֿון דעם יידישן אויסגאַב פֿון ציוניסטישן וואָכנ־בלאַט — „די וועלט". דאָס איז געווען אַ צוויי יאָר פֿאַר ברוידעס' פֿריצייטיקן טויט, אין 1902.

אין בוקאַרעשט האָט ברוידעס פֿאַרבראַכט צוויי יאָר, ביז מען האָט אים פֿון דאָרט אַרויסגעטריבן ווי אַ פֿרעמדן אַגיטאַטאָר. די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן קוקן קרום אויף אים און דערפֿירט דערצו, אַז מען האָט אים אויסגעוויזן פֿון לאַנד און אַלע זיינע פּלענער זענען איבערגעריסן געוואָרן.

אָבער אין לעצטן יאָר פון זיין געזעלשאַפטלעכער אַקטיווקייט אין בוקאַרעשט האָט ראובן אשר ברוידעס פאַרטראַכט זיין פּלאַן אַרויסצוגעבן די יידישע צייטונג — „יהודית", כדי צו קענען רעדן שריפטלעך צו די רומעניש יידן. ער האָט ערב אַרויסגעבן פון דער צייטונג פאַרעפנטלעכט אַ פּראָספּעקט מיט אַ ברייטער און גוט אויסגעאַרבעטער פּראָגראַם־דערקלערונג פאַר דער צייטונג. דעם דאָזיקן פּראָספּעקט האָט ראובן אשר ברוידעס געשיקט מענדעלען און אים פאַרבעטן מיט־צואַרבעטן אין זיין „יהודית".

ברוידעס איז מיט זיין בריוו צו מענדעלען פּונקט אַריינגעפאַלן אין דער צייט, ווען מענדעלע האָט געשוויגן און בשום אופן נישט געוואָלט צוריק עפענען זיין ליטעראַרישע קאַריערע. מען קען זיך פאַרשטעלן, אַז מענדעלע האָט גוט געקענט דאָס באַרימטע משכילישע ווערק פון ראובן אשר ברוידעס „הדת והחיים", וואָס איז דערשינען אין 1876. ברוידעס' „שתי הקצוות" איז ערשט פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט אַ צוועלף יאָר שפּעטער.

מענדעלע האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן אין ברוידעס' צייטונג „יהודית", אָבער אַ לענגערן בריוו האָט ער אים יאָ געשריבן. דער אָריגינאַל פון בריוו געפינט זיך אין ברייננין־אַרכיוו, אין דער יידישער פאָלק־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל, וואָס האָט אָגב שוין געפייערט אַ האַלבן יאָרהונדערט פון איר עקזיסטענץ.

אין דעם ענטפער גיט מענדעלע נישט אָן קיין שום פּערזענלעכע מאָטיוון פאַר זיין שווייגן, אדרבא, ער אונטערדריקט עס אין גאַנצן און ער געפינט גאָר ריין־געזעלשאַפטלעכע סיבות, וואָס האָבן אים אַריינגעטריבן אין אַ שרייבערישער פּאַסיווקייט. ס'איז זייער מעגלעך, אַז דער גרויסער יידישער קינסטלער איז טאַקע געפּלעפט געוואָרן פון די שטורמישע און אויפגעוואַכטע אַכציקער יאָרן, אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ווי מאָגער ס'זענען דעמאָלט געווען די מעגלעכקייטן פאַר יידישער פּובליציסטיק, האָט מען פאָרט געהערט דאָס יידישע קול, אויף אַלערליי געביטן מיט אַלערליי פּלענער, מיט אַלערליי לייזונגען. ס'האָבן אָנגע־הויבן רייף ווערן יידישע איזמען און מענדעלע מוכר־ספרים האָט זיך נישט געקענט גוט אַריינפּאַסן אין דעם גרויסן יידישן טומל.

דער אָפּזאָג מיטצואַרבעטן אין „יהודית" איז אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט. ס'איז כולו מענדעלע, מיט זיין סטיל, זיין קנייטש, זיין פּעפּערדיקייט. דער עלטע־רער שרייבער — ער איז שוין דעמאָלט אַלט געווען 46 יאָר — נעמט זיך דאָס רעכט צו געבן דעם רעדאַקטאָר פון „יהודית" אַ סך עצות, שרייבערישע, געזעל־שאַפטלעכע און רעדאַקטאָרישע. מענדעלע באַציט זיך אויף דעם זשורנאַל „יהודית" — „אויף דעם יידישן ;שאַרגאָן". „יהודית" ווערט גלייך ביי מענדעלען אַ כלה און ער זאָגט זיך אָפּ פון דעם כבוד זיך צו באַטייליקן אין דער „אונטערפירעניש".

ס'קאָסט אים געזונט און לעבן זיך אָפּצוזאָגן פון דאָזיקן כבוד, אָבער, שרייבט מענדעלע, — „שוין אַ פּאָר יאָר כמעט, אַז איך שוויג און די האַנט לייגט זיך

מיר נישט צו נעמען אַ פּען אָנצושרייבן עפּעס". מענדעלע פאַרכאַפּט זיך גלייך, אַז עס איז נישט חלילה, ווייל ס'האָט אים אָפּגענומען דאָס לשון, "די צונג באַדאַרף מען מיר, ברוך השם, נישט פּיקן. ס'איז אָבער אַ צייט פון ,געפּילדער און גע־רויש' " און ער קען עס נישט פאַרטראָגן.

"גיי רעד אין אַזאַ ווילדער מהומה, אין אַזאַ שרעקלעכן דור הפלגה... איטלעכן שיטן זיך ניין מאָס רייד פונעם מויל און בויך־סברות פאַלן ווי מיסט... פּזמונות און נאַרישע עצות..." קיין איין וואָרט וועגן זיינע פּערזענלעכע משפּחה־איבער־לעבענישן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין זיין אַנטשוויגן ווערן. מענדעלע ציט ווייטער דעם פאָדעם פון געזעלשאַפטלעכע סיבות, אויף זיין שטייגער, אַז אין טומל באַטייליקן זיך — "אי שאַלטעקעס, אי דאָכט זיך גאַנץ פיינעטשקע מיט יראת שמים־פּנימלעך, וואָס קומען קלאַמפּערשט ראַטעווען און שטופּן זיך אַן פולע קעשענעס". מענדעלע האַלט, אַז ס'איז גלייכער — "נישט צו רעדן אַ וואָרט און וואַרטן ביז די מהומה, דער געפּילדער וועט זיך איבערנעמען".

אמת, גיט צו מענדעלע, ס'קומט אָן זייער שווער צו שווייגן — "דאָס האַרץ קאָכט ווי אַ קעסל צוקוקנדיק אַזוי פיל צרות, אַזוי פיל פאַלשקייטן פון אַלע זייטן, עס גלוסט זיך אויסצוגיסן דאָס שווערע געמיט, אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס אויף דער לונג, נאָר קען אָבער דאָס קול פון אַ שוואַך מענטשל אַריבערשרייען דאָס גערויש פון שטאַרקע כוואַליעס, בשעת אַ שרעקלעכן שטורעמווינט?" הכלל, מענדעלע איזאָלירט זיך פון טומל. ער באַשליסט — "אָפּצושווייגן ביז דער עולם וועט זיך אויסשרייען".

איז קיין ווערק שיקט נישט מענדעלע מוכר־ספרים דעם יונגן רעדאַקטאָר ראובן אָשר ברוידעס, אָבער עצות פאַר דער צייטונג גיט ער אים, אין זעלביקן בריוו, איבערגעגעבן. ער גיט אָפּ "יהודיתן" אַ פּערזענלעכן מזל טוב — "מזל טוב דיר, יהודית לעבן, מזל טוב דיר מיט דיין ערשטן אַרויסגאַנג אין דער וועלט". ער שילדערט די אומרויקע, שטורמישע צייט — "פּינצטערע, געדיכטע וואָלקנס, נישט איין שטערנדל, וואָס זאָל לייכטן, ווייזן דעם וועג יהודית".

מענדעלעס לשון אין דעם בריוו, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט איבער אַכציק יאָר צוריק איז פריש און היינטיק. מען געפינט אין אים אויך זאַצן און אויסדרוקן, וואָס זענען אומזיסט־אומנישט אַרויסגעפאַלן פון אונדזער לשון, און מען וואָלט זיי באַדאַרפט צוריקברענגען. מענדעלע שרייבט, אַז ער וועט זאָגן עטלעכע ווערטער, וואָס וועלן "דיר צו נוץ געבן אין לעבן". ער באַנוצט זיך מיט דעם וואָרט — שלאַפּע, וואָס מען וויל ביי אונדז פאַרגעסן. "נשים דעתן קלות" זעצט ער גלייך איבער אויף — "יידענעס האָבן שלאַפּע קעפּלעך". אָבער אינטע־רעסאַנט ביז גאָר זענען די עצות פון מענדעלען דעם קינסטלער, וואָס זאָגט אָן דער צייטונג — "זוך נישט צו געפעלן שוטים, זאָל דיך נישט אַרן זייער געשפּעט און נעם זיך נישט איבער פון זייער לויב". ביידע העלפטן פון דער עצה זענען עצות

פון אַ שטאָלצן קינסטלער, וואָס אַפּילו היינטצייטיקע שרייבער וואָלטן צייטנווייז געמעגט געדענקען.

און אָט שרייבט מענדעלע דער קינסטלער, וואָס רעדט נישט אַראָפּ צום עולם און באַטראַכט אים נישט פאַר קיין לעמעשקע, וואָס מען באַדאַרף פאַר אים צעקייען. ער עצהט „יהודיתן" — אַזוי צו זאָגן:

„בשעת דו וועסט רעדן פאַר דעם עולם, זאָלסטו זיך פאָרשטעלן ווי דו שטייסט פאַר עפּעס אַ גרויסן מאַן, וואָס אויב דו וועסט אים פאַרנעמען מיט חלומות, פּוסטע זאַכן, וועט ער זוכן דיינע פּטור צו ווערן און דיך הייסן פון אַלע טרעפּ אַראָפּ־וואַרפן". דער שטאָלצער קינסטלער גייט ווייטער און גיט אָנצוהערעניש, פאַר וואָס ער אונטערדריקט זיינע פערזענלעכע צרות און ער טראָגט זיי נישט אַרויס אין רשות הרבים — „זאָלסטו זיך, יהודית, היטן פון רכילות און פּליאָטקעס, אָנפירן צו דערציילן דעם עולם מעשיות, וואָס געהערן זיך אָן נאָר מיט דיר און מיט דיין הויזגעזינט". און דער ציכטיקער סטיליסט, דער פּערל־קלייבער האָט אויך סטיליסטישע עצות פאַר דער נייער צייטונג, אַז דער געדאַנק איז נאָך נישט אַלץ, מען מוז עס אויסדריקן „מיט פּאַסנדע, ריינע, שיינע ווערטער... חלילה, יהודית, אַ שלימזלניצע איז אַ גרויסער פעלער, דיין קליידל זאָל תמיד זיין ריין, ווייס, דיין לשון שיין, פיין, בנעימותדיק".

און מענדעלע פאַרענדיקט זיין בריוו: „מזל־טוב דיר, יהודית, נאָך אַ מאָל. גאָט זאָל דיר שענקען יאָרן, דער רומעניש עולם — געלט, די שרייבער — גוטע אַרטיקלען, דו זאָלסט קענען לעבן און זיך עלטערן אין עושר און אין כבוד, אמן".

און מענדעלע האָט ווייטער געשוויגן ביז 1884, ווען ער האָט געבראָכן זיין שווייגן מיט דער דראַמע — „דער פּריזיוו".

11.12.64

# יוסף באָוושאָווער — צו זיין 50סטן יאָרצייט

יוסף באָוושאָווערס אַ ליד — „ווערטער פון אַ ברודער", איינס פון די בעסטע לידער זיינע, וואָס ווערט אגב נישט דערמאָנט אין נ. ב. מינקאָווס לענגערער און אַרומנעמענדיקער אַרבעט וועגן באָוושאָווערן (אין ערשטן באַנד „פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע") און געפינט זיך אין באַסינס אַנטאָלאָגיע („פינף הונדערט יאָר יידישע פּאָעזיע") לאָזט זיך טייטשן אויף פאַרשידענע אופנים. ס'איז רעכט, אַז דער באַרימטער אַרבעטער־פּאָעט רעדט צום ברודער־אַרבעטער ; ס'קען אָבער אויך זיין, אַז ס'איז באָוושאָווערס אַ יידיש־נאַציאָנאַל ליד, וואָס ער האָט זעלטן געשריבן. אָבער מען קען, אַז מען וויל, דאָס ליד אָננעמען פאַר אַ פּערזענלעך ליד, אַז ער גיט איבער — פּאָעטיש — די וואַרענונג פון זיין אייגענעם ברודער, דער וואָס האָט אים אַריבערגענומען קיין אַמעריקע, צו אים, דעם לא־יצלח, וואָס האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט זיך דערשלאָגן צו אַ זיכער און פּראַקטיש אָרט אין לעבן.

אָבער וואָס דער אמתער טייטש פון דעם ליד זאָל נישט זיין, פאַרמאָגט עס ריין־פּערזענלעכע שורות, וואָס ווייזן קלאָר, אַז ער האָט גוט פאַרשטאַנען וואָס עס באַטייטן די ערשטע קאָפּ־צעמישענישן און וואָרענונגען פון אַן אָנקומענדיקער גייסטיקער קראַנקייט. כ'ברענג די לעצטע אַכט שורות פון ליד —

דו קענסט אויף דיין היים און דו קענסט אויף קיין מענטשן מיט ליבע נישט קוקן,\
פאַרלאָשן און קאַלט איז דיין פריינדלעכער בליק און געקרומט איז דיין רוקן.\
און פינצטערניש הערשט אין דיין מוח, עס שטייען געלעמט די געהירן.\
און ווילנלאָז לאָזסטו זיך קנעטן, געדאַנקלאָז לאָזסטו זיך פירן.\
און מאָגער און בלייך איז דיין פּנים און שוואַך איז דיין יעטוועדער אבר,\
פון קנעכטשאַפט און נויט אַ פאַרמאַטערטער נייגט זיך דיין קערפּער צום קבר.\
עס האָט דיר די וועלט און דיין פאָטער נאָר צרות און דומהייט געגעבן\
און האָפענונגסלאָז פירסטו אַן ענגן אַ שוואַרצן געשטאַרבענעם לעבן.

אַ „געשטאָרבן לעבן", גאַנצע פופצן יאָר, האָט יוסף באָוושאָווער שפּעטער געפירט אין אַ משוגעים־הויז נאָך דעם ווי ער האָט דורכגעמאַכט די אַלע סימפּטאָמען, וואָס ער באַשרייבט אַזוי אַקוראַט, מיט דעם געקרומטן רוקן, פינצטערניש אין מוח, געליימטע געהירן, מאָגער און בלייך דאָס פּנים און שוואַך יעדעס אבר.

אַלע סימפּטאָמען פון אַ גייסטיק קראַנקן, אַ סכיזאָפרעניש־קראַנקער, וואָס האָט זיך אַזוי שפּעטער אַ פּיזיש־פאַרענדערטער אַרומגעדרייט אויף ניו־יאָרקער גאַסן און ס׳איז פאַר חברים געווען אַ צער צו זען, וואָס עס איז געוואָרן פון דעם שיינעם יונגנמאַן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ זעלטענעם פּערזענלעכן מאַגנעטיזם. די חברים האָבן נישט געקענט צוקוקן ווי דער גלייכער מאַן האָט זיך אויסגעקרומט און מענטשן האָבן אים שוין נאָכגעקוקט אויף די גאַסן.

מען האָט מיר דערציילט מיט אַ פופציק יאָר צוריק, אַז באָוושאָווער פלעגט אַריינגיין אין אַ קליידער־געשעפט עפּעס קויפן און ווען ס׳איז געקומען צום באַצאָלן, האָט ער זיך אָנגעבייזערט — „און אַז שעקספּיר וואָלט ביי אייך עפּעס געקויפט וואָלט איר אים אויך געהייסן באַצאָלן?״ פאַר זיינע נאָענטע פריינד פלעגט ער גאַנץ אָפט זיך דערקלערן פאַר — גאָט און פאָדערן מען זאָל צו אים דינען.

אויב דאָס ליד „ווערטער פון אַ ברודער״ איז געווען אַן אַרבעטער־ליד, האָט ער עס, ווי יעדער פּאָעט, באַשאָנקען מיט זיינע אייגענע פּערזענלעכע דער־פאַרונגען און פּסיכישע ווייטאָגן און שרעק־סימנים.

נ ב. מינקאָוו פאָלגט נאָך די גלייכע ליניע פון דער קליינער צאָל באָוושאָווער־ביאָגראַפן, אַז ער האָט אַ גאַנץ לעבן זיך נישט געקענט באַפרייען פון פּחד, וואָס עס האָט אויף אים אָנגעיאָגט זיין שטאַרק רעליגיעזער טאַטע. פון אים האָט ער געהאַלטן אין איין לויפן און אַנטלויפן זיין גאַנץ לעבן. אָבער ס׳וואָלט געווען אַ סך גרינגער דאַכט זיך מיר, ווען מען וואָלט געפאָרשט זיין משפּחה־געשיכטע, ווייל דער יונגער פּאָעט איז צו 27 יאָר אַריינגעפאַלן אין אַ משוגעים־הויז און דאָרט שוין פאַרבליבן אַ האָפענונגסלאָזער חולה, אין אַ לעבעדיקער יענער־וועלט. דער יידישער פּאָעט האָט אין משוגעים־הויז אַפילו פאַרגעסן דאָס יידישע לשון און ער האָט גערעדט אַ „שעקספּירישן״ ענגליש. געקומען איז ער קיין ניו־יאָרק, אַן אַכצניאָריקער בחור, פון ריגע, מיט אַ ביסל דייטשער אויסבילדונג. ער האָט זיך אָבער במשך פון דער קורצער צייט אויסגעלערנט אַזאַ גוטן ענגליש, אַז ווען ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיין באַרימט ליד „צו די אַרבעטנדיקע״ („טו די טאָילערס״) אין דעם אַנאַרכיסטישן זשורנאַל „ליבערטי״, אין 1898, אונטער זיין ענגלישן פּסעוודאָנים — בעיזל דאַהל, האָט ממש געקאָכט גאַנץ אַמעריקע מיט דעם אָנקום פון אַ גרויסן אַמעריקאַנער פּאָעט. דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל בענדזשאַמין ריקערטסאָן טאָקער האָט פאַר דעם לענגערן ליד, וואָס איז געווען באָוושאָווערס אייגענע איבערזעצונג פון זיין יידיש ליד „צום פאָלק״, געמאַכט אַזאַ וואַרע, אַז מען האָט דעם יונגן באָוושאָווערן אָנגעהויבן שטעלן אין איין ריי מיט אַזעלכע יונגע פּאָעטן, ווי קיטס, שעלי און בייראָן און גלייכצייטיק מיט דעם אימפּעטיקן אַמעריקאַנער פּאָעטישן זאָגער — וואָלט וויטמאַן.

טייל חברים באָוושאָווערס האָבן געהאַלטן, אַז פון דעם ענגלישן ליד און פון

דעם שטורעם אַרום דעם ליד, האָט זיך אָנגעהויבן באָװשאָװערס אומגליק. דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט פון צו פיל לויבגעזאַנגען. אָבער דאָס איז אויך נישט קיין ריכטיקער דיאַגנאָז פאַר באָװשאָװערס גייסטיקער קראַנקייט. אַ פאַר־דרייטער קאָפּ פון לויבגעזאַנגען איז נישט אַזאַ זעלטנקייט צווישן קינסטלער; אָבער פון דעם ווערט מען נישט משוגע, מען ווערט בלויז אומדערטרעגלעך — פאַר אַנדערע. באָװשאָװער איז אפילו פאַר דעם דאָזיקן טומל אַרום זיין ענגליש ליד געווען אַן עגאָצענטריקער און אַ גרויסהאַלטער.

די פּשוטע דאַטעס אין באָװשאָװערס ביאָגראַפיע זענען פאַרפּלאָנטערט און אייניקן זיך נישט אין די פאַרשידענע געשריבענע ביאָגראַפיעס. איין ביאָגראַף זיינער זאָגט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן דעם 30סטן סעפּטעמבער 1873, אַן אַנדערער — דעם 11טן אָקטאָבער 1872. אַפילו וועגן זיין קומען קיין אַמעריקע ווייסט מען נישט אַקוראַט. איינער זאָגט, אַז ער איז געקומען אין 1891, אַן אַנדע־רער, אַז ער איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ יאָר פריִער. ווען ס'קומט צו דער דאַטע פון זיין טויט הערשט נאָך אַן ערגערער פּלאָנטער, און ווידער אייניקן זיך נישט באָװשאָװערס ביאָגראַפן, איינער דערציילט אונדז, אַז ער איז געשטאָרבן דעם 15טן דעצעמבער 1915, אַן אַנדערער זאָגט, אַז אויסגעלייזט געוואָרן איז ער פון זיין גייסטיקער טורמע — דעם 20סטן דעצעמבער 1915. אָבער לויט אַנדערע קוואַלן איז יוסף באָװשאָװער אַוועק פון דער וועלט אין פעברואַר 1916. סוף 1915, אָדער אָנהייב 1916 — ביידע דאַטעס גיבן אונדז אַ געלעגנהייט צו רעדן איצטער וועגן באָװשאָװערס 50סטן יאָרצייט.

באָװשאָװער האָט געהאַט אַ ביטער לעבן, ער האָט אָפּגעדינט ביי אַ סך מלאכות, געאַרבעט אין שוויץ־שעפּער, געהאַט אַפילו אַן אייגן שפּייז־געוועלבל און עס „אויפגעגעסן", געווען אַ דייטשער לערער — דעמאָלט האָט מען נאָך אין ניו־יאָרק גענומען פּריוואַטע דייטשע לעקציעס ביי אַ גרינעם. באָװשאָװער איז געקומען פון ריגע מיט היינען, געטען און שילערן. ער האָט נישט געקענט קיין רוסיש און ער איז דערפאַר געווען דערמיט אַנדערש פון זיין גרויסן און פון אים פאַרערטן פאַרגייער — דוד עדעלשטאַט, וועמענס טויט ער האָט באַקלאָגט אין אַ ליד. די עלטערע אַרבעטער־דיכטער — מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס ראָ־זענפעלד און דוד עדעלשטאַט, האָבן געשעפּט זייער יניקה פון די רוסישע פריי־הייט־פּאָעטן. זיין ערשט ליד, געשריבן אין 1892, האָט באָװשאָװער אַ נאָמען געגעבן „קאַפּיטאַלס קרבן"; שפּעטער, אין זיינע גע אַמלטע ווערק, האָט ער עס משנה־שם געווען — „אויפן שטערבע־בעט". ער איז שוין דעמאָלט געווען 20 יאָר אַלט (און נישט ווי ג. ב. מינקאָוו האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די יאָרן — אַז ער איז נאָך געווען אַן אַכצניאָריקער בחור).

אין די זיבן יאָר צווישן זיין ערשט ליד און זיינע לעצטע לידער, וואָס דער פאַרביטערטער און מעלאַנכאָלישער פּאָעט האָט נאָך געהאַט כוח צו שרייבן, איז

באַוושאָווער געווען זייער פּראָדוקטיוו און, ווי געזאָגט, ער האָט אַפּילו באַוויזן אַזש אָנצושפּאַרן ביי די „גויים".

ס׳וועט אפשר זיין אומגערעכט צו באָוושאָווערס פּערזענלעכן לעבן און יסורים־וועג, אויב כ׳זאָל זאָגן, אַז ער איז געווען איינער פון די מזלדיקסטע פּאָעטן. זייער ווייניק פּאָעטן האָבן אין אַזאַ קורצער צייט דערגרייכט אַזוי פיל און „געמאַכט" אַזאַ פּאָעטישע קאַריערע. יוסף באָוושאָווער ווערט פאַררעכנט פאַר אַ זייל אין דער גאַלעריע פון די יידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאָעטן. אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז ער פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַר אַ גרויסער פיגור אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע. אין מאָסקווע, אין פּעטראָגראַד, אין מינסק זענען באַלד נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע דערשינען זאַמלונגען פון זיינע לידער און יידישע קריטיקער האָבן זיך געלערנט אויף אים שרייבן רעוואָלוציאָנערע קריטיק און שטעלן רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען.

ס׳וואָל געווען נוצלעך אַרויסצוגעבן אַ געקליבענע זאַמלונג פון באָוושאָווערס לידער. מען וואָלט באַדאַרפט אַ ביסל אַרומפּוצן דאָס פאַרדייטשמערטע לשון — מ׳קען זיך באַגייך אָן דעם „זאָ", „אָבוואָל", „איניקייט", „ניכטיק" און אַנדערע „קרענצע", אָבער ס׳וואָלט אונדז געוויזן, אַז אַ פּאָעט מיט טעמפּעראַמענט איז פרי פאַרשניטן געוואָרן, איידער ער האָט געהאַט די ריכטיקע געלעגנהייט צו אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט. ווען יוסף באָוושאָווער האָט געשריבן זיינע פּרימיטיווע לידער, איז שוין י. ל. פּרצס „מאָניש" געווען פינף יאָר אַ געבוירענער אָנזאָג אויף אַ נייעם קרעפּטיקן ווענד אין דער יידישער פּאָעזיע. ש. פרוג האָט שוין אויך געהאַט געשריבן זיינע יידישע לידער, נאָך דעם ווי ער האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען ווי אַ רוסישער פּאָעט. אָבער אין יענע צייטן זענען יידישע שרייבער געווען טרויעריק אָפּגעריסן איינער פון אַנדערן. אין 1888 האָט פּרץ נישט געוווּסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַזאַ שרייבער ווי — שלום־עליכם. מענדעלען האָט פּרץ צום ערשטן אַנטדעקט אין אַ פּוילישער איבערזעצונג. דערפאַר דאַרף מען זיך נישט וווּנדערן, וואָס באָוושאָווער האָט פאַקטיש געמוזט אויסטרעטן זיין אייגענעם וועג ווי אַ יידישער פּאָעט, אָן מדריכים. זיינע ערשטע השפּעות זענען געווען עדעלשטאַט, ווינטשעווסקי און ראָזענפעלד, אָבער זיין קאָפּ איז געווען פול מיט דער קלאַסישער געמאָסטנקייט פון דייטשע לידער, פון ענגלישע לידער און פון שעקספּירס זאַפטיקע שורות. „קלאַסישע" יידישע לידער האָט ער נישט געזען. ער האָט אַפּילו באַוויזן איבערצוזעצן דעם „סוחר פון ווענעציע" אויף יידישע ריטמישע שורות און זיין נוסח איז אויפגעפירט געוואָרן אויף דער יידישער בינע, מיט יאַקאָב אַדלער אין דער ראָלע פון יידישן פּראָצענטניק. כ׳בין זיך משער, אַז יעקב אָדער דזשייקאָב אַדלער האָט צוגעשניטן באָוושאָווערס איבערזעצונג — צו זיין יידישער טעאַטער־צונג. אַ צייט האָט זיך באָוושאָווער געהאַלטן ביים יידישן טעאַטער און געמאַכט פאַרשידענע איבערזעצונגען פאַר דער יידישער בינע.

**יעקב גלאַטשטיין**

אַ קליינע, געקליבענע זאַמלונג פון באַוושאָווערס לידער, אַ האַלבער יאָר־הונדערט נאָך זיין טויט, וואָלט אונדז געוויזן, אַז ער איז געווען אַ פּאָעט פון גרויסן צוזאָג ער איז געווען אַ גאָר פיינער נאַטור־דיכטער. ער האָט געשריבן גוטע ליבע־לידער. זיינע רעוואָלוציאָנערע לידער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ביבלישן פּאַטאָס און מיט אַ פלאַמיקן באַצווינגענדיקן טעמפּעראַמענט. ווען ער האָט פאַרענדיקט זיינס אַ ליד מיט אַזאַ פערז —

און מעגט איר מיך ווערגן און שיסן און הענגען, אומזיסט אייער מי.
מיך שרעקט נישט קיין תפיסה, מיך שרעקט קיין שאַפאָט נישט, מיך שרעקט נישט קיין תליה.
אַרויסוואַקסן וועל איך פון דר׳ערד און וועל זי מיט וואָפן באַדעקן,
ביז איר וועט אייביק פאַרזינקען, ביז איך וועט דער קבר פאַרמעקן.

איז עס געווען שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע און דעקלאַמאַטאָרישע עברי.

אָבער גלייכצייטיק האָט באַוושאָווער געשפּירט, אַז ער איז אינערלעך פרי פאַרקנסט געוואָרן צו זיין ביטערן סוף, זיין גייסטיקער קראַנקייט. ער פאַרענדיקט אַזוי אַ ליד צו זיין „פריינדין" מעלאַנכאָליע „מיטן שוואַרצן שלייער" —

איך האָב קיין פריינד, קיין גרעסערע, ווי דו, אין נויט און פּיין,
קיין טרייסטערין קיין בעסערע,
אָ, מעלאַנכאָליע מיין!

זיינע אייגענע רעוואָלוציאָנערע לידער האָבן אים נישט געקרעפּטיקט און אים נישט אויסגעלייזט פון זיין מעלאַנכאָליע.

7.1.66

# די טראַגישע פּרץ־פּייערלעכקייטן אין פּוילן

דער 50סטער יאָרצייט נאָך י. ל. פּרץ איז אין ערגעץ נישט אָפּגעהיט געוואָרן מיט אַזאַ יום־טובדיקער דערהויבנקייט, מיט אַזאַ חסידיש־התלהבותדיקן צופאַלן צום קוואַל פון פאָטער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, ווי אין פּוילן, און דערפאַר מעג מען אויך צוגעבן, אַז די יאָרצייט־פּראָגראַמען האָבן אויך פאַר־מאָגט אַ טראַגישע פּייערלעכקייט, ווייל פּרצס „אווידיטאָריע" איז רעדוצירט געוואָרן צו אַ שארית הפליטה, די „אַקוסטיק" האָט זיך געטראָגן צו און פון אַ יידנטום, וואָס האָט צוזאַמען קוים געקאָנט אָנפילן אַ „מעדיסאָן סקווער" אויף איין אָוונט. אַ פופציק־יאָריקער ליטעראַרישער יאָרצייט ווערט שוין געווײנלעך אַ קולטור־יום־טוב, אָבער דער פּרץ־יאָרצייט אין זיין יידיש פּוילן איז נאָך אַלץ געווען אַ יאָר־צייט, מיט אמתע יאָרצייט־ליכט, און דער גרויסער נאָמען אַליין האָט געצונדן די ליכט און געזוכט זיין פאָלק.

דערפאַר האָבן די דאָזיקע פּרץ־פּייערונגען אין די שטעט און שטעטלעך, ווו נאָר מען האָט געקאָנט גרייכן עטלעכע יידישע משפחות, פאַרמאָגט אין זיך דעם פולן טעם פון טראַגיק, ווי י. ל. פּרץ וואָלט פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין פאָלק, און ווי די רעשטלעך לעבנגעבליבענע וואָלטן זיין געדעכעניש געזוכט צו מונטערן און קרעפטיקן דערמיט דעם ווייטערדיקן אויפהאַלט און צוזאַמענהאַלט. דער אופן ווי די יאָרצייט־אָפּהיטונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן, מיט אַ סך צוגרייט און מיט ערנסטער פאַרטיפונג אין יידישע שולעס, אין קלובן, אין קולטור־אָרגאַניזאַציעס, מוז אַרויסרופן דעם באַוווּנדער פון די גרעסערע יידישע ישובים. דער עכאָ פון דער פּרץ־יאָרצייט האָט זיך אַפילו אַריבערגעטראָגן צום אָפיציעלן נישט־יידישן פּוילן. צווישן די דרייסיק טויזנט יידן האָבן אַפילו די אָפּגעפרעמדסטע און באַהאַלטנסטע געמוזט דערשפירן דעם כוח פון דעם יידישן לעבנווילן און זיי האָבן אַוודאי געמעגט מקנא זיין די שטאָלץ־פּראָקלאַמירטע יידיש־קינסטלערישע דאַטע.

די יידישע צייטונג די „פאָלקסשטימע", וואָס דערשיינט אין פּוילן, האָט עטלעכע נומערן געווידמעט צו אַרטיקלען און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען וועגן י. ל. פּרץ. ס'זענען געדרוקט געוואָרן באַריכטן וועגן די פּרץ־פּראָגראַמען פון פאַר־שידענע ווינקעלעך, און ס'איז דורך דעם אַליין אַנטשטאַנען אַ גייסטיקער פאַר־מעסט. דער פּרץ־יאָרצייט האָט אין פּוילן אין אַ געוויסן זין געהאָלפן אויפלעבן און אָנוואַרעמען די יידישע באַוווּסטזיניקע רעשטלעך. דער נאָמען פּרץ האָט געוועקט לעבעדיקע דערמאָנונג און, ווען ליק דעם פאַרנעם פון די יאָרצייט־דורכפירונגען, האָט זיך באַמערקט אַן אָנהייב פון אַן אָריענטאַציע־קאַפּיטל. ס'איז

אויפגעמישט געוואָרן אַ ניי בלאַט — פופציק יאָר אָן פּרצן, אָן דעם מיליאָניקן פּוילישן יידנטום — וואָס ווייטער? די פאַרעפנטלעכטע אַרטיקלען און אָפּהאַנד־לונגען זענען נישט נאָר געווען קריטיש־אַנאַליטישע, נאָר אויך נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע, פאַרבונדן מיט דעם דראַנג נאָך אַ צווישן־פעלקערלעכן עטאָס און דער פולער קאָנטיקייט פון דעם יידישן ניגון, וואָס י. ל. פּרץ האָט אין זיין גרויסער הומאַנישקייט קיין מאָל אויף אים נישט מוותר געווען.

כ׳גיב צו, אַז איך בין בפירוש געווען פול מיט התפּעלות פאַר דער שבת־יום־טובדיקייט, וואָס האָט דערהויבן דעם פאַרנעם פון דער פּרץ־יאָרצייט, וואָס האָט צוזאַמענגעשמידט דעם טרויעריקן יידישן איבערבלייב און געהאָלפן אַ ביסל פאַרטרייבן דעם פּחד פון אויסגעליידיקטע יידישע שטעטלעך.

די וואַרשעווער „פאָלקסשטימע" האָט אַ פּוילישן ביילאַג, וואָס הייסט „נאַש גלאָס" („אונדזער שטימע"). איז אַ גאַנצער נומער געווען רחבותדיק געווידמעט דעם 50סטן פּרץ־יאָרצייט, מיט ביישפּילן פון פּרצס שעפערישקייט, מיט עסייען וועגן אים און גרויסע ביאָגראַפישע סקיצן, מיט פּרצס געבוירנשטאָט זאַמאָשטש — אין צענטער. דער חודש־זשורנאַל „יידישע שריפטן", וואָס ווערט פונקט ווי די „פאָלקסשטימע" אַרויסגעגעבן פון „קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די יידן אין פוילן", האָט אין זיין אַפּריל־נומער פאַרעפנטלעכט אַ ריי עסייען וועגן י. ל. פּרץ און אַפילו עטלעכע לידער מיט דער פּרץ־געשטאַלט, ווי „די אינספּי־ראַציע".

מיר געפינען אין דעם נומער אַרטיקלען וועגן י. ל. פּרצן פון ד. ספאַרד, הערש סמאָליאַר, מיכאל מירסקי, אַרנאָלד סלוצקי, שלמה בעליס, י. פעלהענדלער, זלמן גאָסטינסקי, י. טשערניאַק, קלאַראַ מירסקאַ, מענדל טעמפּל, א. קוואַטערקאַ. די אָפּהאַנדלונגען זענען פאַרשידנאַרטיקע אַפּשאַצונגען און עסייען וועגן פּרצן — דעם „צעשטערער פון געטאָ־צוימען", פּרצס „גאָלדענע קייט", אַרום פּרצס „אַלטן מאַרק" אין זאַמאָשטש, פּרץ און דאָס יידישע קינד, פּרצס קול אין שמועס פון זיינע העלדן און אַפילו אַ דערמאָנונג פון פּרצס לוויה.

מיר דאַכט זיך, אַז איינער פון די ערשטע פּאָעטן, וואָס האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ ליד וועגן פּרצן, איז געווען מ. ל. האַלפּערן. זיין פּאָעמע איז געקומען גלייך נאָך פּרצס טויט און איז געווען דער אומגעריכטער, אימפּולסיווער פּאָעטי־שער נעקראָלאָג, וואָס האָט געמאַכט אַ רושם. ס׳האָט אויך אויף פּרצס טויט געשריבן אַ קלאָג־ליד מאָריס ראָזענפעלד און ס׳קאָן זיין, אַז זיין ליד איז דערשינען פאַר מ. ל. האַלפּערנס — „יצחק לייבוש פּרץ", אָבער מיט מ. ל. האַלפּערנס ליד איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די גרויסע אבידה פאַר דער פאָרזעצלעכער יונגער יידישער ליטעראַטור. ס׳איז געווען אַ ווייטיקדיקער אויסגעשריי פון אַ יונגן פּאָעט. וואָס האָט טיף אין זיך תמיד פאַרגעשפּירט זיין אייגענעם יונגן סוף, דורך די מייסטע לידער זיינע. דאָס פּרץ־ליד „פּרץ" פון מ. ל. האַלפּערן פאַרמאָגט אין

זיך אַ היפּש ביסל היסטעריע און אומזיסטיקן מוסר, אַנטקעגן דעם „פּוץ־רעקלאַם״, וואָס זיין „גרויער קאָפּ״ איז אין אים „איינגעפּאַסט אין שוואַרץ״ —

און מיר, די גרויסע לייט, וואָס דאַרפן שטום
און טיף־געבויגן זיין — מיר רינגלען שוין דיין גייסט אַרום,
ווי מוידן אין אַ שענק ביינאַכט אַ שכורן מאַגנאַט
און טרערן האָבן מיר און רייד, ווי פּערל רונד און גלאַט.

די טעזע, אַז שטומקייט וואָלט געווען בעסער ווי טרערן, ווערט אַליין אַ ביסל אַריבערגעשריגן מיט צעמישעניש פון פאַרגלייכן און צו פיל רייד. אָבער אין דעם פּלאַם און פּאַטאָס פון ליד שפּירט זיך, טראָץ די נישט־צוגעפּאַסטע בילדער, דער עלעגישער טאָן פון מ. ל. האַלפּערנס (אויסגעשריגענעם!) שטומען געוויין.

נאָך מ. ל. האַלפּערן איז נישט געווען קיין אין באַדייטונגספולער יידישער פּאָעט, וואָס האָט נישט ווען עס איז געשריבן אַ ליד וועגן י. ל. פּרצן. לעצטנס איז אָבער דער דאָזיקער קוואַל פון לידער וועגן פּרצן פאַרשטאָפּט געוואָרן. אין דעם אַפּריל־נומער פון די „יידישע שריפטן״ ווערט דער קוואַל ווידער אָפּגעפרישט מיט עטלעכע אינטערעסאַנטע לידער וועגן און אַרום פּרצן.

ס'איז נישט קיין חידוש, וואָס יידישע פּאָעטן האָבן געשעפּט און שעפּן נאָך היינט באַגייסטערונג פון פּרצן, ווייל ער איז דערשינען ווי דער גרויסער ענצי־קלאָפּעדישער גייסט אין יידישן לעבן. ער איז געווען אַ פּאָעט, אַ נאַציאָנאַלער, סאָציאַלער און אַפילו סאָציאַליסטישער. ער האָט מיט זיין „מאָניש״ אויפגעפּראַלט די טויערן פון דער יידישער פּאָעזיע. ער האָט אין דער פּאָעמע אַריינגעזונגען אַן אוניווערסאַלע טעמע און זי נישט ביליק פאַריידישט, נאָר ער האָט איר געגעבן אַן אויטענטישן יידישן אָנשפּאַר. ער האָט אויך זיך ברייט צעשמועסט אין איר און געגעבן גאַנצע סענטענצן, וואָס האָבן זיך געלאָזט ציטירן און דעקלאַמירן. ביזן היינטיקן טאָג איז נאָך אין דער פּאָעמע פאַראַן אַ פרישקייט, וואָס באַליידיקט נישט די אויערן. אַ שאָד, וואָס פּרץ האָט זיינע כוחות מער נישט אַזוי גרינטלעך אויסגעפּרוווט אויף דעם פּאָעטישן געביט.

פּרץ איז געווען אַ טיפּזיניקער פּובליציסט. ער האָט באַשיינט און דערהויבן דאָס לשון פון יידישן טראַכטן. ער איז געווען דער פּויליש־יידישער ענטפער אויף מענדעלעס פאַרחושכטע יידישקייט. אים איז נישט פאַרויסגעגאַנגען די שנאַפּנדיקע, קרומענדיקע נאָז, נאָר דער יידישער קאָפּ און דער יידישער גייסט, זיין שבת יום־טובדיק איז נישט געווען קיין ווערטל, נאָר ער האָט באמת אָנגעצונדן אַ גרויסן יום־טוב פון יידישער האָפענונג, בעת די ווולגאַרע אַסימילאַציע האָט גענומען זיך אַריינפרעסן אין יידישן גוף.

דער ערשטער יידישער קינסטלער, וואָס האָט מיט זיין געשטאַלט געשאַפן דעם גאַנצן מוטיקן און מונטערן ייד פון אונדזער דור. ער האָט פאַרמאָגט גלויבן

וואָס צינדט־אָן גלויבן. ער איז געווען מער ווי אַ מחבר, מער ווי אַ שרייבער פון ביכער, ער איז געווען — דער ייד מיט גלויבן און האָפענונג. זאָל מיר דערלויבט זיין צו ברענגען עטלעכע זאַצן פון מיין לענגערער עסיי וועגן י. ל. פרצן „פרצס ירושה״ („אין תוך גענומען״ — 1947):

„ער איז נישט געקומען ווי אַ פאַרלייקענער, אָדער אַן אָפּלאָכער, ער איז אויך נישט געקומען ווי אַ בייזער אויסמענטשלער. מיט אַ זעלטן האַרץ און זעלטן אויער איז ער געקומען צו די טרויעריקע יידישע ישובים און אין זיי פאַרפלאַנצט אַ יידישע שפּעדרישקייט, וואָס האָט אין זיך געטראָגן דעם גאַנצן באַוווסטזיין פון דעם יאָרהונדערט. ער האָט איבערגעזעצט פאַר זיי דעם פרעמדן דרויסן אויף זייער אייגענעם יידיש, וואָס האָט אונטער זיינע הענט געשפּילט מיט אַזוי פיל מתיקות און עלעגישקייט, אַז די יידישע ישובים האָבן דערהערט אַ נייעם רוף פון אַ יידישן ליכטיקן וואָרט־מכשף און ,קונצנמאַכער׳, וואָס ברענגט טרייסט און יום־טוב״.

אַ פלעמל פון דעם פּאַטאָס און פון אָט דער יום־טובדיקייט האָט זיך געשפּירט אין די פרץ יאָרצייט־פּראָגראַמען איבער דעם יידישן פוילן. אמת, נאָך פרצס ארון זענען אין וואַרשע נאָכגעגאַנגען מער ווי דריי מאָל אַזוי פיל יידן ווי ס׳געפינען זיך איצטער אין פוילן. פוילישע בויאַנעס האָבן נאָכגעוואָרפן שטיינער; די שטאָטישע רעגירונג האָט דעמאָלט נישט דערלויבט די לוויה צו גיין אויף די הויפּט־גאַסן, אָבער די אַלע כוליגאַנישע שטיק האָבן נישט געקאָנט פאַרשוועכן דעם פאָלקס־טרויער פון אַ הונדערט טויזנט קעפּיקן לוויה־עולם, וואָס פוילן האָט נאָך אַזוינס קיין מאָל נישט געזען.

די יאָרצייט־אָפּהיטונג אין דעם איצטיקן פוילן ווערט נישט נאָר נישט גע־שטערט פון דער רעגירונג, נאָר זי ווערט סטימולירט, געהאָלפן און געערט, אָבער דאָס קאָן נישט באַזייטיקן דעם טיפן ווייטיק פון אַ יידיש פוילן, וואָס פאַרמאָגט שוין אַפילו נישט די צאָל יידן, וואָס האָבן באַגלייט פרצן אויפן בית־עולם.

מאָטיוון פון טרויער אויף דעם פאַרשניטענעם פוילישן יידנטום, אין שייכות מיט דעם אָפּהיט פון פרצס 50סטן יאָרצייט — טראָגן זיך דערפאַר אין טייל לידער, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די „יידישע שריפטן״.

סיי די לידער, סיי די אָפּהאַנדלונגען וויזן, אַז אויף קיין איין מאָמענט איז דורך די פרץ־פייערונגען נישט פאַרגעסן געוואָרן דער גרויל פון אַן אויסגעהרגעט פאָלק, וואָס קליבט צוזאַמען די רעשטלעך און דערמאָנט מיט אַ ציטער דעם נאָמען פון דעם גרויסן ייד, וואָס האָט מיט אַ 75 יאָר צוריק געעפנט אַ ניי בלאַט מיט אויפגעפרישטן גלויבן אין דער לעבעדיקער צוקונפט פון יידישן פאָלק.

אָט די צווויי דאַטעס — 75 יאָר — און 50סטער יאָרצייט, אַנטהאַלטן אין זיך אַ גרויס וווּנדער, וואָס אַנטפּלעקט זיך ווען מען זעט איין, אַז דאָס רייכע פרץ־געשטאַלט איז אויסגעפורעמט געוואָרן — אין אַ קורצן פערטל יאָרהונדערט.

שלום־עליכם האָט נאָך נישט זוכה געווען צו קיין איין פולער מאָנאָגראַפיע, וואָס זאָל ביאָגראַפיש אויפקלערן דאָס דאָזיקע גרויסע ווונדער און אַנטפּלעקונג אין יידישן לעבן. פאַראַן עטלעכע פולע ביכער וועגן שלום־עליכמען, אָבער זיי זענען אַלע ליטעראַרישע שאַצונגען און קריטישע אַנאַליזן. אַוודאי זענען מיר אַלע באַקאַנט מיט געוויסע פּרטים פון זיין לעבן, אָבער דאָס קינד, דער הויז־לערער, דער בירזשע־מעקלער, דער חצי־שרייבער חצי־סוחר, דער פאַרזאָרגנדיקער טאַטע פון אַ גרויסער משפּחה, דער קראַנקער ייד, אין מער פון איין זין פון וואָרט; אָט די אַלע עטאַפּן אין זיין לעבן, אויף וויפל זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט זיין גייס־טיקער וועלט, אַריינגעשטראָמט און אַרויסגעשטראָמט איינער פון אַנדערן — האָט נאָך קיינער נישט גענומען אויף זיך אויסצופאָרשן.

זיינע ווערק זענען שוין אַרומגערעדט געוואָרן אַזוי, אַז מ׳קען זיי גוט. דאָס פאָלק האָט זיי געמאַכט פאַר זיין אייגנטום, און פון זיי האָט דאָס פאָלק זיך געשאַפן אַ בילד פון דעם שרייבער הינטער די ווערק. פון זיי האָט מען אויפגעבויט דאָס שלום־עליכם־געשטאַלט. שלום־עליכם אַליין האָט אין זיין באַרימטן „עפּיטאַף" געגעבן אָנצוהערעניש, אַז די ווערק און דער שרייבער זענען נאָך נישט איינס און דאָס זעלביקע — און דווקא דעמאָלט „ווען דער עולם האָט געלאַכט, געקלאַטשט און פלעגט זיך ,פרעהען׳, האָט ער געקרענקט — דאָס ווייס נאָר גאָט — בסוד, אַז קיינער זאָל ניט ,זעהען׳". פאַרן פאָלק האָט ער געוויזן בלויז זיין לאַכנדיקן פּנים, אָבער געקרענקט האָט ער אַריסטאָקראַטיש, שטיל פאַר זיך. שלום־עליכם האָט אונדז מיט זיין „עפּיטאַף" געוואָלט זאָגן, אַז זיין הומאָר איז געווען דאָס סאַמע פאַרקערטע פון עגאָצענטרישער ליריק. ליריק איז וואָס ביים פּאָעט אויף דער צונג, אָבער שלום־עליכם האָט מיט זיין הומאָר אויסבאַהאַלטן פון זיינע לייענער זיינע שווערע פיזישע און גייסטיקע מאָמענטן.

איז ער חלילה געגאַנגען אין שפּאַן פו זיין אייגענעם גרויסן נאָמען? איז ער געוואָרן דער געצוווּנגענער צושטעלער פון הומאָר, ווייל דערמיט האָט ער זיך איינגעקויפט ביים לייענער וואָס האָט געוואַרט, אַז שלום־עליכם זאָל אים כסדר פריילעך מאַכן און אַמוזירן? יאָ, פאַראַן אין זיין רייכער ירושה סימנים פון מידקייט, פון געמוטשעטן געלעכטער, פון אויסגעצויגענע אַנעקדאָטן, מאָנאָלאָגירטע, צערעדטע און צוגעשפּיצטע צום וויץ. אָבער שלום־עליכם איז מייסטנס געווען און געבליבן געטריי צו זיך און געטראָגן אויף די פּלייצעס אַ גרויסן קינסטלערישן עול, אין זיינע שענסטע שעפערישע מאָמענטן — און אַ גרויסער

קינסטלער דאַרף געמשפּט ווערן אין זיין דערהויבונג, כאָטש מען דאַרף אים אויך זען אין די שעהען פון אָפּשוואַכונג און מידקייט. און דערפאַר וואָלט עמעצער באַדאַרפט נעמען אויף זיך די שווערע מיסיע נאָכצוגיין ביאָגראַפיש שלום־עליכמס יעדער באַזונדערער וויכטיקע אַרבעט און עס פאַרשייכותן מיט זיין לעבן, מיט די טעג פון זיינע יאָרן, טעג אויפגעבליצטע, פּאָרויסיקע און קינסטלעריש־אַמביציעזע און טעג פון דערשעפּונג, דורכגעטרויעריקט מיט די וויטיקן, פער־זענלעכע און כללישע, וואָס ער האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן פון לייענער, אָבער וואָס איז דעם ערלעכן קינסטלער, צום גליק, נישט געלונגען און האָט דערפאַר דערהויבן זיין הומאָר און אים געשענקט אייביק לעבן; האָט אויך גלייכצייטיק באַשאָנקען זיין הומאָר מיט אוניווערסאַלער פאַרשטענדיקייט, אַז נאָך דעם ווי מען רעכנט אַראָפּ אַלע נאַציאָנאַלע באַזונדערלעכקייטן, אומאיבערזעצלעכע חנען און אייגנטימלעכקייטן, דעם תהומדיקן נאַציאָנאַלן כישוף, בלייבט נאָך אַלץ גענוג אויף צו באַוווּנדערן און באַנעמען, ווייל דער עסענץ איז אַלפעלקערלעך און אַלוועלטלעך.

מאַרק טוועין דער גרויסער אַמעריקאַנער הומאָריסט, זאָגט ערגעץ אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע אָנוואָרפן, אַז הומאָר טאָר נישט לכתחילה אָפּן קומען לערנען און טאָר נישט אָפּן קומען דרשנען, אָבער ער מוז פון דעסטוועגן טאָן דיביידע זאַכן, אויב ער וויל לעבן אייביק, ס׳הייסט, אַז הומאָר דאַרף דווקא יאָ קומען מיט אַ העכערער שליחות, אָבער די שליחות טאָר נישט ליגן אויבנאויף און זיך וואַרפן אין די אויגן. דער אייביקער הומאָריסט דאַרף טאָן די ביידע זאַכן, אָבער ער דאַרף דעם לייענער, אַזוי צו זאָגן, פאַרנאַרן און אים יאָ עפּעס לערנען און אים יאָ מדריך זיין. מאַרק טוועין, דער סקעפּטיקער, גיט גלייך צו, אַז אייביק מיינט נישט מער פון דרייסיק יאָר. דאָס איז אַ מין באַנטשע־שוויַיג־באַגריף פון אייביקייט. אין דעם ליגט אָבער אויך דער קרעכץ פון דעם גרויסן צווייפלער, וואָס האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אייביקייט פאַר ליטעראַטור, ווייל גע־שמאַקן און אָרדענונגען בייטן זיך זייער גיך און אַ דרייסיק־יאָריקע קינסטלערישע אייביקייט איז זייער און זייער אַ סך, און שווער צו דערגרייכן.

אָבער די אייביקייט־באַדינגונגען פאַר הומאָר, אַז ער זאָל אי לערנען, אי פּרעדיקן אויף אַן אופן, וואָס זאָל זיך צעגיין אין אַלע ביינער און נישט אַרויפ־שווימען אויבערפלאַך און ווערן שווער און שמן־זיתדיק, אָט די פאָדערונגען איז שלום־עליכם נאָכגעקומען אויף דעם העכסטן און שטרענגסטן אופן. אין דעם שטעקט דער סוד פון זיין אייביקייט. אָבער נאָך מער ליגט ער אין דעם, וואָס דער הומאָר איז תמיד געווען אַ נאָענטער מחותן מיט דעם טיפן טרויער פון פאָלק, מיט זיינע דאגות, מיט זיין אָרעמקייט, מיט זיין דחקות, מיט זיין פינצטערער מערכה אין דער וועלט, מיט זיינע זעלטענע צעבליטע מאָמענטן פון יום־טוב און קינדער־פרייד. ס׳איז שוין ערגער ווי באַנאַל צו נוצן דעם באַגריף פון געלעכטער דורך טרערן, אָבער שלום־עליכמס געלעכטער איז געווען דורכויס איינגעטונקען

אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון אַ גרויס פאָלק, וואָס האָט אַזוי געהאַוועט און איז געווען אַריינגעטאָן אין בויען וואָכעדיקע הייליקייט אין תחום פון זיין לעבן, אַז ס׳האָט קיין צייט נישט געהאַט צו כאַפּן אַ קוק אויף זיך אַליין.

וואָס האָט אַזוינס דאָס יידישע פאָלק געטאָן? אין תוך האָט דאָס יידישע פאָלק קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו טאָן איין וויכטיקע זאַך — בויען דעם גלות. פון על נהרות בבל אָן האָבן יידן אומעטום, ווי מוראַשקעס, געבויט דעם גלות, געבויט אַ גרויסע יידישע וועלט. ווו מען האָט זיי געטריבן און פאַרטריבן, וואָס פאַר אַ שטייניקן און אומפּרוכטיקן שטיקל באָדן זיי האָבן נישט געקראָגן צוגעשפּאָרט, וואָס פאַר אַ שטיקעניש און דריקעניש מ׳האָט זיי נישט צוגעטיילט, וויפל צעפּראַלטע שרעקן ס׳זענען פאַר זיי נישט געוואָרן די טעג און נעכט און וויפל גזירות ס׳זענען נישט אויסגעטראַכט געוואָרן, כדי ענגער צו מאַכן זייער לעבן, האָבן יידן תמיד געמאַכט פון זייערע ביטערע באַדינגונגעז אַ גלות־וועלט, און איבער דער פינצ־טערניש איז תמיד אויפגעגאַנגען אַ גרויס ליכט פון גייסטיקער באַשיצטקייט.

וואָס בעסער מיר וועלן פאַרשטיין די קאָלאָסאַלע בוי־אַרבעט וואָס יידן האָבן געטאָן, בויענדיק דעם גלות, אויספּלאַנירנדיק אים שולחן־ערוכדיק, ביי די שווערסטע באַדינגונגען, סאַניטאַריזירנדיק די בלאָטעס מיט אינטויִטיווע היגיע־נישע דינים, כדי דאָס פאָלק זאָל לעבן און כדי יידישע קינדער זאָלן לערנען תורה, אַלץ מער וועלן מיר באַגרייפן די מאָראַלישע סטראַטעגיק און לייטערונג פון אַ פאַרטריבן פאָלק, וואָס איז גייסטיק דערהויבן געוואָרן איבער אַלע זיינע שונאים. יידן האָבן געלייטערט זייער לעבן און געשאַפן אַ גאַנצע זעלבסטפאַרטיידיקונג־ציוויליזאַציע, וואָס האָט זיי געגעבן די מאָראַלישע באַרעכטיקונג מבטל צו זיין די שונאים מיט זייער גאַנצער מוזיק, מאָלעריי און פילאָזאָפיע, וואָס זענען מייסטנס געווען מאָמענטן פון יחידישער אידעאַליזאַציע אין דער געשיכטע פון אַ דויערנ־דיקן באַרבאַריזם.

שלום־עליכם האָט מיט זיינע שענסטע ווערק קינסטלעריש געטאָן דאָס זעלביקע ווי דאָס יידישע פאָלק. ער האָט סיסטעמאַטיש געבויט דעם גלות. ס׳האָט אַ מאָל קורסירט אַן אויבערפלעכלעכע מיינונג, אַז שלום־עליכם איז געווען אַ באַלעבעסל, אַז אין תוך האָט ער טאַקע געשפּרודלט מיט אַ טאַלאַנט פאַר געלעכ־טער, אָבער ער איז אָרגאַניש נישט געווען קיין קינסטלער. ס׳איז אַ שטות אַזוי צו האַלטן. שלום־עליכם האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן אָפּשיי פאַר דער קונסט פון וואָרט און ער האָט זיך באַצויגן מיט קינסטלערישער פּיעטעט צו אַלע ליטעראַטור־פאָרמען. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געהאַט זיינע אייגענע געשמאַק־באַגרענע־צונגען, ווי יעדער קינסטלער. ער האָט, למשל, געזאָגט פּרצן, אַז ער איז אים מוחל צען „גאָלדענע קייטן" פאַר איין מעשהלע פון זיינע „פאָלקסטימלעכע גע־שיכטן".

אים איז געווען פרעמד פּרצס שווונג, דאָס רייסן זיך, דער פלי, דאָס ריזי־

קירן מיט קינסטלערישן דורכפאַל. מיר ווייסן היינט, אַז אָן פּרצן, וואָלטן מיר ביים היינטיקן טאָג געהאַט אַ פּרימיטיווע ליטעראַטור, מיט אַ סך אָרעמע שלום־עליכם־נאָכמאַכונגען. מיט אַ באַרעדעוודיקייט, אָן שלום־עליכמס חן. אויב מיר פּייערן היינט שלום־עליכמען, האָבן מיר עס אויך צו פאַרדאַנקען פּרצן, ווייל ער האָט אונדז געגעבן דעם זין פאַר אונדזער גייסטיקן נאַציאָנאַלן המשך.

שלום־עליכם האָט אָבער פאַרמאָגט אַ גרויסע קינסטלערישע באַוווּסטזיניקייט. ס'איז געווען צו לייענען זיין התנצלות, ווען ער האָט פאַרעפנטלעכט דעם ראָמאַן „סטעמפּעניו“, וואָס ער האָט מיט אַ כיוון גערופן אַ יידישער ראָמאַן. געשריבן האָט ער אים אין 1888, ער איז אין גאַנצן אַלט געווען 29 יאָר, אָבער ער האָט שוין געוווּסט, וואָס ער איז געווען אויסן. דאָס אייניקל הייבט אָן מיט אַ לכבוד דעם ליבהאַרציקן זיידן, מענדעלע, און ער שענקט דעם ראָמאַן אַוועק דעם זיידן. ער איז אייערער, זאָגט שלום־עליכם, דערפאַר, ווייל דאָס אייניקל האָט זיך אָפּגעלערנט פון זיידן, אַז אין אַ יידישן ראָמאַן דאַרפן זיך אַרויסווייזן „די נאַציאָנאַל־סימנים אונדזערע, וואָס בלייבן תמיד עכט יידיש“. דאָס אייניקל לויבט שטאַרק דעם זיידן און זאָגט, אַז בלויז ער, מענדעלע, „איז אַ מאדים אויף צו באַשאַפן בילדער“, וואָס זאָלן האָבן אין זיך צוויי געשטאַלטן, אַ רעכטע זייט מיט אַ לינקער זייט, אַן איבערצייג מיט אַן אונטערשלאַק, אַזוי, אַז אין אָפּענעם זאָל ליגן באַהאַלטן אַ פאַרבאָרגנס, אַ תוך־זאַך.

אמת, דאָס אייניקל שרייבט־צו די אַלע מעלות דעם זיידן, אָבער אין תוך ווייסט שוין דאָס אייניקל דעם וויכטיקסטן סוד פון קונסט, אַז אין אָפענעם זאָל ליגן באַהאַלטן אַ פאַרבאָרגנס, אַ תוך־זאַך, אַז מען דאַרף אַ ווערק, ווי ער זאָגט, „איבערלייטערן אין עטלעכע וואַסערן“. דער 29־יאָריקער קינסטלער, וואָס איז ערשט געווען אַ בירזשע־מעקלער, האָט זיך דערגרונטעוועט צום טיפן סוד פון יעדן קונסטווערק. מיינט ער נישט צו מאָל דאָס זעלביקע, ווי מאַרק טווען, וואָס האָט אויך געוואָלט, אַז תוכיק־פאַרבאָרגן אין הומאָר זאָל ליגן דער דראַנג פון קינסטלער קינסטלעריש צו לערנען און דערהייבן?

דערפאַר, ווען מיר באַטראַכטן דאָס גרויסע פאַרמעגן, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט, זעען מיר ווי ער האָט אויף דעם גאַנצן יאַריד זיינעם פון לעבן און שאַפן, מעטאָדיש אויפגעבויט, טריט ביי טריט, די קינסטלערישע געשיכטע פון יידישן פאָלק. ער איז געווען אַ מבין אויף זיך און געוווּסט זיינע באַגרענעצונגען, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אים איז נישט געגעבן געוואָרן די גרויסע מעלה פון שילדערן באַזונדערע מענטשן, דעם באַזונדערן צאַפּל פון אַ יחידיש לעבן, האָט ער דערפאַר פאַרטראַכט זיין גרויסע קאָלעקטיווע גאַלעריע פון יידישן פאָלק. ער איז געווען, אויב איר ווילט, היסטאָריקער און סאָציאָלאָג, דער זיטן־פאַרצייכענער פון אַ גאַנץ פאָלק. ער האָט מעטאָדיש און סיסטעמאַטיש געבויט זיין מנחם־מענדל, זיין טביהן, מיט אַלע זייערע היסטאָרישע דאגות, פון שמד, פּראַוואָזשי־

טעלסטוואַ, מיט טביהס וואַרעמער הנאה, וואָס האָט אַפילו אויפגענומען די ערשטע ווידערשפּעניקע טריט פון יונגן דור. שלום־עליכם האָט מיט אַ זעלטענער פאַרשטענדיקייט זיך געשפּילט מיט די יידישע קינדערלעך, געפרייט זיך מיט אונדזערע יידישע יום־טובים און געגעבן דאָס גאַנצע און פולע געזאַנג פון יידיש לעבן און אַזויערנאַך האָט ער אויפגעבויט דעם גאַנצן גלות אונדזערן. דאָס האָט בשום אופן נישט געקאָנט טאָן גלאַט אַזוי אַ שרייבער, וואָס דער טאַלאַנט האָט זיך געגאָסן פון אַ צאַפּן. שלום־עליכם האָט דערקענט זיין קינסטלערישן בראשית און פאַרשטאַנען, אַז מיט דעם „מעסערל״ איז ער געוואָרן אַ פולער שרייבער, אַז מיטן „מעסערל״, ווי שלום־עליכם זאָגט עדות, איז פאַרגעקומען „אַן איבערקע־רעניש אין מיין אַרט שרייבן און אויך אינעם גאַנצן לעבן ביי מיר״.

קריטיקוס, אָדער דובנאָוו, האָט אים דעמאָלט אַרויסגעהויבן פון זיינע אַמאַטאָרישע פּרוּוון און אים אָנגעטאָן די קרוין פון אַ יונגן קינסטלער, וואָס מוז שפּאַנען זיין אייגענעם וועג. „איטלעכס מאָל ווען איך שרייב אָן אַ נייע זאַך, פאַרגעס איך נישט פרעגן ביי זיך אַליין, וואָס וועט זאָגן דערויף „קריטיקוס״ ?״, האָט שלום־עליכם צוגעגעבן. ער האָט תמיד געהאַט פאַר זיך דאָס געשטאַלט פון מאָנער און ער האָט געוווּסט, אַז פאַר יעדער קינסטלערישער זאַך מוז מען אָפּגעבן אַ דין־וחשבון.

שלום־עליכם באַקלאָגט זיך, אַז די רעדאַקציעס פאָדערן ביי אים קלענערע זאַכן — „נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר גרויסע ווערק, פעליעטאָנען גיט זיי, סקיצן״. דער קינסטלער ראַנגלט זיך מיט די אָרעמע מעגלעכקייטן אונדזערע, אָבער ער גיט זיך אַן עצה. ער שמידט אויס פון די קלענערע זאַכן, אַ גרויסן סדר, די קאָלעק־טיווע באַשרייבונג פון יידישן פאָלק, און ער גיט עס אַלץ מיט מוזיק — די אייביקע מוזיק פון יידישן לשון, וואָס אַנטהאַלט דעם בלוט־דרוק, אַזוי צו זאָגן, דעם טעמ־פעראַמענט פון יידישן פאָלק.

איך האָב שוין היינט אַ נייע פּרנסה,
אַ שפּאָגל נייע פּרנסה,
אַ ביסל אַ שענערע און לייכטערע פּרנסה.
איך בין געוואָרן למזל אַ שרייבער,
איך שרייב.
וועסטו דאָך מיסתמא פרעגן,
ווי קום איך צו שרייבעריי ?
ס'איז מן השמים.

שלום־עליכם איז געוואָרן דער פּאָעט פון יידישן לשון. מנחם מענדל האָט עס נישט אויסגעשטעלט אין קורצע שורות, אָבער שלום־עליכמס מוזיקאַליש אויער

האָט געפאַנגען אַלע חנוודיקע איבערחזרונגען און אַקצענטן, דעם גאַנצן טראָפּ פון יידיש, ווי דאָס לשון אונדזערס האָט מעביר געווען די סדרה פון טאָג־טעגלעכן שמועס.

זיין גאַנץ לעבן האָט שלום־עליכם ליב געהאַט אַקטיאָרשטשיקעס, חזנים און קלעזמאָרים. ער אַליין האָט יונגערהייט גערימפּלט אויפן פידל און אַפילו אין די מיטעלע יאָרן האָט ער זיך אַ מאָל גענומען צום פידעלע. ער האָט ליב געהאַט מוזיק. און זיין גרויסע מוזיקאַלישע ליבשאַפט האָט ער אויסגעלאָזט צו יידיש.

שרייבט שיינע שיינדל — „צווייטנס שרייב איך דיר, נאַרישער לעקיש, זע וואָס דו האָסט געטאָן, וועלכער כוח האָט דיך געטראָגן קיין אָדעס? וואָס האָסטו דאָרט אָנגעשמעקט אַזעלכעס? געבראָטענע פייגעלעך האָט זיך אים פאַרגלוסט! „לאָנדאָן"! מאַראָזשענע! קיבעבע מיט לאַקריץ! ווי זאָגט די מאַמע, אָרעמער דאָך, וואָס קנאַקסטו?"

אויב מנחם מענדל זאָגט פּאָעזיע, מענה־לשונט שיינע שיינדל פּאָעזיע און פּראָזע. שלום־עליכם שפּילט אויס אונדזער לשון, זיין גוטסקייט, פריילעכקייט און תמימות, אַפילו אין די קללות, אַפילו אין בייזע רייד.

אויך אין דעם איז שלום־עליכם דער אויטענטישער קינסטלער. זיין ערשט ווערק איז געווען אַן אלף־בית פון די יידישע קללות און גלייכווערטלעך, וואָס ער האָט געהערט פון זיין בייזער שטיפמאַמע. שלום־עליכם האָט פאַרגעבן איר ביטער געמיט און געזען הינטערן כעס פון דער שטיפמאַמע אַ „פאַרביטערטע נשמה". איר כעס האָט ער פאַרוואַנדלט אין געלעכטער, אין אַ גלייכן שפּיגל, אין אַן אַלפאַבעטישן לעקסיקאָן, אַ קאַפּיטשקע צוגעקעמט און אויסגעלייטישט:

זאַיקע, זאַק פּאַלאָווע, זויערע קיסליצע, זויפער, זיצפּלייש, פּאַסקודניאַק, פּאַציאָרע, פּאַרטאַטש, פּאַרך, פּוסטעפּאַסטניק, פּופּיק, פּיפּערנאַטער, פלעצל, עטע־לעלע, פּעמפּיק, פּאַנפּאַטש, פּוליאַק, פּייפער, פליאַסקעדריגע, פלאַכט, פלאַקנ־שיסער און אַזוי ווייטער. אַ גאַנצער ווערטערבוך, אַרויסגעפלויגן פון דער שטיפ־מאַמעס מויל און געפאַנגען אין אונדזער מיושבדיקן אלף־בית.

„יענע" (די שטיפמאַמע) האָט אַזוי געלאַכט, דערציילט שלום־עליכם, אין „פונעם יאַריד", וועגן דעם דערפאָלג פון זיין ערשט מייסטערווערקל, „אַזש גע־קוויטשעט. מען האָט געמיינט, אַז זי וועט דעם שלאַק באַקומען".

אַרויסגערופן געלעכטער ביי אַ בייזער שטיפמאַמע מיט אַ לעקסיקאָן פון קללות, האָט שפּעטער אויף דעם קליינעם שפּירעוודיקן קינסטלער געמוזט מאַכן אַ רושם אַ צווייטער עפּיזאָד, וואָס שלום־עליכם דערציילט אונדז אויך אין זיין „פונעם יאַריד" — פון יידן, גרויסע יידן, יידן מיט בערד, וואָס זענען געזעסן און זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, ווען דער טאַטע זיינער האָט פאַרגעלייענט עפּעס אַ פריילעכע מעשה. מיט וואָס האָבן די יידן באַדאַנקט דעם שרייבער פון דער פריילעכער מעשה? „מ'האָט אין אים אַריינגעשאָסן איין קללה נאָך דער

אַנדערער, אָבער אין גוטן מוט, גלאַט אַזוי זיך האָט מען דעם „ממזר" געשאָלטן אין טאַטנס טאַטן אַרייַן".

אַ האַנאָראַר פון קללות אין גוטן מוט! דער קליינער שלום האָט מקנא געווען דעם אומבאַקאַנטן בחור, וואָס האָט געקאָנט פרייַלעך מאַכן די דאָזיקע שווער־פאַרהאָרעוועטע טאַטעס און זיידעס. דאָס איז געווען זייער טעאַטער, זייער פאַר־ווייַלונג, ווי האָבן פון טיפסטן האַרצן באַדאַנקט דעם מחבר, מיט די שענסטע פערלדיקסטע קללות. שלום־עליכם האָט קריצנדיק דעם „עפּיטאַף" זייַנעם, געמוזט גוט געדענקען יענע פרייַלעכע פאַרלייענונג און דאָס ייִנגעלע שלום. ער האָט עס אויך דערגרייכט. „און דווקא דעמאָלט, ווען דער עולם האָט געלאַכט, געקלאַטשט און פלעגט זיך ,פרעהען' ".

אים איז געלונגען פרייַלעך צו מאַכן אַ שווער געפּרוּווט פאָלק מיט דער גוטסקייט פון ייִדישן לשון, מיט די קללות אין גוטן מוט, וואָס אפילו פון אַ בייז מויל אַרויס, קומען זיי קריגן תיקון.

שלום־עליכם האָט זיך דערגרונטעוועט צום תוך־מאַראַל פון ייִדישן לעבן — גוטסקייט. אַ פאָלק, וואָס די געשיכטע האָט אים שוואַך געמאַכט, ביי אים צוגע־נומען אַלע רשעותדיקע כלי־זין, אים באַרויבט פון אַלע מיטלען צו טאָן רשעות אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, האָט געמוזט זיך דערזינגען צו גוטסקייט. שלום־עליכם האָט מתקן געווען דעם זיידן מענדעלע און איבערגעשריבן אַלע זייַנע בייזקייטן אויף גוטסקייט. ער האָט אויפגענומען די אײדעלע פּראָפּאַגאַציע פון אייַנגעוואָרצלטע רעליגיעזע טערמינען און דערהערט דעם וווּנדערלעכן איבערשפּיל אַפילו פון פאָלקישע הייליקייטן און אָפּגעשייערטע ירושות — אויף טאָג־טעגלעכן שמועס.

„אָט איז נישט לאַנג אַרויסגעקומען אַהער איינער, עפּעס אַ שמיז, און האָט געכאַפּט אין איין שמע ישׂראל דרייסיק טויזנט, און האָרכט זיי הייַנט אַלעמען מיטן „קאָטער". מנחם מענדל איז אַ גוטער, פרומער ייִד, אָבער אים אַרט נישט וואָס דער שמע ישׂראל ווערט אָן אַ ביסל קדושה, אַבי ער זינגט זיך אַריין אין אַ וווּנדערלעכן ייִדישן זאַץ און גיט איבער דעם גיכן כאַפּ פון דער פּויטיקע.

שיינע שיינדל ענטפערט אין אַן אייגענעם מאַנאַלאָגישן נוסח פון איר פּאָע־טישער פּראָזע.

„צוויטנס, שרייב איך דיר, אַז ס'האָט זיך מיר ווידער אָפּגערופן די אַמאָליקע ספּאַזמע, אויף דיין פעטער מנשה געזאָגט געוואָרן, וואָס האָט דיר געמאַכט אַזאַ שיינעם מחק פון די פּופּצן הונדערט קרעפּלעך נדן, אַזאַ יאָר, אַזאַ מזל! ווי זאָגט די מאַמע מיינע, זאָל לעבן, געשיקט דורך דער קאַץ שלח־מנות. וועקסלעך וואָלט איך ביי אים נעמען! קרענק וואָלט איך ביי אים נעמען!"

דער מוזיקאַלישער תיקון צום ייִדישן טאָג־טעגלעך גערעדטן לשון, האָט אים אויך צוגעשפּילט, ווען ער האָט איבערגעגעבן די טיפערע געפילן פון לשון, דאָס גרויסע האַרץ פון ייִדישן פאָלק. זיין שטאַרקע ליבשאַפט צום ייִדישן פאָלק איז

אים בייגעשטאַנען, ווען ער האָט זיך פֿאַרמאַסטן און פֿאַרענדיקט זיין אייגענע „געטלעכע קאָמעדיע״, נישט גאָטס אויסלאַך איבער קליינע מענטשלעכע ברואים, נאָר אַ יידישע „דיווינאַ קאָמעדיאַ״, אין זין פֿון גאָטס ווינען מיט יידן, ווי אַ טאָג־טעגלעכער באַטייליקטער אין דער טראַגיקאָמעדיע פֿון זייער לעבן; גאָטס לאַכן מיט זיי, זיין פֿרייד מיט די יידישע קינדער, מיט די יידישע חיות, מיט ראַבטשיקן און מתושלחן, מיט די יידישע בעלי־בטחון; מיט די גרויסע האָפֿערס און אָפּלייגערס פֿון דער גאולה, אף על פּי, כאָטש ער זאַמט זיך, קאָן ער מיר־נישט־דיר־נישט, היינט־מאָרגן קומען. ער קומט שוין אָבער אַזוי נישט שיינע יאָר־הונדערטער, יאָרטויזנטער, בכן דאַרף מען ווייטער האָפֿן און אָפּלייגן.

שלום־עליכמס ווערק געהערן דערפֿאַר צו אונדזער חורבן־ליטעראַטור, ניין, זיי זענען נישט צו פֿריילעך פֿאַר חורבן־ליטעראַטור. זיי זענען אַ לכתחילהדיק אויפֿגעבויטע פֿאַרוויסטע יידישע וועלט, מיט דער גאַנצער אויסגעזיפּצטער פֿרייד פֿון יידישע מעת־לעתן.

על נהרות בבל
שם ישבנו גם בכינו.

דער שם איז אַריינגעשטעלט פֿאַר ווילקלאַנג, פֿאַר שיינקייט. גם בכינו, גם איז אויך אַריינגעשטעלט פֿאַר דער מוזיק פֿון דער שורה. איכה איז אויסגעצירט מיט אלף־ביתן, טאָפּלטע, דרייפֿאַכיקע, געקייטלט מיט ווונדערלעכע, אָריענטאַלישע איבערחזרונגען, מיט וואָרטשפּילן, פּחד ופחת היה לנו, צוד צדוני, כי אם מאס מאסתנו.

קצפת עלינו עד מאוד.

דאָס גרעסטע חורבן־געזאַנג איז קודם־כל געזאַנג און פֿאַרזיכטיק געשאַפֿן אַזוי, אַז די שיינקייט זאָל קרעפֿטיקן און גובר זיין דעם טרויער און אים געבן אויסהאַלטעוודיקייט. דער שוידער ווערט פֿאַרגלעט מיט ווונדער פֿון מענטשלעכן לשון, מיט די אויסדרוק־מיטלען, וואָס זענען די וויכטיקסטע סימנים פֿון מענטשלעכן דערהייבן זיך איבער דער חיה, פֿון זוכן אויסדרוק צו יסורים, כדי צו זיין אימשטאַנד צו פֿאַרשעמען די, וואָס אין זייער כוח איז תמיד געלעגן צו געבן יסורים.

דערפֿאַר וועט שלום־עליכמס איינגעזאַמלטע חורבן־ליטעראַטור איבערלעבן אַ טייל חורבן־דאָקומענטאַציעס אונדזערע. ס׳וועט תמיד זיין איבערצייגנדיקער די קלאָג אין דער פֿרייד, ווי יידן האָבן אַמאָל געלעבט, ווי די קלאָג ווען אַלץ איז אונדז פֿאַרלענדט געוואָרן. די דערמאָנונג פֿון אַקטיווער פֿרייד, פֿון קינדס־קינדי־קער, פֿון המשכדיק־געקייטלטער, פֿון אַ גאַנצער וועלט מיט לעבעדיקע יידן, וועט מחמת דער פֿאַרטיפֿטער קינסטלערישער און מעטאַדישער פֿאַרזיכטיקייט אויפֿ־צוקלייבן ס׳גאַנצע פֿאָלק אַרום אַ גלות־באַרג סיני פֿון געלעכטער און זיי געבן

אַ מאָמענט רו, אַ רגע נחת, אַ שיינדל פרייד, איבערלעבן אַ צאָל קינות פון אומקום.

שלום־עליכמס הומאָר פאַרמאָגט די דימענסיע פון יידישער געשיכטע. דער הומאָר זיינער איז געשיכטלעכער הומאָר, איינציקאַרטיק אין דער וועלט־ליטעראַטור. ס׳איז נישט בלויז דער ביטחון און אויסדויער פון יידישן פאָלק. דער ענגלענדער האָט אויך ביי דאַנקירק אַרויסגעוויזן ביטחון און נאַציאָנאַלן אויסדויער. שלום־עליכם האָט אונדז געוויזן דעם פּאַטאָס פון האָפענונגלאָזן ביטחון, ווען ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג און קיין אַנדער ברירה אַחוץ ביטחון. אָבער אַ ביטחון וואָס איז שטאָלץ אַפילו אין שיפלות. שלום־עליכם האָט באַשפּרענקלט דעם קאָלעקטיוון יידישן העלד זיינעם מיט אַלע מעלות טובות פון גרויס־מענטשלעכקייט. טביה רעדט ווי אַ רעוואָלוציאָנער, ווי אַ הומאַניסט, ווי אַן אוניווערסאַליסט. ער איז אַ טאַטע, וואָס באַהאַלט די טרערן זיינע, ווען אַ טאָכטער דערטרינקט זיך, אָדער ווען אַ טאָכטער שמדט זיך. ווען דער גביר קומט אים אונטערקויפן, ווייל ס׳פּאַסט אים נישט דער אָרעמער שידוך מיט שפּרינצען, דערהייבט זיך טביה איבער די געבערס און אָפּנאַרערס. ער ווערט דער נגיד, ווען מען וויל מאַכן פון זיין טאָכטערס גורל אַ שנאָרערישן משא־מתן.

שכלדיקייט, גוטסקייט, רחמנות און אַ יידיש לשון, וואָס איז מסוגל דאָס אַלץ איבערצוגעבן, אַ לשון, וואָס לאַכט מיט גוטסקייט, פרייט זיך מיט גוטסקייט.

„ער גלייכט זיך צו די יעהופּיצער נגידים. זיי האָבן קיין געלט נישט און ער האָט קיין געלט נישט. בין איך מיר אויך אַ בהמה און פּגר אין דער טשערעד״.

„לאָמיך שוין אַזוי זיין באַוואָרנט פון אַלדאָס בייז און דו פונעם נאַר דיינעם, ווי דו ביסט באַוואָרנט פון מיליאָנען״. דאָס איז דער ריטעם פון שכל הישר, אויסגעציקלט און אַפאָריזמיש דערלאַנגט אין דער זיבעטער ריפּ.

מענדעלעס לשון איז נאָך סטאַטיש, איינגעהאַמעוועט, קאַרג, שפּאָרעוודיק און צוזאַמענגעפּרוירן. שלום־עליכם גיט דערויף אַ שמייכל און דאָס לשון, וואָס דער זיידע מענדעלע האָט מיט אַזוי פיל פלייס צוזאַמענגעפּרוירן מיט זיין קאָלטן אָטעם, הייבט אָן פליצן פון אַלע זייטן און אַריבערפלייצן איבער די ברעגעס. ס׳ווערט פרילינגדיק אויפן האַרצן, ווען מען זעט ווי דער גאַנצער יידישער אָנזאַמל פון לשון נעמט זיך רירן ווי אַ טייך. מענדעלע איז געווען אַ גרויסער סטיליסט, אָבער אין דער סטיליזירונג איז פאַראַן אַן אָטעם פון אַן אַקאַדעמיקער, פון אַ פערלדיקן אויפקלייבער און צוזאַמענקלייבער. שלום־עליכם לאָזט אָפּ ווערטער ווי טויבן און זיי נעמען וואָרקען און פלאַטערן.

קיין איין פאָלק האָט אין פאַרטריבנקייט, באַזיגטקייט און הילפלאָזיקייט, נישט באַשאַפן אַזאַ גרויסן גלות, מיט אַזאַ וווּנדערלעך לשון מיט מעשים טובים, אַ טיפער מאָראַל און אַזאַ ליבשאַפט צום קינד און צו זיין זינגענדיקן קול פון המשך, ווי דאָס יידישע פאָלק. שלום־עליכמען איז געגאַנגען אין פאַרשפּיגלען

דאָס אַלץ אויף אייביק. אין גאַנצן 33 יאָר פון קינסטלערישער מי, און אים איז געלונגען צו פאַרפעסטיקן דעם ייד של מעלה אין דעם קאָלעקטיוון געשטאַלט פון אַ ייד של מטה. ער האָט אין די יידן פון אַ גאַנץ יאָר אַריינגעגעבן דעם אָטעם פון דעם אויבער־ייד. און ווי ער האָט ליב געהאַט דאָס יידישע פאָלק! דערפאַר האָט דאָס יידישע פאָלק אים אַזוי ליב באַקומען.

דער גרויסער הומאָריסט רעדט ערנסטע רייד, ווען ער ווידמעט זיין „פונעם יאַריד", דאָס נישט־פאַרענדיקטע אויטאָביאָגראַפיע ווערק, וואָס ער רופט אָן אַ ראָמאַן־ביאָגראַפיע — צו זיינע קינדער. עטלעכע חדשים פאַרן טויט, האָט שלום־עליכם געשריבן אין זיין ווידמונג:

„אפשר וועט איר, אָדער אייערע קינדער, דערפון עפּעס לערנען, ווי אַזוי ליב צו האָבן אונדזער פאָלק און צו שעצן זיינע גייסטיקע אוצרות, וואָס ליגן צעוואָרפן אין אַלע פינצטערע ווינקעלעך פון אונדזער גרויסן גלות אויף דער גרויסער וועלט. דאָס וועט זיין דער בעסטער לוין פאַר מיינע העכער דרייסיק יאָר געטרייער אַרבעט אויפן פעלד פון אונדזער מאַמע־לשון און ליטעראַטור".

ס׳קלינגט כמעט נישט שלום־עליכמדיק. מיט טיפן ערנסט האָט דער טאַטע געווידמעט די קינדער זיינע זיין לעצט ווערק, וואָס ער רופט נישט אַנדערש ווי זיין „האַרץ" און ער בעט זיך ביי זיי ליב צו האָבן אונדזער פאָלק, שעצן זיינע גייסטיקע אוצרות. היינטיקע צייטן לאָכט מען פון אהבת ישראל. פונקט ווי מ׳האָט אַמאָל איבערגעטריבן מיט אתה בחרתנו, קריכט מען היינט צום צווייטן עקס־טרעם. מען פאַרקליינט און מען פאַראומווערטיקט יידישע ווערטן, מען מאַכט חוכא וטלילא פון אהבת ישראל, מען טראַכט אויף זיך אויס בלבולים, מען טאָלע־רירט מאַזאָכיסטיש בלבולים פון געמיינע שונאים, מען מאַכט זיך אַזוי קליין, אַז מען זאָל אונדז נישט אַרויסזען פון צווישן די פעלקער.

אָבער שלום־עליכם האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַר אהבת ישראל. ער האָט מיט זיינע ווערק אומדירעקט געלערנט ליב צו האָבן אונדזער פאָלק און צו שעצן זיינע גייסטיקע אוצרות. אין דער ווידמונג־צוואה, רעדט ער מיט שטאָלץ וועגן זיין מי אויפן פעלד פון מאַמע־לשון, וואָס ער האָט פאַרוואַנדלט אין אַ געאַכטעטן טאַטע־מאַמע־לשון.

אָט אין דער ליבע צום פאָלק גייט עס, ווייל דאָס איז דאָס באַהאַלטענע, דאָס פאַרבאָרגענע, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעם אָפענעם, ווי ער האָט עס געלערנט ביים זיידן מענדעלע. דאָס זענען מאַרק טוועינס באַדינגונגען פאַר אייביקן הומאָר־פרעדיקן און לערנען פאַרבאָרגענערהייט דורך הומאָר. שלום־עליכם האָט מיט פרייד און געלעכטער געלערנט ליב האָבן דאָס יידישע פאָלק, וואָס מ׳האָט שוין צווישן יידן אַליין אָנגעהויבן צו רודפן, מיט פאַרשידענע פאַרטיי־דעקלאַראַציעס און פאַרטיי־זשאַרגאָנען. אַפילו די שענסטע גאולה־רופן האָבן זיך אויך באַצויגן מיט ווידערווילן צו דעם פשוטן פאָלק און זיין לשון, וואָס שלום־עליכם האָט

כסדר געלערנט „ליב צו האָבן און צו שעצן זיינע אוצרות, צעוואָרפן איבער אונדזער גרויסן גלות". ער איז געווען דער גרויסער איבערפאַרטייִשער אויס־גלייכער, דער געניאַלער פאַרטייטשער פון דער ליבשאַפט צום מין מענטש, דורך דער וואַרעמער איבערצייגלעכקייט פון אונדזער לשון.

דאַרף מען לייענען שלום־עליכמען צוזאַמען מיט זיין ביאָגראַפיע, זייט ביי זייט מיט קאַפּיטלען פון „פונעם יאַריד", כדי צו פאַרבינדן שלומען מיט דעם שפּעטערדיקן שלום־עליכם, צו זען, אַז „דאָס קינד איז דער פאָטער פון מאַן". שלום־עליכם האָט אין זיין פּאָטערלעכקייט קיין מאָל נישט אָנגעווירן דאָס קינ־דישע. דער אינטעליגענט, וואָס איז געווען אַן אַריינגייער צו שלומס טאַטן אין הויז, האָט עס אַלץ דערשנאַפּט, ווען ער האָט געלייענט שלומס אַ יוגנטלעכן כתב־יד. ער האָט גלייך פאָרויסגעזאָגט, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן עפּעס רעכטס און ער האָט עס באַפּעסטיקט מיט „אַ רוח אין דיין פאָרנט אין מיטן אַריין". די ערשטע גוטמוטיקע קללה, וואָס איז שוין דעם יונגן יידישן מחבר געקומען בתורת פאָלקס־האָנאָראַר.

וויפל געפלאַנטע און פיבערהאַפּטיקע אַרבעט פון דעם גרויסן אַרכיטעקט פון אונדזער גלות און זיין שפּראַך ס'איז קאָנצענטרירט אין די העכער דרייסיק יאָר פון שלום־עליכמס מי! זיין קיצור ימים איז פאַרשטענדלעך. געווען מחברים ביי אַנדערע פעלקער, וואָס זענען געווען אַזוי פּראָדוקטיוו ווי ער און אַפילו נאָך מער, אָבער קיין איינער פון זיי האָט נישט אויפגעבויט און באַזונגען אַ גאַנץ פאָלק, מיט אַ גאַנצן גלות, מיט אַ גאַנץ לשון ווי שלום־עליכם. אָבער ווען ער שרייבט זיין צוואה, ווערט ער אַ ייד צווישן יידן און ער פאַרזאָגט זיינע קינדער זיך נישט אָפּצוּוואַרפן פון זייער שטאַם אָדער אַריבערגיין אין אַן אַנדער גלויבן. ער שווערט, אַז זיי וועלן ווערן אָפּגעוואָרפן פון זייער שטאַם און ווערן אויסגע־מעקט פון זיין צוואה. טראָגט מיט ערע מיין פאַרהאָרעוועטן יידישן נאָמען. דאָס איז דער תמצית, זיין אייגענע עניוותדיקע אָפּשאַצונג פון אַלץ, וואָס ער האָט דערגרייכט — אַ פאַרהאָרעוועטער יידישער נאָמען אויף דור־דורות.

און נאָך ווי פאַרהאָרעוועט! מיט אַ מאָטל פּייסי דעם חזנס, מעשיות פאַר יידישע קינדער, ראָמאַנען, ווי „סענדער בלאַנק", „סטעמפּעניו", „בלאָנדזשענדיקע שטערן", „יאָסעלע סאָלאָוויי", „דער בריוונשטעלער", ווי ער האָט גערופן דעם בריוו־טאַנץ צווישן מנחם מענדל און שיינע שיינדל, דראַמעס, קאָמעדיעס, מאָנאָ־לאָגן אין צען טביה דער מילכיקער מעשיות־געזאַנגען, זיין כתרילעווקע, אַלט־ניי כתרילעווקע, קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות, און נאָך און נאָך און נאָך, די פולע קינסטלערישע געשיכטע פון יידישן לעבן צווישן די פעלקער.

כ'קען זיך נישט צוריקהאַלטן צו ברענגען נאָך אַ ציטאַט פון שלום־עליכמס קינסטלערישן בליק אויף אַלץ, וואָס ער האָט באַוווסטזיניק גענומען אויף זיך. ווידער אַ מאָל ווענדן מיר זיך צו זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק „פונעם יאַריד".

שלום־עליכם דער שרייבער האָט געוואָלט דערציילן פון שלום־עליכמען דעם מענטש, „אָן צערעמאָניעס, אָן באַפּוצונגען און צאַצקערייען“. דאָס זענען זיינע אייגענע ווערטער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז שווערלעך פאַר אַ מענטש, וואָס רעדט פון זיך אַליין, ער זאָל זיך קענען אויפהייבן צו אַזאַ מדרגה, אַז ער זאָל ביישטיין דעם נסיון און נישט וועלן „אויספּיינען זיך פאַרן פּובליקום“.

און מיט דער טיפער מענטשלעכקייט, אין דער עניוות, אין דעם נישט־ווילן זיך אויספּיינען — האָט זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק „פונעם יאַריד“ אויך קיין גלייכן נישט אין דער וועלט־ליטעראַטור. שלום, דער צוקונפטיקער שלום־עליכם, איז אַ קינד אַ שטיפער, ווי אַלע קינדער, מיט אַ גוט, שאַרף קעפּל, אַ זעעוודיק אויג, אַ מוזיקאַליש אויער און אַ נייגונג צו גראָטעסק, מימיק און נאָכמאַכעריי, אָבער אָן שום גדלות איבער דעם רוב מנין ורוב בנין פון יידישן פאָלק. אין זיין צוואה בעט ער זיך און זאָגט: „איכל נישט קאָנען איינליגן רו׳ק אין קבר, אַז מיינע חברים וועלן זיך נאַריש מאַכן“, וועלן חלילה פאַראייביקן זיין נאָמען, אָדער פאָדערן פאַר אים מאָנומענטן. ס׳איז אים זיכער נישט איינגעפאַלן, אַז מען וועט זיך דווקא יאָ נאַריש מאַכן, נישט אַזוי קאָלעגן, ווי די גאַנצע וועלט, וואָס וועט אים אָפּגעבן כבוד, פון מדינת ישראל ביז סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין די ביידע לענדער, וואָס די לשונות זייערע — עברית און רוסיש, האָבן אַ מאָל בשותפות און אידעאָלאָגיש געוואָלט אויסשליסן שלום־עליכמס ערלעכע מי „אויפן פעלד פון מאַמע־לשון“.

ערלעך און תמימותדיק קלינגט די עניוות פון דעם גרויסן ווערק „פונעם יאַריד“. דער צוריקוועגס פון יאַריד, ווען דער קינסטלער פליט שוין נישט „אַזוי געשמיידיק“. אָבער אויפן צוריקוועגס האָט שלום־עליכם נאָך באַוויזן אויפצוקלייבן אַזעלכע פּערלען, וואָס ייִנגערע מענטשן פון אים, פאָרנדיק אויפן יאַריד, האָבן פאַרזען.

ווער ווייסט וויפל יאָרן ס׳וועלן נאָך אָפּלויפן, ביז ס׳וועט אין יידישן לעבן ווידער קומען אַזאַ פריידיקער אויסהיילער; ביז דער יידישער קרעכץ וועט באַגלייט ווערן פון אַזאַ עכאָ פון געלעכטער, וואָס די פרייד זיינע וועט אין תוך נישט זיין שאַרף אַנדערש פון יידישן טרויער, וואָס האָט דעם גרויסן טרייסטער שלום־עליכם אַרויסגעבענקט פון די טרויעריקסטע טיפענישן פון אונדזער לעבן.

1959

# שלום־עליכמס העברעיִשע בריוו צו ביאַליקן

ווען שלום־עליכם איז אַלט געווען 43 יאָר, האָט ער זיך באַפריינדט מיט ביאַליקן, וואָס איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 29, אָבער בײדע זענען שוין געווען וועלט־באַרימטע שרייבער. די פריינדשאַפט איז געווען אַ בריוולעכע. מען האָט זיך דורכגעשריבן און די נאָענטשאַפט זייערע איז פון דער קאָרעספּאָנדענץ אַזוי געוואַקסן, אַז שלום־עליכם האָט געשריבן ביאַליקן אַזעלכע וואַרעמע בריוו, ממש ווי צו אַ ייִנגערן ברודער, כאָטש בײדע האָבן זיך נאָך נישט געזען באַגעגנט פּנים אל פּנים. ביאַליק האָט אין 1902 איבערגעזעצט שלום־עליכמס אַ מעשה אויף העברעיִש און שלום־עליכם, ווען מען האָט גאָרקי האָט אָנפֿאַרטרויט די רעדאַקציע פון אַ רוסיש זאַמלבוך פאַר יידישע און העברעיִשע שרייבער, האָט געבעטן זײַן ייִנגערן חבר, ביאַליק, זיך צו באַטייליקן אין זאַמלבוך, וואָס דער רוסישער ביכער־פאַרלאַג „זנאַניע“ האָט דעמאָלט געהאַלטן אין אַרויסגעבן.

שלום־עליכם און ביאַליק האָבן שוין צו יענער צייט, אַחוץ ליבשאַפט, געהאַט אַ טיפן דרך־ארץ איינער פאַרן אַנדערן. דער עלטערער חבר, שלום־עליכם, איז, ווי מיר ווייסן וווּיל, געווען אַ ליידנשאַפטלעכער בריוו־שרייבער, ער האָט אין זײַנע בריוו תמיד אַרייַנגעלייגט אַ שטיק — שלום־עליכם. ער האָט צו ביאַליקן געשריבן יידישע בריוו און העברעיִשע בריוו און בײדע זענען געווען שלום־עליכמדיק; די שפּראַך האָט קיין מאָל נישט געהאַלטן שלום־עליכמען ביי דער פּען און אים נישט געשטערט דורכצולייכטן זײַן שרייבערישע לעבעדיקייט.

אין דער ישראל־צייטונג „על המשמר“, איז דעם פינפטן מאַי פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ בינטל בריוו פון יענער אָנהייב־קאָרעספּאָנדענץ צווישן שלום־עליכמען און ביאַליקן. די בריוו זענען די העברעיִשע, צווישן 1902 און 1904. אפילו ווען די בריוו זענען שוין ערגעץ־ווו פריער געדרוקט געוואָרן, איז די נייע פאַרעפנטלעכונג סיי ווי אַ גרויסער און אויפמערקזאַמער בייטראָג צו דער געשיכטע פון דער העברעיִש־יידישער ליטעראַטור, צו דער לעבעדיקער ביאָגראַפיע פון אונדזערע צוויי קלאַסיקער און — און דאָס איז אפשר וויכטיקער פון אַלץ — צו דער שטודיע פון דער גוואַלדיקער נשמה־קרובהשאַפט צווישן אונדזערע בײדע לשונות, ווי מענדעלע און שלום־עליכם האָבן עס גלייך אַנטפלעקט. שלום־עליכמס העברעיִשע בריוו זענען געשריבן אויף אַ מחיהדיקן העברעיִש, אַ סך זיסער און, אויב איר ווילט, לעבעדיקער, ווי דער לעבעדיקסטער גאַסן־העברעיִש פון אונדזער צייט. שלום־עליכמס בריוו זענען לעבעדיקער שמועס, דאָס לשון רעפּראָדוצירט נישט נאָר דאָס יידישע מויל, נאָר די גאַנצע יידישע פיזיאָנאָמיע, מיט דעם יידישן שטערן און מיט דעם טייערן שמייכל, וואָס מאַכט דעם שטערן ליכטיק.

ס׳איז מאַטעריאַל פאַר אַ וויכטיקער שטודיע, וואָס ווייזט אונדז ווי אונדזערע קלאַסיקער האָבן איינגעשטעלט דעם נוסח פאַר דעם צווייִשפּראַכיקן ייִד פון אונדזער צייט און פאַר אַלע צייטן. די דאָזיקע ייִדישע ווייכקייט אין שלום־עליכמס העברעיִשע בריוו, שטעלט מיט זיך פאָר דעם פולן ריטעם פון ייִדישן לשון. דווקא אין אַזאַ העברעיִש ליגט דער נישט־איבערגעריסענער המשך פון ייִדישע רייד דורך דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע, נישט אַ פונסנייעיקער אָנהייב, נאָר אַ קיין מאָל נישט אָפּגעשטעלטער המשך.

דאָס בינטל העברעיִשע בריוו איז אָבער בפירוש אינטערעסאַנט פון גאָר אַ סך שטאַנדפונקטן. ווי פריער געזאָגט, האָבן זיך די צוויי שרייבער פערזענלעך נישט געקענט, אָבער פאַראַן אַזאַ באַזונדערע ברודערשאַפט אין דער קינסטלערישער וועלט, וואָס דערנענטערט אויטענטישע קינסטלער, ווי זיי וואָלטן געווען אמתע ברידער. אין שלום־עליכמס בריוו זעט מען ווי ד׳ער עלטערער חבר ציטערט ממש איבער זיין ייִנגערן חבר און רינגלט אים אַרום מיט וואַרעמקייט.

ס׳איז ספּעציעל אינטערעסאַנט דער פריינדשאַפט־סטיל פון אַ זעכציק יאָר צוריק, דער נישט־אינטעלעקטואַליזירטער נוסח. די פריינדשאַפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ איז גיכער געניגט צו פאַלקסטימלעכקייט, אָן שום ליטעראַריזאַציע, אָדער אָנשטעל פון ליטעראַרישקייט. ס׳איז נישט נאָר בלויז דערפאַר, ווייל שלום־עליכם האָט די בריוו געשריבן. ער איז געווען דער אויסדרוק פון זיין דור. ייִדישע און העברעיִשע שרייבער האָבן זייער פריינדשאַפט פאַרפאָלקסטימלעכט און פאַרמשפּחהט און נישט באַהאַלטן אין שיידלעך. ס׳איז נישט געווען קיין אויסגערעכנטע פריינדשאַפט, קיין פניותדיקע, נאָר אַן אמתע פאַרקניפּונג פון מענטשן, וואָס האָבן אויפריכטיק באַוווּנדערט איינער דעם אַנדערנס גרויסע מעלות און מתנות, וואָס יעדער איז אימשטאַנד צו שענקען דעם פאָלק.

שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט מיט אַן אַלפאַבעטישן קללהניק. ער האָט זיין שטיפמאַמעס קללות פאַרבעסערט, פאַרגרעסערט, דיסטילירט, סטיליזירט און אויסגעשטעלט אין אַן אלף־בית־סדר. די קללות־אַנטאָלאָגיע פון דעם יונגן מחבר איז אָבער געפאַלן אין זיין שטיפמאַמעס הענט און דער קליינער שלום האָט זיך געריכט אויף דעם אמתן קבלת־פּנים. אָבער די שטיפמאַמע איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון דער מעטאָדישער אָרדענונג און אויסגעשטעלטער, דעטאַלירטער טאָג־טעגלעכער נוצלעכקייט פון אירע קללות, אַז זי האָט מיט אַ מאָל דערזען די ווונדערלעכע געלעכטער־איינרעמונג פאַר איר ייִדענעדיקער פאַרביטערונג, אַז זי האָט געלאַכט און געלאַכט און נישט געקענט אויפהערן צו לאַכן. דאָס איז געווען שלום־עליכמס ערשטער שאָס ווי אַ הומאָריסט. ער האָט דערזען, אַז מיט הומאָר קען מען אַפילו איינעמען אַ פאַרביטערטע שטיפמאַמע, וואָס האָט הנאה געהאַט צו זען ווי אירע קללות האָבן באַקומען אַ תיקון.

דער דאָזיקער יידישער טעם פון די קללות איז ביי שלום־עליכמען קיין מאָל נישט אויסגעוועפּט געוואָרן. ער האָט זיי נישט איין מאָל אַריינגעלייגט אין מויל אַריין פון זיינע ווייבער און אַליין געכאַפּט התפעלות פון זייער פאָלקישער בילדלעכקייט.

מען קען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז צוויי פערזענלעך נישט־באַקאַנטע שרייבער זאָלן זיך ביים היינטיקן טאָג אַזוי נשמהדיק נאָענט ווערן אין קאָרעספּאָנדענץ, אָבער נאָך וויניקער קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז דער עלטערער חבר זאָל מחמת ליבשאַפט אַריינצימבלען דעם ייִנגערן חבר איין שאַרפע קללה נאָך דער אַנדערער. די קללות „גראַמען" זיך גוט אַריין אין דעם גאַנצן שלום־עליכם־העברעיִש, זיי לייגן זיך אויס גאַנץ באַקוועם און זיי פאַלן ווי אומשעדלעכע יידישע פיילן, ממש ווי ברכות.

מיר וועלן שפּעטער זען, וואָס פאַר אַ פעקל קללות שלום־עליכם האָט געשיקט ביאַליקן אוין ביי וואָסערע געלעגנהייטן, אָבער ס'איז זיך שווער אָפּצורייסן פון דעם קליינעם בינטל בריוו, וואָס אומעטום איז פאַראַן עפּעס אַן אינטערעסאַנטע „פּראַקטישע" באַמערקונג פון איין מחבר צום אַנדערן. ווען ביאַליק איז מיט אַ מאָל געוואָרן דער כמעט־רעדאַקטאָר פון אַזעלכע צוויי זאַמלביכער ווי „הצופה" און „השלוח", שרייבט אים שלום־עליכם, אַז ער איז אים גאָר נישט מקנא, ווייל די רעדאַקטאָר־שטול וועט ווערן אַ שווערער עול אויף דעם קינסטלער ביאַליק, און — „קיין צווייטן ביאַליק האָבן מיר נאָך נישט, אפשר וועט ער נאָך געבוירן ווערן, אָבער דערווייל איז ער נאָך נישט געבוירן געוואָרן".

שלום־עליכם רופט נאָך אין 1904, אין גאַנצן מיט זעכציק יאָר צוריק, יידיש — זשאַרגאָן. אָבער ס'איז נישט קיין זלזול, נאָר ליבשאַפט, ווייל קיינער קאָן אים נישט פון זיין „זשאַרגאָן" אָפּרעדן און אַוועקרייסן.

שלום־עליכם באַשטייט, אַז זיינע זאַכן מעגן פריִער געדרוקט ווערן אין „זשאַרגאָן" און שפּעטער זאָל ער זיי אַליין איבערזעצן אויף העברעיִש. אָבער קלויזנער האָט זיך איינגעשפּאַרט און וויל בשום אופן נישט.

„איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין אַזעלכע מענטשן", שרייבט שלום־עליכם אין זיין צווייטן בריוו צו ביאַליקן, „וואָס אַרט עס זיי, אַז מיינע דערציילונגען זענען פריִער געדרוקט געוואָרן אין זשאַרגאָן, אָדער אין אַן אַנדער שפּראַך? מיינע איבערזעצונגען זענען נישט קיין פשוטע איבערזעצונגען. איך, אַז איך זעץ איבער מיינס אַן אייגענע דערציילונג, שאַף איך עס איבער פון דאָס ניי, און בלויז אַזאַ מענטש ווי דו וועסט פאַרשטיין דעם דאָזיקן סוד".

אין דעם דריטן בריוו, ענטפערט שלום־עליכם ביאַליקן אויף זיינע „געשרייען" גלייך צו שיקן עפּעס פאַר דעם „השלוח".

„וואָס זאָל איך שיקן? וואַרט צו אַ ביסל וועל איך דיר עפּעס צושיקן. דיין געשריי איז גרויס — אויף די ציין זאָלסטו שרייען, מיין טייערער. דער רוח וועט

נישט כאַפּן דיין „השלוח". כ'האָב קיין מאָל נישט געזען אַ רעדאַקטאָר אַ בן־יחיד און אַ משוגענעם ווי דו ביסט. איך אַליין בין אויך אַ קאַפּעטשקע משוגע און אַ בן־יחיד ביי מיין ווייב". און אַ ביסל ווייטער ...„פון שלום־עליכמען ביסטו נישט חולה צו קריגן איבערזעצונגען".

מיר זעען די ערשטע ליבשאַפט־פיילן אויסגעדריקט אין יידישע קללות. שלום־עליכם ווערט וואָס אַ מאָל נעענטער מיט זיין נישט־באַקאַנטן פריינד, זשאַלעוועט ער אים נישט קיין יידישע קללה, אין סאַמע מיטן פון אַ העברעיִש בריוול. די קללה איז, פאַרשטייט זיך, איבערגעזעצט אויף אַ ריינעם העברעיִש און איז ווי אַ דימענטל. בכלל איז שלום־עליכם אָפּגעהיט אין דער ריינקייט פון שפּראַך. טאָמער כאַפּט זיך ביי אים אַרויס אַן אויסדרוק פון סידור אָדער פון יוצר, בעט ער דערלויבעניש זיך צו באַנוצן מיט אַ ביסל מליצה, וואָס שאַדט נישט — „מליצה פון אַן אַלטן חבר".

און טאָמער האָט אים ביאַליק געשריבן, אַז ער זאָל זיך נישט צו פיל מטפל זיין מיט דער „שפחה", אַז ער זאָל אויך אין זינען האָבן די באַלעבאָסטע העברעיִש און גיין צו דער שפחה בלויז, „ווען דער חשק כאַפּט אים אָן", דערלאַנגט אים שלום־עליכם אַ פּסק: פאַר דער ‚שפחה' וועסטו ביי מיר אַריינכאַפּן אַן אַנדערש מאָל. אַז כ'וועל האָבן צייט, וועל איך דיך באַגראָבן אי"ה מיט כבוד פאַר דיין ‚שפחה'".

אין אַ ווייטערדיקן בריוו איז שלום־עליכם מכלומרשט ברוגז, וואָס ביאַליק ענטפערט אים נישט אויף עטלעכע פראַגעס. „ברענען זאָלסטו אויפן פייער, מיין טייערער. גיי אין דר'ערד אַריין, ביאַליק, ס'איז ביי אונדז ערב פּסח אין יעהופּעץ און דו שיטסט מיר קוילן אויפן קאָפּ... ערב פּסח אין יעהופּעץ און כ'האָב נאָך נישט קיין מצות, קיין מרור, קיין חרוסת, קיין ארבע כוסות. צרות האָב איך גענוג, דאָס זעלביקע פון דיר צו הערן צווישן גאַנצן פאָלק ישראל, אָמן ואָמן" — אין סטיל פון שיינע שיינדלס בריוו צו איר מנחם מענדלען. כ'לאָז אַרויס דעם גאַנצן געשיכטלעכן הינטערגרונט פון די בריוו, וועגן די זשורנאַלן, וואָס זענען דעמאָלט דערשינען און וועגן דער יידישער צייטונג, וואָס מען האָט געהאַלטן ביים אַרויסגעבן „אויף דער שפּראַך פון אונדזערע אמהות שרה, רבקה, רחל ולאה". דער געשיכטלעכער טייל איז פאַר זיך אַליין פון אַ באַזונדערן אינטערעס. שלום־עליכם שיקט אַ דערציילונג ביאַליקן, געשריבן אָריגינעל אויף העברעיִש און ער בעט אים, אַז ער זאָל אַ ביסל צורעכט מאַכן דאָס לשון. ביאַליק געפינט אַ פאַרלעגער פאַר שלום־עליכמס אַ בוך מעשות, איבערגעזעצט אויף העברעיִש, אַ פאַרלעגער, וואָס איז גרייט צו צאָלן אַ האָנאָראַר פאָרויס און שלום־עליכם איז זייער סקעפּטיש, אַז עס געפינט זיך אַזאַ ייד, וואָס זאָל אַרויסוואַרפן געלט.

אָבער דער עיקר קומט אין די בריוו תמיד צום אויסדרוק די וואַרעמע חברשאַפט און טיפע אָנערקענונג, וואָס שלום־עליכם האָט פאַרמאָגט פאַר זיין

יינגערן חבר. ער שיקט אים אַ דערציילונג, אָבער ער באַמערקט, אַז דאָרט פעלט אַ ביסל „זאַלץ און פעפער" און ער בעט ביאַליקן, אַז ער זאָל עס נעמען אין די הענט אַריין.

„ווייל ס'איז נישטאָ דיין גלייכן אין אונדזער ליטעראַטור, טייערער פּאָעט. אָבער זאָלסט זיך נישט האַלטן צו גרויס און זאָלסט אַזוי נישט בלאָזן פון זיך, ווייל מיר האָבן, ברוך השם, געזען גענוג אַזעלכע פּאָעטן ווי דו, ביי יידן. רעד זיך נישט איין, אַז דער רוח כאַפּט דיך. ס'איז נישט אַזוי די מעשה".

און נאָך אַזאַ הין־און־קריק קומט ערשט אַ פּאָסט־סקריפּטום. „פון דעסטוועגן וויסן מעגסטו, אַז דו ביסט זייער גרויס, כאָטש ס'זענען פאַראַן גרעסערע פון דיר. דיכטער און שרייבער זענען דאָ אומעטום. ביסט נישט דער איינציקער אויפן יאַריד. פאַראַן און פאַראַן".

שלום־עליכם דער בריוו־שרייבער ליידט נישט פון קיין שום קאָמפּלעקס, בעת ער שרייבט זיינע העברעיִשע בריוו, וואָס שטייען נישט אָפּ פון זיין ליידנ־שאַפטלעכער יידישער קאָרעספּאָנדענץ. ווי אַזוי ער האָט געהאַט צייט פאַר זיין גרויסאַרטיקן שרייבערישן שיחת־חולין, איז אַ רעטעניש. אָט ווי ער באַשרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו זיין שווערע שרייבערישע האָרעוואַניע: „אוי ביאַליק, ביאַליק. אַחוץ מיין שטענדיקער אַרבעט פאַר די צוויי צייטונגען ,פריינד' און ,טאָג', האָבן איך נאָך געמוזט צוגרייטן אויף פסח צוויי ספּעציעלע דערציילונגען פאַרן ,טאָג', צוויי דערציילונגען פאַרן ,פריינד', איין דערציילונג פאַרן ,עקספּרעס' אין לאָנדאָן, צוויי דערציילונגען פאַר צוויי צייטונגען אין ניו־יאָרק און פון זיי האָב איך איבערגעזעצט אויף רוסיש צוויי דערציילונגען פאַרן ,וואָסכאָד' און ,בודוש־טשנאָסט' און איינע אויף לשון־קודש פאַר ,הצופה'. און דו ווילסט דווקא כ'זאָל דיר שיקן פון גרייטן און דווקא פון בעסטן און דווקא — שוין".

26.6.64

## ערשטע טריט מיט פופציק יאָר צוריק

פרייטיק דעם 30סטן מערץ 1906 איז דערשינען דער ערשטער נומער „דער אידישער קעמפּפער״, אין ריזיקן גמרא־פֿאָרמאַט, אונטער דער „רעדאַקציאָן״ פֿון ק. מרמר. אַ נומער האָט געקאָסט איין סענט און אין פּאַפּיר אַליין איז ער געווען אַ גרויסע מציאה. דער אַדרעס פֿון דער רעדאַקציע איז געווען אין פֿילאַ־דעלפֿיע, אויף 614 סאַוט דריטער סטריט. אַ קנאַפּ יאָר שפּעטער איז, נאָך אַ גאַנץ שטאַרקן ישוב־הדעת, די רעדאַקציע אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ניו־יאָרק און דער 43סטער נומער איז שוין דערשינען אויף 12 דזשעפֿערסאָן סטריט.

וואָלט געגנוג שווער געווען פֿאָרצוזעצן, אין אָט דעם געשיכטלעכן טאָן, און צו פֿאַרצייכענען די אינערלעכע און אויסערלעכע קאַמפֿן אַרום די ערשטע טריט פֿון „קעמפּפער״, וואָס האָט בפֿירוש גענומען בוכשטעבלעך זיין יידיש־קעמפערישע ראָלע, ווי מ׳קאָן זען פֿון דער ריטמישער ענגלישער איבערזעצונג „דהי דזשו מיליטאַנט״: נישט „דהי מיליטאַנט דזשו״, נאָר דווקא „דהי דזשו מיליטאַנט״. עמעצער מיט אַ מוזיקאַליש אויער האָט אויף אַזאַ אופֿן געוואָלט באַפֿעסטיקן די מיליטאַנטישקייט פֿון „קעמפּפער״, וואָס איז אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר געווען באַצירט מיט אַ באַבערדלטן יידישן שמיד, מסתמא אַ רמז אויף דער נייטיקייט אויסצו־שמידן דעם אייגענעם גורל; ווייל די קרוין פֿון דעם זשורנאַל, דער נאָמען „דער יידישער קעמפּפער״ איז געווען אַרומגעצירט, אויף דער רעכטער זייט מיט דעם העברעיִשן „אם אין אני לי מי לי״, און אויף דער לינקער זייט מיט דעם פּראָ־לעטאַרישן שלאָגוואָרט „אין קאַמף וועסטו דיין פֿרייהייט ערווערבן״.

דער יידישער שמיד מיטן האַמער איז פֿאַרשוווּנדן ביים צווייטן יאָרגאַנג, אָבער זיין גייסט האָט נאָך אַלץ באַוואַכט דעם „קעמפּפער״, הגם די חברים האָבן, ווייזט אויס, איינגעזען, אַז דער שמיד איז, נישט געקוקט אויף זיין סימבאָלישער ראָלע, נישט שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַמעריקע — נישט שמידעריי ווי אַן אַמאָליק היימיש פֿאַך און נישט די באָרד האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם צער פֿון יידישן נאָדל־אַרבעטער, וואָס מאָריס ראָזענפֿעלד האָט אים געזען אַ פֿרי־אַרויסגעטריבענעם פֿון דער היים און אַ שפּעט צוריקקו־מענדיקן, ווען ס׳איז פֿרעמד „זיין אייגן לייב״ און זיין יינגעלעס „אַ בליק״.

ס׳האָט זיך מיר בשום אופֿן נישט איינגעגעבן צו זיין דער קילער היסטאָ־רישער בלעטערער פֿון די ערשטע צוויי יאָרגענג „קעמפּפער״, וואָס האָבן פֿאַר מיר אויפֿגעשיינט מיט אַ פֿאַרשידנליכטיקער פֿרייד פֿון ערשטע גלויביקע און

זיכערע טריט. ס׳איז פֿאַר מיר געווען אַ טיפֿע איבערלעבעניש און ס׳האָט אומעטום געעפֿנט אַזוי פֿיל מערקווירדיקע טויערן און טירן, אַז ס׳איז געווען אוממעגלעך זיך צו קאָנצענטרירן אויף דעם אַלגעמיינעם פּיאָנערישן בילד פֿון אַ מיליטאַנ־טישן „קעמפֿער", וואָס האָט אַחוץ זיינע „אויסגעשמידטע" קאַמפֿן אויף יידישע און וועלטישע באַריקאַדעס, געקעמפֿט אויף פֿאַר דער חשיבות פֿון יידישן וואָרט. „דער אידישער קעמפֿער" איז מיט פֿופֿציק יאָר צוריק באמת געבוירן געוואָרן אין ריינקייט, ווייל ער איז גלייך געוואָרן אַ ווינקל פֿון מאָראַלישער זשורנאַליסטישער אָפּגעהיטנקייט, דערהויבענער און קלוגער יידישער אחריות, עלעגאַנטע פּאָלעמישע מאַנירן און אַ זעלטענער שעפֿערישער און פּרוכטיקער טאָלעראַנץ. דער פֿאַקט, וואָס דער „קעמפֿער" איז גלייך געקומען מיט די אַלע „איינגעבוירענע" מעלות, האָט שוין ממילא מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ קאַמף קעגן דער געשעפֿטלעכער יידישער פּרעסע, אַפֿילו דער סאָציאַליסטישער, וואָס האָט מיט צוריקשיסנדיקע נישט־אויסקלייבערישע כלי־זיין געקעמפֿט פֿאַר צירקולאַציע.

ס׳אַנטפּלעקן זיך אַזויפֿיל זייטיקע אַלייעס, ווען מען כאַפּט אַ שפּאַציר דורך די נומערן פֿון 1906 און 1907, אַז ס׳ווילט זיך אומעטום זיין און אַלץ פֿאַרצייכע־נען. נאָך־נישט־אָפּגעקילטע געשיכטע פֿאַרמאָגט אַ ספּעציעלן רייץ, ס׳איז גע־שיכטע, וואָס פֿלאַטערט מיט לעבן, כאָטש אַ סך העלדן זענען שוין אַוועק אין דער אייביקייט. זיי זענען אָבער פֿאַר אונדזערע אויגן, אין לעבעדיקן וועכנטלעכן גאַנג צו אַ גרויסן ציל, און זייער געבענטשטער געראַנגל איז פּריש, פֿאַרשטענדלעך און דראַמאַטיש, — און דער עיקר — פֿאַרכאַפּנדיק און מיטרייסנדיק. ס׳איז אַ גראַנדיעז־ערנסטער שפּיל פֿון העלדן און פֿון מאַסן־סצענעס; און יעדער איינער, ווי ווייניק ער זאָל נישט דערשיינען אויף דער בינע, שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע.

יידיש האָט דעמאָלט נאָך געהייסן זשאַרגאָן, אָבער מיט וויפֿל פּיעטעט מען האָט פֿאַרטיידיקט זשאַרגאָן; מען האָט אַפֿילו נישט געשעמט זיך י. ל. פּרצן, ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט ביי אַן אַסיפֿה מיט אַסימילאַטאָרן, זיך אַ וואַקל געטאָן אין זיין ליבשאַפֿט צום לשון פֿון די פֿאָלקס־מאַסן. דער „קעמפֿער" איז גיך געוואָרן דאָס שפּיגל־אָרט פֿאַר דער יידישער ליטעראַטור אין איר אויפֿגאַנג. ס׳איז באמת נישטאָ קיין איין גרויסער נאָמען אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס איז נישט געקומען, פֿריִער אָדער שפּעטער, דורך די יאָרן 1906 און 1907 צום „קעמפֿער", ווער מיט זיין פֿאַרטיק וואָרט און ווער ערשט מיט אומזיכערע רייד, וואָס מ׳האָט באַדאַרפֿט זיין אַ נביא מ׳זאָל אין זיי דערזען אַ לעבעדיקן צוזאָג:

טייערע, דו ליב מיך נאָר
און זאָג דאָס דו ביסט מיין,
כ׳וועל דאַן אויף דער גאַנצער וועלט
דער גרעסטער נגיד זיין.

אַזוי האָט דעמאָלט געזונגען אַ צוויי און צוואַנציק־יאָריקער יונגערמאַן, וואָס איז אויף אַ מאַגישן אופן, קוים מיט אַכט יאָר שפּעטער, געוואָרן דער מאַני לייב, ווען ס׳איז באַשערט געווען אָנצוהייבן אַ גרויס קאַפּיטל אין דער יידישער ליטעראַטור. אָבער אין 1906 האָט דער שלאַנקער קאָמאַשנשטעפּער געשטעלט קינדישע טריט אין „קעמפּער״ און חוץ ליבע־גראַמען האָט ער געדרוקט אַזעלכע „פּראָלעטאַרישע״ פּערזן:

נו־זשע הייבט זיך, הייבט זיך
מיינע יונגע הענט,
און צו ברעכט, צו וואַלגערט
דיזע ענגע ווענט.

ווי אַזוי עס האָט זיך שפּעטער פון אַזעלכע קאָמישע שורות אויסגעקריסטאַליזירט דער צעציטערטער מאַני לייב פון די מוזיקאַלישע „טויבנשטילע בלויע אָבענד־שטונדן״, איז אַ גרויס רעטעניש; נישט קיין קלענער רעטעניש ווי דער פאַקט, וואָס די רעדאַקציע פון „קעמפּער״ האָט אין יונגן פּאָעט פאָרט געזען סימנים פון זיין צוקונפטיקער אַנטוויקלונג.

דער 20־יאָריקער דוד איינהאָרן האָט פון ליטע געשיקט זיינע ערשטע לידער, און אין זיי איז נאָך אויך נישט געווען דער מינדסטער אָנווייז אויף זיין שפּעטערדיקן, פרום־פּאַרוויגנדיקן און תפילהדיקן טאָן פון זיין נאַציאָנאַל בעריאָזקעלע, אָבער אויך אים האָט דער „קעמפּער״, ווי מאַני לייבן, געגעבן אַן אָרט, אמת, אין קליינעם, צוויט־מדרגהדיקן שריפט, פאַר זייערע יוגנט־פּרוּוון.

דער הויף־פּאָעט פון „קעמפּער״ איז דעמאָלט געווען ה. רויזענבלאַט, וואָס האָט געשריבן זיינע ברייטע, לאַנגע און צעפּעכערטע לידער, נישט מיטן גאַנצן כאָר אויף דער איסט סייד, נאָר פאַרפרעמדט און ווייט פון דער איסט סייד, אַזש אין יאָנקערס, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַזוי ווייט פון דער יידישער ניו־יאָרק, ווי איצטער זיין לאָס־אַנזשעלעס. אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט אין פּערזן צו שאַצן די גרויסקייט פון מענדעלען, אין דעם זיידנס אייגענעם מוכר ספרימדיקן נוסח:

קוקט נאָר אָן אַ שפּאַן אַ ביסל:
דאָ אַ שטריקל, דאָרט אַ בענדל,
און דער שמייסער — שאַט, רבותי!
ס׳איז דער אַלטעטשקער ר׳ מענדל.

קיינער איז נישט געווען אַזוי פּראָדוקטיוו, אַזוי פיל און פאַרשידן־לידערדיק ווי ה. רויזענבלאַט, אַפילו נישט דער שטאַרק געשעצטער יהואש, וואָס האָט גע־

שיקט זיינע געציילטע לידער פון לונגען־היילנדיקן דענווער. פון דער שפּעטער־דיקער גרופּע „יונגע" איז דער סאַמע רייפּסטער געקומען י. י. שוואַרץ. זיינע לידער האָבן גלייך פאַרמאָגט אַ שטיקל אַראָמאַט פון זיינע דערוואַקסענע לידער. זיין קאַריערע פון אַן איבערזעצער פון דער העברעיִשער ליטעראַטור האָט ער אויך אָנגעהויבן מיט פּריִער באַוו. סטזיניקייט, און אין דעם נומער פון אַכטן פעברואַר 1907, וואָס איז נאָך געווען דער 46סטער נומער פון ערשטן יאַרגאַנג, איז שוין אָפּגעדרוקט י. י. שוואַרצס איבערזעצונג פון ביאַליקס „המתמיד".

ש. י. אימבער האָט פון זלאָטשעוו געשיקט זיינע ערשטע לידער, נאָך איידער ער האָט זיך באַרימט געמאַכט ווי דער דיכטער פון „אסתרקע". אויף דעם דיכטע־רישן מזרח פון „קעמפּער" האָט אויך אָנגעהויבן צו דערשיינען די גאַנץ בולטע פיגור פון אַן אינטערעסאַנטן און שפּילעוודיקן פאָלקס־פּאָעט יוסף באָנק. י. אַדלער וואָס איז שוין דעמאָלט, אין 1907, געווען דער מחבר און גוטבאַזיצער פון אַ גאַנצער לידער־זאַמלונג איז אויך געווען אַן אָפטער גאַסט אין „קעמפּער".

ס'איז בכלל געווען אַ צייט, ווען יידישע יונגעלייט האָבן זיך געריסן צום דיכטערישן וואָרט. ס'איז כדאי צו לייענען דעם דעמאָלטיקן „בריוו־קאַסטן" און זען, אַז די אכזריותדיקע אָפּטיילונג „ס'וועט נישט געדרוקט ווערן" איז געווען אַ שפּעדיקע, אַז ס'נעמט אַזש שווינדלען פאַר די אויגן. הונדערטער יידן האָבן געשריבן לידער. ס'איז געווען אַ תקופה פון געזאַנג בציבור און ביחידות, און ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס מיר געפינען דעמאָלט אין „קעמפּער" אַפילו „פּאָעטישע"" אַנאָנסן:

נישט צו לאַכן און מאַכן שפּעט,
אַז איר וועט ווערן שיין און פעט,
(שיינקייט איז געגאַנגען געאַרעמט מיט פעטקייט — י. ג.)
איר מעגט זיין ווייס אָדער בראָנעט,

פון אייער פּרוי איין קוש און אַ גלעט
נישט זיין הונגעריק און האָבן די זעט
איר זאָלט צוציִען יעדע פרוי ווי אַ מאַגנעט,
און איר זאָלט וווינען אין שענסטן פּלעט.

כדי דאָס אַלץ צו דערגרייכן דאַרף מען בלויז קויפן ביים אַדווערטייזער פון דעם דאָזיקן פּאָעטישן אַנאָנס — אַ „העט" און מען וועט זיין „גלעט", אויף ענגליש — צופרידן, הייסט עס, מיט אַ „טית", אַבי צום גראַם.

אין „קעמפּער" זענען שוין דעמאָלט דערשינען בעל מחשבותס קרעפטיקע און אויטאָריטעטישע אַרטיקלען. ער האָט אין די ערשטע נומערן פון זשורנאַל

געשעפֿטן, פֿון יענער זייט ים, אויף דער גאָרדין־פּעסטונג און דאָס האָט אַרויסגע־רופֿן יואל ענטינס גוט־דורכגעטראַכטע פּאַרטיידיקונג, וואָס האָט געענטפֿערט בעל מחשבותדיק מיט אַ סעריע אַרטיקלען. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן לעאָן קאָברין מיט זיינע דערציילונגען און קריטישער פּאָלעמיק. דער „קעמפּפֿער" האָט זיך שוין אַפֿילו אויך געהאַט דערוואָרבן אַן איינציקע שריפֿטשטעלערין מרים קאַרפּילאָוו, וואָס האָט צוגעשיקט אירע בילדלעך פֿון ברידזשפּאָרט, קאָנעטיקוט, ווו די אַ מאָל באַרימטע ראָמאַניסטין און בעלעטריסטישע פֿרויען־קענערין האָט געוווינט.

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער שיינער ליטעראַטור, ווייל „דער אידישער קעמפּפֿער" האָט נאָך מיט פֿופֿציק יאָר צוריק זיך באַטראַכט ווי די היים פֿאַרן שעפֿערישן יידישן וואָרט. אין זיין אונטערגעשריבענער דערקלערונג, שליסנדיק דאָס ערשטע יאָר, זאָגט דער רעדאַקטאָר ק. מרמר, אַז די, וואָס שטייען אַרום „קעמפּפֿער" דאַרפֿן ווערן די טרעגער פֿון דער „נאַציאָנאַל־ליטעראַטור אין אַמערי־קע". ער וואָרנט אָבער, אַז כדי צו קריגן גוטע שיינע ליטעראַטור, דאַרף מען זיין אימשטאַנד דעם יידישן שרייבער גוט צו באַצאָלן און מען מוז אים שעצן, אַז ער זאָל סטימולירט ווערן צו שאַפֿן אין אַ געזונטער אַטמאָספֿער. אַזעלכע ווערטער האָט מען דעמאָלט נישט געהערט אין דער צייטונג־גאַס. דער גרויסער פּאָעט מאָריס ראָזענפֿעלד איז אין 1906 געווען שעפֿעריש־אַטראָפֿירט. ער שיקט אַ באַגריסונג־בריוול צום „קעמפּפֿער" און ער דערציילט, ווי שווער ס׳קומט אים אָן צו שרייבן די עלטעכע שורות, ווייל אַ האַלבער קערפּער איז אים פּאַראַליזירט. אַ ביסל שפּעטער זעען מיר, ווי „דער אידישער קעמפּפֿער" עפֿנט מיט אַ פֿלאַמענ־דיקן רוף אַ פֿאָנד „פֿאַרן קראַנקן דיכטער".

מיר געפֿינען פּראָמינענט אין „קעמפּפֿער" אַזאַ פֿאַרגעסענעם נאָמען ווי ח. אַלעק־סאַנדראָוו, וואָס האָט אין די ערשטע נומערן פֿון זשורנאַל פֿאַרעפֿנטלעכט אינטע־רעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער און ליטעראַטור. אַלעקסאַנדראָוו, אַליין אַ געבוירענער אין פּעטערבורג, האָט שטודירט אין ווילנער יידישן לערער־אינ־סטיטוט. ער איז אַנטלאָפֿן קיין אַמעריקע, ווייל די צאַרישע זשאַנדאַרמעריע האָט געהאַט אַן אויג אויף אים און זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. הגם ער איז אין ניו־יאָרק גלייך געוואָרן אַ מיטגליד פֿון דער „סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַר־טיי" אין אַמעריקע, האָט ער זיך דער עיקרשט פֿאַרנומען מיט קריטיק. ער איז נישט געווען קיין פּועלי־ציוניסט, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט דעם „קעמפּפֿער" אים צו געבן אַ ברייטהאַרציקן עמוד פֿאַר זיינע אינטערעסאַנטע און לעבעדיקע אָפּהאַנדלונגען. ער איז געווען אַ הייסער יידישיסט און ער האָט נישט אויפֿגע־הערט צו פֿאָדערן נאַציאָנאַלע אָנערקענונג פֿאַר יידיש. ער איז יונג געשטאָרבן. ער האָט קוים דערלעבט ביז פֿערציק יאָר, אָבער ער האָט אין זיין קורץ לעבן באַוויזן צו האָבן אַן איינפֿלוס אויף דעם בעסערן יידישן לייענער און דער „קעמ־פּפֿער" האָט אים געגעבן אַ פּלאַטפֿאָרמע, ווען ער האָט נאָר געוואָלט עפּעס זאָגן.

אַ צווייטער זעלטענערביישפּיל פון גוואַלדיקער טאָלעראַנץ, אין יענער צייט, איז געווען די פּאָלעמיק קעגן פּועלי־ציוניזם, וואָס דער אַנאַרכיסט ד״ר ח. זאָלאָ־טאַראָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין „קעמפער״ גופא. זאָלאָטאַראָוו איז געווען שטאַרק באַליבט פאַר זיין ערלעכקייט און נאַיִוויטעט, און מ׳האָט אים אַפילו מוחל געווען זיינע יום־כיפור־בעלער, וואָס מיט זיי האָט ער אָפּגעטאָן דעם רבונו של עולם... אויף אַנאַרכיסטיש. אָבער זיין אַנאַרכיזם איז געווען אַ נאַציאָנאַלער און ער האָט זייער אָפּט אויסגעפּשטלט די שייכות צווישן טיפן יידישן נאַציאָנאַליזם און פייער־דיקן אַטעיִסטישן אַנאַרכיזם. ער האָט געשריבן מיט אַן איבערצייגנדיקער ערלעכ־קייט, און אַפילו ווען מען איז מיט אים נישט מסכים געווען, האָט מען דעם רעספּעקט צו אים נישט פאַרלוירן.

האָט דער „קעמפער״ אויך אים געגעבן אַ פרייע פּלאַטפאָרמע, וואָס ד״ר זאָלאָטאַראָוו האָט אויסגענוצט אָן שום צוריקהאַלט. ער האָט זיך געשפּירט ווי ביי זיך אין דער היים. די רעדאַקציע האָט אים קיין מאָל נישט געשטערט צו זאָגן, וואָס ער וויל און אַפילו נישט אונטערגעשטעלט קיין פוס־באַמערקונגען, נאָר ערשט ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע לאַנגע מאמרים, האָט מען מיט אים אָנגעהויבן ווירדיק צו פּאָלעמיזירן.

דער בריקן־בויער פון גרויסן פאַרנעם און פאַרכאַפּנדיקער פאַנטאַזיע, דער עסטעט פון די שטאָל־האַרפּעס, איבער אַ סך אַמעריקאַנער וואַסערן, מ. לעאָנטיעף האָט, איידער ער האָט זיך דערווייטערט פון זיינע ליטעראַרישע אינטערעסן, און בעת ער האָט שוין געבויט זיינע גרויסע וואַנדער־בריקן, פאַרעפנטלעכט לאַנג־אָטעמדיקע בריוו וועגן דער יידישער ליטעראַטור און אַנאַליטישע אַרטיקלען וועגן די מייסטער פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור, אין „קעמפער״, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן, זייט ביי זייט, מיט די ערשטע באַגרינדונגען פון אידעאָ־לאָגישן פּועלי־ציוניזם.

„גראָד דערפאַר, ווייל מיר זענען סאָציאַליסטן, זענען מיר יידן״, האָט דער קאָלירפולער ד״ר דניאל פּאַסמאַניק, דער מאַן פון אַ צענדליק ביאָגראַפיעס, דער־קלערט אין „קעמפער״. דאָס האָט דער „בולגאַרישער״ סאָציאַליסט און מעדיקער געשריבן פאַר זיין פאַרבנרייכער קאַריערע און פאַרשידענע וואַנדלונגען — דורך ראַדיקאַליזם צו „מזרחי״ און פּועלי־ציוניזם, ביז צו דער רעדאַקציע פון אַ קאַדע־טישן זשורנאַל אין קרים, אין 1919, און אַפילו צו רוסישן מאָנאַרכיזם, צווישן דער רוסיש־פּאַריזער עמיגראַציע.

אַלע, אַלע האָבן דורכגעשפּאַצירט די נומערן פון „קעמפער״, ווייל זיי האָבן זיך געצויגן צום זשורנאַל, פון אומעטום — פון דער גאַנצער יידישער וועלט.

ווען „דער אידישער קעמפער״ איז אַריבער קיין ניו־יאָרק אויף דזשעפערסאָן סטריט, איז שוין געוואָרן אַ שטיקל יקרות. דער פאָרמאַט, אַ פאַרקלענערטער, האָט שוין אַ נומער געקאָסט צוויי סענט, אַנשטאָט אַ פּעני. דער „קעמפער״ האָט

געפאָדערט פופציק־סענטיקע פון האַלב־יערלעכע אַבאָנענטן און געבעטן די האַלבע דאָלאַרס אין מזומן אָדער „מאָני אָרדערס", ווייל טשעקס, האָט די פאַרוואַלטונג געשריבן. גיט זיי צו פיל קאָפּדרייעניש. דער פּעליעטאָניסטישער טאָנגעבער פון זשורנאַל איז געווען א. וואַהלינער, וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע ליריש־פילאָזאָפישע „שטיקלעך און ברעקלעך" און מיט זיינע גאַנץ־באַוועגלעכע לידער, וואָס ער האָט אונטערגעשריבן מיט זיין אמתן נאָמען ל. לאַנדוי. וואַהלינער איז געווען דער ערשטער באַוווסטזיניקער פּועלי־ציוניסטישער פעליעטאָניסט. ער האָט פאַרמאָגט גלאַנץ און אַ שאַרפן פּאָלעמישן סטיל. ער איז אַ שטיקל צייט אַפילו געווען דער רעדאַקטאָר פון „קעמפער" און ער האָט געשריבן ברויזנדיקע לייטאַרטיקלען. ער איז שוין אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק, ווען דער „קעמפער" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען, און די יינגערע חברים האָבן פון אים גאָר אַ סך דערוואַרט. מען האָט זיינע דראַשעוויטשדיקע פעליעטאָנען, וואָס זענען געווען אַ געמיש פון גלויבן און סקעפּטיק, נישט קיין זעלטן געקעכץ פאַר יענער צייט, אָפּט געלייענט און דיסקוטירט. אַ שאָד, וואָס ער האָט זיך אין דער טעגלעכער צייטונג־וועלט שפּעטער אַ ביסל פאַרלוירן און דער כוח פון זיין וואָרט איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן.

אין יענער צייט האָבן זיך אין „קעמפער" געגומען ווייזן די ערשטע בריוו פון ד"ר י. וואָרטסמאַן, וואָס האָט זיך יונג באַרימט געמאַכט ווי אַן עילוי, און איז אויך נאָך זיין קומען קיין ניו־יאָרק קאַליע געוואָרן. אָבער אין 1907—1906 איז נאָך ד"ר וואָרטסמאַן געווען אין זיין גלאַנץ־פּעריאָד. ער איז געווען אַ יונגער־מאַנטשיק פון 28 יאָר, אָבער ער האָט שוין אין באַזעל געהאַט געגרינדעט דעם ערשטן ציוניסטישן אַקאַדעמישן פאַראיין צוזאַמען מיט נחמן סירקין און חיים וויצמאַן. ס'איז דערפאַר נישט קיין וווּנדער, אַז ווען דער יונגער עילוי איז געקומען קיין ניו־יאָרק און אָנגעהויבן שרייבן אין „קעמפער" האָט ער ברייט אָנאָנסירט אין זשורנאַל, אַז ער „וואָהנט אויף דער 79סטער סטריט, 215, צימער צוועלף, ביי מר. מייער. באַזוכס־צייט טעגלעך (אויסער זאָנטאַג) 5—7 אָבענדס, באַזוך מעלדן דורך פּאָסט".

ד"ר וואָרטסמאַן האָט, ווייזט אויס, געקראָגן די ספּעציעלע פּריווילעגיע פון אַ דייטשמערישער נאָטיץ, כאָטש ער איז געקומען דירעקט פון לאָנדאָן. שפּעטער איז ער מגולגל געוואָרן קיין באָסטאָן, וווּ ער האָט רעדאַקטירט דעם „באָסטאָנער אַדוואָקאַט", און זיך גלייך צעקריגט מיט דעם אַרויסגעבער. אַ גאַנץ לעבן האָט זיך ד"ר וואָרטסמאַן געקריגט מיט דער וועלט, און אַפילו ווען ער האָט געאַרבעט אין „מאָרגן־זשורנאַל" איז דער אַלטער בחור נאָך אַלץ בייז געווען אויף דער וועלט, אָבער ער האָט תמיד געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר די עכטע שאַפערס פון דער העברעיִשער און יידישער ליטעראַטור און קיין מאָל נישט פאַרפעלט זיך צו גרויסן מיט זיין פּיאָנערישער ראָלע אין ציוניזם.

און דעמאָלט איז שוין אויך קיין ניו־יאָרק דערגאַנגען די רעפּוטאַציע פון דעם יונגן פּועלי־ציוניסטישן אַגיטאַטאָר און טעאָרעטיקער, יצחק זאַר, אַן איין־און־צוואַנציקער־יאָריקער יונגערמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער רוסיש־יידישער יוגנט מיט זיינע באַגרינדונגען פון ציוניסטישן סאָציאַליזם. ווען יצחק זאַר איז געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער דעם 13טן סעפּטעמבער 1907 געקראָגן אַ גרויסן קבלת־פּנים אין קופּער־יוניאָן. די גאַנצע אינטעליגענץ איז געקומען אָפּנעמען ביים יונגן טעאָרעטיקער אַן ערשטהאַנטיקן גרוס פון דער רוסיש־יידישער נאַציאָנאַלער יוגנט, וואָס האָט געפונען איר וועג צום אַרבעטער־ציוניזם. זאַר איז קורץ נאָך זיין אָנקומען געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון „קעמפּער".

דער צווייטער יאָרגאַנג פון „קעמפּער" האָט זיך אָנגעהויבן דעם 5טן אַפּריל 1907, פּונקט נאָך פּולע פּופציק נומערן פון ערשטן יאָר. אויף דער ערשטער זייט געפינען מיר אַ באַריכט פון דעם פּאָגראָם אין רומעניע. ס'איז אפשר נישט געווען קיין צופאַל, וואָס אין דעם זעלביקן נומער איז פאַרעפנטלעכט ל. שאַפּיראָס באַרימטע ליד „זעלבשוץ". דער „קעמפּער" איז שוין געגאַנגען פאָרויס מיט אַ סך באַרימטע און כמעט־באַרימטע מיטאַרבעטער. ש. גאָרעליק האָט כסדר געשריבן פון בערלין זיינע ביטערע פעליעטאָנען פון אייראָפּעיִשן שניט; מיר באַגעגענען אין די נומערן פון „קעמפּער" אַזעלכע נעמען, ווי: יוסף טונקל, פּרץ הירשביין, י. ד. בערקאָוויטש, א. ל. באַראַן, משה פּראַסטיג, אַ דעמאָלט באַרימטן דערציילער מ. בלינקין, און דעם יונגן נאָוועליסט, וואָס הייבט אָן מיט פעליעטאָנען און שרייבט זיך נאָך אונטער יונה משה חאַאימאָוויץ און נישט משה יונה, ווי ער האָט שפּעטער געענדערט דעם ווילקלאַנג פון זיין נאָמען.

ס'ווערט פאַרצייכנט, אַז ס'איז איינזאַם און עלנט געשטאָרבן דער פּאָעט אברהם מיכל שאַרקאַנסקי און די יידישע גאַס כאַפּט אַריין אַ פאַרציע מוסר — אַקוראַט ווי אין אונדזער אייגענער צייט — וועגן דער געפּרוּווירענער באַציִונג צו אונדזערע וואָרטמייסטער.

מיר געפינען לעבלעכע קריטיק וועגן יהואַשס ערשטן בוך לידער, פון דעם קריטיקער מ. לאַזאַרסאָן, וואָס ברייטט אויס, הלמאי יידישע און העברעיִשע פּאָעטן צייכענען זיך נישט צו אָפּט אויס מיט פּאָעטיש לשון, ווייל, זאָגט ער, „העברעיִש איז אַ בוך־שפּראַך און זשאַרגאָן איז אַ מאַרק־שפּראַך". אָבער דאָס זאָגט נישט דער „זאַגראַניטשנער" קריטיקער פון רוסלאַנד, חלילה, כדי פּוגע בכבוד צו זיין זשאַרגאָן, ווייל אין זעלביקן אַרטיקל רעדט ער מיט גרויס ליבשאַפט און געטריישאַפט צו מאַמע־לשון.

מען הייבט שוין אָן דערמאָנען דעם נאָמען פון ד"ר נחמן סירקין. ס'דרוקט דערציילונגען אַלעקסאַנדער קאַפּעל — דער שפּעטערדיקער שטורעם־פויגל ד"ר מוקדוני — און דער פּאָעט פון יענער צייט זינגט נאָך אַלץ —

**יעקב גלאַטשטיין**

ס׳פליט אַ פויגעלע
און זי זינגט צו מיר,
רופט און מאַניעט מיך
און זי ווינקט צו מיר:
פיל נאָך, פיל ווערסטו
זיך דאָ מאַטערן,
דיינע יונגע יאָרן
מאָדנע פּטרן.

דאָס איז נישט קיין אַנדערער ווי דער יונגער מאַני לייב, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט אויסגעפּיקט, אָבער וועמענס לידער ווייזן זיך אָפּט אין „קעמ־פער", כאָטש מייסטנס אין פּעטיט. די רובריק פון „ס׳וועט נישט געדרוקט ווערן" וואַקסט קיין עין־הרע ווי אויף הייזון. דער בעל הרובריק קנעלט אומגעדולדיק מיט זיינע קרבנות הלכות סטיל, ריטעם, לשון, גראַם, קאָנסטרוקציע, טעכניק און ער בעט זיך, אַז יידן זאָלן זיך נעמען צו אַנדערע מלאכות, ווי צו לידער און סקיצן־שרייבעריי.

ד״ר ח. זשיטלאָווסקי קומט צום צווייטן מאָל קיין ניו־יאָרק און מען גרייט פאַר אים אַ גרויסן קבלת פּנים. דער „קעמפער" האַלט נאָך אַלץ אָן אומבאַפּלעקטע און מוסטערהאַפטע טאָלעראַנץ. אין פאַרלאַג „קעמפער" דערשיינען אָדער ווערן פאַרקויפט דעם אַנאַרכיסט ראָקערס „געשיכטע פון דער טעראָריסטישער באַ־וועגונג אין פראַנקרייך" און אַ צווייט אַנאַרכיסטיש ווערק וועגן לואיזע מישעל, פון דעם שטילן, קיין־פליג־נישט־טשעפּנדיקן אַנאַרכיסט אַ. פרומקין.

די פינאַנציעלע רעדער פון „קעמפער" הייבן אָן אונטערצוסקריפּען און ער הייבט אָן „צייטווייליק" צו דערשיינען חודשלעך. אין לעצטן נומער פון צווייטן יאָרגאַנג „קעמפער" לייענען מיר, אַז ס׳איז געשטאָרבן אברהם גאָלדפאַדען. ברענג איך עס דאָ אויך, כדי צו ווייזן ווי נישט סטאַביל און זיגזאַגיש ס׳איז אומשטערב־לעכקייט, וואָס גייט אַרויף און אַראָפּ. גאָלדפאַדענס שטערן האָט אָנגעהויבן צו לייכטן ערשט אַ פופצן־צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט. אָבער אין דעם פאָרזיכטיקן נעקראָלאָג אין „קעמפער" ווערט דערקלערט, אַז ער איז נישט געווען „קיין ערשט־קלאַסיקער שטערן אויף דעם יידישן טעאַטער־הימל". דאָס יידישע טעאַטער האָט דעמאָלט באַהערשט יעקב גאָרדין.

אַ גאַנץ בוך וואָלט מען געקענט און געמעגט אָנשרייבן וועגן די ערשטע טריט פון „קעמפער" און פון די פועלי־ציוניסטישע פּיאָנערן. מען וואָלט אויך געמעגט אַ טראַכט טאָן וועגן פשוט איבערדרוקן די ערשטע עטלעכע יאָרגענג פון „קעמפער" אין בוך־פאָרעם, ווי לעבעדיקע געשיכטע פון דער גרויסער נאַציאָנאַ־לער רעוואָלוציע אויף דער יידישער גאַס אין אַמעריקע, וואָס האָט זיך געראַנגלט

מיט עם־הארצות, ציניזם, וווּלגאַריזאַציע פון יידישן וואָרט. אין די נומערן פון „קעמפער" לעבט אַ ווונדערלעכע ראָמאַנטיק, וואָלט איך געזאָגט, פון יידישער צדקות און נעאָיידישער עטיק, וואָס האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר נייע יידישע מצוות און מעשים טובים. זיי זענען געוואָרן אַ חיוב פאַר דעם נייעם יידישן דור, וואָס האָט באמת אויסגעשמידט אַן אַקטיוו יידישקייט.

דער שרייב־ניוואָ, נישט געקוקט אויף דעם אַ ביסל פאַרעלטערטן לשון, איז אַפילו לויט היינטיקע סטאַנדאַרטן, אַ זייער הויכער. שלעכט געשריבן זענען גראָד די קורצע מעלדונגען און נאָטיצן. די אַרטיקלען פאַרמאָגן אַ סך פּובלי־ציסטישן טעמפּעראַמענט און אַ זויבערע איבערצייגעוודיקייט, וואָס זינקט קיין מאָל נישט אַרונטער צו דעמאַגאָגיע. ס׳קלינגט אפשר גוזמאדיק און „צו גוט", און ס׳קען גרייַלעך זיין, אַז אין ליכט פון פּערזענלעכע און לעבעדיקע דערמאָ־נונגען מעג דאָס אויסזען אַ ביסל ניכטערער און אַנדערש, אָבער אויפן פּאַפּיר שיינט אַלץ מיט אַ העל ליכט. אַפילו ווען ס׳זאָל נישט זיין מער ווי די ראָמאַנטיק פון געדרוקטן וואָרט, איז עס כדאי צו פאַראייביקן לדורות.

אָבער מער פון אַלץ רופט אַרויס דרך־ארץ דער געטרייער גלויבן אין קינ־סטלערישן וואָרט און די איבערגעגעבענע ליבשאַפט צו יידיש, וואָס איז לעצטנס אַ ביסל פאַראָסטעט געוואָרן אין אונדזערע רייען.

דערפאַר איז דער „קעמפער" געשטאַנען גרייט, מיט אַן אָפענער טיר, פאַר אַלע, וואָס האָבן געוויזן אַ לויט טאַלאַנט, אַ טראָפּן צוזאָג; אָפּגערעדט, אַז דער זשורנאַל האָט וואָרעם גערופן צו זיך די שעפערס פון יידישן וואָרט, אַפילו די, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו דער אידעאָלאָגיע פון „אידישן קעמפער".

דער „קעמפער" האָט אויפגעהויבן זיין קול און געמאָנט גערעכטיקייט אומע־טום, ווו ס׳האָט זיך געפאָדערט אַ מאָנענדיק וואָרט. אין איינעם פון די ערשטע נומערן פון „קעמפער" געפינען מיר אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן דער אַמעריקאַנער רעגירונג, וואָס האָט פאַרמאַכט די טויערן פאַר מאַקסים גאָרקי. ער האָט נישט געקאָנט איבערצייגן די אימיגראַציע־באַאַמטע, אַז ער איז געוועזן געזעצלעך פאַר־הייראַט צו דער פרוי, וואָס מיט איר איז ער געקומען צו די טויערן פון עליס איילאַנד.

דער „קעמפער" האָט ריזיקירט מיט טאַלאַנטן. ער האָט געדרוקט מאיר בלינקינען, ווען מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, און געלייגט אויף אים אַ סך האָפענונגען. בלינקין איז געווען זייער אַ פּרוכטיקער שרייבער. ער איז יונג אַוועקגעשטאָרבן, אָבער ער האָט איבערגעלאָזט אַ ירושה פון אַ סך לענגערע און קירצערע נאָוועלן און אַפילו לידער. די ירושה איז קיין מאָל נישט רעווידירט געוואָרן. זייער שטאַרק געגלייבט אין זיין טאַלאַנט האָט דער דעמאָלט איינפלוס־רייכער קריטיקער, דער בריקן־אינזשעניר לעאָן לעאָנטיעף, ווען אמתער נאָמען איז געווען לעאָן ס. מאָיסעיעוו. אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, נאָך בלינקינס

טויט, האָב איך זיך אָנגעהערט זייער אַ סך מעשות וועגן בלינקינען, וועמענס פּראָפעסיע איז געווען מאַסאַזשיסטיק, אָדער גלאַט ביינער־רייבעריי אין אַ טער־קישער באָד. ער איז געווען דער שטאַלצער באַזיצער פון שטאַרקע הענט און מען האָט אמת געציטערט פאַר זיינע שטאַרקע אַרגומענטן וועגן זיין אייגענעם שטאַרקן טאַלאַנט. ער איז קיין גאַנצע פערציק יאָר נישט אַלט געווען, ווען ער איז געשטאָרבן. דער „קעמפּפער" האָט בלינקינען מקרב געווען ביז זיין טויט, אין 1916 אָדער 1917.

דער „קעמפּפער" האָט אין משך פון די צוויי יאָר 1906—1907 געדרוקט אַ סך לענגערע זאַכן, ווי די שוין דערמאָנטע איבערזעצונג פון „המתמיד" און י. י. שוואַרצס אַ צווייטע איבערזעצונג פון ביאַליקס „מתי מדבר". אין „קעמפּפער" איז אויך אין 1906 געווען געדרוקט ה. רויזענבלאַטס איבערזעצונג פון אָסקאַר ווילדס טורמע־באַלאַדע. דאָס איז זיכער געווען איינע פון די ערשטע איבערזעצונגען פון דער וועלט־באַרימטער פּאָעמע, וואָס דער פּיל געפּרוווטער עסטעט האָט געשריבן אין 1898, צוויי יאָר פאַר זיין פריצייטיקן טויט. אין די ערשטע נומערן פון „קעמפּפער" האָט בעל מחשבות פאַרעפנטלעכט אין המשכים אַ לענגערע עסיי וועגן דעם יונגן דוד פינסקי. אַן אָפּקלייב פון דער בעלעטריסטיק, קריטיק און טעאָרעטישע אַרטיקלען אין די ערשטע נומערן וואָלט געגעבן מאַטעריאַל פאַר אַן אינטערעסאַנטער אַנטאָלאָגיע. פּרץ הירשביינס יונגע זאַכן זענען געדרוקט געוואָרן אין „קעמפּפער". אויך ל. שאַפּיראָס אומבאַקאַנטע לידער, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געזאַמלט, איינגעשלאָסן דעם פולן טעקסט פון דער זעלבשוץ־פּאָעמע, וואָס איז בעסער באַקאַנט מיט איר אַקטיוויסטישן פינאַל —

און שטאַרבסטו — שטאַרב,  
און שווייג, און שטום!  
און שטרעקסטו דיין האַנט  
און צילסטו — טרעף!  
און שלאָגסטו — טויט!  
און שטום! און שטום!

אין די לעצטע נומערן פון צווייטן יאָרגאַנג „קעמפּפער" געפינען מיר שוין נאָטיצן, אַז די „יוגענד" האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן. ווי ס'ווייזט אויס איז די יונגע שרייבער אַ ביסל ענגלעך געוואָרן אין דער „קעמפּפער"־דירה און זיי האָבן גענומען אַרויסגעבן העפטן, וואָס האָבן טאַקע געהייסן „די יוגענד", און זייער קוואַטער איז געווען דער יונגער און ענטוזיאַסטישער קריטיקער יואל ענטין. אָבער נאָטיצן וועגן דעם אויפשטאַנד פון די יונגע טאַלאַנטן געפינען מיר, ווי שוין געזאָגט, אין די נומערן פון „קעמפּפער", אין פאָרעם פון אַנאָנסן. ס'ליגט

זיך אויפן שכל, אַז זיי זענען געווען אומזיסטע. אָט איז דער אָנזאָג, אַז די יוגנט האָט אָנגעהויבן מורד צו זיין — אין יאַנואַר 1908 :

„עבען ערשינען! עבען ערשינען! צווייטער העפט — ,די יוגינד׳ ״. די באַ־טייליקטע טאַלאַנטן זענען ב. סענטער, ה. רויזענבלאַט, יואל ענטין, מ. שמואלזאָן, יואל סלאָנים, י. ראָלניק, מ. י. חאַאימאָוויטש, מאַני לייב און אַנדערע. די זאַמלונג האָט געקאָסט אַ מטמון פון פינף סענט. דער אַדרעס איז געווען אויף 26 דזשע־פערסאָן סטריט. מיט דעם „עבען ערשינען״ האָט דער „קעמפער״ אָנגעקינדיקט אַ רענעסאַנס־קאַפּיטל פון דער יונגער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

# מאָריס ראָזענפעלד דער עסייאיסט

איבער דער גאַנצער יידישער וועלט איז געפייערט געוואָרן דער הונדערטסטער געבוירן־טאָג פון דעם גרויסן יידישן פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ניו־יאָרק האָט די קיילעכדיקע דאַטע אָפּגעצייכנט מיט אַ ברייטער און פאַרנעמיקער אויסשטעלונג, וואָס איז געווען אַ פאַרכאַפּנדיקער היסטאָרישער ספּעקטאַקל פון 75 יאָר יידיש אַמעריקע. אין צענטער פון דער אויסשטעלונג איז געווען דער שניידער־פּאָעט, וואָס האָט דאָמינירט די יידישע אַמעריקע אין משך פון אַ דריי צענדליק יאָר. מאָריס ראָזענפעלד איז אַ צייט לאַנג געווען דער באַרימטער יידישער פּאָעט, ממש דער קעניג, וואָס דורך אַלע קריגערייען מיט אים און אַרום אים, איז זיין קרוין אַלץ נישט אָפּגעפרעגט געוואָרן. פון דעסטוועגן האָט ער אין 1897 געשריבן צו זיין גרויסן פאַרערער, פּראָפעסאָר לעאָ ווינער, אַז ער האָט פּשוט נישט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, אַזוי איינזאַם איז ער.

דאָס דרייצנטע בוך פון דער סעריע „מייסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור" פון יוסף ליפשיץ־פאָנד אין אַרגענטינע, אונטער דער רעדאַקציע פון באַקאַנטן ליטעראַטור־פאָרשער שמואל ראָזשאַנסקי, איז געווידמעט די אויסגעקליבענע שריפטן פון מאָריס ראָזענפעלד. ס'איז אַן אַנטאָלאָגיע־אויסגאַבע, מיט אַן אָפּקלייב פון ראָזענפעלדס לידער און פּופּצן עסייען.

ראָזשאַנסקי איז נישט נאָר אַ גוטער אָפּקלייבער, נאָר זיינע אַריינפיר־עסייען צו די אַנטאָלאָגירטע זאַמלונגען, זענען גוטע און אויספירלעכע אָפּהאַנדלונגען, ווו קריטיק איז געוויקלט אין פאַרערונג. די אָפּגעקליבענע לידער אין ראָזענפעלד־באַנד שטיצן די רעוויזיע פון דעם פאַרגעסענעם פּאָעט, וועמענס באַרימטקייט האָט זיך אַ מאָל געטראָגן איבער דער גאַנצער וועלט, דורך איבערזעצונגען אין אַ צענדליק שפּראַכן, צווישן זיי אַפילו אין יאַפּאַניש.

ראָזשאַנסקי רעדט פון מאָריס ראָזענפעלדס הונדערטסטן געבוירן־טאָג, ווי פון אַ רעהאַביליטאַציע־געלעגנהייט. די לידער, וואָס ראָזשאַנסקי האָט אָפּגעקליבן באַקרעפטיקן די רעהאַביליטאַציע פון דעם „טרערן־מיליאָנער". אַ נייעס און ממש אַן איבערראַשונג זענען אָבער די פּופּצן עסייען, וואָס ראָזשאַנסקי האָט אָפּגעקליבן פאַר דער זאַמלונג. ראָזענפעלד אַליין האָט באַטראַכט זיין צייטונג־אַרבעט ווי די גרעסטע קללה. ער האָט זייער אָפּט, אין לידער, געשאָלטן זיין „פאַרקויפטע פּען". אים האָט נישט אַזוי דאָקוטשעט דער פאַקט, וואָס ער דאַרף זיך אָפּרופן אויף געשעענישן, ווי דער מוז פון צושטעל און פון פּובליציסטישן שטיין אויף דער

וואָך. ער, דער לידער־צושטעלער, האָט זייער גרינג געקאָנט צושניידן אַ ליד, ווען מ׳איז אים געשטאַנען אויפן קאַרק, אָבער אַן אַרטיקל איז אים אָנגעקומען שווע־רער און ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גאַר ביטערן עול.

דער אָפּקלייב פון די פּופּצן עסייען איז דערפאַר אַן אמתער חסד של אמת, ווייל ס׳איז אָנגענומען, אַז ראָזענפעלד האָט זיך נאָך ווייניקער צערעמאָניעט מיט זיין פּובליציסטיק, ווי מיט זיינע שלעכטע געלעגנהייט־לידער. ראָזענפעלד איז אָבער אין דער אמתן געווען אַ קרעפּטיקער פּובליציסט. ער האָט געקענט מיט פייער און פלאַם זיך אָפּרופן אויף געשעענישן און קלאָר זאָגן זיין מיינונג, אָן שום דריידלעך; ער איז אויך געווען אַן עסייִסט, וואָס האָט געקענט צערטלען זיין פּראָזע און עס מאַכן געדאַנקנרייך און ניואַנסנרייך; ער האָט ליב געהאַט דעם פעליעטאָן און איז געווען, אין דעם אָנגענומענעם היינצייטיקן באַגריף — אַ קאָ־לומניסט. אמת, ער האָט געשריבן אַ סך אַרטיקלען, וואָס זענען געווען אַ פּאַר־שוועכונג פון זיין טאַלאַנט. דאָס זענען געווען „גרימירטע" אַרטיקלען, זיי זענען געווען — נישט ער; צייטנווייז בייזע און פאַרביטערטע אויסגעשרייען, אַז דער עצם־ענין פון שרייבן איז אָפּגעשטויסן און אָפּגעשטופּט אין אַ זייט. ווייל דער עיקר איז געווען דער גרילץ, דער געשריי, די אָפּרעכענונג, דער אַריינזאָג, דער דערלאַנג אין דער זיבעטער ריפּ.

דערפאַר איז כדאי וואָס ראָזשאַנסקי האָט אָפּגעקליבן מאָריס ראָזענפעלדס פּופּצן פּראָזע־ביישפּילן, אין דער אָפּטיילונג „מענטשן אויף דער וועלט".

דער ערשטער עסיי הייסט „נאַפּאָלעאָן און הערצל". ראָזענפעלד האָט עס גע־שריבן ווי פּערזענלעכע איינדרוקן פון פערטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן. דאָס אַרטיקל איז אַ גייסטרייכע עסיי וועגן הערצלען — „דער נאַפּאָלעאָן פון ידישן גייסט, דער אומגעקרוינטער געקרוינטער הערשער פון אַן אומגעקרוינטער געקרוינ־טער נאַציע". מאָריס ראָזענפעלד שפּילט זיך דאָ נישט מיט ווערטער, יעדער אויס־דרוק שטאַמט פון אהבת ישראל. ער רופט אָן הערצלען — „דער אַרכיטעקט פון דער נייער ידישער היסטאָריע" און ער ברענגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז זייער נאַפּאָלעאָן באַגייסטערט די אַרמייען „צו פאַרגיסן בלוט און צו זעטיקן די שווערדן מיט מענטשן־פלייש". אָבער — „ווען הערצל דערשיינט אין דער מחנה ישראל, שוועבט איבער זיין שטאָלצן קאָפּ ציונס ווייסע פאָן פון תכלת, די שיינע פאָן פון שלום, דער הייליקער באַגער פון אייביקן פרידן, פון אמתער ליבע — פון ידישער ליבע". די אונטערשטרייכונגען זענען ראָזענפעלדס. אָן עסיי האָט ראָזענפעלד נישט גע־קענט שרייבן כלאחר־יד. ער הייבט אָן זיין קינסטלערישן פאַרגלייך צווישן נאַפּאָ־לעאָנען מיט הערצלען, מיט אַ געמעל, וואָס געפינט זיך אין ניו־יאָרקער מעטראָ־פּאָליטען־מוזיי „פון דעם פראַנצויזישן מייסטער מעסאָניע".

„דאָס פאָלק", געשריבן נאָכן טויט פון ד״ר הערצל, איז שוין מער אין אַ פאָלקסטימלעכן טאָן — אַ שמועס מיט אַ שכנה. הערצל, דערקלערט ראָזענפעלד

האָט איבערגעלאָזט — „פערצן מיליאָן בלודנע יתומים, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט... ווו נאָר עס פאַלט אַ שטיין, טרעפט עס הערצלאס אַ יתום, ווו נאָר מען שלאָגט אַ יידן, איז עס זיינס אַ קינד״.

פאַראַן אַזעלכע לייענער, וואָס האָבן בלויז אַ שמעק געטאָן צו מאָריס ראָזענ־פעלדס שאַפונגען און זיי האָבן אים גלייך פאַרמשפּט און אים פאַרמישט מיט דער בטלנות און אומקולטור פון אַ גרויסן טייל פון זיינע מיטצייטלער. ס׳איז זייער ווייט פון אמת. ראָזענפעלד האָט זיך נישט געריררט אָן תנ״ך, וואָס האָט אַ גאַנצער געלעבט אין זיין געמיט. ער איז אויך געווען גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור, און איינער פון די ערשטע ביי אונדז צו וויסן דעם ווערט פון דער רייכער ענגלישער און אויפבליענדיקער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. אָן עסיי וועגן פּסח רופט מאָריס ראָזענפעלד „פּסח מצרים און פּסח לעתיד, אָדער שעקספּיר און די ביבל״. ראָזענפעלד הייבט אָן מיט עמעצנס אַ זאָג, אַז ווען די גאַנצע ליטע־ראַטור פון דער וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען און עס וואָלט געבליבן בלויז שעקספּירס „יוליוס צעזאַר״, וואָלטן מיר אויך געהאַט אַ רייכע ליטעראַטור. ראָזענפעלד האָט אָבער וואָס צוצוגעבן צו דער דאָזיקער התפּעלותדיקער דער־קלערונג. ער האַלט, אַז ווען „יוליוס צעזאַר״ וואָלט אויך פאַרשוווּנדן און עס וואָלט געבליבן די פּשרה בשלח, וואָלט די וועלט געהאַט גענוג וואָס צו לערנען און פון וואָס זיך צו באַגייסטערן״. אין דער עסיי גנבענען זיך ביי אים אַריין אַזעלכע „היימישע״ ווערטער ווי „פּאָרלייט״, „באָסעס״ און „סוועט־שאָפּ״, אָבער ראָזענ־פעלד דערזינגט זיך צו דער התפּעלות, אַז „איר מעגט באַהאַלטן האָמער, שעקס־פּיר, דאַנטע, מילטאָן און העברי דזשאָרדזש, נאָר לאָזט אונדז די פּרשה „בשלח״ און איר האָט דער וועלט גאָרנישט געשאַדט. אין „בשלח״ ליגט די געהיימעניש פון דעם פּסח מצרים און פּסח לעתיד, דער פרייהייט־פּסח פון דער גאַנצער מענטש־הייט, און אָט אין די פּאָר בלעטלעך ליגט די פילאָזאָפיע פון אַלע רעוואָלוציעס און אַלע גאולות, וואָס זענען געווען און דאַרפן זיין ביז צום סוף פון די דורות״.

אַ שאָד, וואָס ראָזשאַנסקי גיט אונדז נישט די דאַטעס, ווען ראָזענפעלד האָט געשריבן זיינע עסייען. מיר וואָלטן ערשט דעמאָלט איינגעזען, אַז ער איז געווען אַן אוניווערסאַלער אויסטייטשער פון זיין יידישן קוואַל און אַ פּאָרויסלויפער פון געדאַנקען, וואָס זענען ערשט מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן רשות הרבימדיק.

אין די פופצן קורצע עסייען ווייזט ראָזענפעלד זיין נאַציאָנאַלן פייער און דער עיקר אין שייכות מיט יידישע יום־טובים, וואָס זענען נאָך אויף דער וואָכע־דיקער איסט סייד געווען נאָענט דעם יידישן פּאָעט, הגם אָרום איז שוין אַלץ גע־ווען פאַרשוועכט מיט דעם זיבנטאָגיקן וואָך־געהוזש און געקלאַפּ פון מאַשינען. זיין עסיי וועגן די חנוכה־ליכטלעך רופט ראָזענפעלד „זעלבשוץ״. ראָזענפעלד זעט אין די מעשים פון די מכבים דעם אָנהייב פון דער מאָדערנער געשיכטע פון יידישער זעלבסטפאַרטיידיקונג.

און ראָזענפעלד פּלאַקערט אויף — „זאָלן זיי אייביק ברענען, די הייליקע חנוכה־ליכטלעך, דער סימבאָל פון מענטשנווערדע און מענטשלעכקייט. זאָלן זיי אייביק ברענען און מיר דערמאָנען מיין יוחנן כהן גדול, מיין יהודה המכבי מיט זיינע ברידער, מיין קעשעניעווער שמש, מיין ליבאַרסקי און נאָך און נאָך גרויסע, שטאַרקע נשמות, וואָס זענען געפאַלן אויף קידוש השם, געפאַלן פאַר דער מענטש־הייט, געפאַלן אויף אייביק צו שטיין! אָ, נעמט מיר צו מרדכיס זאַק מיט אַש פון קאָפּ, דאָס פּאַסטעניש און די טויטשרעק פון אחשוורושס יידן, און גיט מיר דעם מאַקאַבייערס לאָרבערקראַנץ, דעם אייביק גרינעם לאָרבער פון זעלבסטדערקענ־טעניש און העלדנמוט".

אין די דאָזיקע עסייען איז נישטאָ קיין שפּור פון בטלנות, נאָר עס רעדט, שרייבט, וועקט און רופט אַ מאָדערנער ייד.

אין אַן עסיי ווייטער באַזינגט און באַגריסט מאָריס ראָזענפעלד — די פאַנ־טאַזיע. „די גאַנצע וועלט מיט איר באַשאַף איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע פון אַ באַהאַלטענעם טרוימער... אַריינלייגן אַ קאַרטאָפל אין דער ערד איז אַ פאַנטאַ־זיע. דאָס איז די פאַנטאַזיע פון אייביקן ווערן און זיין... די שטרעבנדיקע מענטשהייט פאַנטאַזירט. זי האָט אַ גוואַלדיקע פאַרשטעלונג־קראַפט, און ווי אירע פאַרלאַכער און ציניִשע באַליידיקער".

אין אַ לענגערער עסיי וועגן מאָריס ראָזענפעלדס געשטאַלט האָב איך גע־שריבן, אַז „מיר קאָנען ביים היינטיקן טאָג נישט אויסמעקן קיין איין מיינונג זיינע, ווייל ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו די שענסטע קאַמפן פון זיין פאָלק און פון זיין קלאַס". די אַלע ערלעכע און עטישע מיינונגען ראָזענפעלדס, וואָס זענען גע־ווען די שטויסקראַפט פון זיינע לידער, קען מען געפינען אין זיינע עסייען. ווען ראָזענפעלד זאָגט אונדז אין זיין עסיי וועגן מאַרטירער, אַז „וואָר אַן ליידן איז נישטאָ אויף דער וועלט און די יסורים פון אמת זענען הייליק ווי דער אמת גופא", געפינט מען דעם דאָזיקן אימפּעט אין פלאַקער, אין קאַמף פאַרן אמת, אין מאָריס ראָזענפעלדס לידער.

ס׳קומט שמואל ראָזשאַנסקין אַ דאַנק, וואָס ער האָט פאַר אונדז אויסגעברייטערט דאָס געשטאַלט פון פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד — דורך זיינע עסייען.

## וויליאַם שעקספּיר

אין זיין פינף און פופציקסטן סאָנעט פאַרזיכערט אונדז שעקספּיר, אַז „קיין מאַרמאָר און קיין באַגילדטע מאָנומענטן פון פּרינצן וועלן נישט איבערלעבן דאָס דאָזיקע שטאַרקע ליד". אַזאַ חוצפּה האָט געהאַט דער מייסטער פון די 154 סאָנעטן, וואָס צו זיי האָט ער נאָך צוגעשריבן עטלעכע קליינִיקייטן, ווי 37 טראַגעדיעס, קאָמעדיעס, היסטאָרישע דראַמעס און עטלעכע גרעסערע פּאָעמעס.

וואָס זשע טוט מען מיט דער חוצפּה פון אַ שרייבער, וואָס האָט דערוויילגעטראָפן, און 400 יאָר נאָך זיין געבוירן פייערט די גאַנצע וועלט זיין אָנגענומענעם געבוירן־טאָג? כאָטש מיר ווייסן אַזוי פיל וועגן זיינע ווערק, ווייסן מיר זייער ווייניק פאַקטן וועגן זיין לעבן, און נאָך היינט זענען אַפילו פאַראַן בעלנים אויף זיינע שאַפונגען. מען וויל אים מעביר נחלה זיין און צושרייבן די ירושה צו אַנדערע נעמען. די גאַנצע דעבאַטע איז אָבער אַרויסגעוואָרפן, ווייל אַזוי איז אָנגענומען — וויליאַם שעקספּיר איז דער מחבר פון שעקספּירס ווערק און די גאַנצע וועלט אָנערקענט עס. מען נעמט אָן, אַז דער געבוירן־שיין, וואָס באַציט זיך אויף דעם קינד — וויליאַם שעקספּיר, איז די טייערסטע מעטריקע אין דער געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראַטור. דערפאַר איז באַשטימט, אַז וויליאַם שעקספּיר איז געבוירן געוואָרן דעם 26סטן אַפּריל 1564, אָדער מיט דריי טעג פריער, און אַלע מאָנומענטן פון דער גאַנצער וועלט זענען זיך געקומען בוקן צו אים. אַפילו אַזעלכע, וואָס זענען באַאָרגט מיט פּרינצלעכע דענקמעלער נאָך זייער טויט, זענען אויך געקומען לייגן קראַנצן צופוסנס פון זיינע מאָנומענטן.

שעקספּיר איז דער איינציקער שרייבער וועמען קיין איין שרייבער איז נישט מקנא, אים פאַרגינט מען; אַפילו דער געזונטער, שפּעקרישער קנאת־סופרים באַציט זיך נישט אויף אים. ס'איז פאַראַן אַ וועלט־ליטעראַטור און — שעקספּיר. ער איז אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע, אַ לעגענדאַרישע. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין סאַמע צענטער, ווי דער דענקמאָל איבער אַלע דענקמעלער און קיינער האָט אַפילו נישט דעם חשק זיך צו פאַרמעסטן מיט אים.

ער שטייט, הייסט עס, העכער פון יעדן נאָמען און קיניגרייך פון קינסטלערישן וואָרט. די פייערונגען פון 400סטן געבוירנטאָג קומען נישט פאָר בלויז אין זיין געבוירן־שטאָט סטראַטפאָרד אַן אייוואָן, נאָר אומעטום אויף דער גאַנצער וועלט, מיט פאַרשידענע צערעמאָניעס און מיט טויזנטער נייע אָפּהאַנדלונגען, וואָס ווערן צוגעלייגט צו די מילי־מיליאָנען ווערטער, וואָס זענען שוין געשריבן געוואָרן וועגן דעם ריז.

שעקספּיר איז געשטאָרבן אין עלטער פון 52 יאָר און די ירושה, וואָס ער

האָט איבערגעלאָזט איז אַזאַ, וואָס אויב מען זאָל דווקא וועלן געפינען אַ מאָס זי צו שאַצן, וואָלט מען זי געשאַצט אין ווערט פון הונדערטער מוזייען, מיט די גרעסטע און ווערטפולסטע קינסט־בילדער. ווייל דאָס, וואָס דער איינציקער מענטש האָט אָנגעשריבן איז ווערטפולער ווי די גאַנצע בריטישע אימפעריע. ער איז דאָס גרעסטע פאַרמעגן און דער שטאָלץ פון ענגלישן פאָלק און פון דער גאָרער וועלט פון עטלעכע זיבעציק שפּראַכן, וואָס אויף זיי איז שעקספּיר איבער־געזעצט.

לויט דעם מאָגערן אָנשטויס־מאַטעריאַל אַרום שעקספּירן, קאָן מען קומען צום אויספיר, אַז דער אַקטיאָר שעקספּיר האָט אָנגעהויבן שרייבן ווען ער איז שוין געווען נאָענט צו דרייסיק. קיין צו פעסטע בילדונג האָט ער נישט געקראָגן, ער האָט אָבער גוט אויסגענוצט דאָס ביסל וואָס ער האָט איינגעזאַפּט. אין די טויזנטער ווערק, וואָס זענען וועגן אים געשריבן געוואָרן, האָט מען מסתמא אויך אויסגערעכנט וויפל מענטשן ער האָט „געשאַפן". מ'קאָן זיך משער זיין, אַז מען וואָלט פון זיינע אַלע כאַראַקטערן געקאָנט אויפלעבן אַ קליינע שטאָט; ווען מען זאָל נאָך צו די באַנאָמענטע העלדן צורעכענען די סטאַטיסטן — סאָלדאַטן, היטערס, צופעליקע שמועסער, וואָס גרייטן־צו די אַקציע, די, וואָס זענען בלויז באַצייכנט ווי ערשט, צווייט, דריט — ערשטער סאָלדאַט, ערשטע כישופמאַכערין, ערשטער פון עולם און ענלעכע בלאָס־געמאָלענע מענטשן, ווען שעקספּיר וואַרפט בלויז צו עטלעכע געציילטע ווערטער, וואָלט זיין שטאָט געוואָרן באַפעלקערטער און גרעסער. אָבער ווען מען וואָלט גוט באַזעצט שעקספּירס איינוווינערשאַפט, וואָלט מען געזען, אַז שעקספּיר האָט געשאַפן אַ גאַנצע וועלט, אַ געסדרטע, לויט זיינע צייט־באַגריפן, פון קעניג ביז אַרונטער צום מינדסטן שלעפּער.

אויב די באַשאַפענע וועלט זיינע וואָלט געווען מעטאָדיש אויפגעשטעלט, אין דער אָרדענונג פון פיר הונדערט יאָר צוריק, אין אַן ענגלאַנד, וואָס מען פּרוּווט רעסטאַווירן איצטער לויט שעקספּירס דראַמעס, וואָלט אָבער דער לעבעדיקער פלאַטער פון שעקספּירס רייד געווען אַזאַ, אַז ער וואָלט פאַר אונדז ממש אויסגע־שעפּט די פולע גאַמע פון מענטשלעכער ראַנגלענדיקער עקזיסטענץ, דעם גאַנצן בשר־ודם פון אונדזער מי אויף דער וועלט — דעם טראַגי־קאָמישן צוזאַמענשפּיל פון דעם גרויסן איינשטעל, וואָס איז איינגעבויט און איינגעבוירן אין אונדז; דאָס באַשטענדיקע, וואָס פון אים קענען מיר זיך נישט אַרויסדרייען, די ליידנשאַפטן אונדזערע, די הויכע, די נידעריקע, די דערגרייכטע, די געבענקטע און דאָס וואָס איז אָנגעצייכנט אויף צו וועלן און קיין מאָל נישט צו דערגרייכן. שעקספּיר האָט געגעבן „עברי", קען מען זאָגן, פאַר אַ לעבעדיקער וועלט, פאַר דעם זאָאָלאָגישן געראַנגל, וואָס איז אַזוי מיאוס און אַזוי שיין, ווי ס'איז דער גאַנצער מענטשלעכער מין.

דערפאַר איז נישט שייך מקנא צו זיין שעקספּירן, ווייל ער איז די אומדער־

גרייכלעכע מאָס פאַר יעדן קינסטלער און אין זיין „קעגנוואָרט" ווערט מען דווקא באַרויִקט מיט אַ געפיל, אַז צו דעם האָט דאָס קינסטלערישע וואָרט געוואָלט דערגרייכן, דערגרייכט און אָט — קיין מאָל מער נישט אַריבערצושטייגן.

שעקספּיר האָט גוט געקענט דעם תנ"ך, אַ סך בעסער ווי די עוואַנגעליע. די השפּעה פון תנ"ך אויף אים, די סענטענץ־האַפטיקייט פון תנ"ך, האָט אים גע־וויזן דעם וועג, אָבער ער האָט מיט דער השפּעה געמוזט אַרבעטן אין די ראַמען און דעמאָלטיקע באַגרענעצונגען פון דער ענגלישער שפּראַך. ער האָט מיט זיינע וואָסערע צוואַנציק טויזנט ווערטער זיך אַזוי אַרויסגעהאָלפן, אַז ער האָט געשאַפן אַן אייגענע אימפּעריע פון שעקספּיר־לשון און פון אַ שעקספּירישע וואָרט־פאַרמעגן, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך אין דער קינסטלערישער איבערשאַפונג פון שפּראַך. יעדער קינסטלער־שרייבער איז אַ פורעמער פון לשון. ווערטער ביי אַ גרויסן קינסטלער ווערן ווי לעבעדיקע פייגל, וואָס פליִען זיך צוזאַמען און גיבן די וואַרעמקייט פון קליינע זינגענדיקע הערצעלעך, נישט פון טויטע זאַצן.

שעקספּיר האָט געפונען דעם סוד פון ווערטער אויף צו מאָלן מיט זיי, אויס־שעפּן מיט זיי מענטשלעכע געפילן און דערגיין צום סאַמע דנאָ פון די טיפסטע דורכלעבענישן. זיינע ווערטער לייגן זיך אויפן גומען און ווערן גלייך פאַרשטענד־לעך אין זייער אומפאַרשטענדלעכקייט. זיי גייען־אויף זוניק, נאָך איידער זיי עפענען די אויגן צום אויפשיין פון דעם מיין פון די רייד. שעקספּיר האָט זיינע ווערטער מוזיקאַליש צוזאַמענגעפּאַרט, אַז זיי צערטלען פיזיש דאָס אויער פון הערער און די צונג פון באַטעמער.

אָבער צוזאַמען איז זיין מאַגיק אַזאַ, אַז ער האָט נישט געהאַט די מינדסטע שוועריקייט צו שילדערן מיט די חושימדיקע ווערטער די אינעווייניקסטע געפילן און דעם דורכצאַפּל פון געדאַנק. זיינע ווערטער זענען סיי די שענסטע און אוי־טענטישסטע קאַרדיאָגראַפן, סיי די פּינקטלעכסטע מוח־שריפט.

ווי אַזוי ער האָט עס דערגרייכט איז אַן אייביקער סוד, ווייל שעקספּיר האָט געהאַט עטלעכע אויפגאַבן מיט אַ מאָל, בעת ער האָט זיך באַנוצט מיט ווערטער: ער האָט זיי אויסגעזונגען, זיי אויסגעטייטשט, אַריינגעטייטשט, זיי אַריינגעלייגט אין די ריכטיקע מיילער, גלייך געשאַפן פאַר זיי דעם אַנטקעגנשפּיל, צוזאַמענשפּיל און תמיד געפאַנגען אין עטלעכע שורות דאָס גרונטיקסטע, דאָס האַפטיקסטע און בלייבעוודיקסטע. זיינע דראַמעס זענען בערג מיט ציטאַטן. אַז מען רעדט ענגליש איז מען נישט זיכער צי מען רעדט נישט — שעקספּיר. ער האָט זיך גוט אַרויפ־געלייגט אויפן ענגלישן פאָלק, און דורך דעם גרויסן פאָלק, אויף דער גאַנצער מענטשהייט, וואָס גיט אים אָפּ כבוד און וועט אים אייביק דערמאָנען מיט דאַנק.

שעקספּיר איז אַ גרויס ספר, אַלץ שטייט אין דעם ספר, אַלץ איז באַוואָרנט, באַפעסטיקט, באַגרונטיקט. ס'איז דאָרט אַלץ איינגעשטעלט ווי די מזלות, אָבער ביי דעם אַלעם קען מען אים איבערשפּילן און יעדעס מאָל אַנטפּלעקן נייע וווּנדער.

שעקספּיר איז נישט טיפער פון מענטשלעכן מין, ער האָט אונדז בלויז אַלעמען אַוועקגעשטעלט ווי מיר זענען און אונדז אַריינגעכישופט אין אַ קרייז, אַז וואָסערע ראָלע אין לעבן יעדער פון אונדז זאָל נישט נעמען אויף זיך און ווי מען זאָל זיך נישט באַהאַלטן מיט אונדזער שפּיל, פון זיין צונג קען מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן. ער האָט פאַר אונדז אַלעמען געגרייט ווערטער, וואָס פּאַסטן אונדז אַזוי, אַז מ׳כאַפּט אַ ציטער, ווי מען וואָלט געכומען אַ ליגן־פּראָבע. ס׳איז פּשוט נישט געווען אַנ־שטענדיק פון איין מענטשן צו זיין אַזאַ איבערמענטשלעכער קינסטלער און דער־פאַר האָט טאַקע פלאָבער געזאָגט, אַז שעקספּיר איז אַ קאָנטינענט.

— — — — — — — — — — — — — —

מעג מען איצטער דערציילן אַ מעשה שהיה, וואָס געהערט צו אונדזער ליטע־ראַרישן אַנעקדאָטאַריום (ראַוויטשס אַ טרעפלעכער אויסדרוק). כ׳בין אַמאָל אַריין אין אונדזער קאַפע „איירעפּע״ און געטראָפן אַ גאַנץ קרענצל חברים ביי אַ גרויסן טיש, מיט אברהם רייזענען בראש, וואָס האָבן געפּירט אַ הייסן שמועס. ווען רייזען האָט מיך דער׳זען האָט ער מיך גלייך צוגערופן און זיך צו מיר געווענדט כהאי לישנא: איר זענט דאָך עפּעס באַהאַוונט אין די ענגלישע שוואַרצע פינטע־לעך, זאָגט זשע, איז טאַקע שעקספּיר געווען אַזוי גרויס ווי זיי דאָ זאָגן?

כ׳האָב גלייך איינגעזען, אַז ס׳גייט אין אַן ערנסטן ענין, שעקספּיר וואַרט אומגעדולדיק אויף מיין אַנטשיידנדיקן ווערדיקט. איך דאַרף באַשטימען זיין גורל. טאָמער זאָג איך אַ קרום וואָרט, פאַלט שעקספּירס רעפּוטאַציע אויף אַלע אייביקייט־טן. איך בין אָבער שוין דעמאָלט, מיט אַ 44 יאָר צוריק, געווען אַ שעקספּיר־געפּאַנ־גענער. האָב איך אַרויסגעטראָגן דעם דאָזיקן אורטייל פאַר חברים אין קאַפע „איי־ראָפּע״: שעקספּיר איז דער גרעסטער קינסטלער, וואָס די ווייסע ראַסע האָט אַרויסגעגעבן. דאָס איז חלילה נישט געווען קיין ראַסיסטישע באַמערקונג, נאָר ווי אַ זאַך מאַכט זיך, אפשר איז ערגעץ אין ניאַסאַלאַנד, אין אוגאַנדע, אָדער צווישן די בושמענער פאַראַן אַ גרעסערער שרייבערישער כוח.

אָבער רייזען האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַן עט. ער איז, ווייזט אויס, בנוגע שעקספּירן געווען אַ טאָלסטאָיאַנער, וואָס האָט שעקספּירן מבטל געווען:

— איר הערט, גלאַטשטיין, — האָט רייזען אויסגערופן מיט היץ, — האָב איך אַזאַ יאָר, נישט נאָר בין איך אַ גרעסערער קינסטלער פון שעקספּירן, נאָר אַפילו איר זענט אויך גרעסער פון אים.

איצטער, פיר און פערציק יאָר שפּעטער, צום פירהונדערטסטן געבוירנטאָג פון דעם ענגלישן סופער־קינסטלער, לייג איך, מיט אַ שמייכל, אויף דעם קראַנץ צו די פיס פון זיין אייביקן מאָנומענט. כ׳בין אָבער זיכער, אַז אין הימלישן קלוב פון אומשטערבלעכע האָט אברהם רייזען שוין לאַנג דערציילט דעם אַנעקדאָט וויליאַם שעקספּירן אוןביידע האָבן געשמאַק געלאַכט און הנאה געהאַט, יעדער איינער אויף זיין שטייגער.

1.5.64

## ראָבערט פראָסט

ס׳איז באמת שווער צו שרייבן וועגן אַ פּאָעט, וואָס האָט געלייענט זיינס אַ ליד פּאַר פופציק מיליאָן הערערס און זעערס. אַזאַ פּאַרלייענען פון אַ ליד איז נאָך קיין מאָל נישט געשען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. ראָבערט פראָסט האָט געלייענט דאָס ערגסטע ליד, וואָס ער האָט ווען עס איז אָנגעשריבן — שלעכט גענוג אפילו פאַר אַ לאָרעאַטישער באַשטעלונג. די קענעדי־איינשווערונג האָט אָבער דעמאָלט צוגעגעבן אַ דימענסיע דעם יונגן פּרעזידענט, וואָס אין פּראָגראַם פון דער איינשוווערונג איז איינגעשלאָסן געוואָרן די פּערזענלעכע באַטייליקונג פון דעם עלטסטן און באַרימטסטן פּאָעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען ווען גרויער קאָפּ איז געזען געוואָרן אויף דער נאַציאָנאַלע טעלעוויזיע, ביי אַזאַ ערנסטן מאָמענט, ווען אונדזער 35סטער פּרעזידענט האָט אָפיציעל איבערגענומען דעם אַמט.

ווען עמעצער פון די 50 מיליאָן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער היסטאָרישער געשעעניש. פון אַזוי פיל אָפּגעגעבענעם כבוד צו אַ פּאָעט, וואָלט זיך דערוועגט צו קריטיקירן די פּאָעמע, וואָס ראָבערט פראָסט האָט געווידמעט קענעדין, וואָלט ער געהאַט אַ פּנים פון חוזק. מ׳קען נישט קריטיקירן אַזאַ נאַציאָנאַלן דערפאָלג, ס׳איז פשוט מאַיעסטעט־באַליידיקונג. ווען אַ מענטש דערקלעטערט אַזוי הויך, וועט ער סיי ווי נישט דערהערן די קריטיק, און ס׳מאַכט שוין בכלל גאָר נישט אויס, וואָס מען וועט אויף אים זאָגן.

אין 1949, ווען פראָסט איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פון 75 יאָר, אַ גאַנץ זעטיקע עלטער, פּאַר פּאָעטן אַוודאי, זענען דערשינען אַלע זיינע לידער אין איין געזאַמלטן באַנד. דאָס איז אַ בוך פון אַ 650 זייטן, אָנגעפּיקעוועט מיט לידער פון אַלע זיינע ביכער, וואָס פראָסט האָט אַרויסגעגעבן, זינט זיין ערשט בוך לידער האָט דערזען די ליכטיקע שיין אין 1913, אין ענגלאַנד. דער פּאָעט האָט דעמאָלט געוווינט אין ענגלאַנד, און קיין שום אַמעריקאַנער פאַרלעגער האָט דאָס בוך נישט געוואָלט אַרויסגעבן. ביזן היינטיקן טאָג איז שווער צו פאַרשטיין פּאַר וואָס גראָד אַן ענגלישער פאַרלאַג האָט יאָ איינגעביסן די האַרטע ניי־ענגלאַנד־לידער פון דעם אַמעריקאַנער פּאָעט און אַמעריקע האָט נישט געהאַט קיין געשמאַק פאַר אַזעלכע לידער, וואָס האָבן זיך אַ סך מער געפּאַסט פאַר אַמעריקע ווי פאַר ענגלאַנד. אפשר איז אין דעם געלעגן אַ שטיקל קאָמפּענסאַציע, וואָס אַ צווייטער אַמעריקאַנער פּאָעט, פראָסטס אַ מיטצייטלער, עדווין אַרלינגטאָן ראָבינסאָן, האָט אין אַמעריקע געשריבן לידער צוגעפּאַסטע צום ענגלישן געשמאַק און דאָך איז ער מער באַרימט געווען אין אַמעריקע, ווי אין ענגלאַנד.

דער אמת איז, אַז פּראָסט איז געווען אַ נייע דערשיינונג אויףביידע זייטן ים. ער איז געקומען ווי אַ רעדעווודיקער זינגער. ער האָט גענוצט די גערעדטע שפּראַך. אַ סך מער ווי דאָס האָט געטאָן דער ענגלישער פּאָעט וואָירדסוואָרט. אין פּראָסטס לידער זענען אויך געווען קורצע שמועסן אַזעלכע, וווּ ס׳האָט נישט דאָמינירט דאָס געזאַנג. די גראַמען און דער ריטעם פון ליד זענען פּאַרטויבט געוואָרן, כדי זיי זאָלן נישט שטערן דאָס גערעדטע וואָרט, און דאָס וואָרט איז געווען דירעקט פון מויל פון ניי־ענגלאַנד אַמעריקאַנער און אויך פון זיינע שמאָלע אינטערעסן, וואָס האָבן פון דעסטוועגן באַוויזן צו שאַפן אַפאָריזמישע פּאָלקישע חכמה. שפּעטער האָט שוין דער פּאָעט פּראָסט געזוכט אויסצושלאָגן פון זיינע פּאָלקישע ווייזהייטן אויך מאַטעריאַל פאַר אינטעלעקטואַלן, אָבער אַזעלכע לידער זענען אים קיין מאָל נישט געלונגען.

ראָבערט פּראָסט האָט זיינע ערשטע צוויי לידער־ביכער אַרויסגעגעבן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, און דער אמת איז, אַז ער האָט מיט די צוויי ביכער זיך פּאַקטיש אויסגעשעפּט. די ערשטע צוויי ביכער אַנטהאַלטן דעם גאַנצן — ראָבערט פּראָסט, און אין די צוויי קליינע זאַמלונגען קען מען געפינען זיינע בעסטע לידער. אין די שפּעטערדיקע לידער־ביכער זענען פאַראַן בלויז צו צוויי־דריי אַרויסגעכאַפּטע גוטע לידער, וואָס לאָזן זיך לייענען און געדענקען. אין די גאַר לעצטע ביכער זיינע פעלט אַפילו דאָס איינציקע גוטע ליד.

ווען מען רעדט פון ראָבערט פּראָסטן דערמאָנט מען תמיד אַ צענדליק לידער זיינע, וואָס האָבן זיך גוט פאַרגעדענקט, ווייל אין זיי איז פאַראַן די קאָמבינאַציע וואָס ראָבערט פּראָסט האָט אַליין אָנגעצייכנט פאַר אַ גוט ליד — „ס׳הייבט זיך אָן אין פרייד און ענדיקט זיך מיט חכמה״.

כ׳בין נישט אין גאַנצן זיכער צי ס׳איז טאַקע די אַקוראַטסטע דעפיניציע פאַר אַ ליד, אָבער ס׳איז פון יענע קיילעכדיקע זאַגן, וואָס מען רעווידירט געוויינלעך נישט, ווייל זיי לייגן זיך גוט אויף דער צונג. אָבער אָנגעווענדט אויף זיינע אייגענע בעסטע לידער, איז די דעפיניציע געווען אַ גוטע. זיין גוט ליד וויסט קיין מאָל נישט פון וואַנען עס קומט, ווייל עס הייבט זיך אָן, ווי אַ דערשיינונג, מיט אַ גוטער און פולער שורה און ענדיקט זיך מיט אַ שפּיצלדיקן קיילעכדיקן קלוגן זאָג, וואָס לאָזט איבער אַן עכאָ און לאָזט זיך טייטשן. דער עולם האָט ליב אַזעלכע לידער, ווייל מען באַגרייפט זיי אַפילו, ווען מען פאַרשטייט זיי נישט.

מיר איז שוין אַ סך מאָל אויסגעקומען אָנצוווייזן, אַז אברהם רייזען האָט אָפט גענוצט דעם מעטאָד. ער האָט אויך ליב געהאַט זיך צו דערזינגען צו אַ שפּיצלדי־קער זאָגעכץ, וואָס זאָל האָבן דעם טעם און דעם חן פון אַ פאָלקסווערטל. פּראָסט איז געווען מער אויסקלייבעריש און ראַפינירטער אין זיין בילדלעכקייט, אָבער רייזען איז וואַרעמער און הומאַניסטישער פון פּראָסטן. נישט אומזיסט האָט זיך די שוועדישע אַקאַדעמיע יאָר־איין, יאָר־אויס, געשטיקט מיט דער אַרויסגעשטעלטער

קאַנדידאַטור פון ראָבערט פראָסטן. ער האָט זייער ווייניק וואָס צו זאָגן דער ברייטער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָעטישער אוידיטאָריע, כאָטש אים איז באַשערט געווען צו ווערן דער נאַציאָנאַלער פּאָעט פון אַמעריקע. ער איז דורכויס פּראָווינציעל אין זיין טעמאַטיק, און אין זיין קילן צורירן זיך צו די אויסגעקליבענע טעמעס.

דאָס ליד, וואָס פּרעזידענט קענעדי האָט ציטירט, ווען ער האָט דעם פאַרשטאָרבענעם פּאָעט פראָסט נאָכגעזאָגט אַ שבח, אַז אַמעריקע איז געוואָרן אָרעמער מיט זיין טויט, איז פון זיינע צען־צוועלף באַרימטסטע און בעסטע לידער. הייסן הייסט דאָס ליד — „אָפּשטעלנדיק זיך ביים וואַלד אין שנייִיקן אָוונט“. ס׳איז אַ ליד פון זעכצן שורות, געשריבן אין אַן אָרעמער פאָרעם, מיט אָרעמע אויסגעדראָשענע גראַמען. דער פערטער פערז דערזינגט זיך אָבער צו אַ זאָג, וואָס לאָזט איבער אַן עכאָ פון אַלערליי טייטשן.

דער וואַלד איז שיין, פינצטער און טיף,
אָבער איך האָב נאָך אַ סך פליכטן
און מיילן צו גיין אײדער איך שלאָף,
און מיילן צו גיין אײדער איך שלאָף.

אָט די גאַנץ פּרימיטיווע שורות האָבן זיך איינגעזונגען אין זכרון ביי אַ סך פּאָעזיע־לייענער און ווען מען גיט אַ רעד פון ראָבערט פראָסטן, ווייזט מען גלייך אַרויס בקיאות און מען ציטירט די דאָזיקע שורות. אינטערעסאַנט איז, אַז אברהם רייזען האָט כמעט אַזאַ פינאַל פון אַ ליד, וואָס איז אַ סך אַ שענערע פאַרענדיקונג. רייזען זינגט, אַז ס׳דאַכט זיך אים ער האָט וואָס פאַרלוירן אין וועג, ער ווייסט אַפילו נישט אַקוראַט וואָס, און די פראַגע, וואָס דער פּאָעט פרעגט זיך אַליין, צי זאָל ער צוריקגיין און זוכן, אָבער רייזען ענטפערט זיך מיט די פיר שורות —

איך האָב וואָס פאַרלוירן און ווייס דאָך נישט וואָס,
צי האָט עס אַ ווערט ?
לאָז איך עס איבער — דער טאָג איז שוין קורץ
און גרויס נאָך די ערד.

ס׳איז פאַקטיש דער זעלביקער מאָטיוו און דער זעלביקער אויסגאַנג פאַרן ליד, אָבער ביי רייזענען קומט עס אַרויס אַ סך מענטשלעכער און מיט אַ גרעסערן עכאָ פון נאָכדענקעניש.

אין דער יידישער ליטעראַטור זענען געווען און ס׳זענען נאָך איצטער דאָ אַ סך גרעסערע פּאָעטן ווי ראָבערט פראָסט. אָבער די צרה איז, וואָס זיי האָבן

נישט קיין מזל צו פרעזידענטישע איינשווערונגען, אַפילו נישט צו קיין ענגערע טעלעוויזיע־פּראָגראַמען. אברהם רייזען האָט אַ סך מער אָנגעוואָרעמט זיינע לידער מיט מענטשלעכקייט, וואָס איז ביי אים געווען דער עיקר און נישט דאָס חכמהלע צו וועלכער ער האָט זיך דערשפּיצט. כ׳ווייס, אַז איך שלאָג זיך אַראָפּ פון וועג. אָבער כ׳קען זיך נישט איינהאַלטן צו ציטירן אַ ווייניק באַקאַנט ליד פון אברהם רייזען, וואָס איז לויט מיין מיינונג ווערט צו זיין אַ סך פּאָפּולערער, כדי מיר זאָלן נישט אַזוי אַראָפּפאַלן ביי זיך און בטל ווערן בששים, ווען מען העלפט נאָכפּויקן וועלט־באַרימטקייטן.

> מיר ביי דער גרענעץ פון צייטן,
> ווי שווער איז צו מאַכן אַ טריט.
> פאַנטאַסטישע בילדער פון ווייטן
> און פעלזן פון בערג און גראַניט,
> און מחנות פאַרצויבערטע רייטן
> פון קיינעם געפירט און געהיט.
>
> און דאָ ווו מיר שטייען איז היימלעך
> און אַלץ אַזוי נאָענט באַקאַנט:
> די לאָנקעס, די הייזלעך, די ביימלעך,
> די קליינינקע בלומען ביים וואַנט,
> די נידעריק געפלאָכטענע ציימלעך,
> די רויִקע פירנדע האַנט.

ראָבערט פראָסט האָט נישט אַפילו צווישן זיינע צען בעסטע לידער קיין בעסער ליד ווי דאָס דאָזיקע ליד, וואָס אברהם רייזען האָט געשריבן אין 1921, און אַזוי זעעריש כאַראַקטעריזירט „די גרענעץ פון צייטן״.

ראָבערט פראָסטן האָט געצויגן צו נודנער פאַרמערישער טעמאַטיק. און די בעסערע לידער זענען ווי אַ טריִומף איבער דער לאַנגווייל, וואָס די טעמעס זיינע האָבן געפאָדערט. זיינע גוטע דערציילערישע לידער האָבן אַ סך קראַפט, אָבער ווען זיי זענען געגראַמט אויף זיין אָרעמען שטייגער, ווערן זיי לאַנגווייליק. די קורצע לידער גיבן זיך איין פראָסטן אַ סך בעסער ווי זיינע לענגערע לידער. אין די קורצע לידער דערעסט זיך נישט זיין נישט־דערפינדערישע זינגעוודיקייט.

ס׳איז אויך אינטערעסאַנט, וואָס דורך דער גאַנצער פשטות פאַרפלאָנטערט זיך דער פּאָעט אין אַ סך אומפאַרשטענדלעכקייט — נישט די פּאָעטישע אומ־פאַרשטענדלעכקייט, וואָס מען מוז אָננעמען, ווייל זי רעדט פאַר זיך מיט אַן אייגן לשון פון אַן אייגענער וועלט, נאָר פשוטע אומפאַרשטענדלעכע און אומגעראָטענע

שורות. דאָס געשעט געוויינלעך ווען דער פּאָעט וויל אַריבער צו אינטעלעקטועלע טעמעס.

ווי אַזוי איז ראָבערט פראָסט געקומען צו זיין פּאָפּולאַריטעט? אַמעריקע פאַר־מאָגט ביים היינטיקן טאָג גרעסערע פּאָעטן ווי פראָסט, הגם די אַמעריקאַנער פּאָעזיע שטייט איצטער נישט אויף קיין צו הויכער מדרגה. דער ענטפער איז, אַז אַנדערע אַמעריקאַנער פּאָעטן זענען קאַבינעט־פּאָעטן, וואָס „פּאַרפּאַסן" דאָס ליד, לויט די שענסטע בעסטע כללים, מיט די בעסטע מעטאָדן, אָבער זיי זענען נישט קיין פּאָעטישע פּערזענלעכקייטן. אַמעריקע האָט שוין לאַנג געזוכט אַ פּאָעטישע פּערזענלעכקייט. מען האָט זיך שיר אָנגעכאַפּט אין קאַרל סאַנדבורגן, אויך אַ זקן, אָבער סאַנדבורג שרייבט שוין לאַנג זייער שלעכטע לידער און ער איז בכלל מער באַקאַנט ווי אַ לינקאָלן־היסטאָריקער. סאַנדבורג האָט מיט דער צייט דערגרייכט די מדרגה פון אַן אָנערקענטער אַמעריקאַנער פּערזענלעכקייט, אָבער נישט פון אַ פּאָעטישער אינדיווידואַליטעט. סאַנדבורג זאָגט אויך אַרויס אַ סך ראַדיקאַלע מיינונגען, וואָס דערשרעקן אַמאָל דעם דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער און מען ציט זיך צוריק פון אים.

פראָסט איז געווען בלויז דער פּאָעט. ער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קיין אַנדערע מלאכות. ער האָט געקאָנט אַלע זיינע לידער פון אויסנווייניק און ער האָט זיי פאָרגעלייענט אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער. זיין מוח האָט געפינקלט מיט גרייטע בליציקע חכמות, וואָס זענען נישט צו ווייט געווען אָפּגערוקט פון זיינע לידער. ער איז געווען איינס מיט די לידער זיינע. ווי אַן אַלטיטשקער איז ער געווען אַמוזאַנט און אַ „טעאַטער" פאַר זיך.

פראָסט איז יונגערהייט געווען אַ ביטערער רעאַקציאָנער. רוזוועלטן האָט ער נישט געקענט ליידן און ער האָט זייער אָפט קריטיקירט „רעפּובליקאַנעריש" דעם „ניו־דיל". קיין גוואַלדיקער פּאָליטיקער איז ער בכלל נישט געווען און זיינע מיינונגען וועגן דער וועלט אין וועלכער מיר לעבן, זענען נישט ווערט קיין קופּערנע מטבע.

לעצטנס האָט ער רעזערווירט זיינע מיינונגען, ס'הייסט, ער האָט זיי נישט אויסגעפּויקט. ס'איז געווען איראָניש, אַז גראָד ער זאָל ווערן דער קולטור־אַמבאַ־סאַדאָר אונדזערער און ער זאָל עס געשיקט ווערן זיך צו דינגען מיט כרושטשאָוון און נישט קיין אַנדערער בעסער אָריענטירטער אַמעריקאַנער פּאָעט.

ווען ער איז געפאָרן קיין מדינת ישראל, האָט ער נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן אינטערעס אין דער יידישער מדינה. ער האָט זיך געוואָרפן מיט חכמות, אָבער ווי אַן אַלט קינד האָט מען אים געמעגט אַריינרופן נאָך עטלעכע געלונגענע ווערטלעך, כדי ער זאָל נישט אומגעריכט פאַרנעצן דעם עפעקט.

די פּשטות פון זיין אַמעריקאַניש לשון דערעסט זיך גאַנץ אָפט, און נישט

אומזיסט האָט פראָסט אַליין אויף זיך געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין פּאָעט, נאָר אַ פּערזן־שרייבער.

ער האָט פאַרמאָגט נאַטירלעכע איינגעבוירענע קלוגשאַפט, אָבער זייער ווייניק ראַפינירטקייט. דאָס האָט דווקא אימפּאָנירט די איבערמידע, קולטור־איבערגעגע־סענע קריטיקער, וואָס האָבן אָנגעקוואָלן פון זיינע איינפאַלן. ער איז אָבער געווען אַ גאַנץ געשטאַלט און אַמעריקע האָט עס שוין געזוכט אַ לענגערע צייט. פון דער אַמאָליקער ניי־ענגלאַנד־עפּאָכע פון גרויסע אַמעריקאַנער ליטעראַרישע פּערזענ־לעכקייטן, פון יענער צייט אָן האָט אונדז אין אַמעריקע אויסגעפעלט דער פּאָעט, וואָס איז 24 שעה אין טאָג פּאָעט, אַ מין נייער וואָלט וויטמאַן.

ראָבערט פראָסט איז ביסלעכווייז געוואָרן דער דאָזיקער געזוכטער פּאָעט. אים האָט אָפּגעגליקט, וואָס ער האָט דערגרייכט אַ הויכע עלטער און ער האָט געהאַט אַזוי פיל צייט צוצוגרייטן זיך פאַר זיין נאַציאָנאַלער ראָלע. ווען פּרעזידענט קענעדי האָט געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט דער וואָרט־קולטור פון לאַנד, איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל טרעפן צום אַלטן גרויען קאָפּ פון ראָבערט פראָסטן און אים אומאָפיציעל קרוינען פאַר דעם נאַציאָנאַלן פּאָעט. קיינעם וואָלט די ראָלע אַזוי נישט געפּאַסט ווי פראָסטן. בלויז ער האָט געקענט לייענען אַזאַ שלעכט ליד ביי דער איינשווערונג פון דעם יונגן פּרעזידענט, מיט אַזוי פיל איבערצייגונג און אַזוי פיל גלויבן אין זיין אייגענער געזאַלבטקייט.

# אַ שטרענגער משפּט איבער זאַנגווילן

איזראַעל זאַנגווילס הונדערטיאָריקער געבוירן־טאָג האָט מען אָפּגעצייכנט מיט אַ צאָל אַרטיקלען, לענגערע און קלענערע, אין די ענגליש־יידישע קרייזן. די דער־מאָנונגען זענען אַלע געווען יום־טובדיקע און פול מיט לויב פאַר דעם פאָטער פון דער אַנגלאָ־יידישער ליטעראַטור. מען האָט, פאַרשטייט זיך, דערמאָנט זיינע „קינדער פון דער געטאָ" און דעם „קעניג פון די שנאָרערס". מען האָט אַפילו נישט פאַרגעסן צו דערציילן וועגן זיין ציוניזם און שפּעטערדיקן טעריטאָריאַליזם. דער עיקר — מען האָט דעם פאָטער פון דער אַנגלאָ־יידישער ליטעראַטור (אַנגלאָ ווערט אפשר באַטאָנען דעם חילוק צווישן אַמעריקאַנער און ענגלישער ליטעראַטור) געלויבט אין הימל אַריין. ס׳זענען אויך וועגן אים דערשינען עטלעכע אַרטיקלען ביי אונדז אין דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע און זיי זענען אויך געווען אין שטראָם פון די נוסחדיקע פייערלעכע אָפּשאַצונגען, ווי מ׳איז זיך געוויינלעך נוהג צו אַ הונדערטיאָריקן קריקבליק אויף אַ באַקאַנטער פּערזענלעכקייט; מען וואַרפט די ערשטע אָנזעעוודיקע כבוד־לאָפּעטע אויף זיין אומשטערבלעכקייט.

אַ יוצא מן הכלל איז בלויז געווען אַן אַרטיקל, וואָס איז דערשינען אין דעם אַנגלאָ־יידישן וואָכנבלאַט „דזשואיש אָבזירווער". די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז גיכער געווען אַן אומאָפּהענגיקער שאַרפער משפּט אויף איזראַעל זאַנגווילן, וואָס האָט זאַנגווילס אומשטערבלעכקייט קיין געזונט נישט צוגעגעבן.

איך אַליין געדענק נאָך, ווי מ׳האָט זיך געקוויקט מיט זאַנגווילס „בירגער־שאַפט" אין דער ענגלישער ליטעראַטור, מיט זיינע יידישע מעשׂות, און איך געדענק אויך ווי שווער ס׳איז שוין געווען פאַר דעם יינגערן דור אָנצונעמען די פּראָקלאַמירטע גרויסקייט פון זאַנגווילס ליטעראַרישער רעפּוטאַציע. אָבער דער משפּט וואָס רענעי ווינגאַרטן פירט דורך צו דער געבוירן־טאָג־פייערונג איז נאָך שאַרפער ווי די אַמאָליקע יינגערע לייענער האָבן זיך דערוועגט דורכצופירן. מיר האָבן אים געלייענט און גלאָט קיין גרויסע הנאה נישט געהאַט און געשפּירט, אַז דער באַשרייבער פון „די קינדער פון דער געטאָ" שאַפט אַליין אַ מין געטאָ־ליטע־ראַטור, וואָס שטייט אין אַ זייט פון דעם אַלגעמיינעם גאַנג און אַנטוויקלונג פון ליטעראַריש־קינסטלערישן שאַפן. מ׳האָט אין זאַנגווילן נישט געזען קיין אויטענ־טישן כוח פון אַ קינסטלער, נאָר פון אַ ליטעראַט, וואָס קען אויף זיך אָנמעסטן אַלערליי קינסטלערישע פּעלערינעס און פאָזירן אין זיי. ער האָט אַפילו געשריבן שלעכטע לידער.

דאַכט זיך (מיר איז נישט קלאָר ביזן היינטיקן טאָג), אַז ער איז געווען נישט

נאָר דער שרייבער פון אַ דראַמע וועגן אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ, נאָר אַז ער האָט בכלל געשאַפן דעם גאַנצן באַגריף. כ׳מיין דערמיט, אַז כ׳ווייס נישט אַקוראַט צי די אַמעריקאַנער שמעלצעריי, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ מין רעצעפּט פאַר אַסימילאַציע, האָט זאַנגוויל גענומען אַ פּאַרטיקע ביי זיינצייטיקע סאָציאָלאָגן, אָדער ער האָט טאַקע אַליין אויסגעטראָגן דעם שמעלצטאָפּ און אים דראַמאַטיזיר׳ט.

די דאָזיקע שמעלצטאָפּ־פילאָזאָפיע איז אויך געווען אַ טויטע פליג אין דעם כוס פון די ייִנגערע זאַנגוויל־לייענערס; ס׳איז שווער געווען אָנצונעמען די דאָזיקע סאָציאַלע פילאָזאָפיע, וואָס איז אַפילו געשפּילט געוואָרן אין יידישן טעאַטער און געמאַכט אַן איינדרוק ווי פילאַנטראָפּיע פון אַן אַרויפגעאַרבעטן פעטער.

אָבער קיינער האָט, ווי געזאָגט, נישט געמאַכט אַזאַ „אָפּעראַציע" אויף זאַנגווילן, ווי רענעי ווייַנגאַרטן — און איך וויל אָננעמען, אַז זי איז אַ יונגע יידישע שרייבערין, וואָס מאַכט אַ יונגן יידישן חשבון אין איר פרייער און שטרענגער אָפּשאַצונג, וואָס איז גאָר נישט יום־טובדיק און אַפילו נישט חול־המועד־מעסיק. דער פאַקט, וואָס זי ווייזט אָן, אַז זאַנגוויל איז בכלל געווען אַ שוואַכער שרייבער און אַז זיינע קליינע מעלות זענען געווען צו קליין, אַז מען זאָל זיך אויף זיי אומקוקן און אַז זיי זאָלן האָבן דויערנדיקן כוח צו פאַראינטערעסירן אַ היינטצייטיקן לייענער — אָט די מיינונג קען גענומען ווערן אויפן חשבון פון דער שרייבערינס אייגענער שטרענגער מבינות. אָבער רענעי ווייַנגאַרטן אַנאַטאָמיזירט זאַנגווילן דעם ייד און דערמיט שטייט זי אויף אַ פעסטער פּאָזיציע. זי ווייזט, אַז ער איז געווען אַ צעבראָכענער ייד, נישט צעבראָכן אין זין פון עול־יידישקייט, פון דעם חסידישן צעבראָכענעם האַרץ, נאָר אַ ייד, וואָס האָט זיך אַליין אַריינגעוואָרפן אין שמעלצטאָפּ און אַרויסגעקומען אַ נישט־דערשמאָלצענער.

מיר געפעלט ספּעציעל, וואָס רענעי ווייַנגאַרטן טייטלט אויף זאַנגווילס יעזוס־פלירטאַציעס. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן איינגעפירט דעם „עקומענישן גייסט", אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן, ביי יידן. נאָך דעם שקץ־תשקצנו איז געקומען די רעאַקציע פון די אַזוי גערופענע עמאַנציפּירטע יידן, וואָס האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן איבערן פּאַרקן און גענומען זיך דורכווינקען מיט דעם קריסטנטום, כדי צו ווייזן, אַז מען איז פולשטענדיק עמאַנציפּירט.

זאַנגוויל האָט געחלומט, אַז משה רבינו טרעפט זיך מיט יעזוסן און ביידע פירן אַדורך דעם שידוך צווישן קריסטנטום און יידנטום, אומגעשטערט פון דער קירכע און דער סינאַגאָגע. די צרה איז, וואָס אָן דער קירכע איז נישט פאַראַן קיין יעזוס. מ׳קען אפשר אָפּזוכן, אויב מען שטרענגט זיך אָן, אַ מיקראָסקאָפּישגעשיכטלעך פּינטעלע וועגן יעזוסן, אָבער די פיגור יעזוס, די פולע אויפגעבלאָזענע פּערזענלעכקייט, איז דער קירכלעכער יעזוס. פאַר וואָס זאָל די קירכע נישט זיין די אונטערפירערקע ביי אַ „שלום" צווישן משהן און יעזוסן? דער תירוץ איז, אַז די קירכע וועט קיין מאָל נישט דערלויבן, אַז אַפילו איר עקומענישער שלום

מיט ייִדן זאָל נישט טראָגן איר חתימה, דערפאַר איז איר עקומענישקייט, אַפילו ביים הייַנטיקן טאָג, אַרומגעבלאָזן מיט פאַרשידענע ליבעראַלע ווינטלעך, אויך נישט אונדזער עסק, נאָר אַ ריין קירכלעכער שלום מיטן אייגענעם קאַטוילישן געוויסן, אויך אויף שטרענג קירכלעכע באַדינגונגען, מיט דריידלעך און רעזער־וואַציעס.

רענעי וויינגאַרטן זאָגט מיט רעכט, אַז אין אונדזער דור האָלטן מיר, אַז שלום דאַרף קומען צווישן קריסטן און ייִדן, בלויז אויף אַ ריין הומאַניסטישן שטייגער, אָבער נישט אויף קיין רעליגיעזן באָדן. שלום אַש, וואָס איז געווען זאַנגווילס אַ יורש אויף דעם געביט, איז אויך באַגאַנגען דעם פאַטאַלן טעות, וואָס ער האָט יעזוסן געוואָלט פאַרקויפן — רעליגיעז. ער האָט זיך טרילאָגיש באַמיט צו שאַפן אַ ייִדישן אַפּעטיט פאַר דער קריסטלעכער אמונה, ער האָט אויך געוואָלט דערנענטערן די צוויי רעליגיעס און נישט די מענטשן — ייִד און נישט־ייִד.

אָבער רענעי וויינגאַרטן גייט נאָך ווייטער און זי ווייזט אונדז, אַז אין תוך איז זאַנגוויל געווען אַן אַסימילאַטאָר, מיט אַלע פּאָסטעמקעס פון אַן אַסימילאַטאָר. ער האָט באַזונגען דאָס ייִדישע אַזוי גערופענע געטאָ־לעבן ווי אַ דרויסנדיקער. ער האָט ליב געהאַט דעם ייִד — פון ווייטנס און איז צוגעגאַנגען צו אים מיט דער נאָז, ווי מענדעלע, אין זיין „פישקע דער קרומער". מ'קען ביי זאַנגווילן געפינען אַ סך שטעלן, וואָס וואָלטן צוגעשטעלט „נוצלעכע" ציטאַטן דעם גויעשקן קריטיקער פון ייִדן, דער „עמאַנציפירטער" ייִד האָט זיך געלאָזט ווילגיין. אַנטקעגן דעם ייִדישן היטער פון די מויערן איז אויפגעשטאַנען דער ברעכער פון צוימען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין געטער, איז נישט שייך געווען ביי אונדז צו ווערן אַ געטער־ברעכער. אָבער אונדזערער אַ פורץ־גדר איז געווען אַזעלכער, וואָס האָט געוואָלט דעמאָנסטרירן זיין בראַוואַדאָ און זיך נעמען די פרייהייט צו באַרעדן דעם אייגענעם טאַטן און זיידן, זיי מאַכן אויסצודרייען מיט פאַרשידענע כי־כי־אָפּלאַכערייען. זאַנגוויל האָט געלאַכט פון שטרענגע ייִדישע דינים, פאַר אים איז דער פלירט מיט קריסטוסן געווען אַ סיגנאַל, אַז ער קען זיך דערלויבן דעם פולן אויסשפּאַן פון ייִדישער שטרענגשאַפט. ער האָט אָבער נישט געשפּירט, אַז זיין פּעדער איז געווען געטונקען אין דעם משכילישן טינט פון זיין דור. ער האָט אויך נישט געפילט ווי ער שטעלט צו אַזעלכע ראָזשינקעס, ווי, אַז ייִדן טיילן זייער צייט „צווישן זייער שולחן ערוך און פּראָפּיטן", אַ ציטאַט, וואָס רענעי וויינגאַרטן ברענגט אין איר גלענצנדיק געשריבענער אָפּהאַנדלונג.

די צעבראָכנקייט פון זאַנגוויל דעם ייִד איז געווען אויפן גאַנצן „פּראָנט" פון זיין ליטעראַרישער קאַריערע. ער האָט געמיינט, אַז ער האָט זיך געראַטעוועט פון זיין עול־ייִדישקייט, אָבער אים איז נישט געלונגען זיך אין גאַנצן צו באַפרייען. ער האָט ליב געהאַט צו באַזינגען ייִדישע טראַדיציע, אָבער אין תוך האָט ער זי

פיינט געהאַט און מיט איר נישט געהאַט און נישט געוואָלט האָבן קיין אמתע מגא־משא. רענעי ווייגאַרטן וואַרפט אַפילו פאָר זאַנגווילן זיין חתונה מיט אַ קריסטין.

כ׳וויס נישט צי מ׳קען מיט אַלץ מסכים זיין, מיט דעם גאַנצן שאַרפן משפט אויף איזראַעל זאַנגוויל, ווי רענעי ווייגאַרטן פירט אים דורך, אין איר מאַנטל פון אַ שטרענגן אָבער שכלדיקן פּראָקוראָר, צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג פון אַ שטיקל יידיש אייגנטום, וואָס עס ווילט זיך פאָרט אַ קאַפּיטשקע אַרומפּוצן און אָפּהיטן. אויף דער פּראַגע, ווער איז דער פאָטער פון דער מאָדערנער אַנגלאָ־יידישער ליטעראַטור, ענטפערט זי מיט אַ זיפץ — „זאַנגוויל, צום באַדויערן!"

מען מעג אָבער יאָ מסכים זיין מיט איר, אַז ס׳וואָלט זיך געוואָלט האָבן אַ שענערן, שטאַרקערן, טיפערן און גרעסערן פאָטער פון דער אַנגלאָ־יידישער ליטעראַטור. די אַפּאָלאָגעטישקייט פון זאַנגווילס יידישקייט באַליידיקט דעם היינטיקן יידישן געשמאַק. מען זעט ערשט, אַז אַזאַ משכילישע ליטעראַטור, אויף פּרעמדע לשונות, לוינט זיך אַפילו נישט פון אַ פּראַקטישן שטאַנדפּונקט. איזראַעל זאַנגוויל איז נישט אַריין אין דער ענגלישער ליטעראַטור. אויב מען וויל זיין גאָר באַרמהאַרציק צו אים, וועט מען אים צורעכענען צו די עפּיגאָנען פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, כאָטש ער האָט אַריינגעלעבט ביזן סוף פון ערשטן פערטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אין די ענגלישע ליטעראַרישע ענציקלאָפּעדיעס פאַר־נעמט זאַנגוויל עטלעכע קאַרגע שורות, מיט אַ סך רעזערוואַציעס. אין קאָסעלס ענציקלאָפּעדיע פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען מיט צען יאָר צוריק, האָט מען אין זאַנגווילן אין גאַנצן פאַרגעסן, כאָטש דער ענציקלאָפּעדיע־רעדאַקטאָר איז געווען אַ ייד און ער האָט אַפילו געהאַט אַ ספּעציעלן יידישן משגיח. איז כאָטש גוט, וואָס מ׳האָט זיך אין זאַנגווילן דערמאָנט, אין יידישע קרייזן, צו זיין הונדערטיאָריקן געבוירן־טאָג. אָבער דאָס פּעפּערל פון רענעי ווייגאַרטנס אָפּשאַצונג איז אויך אָנגעלייגט, נאָכן כאָר פון לויב־געזאַנגען.

# „דאָס מאָדערנע העברעיִשע ליד גופא“

אַן אַנטאָלאָגיע פון 69 העברעיִשע לידער איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אויף ענגליש און כאָטש איך האָב אויף דער הייסער מינוט געוואָלט רעאַגירן אויף דער אייגנאַרטיקער זאַמלונג, האָב איך זיך צוריקגעהאַלטן דערפאַר, ווייל דאָס בוך איז נישט געשאַפן געוואָרן פאַר מיר און נישט פאַר מיין הנאה וועגן. גלייך ביים אַרויספאַר, זאָגט איינער פון די דריי רעדאַקטאָרן, סטענלי בוירנשאַ, אין זיין הקדמה, אַז די זאַמלונג איז פאַר אַזעלכע, וואָס „קאָנען אין גאַנצן נישט קיין העברעיִש און וואָס ווילן טועם זיין מאָדערנע לידער אין דעם לשון“. דאָס שליסט מיך בפירוש אויס און אַלץ, וואָס איך קען זאָגן וועגן דער אַנטאָלאָגיע איז אַרויס־געוואָרפן, ווייל נישט מיך האָט מען געמיינט ווי אַ קונה פון דעם בוך און נישט די רעדאַקטאָרן דאַרפן דערפאַר האָבן מיין פערזענלעכע מבינות.

דערפאַר בין איך צופרידן וואָס אויף דער פאַפירענער איינהיל פון בוך זענען פאַרעפנטלעכט הסכמות פון באַקאַנטע אַמעריקאַנער פאָעטן, נישט־יידישע און ווייט־פון־יידישע, וואָס באַזינגען די אַנטאָלאָגיע מיט אויסערגעוויינלעכע לויב־געזאַנגען. זיי דאַרפן דאָך זיין די גענעראַלן פון דער אַרמיי פאַר וועמען דאָס בוך איז דירעקט דערשינען. וואָלט איך געמעגט בלייבן צופרידן און זאָגן — אָמן, מיט גרויס התפעלות, וואָס דער שידוך איז געראָטן. אַ פייל איז אַרויסגעשיקט געוואָרן און דערפלויגן צום ציל.

מיך און אַזעלכע ווי מיך האָט מען מיט דעם בוך נישט געמיינט און אַלץ, וואָס איך זאָג וועגן דעם איז דערפאַר נישט צום פונקט, ווייל דער משא־מתן האָט מיך לכתחילה אויסגעשלאָסן. ס׳איז מיר בלויז געוועזן אַ וווּנדער, וואָס דער רעדאַקטאָר־אַריינפירער קומט אַרויס מיט אַ סך באַוואָרענישן און רעזערוואַציעס וועגן דעם אויסקלייב און אָפּקלייב פון פאָעטן און לידער. דער שרייבער פון דעם באַריכותדיקן נאָכוואָרט מאַכט עס נאָך ברייטער און ער דערמאָנט אַפילו נעמען פון אַרויסגעלאָזטע פאָעטן. ממה־נפשך, אויב די אַנטאָלאָגיע איז געשאַפן געוואָרן פאַר אַבסאָלוטע פרעמדע צום העברעיִשן לשון און דעם העברעיִשן ליד, וואָס דאַרף מען פאַר זיי לאַנג ברייען? מען גיט זיי דאָך סיי ווי אַן עקזאָטיש געקעכץ, פאַר וואָס זשע דאַרף מען זיי געבן דין־וחשבון וועגן דעם ריינעם געוויסן פון די אַנטאָלאָגיע־צוזאַמענשטעלער? כ׳זאָג — געוויסן, ווייל יעדער אַנטאָלאָגיסט, אַפילו פון דעם משונהדיקסטן געשמאַק, האָט אַ שטיקל געוויסן, וואָס ער מוז זיך פאַר־ענטפערן פאַר אים און אים באַרויִקן, נאָך דעם ווי ער מאַכט זיין קאַטעגאָרישן אויסוואַל.

איז פֿאַר וואָס זשע קום איך פֿאָרט מיט מיינע „עטלעכע גראָשן" וועגן אַ זאַמלונג, וואָס איז נישט פֿאַר מיר געדאַכט געוואָרן? ס'האָט צו טאָן מיט דעם יצר — טוב אָדער רע — וואָס לאָזט נישט צו רו אַ מענטשן, וועמענס געוווינהייט איז צו לייענען ביכער און דערציילן וועגן זיי. ספּעציעל, ווען ס'האָבן שוין עטלעכע מענטשן געשריבן וועגן דער אַנטאָלאָגיע, צווישן זיי גראָד אַזעלכע, פֿאַר וועמען דאָס בוך איז אויך זיכער נישט געשאַפֿן געוואָרן. זיי האָבן איגנאָרירט אַלע באַוואָרענישן און רעזערוואַציעס פֿון דער רעדאַקציע און אפילו דעם קלאָרן פֿאַקט, אַז זיי האָבן נישט קיין רעכט צו זאָגן מיינונגען, ווייל די אמתע מבינים אויף אַזאַ אַנטאָלאָגיע זענען בלויז די פֿרעמדע הסכמה־געבער, וואָס ווייסן גאָר נישט וועגן העברעיִשן ליד, פֿאַרשטייען נישט קיין העברעיִש און דאָך האָבן זיך זייערע אויגן געעפֿנט און זיי האָבן דערזען דאָס ליכט פֿון דער מאָדערנער העברעיִשער פּאָעזיע.

די דאָזיקע זייטיקע, אומגעבעטענע און בפֿירוש נישט־געפֿרעגטע קריטיקער, האָבן פֿאַר מיר געעפֿנט אַ וועג, אַז כ'זאָל אויך אַריינוואַרפֿן עטלעכע אומגעבעטענע ווערטער. כ'וועל זיך באַמיִען צו באַנוגענען זיך מיט געבן אינפֿאָרמאַציע וועגן דער אַנטאָלאָגיע גופֿא און וועגן איר אויסטערלישן כאַראַקטער; טאָמער וועלן זיך ביי מיר אַרויסכאַפּן עטלעכע זייטיקע ווערטער, דאַרף מען זיי אויך צושרייבן צו דער ביטערער געוווינהייט צו זאָגן טייל מאָל מיינונגען, אַפֿילו ווען קיינער בעט מיך נישט — און ווען כ'וואָלט זיך באַדאַרפֿט און געמעגט באַגיין אָן דעם.

די אַנטאָלאָגיע הייסט „דאָס מאָדערנע העברעיִשע ליד גופֿא". דער אופֿן ווי די אַנטאָלאָגיע באַהאַנדלט די לידער, איז געבויט אויף דער דערפֿאַרונג פֿון איינעם פֿון די דריי רעדאַקטאָרן, סטענלי בוירנשאַ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מיט אַ פֿינף יאָר צוריק אַ זאַמלונג פֿון 45 מאָדערנע פּאָעטן, אונטערן נאָמען — „דאָס ליד גופֿא". די פּאָעטן זענען געווען — פֿראַנצויזישע, דייטשע, שפּאַנישע, פּאָרטוגעזישע און איטאַליענישע. די „לידער גופֿא" זענען נישט איבערגעזעצט אָדער איבערפֿאָעטיזירט געוואָרן, נאָר זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ נאַקעטער בוכשטעבלעכער, שורה־ביי־שורהדיקער פּראָזע און „דיסקוטירט" געוואָרן. דאָס וואָרט — דיסקוטירט אין שייכות מיט דעם ספּעציפֿישן אופֿן פֿון אויסטייטשן די לידער און זיי אַרומרעדן, איז דעם פּאָעט ראָבערט פֿראָסטס אַן אויסדרוק. די אַנטאָלאָגיע פֿון איראָפּעיִשע פּאָעטן איז געווען אַ דערפֿאָלג און דער רעדאַקטאָר סטענלי בוירנשאַ האָט באַשלאָסן אָנצווענדן דעם זעלביקן מעטאָד אויף דעם העברעיִשן ליד — עס געבן אין אַ נאַקעטער ווערטערלעכער איבערזעצונג און דאָס ליד אַרומרעדן. פֿאַר בוירנשאָן איז די העברעיִשע פּאָעזיע געווען אַ פֿרעמדער קאָנטינענט, האָט ער זיך גענומען צו הילף דעם יונגן העברעיִשן פּאָעט ט. כרמי און דעם פּראָפֿעסאָר פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור פֿון היברו יוניאָן קאַלעדזש אין סינסינעטי, עזרא ספּייסהענדלער. אין דרייען האָבן זיי געקליבן, צוזאַמענ־

געשטעלט און זיך אַרומגערינגלט מיט ענגלישע איבערזעצער, גאַנץ קאָמפּעטענטע, וואָס האָבן געהאַט דעם באַשיידענעם אויפגאַב צו „פאָטאָגראַפירן" דאָס ליד גופא אין פּראָזע־שורות, און עס „דיסקוטירן".

אויף דער פראַגע, צי „דאָס ליד גופא"־מעטאָד האָט זיך טאַקע געלאָזט אָנווענדן אויף דער העברעיִשער פּאָעזיע, דאַרף איך נישט, ווי געזאָגט, ענטפערן, נאָר דער פרעמדער געניסער. כ'קען בלויז מאַכן אַ שטיקל רעזערוואַציע און זאָגן, אַז די הסכמה־געבערס פאַרטרעטן אפשר נישט אין גאַנצן דעם דורכשניטלעכן קונה פון אַזאַ בוך, כ'מיין יענעם קונה פאַר וועמען דאָס בוך איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן. די אַלע הסכמהניקעס זענען צו פּראָפעסיאָנאַליזירט, זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געווייקט אין אייגענער און פרעמדער פּאָעזיע, אַז פאַר זיי איז גענוג אַ ווּנק. זיי קענען דורכקריכן אַ געדיכטן וואַלד און דערגרייכן צום „רעכטן און געדעכטן", צום אוצר פון אַ גוטער שורה, אָדער אַפילו פון אַ גוט ליד. זיי זענען אויך „געפּערלעכע" מיטשאַפער, פאַר זיי איז גענוג אַ וואָרט און זיי זאָלן עס אַרומצינדן מיט אייגענע מיינען. ווייל איך חלילה נישט וואַרפן קיין חשד אויף זייערע הסכמות, כ'ווייל בלויז זאָגן, אַז זיי זענען נישט קיין דורכשניטלעכע געניסער און מען וואָלט אפשר גאָר באַדאַרפט פרעגן מיינונגען וועגן אַזאַ אַנטאָלאָגיע ביי אומפּראָפעסיאָנעלע עמי־הארצים אין העברעיִש און נישט ביי פּראָפעסיאָנעלע נישט־קענער און נישט־ווייסער.

24 פּאָעטן זענען פאַרטראָטן אין דער אַנטאָלאָגיע מיט 69 לידער. דער מאָדערניזם פון העברעיִשן ליד הייבט זיך אָן מיט ביאַליקן און ענדיקט זיך מיט דער יונגער דליה ראַוויקאָוויטש, וואָס איז סך־הכל אַלט דרייסיק יאָר. מיין פערזענלעכער צוגאַנג צו אַזאַ אויסטערלישער אַנטאָלאָגיע איז אַ געמישטער. פאַראַן אין דער אַנטאָלאָגיע אָפּהאַנדלונגען וועגן די באַזונדערע פּאָעטן, וועגן זייערע לידער, ביאָגראַפישע אינפאָרמאַציע, אַפילו אַן אויסגעצייכנטע אַרבעט וועגן דער העברעיִשער פּראָזאָדיע — די טעכניק פון ליד — געשריבן פון בנימין הרושאָווסקי און נאָך אַ סך גוטע און נוצלעכע אינפאָרמאַציע וועגן און אַרום דער העברעיִשער פּאָעזיע. אַ סך אַרבעט איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער זעלטן שיין אַרויסגעגעבענער אַנטאָלאָגיע, אָבער כ'בין מסופּק, אויב אַ דורכשניטלעכער ענגלישער לייענער וועט טאַקע געפינען אַ וועג צום — העברעיִשן ליד גופא.

יעדע איבערזעצונג איז, ווי ס'איז וויל באַוווסט, אַ „פעלשונג" פון אָריגינאַל. אָבער די דאָזיקע „פעלשונגען", אויב זיי ווערן געמאַכט פון פּאָעטן, גיבן זיי גיכער דאָס ליד גופא, ווי אַ פּראָזאַיִשע איבערזעצונג, וואָס נעמט אַוועק דעם גאַנצן טעם פון ליד און דערציילט בלויז דאָס ליד אין פּראָזע. אַ פּאָעט קען זאָגן דעם באַנאַלסטן אמת אויף אַזאַ שטייגער און אין אַזאַ פאָרעם, אַז ס'זאָל דערהויבן ווערן און לייכטן מיט אַזאַ ליכט, ווי מ'וואָלט דעם אמת ערשט אויף ס'ניי באַדאַרפט אַנטדעקן. אין

פּראָזע קען מען נישט קריגן דעם מינדסטן באַגריף פון אַט דעם אינדיווידועלן פּאָעטישן אויפלייכט.

דערפאַר ווערט צו דער פּראָזע־איבערזעצונג פון ליד, אין דער אָריגינעלער אַנטאָלאָגיע פון די דריי רעדאַקטאָרן, צוגעגעבן אַ גאַנצער אַרומרייד, די דיסקוסיע וועגן ליד, וועגן דער ספּעציעלער בילדלעכקייט, העברעיִשע ווערטער־באַטייטונגען און אָפּשטאַם, רמזים, פאַרעם, טעכניק און אינדיווידועלע חנדלעך. אָבער דער רעזולטאַט איז ווי פון אַ וויץ, וואָס ווערט אַזוי לאַנג צוגעגרייט און אַרומגערעדט, אַז דער שפּיץ פון וויץ גייט אויס אונטער די הענט. דאָס ליד ווערט איבערגע־שלאָגן, מייסטנס נאָך יעדן פּערז, און די „דיסקוסיע" הייבט אָן באַאַרבעטן און צעאַקערן דעם פּערז, דורכן גאַנצן ליד, אַז דער לייענער קען בשום אופן נישט קריגן די פולע הנאה פון ליד, וואָס איז אַ ספּאָנטאַן באַשעפעניש, אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס מען רופט — אינספּיראַציע. רופט עס ווי איר ווילט, אַפילו קינ־סטלערישע מלאכה, אָבער דער פּאַרטיקער רעזולטאַט דאַרף געבן דאָס געפיל פון מוזיקאַלישער שאַפונג — מוזיקאַליש אין ברייטסטן זין פון וואָרט. ווי באַלד אָבער מען באַרעדט דאָס ליד פון אַלע זייטן און מען שלאָגט איבער דעם שטראָם, מוז זיך באַקומען דער אַבסאָלוטער היפוך פון פּאָעזיע, אַ וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונג וואָס קיין איבערזעצונג פון לידער איז זיכער נישט אויסן. ס׳איז רעכט, ווי פריִער געזאָגט, אַז בלויז פּראָפעסיאָנאַלן קענען אפשר געניסן פון אַזאַ אַנטאָלאָגיע, ווייל זיי „כאַפּן" וואָס עס טוט זיך אין די דיסקוטירטע לידער און זיי לערנען עפּעס דערפון. אָבער די שפּאַנונג און אַנטשפּאַנונג פון ליד ווערט צעריבן.

מען דאַרף נאָך צוגעבן אַט וואָס: מיט אַלע רעזערוואַציעס און באַוואָרענישן, טראָגט אַן אַנטאָלאָגיסט אַ גרויסע אַחריות. מען ווייסט זייער גוט, אַז דער געשמאַק פון אויסוואַל איז זיינער און אַז ער איז באַרעכטיקט צו זיין געשמאַק, אָבער ס׳זענען פאַרט פאַראַן געוויסע גרענעצן. ווען אַן אַנטאָלאָגיע ווערט אָנגע־רופן — „דאָס מאָדערנע העברעיִשע ליד גופא" (דהי מאָדערן היברו פּאָעם איטסעלף) איז עס אַ ברייטער אַרומנעם און צוזאָג, בפרט ווען די זאַמלונג איז באַשטימט פאַר אַ פרעמדן לייענער, וואָס איז נישט באַקאַנט מיט דער העברעיִשער פּאָעזיע. דער נאָמען פון דער אַנטאָלאָגיע איז צו עפּעס מחייב. מען טאָר דעם לייענער נישט פאַרפירן מיט אַ צו אויסטערלישן אינדיווידועלן געשמאַק, וואָס אַנטהאַלט תמיד אין זיך אַ קערנדל פאַראורטייל, אַפילו ווען דער פאַראורטייל זאָל זיין פון ריינסטן סאָרט און אַרויסשטראָמען פון דער סאַמע ערלעכסטער איינרע־דעניש, אַז מען טוט קינסטלערישע גערעכטיקייט. ווען מען גיט אַ בלינדן אַזאַ מכשול ווי דאָס צוגעזאָגטע מאָדערנע העברעיִשע ליד גופא און מען רעכנט זיך דורכויס מיטן אייגענעם איינשטודירטן אָדער אויסשטודירטן געשמאַק, באַגייט מען אַן עבירה קעגן דעם אומגעניטן לייענער.

ס׳איז נישט גענוג, למשל, צו דערמאָנען אַזאַ פּאָעט ווי יואל מר און זאָגן,

אַז אַנטאָלאָגיעס קענען נישט איינשליסן אַלע טאַלאַנטפולע פּאָעטן און אויף דעם סמך זיך אַנטשולדיקן פאַר אַרויסלאָזן אַזאַ פּיינעם און אָריגינעלן פּאָעט. ס׳איז מיר גראָד נישט לאַנג צוריק אויסגעקומען צו לייענען זיינע עטלעכע לידער וועגן ביימער און בלעטער און זיי קענען זיך פאַרגלייכן מיט לידער פון יאָ אַריינגענומענע יונגע פּאָעטן און אַרויסקומען פון דעם פאַרגלייך מיט קינסטלערישן איבערוואָג און געווינס.

אָבער אַן ערגערע עוולה איז, לויט מיין מיינונג, באַגאַנגען געוואָרן קעגן העברעיִשע פּאָעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ס׳שמעקט מיט סנאָביזם לגבי אַמעריקע — און דאָס איז אַן אומרעכט לגבי דעם פרעמדן לייענער וועמען מען האָט געוואָלט באַקענען מיט דעם העברעיִשן ליד. ס׳מאַכט דעם איינדרוק ווי מען וואָלט פאַרשעמט אַ גאַנצע פּלעיאַדע פּאָעטן און איבער זיי געמאַכט אַ טאָטאַלן אויסשטריך. גבריאל פּרייל איז אַ גוטער פּאָעט, אָבער מען האָט אים נישט באַדאַרפט באַשווערן, אַז ער אַליין זאָל טראָגן אויף זיינע פּלייצעס די רעפּרעזענטאַנץ פון דער גאַנצער העברעיִשער פּאָעזיע אין אַמעריקע.

און אַז כ׳גיב אַ טראַכט פון דעם נאָמען אהרן צייטלין, מוז מען דעם אַרויסלאָז פון זיין נאָמען און פון זיין „ליד גופא״, פון דער אַנטאָלאָגיע, באַטראַכטן פאַר גאָר אומפאַרשטענדלעך, וואָס לאָזט זיך נישט דערקלערן מיט קיין שום דריידלעך און לאָזט זיך אפשר יאָ דערקלערן מיט יענעם אומבאַרעכטיקטן און אומפאַרגעבלעכן פאָראורטייל, וואָס ווערט געוויינלעך פאַרגלעט מיטן אויסדרוק — פּערזענלעכער געשמאַק — און טוט מיר עפּעס. אַזאַ פּאָעט ווי אהרן צייטלין קען נעמען אויף די פּלייצעס אַ דריי יונגע ישראלדיקע פּאָעטן, וואָס זענען יאָ אַריין אין דער אַנטאָלאָגיע און נישט שפּירן די פּאָעטישע משא.

צום סוף פרעג איך זיך אַליין: וואָלט איך געוואָלט זען אַזאַ מין אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פּאָעזיע אויף ענגליש? מיין ענטפער איז אַ קאַטעגאָרישער — ניין (אַזאַ ייד ווי סטענלי בוירנשאָ וועט זיך סיי ווי נישט מרחם זיין אויף דער יידישער פּאָעזיע און ער וועט קיין מאָל נישט זוכן ביי אונדז — דאָס יידישע ליד גופא). די יידישע פּאָעזיע וואָלט, ערשטנס, נישט געקענט קריגן די אַלע הסכמות און, צווייטנס, זי וואָלט נאָך אפשר ווייניקער פון דער העברעיִשער פּאָעזיע געבליבן שטיין אויף די פּיס נאָך אַזאַ „דיסקוטירטער״ באַהאַנדלונג.

# אַ העברעישע אַנטאָלאָגיע פון יידישער פּאָעזיע

משה באַסאָק, אָדער ווי זיין נאָמען לייגט זיך אויס אויף העברעיִש — בסוק, איז אַ העברעיִשער פּאָעט, וואָס האָט שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע לידער־ביכער און ער וווינט שוין קרוב דרייסיק יאָר אין ארץ־ישראל. אָבער ער האָט תמיד געטראָגן אַ „האַרץ־ליבשאַפט" צו יידיש און ער האָט דערפאַר קיין מאָל נישט איבערגעריסן מיט דעם יידישן לשון פון דער עיר ואם ווילנע, ווו ער האָט געקראָגן זיין דערציִונג. ס'האָט אים דער עיקר געצויגן צו דער יידישער פּאָעזיע און זיין האַרץ־ליבשאַפט האָט אים געטריבן איבערצוזעצן לידער פון יידישע פּאָעטן אויף העברעיִש. מיט דער צייט האָט ער געשפּירט, אַז ס'איז מער ווי בלויז ליבשאַפט, ס'איז ביי אים געוואָרן אַ „האַרץ־חוב" אַרומצונעמען די יידישע פּאָעזיע און זי מאַכן אַ טייל פון העבריִשן אוצר; אפשר נאָך מער ווי אַ חוב — אַ מצווה, וואָס מען ווערט געטריבן זי צו טאָן.

און פון צייט צו צייט זענען דערשינען אין פאַרשידענע העברעיִשע זשורנאַלן משה באַסאָקס העברעיִשע איבערזעצונגען פון דער יידישער פּאָעזיע, וואָס האָבן מיט זייער קינסטלערישער פּאָרזיכטיקייט און געשוווּירענער געטריישאַפט אַרויסגערופן אַ סך צוטרוי ביי יידישע פּאָעטן. זיי האָבן דורך די איבערזעצונגען געקראָגן די פאַרזיכערונג, אַז זיי זענען אין גוטע הענט. די מייסטערשאַפט פון איבערזעצער האָט זיך דער עיקר געשפּירט אין דער געטריישאַפט צו דער מוזיק פון ליד און צום געקליבענעם וואָרט, וואָס דער איבערזעצער האָט תמיד אויסגעזוכט, כדי דער אָריגינאַל פון יידישן פּאָעט זאָל נישט פאַרטויבט ווערן אין דער איבערזעצונג.

יעדער פּאָעט גייט זיך זיין אייגענעם וועג און ער אַנטוויקלט, מיט דער צייט, אַ צוטרוי צו פּאָעטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָדער פון דער איצטיקער צייט, וועמענס דרך אין דער פּאָעזיע איז אים אַליין נאָענט, אָבער די האַרץ־ליבשאַפט צו יידיש, וואָס באַסאָק האָט געטראָגן אין זיך פון ווילנע, קאָוונע און סלאָבאָדקע, ווו דער דיכטער האָט זיך אויסגעפורעמט, האָט אים געגעבן אַ ברייטע און אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט צום יידישן וואָרט, אַז איבערזעצנדיק אַ יידיש ליד, האָט ער זיך אין דעם אַריינגעקליבן; יעדעס באַזונדערע ליד איז פאַר אים געוואָרן אַ קינסטלערישער אויספרווו, וואָס איז געווען שטאַרקער ווי זיינע אינדיווידועלע פּאָעטישע פּרינציפּן און נייגונגען.

דער רעזולטאַט פון דער האַרץ־ליבשאַפט און מצווה־געפיל פאַר דער יידישער פּאָעזיע, ווי צום באַזונדערן ליד, איז אַ גרויסע „אַנטאָלאָגיע פון יידיש־

דיכטונג״, וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג פון הקיבוץ המאוחד, מיט דער הילף פון דער הסתדרות, אונטערן נאָמען — „מבחר שירת אידיש״. דאָס איז אַ פּראַכט־אויסגאַבע און אַ מאָנומענטאַלער ספר, וואָס איז אַ מחיה צו האַלטן אין האַנט, בלעטערן און לייענען און כאַפּן אַ שפּאַציר איבער דעם אויסשפּרייט פון יידישן ליד, פון י. ל. פּרצן ביז אברהם סוצקעווער; בלעטערן און לייענען און זיך איינהערן, בעתן שפּאַציר, ווי עס זינגען זיך אונדזערע יידישע פּאָעטן אויף העברעיִש.

ווי ס׳ווייזט זיך איצטער אַרויס, זענען משה באַסאָקס באַזונדערע איבערזעצונגען נישט געווען גלאַט איבונגען, נאָר טאַקע אַ סיסטעמאַטישע לעבנס־אַרבעט, וואָס האָט כסדר געצויגן צו דער באַגייסטערטער דערגרייכונג פון אַזאַ אַנטאָלאָגיע, ווי ס׳איז דער „מבחר שירת אידיש״.

מיר פעלן עטלעכע פּאָעטן אין דעם „מבחר״, כדי די מצווה זאָל זיין אַ פולע און זי זאָל אויך קענען זיין שלמותדיק. אָבער, אַז מען רעכנט אַראָפּ די דאָזיקע — לאָמיר זיי אָנרופן — עוולות — מוז מען צוגעבן, אַז ס׳איז אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט, וואָס וועט לאַנג מוזן וואַרטן אויף אַ קאָנקורענץ און אַריבערשטייג, אין קוואַליטעט, געשמאַק, ווירטואָזיטעט און צוגאַנג.

מיר איז נישט באַקאַנט, ווי די אַנטאָלאָגיע איז אויפגענומען געוואָרן אין מדינת ישראל, צי די איבערגעזעצטע פּאָעטן זענען אַריינגעפאַלן אין שטראָם פון דער העברעיִשער פּאָעזיע, אי ווי אַ באַזונדערע באַרייכערונג, אַ שטיק האָב־און־גוטס, אי ווי אַ שטיק צוגעקומען אייגנס. איך וועל אויך נישט, פאַרשטייט זיך, צענעמען און צעגלידערן באַזונדערע טעקסטן און זיי פאַרגלייכן מיטן תרגום. ס׳איז פאַלג מיך אַן אַרבעט. אין זיין הקדמה זאָגט אונדז דער איבערזעצער, אַז ער האָט אונדז געגעבן זעקס מנינים יידישע פּאָעטן. די גוזמא באַשטייט בלויז אין פאַררונדיקן דעם ציפער — מיט דריי — ווייל אין דער זאַמלונג האָבן מיר אַקוראַט 57 פּאָעטן, און דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע אויסשטעלונג פון פּאָעטישע פּערזענלעכקייטן.

מיר איז פריִער נישט אויסגעקומען צו לייענען קיין פּראָזע־אַרבעט פון דעם פּאָעט און איבערזעצער משה באַסאָק, אָבער די הקדמה זיינע און די מיניאַטור־אַריינפירן צו יעדן באַזונדערן פּאָעט, זענען מייסטעריש געשריבן. אין דער הקדמה גיט אונדז דער אַנטאָלאָגיסט אַ „שנעל־לויף״ איבער דעם גאַנג פון יידישן ליד, פון יידיש־וויגעלע, ביז צו אירע העכסטע דערגרייכונגען. אין עטלעכע זייטלעך געלינגט דעם איבערזעצער צו געבן אַ גרופּירט בילד פון דער עקספּלאָזיווער אַנטוויקלונג — אויב מען קען אַזוי זאָגן — פון דער יידישער פּאָעזיע, פון די אינערלעכע און אויסערלעכע השפעות, אויף איר היסטאָרישן און גורלדיקן קלעטער.

די הקדמה איז געשריבן מיט גרויס ליבשאַפט צום יידישן וואָרט, אַן פּראָ־

פּאַגאַנדע„ נאָר מיט אַן איבערצייגנדיקן מוזיקאַלישן פּלאַטער, וואָס דער איבער־זעצער ווענדט אָן אויף זיין פּרוכטיקער איבערזעצערישער אַרבעט.

די קליינע אָפּשאַצונגען, וואָס פירן אַריין דעם לייענער אין באַזונדערן חדר פון פּאָעט, זענען אַליין אייגנאַרטיקע דערגרייכונגען. זיי זענען אויך קליינע מוזי־קאַלישע קאָמפּאָזיציעס, וואָס „מאָלן" גייסטיק, ביאָגראַפיש, קינסטלעריש דעם באַזונדערן פּאָעט און אין געציילטע שורות. ס'איז אַ צמצום, וואָס זינגט אויס דעם פּאָעט, מיט געקליבענע און געמאָסטענע ווערטער, וואָס ווייזן אונדז דעם כוח פון איבערזעצער, ווי ער אַליין באַציט זיך צום וואָרט און ווי ערנסט ער האָט זיך פּאַראינטערעסירט מיט זיינע 57 פּאָעטן; ווי ער האָט זיך מיט זיי צוזאַמענגעלעבט, זיי אויסגעפּאָרשט און דערנאָך גענומען דעם מאַטעריאַל און אים אויך „איבער־געזעצט" אויף געזאַנג. אַזוי, אַז נישט נאָר זינגען די פּאָעטן אין עברית, נאָר זייערע ביאָגראַפיעס און אָפּשאַצונגען זינגען. מ'קען בפירוש באַזונדער הנאה האָבן פון די קליינע קריטישע „פינגערהוטן". מיך האָבן זיי אָפּט דערמאָנט אין מוסאָרגסקיס בילדער־גאַלעריע, אין ראַוועלס פּיאַנאָ־איבערזינג.

און כאָטש, ווי שוין דערמאָנט, משה באַסאָק רעדט פון דער מצוות־שעה, וואָס האָט אים געטריבן איבערצוזעצן יידישע פּאָעזיע, איז קלאָר, אַז דער רעזולטאַט איז נישט קיין נדבהדיקער צוגאַנג, אַ צווואָרף מיט אַ זיפץ, אָדער אַפילו אַן אָפּגעהיטער חוב צו מאַמע יידיש. ניין, די ליבשאַפט צום יידישן וואָרט איז קיין מאָל, ביי משה באַסאָקן, נישט געווען אויפן חשבון פון קינסטלערישן ווערט. באַסאָק האָט טאַקע געטאָן אַ מצווה, אָבער ער האָט זיך, דעם פּאָעט און געניסער פון ליד, נישט געטאָן קיין עוולה. ער האָט געזוכט דאָס פּאָעטישע „איבערצייטלעכע וואָרט". ווי ער זאָגט אונדז אין דעם אַריינפיר. ער האָט געזוכט אי די ווערטער, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צום אויער פון דור און פון לאַנד, און אַז ס'זאָל אין זיי זיך הערן די צייט, דורך די דורות.

די אַנטאָלאָגיע — „מבחר שירת אידיש למן י. ל. פרץ עד ימינו", איז אַ גרויסע סטאַנציע, אויפן וועג צו דער פאַרברידערונג פון די צוויי לשונות אונ־דזערע, צום האַרץ־חוב, וואָס איז אַזוי זעלטן־שיין אויסגעזונגען געוואָרן דורך אַ מייסטער־איבערזעצער. ער האָט אַריינגעפירט די יידישע פּאָעזיע אין יידישן לאַנד, זי צוזאַמענגעפירט מיט עברית און געפירט צו אַ געהויבענעם קינסטלע־רישן זיווג.

## ה. לייוויק

ווען ה. לייוויק איז אַלט געווען 52 יאָר איז דערשינען אַ זאַמלונג פון זיינע לידער און דראַמאַטישע פּאָעמעס אין צוויי בענד, וואָס צוזאַמען איז עס געווען אַן עשירות פון וואָסערע 1200 זייטן. אין דער דאָזיקער זאַמלונג זענען נישט אַריין זיינע סצענישע דראַמעס, וואָס האָבן אויך צוגעגעבן עטלעכע דימענטן צו לייוויקס שעפערישער קרוין. ווען מען זאָל אַרויסגעבן אַ באַזונדערע און פולע זאַמלונג פון לייוויקס דראַמאַטישע ווערק, וואָלטן מיר געהאַט מער ווי נאָך אַ מאָל אַזוי פיל זייטן, וואָס וואָלטן עדות געזאָגט אויף זיין ענערגיע און קינסטלערישן אימפּעט, וואָס האָט זיך נישט באַפרידיקט מיט זיין געבענטשטער רחבות אין ליד. לייוויק האָט אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, סיי ווי אַריינגעטראָגן זיין באַזונדערן צוטראָג צום יידישן בליק פון אונדזער צייט, אויף זאַכן און געשעענישן. לייוויק איז קינסטלעריש דער רייפער אויסדרוק פון אונדזער צייט און, ווי אין יעדן אמתן קינסטלער, געפינט מען אין זיינע ווערק, פון די קלענסטע ביז די גרעסטע, די אינטעלעקטועלע געשיכטע פון אַן עפּאָכע. דאָ רעדט זיך נישט פון אַ גלייכ־מאָסיקן ווערט פון זיינע זאַכן — ס׳איז זיכער נאָך נישט די צייט פון קילן שאַצן און ס׳איז בכלל אַ ריזיקע אַרבעט אַרומצונעמען די טויזנטער לידער זיינע און די דראַמאַטישע פּאָעמעס, וואָס זענען פאַר זיך אַליין פולע לידער־זאַמלונגען — עס גייט אין דעם פאַקט, וואָס לייוויק איז געווען דער אָנרעגער און אָנגערעגטער אין אַ שטורמישער עפּאָכע פון דער וועלט־געשיכטע און פון דער יידישער גע־שיכטע, און אַז דאָס קומט בולט צום אויסדרוק אין זיינע ווערק. ער האָט גאָר־נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין קינסטלערישן ספּעקטער. ער האָט זיך געמישט און רעאַגירט און געגעבן דער יידישער ליטעראַטור די קינסטלערישע מחשבות פון דעם טראַכטנדיקן ייד פון אונדזער צייט.

ווען מען קומען און אָנווייזן, אַז דאָס ליד אָדער אַן אַנדער ליד איז קינסט־לעריש דערגרייכטער, אַז די אָדער יענע דראַמאַטישע פּאָעמע איז פולער און רייפער, אָבער דאָס זענען אַלץ אַזעלכע צוגאַנגען, וואָס אַפילו זייער שטרענגסטע מאָס רירט נישט אָן דעם עצם פון לייוויקס אַרומכאַפּ, וואָס איז פאַר זיך אַליין אַ מין פּאָעטישע געשיכטע פון אַ דור. ס׳גייט דאָ אין דער משא, וואָס דער פּאָעט האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס. ס׳האַנדלט זיך איצטער נישט אין דורכקאָנ־טראָלירן דאָס געפּעק.

אויב מען זאָל מיך נישט שלעכט פאַרשטיין, וואָלט איך איינגעשטעלט און געזאָגט, אַז אין עצם איז לייוויק געווען דער לעצטער פון דער גרויסער גאַלעריע

פון רוסישע שרייבער. מען דערמאָנט געווײנלעך, אין שייכות מיט לייוויקן, דאָס וואָרט — געוויסן, אַז ער איז געווען אונדזער אַלעמענס געוויסן. אָבער אָנגע־ווענדט אויף דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט איז עס אַ פאַלשער אויסדרוק, ווייל יידן האָבן אַזוי ווייניק געזינדיקט, אַז זיי האָבן זיך נישט געניייטיקט אין אַ וואַך געוויסן, וואָס זאָל דורכפּילטרירן די זינד, זיי אויסשרייען און רייניקן. דאָס וואָרט געוויסן האָט אָבער יאָ אַ גרויסע שיכות מיט לייוויקס איינגעזאַפּטע השפעות. פון דעם מאָמענט, ווען מ׳האָט אים געשמידט אין קייטן, ביז אַפילו זיין פּאָעטי־שע דראַמע — „אין די טעג פון איוב״, איז זיין אינערלעכער בליק געווען גע־ווענדט צום גייסטיקן פעלד פון דער גרויסער רוסישער שעפערישקייט, וואָס האָט זיך געשטעלט איבער דער רוסישער געזעלשאַפט, איבער איר פאַרפוילטער אָרדענונג, איבער אירע גאָט־באַגריפן און געוואָרן איר אַרויפגעצוווּנגענע שטראָ־פערישע פירערשאַפט ; געווײנלעך דורך פּאַלמעסן זיך און זיך שמייסן מיט אַלע ריטער פון זעלבסטשטראָף און אייגענע אַרויפגעצוווּנגענע יסורים, וואָס אין זייער גייסטיקן ווייטיק זענען זיי געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן ממש געשטאָכן מיט פיזישער פּייניקונג.

איצטער זענען פאַרשווּנדן די געוויסן־טרעגער אין דער רוסישער ליטע־ראַטור, אירע וועקער, שטראָפער און זיך־שטראָפער. אַז ס׳האָט זיך דערהערט דאָס קול פון יונגן יעווטושענקאָ, האָט מען אים באַגריסט, ווייל ער איז געווען אַ צוריקרוף פון יענער גרויסער רוסישער עפּאָכע, פון אַ קאָראָלענקאָ, טאָלסטאָי, סאַלטיקאָוו־שטשעדרין, נעקראַסאָוו, ביעלינסקי און דאָסטאָיעווסקי.

ווען מען זאָל איבערזעצן לייוויקן אויף רוסיש, אַ גרויסע צאָל פון זיינע לידער, דעם גרעסטן טייל פון זיינע דראַמאַטישע פּאָעמעס, וואָלטן זיי, ביי גוטע פּאָליטישע באַדינגונגען, געוואָרן אַ טייל פון דעם אוצר פון יענער רוסישער ליטעראַטור, וואָס אויף איר איז געווען אָנגעווענדט דער באַגריף — געוויסן. אָבער אויך קינסטלעריש וואָלטן לייוויקס ווערק געוואָרן דער צווייטער צוגאָב צו אונדזער יידיש־רוסישער שותפות. כ׳רעד דאָ פון שלום־עליכמען, וועמענס הומאָר איז אין תוך אויסגעוואַקסן אויף דער רוסישער ערד און איז אַ גרויסער מחותן מיט גאָגאָלן, און אַבסאָלוט נישט — ווי מען האָט שלום־עליכמען אַליין געוואָלט איינשמועסן — מיט מאַרק טווּעינען.

לייוויק וואָלט געווען דער צווייטער גרויס־פאַרשטענדלעכער ביישפּיל פון אונדזער שעפערישקייט, ווייל ער וואָלט געווען אין דער טראַדיציע פון דער רוסישער געוויסן־ליטעראַטור. ער וואָלט דאָרט געוואָרן אַ געשטאַלט אין דער גרויסער גאַלעריע פון קינסטלער, וואָס האָבן אויפגעהויבן זייער קול, פאַר די יסורים פון מין מענטש אויף דער ערד, וואָס ווערט פאַריאָכט גייסטיק און פיזיש, וואָס טראָגט טעאָלאָגישע, פּסיכאָלאָגישע און פּשוטע קייטן, אַז זיי דערדריקן אים, ביז ער פאַלט און ווערט כסדר צעטראָטן — סיי ווען ער ווערט גערופן צו יובלען

פאַר, סיי ווען ער ווערט אויפגעשטורעמט צו שרייען קעגן — דאָס געוויין פון יחיד, געכפּלט אויף מיליאָנען, וואָס ווערט דאָס געיאָמער פון מאַסע.

דער גרויסער אייגנאַרטיקער פאַרדינסט פון לייוויקן באַשטייט אין שאַפן דעם סינטעז צווישן זיינע איינגעשניטענע רוסישע איינפלוסן און דער יידישער וואָרט־קונסט און וואָרט־מיין. אַוודאי האָט די סלאַווישע ליטעראַטור געהאַט אַ השפּעה אויפן פּרצן, מענדעלען, שלום־עליכמען, פרוגן, רייזענען, איינהאָרנען, אָבער ווייט נישט אין אַזאַ מאָס און נישט אין אַזאַ ממש פּיזישן אויפנעם, אין אַזאַ פולער גייסטיקער אידענטיפיקאַציע. ס׳איז דערפאַר גרעסער דאָס ווונדער און רייכער דאָס אייגנאַרטיקע קאַפּיטל לייוויק אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס אים איז געלונגען אויסצושמידן פון זיך אַזאַ רייכע יידישע קינסטלערישע פּערזענ־לעכקייט, וואָס איז פרי געגערט געוואָרן פון סלאַווישן געמיט און וואָס האָט פאַרט באַוויזן אָנצוקניפּן די קרובהשאַפט צווישן די השפּעות זיינע אין דער נאָך טיפערער חלום־וועלט פון זיין יידישער קינדהייט.

סיי ווי איז לייוויק געקומען מיט אַ קינסטלערישן באַוווסטזיין, אַז די פּראָ־טעסטן זיינע טאָרן נישט זיין קיין געשריגענע, נאָר אויסגעזונגענע. ווי גרינג איז געווען פאַר דעם אַמאָל געשמידטן פּאָעט אָנצוהייבן מיט אַן אויסגעשריי, אָבער ער האָט אָנגעהויבן דווקא שטיל וועגן די זילבעריק־בלויע בערג, אָדער וועגן אַ קנעפּל, אַ שטריקל, אַ בלעטל פון אַ הייליק בוך, וואָס וואַלגערט זיך ערגעץ אויף די סיבירער וועגן.

לייוויק האָט געמוזט ווערן אַזוי פאַרשידנאַרטיק־שעפעריש — פּובליציסטיש, עסייאיסטיש, פּאָעטיש, דראַמאַטיש, ווייל אים האָט תמיד געצויגן צום פולן, אַל־זייטיקן אויסדרוק. ער האָט געהאַט דעם אינערלעכן אָנרעג צו קומען און זאָגן זיין וואָרט. ער האָט פרי פאַרמאָגט די קינסטלערישע איינגעגלויבטקייט, וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר אַזאַ אימפּאָזאַנטער פּערזענלעכקייט, ווי לייוויק איז געווען. ער האָט זיך גלייך, מיט זיינע ערשטע לידער, געשטאַלטיקט און קיין מאָל נישט אָפּגעווייכט פון זיי. ער האָט אונדז זייער פרי דערציילט, אַז יינגלווייז האָט ער זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ גרויסן —

איך האָב שוין דאַן געזען, ווי מענטשן ליידן־שווייגן.
האָב איך דעם שווייגן זייערן אין זיך פאַרנומען,
און עפּעס פאַרגעשטעלט זיך ווייט אין ווייטן עלטער,
עפּעס גרויסעס, וווּנדערלעכעס וועט פון ליידן קומען.

דאָס איז ממש אַ פּראָגראַם־ליד פאַר לייוויקן דעם קינסטלער, וואָס זעט זיין אייגן געשטאַלט, שעמט זיך עס נישט איבערצוגעבן און דיסציפּלינירט זיך אַ לעבן־לאַנג צו זיין דער טרעגער פון אַזאַ אויסגעפורעמט געשטאַלט.

געוויינלעך קומט מען צו לייוויקס שפּעטערדיקע לידער און מען וויל אין זיי

זען דאָס פֿאַרויסזאָגערישע, די אָנגעצייכנטע ביאָגראַפֿישע טריט פֿון קינסטלער, אָבער אָט איז פּאַקטיש אַן אָנהייב ליד און שוין מעסט ער אָן יענעמס לײדן אויף זיך, און ער ווייסט אַקוראַט, אַז אויב ער וועט נישט אָפּווייכן פֿון דעם טראַגיזם, וועט „אין וויטן עלטער עפּעס גרויסעס, ווונדערלעכעס קומען" פֿון די דאָזיקע לײדן.

דאָס גרויסע, ווונדערלעכע איז דאָס געלעבטע געשטאַלט פֿון אַ ייִנגלשער וויזיע. שפּעטער קומט אַזאַ שורה —

און איך דער ערשטער וועל דערזען דאָס ווונדערלעכעס, גרויסעס. און נאָך ווייטער ווייסט אַפֿילו דער דיכטער, אַז ער איז „אויסדערוויילט פֿון אַלע". אויב מען וויל, איז עס דער רוסישער „פּראָראָק", וואָס איז אויסדערוויילט צו זאָגן און אָנזאָגן אין באַקאַנטע רוסישע לידער, אָבער אין לייוויקס ליד איז פֿאַראַן אַ סך מער ביאָגראַפֿישע איבערצייגונג.

מען וואַרפֿט אויך געוויינלעך אַרויף די „שולד" פֿאַר לייוויקס משיחישקייט אויף זיינע קריטיקער. אָבער אָט איז ווידער אַ יונג ליד זיינס, וואָס ענדיקט זיך מיט אַזעלכע צווײ פֿערזן —

א מאַך מיט דער האַנט וועל איך געבן,
צו ערד זיך פֿאַרנייגן —
וועט יעדער דערפֿילן: עס ווערן
אים אָפֿן די אויגן.

און יעדער אין פֿרייד און דערשטוינונג,
אין ציטער באַנומען,
וועט קוים נאָר אַ זאָג טאָן: אָ, זעט נאָר —
ער איז שוין געקומען.

אָט איז קלאָר דאָס משיחישע אין לייוויקס לידער, אָבער דער עיקר דאַרף מען זיך אָפּשטעלן אויף דעם מעטאָד, וואָס לייוויק האָט גענוצט, כּדי צו שאַפֿן די איבערצייגעוודיקייט פֿאַר אַזאַ צוגאַנג צו זיינע לידער און צו זיין פּערזענלעכקייט.

קיינער האָט נאָך אַזוי זיך־באַוווסט זיך אַליין אַזוי נישט אָנגעצייכנט, שטרענג אויף קיין מאָל נישט אָפּצווייכן, ווי לייוויק, גלייך מיט זיינע אָנזאָגנדיקע און פֿאַרהיפּנאָטיזירנדיקע לידער, מיט דעם ספּעציפֿישן ריטעם זיינעם, וואָס מיט אים איז אים געלונגען צו פֿאַרזיגלען זיינע קורצע שורות —

אויף אַלע געזיכטן — מיין אויסזען,
אין אַלעמענס אויגן — מיין בליק,

מיין טרויער אין אַלעמענס הערצער,
מיין טרויער — אַן אָנזאָג אויף גליק.

צו פאַרוואָנדלען אַזאַ יונגע איינרעדעניש, אַזאַ זיך־איבערצייגונג אין אַ יש, וואָס זאָל פאַרפיקסירן זיין געשטאַלט אין דעם גאַנג פון דער יידישער ליטעראַ־טור, דאַרף מען קאָנען; און לייוויק האָט פאַרמאָגט דאָס געצייג דערפאַר. ער האָט זיך דראַמאַטיזירט און דראַמאַטיזירט זיין מינדסט ליד, וואָס שפּילט אויס אַ קאָנפליקט. אַפילו זיין פיזישן מצב האָט לייוויק אויסדראַמאַטיזירט אין זיין אַ מאָל באַרימט ליד — „לאָזט שוין לייוויקן צו רו" —

קאַלט און שפּעט. איך ליג און ליג,
נעמט איין אויג און קלעפּט זיך צו,
און דאָס צווייטע — נישט אַזוי,
פינקלט, וואַנדערט, ערגעצוווּ...
פּלוצלינג הער איך ווי מען פרעגט:
שלאָפט דאָ לייוויק ערגעצוווּ?
וויל איך געבן זיך אַ כאַפּ,
און איך טו זיך נישט קיין קער!
אַרום מיר און איבער מיר
הער איך שטימען מער און מער,
פּלוצלינג הער איך ווי מען זאָגט:
לייוויק וווינט שוין דאָ נישט מער.
וויל איך זיך צעלאַכן הויך —
פרירט מיין צונג צום גומען צו:
הער, מען קלאַפּט דעם קאָפּ אַן וואַנט
מיט געוויין: ווּ איז ער, ווּ?
בעט זיך רחמימדיק אַ קול:
לאָזט שוין לייוויקן צו רו.

אַפילו איצט, אין די טעג פון צער, טרויער און ווייטיק, איז שווער אויסצו־פאָלגן די צוואה פון אַזאַ יוגנטלעך־דראַמאַטיש ליד. לייוויקן וועט מען נישט קאָנען צו רו לאָזן, ער וועט אייביק בלייבן דער אָנרעג פאַר קינסטלעריש־קריטישע שטודיעס אויף גאָר אַ סך געביטן, נישט אויסשליסנדיק אַפילו די אָקולטיסטישע און העלזעערישע מאָמענטן פון זיינע איבערראַשנדיקע געזאַנגען.

4.1.63

# משה לייב האַלפּערן

מיט עטלעכע טעג צוריק איז אָפּגעצייכנט געוואָרן משה לייב האַלפּערנס 31סטער יאָרצייט. דאָס איז נישט קיין געוויינלעכע יאָרצייט־דאַטע, אָבער ס'איז אַ צייט־אָפּשניט, וואָס זאָגט אונדז אַ סך. מ. ל. האַלפּערן איז אַוועק אין עלטער פון 46 יאָר, דעם 31סטן אויגוסט 1932. דורך דער צייט האָט די יידישע געשיכטע געשריבן גאַנץ דיקע בענד. יעדעס יאָר נאָך האַלפּערנס טויט איז געווען ממש אַ יאָרהונדערט אין יידישן לעבן און אין לעבן פון דער מענטשהייט. אין גאַנצן איז האַלפּערן געווען אַקטיוו־שעפעריש וואָסערע 24 יאָר. עס ווילט זיך דערפאַר אַ בלעטער טאָן האַלפּערנס לידער און זען, צי זיי האָבן אויסגעהאַלטן די פּראָבע און צי זיי זענען נאָך פּאַקטיש לעבעדיק און פריש, נישט געקוקט אויף דעם אומגעוויינלעכן צייט־אָפּלויף און די אַלע פאַרכאַפּנדיקע געשעענישן, אָדער ער פאַרנעמט בלויז אַ בלעטל אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור, ווי עס געשעט אַ מאָל מיט וויכטיקע פּאָעטן פון זייער צייט, וואָס גייען גיך אַראָפּ פון דער סצענע, כאָטש ביים לעבן האָבן זיי אַריינגעטומלט אַ סך לידער, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט די יאָרן פון זייער שעפערישער טעטיקייט. כ'נעם זיך נישט אונטער דורכצופירן אַן איבערשאַצונג, אָדער חלילה אַ רעוויזיע פון האַלפּערנס פּאָעטישן בייטראַג. מיט אַן עלף יאָר צוריק האָב איך געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן מ. ל. האַלפּערנען צו זיין צוואַנציקסטן יאָרצייט, אין אַ קרייז פון זיינע גוטע פריינד. כ'האָב דעמאָלט זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף זיינע „גראָבע רייד"־יאָרן, אין דער „פרייהייט" און איך האָב בלויז געוואָלט באַלאַנסירן דעם דאָזיקן פּעריאָד אין זיין שאַפן, מיט זיין נאַציאָנאַלן פּאַטאָס און פּערזענלעכער ליריק, אָבער דער עולם האָט פּראָטעסטירט, וואָס איך האָב „שוין", 20 יאָר נאָך זיין טויט, געוואָלט געבן אַ פולן פּאָרטרעט פון דיכטער, כדי אים נאָך לעבעדיקער צו מאַכן פאַר אונדזער צייט.

נישט לאַנג צוריק איז אין עלטער פון 88 יאָר געשטאָרבן דער אַמעריקאַנער פּאָעט ראָבערט פראָסט, און גלייך אין די נעקראָלאָגן און אין די אַרטיקלען, וואָס זענען דערשינען אין צייטונגען און זשורנאַלן איבערן לאַנד, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ניכטערע אָפּשאַצונג פון פראָסטס אָרט אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, מיט זיינע מעלות און חסרונות, אין אַ פאַרזוך צו דערגיין וועמען מען שטעלט אַוועק אין דער גרויסער גאַלעריע פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. אָבער ביי אונדז ווערן שרייבער אַרומגערינגלט מיט אַ הייליקער אומבאַרירלעכקייט און זיי ווערן קיין מאָל נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט. זיי ווערן פאַרהייליקט און פאַרגליוועוועט.

ביזן היינטיקן טאָג האָבן מיר נישט קיין קלאָר בילד פון אונדזערע קלאַסיקער. מיר האָבן בלויז אַ האַגיאָגראַפיע, אַ רעגיסטער פון קדושים, אָבער נישט פון לעבעדיקע מענטשן. מיר ווייסן נישט וואָס איז געבליבן פון זיי און וואָס איז שטויב פון דער צייט און פאַר דער צייט.

וועל איך איצטער, ביי דער אומקיילעכדיקער יאָרצייט־געלעגנהייט, אַוודאי נישט זוכן צוצוגיין צו מ. ל. האַלפּערנס לידער פון שטאַנדפּונקט פון אַן אַלגעמיינער אָפּשאַצונג. ס׳איז בכלל נישט קיין אַרבעט פאַר אַ קורץ אַרטיקל אין אַ צייטונג. טיילוויז האָט אַזאַ אַרבעט געטאָן דער פּאָעט און קריטיקער א. טאַבאַטשניק. איך וועל זיך בלויז באַגנוגענען מיט אַ צוגאַנג צום אַלגעמיינעם ליטעראַרישן „באַראָמעטער" אונדזערן און זאָגן, אַז מ. ל. האַלפּערן ווערט דערמאָנט אומעטום ווו דאָס יידישע וואָרט לעבט און ווערט נאָך אַלץ באַטראַכט פאַר איינעם פון די גרויסע מייסטער פון יידישן ליד, פאַר אַ ווירקנדיקן כוח אין זיין צייט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין דער יידישער ליריק.

מ. ל. האַלפּערן איז פאַרמעל אַ צייט געווען אַ מיטגליד פון דער גרופּע „יונגע", אָבער ער האָט זיך בכלל נישט אויסגעטויגט פאַר גרופּירן. אים האָט תמיד געצויגן זיך אויסצושפּאַנען פון זיך אַליין, און מכל שכן פון גרופּעס און באַוועגונגען. ער האָט זיך צו לאַנג אַפילו נישט געהאַלטן אין דער „פרייהייט". ער איז געווען אין דער פּאָעזיע אַן איינזאַמער „וואָלף", וואָס האָט ליב געהאַט פון ווייטנס צו באַטראַכטן די טעג פון אונדזערע יאָרן.

מ. ל. האַלפּערנען האָט אָבער אויך שטאַרק געצויגן צו פּובליציסטיק און ער האָט עס שעפּעריש און אומשעפּעריש אויסגעלאָדן אין אַ טייל לידער זיינע. נישט איין מאָל האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן אַרויסצוגעבן צוזאַמען אַ זשורנאַל (מיט אַ דריטן רעדאַקטאָר — משה נאַדיר), ווו פּאָעטן זאָלן קענען שרייבן עדיטאָריעלס וועגן לויפנדיקע געשעענישן — אין ליד און אין פּראָזע.

ס׳האָט אים געצויגן צום קאָך, אָבער ער האָט אַליין נישט געשפּירט, אַז אין תוך איז אים דאָס גאַנצע עסק געווען לאַנגווייליק. ער האָט געשאָטן פּעך און שוועבל אויף דער „זונה אונדזער פירערשאַפט", אָבער ער האָט עס געטאָן אויף אַ שוואַרץ־און־ווייס־אופן, וואָס איז קיין מאָל נישט געקומען צום אמתן געראַנגל מיט אַ פּראָבלעם. זיין „פרייהייט"־קאַפּיטל האָט ערשט געוויזן ווי שעדלעך עס איז געווען פאַר מ. ל. האַלפּערנען נאָכצוגעבן דעם יצר־הרע און ווערן אַ דיכטער אַ שרייער, כ׳מיין אַן אומגעצאַמטער שרייער, וואָס לאָזט זיך ווילגיין. ווייל אין זיינע לידער איז סיי ווי געווען אַ סך געשריי, וואָס איז געווען דער לעבנס־שטאָף פון זיין ליד, און דאָס וואָס האָט אים אויסגעטיילט פון דער צירליך־מאַנירלעכקייט פון זיינע חברים.

מ. ל. האַלפּערן האָט פאַרמאָגט דעם שטאַרקן זאָג און ווען דער זאָג איז געווען אין די ראַמען פון זיין ליד, איז זיין ליד געוואָרן באַקרעפטיקט פון זיין אויסגע־

שריי. אין תוך איז מ. ל. האַלפּערן נישט געווען קיין שטראָפער, נאָר אַ טרויער־ריקער ליריקער און אומעטום ווו זיין שטראָף־וואָרט איז געווען געוויקלט אין זיין אייגענעם טרויער, איז זיין ליד געווען אי דערהויבן, אי דערגראָבן צו זיינע אייגענע טיפענישן. ווען ער איז געוואָרן דער אויבנאויפיקער זידלער, האָט ער זיך אַליין געטאָן די גרעסטע עוולה — און ער האָט עס געוווּסט און תשובה געטאָן אויף דעם מיט אַן אַריינפאַלן אין עטלעכע יאָר עצבות און אומשעפערישקייט. אַפילו זיין קאָשמאַריק ליד „אַ נאַכט" פאַרמאָגט שטעלן, זאָל מיר דערלויבט זיין דער וואָרטשפּיל, וואָס שטעלן אין געפאַר דעם ערנסט פון דער גרויסער פּאָעמע. אָבער דאָס ליד טריומפירט איבער האַלפּערנס מאָמענטאַנעם נאָכגעבן דעם חשק צו שאָקירן.

און דערביי דאַרף געזאָגט ווערן, אַז האַלפּערנס פאַרדינסט איז באַשטאַנען אויך אין דעם, וואָס ער האָט געקאָנט פּאָעטיש שאָקירן. זיין ריטעם, זיין לאַנגע שורה, זיינע אומגעריכטע גראַמען, זיין פּראָסט וואָרט, וואָס איז אָפט געקומען ווי אַ פּריש ווינטעלע נאָך פאַרווייכטע לירישע שורות, דאָס אַלץ איז געווען פּאָעטיש ניי פאַר דעם יידישן פּאָעט, וואָס האָט אפשר געלערנט ביי אונדזער פּאָעטישן קרוב היינע, אָבער היינעס שאָקיר־שורות האָבן נישט פאַרמאָגט קיין טרויער, נאָר אַ שפּיצל. האַלפּערנס פּלוצימדיקער אויפבראָך פון זיין אייגן ליד איז אין זיינע געלונגענע גאַנצע לידער, געווען פול מיט באַדייטונג.

מ. ל. האַלפּערן איז געקומען קיין אַמעריקע אַ דערוואַקסענער בחור פון 22 יאָר. ער איז געקומען ווי אַ יידישער פּאָעט, וואָס האָט שוין געהאַט אין גאַליציע זיינע פּאָעטישע חברים. אָבער אַ צייט האָט ער געבלאָנדזשעט. אין די ערשטע נומערן פון „אידישן קעמפער" האָט ער פאַרעפנטלעכט לידער, וואָס האָבן אַבסאָלוט נישט אָנגעזאָגט, אַז עס קומט אַ גרויסער יידישער פּאָעט. דער אָנהייב זיינער איז נישט געווען קיין צוזאָגנדיקער. ווי אַזוי ער האָט זיך פּלוצלינג געטאָן אַ קער צו זיך און ווי ער האָט גלייך מיט רעכט פאַרנומען אַן אָרט ביים אויבנאָן מיט זיינע ערשטע לידער, איז דאָס ווונדער פון אַ שעפערישער פּערזענלעכקייט. אין די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע איז מ. ל. האַלפּערנען געווען ביטער דאָס לעבן. ער האָט זיך ווי פאַרזיגלט קעגן זיך אַליין און נישט געווען מיט זיך אויג אויף אויג. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מ. ל. האַלפּערן אויך נישט געלעקט קיין האָניק, אָבער דאָס איז אַ ביאָגראַפיש קאַפּיטל פאַר זיך, וואָס דאַרף זיכער פאַרנעמען אַן אָרט אין אַ לענגערער ביאָגראַפיע. דער גרעסטער און געלונגנסטער פּרוּוו צוצוגיין צו מ. ל. האַלפּערנס לעבן און שאַפן פאַרבלייבט דערווייל אליעזר גרינבערגס לענגערע מאָנאָגראַפיע, וואָס דינט נאָך אַלץ ווי דאָס איינציקע הילף־בוך צו שטודירן מ. ל. האַלפּערנס שאַפונג־וועג.

מ. ל. האַלפּערן איז בטבע געווען אַן אַריסטאָקראַט. ער האָט נישט געמאַנט, ער האָט נישט גערעדט פון זיך, פון זיינע נויטן. ווי לאַנג ער האָט געהאַט פאַר־

אינטערעסירטע פריינד, מעצענאַטן פון אונדזער אָרעמקייט, האָט מען אַ ביסל אַכטונג געגעבן אויף אים. האַלפּערן פלעגט זיך באַרימען מיט דער דאָזיקער אויפמערקזאַמקייט צו אים, ווי צו אַ יידישן פּאָעט, אָבער ווען די אויפמערקזאַמקייט האָט נישט געקלעקט אָדער זיך אויסגעלאָזט, האָט מ. ל. האַלפּערן געשוויגן.

די פּרוכטיקסטע יאָרן האַלפּערנס זענען געווען די ערשטע פופצן יאָר. אין 1919 איז דערשינען זיין „אין ניו־יאָרק" און גלייך אין דער ערשטער לידער־זאַמלונג האָבן מיר דאָס גאַנצע האַלפּערן־געשטאַלט. זיין צווייט בוך לידער „די גאָלדענע פּאַווע" איז דערשינען בלויז מיט פינף יאָר שפּעטער, אין 1924. דאָס מיינט, אַז זעכצן יאָר נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע, האָט ער באַרייכערט די יידישע פּאָעזיע מיט צוויי גרויסע ביכער, וואָס האָבן אַ הייב און דערהייב געטאָן דאָס יידישע ליד מיטן כוח פון אַ קולטור־דיכטערישער פּערזענלעכקייט. ער האָט נישט נאָר געשריבן באַזונדערע לידער, נאָר ער האָט זיי געקייטלט אין אַ נוסח, וואָס בלויז ער אַליין האָט געבראַכט דער יידישע פּאָעזיע.

מ. ל. האַלפּערן האָט געהאַט אַן השפּעה אויף דעם יידישן ליד איבער דער גאָרער וועלט. אַ סך פּאָעטן זענען געקומען מיט זיין כוח, מיט דעם כוח פון זיינע געעפנטע נייע מעגלעכקייטן פאַרן יידישן ליד. אַפילו ווען מען דעפינירט נישט זיינע פּאָעטישע מעגלעכקייטן, מוז מען אָבער צוגעבן, אַז ער איז געווען אַנדערש. די „יונגע" זענען אויך געווען באַזונדערע פּאָעטישע פּערזענלעכקייטן, אָבער זיי זענען דערביי געווען ענלעך איינער צום אַנדערן. אייזלאַנד, זישע לאַנדוי און מאַני לייב האָבן טאַקע געזונגען באַזונדער, אָבער זיי האָבן אויך מיטגעזונגען און געזונגען צוזאַמען. מ. ל. האַלפּערנס ליד איז אין גאַנצן אויסצוטיילן פון זיינע חברים. עס איז געווען ניי דערמיט, וואָס ער האָט געקענט אַריינבלאָזן אין זיינע פּשוטע רייד — אמתע ליריק. ער האָט געניצט וויניקער פאַרפּוס פון זיינע חברים. ער האָט שווער געאַרבעט אויף זיינס אַ ליד, אַז דער געזאַנג זאָל נישט איבערפירן זיין געזאַנג. אָבער נישט גיסנדיק קיין „פּאָעטישן" פאַרפּוס, זענען זיינע גוטע לידער קינסטלערישע דאָקומענטן. מ. ל. האַלפּערן איז געקומען מיט אַ קנאַפּער טראַדי־ציאָנעלער דערציִונג, אָבער ער איז געווען אין תוך אַ יידישער פּאָעט. אים האָט געצויגן צום ייד — דורך ליד. ער האָט געשפּירט בחוש, אַז די יידישע פּאָעזיע דאַרף האָבן יידישע פּאָעטן און פּאָעטישע יידן.

נאָך האַלפּערנס טויט זענען דורך אַ „משה לייב האַלפּערן־קאָמיטעט" אַרויס־געגעבן געוואָרן צוויי בענד פון נאָך פריִער אין בוך נישט דערשינענע לידער. די צוויי בענד זענען נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט ריכטיק געשאַצט געוואָרן. די ערשטע צוויי בענד, וואָס זענען דערשינען ביי האַלפּערנס לעבן, דאַרפן אַרויס־רופן נייגיר צו שטודירן די נייע צוויי בענד און זוכן צו דערגיין, אויף וויפל זיי האָבן רייכער געמאַכט דאָס געשטאַלט — מ. ל. האַלפּערן.

## א. לעיעלעס

אין דעם נייעם בוך לידער פון א. לעיעלעס „אַמעריקע און איך", וואָס איז דערשינען אין דעם פאַרלאַג „דער קוואַל", קומען צום אויסדרוק עטלעכע אַס־פּעקטן פון א. לעיעלעס' שאַפונג־דראַנג, וואָס אויף זיי האָט מען זיך וויניק אָפּגע־שטעלט און אַפילו פאַרזען. מען ווייסט, אַז לעיעלעס איז איינער פון אונדזערע וויכטיקסטע אורבאַניסטישע פּאָעטן. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ גרויסער שטאָט, לאָדזש, און יונג אויסגעוואַנדערט אין אַ גרעסערער שטאָט, לאָנדאָן, און פון לאָנדאָן געקומען קיין ניו־יאָרק, וואָס איז נישט געווען גרעסער פון לאָנדאָן, אָבער אָן אַ ערך פאַרכאַפּנדיקער און היימישער. די גרויסשטאָט האָט לעיעלעסן געשטעלט גרויסע פאָדערונגען: באַנעם מיך, יידישער פּאָעט, און באַזינג מיך מיט יידישע ווערטער. די טראַדיציע פון יידישן ליד איז געגאַנגען אין דער טיף און האָט זיך געריסן צו דער ברייט פון אַ גרויסער וועלט, מיט דעם אָפּקלאַנג און צוריקקלאַנג אין יידישע ישובים, אָבער דאָס יידישע ליד האָט נאָך נישט פאַרריסן דעם קאָפּ צו דער הייך; און האָט עס אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן, איז דער פּאָעט געבליבן שטיין אין געפּלעפטן און פאַרשטאָמלטן וווּנדער.

א. לעיעלעס איז געקומען קיין לאָנדאָן אַ קליינשטאָטישער, וואָס איז אַנדערש פון קליינשטעטלדיק. די שטאָט האָט אין אים געזונגען, אָבער צעזונגען האָט זי זיך ערשט אין ניו־יאָרק, ווען די אמתע גרויסשטאָט האָט אים געשטעלט דעם אַרויספאָדער: באַנעם מיך — נישט מיט געפּלעפטקייט, נאָר מיט דעם ווונדער פון רייד; באַנעם מיך און נעם מיך איין מיט ליד. מיר ווייסן, אַז א. לעיעלעס האָט אַ סך דערגרייכט אויף דעם געביט, אָבער ס'איז זייער וויניק גערעדט גע־וואָרן וועגן דעם וועג, וואָס אויף אים האָט זיך דער פּאָעט א. לעיעלעס פאַרנומען, ווי אַזוי ער האָט באַצווונגען דעם הויכן צעקלעטער, ווי אַזוי ער האָט אים איבער־געזעצט אויף זיין מוזיקאַלישן יידיש.

אין א. לעיעלעסן ראַנגלען זיך צוויי יצר־טובס, אויב מען קען עס אַזוי זאָגן. ער אַליין דערציילט עס אונדז עטלעכע מאָל אין זיינע לידער, ווי אין זיין ליד — „צו אייך, דיכטער יידישע" —

> צוימען מוז איך זיך, כאָטש כ'ליב די ריטמען פרייע,
> און איך האָב מיט זיי געלופּטערט אונדזער שפּראַך און צונג,
> נאָר כ'האָב איצטער מורא פאַר צו פרייען שפּאַן און שווונג.

ער האָט תמיד מייסטעריש געשריבן געצאַמטן פערז און געמייסטערט גע־צאַמטע פרייע פערזן. לעצטנס איז ער אַוועק פון פרייען פערז און אין גאַנצן זיך

איבערגעגעבן צום פאַרשידנאַרטיק־געצאַמטן פערז. ערגעץ אַנדערש זאָגט ער אונדז, אַז מיט זיין צאַמונג באַשיצט ער זיך קעגן צעגאָסענער עמאָציאָנעלקייט און אפשר סענטימענטאַליטעט. דער פּאָעט קען גוט זיינע אייגענע געפילן און ער וויל זיי באַהערשן און פאַרשטייגלען אין לידער. אין דעם נייעם בוך „אַמעריקע און איך״, וואָס איז פּאַקטיש אַן אַנטאָלאָגיע פון זיין אייגנאַרטיקן פּאָעטישן זיג איבער דער גרויסשטאָט, לידער, וואָס זענען געשריבן אין פאַרשידענע צייטן און זענען צעזייט און צעשפּרייט אין א. לעיעלעס׳ וואָסערע פּופּצן לידער־זאַמלונגען, פאָלגן מיר נאָך דעם פאַרעקשנטן גאַנג פון א. לעיעלעסן, זיין פּאָעטישן באַנעם פון שטיין און שטאָל.

פאַראַן אַ שווער וואָרט אין דער געשיכטע פון שפּראַך־אַנטוויקלונג — אָנאָ־מאַטאָפּעיאַ. דער טייטש דערפון איז נאָכמאַכן מיט ווערטער געוויסע קלאַנגען: „צימבל״ איז אַזאַ וואָרט, „טיקטאַק״, „זשליאָקען״ און ענלעכע ווערטער. א. לע־יעלעסן איז געגאַנגען אין כאַפּן די מוזיק פון דער גרויסשטאָט און זי „איבער־זעצן״ אויף אייגענער קלאַנגפולקייט.

דער געראַנגל צווישן דעם מייסטער פון געצאַמטקייט און דעם געצאַמטן מייסטער פון פערז־פרייהייט, ווייל אָן געצאַמטקייט ווערט דער פרייער פערז — ווילדער פערז, אָט דער קאַמף האָט געפירט א. לעיעלעסן צו דער מוזיק פון דזשאַז; אים האָט פאַרכאַפּט אָט די מוזיק, וואָס אַמעריקע האָט איבערגעשאַפן פון אַפריקאַנישע קלאַנגען, הייסער ריטמיק און זאַאָלאָגישער ענערגיע. און ער האָט נאָך שווערער געמאַכט זיין וועג דורך שאַפן אַ דזשאַז־ריטעם אין ייִדיש, כדי דערמיט איבערצוגעבן דעם געדערעוו פון דער אַמעריקאַנער גרויסשטאָט. כאָטש א. לעיעלעס רעדט אין זיינע לידער פון צוויי פּאָעטישע השפּעות, עדגאַר עלען פּאָו און וואָלט וויטמאַן, געהערן זיינע גרויסשטאָט־לידער גיכער צו דער עפּאָכע, ווען אַמעריקע האָט אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג די לידער פון דעם דזשאַז־טרובאַדור — וועיטשעל לינדסעי. אַנגעהויבן האָט טאָקע א. לעיעלעס מיט אַ וויט־מאַניש ליד. ער האָט קאַטאַלאָגירט, ווי וויטמאַן, תוכיקע באַשטאַנדטיילן. ביי א. לעיעלעסן איז עס געוואָרן אַ שווערער אויפגאַב, ווייל ער האָט די שטאָט איינגע־קלאַמערט אין שטייניקע פערזן:

מעטאַל. גראַניט. געדויש. געבראַזג. געפּילדער.
אויטאָמאָבילן. הויך־באַן. טיף־באַן. קאַר. בורלעסק. גראָטעסק.
קאַפּעען. קינאָ־בילדער.
עלעקטריש ליכט אין גרילציקן ווירוואַר.

אָבער ער איז אַריבער צום דזשאַז פון זיין „מעדיסאָן סקוועאר״ —

קיין אָפּשטעל פון דעכער.
די ליניע אַלץ העכער.

צום הימל אַלץ פרעכער.
גראַד. וויריל.
געמיטער כאַאָטיש.
געשפּאַנט, אַנטי־גאָטיש.
געשעפּטס־דאַנקיכאָטיש.
צופאַל־סטיל.

די דזשאַז־מאָטיוון זענען נאָך קענטיקער אין זיינע סאָבוועי־לידער און אַוודאי אין אַזאַ דירעקט ליד פון אַ נעגערישן קאַבאַרעט:

ברוינע היפּטן — פידל־פידל,
ברוינע היפּטן וויגן זיך,
הייבן זיך און הוידען זיך,
ווינקען צו און סודען זיך
מיט די בליטן פון דער ווייסער ראַסע —
מיט די בלוטן פון דער ווייסער ראַסע —

און אַזוי ווייטער.

דאָס איז אַן אַספּעקט, וואָס איז פאַרזען געוואָרן, ווען מען האָט אָפּגעשאַצט א. לעיעלעסן. מען האָט פאַרפעלט אָנצוווייזן, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט, מחמת זיין רייסן זיך פּאָעטיש צו דער הימל־ליניע פון ניו־יאָרק און צו דער פולמאַכטיקייט פון אַמעריקע, איבערגעפלאַנצט מוזיקאַליש דעם דזשאַז — אין יידישער פּאָעזיע, געפינענדיק דעם שידוך צווישן זיין דראַנג נאָך פאַרשידענע וואַריאַציעס פון געצאַמטן פערז און דעם אויסגעשפּאַנטן פרייען, אָבער אַלץ מוזי־קאַלישן — געשריי פון אַן אָריגינעלער אַמעריקאַנער שאַפונג — דזשאַז.

דאָס גרויסשטאָטישע ליד האָט ביים דיכטער געפאָדערט נייע קלאַנגען, און דער פּאָעט א. לעיעלעס האָט מער פון אַנדערע יידישע פּאָעטן גענוצט אינטערנאַ־ציאָנאַלע ווערטער און זיי געפּאָרט, אַרויסשלאָגנדיק פון זיי אַ שטאָטישע מוזיק.

ער האָט ווי געשפּילט אויף די שטייניקע קלאַווישן פון דער גרויסשטאָט און געזונגען — כאַאָטיש־אַנטיגאָטיש, דאַנקיכאָטיש, קאָמפּאַקטע, געהאַקטע, וויריל, כטיל, און אַנדערע ענלעכע גראַמען, וואָס א. לעיעלעס האָט אויסגעפּרוווט און אַריינגעפירט אין דער יידישער פּאָעזיע.

אין די שטאָט־לידער האָט א. לעיעלעס מייסטנס געזוכט די גראַמען, וואָס פאַרשטיינערן די שורות, שמידן זיי איין און האַלטן זיי פאַרקנעכט, און נישט לייגנ־דיק קיין אַכט אויף קריטיק, האָט ער עקספּלאָדירט די שווערע פרעמדווערטער, ווי ער וואָלט עקשנותדיק געוואָלט צוגעוווינען אונדזערע אויערן צו דער נייער שטאָט־

מוזיק אין יידישן ליד: פּאָליגאָניש־האַרמאָניש, סאַרדאָניש־לאַקאָניש, לעגענדאַריש־ווירוואַריש.

נאָך אַן אַספּעקט פון א. לעיעלעס׳ שאַפונג־דראַנג, וואָס איז נישט תּמיד אַרויס־געבראַכט געוואָרן, איז זיין ליבע צו אַמעריקע, זיין דאַנקבאַרקייט, זיין יידישע דאַנק־באַרקייט און יידישער פּאַטריאָטיזם —

און כ׳ליב דיך לאַנד מיט צערטלעכקייט, מיט בענקעניש.

אָט אַזוי וואָר ווי דער אינערלעכער טייטש פון די דאָזיקע ווערטער איז לע־יעלעס׳ געווידמעטע איבערגעגעבנקייט צו אַמעריקע. ער ווייסט און ער פאַרנעמט דעם גיריקן דאָלאַר־געפּעכט —

אַ שנאַהדיקער, מענטשנדיקער קנויל.
אויגן, אויערן — גאַרן.
און די דאָלאַרן
שטראַלן,
פאַלן,
שאַלן
אויף אַ ליגנדיקער, ראַנגלענדיקער, האַסנדיקער וואַנט.

דאָס איז אַ געדרענג־חלום אין סאָבוועי, און אין זיין ליד „וואָל־סטריט״ זינגט ער דירעקטער —

געלער בליאַסק —
און ציטערדיקע הענט פון כּוהנים־גדולים
אין פאַרכטיקער עבודה,
אויף אַלטאַרן פון גרויען צעמענט.

דאָס איז די עבודה פון שאַרן גאָלד, זיך צושאַרן די גרויסע פאַרדינסטן. אָבער דאָס קאָלעקטיווע בילד פון דעם גרויסן חלום — אַמעריקע, באַנעמט ער מיט אַ סך גלויביקייט און בענקשאַפט. אין זיינע שטאָטישע לידער איז דער תּוך מייסטנס נאַ־ציאָנאַל־אַנאָנים. ער איז אין דעם אויסמיש און אין געשמעלץ פון ראַסן און פעל־קער אַ שטיק שטאָטישע לאַווע, אָבער אין אַמעריקע איז ער אַ דאַנקבאַרער און — און לאָמיר זאָגן נאָך קלאָרער — אַ פּאַטריאָטישער ייד —

בלויז אין לאַנד אַמעריקע, פון אַלע יידן־שבֿטים,
האָט מיין פאָלק געגעסן זיכער ברויט, גערוט אין אייגן בעט,
און געלעבט, געאַרבעט און געבויט מיט פרייען אָטעם,
און געדענקט די ברידער ווען ס׳האָט זיי געברענט דער צווילינג־שד.

אַזוי זינגט ער אין זיין לאַנגער פּאָעמע, וואָס אויף איר נאָמען איז אָנגערופן דאָס גאַנצע בוך „אַמעריקע און איך", וואָס וואָלט אפשר בעסער געמעגט הייסן — אַמעריקע און ייד. אין דער גרויסשטאָט איז דער פּאָעט אַ פּאַרלוירענער, פּנימלאָזער מענטש, וואָס העלפט אויסקלאַפּן דעם דזשאַז־ריטעם, אָבער אין דער גרויסער אַמעריקע איז א. לעיעלעס דער פולער ייד. אין שטאָט קען מען אים, דעם ייד, אפשר פאַרלירן אין אימפּעט, אָבער אין דער אידעע־אַמעריקע, אין דעם באַשאַף, וואָס איז אויסגעפורעמט געוואָרן, איז דער פּאָעט כולו ייד, מיט אַלע חלומות פון אַ ייד און מיט דעם שטאָלץ פון יידיש אין מויל, אַפילו ווען ער הערט נישט קיין צו גרויסן אָפּקלאַנג פון זיינע יידישע רייד.

און נאָך אַ ווינקל אין א. לעיעלעס׳ שאַפן, וואָס איז נישט קלאָר אַרומגערעדט געוואָרן פון דער קריטיק, איז זיין קאָנצענטרירטע און, כ׳וואָלט געזאָגט, באַ־הערשטע עראָטיק. צווישן די שענסטע לידער אין בוך זענען די עראָטישע לידער — „די מאַדאָנע אין סאָבוועי", „דער פענגווין און איך", „בראָדוועי" און אַנ־דערע. אין דעם „דיאַלאָג" מיט דעם פּענגווין דריקט א. לעיעלעס אויס זיין מאַנס־בילישן און מוזיקאַלישן געראַנגל צווישן געצאַמטקייט און אומגעצאַמטקייט; אין דער טיף, מיט זיך, מיט דעם „יצר־הרע" פון אורווילדקייט, וואָס וויל געבן אַ געבריל און מוז אויף דעם געבריל אַרויפוואַרפן די ציוויליזאַציע פון אַ פּערזן־בגד. ער זאָגט אַזוי צום רוף פון פּענגווין און צום געזאַנג פון יונגן מיידל —

איר ביידע האָט דערמאָנט מיך אין מיין קלעם און צוואַנגען.
האָב איך נישט ס׳גאַנצע לעבן, דורך אַ ווערטער־לאַבירינט,
געוואָלט בלויז יענעם טיפסטן ברום־געשריי דערלאַנגען,
וואָס איר האָט פריי צעגאָסן צו דער זון און אויף דעם ווינט.

אין אַן אַנדער ליד, „ביים ים", זינגט אויך א. לעיעלעס וועגן דעם „ברום־געשריי" —

איך האָב דיך נישט אַנידערגעוואָרפן ווי די לבנה האָט געהייסן,
נאָר געמאָסטן מיינע טריט מיט קלוגע רייד.

אָט דער וויכוח צווישן דעם לונאַטיקער אין אונדז, דעם, וועמענס טריט זענען סכנה־נאָענט, און די געמאָסטענע טריט פון ניכטערן בירגער, איז קענטיק אין אַ סך לידער פון א. לעיעלעס. ער לאָזט איבער דעם עראָטישן „עקסטאַז" אין רשות הרבים — צו די טויבן, און ער אַליין פאַרזינגט זיך מיט געמאָסטענע טריט אין געצאַמטע שורות —

מיט אויגוסט־דולקייט אָטעמט דער גראַניט.
אין הייסע, האַרטע אָרעמס, איינגעשמידט,
רייס איך זיך פון דעם שטייניקן וואַמפּיר —

וי ס׳אויג צום ווייטן הימלס בלוי־קאַליר —
צו דיר.

דער לעצטער נישט צו שטאַרק אַרומגערעדטער אַספּעקט פון א. לעיעלעס׳ שאַפן איז דער מאַראַליסט און תנ״כישער ייד. ריין שפּראַכלעך האָט יהואש געהאַט אַ גאַר שטאַרקע השפּעה אויף דעם פּאָעט א. לעיעלעס, אָבער דער שטראָפּערישער מאַראַליזירער איז שוין יונגערהייט אויך געווען אַ טייל פון זיין שאַפונג־דראַנג. אין זיין לאַנגער ביאָגראַפישער פּאָעמע — ״אַמעריקע און איך״ — איז ער, מער ווי אין אַ סך אַנדערע לידער, אָפּן אַ שטראָפער, מאַראַליסט, זאָגער. ער שרעקט זיך נישט אָפּ פון דידאַקטיק, פון לערנען מיט זיין ליד. אין זיינע יינגערע לידער איז דער ייד געקומען ווי אַ ״זייטיקער קוק״ (״דריי שפּעטנאַכטיקע לייט״), אָדער ווי זיין געזאַנג ״שבת אין קאַליפאָרניע״, וואָס פאַרבריקט בלויז לאָדזש מיט לאָס־אַנזשעלעס —

הויכע בערג פון זאַמד און געדאַנק
שטייען צווישן לאָס־אַנזשעלעס און לאָדזש.
טיפע תהומות פון רוישיקע אינדן און ברויזיקן געמיט.
ליגן צווישן זיי שטילע שבת־שעהען,
וואָס גיבן זיך שלום אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט.

אין דער פּאָעמע ״אַמעריקע און איך״ רעדט א. לעיעלעס קלאָר וועגן ״ייד־אַמעריקאַנער״. ס׳איז אַ פּאָעמע, ווי ער אַליין זאָגט זייער שיין און צמצומדיק, פון — ״מעדיטאַציעס — אַלטע פייגל אין אַ יונגן פלי צוריק״. מיר הערן אין דעם ליד אַ רעליגיעזן פלאַטער פון ״אַלמאַכט, וועלט־סדר און וועלט־געבוי״, מיר נעמען אויף לעיעלעסעס געשוווירענע שלימות פון דער פּאָעמע, ווו א. לעיעלעס זאָגט, שטראָפט, לערנט, מאַראַליזירט — און דווקא מיט אומגעפּוצטע פערזן, ווי ער וואָלט אויסגעקליבן אַ דריטן וועג פון פרייער געצאַמטקייט, אָפּגעשיילטע ווערטער:

איך בין מזרח, איך בין מערב, כ׳בין אַמעריקאַנער
מיט דעם זעלבן האַרצשלאָג ווי איך בין אַ ייד און ביידע איינס.
מיינע בלוטן טיילן נישט: אַזאַ צי אַנדער באַנער.
מיינע טרערן ציילן נישט: הויך צי שפּל, רייכס, געמיינס.

כ׳האָב פריִער געזאָגט, אַז א. לעיעלעס׳ נייע בוך ״אַמעריקע און איך״ איז אַ מין אַנטאָלאָגיע און ווי אַן אַנטאָלאָגיע ברענגט ער אַרויס דעם גאַנצן פּאָעט. פאַר מיר איז עס אַוודאי מער ווי אַ בוך, ווייל איך געדענק ממש דעם טאָג און דאָס יאָר און די פרייד, ווען יעדעס באַזונדערע ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך די 45 יאָר, וואָס האָבן געגענטערט אונדזערע טריט אין דער יידישער פּאָעזיע.

# ישעיהו שפּיגל

אין דעם נייסטן בוך נאָוועלן — „די בריק" — (י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב), וואָס דער פּראָזע־קינסטלער ישעיהו שפּיגל האָט אַרויסגעגעבן, איז צווישן די קורצע און לענגערע דערציילונגען פאַראַן אַ קליינע שטימונג־פאַרצייכענונג, וואָס הייסט „טרויבן אין די בערג". אין גאַנצן האַלט די פאַרצייכענונג וואָסערע זעקס זייטן, אָבער זי איז דער בעסטער שליסל צו דער מאַגיק פון דעם אייגנאַרטיקן בעלעטריסט, וואָס האָט זיך צו אונדז באַוויזן ווי אַ פונק אָפּגעראַטעוועטע טרייסט מיט זיין בוך — „מלכות געטאָ". דאָס בוך „די בריק" באַשטייט פון זעכצן דער־ציילונגען און זייער קינסטלערישע שפּאַנונג געשעט אין מדינת ישראל, ווו דער מחבר האָט זיך באַזעצט קורץ נאָכן חורבן פון פּוילישן יידנטום. כ'זאָג קינסטלע־רישע שפּאַנונג, ווייל דאָס איז דער קאָנטיקסטער סימן פון ישעיהו שפּיגלס טאַ־לאַנט. די שפּאַנונג, וואָס וועבט אַרום זיינס אַ דערציילונג אָדער אַ גרעסערע נאָוועלע, שטאַמט נישט פון אַ געשעענקייט, נאָר פון דער קינסטלערישער לופט, וואָס מיט איר איז אַרומגעהילט אַלץ, וואָס דער זעלטענער בעלעטריסט באַרירט.

די קורצע דערציילונג „טרויבן אין די בערג" איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס ישעיהו שפּיגל האָט זי געשריבן אין לייכטן געמיט. ער האָט זיך געוואָלט אַ שפּיל טאָן מיט זיין מאַטעריאַל און האַלטן דעם לייענער געשפּאַנט ביזן סוף. אַן איינזאַמער מענטש אין אַפּרו צווישן די בערג און אַ גאַסט, וואָס באַווייזט זיך פּלוצלינג אין דער איינזאַמקייט, „דעם קאָפּ האָט זי געהאַלטן שטאַרק אויסגע־שטרעקט פאַר זיך בעתן גיין, אירע האָר זענען געווען שאַרף־ברוינלעכע, מיט אַ גלאַנץ פון גערייניקט גאָלד".

ערשט צום סוף פון דער דערציילונג, ווען די דערנענטערונג ווערט וואָרע־מער, געפינט דער לייענער אויס, אַז דער גאַסט איז אַ — קאַץ. אָבער ביז ער געפינט עס אויס, שפּילט־אויס דער מחבר אַלע זיינע גרויסע מעלות אין מיניאַטור. די גאַנצע לופט פון אַ ישראל־לאַנדשאַפט ווערט ממש באַרירלעך, זי זינגט זיך אַריין אין די ביינער. ישעיהו שפּיגל פאַרמאָגט די דינסטע ווערטער ווי אַזוי אָנצו־פינזלען לופט, ליכט, באַוועגונג און ער קאָן אַרום דעם אַלעם שאַפן דאָס אומ־רעאַלע, וואָס ליגט פאַר אים אין יעדער פיזיש־באַרירטער זאַך. איידער איר באַ־ווייזט צו כאַפּן ווי אַזוי דער שרייבער האָט עס דערגרייכט, גיט ער עס אַ הייב־אויף איבער אַלץ, וואָס איז אַזוי פשוט דערציילט געוואָרן און עס ווערט פאַרסימ־באַליזירט מיט אַ געהיימען כוח.

יעדער גרויסער קינסטלער ווינט אויף עטלעכע גאָרנס מיט אַ מאָל. ער איז

הויך, העכער און נאָך העכער. ישעיהו שפּיגל האָט אונדז שוין באַוויזן אין זיין „מלכות געטאָ״, וואָס ער קען טאָן מיט אומגליק־עפּיזאָדן, ווי ער קען זיי אַרומהילן מיט דער לופט, וואָס מאַכט פון עטלעכע זייטלעך אַ קינסטלערישע געשעעניש, וואָס ווערט מאָנומענטאַל און אומפאַרמיידלעך. אין די זעכצן דערציילונגען באַווייזט זיך ישעיהו שפּיגל ווידער מיט אַלע זיינע קינסטלערישע באַגאָבונגען, איבערגעפלאַנצט אויפן ישראלדיקן באָדן.

די קורצע דערציילונג „טרויבן אין די בערג״ ענדיקט זיך מיט אַ מאָרד. די קאַץ פרעסט אויף אַ יאַשטשערקע. דאָס באַשעפעניש, וואָס איז געקומען פאַרטרייבן איינזאַמקייט און איז אַזוי ליידנשאַפטלעך־גראַציעז און אַזוי פאַרחלומט־ליבלעך, איז אַ גלייכגילטיקע מערדערין. עס לוינט זיך דערפאַר איבערצולייענען עטלעכע מאָל די קורצע און, אין לייכטערן געמיט, געשריבענע דערציילונג, ווייל כמעט שפּילעוודיק עפנט פאַר אונדז דער קינסטלער זיין גאַנצן אַרסענאַל פון גרויסע מעגלעכקייטן. ישעיהו שפּיגל האָט אָנגעהויבן ווי אַ פּאָעט און אין 1930 איז דערשינען זיין ערשט בוך, אַ בוך לידער — „מיטן פּנים צו דער זון״. ס'קען זיין, אַז דערפון נעמט זיך דער מיסטישער צוגאַנג זיינער צו זאַכן, מענטשן און געשעענישן. אין גאַנצן ניין יאָר שפּעטער, נאָך דעם בוך לידער, האָט מען דאָס יידישע פּנים שוין מער נישט געקענט האַלטן אַנטקעגן דער זון. „מיטן פּנים צו דער זון״ איז אַ באַרג־אַרויף־נאָמען פאַר אַ יונגן פּאָעט, אָבער ניין יאָר שפּעטער האָט ער זיך געוואַלגערט אין אַ פינצטערניש, וואָס אַפילו אונדזער אומגליק־געפּרוווט פאָלק האָט נישט געקענט אָנחלומען.

נאָך דעם מעטעאָרישן בוך „מלכות געטאָ״, וואָס איז דערשינען אין 1947, האָט ישעיהו שפּיגל מיט צוויי יאָר שפּעטער ווידער פאַרעפנטלעכט אַ בוך לידער אונטערן נאָמען — „און געוואָרן איז ליכט״. צווישן דעם ליכט, ווען דאָס יונגע פּנים פון פּאָעט איז געשטאַנען אַנטקעגן דער זון און דעם אויפגעגאַנגענעם פאַרשעמטן ליכט נאָך דער פאַרטיליקונג, צאַפּלט זיך דער בליק פון דעם פּראָזע־מייסטער ישעיהו שפּיגל, וואָס זוכט צו באַשיידן, וואָס ליגט אַזוינס אין דער וועלט פון מענטשן, באַשעפענישן און זאַכן צווישן די דאָזיקע צוויי ליכט־געשעענישן: דער נאַטירלעכער דראַנג צו דער זון, האָפענונג, גלויבן און די קאַרגע טרייסט פון אַ ביסל אַרויסגעראַטעוועט לעבן, וואָס איז אונדז באַשערט.

ישעיהו שפּיגל האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו זיין דער פּאָעט אין זיין פּראָזע, אָבער ער ווייסט אַקוראַט ווי נישט אַריבערצוכאַפּן די מאָס; ער פאַרשטייט וויפל פּאָעטישקייט אַ בעלעטריסטיש ווערק קען פאַרטראָגן. דאָס ריכטיקע וואָרט פאַר יעדער קלענסטער דערציילונג, וואָס ישעיהו שפּיגל שרייבט איז — ווערק. אַלץ ווערט באַרעכטיקט מיטן קינסטלעריש־געשאַפענעם זיין און מיט דעם כוח פון — אַז אַנדערש האָט נישט געקענט זיין. דאָס איז דער סוד פון אַ ווערק. עס הייבט אָן עקזיסטירן ווי אַ זאַך פאַר זיך און מען מוז עס צורעכענען צו

אַלץ וואָס איז דאָ, ווייל אַן אמת קינסטלעריש ווערק ווערט אַ טייל פון אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן.

שפיגל שאַפט ווערק, און די זעכצן דערציילונגען זיינע אין דעם נייסטן בוך „די בריק" זענען ווערק, וואָס כאָטש זיי זענען געשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע יאָרן פון זיין לעבן אין מדינת ישראל, קען מען אויף זיי גיין ווי אויף אַ בריק, וואָס פירט צו אַ ניי לעבן.

אָבער וועמען פירט די בריק?

דער דאָזיקער וועמען איז דער סוד פון דער ניסימדיקער בריק, וואָס פירט צו דערלייזונג. דור המדברדיק ליכט העגנגט איבער די מענטשן, וואָס זענען אַריין אין לאַנד. יעדער שלעפּט־מיט, נישט זיינע זינד, נאָר די זינד פון אַן אומגליק־לעכער וועלט, מיט די פחדים פון ערשט־דורכגעלעבטקייט, וואָס מ׳קען קיין מאָל פון זיך נישט אויסוויינען און וואָס מען קען אפשר קיין מאָל נישט דערלייזן. דער נייער דור המדבר גייט אויף דער בריק און ברענגט זיין חלק, אָבער אַ טרויער שנאָבלט אים כסדר און לאָזט אים נישט געזעטיקט ווערן פון נייעם לעבן. ער רוימט אים איין אַ סוד — נישט פאַר דיר, נאָר פאַר דיינע קינדער איז די פולע טרייסט. דו קענסט שוין מער נישט געטרייסט ווערן און — אפשר — טאָרסטו מער נישט געטרייסט ווערן, מחמת צוואַנג־געטריישאַפט צו דיינע זכרונות.

דאָס איז אַן ערך דער שפּעררישער טייטש פון ישעיהו שפיגלס ניי־באַפעל־קערטער וועלט, שפּאַנענדיק אויף דער בריק פון אויסלייזונג. אין דער לעצטער דערציילונג אין בוך „די בריק" ווערט געהרגעט דער יונגער פליט פון פוילן. די בריק וועט געבויט ווערן, זי וועט פאַרבינדן דעם מאַראָקאַנער, דעם רומענישן, דעם דייטשישן פּראָפעסאָר, דעם תימנער — אַלע יידן. אָבער אַן אומגליק מוז געשען. דער געראַטעוועטער ייד פון פוילן, וואָס זעט אַפילו אין די ישראל־בערג דעם פיין־מיראַזש פון זיין דורכגעגאַנגענעם גיהנום אין די לאַגערן, ווערט דער־הרגעט אין דער בוי־אַרבעט. זיין ווייב טראָגט די נייע האָפענונג פון פוילישן ייד, וואָס קען מער אינערלעך נישט געראַטעוועט ווערן. זיין טויט ביים בויען די בריק איז דער סימבאָלישער גאַנג אויף דער בריק, פון דעם נייעם אַריינגעקומע־נעם דור המדבר.

און ווי פּרעכטיק די בריק ווערט געבויט! מען שפּירט דעם אַראָמאַט פון דער ערד, דעם פלאַטער פון אַ נייער לופט צווישן איינגענומענע בערג, ווי יהושע וואָלט נאָר וואָס אַריין מיט די שבטים, און די פאַרשידענע יידישע שבטים טראָגן דעם טויטן פוילישן ייד־ברודער אויף אַ טראָגבעטל.

פערצן דערציילונגען ליגן צווישן אָנהייב און סוף פון בוך. די ערשטע דער־ציילונג רופט דער מחבר — „דער פלי׳ענדיקער הירש". דער שווערער גאַנג פון דער באַפרייונג הייבט זיך אָן. אַ פוילישער ייד ראַטעוועט זיך אַרויס פון פוילן,

אָבער אויף דער גרענעץ געשען צו אים די רעשטלעך רציחה און רשעות פון אַ פאָלק, וואָס האָט געהאָלפן היטלערן אומברענגען יידן. די גרענעץ־וועכטער ווילן נישט אַרויסלאָזן זייער קרבן פון די רציחהדיקע הענט. דער קרבן איז שוין אָבער אַן אויסגעגלייכטער ייד, אויסגעגלייכט מיט דער האָפענונג, אַז אָט און ער קומט אין צוגעזאָגטן לאַנד. ער וויל נישט פאַרלירן די דערלייזונג, ער באַהערשט זיך, די רוצחים באַרירן מיט גראָבקייט יעדן האַרץ־קלאַפּ זיינעם. די דערציילונג הייבט זיך העכער און העכער, ביז זי שוועבט אויף דעם סימבאָלישן פליִענדיקן הירש פון מדינת ישראל. דער ייד האָט זיך געראַטעוועט, אָבער ווי וועט ער קאָנען אינערלעך זיך ראַטעווען פון קאָשמאַר און פון דעם לעצטן באַגלייטנדיקן פחד, פון הונדערטער יאָרן לעבן מיט מערדערלעכע שכנים — די הונדערטער יאָרן איינגע־קלאַמערט אין עטלעכע שעה פון שרעק — ערב דערלייזונג? דער ייד וועט גיין אויף דער בריק, אָבער מיט דעם קיין־מאָל־נישט־פאַרגעסענעם־גרויל פון דעם נייעם דור־המדבר־ייד פון אונדזערע פיינלעכע יאָרן.

ס'גייען אויף דער בריק אַלטע געראַטעוועטע טאַטע־מאַמע, וואָס קומען־אָן צום יונגן איידעם און צו דער יונגער טאָכטער אין דער פּרעכטיקער דערציילונג „מוראַשקעס". אומעטום ווערט דער טויט פאַרשפּיגלט אין באַשעפענישן, לעבע־דיקע מוראַשקעס, געפּאַלענע פייגל, אַפילו טויטע קאַרטאָפליעס. זיי קומען אָן ווי מוראַשקעס און שטאַרבן ווי פייגל, יעדער איינער מיט זיין אָפּגעשפּאַרטער חולאת, אַ קראַנק האַרץ, אַ בלוט־קראַנקייט, אַ קריסטלעך ווייב אין אַ יידישער פּרעמד. אַ קינד שטאַרבט אויף דער נייער ערד און ס'ווערט געשאַפן דער בונד צווישן דער פאַרטרויערטער מאַמען און דער הייליקייט פון דער טרויעריקער ערד.

אומעטום שפּראַצט דער טויט אויף נייער ערד, אָבער די לעבעדיקע בריק טראָגט פאָרויס דעם אָפּשפּאָר צו ניי לעבן. איבער דעם דאָזיקן מענטשן־שטראָם, וואָס האָט פאַרשלעפּט אַזוי פיל פאַרטרויעריקטע יאָרן אין נייעם לאַנד, מיט דער פולער באַרעכטיקונג צו אַ ניי לעבן, פלאַטערט די אומפאַרמיידלעכקייט פון פחד, וואָס מוז שטאַרבן און פאַרגיין, כדי ס'זאָל אויפגיין די פולע פרייד.

ישעיהו שפּיגל פאַרמאָגט אַלע קינסטלערישע מכשירים צו איבערצייגן אונדז, אַז אַזוי דאַרף און מוז זיין. נישט דער אַלטער ייד איז דער דור־המדבר, נאָר זיין פחד, זיין דורכגעלעבטער קאָשמאַר. ער איז אַריין אין לאַנד, אָבער ער שפּאַנט אויף אַ נישט דערגייענדיקער בריק, וואָס אונטער איר און אַרום איר שפּילט עס מיט לעבן און אַ לעבעדיקער אייביקייט.

פאַראַן אין בוך באַזונדערע מייסטערישע שטעלן, זייטלעך גאַנצע, וואָס מ'קען לייענען און לייענען ווי באַזונדערע קלענערע מייסטערווערק פון לשון, נאַטור־שילדערונג, געשאַפענע האַלבטענער, מאַגישע מוזיק פון צונויפגעפּאַרטע ווערטער. דער סימבאָליקער ישעיהו שפּיגל שטייט מיט ביידע פיס אויף געזונטער ערד מיט אַלע חושים און ער בויט אַלץ אויף רעאַליטעטן, נאָר ער ווייזט אונדז גלייך מיט

קינסטלערישער איבערצייגעוודיקייט, אַז די דוממדיקע רעאַליטעט פאַרמאָגט אַ נשמה און אַפילו אַ נשמה יתירה.

„די בריק״ איז אַ זאַמלונג פון קינסטלערישע נאָוועלן, וואָס ווייזן אונדז ווי דער פּאָעט־בעלעטריסט פון „מלכות־געטאָ״ שפּאַנט אַליין אויף זיין בריק און זוכט מיט פאַרציטערטן פּנים און אַ האַרץ באַלאָדן מיט קיין־מאָל־נישט־פאַרמעקטע זכרונות די היילנדיקע זון פון יידישן לאַנד.

31.1.64

# מלך ראַוויטש

פאַראַן פּאָעטן, וואָס פאַרמאָגן אַ באַזונדער קליין חדרל, ווו עס צינדט זיך אָן דאָס לעמפּל זייערס, וואָס מען רופט געוויינלעך אינספּיראַציע, אָדער מיט אַזאַ אַלטפרענקישן אויסדרוק ווי — רוח הקודש, און זיי שרייבן זייער ליד אין גרויס התבודדות. אָט דער שטייגער פּאָעט ווערט ווייניקער און ווייניקער און ער האַלט שוין באַלד ביי פאַרשווינדן אין גאַנצן. ביי די אומות העולם איז ער, קען מען זאָגן, באַלד נישטאָ. ביי זיי האַלט מען ביי אַזעלכע פּאָעטן, וואָס זענען פירער פון זייערע מלוכות, גאַנצע שטאַטלייט און אַפילו פּראָפעסיאָנעלע דיפּלאָמאַטן. יידישע פּאָעטן זענען נאָך יאָ פאַראַן אַזעלכע, וואָס רופן זיך ריינע פּאָעטן און וואָס זענען זיך בלויז מטפל מיטן סאַמע זהב טהור פון פּאָעזיע. אין זייערע דירות זענען זיי אויסגעטאָן פון אַלץ, כדי צו סובלימירן דעם געשאַפענעם וואַקוואום אין אַן אומבאַשטימטן ציטער, וואָס טרייבט זיי אַריין אין אָפּגעזונדערטן חדרל, אין דער פּאָעטישער לאַבאָראַטאָריע, ווו דער רוח־הקודש צינדט אָן דאָס גאָלד פון פּאָעזיע און שמעלצט עס.

פאַראַן אָבער אַנדערע פּאָעטן און זיי זענען שוין איצטער די ווייט־איבערוועגנדיקע מערהייט, וואָס זענען פּאָעטן אין אַלע זייערע חדרים און אַפילו אין גאַס און זיי עפענען דווקא טיר און פענצטער צו דער גאַס, אַז זי זאָל זיך אַריינרייסן צו זיי, און זי, די גאַס, זאָל זיי אַריינטומלען צו זיך. אַזעלכע פּאָעטן זענען נישט מקפּיד אויף דעם ריינעם גאָלד פון פּאָעזיע, זיי האָבן דווקא ליב דעם צושמעלץ, די האַרטעוועטקייט פון אַנדערע ווייניקער נאָבעלע מעטאַלן. זיי זענען פּאָעטן, וואָס זיי אַרט נישט, אַז ס׳רייסט זיך אַריין אין ליד, מיט אַ מאָס, פאַרשטייט זיך, אַ ביסל פּראָזע, און זיי פאַרדריסט נישט, ווען אין זייער פּראָזע כאַפּט זיך אַריין דער אָטעם פון פּאָעזיע — אויך מיט אַ מאָס, פאַרשטייט זיך, כדי נישט צו ליריזירן דעם שטאָף, וואָס פאַרטראָגט נישט צופיל געזאַנגיקייט.

מלך ראַוויטש געהערט צום צווייטן טיפּ פּאָעט, וואָס איז נישט און איז קיין מאָל נישט געווען קיין פאַראַלקערטער פּאָעט, וואָס האָט געפּראַוועט יחוד און אָפּגעזונדערטקייט. ער איז פון ערשטן מאָמענט, ווען ער האָט זיך באַוויזן, גלייך געקומען מיט אַ שליחות פון אַ יידישן קינסטלער און מיט אַ זעלבסטהיפּנאָז און זיך־איינגעגלייבטקייט, אַז ער וויל מיט זיין וואָרט ווירקן; און געקומען איז ער מיט דעם גלויבן, אַז אים איז באַשערט עפּעס איבערצושטעלן, אַנדערש אַראַנזשירן, אַפילו איבערבויען; אַ סך פאַרלייקענען, אָבער גלייכצייטיק פאַרגעטלעכן די באַציִונג צווישן מענטש און מענטש.

ער איז קיין מאָל נישט געווען דער זהב־טהור־פּאָעט, און ער שטייט פאַר אונדז ווי אַ קינסטלער, וואָס האָט שטענדיק געהאַט זיין אייגענעם גאָלד־סטאַנ־דאַרט, זיין אייגענע קאַראַט־מאָס, אַ שרייבער פון רוח־הקודש און רוח־החול. כ׳האָב געשריבן וועגן ראַוויטשן, צו זיין שאַפונג־יובל פון פולע פופציק יאָר ליטע־ראַרישער אויפזיכט, ווייל מלך ראַוויטש איז אויסן געווען מיט זיין פּאָליפאָרמיש שאַפן, צו זיין אַ קינסטלערישער מנהיג — און ער איז עס געוואָרן, סיי מיט זיין לעבן, סיי מיט זיין שרייבן.

פאַראַן ביאָגראַפיעס, וואָס איבער זיי האָט דער טרעגער פון דער ביאָגראַפיע קיין שום שליטה נישט. די ביאָגראַפיעס געשען, זיי שרייבן זיך אויף די פּלייצעס פון דעם וואָס לעבט און וואַרפט זיך אונטער צו אַלע אומגעריכטע געשעענקייטן, וואָס לויערן אויף אים און שפּרינגען אויף אים. מלך ראַוויטש האָט באַמייסטערט זיין ביאָגראַפיע. דאָס פּערזענלעכע אַרום אים, די סאַמע אינטימסטע ביאָגראַ־פישע בלעטלעך זיינע, האָט ער אַליין — אויב נישט געשאַפן, ווינציקסטנס — רעדאַקטירט. דאָס „מעשה־בוך פון זיין לעבן" האָט ער מייסטנס אַליין געהאָלפן צוטראַכטן. זיין פּריוואַטקייט האָט שטענדיק געהאַט אַ ציל, אַ צוגרייט. ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט ראַוויטשן צום ערשטן מאָל אין 1930, האָט ער געוואָלט איך זאָל וויסן, אַז ער איז דער עיקר אַ גוטער בוכהאַלטער. אָבער ער איז מער ווי אַ בוכהאַלטער. ער איז דער פאַרוואַלטער פון זיין לעבן, דער באַוווסטזיניקער שעף פון זיין אייגענער פירמע, דער אָריענטירער פון אייגענעם דעביט און קרעדיט.

אָבער בוכהאַלטער איז ער תמיד געווען נישט פאַר פּראַקטישע צוועקן, בעסער געזאָגט — די פּראַקטישע זייט האָט געהאַט אידעאַליסטישע צילן. ער האָט זיין פּראַקטיש לעבן עקאָנאָמיזירט און איינגעשרומפּן, אַז עס זאָל נישט פאָדערן פון אים צו פיל, אַז עס זאָל נישט שרייען הב־הב, דאַוויי! גיב לוקסוס, גיב קאָמפאָרטן, גיב פּרעס־און־זויף, גיב הרחבה, גיב מאָנענדיקע און סענטימענ־טאַלע פּאַטריאַרכאַלישקייט. ראַוויטש איז אין תוך אַן עמאַנציפּירטער מענטש, אָבער ער האָט קיין מאָל נישט דערלאָזט אַז זיין לעבן זאָל פון אים פאָדערן דאָס פונטעלע בירגערלעך פלייש. ער איז געווען דער בוכהאַלטער פון זיינע עמאָציעס און עלימינירט אַלץ, וואָס האָט אים געשטערט אויפן וועג צו ווערן מלך ראַוויטש.

דאָס חסידישע מעשהלע וועגן רבין, וואָס ראַנגלט זיך צו זיין ער אַליין, איז אָנווענדלעך אויף ראַוויטשן, וואָס האָט געוווסט ווי אַזוי אָפּצוּוואַרפן שאָלעכץ און דערגיין צו זיך. דאָס האָב איך געמיינט ווען איך האָב געזאָגט, אַז ער האָט אונ־טערגעזאָגט זיין ביאָגראַפיע. ער האָט איר נישט געלאָזט שאַלטן און וואַלטן אויף זיין העכערן חשבון, און דער העכערער חשבון איז תמיד ביי ראַוויטשן געווען צו דערגיין — צו זיך. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין אונדזער צייט פון אָפּגעפּרעגטע שולחן־ערוכס און אָפּגעלייקנטע ווערטן, מוז מען נאָך אַלץ מיט מעשים און מיט

מצוות באַרעכטיקן אונדזער עקזיסטענץ. וואָס זענען אונדזערע היינטצייטיקע געבאָטן, ווי ייד און מענטש, דורך די אַלע קליינע פריידן און גרויסע שוידערן פון אונדזערע יאָרצענדליקער? ראַוויטש האָט געזוכט די מעשים פון אונדזער יידישן דור און אין זיינע עטלעכע און צוואַנציק ביכער קען מען געפינען דעם גאַנג זיינעם אין יידישן לעבן און אויך די שפורן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויפן יידישן לעבן.

ראַוויטש האָט זיך דערגלייבט ווי אַ לייקענער צו אַ חיובדיקן גלויבן. זיין ליבשאַפט צום יידישן פאָלק פאַרמאָגט דעם ציטער פון רעליגיע. זיין גרייטקייט צו דינען אַלץ, וואָס דאָס יידישע פאָלק האַלט טייער, איז ביי אים — עבודה. ער האָט זיך דערגלייבט צו אַ פּראַקטישער נזירות, כדי צו אידעאַליזירן דעם מין מענטש, צו קענען אים גרויסן דורך זיך אַליין אין דער טאָג־טעגלעכקייט פון יידישער עקזיסטענץ.

און אָט דעם גאַנג זיינעם זעט מען אין אַלץ, וואָס מלך ראַוויטש שרייבט, אין זיין ליד, ווי אין זיין פּראָזע, ווי אין זיין פּובליציסטישער אַרבעט, ווי אין זיינע פּאַמפלעטיסטישע רופן צו היילן און פאַרריכטן. אומעטום איז ראַוויטש דער פּאָעט פון אַ שליחות. דאָס יידישע לעבן נייטיקט זיך און האָט זיך תמיד גענייטיקט אין אַזעלכע פירנדיקע שרייבערישע געשטאַלטן. מיר פאַרמאָגן אַ צאָל וויכטיקע יידישע שרייבער, וואָס ציילנדיק זיי, פרייען מיר זיך מיט דעם פאַר־מעגן, וואָס זיי האָבן אונדז געבראַכט. אָבער אַז עס קומט צו אַזאַ נאָמען ווי מלך ראַוויטש, פאַרהאַלטן מיר זיך אַ ביסל לענגער און מיר פרייען זיך נישט נאָר מיט דעם פאַרמעגן זיינעם, נאָר דערמיט, וואָס ער האָט געבראַכט — זיך. אין מיין אייגענעם „לעקסיקאָן" זענען פאַראַן באַזונדערע רובריקן פאַר אַזעלכע שרייבער, וואָס מיר זעען זיי ווען מיר רירן זיך צו צו זייערע ביכער און מיר זעען זייערע ביכער, ווען מיר רירן זיך צו צו די שרייבער. זייערע ביכער זענען נישט בלויז שרייבערישע עקסקורסיעס, נאָר מענטשלעכע לאַסטן און אין פּרט פון אַזעלכע יידישע קינסטלער — אויך יידישע עולן.

איך האָב אָנגעהויבן מיין ליטעראַרישע באַקאַנטשאַפט מיט מלך ראַוויטשן, מיט אַ קריג קעגן אים, און אַ סך מאָל דורך אונדזער לעבן אויף דעם פּלאַנעט — יידישע ליטעראַטור, איז מיר אויסגעקומען צו קריגן קעגן אים. אָבער קיין מאָל איז דורך דעם נישט פאַרשוועכט געוואָרן מיין אויפריכטיקע שאַצונג פון אים און פון זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

מיר איז אַ סך מאָל אויסגעקומען, אַז צו פיל גוטסקייט אין דער ליטעראַטור שווענקט אַרונטער מאָסן און אין לעצטן סך־הכל טוט עס דער ליטעראַטור אַ שלעכטסקייט. ראַוויטש פּראַקטיצירט אָבער די דאָזיקע פאַרשווענדערישע גוטס־קייט, און דאָס איז זיין דרך, ס'איז אַ ירושה־זאַך אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס ציט יניקה פון אברהם רייזענען. ראַוויטש אָרגאַניזירט זיין גוטסקייט בעסער

ווי אברהם רייזען, אין אייגענע לעקסיקאָנען, מיט בעסערער באַגרינדונג און, כ׳וואָלט געזאָגט, מיט יורידישער אַרגומענטאַציע. ער געווינט טאַקע אַ סך מאָל דעם פּראָצעס פאַר זיינע קליענטן, אָבער דער יידישער ליטעראַטור קומט נישט צו קיין קינסטלעריש געזונט דערפון.

מיר איז אויך אָפּט געווען נישט צום האַרצן ראַוויטשס סימפּליציסטישער בליק אויף פּאָעזיע, וואָס ער אַליין האָט קיין מאָל נישט מקיים געווען. ער האָט געפּאָדערט צוויי־מאָל־צוויי־קע פאַרשטענדלעכקייט, און ער איז איינער פון אונ־דזערע מאָדערניסטישע און אַפילו אומפאַרשטענדלעכע פּאָעטן. אין זיין גייסטער פּאָעטישער שאַפונג, „ויקרא יעקב אל בניו״, איז ער ווייט פון צוויי־מאָל־צוויי־קלאָרקייט. זיין גאַנצע פּאָעטישע דיקציע, זיין שורה, וואָס איז גערייניקט פון אַלט־פּאָעטישן פּסול און פון גאָלד־געליישטער בילדלעכקייט איז — מאָדערניסטיש. אַז עס קומט צו פּאָעזיע זענען זיינע אייגענע מעשׂים — די פּראָדוקטן, אַנדערש און אָפּט פאַרקערט פון זיינע טעאָריעס.

זיין גוטסקייט איז אויך נישט זעלטן אַ צו להכעיס אַן אַנדערן און עס האָט דערפאַר אַ שמץ פון שלעכטסקייט. אָבער דאָס זענען אַלץ אַזעלכע פלעקעלעך, וואָס פאַראַמתן דאָס געשטאַלט ראַוויטש און די מינדסטע פּלאַסטישע אָפּעראַציע צו באַזייטיקן די דאָזיקע פלעקעלעך, וואָלט דאָס געשטאַלט שטאַרק געענדערט.

אונדז איז ליב דער מלך ראַוויטש, ווי ער האָט זיך פאַר אונדז אויסגע־שטאַלטיקט אין זיינע ביכער און אין זיינע מעשׂים. איך באַגריס אים וואַרעם און זאָג אים, אַז פון זיינע חסרונות וואָלט מען געקענט מאַכן אַן אינטערעסאַנטן קינסטלער. צוזאַמען מיט זיינע גרויסע מעלות איז ער — מלך ראַוויטש מיט גע־בענטשטע זיבעציק יאָר, וואָס טראָגן זיין פולע חתימה.

17.1.64

# אפרים אויערבאַך

אין 1917 איז דערשינען מ. באַסינס צווייבענדיקע אַנטאָלאָגיע, און פון דעסט־וועגן האָט דער דאָזיקער ערשטער שפּיגל פון דער יידישער וועלט־פּאָעזיע באַוויזן אַריינצוכאַפּן צוויי לידער פון דעם פּאָעט אפרים אויערבאַך, וועמענס ערשט בוך לידער — „קאַראַוואַנען" איז דערשינען מיט אַ יאָר שפּעטער. דעמאָלט האָט נאָך ארץ־ישראל געוואָרט אויף דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס איז שוין מסתמא דיפּלאָמאַטיש געווען אין דער סטאַדיע פון צוגרייט, אָבער איינס פון די צוויי לידער, וואָס מיט זיי האָט אויערבאַך געכאַפּט כמעט דאָס גאַנצע בענקל אין דעם איבערגעפּאַקטן צוג פון באַסינס אַנטאָלאָגיע, איז אַ פינף־פּערזיק ליד וועגן יידישן לאַנד. ס'איז אַ פול און רייף ליד און ס'איז פון די שענסטע לידער, וואָס זענען געשריבן געוואָרן וועגן ארץ־ישראל.

אויערבאַך איז אַ צוואַנציקיאָריקער בחור געקומען קיין ארץ־ישראל און האָט דאָרט בייגעטראָגן זיין חלק צום בוי און קאַמף פון לאַנד. קיין אַמעריקע איז ער געקומען מיט דריי יאָר שפּעטער. מיט אַ היפּשן סטאַזש פון אַ ציוניסט מיט אַ פּעקל מעשים און גלייכצייטיק אַפילו מיט אַ יונגער אָבער איינדרוקפולער ליטעראַרי־שער ביאָגראַפיע. ער, דער בעסאַראַבער בחור, איז שוין געווען אַ „וואַרשעווער" שרייבער און אַפילו אַ מיטרעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל; דער צווייטער רעדאַקטאָר פון דעם זעלביקן זשורנאַל איז געווען א. אלמי.

ס'איז דעמאָלט געווען קריעת־ים־סוף אויפגענומען צו ווערן אין צעטל פון דער יידישער פּאָעזיע. מ. באַסין האָט אָבער געמוזט מאַכן אָרט פאַר דעם יונגן אויערבאַך, וואָס איז ערשט צוויי יאָר געווען אין ניו־יאָרק און ער האָט שוין גע־האַט אי גוטע לעגיטימאַציעס, אי גוטע לידער.

ביידע לידער אויערבאַכס זענען אייגנטלעך ארץ־ישראלדיקע, אָבער דאָס ערשטע ליד, קען מען זאָגן, איז געווען פון פּאַלעסטינע, ווייל ס'זינגט זיך דאָרטן פון אַ היציקן אַראַבישן שייך, אָבער דאָס צווייטע ליד איז שוין ריין ארץ־ישראל־דיק און ס'איז אפשר דאָס סאַמע מאָדערנסטע ליד וועגן ארץ־ישראל אין באַסינס אַנטאָלאָגיע.

אויערבאַך פירט אַדורך אין דעם ליד אַ פּאַראַלעל צווישן די פעלקער און אונדז, און ס'איז גלייך קלאָר פון ליד, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פּאָעט, וואָס קאָן זיך דעררעדן אין געצאַמטע פערזן צו תוכיקע זאַכן. אין יענער צייט האָט מען געלאַכט פון די ערשטע ביימער־באַפלאַנצונגען אין ארץ־ישראל, וואָס זענען נאָך אַפילו נישט געוואָרן קיין גראָטעסקע וועלדער. דער יונגער פּאָעט נעמט שוין

אָבער אויף אונדזער אָפּגעציטערטע אָרעמקייט און דערהייבט עס מיט פּשוטע ווערטער צו דער מדרגה פון נאַציאָנאַלער ליבשאַפט און עס ווערט דערפון אַן אויסגעזונגענע נאַציאָנאַלע עסיי. ער איז מקבל באהבה דעם עניוותדיקן פּאַרגלייך, זיי האָבן גרויסע וועלדער, מיר נישט מער ווי יונגע ביימער. מיר זעען שוין אין דעם יונגן ליד דעם נאַטירלעכן, אינהאַלטלעכן גראַם, וואָס איז אויערבאַכס גרויסע מעלה. זיין גראַם קומט גלייך מיט און פון תוכן. מ׳קען נישט וויסן וואָס האָט וועמען געבוירן.

ביימער גראַמט זיך מיט אַזאַ פּשוט וואָרט ווי — שומר. יענע וועלדער, פון די אומות העולם היטן זעלנער, אונדזערע — דער שומר. דער פרידלעכער אָפּהיטער, וואָס איז נאָך היינט אונדזער שומר, האָט שוין אין אויערבאַכס ארץ־ישראל־ליד, מיט אַ קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט צוריק, געקראָגן זיין גרויסן נאַציאָנאַלן באַטייט. דאָס גאַנצע ליד פון פינף פערזן איז פול מיט דער מאָס פון — מיר און זיי און אויערבאַך באַווייזט אונדז, אַן קנאה צו די אומות העולם, ערלעכע און קערניקע פּאַרגלייכן. ער איז נישט מקנא די אומות העולם זייערע שטרעקיקע מיילן, מיט אונדזערע אָרעמע שפּאַנען, ווייל „האָפענונג און ליבע איז אין זיי פאַראַנען“.

ס׳איז געווען פון די ערשטע יידיש־פּאָעטישע גרוסן וועגן אַ צוגעאייגנט ארץ־ישראל. אין אַ קורץ ליד האָט אויערבאַך קאָנדענסירט אַן אינטימען גרוס, אויף אַ דורכדרינגלעכן אופן, וואָס האָט געוויזן, אַז ער קען זען, טראַכטן, דערציילן און זינגען.

פון דאַנען האָבן זיך צעפּעכערט אויערבאַכס טאַלאַנטן אויף אַ סך געביטן. אים איז, ווי אַ סך אַנדערע פון אונדזער דור, נישט באַשערט געווען זיך אַנצו־דינגען ביי אונדזער פאָלק ווי בלויז אַ פּאָעט, אָדער בלויז אַ נאָוועליסט. ער האָט געמוזט באַדינען דאָס יידישע וואָרט אויף פאַרשידענע אופנים, און פון יעדן שטיי־גער איז דעם יידישן וואָרט אַ כוח צוגעקומען. אויערבאַך איז געוואָרן אַ גלענצנדי־קער צייטונגמאַן, אַן אויסגעצייכנטער פּובליציסט מיט אומדערשראָקענע יידיש־אַקצענטירטע מיינונגען, באַטעמטער עסייִסט, און די אַלע געביטן האָבן תמיד נאָך שאַרפער אַרויסגעבראַכט דעם פּאָעט, וואָס האָט געמאַכט דעם פולסטן נוץ פון די טויגלעכע שרייב־מלאכות זיינע; אַפילו פון דעם רעפּאָרטערישן אימפּעט און פלאַ־קער פון טאָג־טעגלעכער כראָניק, וואָס בריט ממש די הענט, ווען מען רירט זיך צו נאָענט און מען דאַרף דערמיט אויספּוצן דאָס פּנים פון אַ טעגלעכער צייטונג.

פאַראַן אַן אומזיסטיקער קאָמפּלימענט, לויט מיין מיינונג, וואָס ווערט געגעבן אַזעלכע אַרבעט־פאַרשלונגענע שרייבער, וואָס שרייבן נאָך דערצו לידער, אַז זיי היטן אָפּ, זאָגט מען אויף זיי, דאָס באַזונדערע ווינקעלע — פּאָעזיע, אַז ס׳זאָל חלילה נישט פּסול ווערן. דער אמת איז, אַז אַזעלכע פּאָעטן פּראָפּיטירן גאָר פון זייער אָפענער טיר און אָפענעם פענצטער צום ברייטסטן דרויסן. מען קען נישט האָבן קיין פינפערליי שרייבערישע קעשענעס. מען דערקענט דעם פּאָעט אויער־

באַך אין זיינע עסייען און אין זיין פּובליציסטישער אַרבעט. מען דערקענט דעם פּובליציסטישן באַנעם אין אויערבאַכס לידער, דעם אויסשלייף פון מענטש און ייד אין אונדזער וועלט. ער קומט צום ליד אַ באַוואָפנטער מיט דאגות פון אַ שרייבער, וואָס אַרבעט אין סאַמע וועלטישן אינעווייניק און נישט ווי אַ זייטיקער זינגער, וואָס טובלט זיך פאַר און נאָך יעדער שורה.

לידער זענען אויף אַזוי פּיל צייטיק, אויף וויפל ס'איז אין זיי דאָ דער אָטעם פון דער צייט, און אויף אַזוי פּיל זענען זיי ליד, אויף וויפל ס'איז אין זיי פאַראַן דער געצאַמטער אימפּעט פון איינגענוצטער פּובליציסטיק, אָדער פון נישט אויסגענוצטער פּובליציסטיק. די ריינע געטובלטע הימלישע פּאָעזיע, איז — פאַר די הימלען.

נישט געקוקט אויף דער פולער און זעטיקער רייפקייט פון זיין דערמאָנט ארץ־ישראל־ליד און פון אַנדערע לידער אין זיינע „קאַראַוואַנען", מיט זייער נאַציאָנאַלן בליק אויף אונדזער באַשערטער אַנדערשקייט, אויף אונדזער צוגעשפּאָרטער קנאַפּקייט פון אונדזערע שפּאַנען לגבי זייערע מיילן, האָט אויערבאַך פון דעסטוועגן באַדאַרפט דורכמאַכן אַ קלעטער, אַפילו אַ פּיינלעכן אַרויפשטייג צו דער הויכער מדרגה, וואָס אויף איר געפינט ער זיך איצטער. דאָס קומט דערפון, וואָס אויערבאַך האָט קיין מאָל באַוווּסטזיניק נישט אויסגעקליבן דעם גרינגן גאַנג, נאָר דווקא דעם שווערן קלעטער. אויערבאַך האָט געשריבן באַזונדערע לידער, אָבער זיי זענען ביי אים תמיד געווען טיילן פון גרויסע יידיש־פּאָעטישע פּראָיעקטן. ער האָט זיך אַליין תמיד פאָרגעגעבן שווערע אויפגאָבן, ער האָט געוואָלט דורכברעכן, אויפברעכן, רייניקן, באַנייען וואָרט, קלאַנג.

מיט זיין ערשטן בוך „קאַראַוואַנען", האָט ער אונדז געבראַכט די סאַמע ערשטע חלוצישע גרוסן פון אַ יונגן יידישן פּאָעט; דעם ערשטן פאַרוואונדער. קומענדיק פּנים אל פּנים מיט אונדזער תנכ"ישן פּייזאַזש, האָט ער געוואָלט ווייזן נישט דאָס דירעקט־שטאָפּלעכע, דאָס גרינג־געשילדערטע, נאָר די פּאָעטישע פאַרוואַנדלונג, די דורכקריסטאַליזירונג און דעם פּאָעטישן עסענץ פון געזעענע זאַכן.

גאַנצע ניין יאָר האָט אויערבאַך געלאָזט וואַרטן אויף זיין צווייט בוך לידער — „דער רויטער פּאָדעם", וואָס איז, ווי דער נאָמען פון בוך זאָגט אונדז — אַ פאַרזוך דורכצופּעדימען אַלע זיינע באַזונדערע פּאָעטישע רעפלעקסן און מחשבות און זיי פאַרוואַנדלען אין אַ נאַציאָנאַלער גאַנצקייט. דאָס בוך איז ווידער אַ נייער פּראָיעקט, ס'איז אַ בוך, דערשינען אין 1927, און איז שוין געווען פול מיט אַלנאַציאָנאַלע לידער, באַפּעסטיקט אויף אַמעריקאַנער ערד. געשריבן אין פאַרשידענע צייטן זענען די לידער שווערע אויפגאָבן אין דער פּראָזאָדיע, און אין געביי פון ליד, און אין די ערשטע ריזיקעס, אַריבערצונעמען דאָס ליד פון דעם פּאָעטס טאָגטעגלעכן געמיט; פון זיין פאַרזוך איינצופלאַנצן זיך מיטביידע פיס, ווי אַ ייד צווישן אַמעריקאַנער יידן. אין דעם בוך געפינען מיר צום ערשטן מאָל אין דער

יידישער פּאָעזיע לידער וועגן נייס־שרייבן, וועגן געפּירטע צום שטול פון טויט, וועגן די באַוערי, די גאַס פון „אויסגעמישטער קלאַג אויף שפּראַכן אַלערליי". אין בוך „דער רויטער פאָדעם" זענען אויך דאָ אויערבאַכס ביאָגראַפישע לידער, די טעגלעכע מי איבערגעזעצט אויף דער „פרייד אויפצווייגן אין ליד".

מ'דאַרף אין חשבון פון אויערבאַכס פּאָעטישע פּראָיעקטן אויך אַריינרעכענען „אַדאָס לידער־בוך" — אַ קראַנץ קינדער־לידער, וואָס זענען איין בוקעט פון ליב־שאַפט צו דער קליינער טאָכטער. לידער צוגעפּאַסט צום גומען פון אַן אייגן קינד, אַז דאָס קינד זאָל עס אויפנעמען פרייוויליק, אַז דאָס קינד זאָל עס טראָגן אַ לעבן לאַנג, איז שווערער נאָך ווי אַ נאָמען געבן אַ קינד. דער נאָמען אַדאַ, דער קלאַנג, האָט אַרויסגערופן דעם גאַנצן בונט לידער. דער פּאָעט האָט זיינע קינדער־לידער נישט סענטימענטאַליזירט און נישט פאַרקינדישט, נאָר זיי צוגעשפּילט צום גע־מיט פון אַ וואַקסנדיקער פאַרשטאַנדיקייט, פון אַ פריידיקן און שפּילעוודיקן שכל.

אַז מען זאָל רעכענען די יאָרן־בריק פון בוך — „דער רויטער פאָדעם" ביז — „לויטער איז דער אַלטער קוואַל", וועט מען זען, אַז ס'האָט דעם פּאָעט אפרים אויערבאַך גענומען דרייצן יאָר צו שאַפן דעם נייעם פּאָעטישן פּראָיעקט זיינעם, דעם אָנווייז, דורך אַ גאַנץ בוך, אויף די אורקוואַלן אונדזערע, וואָס קענען אַריינ־גענוסחט ווערן אין יידיש, אָן שום איבערברוך. אפרים אויערבאַך האָט זיך ווידער געשטעלט אַ שווערן אויפגאַב נישט צו סטיליזירן פרום־יידישקייט אויף יידיש, נאָר צו ווייזן ווי נאַטירלעך עס שפּילט דאָס העברעיִשע געמיט, וואָס איז איינגע־גראָבן אין יידישן וואָרט, אין דער יידישער מוזיקאַלישקייט. „לויטער איז דער אַלטער קוואַל" איז פאַרן פּאָעט געווען אַ נייער אַרויספקלעטער און אַ נייער פּראָ־יעקט, וואָס ער האָט דורכגעפירט און דערמיט געגעבן זיינע לידער אַ פרישן ווענד, מיטן פּנים אי צו דער יידישער צייט, אי צו דער יידישער אייביקייט. פאַראַן אין די לידער אַ סך פון דעם אויפציטער פון אונדזער יידיש ווערטער. די לידער זענען געווען ערלעכע מיילשטיינער, אויפן שטח פון אונדזער געשיכטע. דער ייד אויערבאַך איז אַנטקעגנגעגאַנגען געשעענישן מיט דער באַוואָרעניש און אָנשעפּ פון אַלטן קוואַל.

„אין יעקבס געצעלטן", דאָס בוך לידער, וואָס איז דערשינען מיט פינף יאָר שפּעטער, זעען מיר ווי דער פּאָעט האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט די לויב־געזאַנגען, וואָס זיין „אַלטער קוואַל" האָט מיט רעכט אַרויסגערופן און מיט די לידער, וואָס האָבן געמאַכט אַן אויפזען אין דער יידישער פּאָעזיע. אים איז געגאַנגען אין גראָבן נאָך טיפער אין יידישן לשון און אַרויסגעפינען און אַרויסשלאָגן פון יידיש נאָך מער פּאָעטישע באַווייזן פון נאַטירלעכער אָנגעהעריקייט צום אַלטן קוואַל. אויערבאַך האָט אין „יעקבס געצעלטן" אַ סך עקספּערימענטירט, אָבער נישט ווי אַן אויבערפלעכלעכער אינאָוואַטאָר, נאָר ווי אַן אויספאָרשער פון יידישער ריט־מיק. דער פּאָעט אויערבאַך איז אַ נאַטירלעכער מנגן און אַ גרויסער אויפשפּילער

פון אונדזער ווערטער־שאַץ. דאָס בוך „יעקבס געצעלטן“ איז בלויז טעמאַטיש אפשר אָן איבערחזרונג פון „לויטער איז דער אַלטער קוואַל“, אָבער די לידער פון די „געצעלטן“ זענען זעלטענע אוצר־זוכענישן, און טייל באַזונדערע לידער פון בוך זענען אויך פערפעקטע געפינסן, וואָס זענען די שענסטע ווינקעלעך אין אויערבאַכס פּאָעטישער עשירות.

ווען אפרים אויערבאַך האָט פאַר זיך און פאַר אונדז אַלעמען דעמאָנסטרירט זיין אומגעוויינלעכע באַקאַנטשאַפט מיט דער קלאַנגפולקייט פון יידישן וואָרט און מיט דעם איבערצייגטן אַריינטייטש פון אונדזער ניי־יידישן האָב־און־גוטס אין אונדזער אייביק פאַרמעגן, איז ער קוים געווען איבער פופציק יאָר אַלט. אַן אַנדער פּאָעט הייבט שוין אָן אין דעם עלטער מאַכן לייכטע קאַליסטעניק, זיין קלעטער ווערט צוגעפּאַסט צו אומריזיקאַלישע דעמאָנסטראַציעס און באַמיִונגען. ער נעמט היטן זיין אייגענע רעפּוטאַציע און ער לערנט זיך אויס צו מעסיקן זיינע פּאָעטישע פּרווון. אָבער אפרים אויערבאַך האָט אונדז געשאָנקען די פּאָעמע „ווייסע שטאָט“, וואָס איז אַ נייער פּאָעטישער אַרויפקלעטער, און ווידער אין דער סעריע פון שווערע דיכטערישע פּראָיעקטן, וואָס אויערבאַך האָט ליב איינצובייסן. דאָס איז פון די שענסטע יידישע געזאַנגען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן ווי אַ בענטשונג אויף דעם גרויסן בליציקן אַנטשטיי אין אונדזער דור. די יידישע פּאָעזיע איז שטאָלץ, וואָס אַ יידישער פּאָעט האָט אַזוי מיט אַלע חושים פון יידישן לשון און געמיט אויפגענומען דעם פרימאָרגנדיקן אויפשטיין אין דער יידישער מדינה, ווען קינד און קייט שפּירט דעם טעם פון אַ יידישן יום־טוב אין די ביינער. אין דער פּאָעמע זעען מיר אויערבאַכן ווידער ביי דער אַרבעט, שוין איבערזעצנדיק — אַפילו דעם לויטערן ניי־העברעיִשן קוואַל אויף יידיש. די טיף־יידישע בילדלעכקייט און דער אומגעצוווּנגענער נאַראַטיווער טאָן פאַרוואַנדלען די „ווייסע שטאָט“ אין אַ שטיק יידיש אייגנטום.

אָבער אין זיין לידער־בוך „גילדענע שקיעה“, וואָס איז ערשט דערשינען מיט אַ פיר יאָר צוריק, האָט אפרים אויערבאַך באַשלאָסן צו מאַכן עטלעכע טריט צו זיך. ער האָט אין דעם בוך אונדז געגעבן זיינע שענסטע ליריש לידער, זיינע פאַרטיפט־טרויעריקע לידער, מיט זיינע נאַציאָנאַל־לירישע לידער, די לידער פון אַ יידישן יחיד, וואָס בענטשט די יונגע טריט פון אונדזער נייער געשיכטע, מיט אויגן פון דורכגעציטערטן ווייטאָג, פון יידיש מיטלעבן, מיטליידן, מיטשטאַרבן. ס'איז אַ בוך מיט אַ גרויסער צאָל שטילע, נאָסטאַלגישע לידער, לידער וואָס פּאַסן אַקוראַט דעם פּאַס פון דעם פּאָעטס יאָרן. אַפילו דער אויסגערעדטער שרעק פון טויט, ווערט ליריש איינגעשמועסט און ער ווערט פאַרוועבט מיט די גאָלדפּעדעם פון אויערבאַכס אָנגעזאַמלטער פּאָעטישער קענטשאַפט.

אויך דאָס בוך „די גילדענע שקיעה“ איז אַ פּראָיעקט. דער נאַציאָנאַלער ייד, דער פאַרפרומטער ייד, וואָס לייענט נאַציאָנאַלע קריאת־שמע, דער ייד, וואָס

וואַכט אויף אין פרימאָרגן צום טאַקט פון ייד־גאַנג אין דער „ווייסער שטאָט", האָט זיך געגומען איינהערן אין זיך, כדי צו דערגרייכן אַ נאָך אינטימערע מאָס פאַר דעם נאַציאָנאַלן געוויטער אין דער נשמה פון באַזונדערן ייד.

און אַזוי, מיט אַט דער מאָס מוזן מיר באַטראַכטן די ריזיקע און ריזיקאַלישע פּאָעטישע אויפגאַבן, וואָס אויערבאַך שטעלט זיך תמיד, נישט אָפּשטעלנדיק זיך נאָך יעדער נייער דערגרייכונג. אין זיינע פריִע לידער האָט דער פּאָעט באַזונגען זיינע „פויערשע פלייצעס" און אונדז פאַרזיכערט, אַז ער האָט „נאָך גענוג זון זיין ווינטער צו באַהייצן". מיר ווילט זיך נישט טראַכטן מיט אַזעלכע סעזאָן־קאַטע־גאָריעס פון לעבעדיקע יאָרן, אָבער צום זיבעציקסטן געבוירנטאָג איז צו אונדז אפרים אויערבאַך ווידער געקומען מיט אַ פּאָעטישן פּראָיעקט. זיין ניי לידער־בוך, וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ אין ישראל, איז אפשר דער ריזיקאַליש־סטער פאַרמעסט פון אַלע זיינע פריערדיקע ביכער. אויערבאַך איז תמיד געקומען צו אונדז מיט זיין בעסאַראַבישער מעטריקע, אָבער ער איז קיין מאָל נישט געווען אַזוי דורכויס דיאַלעקט־פּאָעט און אַזוי דער זינגער פון זיין געבוירן־לאַנד, ווי אין זיין ניי בוך — „וואָך איז דער סטעפּ". אין דעם בוך האָט אונדז דער פּאָעט געוואָלט געבן אַ געסדרטע אויטאָביאָגראַפיע, אַ משפחה־אַלבום, אַ ביאָגראַפיע פון אַ שטאָט מיט יידן, און דעם פולן געטומל פון גאַנצע שטעט מיט בעסאַראַבער יידן.

דיאַלעקט־פּאָעזיע קען ווערן אַ היפש ביסל מאָנאָטאָן, פאַר מענטשן מיט פרעמדע אויערן, אָבער אויערבאַך האָט זיין ניי בוך באַשאָנקען מיט אַלע זיינע דערוואָרבענע מעלות פון אַ ליריקער, אַ פּאָעטישער געשטאַלטן־שניצער, אַן אַרי־גינעלער נאַטור־באַזינגער, אַ פּאָעטישער פובליציסט, וואָס קאָן אין צוויי שורות געבן אַ געפּרעסטן דורכגעטראַכטן געדאַנק. צו זיין ריזיקאַלישסטן און אונטערנע־מערישסטן פון אַלע זיינע לידער־ביכער איז אויערבאַך געקומען מיט זיין גאַנצער פּאָעטישער גאַמע, און מיט די מחשבות, וואָס ער האָט אַזוי טרעפלעך אָנגערופן — „געטראַכט מיט עברי־טייטש", דער נאָמען פון זיין עסייען־בוך.

אין דעם בוך „וואָך איז דער סטעפּ" האָט אויערבאַך אַרויסגעוויזן די קראַפט פון אַ ראָבערט פראָסט, וואָס האָט פאַר דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע באַטעמט ניי־ענגלאַנד און זיך איינגעביסן מיט רחבותדיקע, כמעט פּראָזאַישע שורות אין איר פּייזאַזש.

אין זיין נייסטן בוך לידער האָט זיך אויערבאַך פאַרעקשנט מער ווי וואָסער נישט אַנדער יידישער פּאָעט, צו באַזינגען זיין פּראָווינץ, אויף אייגענע באַדינגונגען. ער איז אין דעם בוך אַ גלענצנדיקער פּאָעטישער דערציילער, אַ תמציתדיקער כאַראַקטער־שילדערער און גלייכצייטיק אויך דער שאַפער פון קלענערן ליד, וואָס איז דימענטיק אין דורכפיר און געשליפן פון אַלע פּאַצעטן.

ס'איז אַ בוך, וואָס וויל אונטערציִען אַ סך־הכל, איבערמאַשנדיק אַלטע היימישע פּאָטאָגראַפיעס. איינס פון די שענסטע לידער אין בוך איז דער באָבעס טויט, וואָס

איז ווי אַן אלמנה כסדר אַרומגעגאַנגען „ווי אַ מלכה, וואָס האָט יונגערהייט די מלוכה פֿאַרשפּילט“. פֿאַראַן אין די לידער אַ סך סענטענצן, וואָס זענען אַ צוזאַמענשפּיל פֿון פּאָעזיע, גוט־פֿאַרשטאַנענער דערפֿאַרונג און גוט־פֿאַרטייטשטער טרויעריקער זון־פֿאָטער־בענקשאַפֿט, נאָך יענעם „נישטאָ“, וואָס מיט אים „איז די ליידיקייט פֿול“.

דאָס בוך וואָלט נישט געווען גאַנץ, ווען אויערבאַך וואָלט עס נישט פֿאַרענדיקט מיט אַ ניי געזאַנג צו מדינת ישראל. דאָס איז אַ נייע „ווייסע שטאָט“, און דאָס מאָל רופֿט עס דער פּאָעט — „דאָס קול פֿון דער טערקלטויב“, וואָס מען הערט אויף יעדן שריט און טריט, איבער דער לענג און ברייט פֿון לאַנד. דאָס איז אַ געזאַנג פֿון אַכצן לידער. דער פּאָעט, וואָס קען אַזוי גוט דאָס לאַנד פֿון זיינע סאַמע ערשטע „קאַראַוואַנען“, שטעלט זיך אָפּ אַ שווייג טאָן „אויף קברים פֿון זומפּן און פֿיבער“. איינס פֿון די שענסטע לידער אין דער סעריע איז דאָס פּופּצנטע, דאָס געזאַנג פֿון מענטש און שטיין, אונדזער יידישע פּרעהיסטאָרישקייט.

1.2.63

# געזאַנגען אין שייער

ס׳טרעפט נישט צו אָפט, אַז אַ דיכטער מיט אַ געוווינגער רעפּוטאַציע, מיט אַלע אָנגעצייכנטע מעלות און מיט אַן אייגנס פון עטלעכע שטאַרק־געליבטע לידער־זאַמלונגען, זאָל מיט אַ מאָל גאָר שטאַרק איבערראַשן מיט אַ קליינער צאָל לידער, וואָס זאָלן אָנווייזן אויף אַ נאָך ווייטער־גאַנג און העכער־קלעטער, ווי די צוועלף לידער, וואָס דער פּאָעט אריה שמרי האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם נומער 45 „גאָלדענע קייט". די איבערראַשונג באַשטייט נישט אַזוי אין געבן אַ נייעם ווענד, ווי אין אַנטפּלעקן די ווייטערדיקע מעגלעכקייטן פון אייגענע כוחות. מיר האָבן געמיינט, אַז דער שטאַרק באַשאָנקענער אריה שמרי האָט אונדז שוין געוויזן אַלץ וואָס ער קאָן — און ער קאָן גאָר אַ סך — אָבער אַז זיין קענטשאַפט איז נאָך פון אַ העכערער מדרגה ווי ער האָט אפשר אַליין געוווּסט, ווייזט אונדז זיין נייע לידער־סעריע, וואָס ער האָט אָנגערופן „לידער־זאַנגען".

צוזאַמען, ווי געזאָגט, איז עס אַ טוץ לידער, וואָס מען קען נישט גלאַט איבערלייענען אָן באַמערקונגען. דאָס זענען לידער, וואָס מוזן אַרויסרופן ביים לייענער אויסרופן פון באַוווּנדערונג נאָך יעדן ליד באַזונדער. אריה שמרי געהערט נישט אָפיציעל צו דער גרופּע „יונג־ישראל", וואָס איז שוין אויס גרופּע און יעדער איינער גייט זיך מיט זיינע אייגענע טריט אויף אַן אייגענעם וועג. די גרופּע איז געווען געבענטשט מיט אַ סך טאַלאַנט. יעדער איינער איז געקומען קיין ישראל מיט אַ גרויס פאַרמעגן; אויב נישט מיט קיין ממשותדיקן האָב־און גוטס, איז מיט דער באַלדיקער רעאַליזירונג פון אייגענע כוחות. אריה שמרי האָט נישט באַדאַרפט קומען קיין ישראל און זיך אָנקניפּן אין אַ גרופּע; ער איז שוין דאָרט געווען אַן איינגעפונדעוועטער קיבוצניק, וואָס האָט, אויב מען וויל, צוגעגרייט דעם וועג פאַר דעם אָנקום פון דער גרופּע. ער האָט איינער אַליין געעפנט אַ ניי קאַפּיטל אין דער יידישער פּאָעזיע, דורך איינבירגערן דאָס מאָדערנע ליד אין יידישן לאַנד, דאָס געזאַנג, וואָס איז ביי אים תמיד געווען אָנגעטרונקען מיט אַ גרויסער ליבשאַפט צום יידישן לשון. ער האָט אַליין פאַרפלאַנצט טייערע גוט־איינגעדעקטע יידישע ווערטער און זיי זענען אויפגעגאַנגען מיט דעם אַראָמאַט פון לאַנד, ווי זיי וואָלטן דאָרטן געוואָקסן פון אברהם אבינוס צייטן. מ׳קען זאָגן, אַז אין שמרים יידיש איז פאַראַן די פולע באַלאַנגיקייט צום לאַנד. זיין האָרטי־קולטור פון יידישע ווערטער איז געווען געמישט מיט געניוג מיסטיק, ווייל אַפילו ווען מען פאָרשט אויס זיין אופן פון שרייבן יידיש אין ישראל, בלייבט נאָך אַלץ אַ נישט־דערפאָרשטער סוד, דער נייער אַראָמאַט פון יידישע ווערטער, וואָס זענען

רורכגעזעטיקט מיט באַזעצטקייט. מיר דאַכט זיך, אַז אריה שמרי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט נישט נאָר גערעדט, נאָר באַוויזן די גערירשנטע בירגער־שאַפט פון יידיש אין ישראל. ער האָט עס באַוויזן מיט אַן אייגענער קינסטלערי־שער גענעאַלאָגיע.

ער איז דערפאַר געוואָרן דער וואָרט־מאַכער פאַר דער גרופע „יונג־ישראל״; ער האָט זיי אויפגענומען מיט זיין ליד, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין קאָמפּלעקסן פון פרעמדקייט. דאָס לשון פון זיין ליד האָט זיך נישט גענייטיקט אין אַ חוק, וואָס זאָל עס געבן יידישע בירגער־רעכט. זיינע לידער האָבן גאָרנישט אַרויסגערופן קיין שום הוה־אמינא, ווייל זיי זענען געווען ישראלדיק־יידיש, מיט איבערצייגנ־דיקער זיכערקייט.

דערמיט האָט ער באַנייט און געעפנט אַ פריש קאַפּיטל אין דער גאַנצער יידישער פּאָעזיע. געווען אין ארץ־ישראל יידישע פּאָעטן, וואָס זענען געקומען פאַר אים, געזונגען פאַר אים וועגן לאַנד און לאַנדשאַפט, אָבער זיי האָבן עס אַלע געטאָן אין געמיט, ווער מיט מער טאַלאַנט ווער מיט קנאַפּערע כוחות, אָבער שמרי האָט עס געטאָן דירעקט מיט וואָרט. זיין אויפגאַב איז געווען נאָך שווערער דערפאַר, ווייל ער איז דורכויס אַ מאָדערנער פּאָעט, וואָס האָט דווקא געאַרבעט מיט דער גאַנצער ירושה אונדזערער און דאָך האָט ער גאָרנישט געוואָלט נעמען פון גרייטן.

האָט מען געוווּסט, אַז שמרי זיצט אַן איינגעפונדעוועטער אין זיין קיבוץ עין־שמר, און דאָרט, מיט גרויס קענטשאַפט, באַמיט ער זיך צו פאַרגעסן אַלע באַנאַליטעטן, וואָס זענען שוין אָנגעוואָקסן אויף דער יידישער פּאָעזיע. אָבער דאָרט זיצנדיק, איז ער אויך פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פון יידישן ליד איבער דער גאַנצער וועלט, איינזעענדיק די גאַנצע צייט, אַז ער האָט אַ מיסיע צו באַרעכטיקן דאָס יידישע וואָרט אין יידישן לאַנד, נישט נאָר פּראָפּאַגאַנדיסטיש, נאָר שעפעריש.

ווייסט מען דערפאַר גוט, וואָס שמרי האָט אויפגעטאָן. זיין פּאַרטיפטע יידישע טעמאַטיק איז תמיד געקומען מיט פאַרטיפטער ווירטואָזיטעט, ווייל ווירטואָזיטעט קען זיין אַ דרויסנדיקע, אַז זי זאָל אין גאַנצן זיין אָפּגעטיילט פון דער אינהאַלט־לעכקייט; אַז מען זאָל די ווירטואָזיטעט ממש קענען אַראָפּשיילן פון אינהאַלט.

ביי שמרין זענען זיינע יידישע ווערטער קודם כל געווען לאַנד־ווערטער. איך אַליין ווייס עס נישט ווי צו דעפינירן, אָבער מען האָט תמיד ביי שמרין געשפּירט, אַז אונדזער יידיש וואָרט איז דאָרט אויף דער יידישער פעלד־באַמיס־טיקונג געוואָקסן. ער האָט יידישע ווערטער באַנייט מיט נייע, נאַטירלעכע קריינד־לעך, וואָס האָבן עס געפּאַסט צום פּנים. ער האָט אויך געפּאָרשט די נייקייטן פון יידישן גראַם און פון זיין אייגנאַרטיקער מוזיקאַלישקייט. ער האָט אַוועקגעשאַרט

אַלע פרעמדע איינפלוסן אויף דער יידישער פּאָעזיע און זיך דערגראָבן צו איר מקור, וואָס איז די מוזיק פון תנ״כישן טראָפּ.

די איבעררעאַשונג פון זיינע נייע צוועלף לידער, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „געזאַנגען אין שייער״ און וואָס זענען איינגעטיילט אויף באַזונדערע לידער, מיט אייגענע קאַפּיטלעך, באַשטייט אין דעם, וואָס אריה שמרי האָט אונדז געוויזן, אַז זיין אַקטיווע מי פאַר זיך און פאַרן יידישן ליד אין לאַנד איז נאָך אין פולן גאַנג און פאַרמאָגט נאָך סיי טעמאַטיש, סיי טעכניש נייע וווּנדער.

שוין מיט דעם נאָמען אַליין „געזאַנגען אין שייער״ גייט־אויף דאָס ליד זיינס אויף יידישער לופט. שמרי געפינט דעם זיווג צווישן זאַנגען און געזאַנגען, וואָס כוואַליען זיך ביי אים אין אָפענעם פעלד.

דאָס ערשטע ליד פון דער סעריע הייסט טאַקע פשוט — „זאַנגען״. ס׳איז אַ ליד אין גאַנצן פון צוועלף שורות. די מוזיק איז אַ צניעותדיקע. זי מוזיצירט נישט און טרעט נישט אָן אויף די אייגענע שורות. די בילדער זענען נייע און זיי זענען געשאַפן פון די מעגלעכקייטן פון יידישן וואָרט, כ׳מיין צו זאָגן — מיט דער הילף פון די באַהאַלטענע אוצרות אין אונדזער לשון.

אַזוי טוליען זיך די זאַנגען —<br>
אין סוד פון הימלען אויף דער ערד,<br>
אָנגעהאַרביקט מיט אַ בלאָקייט,<br>
אין גרויסן שווייגן איינגעהערט.

דאָס צווייטע ליד הייסט „ביים טויער פון צייט״. ס׳איז אַ פּאָעטישער דיאַלאָג, וואָס מען דאַרף און מען מעג לייענען מער ווי איין מאָל. נאָך דער עפענונג פון ערשטן ליד זוכט דער פּאָעט זיך אין צייט. ער זוכט זיך אויסצולייזן פון נישט־ווערן, כדי צו דערשפּירן די פולע אומגעשטערטע פאַרבינדונג מיט דער מוזיק פון זאַנג אין פעלד.

אייביק מיין גאַנג דורך נאַכט און געלויער,<br>
אייביק פאַרגאַנג, געוויין און באַדויער.

אָבער דער פּאָעט דערפילט די טרייסט פון זיין אַ טייל פון פריידיקן דרויסן —

קלינגט אָפּ דאָס קול, דער טויער העלט<br>
און כ׳פיל ווי ס׳גייט די נאַכט אין פעלד,<br>
שטערן זאנגלען אויף מיינע האָר.

גריבלערישע לידער זענען זייער שווער צו שרייבן. די פילאָזאָפיע קען אויפ־עסן דאָס ליד, אָבער ביי שמרין ווערט עס אַ געוועב, ווו וואָרט ווערט דורכגע־קנאָטן מיט אינדיווידועלער געזאַנגיקייט, אַז אַלץ וואָס ווערט געזאָגט ווערט ניחא ווי געזאַנג.

דאָס דריטע ליד פון דער סעריע הייסט — „אין ווייסן צוויט״. ס'איז אַ שפּיל אַזאַ מיטן מלאך המוות, אין געשטאַלט פון אַ קראָ. דער פּאָעט גיט זיך אַ רייץ מיט דעם פּיק־פויגל, וואָס קומט צום גרייטן, ווען אַלץ ליגט אויסגעלייגט און אויסגעשטרעקט פאַר אים.

ס'האָט גאָט געפינגערט ווייסע צווייגן.
מיין ברעם האָב איך פאַרצויגן —
דאָס גרויסע ליכט אַריינצושווייגן.
דעמאָלט האָט אַ שוואַרצע פויגלין
מיך דערזען אין שויס פון גראָזן.
ס'איז אַ קראָ פאַרבייגעפלויגן:
קראַ־קראַ, קראַ־קראַ — מיט אַ ירגזון.

דער פּאָעט מאַכט זיך אומבאַוועגלעך, און ווען דער פויגל מיינט שוין, אַז ער האָט אַ גרייטע סעודה, שפּרינגט דער פּאָעט אויף — און באַטעמט דעם טעם פון תחית המתים. דאָס ליד איז פול מיט באַנייטע ווערטער, זעלטענע גראַמען און אומגעריכטע בילדער.

דאָס פערטע ליד איז אַ געזאַנג צו „ברודער איילבערט״ און קיינער האָט נאָך אין אונדזער פּאָעזיע אַזוי נישט פאַרנומען די באַטאַנישע „פּסיכאָלאָגיע״ פון אַן איילבערט, וואָס וואַקסט־איין־אַליין —

אין וויסטעניייענס סאַמע מיטן,
אין ערד פאַרפאַנצערט קופּער־צייניק,
דאָס ביסל דאַרע וואָרצלען היטן.

דער פּאָעט איז גערירט פון דעם עקשנותדיקן און פאַרקוואַרטן אַריינוואַקס.

איצט האַלדזט דיין שטאַם אַ ברודער־זינגער.
מיט טרערן־דימענט אויף דיין קאָרע
פאַרגלייען ליבשאַפט מיינע פינגער.

דאָס ליד „אין מיין רומל״ באַשטייט פון דריי קליינע לידער־אָפּטיילונגען. דאָס זענען דריי לידער, וואָס ווייזן אונדז קלאָר די אומגעריכטקייט פון אונדזער יידיש־אוצר, אונטער נייע הימלען. דאָ אַהער איז געקומען דער פּאָעט אַהיים — „אירע

שטויבן — מיין מי אויסצומיִען, איר וואָרעם — מיין ליד אויסצולידן". כ'וועל ברענגען איינס פון די דריי לידער ווי אַן עדות —

פון מערב — די ימיקע הימלען מיט פורפורנעם פייער,
אין מיזרח — געבערגן מיט זילבערנע קרוינען.
אין מיטן — מיין שטעגל פאַרטייעט און טייער
מיט ערדישע ברידער ביים שייער פון טרוימען.

זאַנגען אין שייער און געזאַנגען אין שייער,
און זריעות פאַרטרערטע און שניטן צעהעלטע.
און יאָרן דאָ גראָזן יינגער און נייער
פון פאַרטייעטן שטעגל צו רחבות פון וועלטן.

דאָס איז שירה פון יידישן ליד צום „וואָרעם" פון יידישער היים, וווּ יידישע יאָרן „גראָזן יינגער און נייער".

די לעצטע פינף מיט אלף־בית אָפּגעטיילטע לידער, הייסן — „גן־אָדם". דאָס זענען אוניווערסאַלע לידער, וואָס זענען פּאָעטישער פון מילטאָנס „פאַרלוירענעם גן־עדן". דער פאַרטריבענער אָדם גייט מיט שטאָלץ צו דער פאַרפלאַנצונג פון דורות אויף דער ערד. אָדם ווערט אויף אַן אמת דער עלטער־עלטער אונדזערער און דער פּאָעט, זיין ווייטער „איניק", ווערט צוגעאייניקט צו אַ גרויסן בראשית, וואָס איז פול מיט אורשאַפונג, מיט ערשטער מאַן־ווייב־ליבשאַפט, מיט גאָט־טרויער. אָדם וואַקסט אויס אין די פינף לידער פון אַן „ערשט־געניטער ליידן־קענער, תם דערשראָקענער אין וועלט פון תוהו", צו אַ גרויסן מענטשלעכן מורד. כּאָראַן אין דעם ליד אַן „עפּלדיקע עראָטיק", אַ וויניקע. דער מענטש הייבט אָן מענטשן באַשאַפן, אריה שמרי פאַרחלומט דעם פאַרטריבענעם זיידן —

ביסט מיט שטאָלץ אַוועק צו דיין וואַנדער
פון דער שלווה פונעם גן־עדן.

די פינף אָדם־לידער זענען אויך דורכגעוווּיקט מיט זעלטענער יידיש־רייד און יידיש־שאַפונג.

די סעריע פון צוועלף לידער איז אריה שמריס אַ נייע גרויסע דערגרייכונג. די לידער ווייזן ווי אומגעריכט אמת קינסטלערישע שאַפונג קאָן זיין, אויף איר נישט־אָפּגעשטעלטן וועג פון אייביקן זוכן. פאַר דער יידישער וועלט־פּאָעזיע איז די סעריע „געזאַנגען אין שייער" אַ נייע באַקרוינונג, מיט דער ערלעכער חתימה פון תוצרת הארץ.

15.3.63

## „דער מענטש אין חלום“

מאיר שטיקער איז אַ פּאָעט, וואָס האָט אין משך פון קנאַפּע פערציק יאָר אַרויסגעגעבן נישט מער ווי צוויי לידער־ביכער, אָבער אַזאַ אָנגעזעענער קריטיקער ווי א. טאַבאַטשניק האָט וועגן אים אָנגעשריבן אַ לענגערע עסיי, כמעט אַ קריטישע מאָנאָגראַפיע, וואָס איז דערשינען אין פאָרעם פון אַ געשמאַקפול אַרויסגעגעבן בוך, אין פינף קאַפּיטלען, וואָס האַלט עטלעכע און פערציק זייטן. דאָס בוך — כ׳האָב פיינט דאָס פאַרקלענערונג־וואָרט ביכל — הייסט — „דער מענטש אין חלום“. דער נאָמען איז גענומען פון שטיקערס אַ ליד, וואָס ווערט געבראַכט ווי אַן אַריינפיר צום בוך, פאַרן בילד פון פּאָעט, און עס דאַרף פאַקטיש דינען ווי דעם פּאָעטס גייסטיק בילד און אַ שליסל צו זיינע לידער.

אַז מען שרייבט וועגן אַזאַ בוך, שרייבט מען נישט ווילנדיק וועגן צוויי, וועגן קריטיקער און וועגן פּאָעט. טאַבאַטשניק, אַליין אַ פּאָעט, ווייסט זייער גוט וואָס ער וויל און נאָך מער, ער פּראַקטיצירט זיין אייגענעם געשמאַק אין זיינע געפּרעסטע פערזן. ער איז דורכויס אַ סוביעקטיווער קריטיקער, וואָס באַהאַלט נישט זיינע אייגענע מיינונגען אין צוגאַנג צו פּאָעזיע. ער איז שאַרף און ער מאָביליזירט צו הילף אַ סך לאָגיק און אַרגומענטאַציע צו באַרעכטיקן זיין געשמאַק. טאַבאַטשניק איז אַ ספּעציאַליזירטער קריטיקער, ער שרייבט בלויז וועגן פּאָעטן, טאַקע מייסטנס וועגן דעם גאַנצן פּאָעט און נישט וועגן באַזונדערע לידער אָדער ניי־דערשינענע ביכער. דערמיט נעמט ער זיך אַליין אַרויס פון דער חברותא — „וועכנטלעכע און חודשלעכע פּרעסע־רעצענזענטן“, אויף וועמען טאַבאַטשניק האָט פאַראיבל, הלמאַי זיי האָבן „גאַנץ פאַרשלאָפן“ רעצענזירט שטיקערס ערשטע בוך „לידער“ — אַזוי האָט טאַקע דאָס בוך געהייסן — וואָס איז דערשינען אין 1945. טאַבאַטשניק איז בכלל אַ קריגערישער קריטיקער, וואָס בעת ער קאָנצענטרירט זיך אויף איין דיכטערישן פּאָרטרעט, פאַרטשעפּעט ער, ברמיזא אָדער דירעקט, אַ טוצן אַנדערע, ווי ער וואָלט זיין אויסדערוויילטן געוואָלט געבן מער רחבות, אַ באַקוועמערע דירה אין פּאָעטישן קוואַרטל. דערמיט שיסט טאַבאַטשניק אַ סך האָזן מיט איין מאָל. נישט זייענדיק קיין נעגאַטיווער קריטיקער, ווייל ער שרייבט מייסטנס בלויז קריטישע מאָנאָגראַפיעס וועגן די פּאָעטן, וואָס געפעלן אים שטאַרק, באַפרידיקט ער פון דעסטוועגן דעם יצר־הרע פון קריטיק און ער לייגט אַוועק אַ צאָל אַנדערע פּאָעטן.

א. טאַבאַטשניק איז אַ געבוירענער קריטיקער. ער האָט די כלי־זין דערפאַר, די קולטור פון אַ קריטיקער, די אָנגעלייענטקייט, דאָס ווייקן אין קריטיק, און

ער באַזיצט אַן אויסקולטיווירטן געשמאַק, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַ סך ענדע־רונגען, אויפריכטיקע, אין קריג מיט זיך אַליין. געקומען איז טאַבאַטשניק ווי אַ קריגער קעגן יענעם, ווי דער קריג אַליין וואָלט געווען אַן ענין. פאַר אים איז עס טאַקע געוואָרן אַן ענין, ווייל ער האָט זיך געלערנט אויף יענעמס באַרד שערן און גאָלן. אָבער וואָס טיפער ער איז אַריין אין דער געדיכטעניש פון דער קרי־געריי, איז זיין קריטישע פּאָלעמיק געוואָרן אַ קריגעריי מיט זיך אַליין. אָנגעהויבן האָט זיך עס דערפון, וואָס ער אַליין האָט זיך ערנסט גענומען צום ליד און ער האָט זייער ערלעך איינגעזען וואָס פאַר אַ שווערע מלאכה עס איז, וואָסער שווער „שטיקל ברויט״, און ער האָט דערפאַר אָנגעהויבן אַנטוויקלען איינזעעניש מיט די ערלעכע ראַנגלענישן פון אַ צאָל פּאָעטן, וואָס זענען אים אין תוך געווען פרעמד און אים געדינט בלויז ווי צילברעטער.

פאַראַן קריטיקער, וואָס זייער עובדה איז אַרויסצורופן באַוווּנדערונג פאַר זייער געליבטן שרייבער. ענדיקסט דעם קריטיקערס אָפּהאַנדלונג און קאָנסט זיך קוים איינהאַלטן, אַז דו זאָלסט שוין נישט בלעטערן דאָס בוך פון דעם אָפּגע־שאַצטן שרייבער. פאַראַן אַנדערע קריטיקער, וואָס די געבראַכטע ציטאַטן פון שרייבער הערן אויף צו שפּילן אַ ראָלע און וואָס מער דו לייענסט דעם קריטיקער, אַלץ מער האָסטו הנאה פון אים אַליין, פון זיין אייגענער ווירטואָזיטעט, פון דעם אופן ווי ער האָט זיין אַרבעט דערהויבן צו זיך־אויסדרוק און צו קונסט. פאַראַן ווידער קריטיקער, וואָס קאָמבינירן ביידע מעלות צוזאַמען, זיי זענען אַליין קינ־סטלער, אָבער דער שרייבער וועמען זיין שאַצן אָפּ, ווערט נישט קיין בייזאַך, בלויז אַן אויסרייד אָדער אַ טעמע. אַזאַ קריטיקער געלינגט אַרויסצורופן באַוווּנדערונג פאַרן שרייבער אויך. ער פאַרוואָלקנט אים נישט, ער זעצט זיך אַוועק לעבן אים; אָבער גראָד דערפאַר, ווייל דער קריטיקער אַליין איז אַ קינסטלער, רייט ער נישט אויף אים, ער זעצט זיך לעבן זיין שרייבער מיט אָנערקענונג און אפילו מיט אָפּשיי, ווייל יעדע גוטע קריטיק מוז אין זיך האָבן אויך — אָפּשיי. מען קען נישט צווינגען אַ לייענער ליב צו האָבן אַ שרייבערס ווערק, אויב מען איבערצייגט זיך נישט, אַז מען האָט עס אַליין ליב געהאַט. עס זענען אָבער אויך דאָ אַזעלכע קרי־טיקער, וואָס נאָך דעם ווי דו לייענסט זיי, גלוסט זיך דיר קאָנטראָלירן זייערע מיינונגען, גייסט מיט אים אין אַ געוועט און אין אַ פּאַרמעסט, געטרויסט אים נישט אין גאַנצן, ווילסט זען צי ער איז גערעכט. דער דאָזיקער קריטיקער שאַפט אָבער אין אַזאַ לייענער דעם חשק צו לייענען דאָס ווערק, אַפילו ווען ס׳איז בלויז לשם אייגענער פולער איבערצייגונג.

וואָס פאַר אַ קריטיקער איז טאַבאַטשניק? איך וואָלט געזאָגט, אַז ער איז אַ סינטעז פון אַלערליי קריטיקער. ער רופט גאַנץ אָפט אַרויס באַוווּנדערונג פאַר זיינע געליבטע „העלדן״, מען האָט נישט זעלטן הנאה פון זיין אייגענעם שרייבן, נישט אַזוי פון זיין אינדיווידועלן סטיל, ווי פון זיין געניטער צעגלידערונג, זיין

שאַרפקייט און אַנאַליטישן כוח. אַ מאָל פאַרוואָלקנט ער די ציטאַטן פון זיינע שרייבער, אָבער ס׳געשעט אויך, אַז מען וויל אים נאָכקאָנטראָלירן און זען צי איז ער טאַקע גערעכט; וואָס מער ער אַנטוויקלט זיינע טענות און באַפעסטיקט זיי, אַלץ מער דערוועקט זיך דער חשק צו זען, צי זענען די מיינונגען טאַקע אויסגע־שטאַנענע און אויסשטייעוודיקע.

„דער מענטש אין חלום״ האָט די ספּעציעל גרויסע מעלה, וואָס עס איז גע־שריבן פון אַ נאָענטן פריינד וועגן אַ פריינד, אַ מיטגייער. די מעלה פון אַ פריינד, וואָס איז אַן ערנסטער קריטיקער, באַשטייט אין דעם, וואָס ער פאַרשפּאָרט צו פאַרשווענדן צייט אויף אומזיסטיקע גראָבענישן. דער פריינד ווייסט אַקוראַט, ווי און ווו זיך צוצורירן, ווו צו עפענען אַ טירל און ווו עס צו פאַרמאַכן. דאָ רעדט זיך נישט פון טובה־קריטיק. א. טאַבאַטשניק איז נישט קיין קריטיקער אַ בעל־טובה, און אַפילו זיינע בעסטע פריינד וועט ער נישט געבן אויף באָרג. אין זיין קריטישער עסיי זענען פאַראַן אַ סך שאַרפע מיינונגען וועגן שטיקערס שוואַכע לידער, און אַז ער גיט שוין יאָ אויף באָרג, שטעלט ער אויס אַ קרעדיט־וועקסל — אויף גוטע גאַראַנטיעס פון שטיקערס נייע לידער, וואָס זענען נאָך נישט אַריין אין זיין צווייט בוך — „יידישע לאַנדשאַפט״ — און איך בין מיט טאַבאַטשניקן מסכים, אַז אין די נייע לידער קלעטערט שטיקער צו העכערע דערגרייכונגען.

פריער האָב איך אָנגעוויזן, אַז טאַבאַטשניק פאַרמאָגט אַ קולטיווירטן געשמאַק. אָן אַזאַ געשמאַק קען קיין קריטיקער נישט אַרויסרופן דעם מינדסטן צוטרוי ביים לייענער; אַפילו ווען דער לייענער וויל זיך מיטן קריטיקער פאַרמעסטן, מוז דער לייענער שפּירן, אַז דעם קריטיקערס מבינות איז שווער אויף דער וואָג, אַז ס׳איז נישט קיין אָקאָרשט־דורכגעפלויגענע שטימונג־מיינונג, אָדער אַז ס׳איז נישט באַגרינדעט אויף אייגענער אויסאיידלונג.

פון דעסטוועגן, אַז מען האַלט ביי געשמאַק, שטויסט מען זיך אָן אויף אַ גאַנצן בינשטאָק פון פרעגצייכנס. וואָס געשעט מיט געשמאַק, אויב אַ ליד, וואָס טאַ־באַטשניק וועט האַלטן פאַר זייער שלעכט און איך פאַר זייער גוט? מען וועט ביי מיר נישט פועלן, אַז איך האָב נישט קיין געשמאַק. און מ׳וועט ביי טאַבאַטשניקן נישט פועלן, אַז ער האָט נישט קיין געשמאַק. דערפאַר ווערט דאָ, צווישן אונ־דזערע ביידע געשמאַקן, געמאַכט אָרט פאַר דעם גוטן לייענערס געשמאַק, וואָס דאַרף זיך נישט סומך זיין אויף אונדזערע היפּוכדיקע געשמאַקן. ווען עס קומט צו שטיקערס דירעקטע חורבן־לידער זענען מיר ביידע מסכים, אַז זיי זענען צו נאַקעט און צו אָפן און אָנזעעוודיק געגראַמט.

די טעזע, וואָס אויף איר בויט טאַבאַטשניק זיין בנין, איז, אַז שטיקער איז אַ מאָדערנער פּאָעט, און דאָס איז בפירוש אמת. ס׳וואָלט זיך געוואָלט נאָכגיין פוס־טריט דעם אופן ווי טאַבאַטשניק אַנטוויקלט זיין טעזע פון מאָדערנישקייט. איך ווייס נישט, למשל, וואָס עס מיינט אַ מאָדערנער דיכטער „פאַר עקסעלאַנס״. דער

פאַר עקסעלאַנס איז, ווי מיר דוכט זיך, נישט קיין גרויסע הילף צו דעפינירן — מאָדערניזם. מיר איז אויך נישט קלאָר, וואָס פאַר אַ חסרון ס׳איז פאַר אַ דיכטער „ספרים־יידישקייט״. ספרים זענען אַ טייל פון געלעבטער יידישקייט. מיט ספרים לעבט מען ווי מען לעבט מיט שעהען און רגעס.

אין טאַבאַטשניקס אָפּהאַנדלונג זענען אויך דאָ שטעלן, וואָס רופן ביי מיר אַרויס אַ חשק צו פּאָלעמיזירן מיט אים. צום גליק איז ער זיך אַליין סותר. ער מאַכט צו פיל פון ענין ליד, וואָס איז טאַקע נישט קיין קלייניקייט, אָבער ט׳קען נישט ווערן קיין אָביעקט פון פאַרגעטערונג, דער אָלץ פאַר אַ שעפערישן מענטשן, וואָס איז „אַפּאָליטיש, אַסאָציאַל און אויך נישט קיין גרויסער מאמין״.

טאַבאַטשניק אַליין עפנט פאַר אונדז טירלעך צו שטיקערן — דעם סאָציאַלן און אַפילו פּאָליטישן מענטשן פון אונדזער דור. אויף זייט 43 זאָגט אונדז טאַ־באַטשניק, אַז מען קען זען „נישט נאָר שטיקערס מאָלערישע מעלות, זיין רייכע באַגאַבונג פאַרן וואָרט און זיין כוח פאַר פאַרביקער פראַזירונג, נאָר מען קען אויך זען, אַז אים גייען אָן נישט נאָר זיינע אייגענע ,ליבשאַפטן און חרטהס׳, נאָר אַז ער קען זיך אויף אַ דיכטערישן אופן אויך משתתף זיין אין דעם צער פון אַן אַנדערן״.

דאָס איז אַקסיאָמאַטיש פאַר יעדן פּאָעט. אָן די מעלות פון זיך משתתף זיין „אין דעם צער פון אַן אַנדערן״, זאָל אַ דיכטער גאָר נישט געבוירן ווערן און ער ווערט געוויינלעך נישט געבוירן.

אויף זייט 46 רעכנט אויס טאַבאַטשניק די מעלות פון שטיקערס לעצטע לידער, סיי די לעצטע אָפּטיילונג פון בוך „יידישע לאַנדשאַפט״, סיי די ניי פאַר־עפנטלעכטע אין זשורנאַלן און צייטונגען. ער איז אַ ביסל צו שאַרף און צו אַל־געמיין, אָנווייזנדיק די חסרונות פון שטיקערס „אַנדערע לידער״. ער וואַרפט דער־מיט שיר נישט אום זיין אייגענעם בנין, ווען ער זאָגט אונדז, אַז — „די לידער טראָגן אַן איינהייטלעכן כאַראַקטער און האָבן אַ דערקענבאַרע טעמע. זיי זענען געשריבן קלאָר און פּרעציז. די בילדלעכקייט איז נישט אַזוי ,אָנגעפּוישט׳ און נישט אָנגעוואָרפן מיט אַזאַ פּזרנות, ווי אין שטיקערס ,אַנדערע לידער׳״.

א. טאַבאַטשניקס „דער מענטש אין חלום״ איז אַן ערלעכע און דורכגעטראַכטע קריטישע אָפּהאַנדלונג וועגן אַ חבר־פּאָעט, וואָס האָט זיך לעצטנס אָ הייב געטאָן מיט זיין אייגן ליד, אָפּוויקלענדיק פון זיך פרעמדע איינפלוסן. א. טאַבאַטשניק איז גערעכט ווען ער ווייזט אָן, אַז די נייע לידער זענען אָפן, דירעקט און מען „וויסט געגנוי דעם ,וואַרום און דאַרום פון ליד׳״.

מען זעט דאָס פּנים פון דיכטער שטיקער, ווי מען זעט דאָס פּנים פון דיכטער און קריטיקער א. טאַבאַטשניק, אין זיין קריטישער מאָנאָגראַפיע וועגן אַ חבר, וועמענס ליד ער שעצט און שאַצט אָפּ מיט אַ סך פאַרשטענדעניש און וואַרעמקייט.

10.5.63

## בעריש וויינשטיין

מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק האָט בעריש וויינשטיין אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך לידער — „ברוכוואַרג״, און ס׳איז גלייך קלאָר קלאָר געוואָרן, אַז ס׳איז צוגעקומען אַן אייגנאַרטיקער פּאָעט. וויינשטיין איז געקומען קיין אַמעריקע פון דעם שטעטל ריישע, גאַליציע, אָבער ער איז געווען אַן אַנדערשדיקער גאַליציאַנער דיכטער, ווי די פריערדיקע פאַר אים, אין וועמענס לידער מיר האָבן געהערט אָפּקלאַנגען פון דער דייטשער פּאָעזיע און געשפּירט, אַז אין תוך רינט אין זייער ליד היינעס לירישער חוזק און שאַרף געלעכטער, וואָס זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין גוטע, האַרבע יידישע פערזן, ווי זיי וואָלטן היינען צוריק מגייר געווען און אָפּגעוואָרפן דעם דייטש פון זיינע יידישע לידער. אין תוך איז היינעס השפּעה געווען גרעסער אין יידיש און אויף דער יידישער פּאָעזיע, ווי אויף דייטש און אויף פּאָעטן אין אַנדערע לשונות.

בעריש וויינשטיין איז געקומען פון גאַליציע, אָבער אָן דעם מינדסטן שפּור פון יענער קאָנטיקער האַרבקייט און שאַרפקייט, וואָס צו איר זענען מיר געווען געוווינט. דורך דעם צענדליק יאָר, וואָס וויינשטיין האָט פאַרעפנטלעכט זיינע לידער, ביז עס איז דערשינען זיין ערשט בוך „ברוכוואַרג״, האָט מען גלייך געזען אַ יונגן גאַליציאַנער, וואָס איז צוגעפאַלן מיט אָפענע אויגן און איבערראַשנדיקן נייגיר צו אַמעריקע און מיט אַ וויטמאַנישן אָטעם פון ברייטע שורות, וואָס האָבן געמאָלן און גערעדט און דערדעדט זיך תמיד צו אַ געמיט פון אַ פאַרלוירענעם, אָפּגעזוכטן און געפונענעם. זיינע לידער זענען כמעט שטענדיק געווען באַזונדערע דראַמעס פון אַ פרעמדן יידישן יונגנמאַן, וואָס האָט בכיוון אַריינגעבלאָנדזשעט אין פרעמדע געגנטן און זיך אין זיי געמאַכט היימישער, נאָך דעם ווי ער האָט אונדז געגעבן דעם געשפּיר פון דער לופט אין דער פּאָעטיש־איינגעהיימישטער פרעמדקייט.

אין זיין ערשט בוך „ברוכוואַרג״, זעט מען בפירוש די לאַבאָראַטאָריע פון דעם יונגן און נייעם פּאָעט, ווי ער נעמט די שטיקער און שאַפט פון זיי אַ גאַנצקייט. אָבער ווי די מייסטע נייע פּאָעטן, וואָס ברענגען מיט זיך אַן אינדיווידועלן טאָן, איז אים לכתחילה געווען שווער אויפצונעמען. זיינע טריט אין די פרעמדע גאַסן פון מאַנהעטן זענען געווען פאַרזיכטיקע, ווי ער וואָלט זיך גוט אַרומגעקוקט ווו ער שפּאַנט, און אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער פאַר אונדז פונאַנדערגעוויקלט, אין ברייטע באַרעדעוודיקע שורות, דעם פּראָצעס פון זיין יידישער אַמעריקאַניזאַציע. מייסטע יידישע פּאָעטן, וואָס זענען געקומען פאַר אים קיין אַמעריקע און האָבן

באַזונגען אַמעריקע, האָבן דאָס נייע לאַנד אָנגענומען ווי אַן אַנטדעקט לאַנד, וואָס איז שוין דאָ. בעריש ווײַנשטיין האָט עס ערשט באַדאַרפט אײַננעמען. ער האָט קודם כל געוואָלט פֿאַר זיך אַנטדעקן זײַן ניו־יאָרק, די לופֿט פֿון ניו־יאָרק, דעם הימל, די מענטשלעכע פּנימער. שפּעטער האָט ער זײַנע ברייטע שורות וועגן ניו־יאָרק אויסגעבּרייטערט אויף אַמעריקע און זיך מיט יעדן ליד מער באַזעצט.

פֿאַר ווײַנשטײַנען איז אַמעריקע נישט נאָר דאָס לאַנד, נאָר אַמעריקע איז פֿאַר ווײַנשטײַנען אַפֿילו אַ באַזונדערע גאַס, ווו דער לייענער פֿון ליד וועט אפֿשר קיין מאָל נישט זײַן. אָבער ווײַנשטײַנען אַרט נישט די דאָזיקע אויבנאויפֿיקע קליין־געאָגראַפֿיע. ער געפֿינט נאָך אַלץ זײַן אַמעריקע אומעטום, אין יעדן ווינקל, ווו זײַנע פֿיס טרעטן און ווו זײַן אויג וואַנדערט. די דראַמע פֿון זײַנע לידער, דער קאָנפֿליקט באַשטייט אין דעם, יואָס בעת ער זוכט אַמעריקע, זוכט ער אויך זיך. ער וו.נדערט זיך תּמיד, וואָס טוט ער — דאָס ייִנגל פֿון ריישע — דאָ־אָ; דאָס ייִנגל פֿון ריישע באַגלייט אים אויף טריט און שריט, און בעת ער, דער דערוואַקסענער, מאָלט דעם דאָ־הי, האָלט דער ריישער בחור אים אין אײַן דערמאָנען די היים, די קרובֿים, משפּחה, שטעטלשע ייִדן, ווי ער וואָלט כּסדר געפּעדימט זײַן עלטערן זיך מיט פּעדים פֿון יונגשאַפֿט.

אַזוי איז צו אונדז געקומען דער פּאָעט בעריש ווײַנשטיין, גלײַך מיט זײַנע ערשטע לידער, און דורך זײַנע ביכער, וואָס ער האָט ביז איצטער אַרויסגעגעבן. נאָך „ברוכוואַרג״ איז דערשינען זײַן בוך „ריישע״, וואָס איז געווען אַ באַוווסט־זיניקער פֿאַרהאַלט אין דעם שטעטל פֿון זײַן דערמאָנונג, ווי ער וואָלט געוואָלט נאָך מער אָפּפֿרישן אין זכּרון אַלץ, וואָס באַגלייט אים סײַ ווי, אויף טריט און שריט. נאָך זײַן „ריישע״ האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ זאַמלונג „לידער און פּאָע־מעס״. ער האָט זײַן שעפֿערישקייט צעשפּרייט אין די שענסטע און בעסטע ייִדישע זשורנאַלן אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט.

צו זײַן זעכציקסטן געבוירנטאָג איז דערשינען זײַן ניי בוך „באַשערטע לידער״, אַ זאַמלונג פֿון לידער, וואָס ער האָט געשריבן פֿון 1949 אָן. אין דעם בוך איז דעם פּאָעטס באַקאַנט געשטאַלט נאָך היימישער, ווי אין זײַנע פֿריִערדיקע ביכער, כאָטש ער באַנוצט זיך מיט אַלץ, וואָס אים איז אויך פֿריִער „באַשערט״ געווען. אין דעם בוך אָבער האָט שוין ווײַנשטיין „אײַנגענומען״ אַמעריקע און זיך באַזעצט מיט זײַן גאַנץ הויזגעזינד. ער באַזעצט דאָ אַלע זײַנע חלומות און דערמאָנונגען פֿון זײַן היים, ער בענקט דאָ נאָך דעם חומש־לאַנד. ער דאַרף שוין פֿאַר אונדז און פֿאַר זיך מער נישט צו פֿיל אַרומרעדן זײַנע נייע דעראָבערטע ווינקלען און געגנטן. ער קען שוין בלויז מיט אַ ווונק פֿון אַ שורה־צווייִ שאַפֿן די לופֿט פֿון אַלץ, וואָס ער וויל אונדז ווײַזן.

דערפֿאַר האָט ער מער אָרט אין זײַן ליד פֿאַר לירישן ציטער, וואָס האָט נישט תּמיד געקענט דערהערט ווערן אין דער עקשנות פֿון זײַן שילדערן.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז דאָס וואָרט „ליד" ווערט אין דעם בוך „באַשערטע לידער" דערמאָנט הונדערט מאָל, און אפשר נאָך מער. ער זינגט וועגן ליד, ער זוכט דאָס ליד. ער שפּירט פריִער פון אַלץ דעם אויפציטער פון אַ ליד אין יעדער זאַך. די טעמע איז קודם — דאָס ליד; דערגרייכן דאָס ליד, פאַרוואַנדלען אַלע איינדרוקן — אין ליד:

כ׳בין צוריקגעקומען צום ליד,
פון גרינעם הויף, פון אַלטן גראָז.

אָדער:

פאַר דיר, ליד,
האָב איך איבערגעלאָזט דעם אינדערפרי.

און ווייטער מיט צענדליקער זייטן:

איך בין עס געווען דער,
וואָס איז געבוירן מיט די לידער.

און נאָך ווייטער און טיפער אין בוך:

צי אַזוי אָנטרעפן אַ פרישן ייד,
אַן ענלעכן אויף מיינס אַ ליד.

און ווידער מיט אַ צענדליק זייטן נאָך ווייטער:

לאָז מיך מיט די זאַכן וואָס באַשאַפן דאָס ליד.

וויינשטיין האָט אַמאָל געזוכט צו שאַפן פון זאַכן און מענטשן — לידער. איצטער האָט ער שוין אַן אַנונג ווי אַזוי ס׳דאַרף אויסזען זיין ליד און פון וואָסערע זאַכן ער וויל זיין ליד שאַפן. ער זעט און שפּירט פריִער די גאַנצקייט פון זיין ליד און ער וויל, אַז דער פרישער, געפונענער ייד זאָל זיין ענלעך אויף זיין ליד.

פאַר דעם פּאָעט איז בעריש וויינשטיינס שפּירן דאָס ליד, נאָך איידער ס׳ווערט באַשאַפן, זייער אַן אינטימע און באַקאַנטע איבערלעבעניש. מען שפּירט דאָס ליד, די פולקייט, די גאַנצקייט און די פאַרבענקטע דערגרייכטקייט אין דיביינער, אין געמיט, ממש אין די פינגער. דער ציל איז די פערפעקציע פון דעם געשפּירטן ליד, נאָך איידער ס׳איז געבוירן געוואָרן. ס׳איז אַ באַשעפעניש פאַר זיך, ס׳בעט זיך געבוירן צו ווערן. ס׳איז אין אונדזער מעכאַנישער צייט אַ בושה אויסצוזאָגן, אָבער דאָס איז דער זין פון — אינספּיראַציע.

אין דעם נייעם בוך זעט דער פּאָעט בעריש וויינשטיין פאַר זיך די וויזיע פון פאַרטיקן ליד, און ער זוכט עס אין זיין געפונענער אַמעריקע; ער זוכט זיך אין ליד, וואָס קומט צו אים און מאָנט פון אים, אַז ער זאָל עס געשטאַלטיקן און עס

שאַפן. דערפֿאַר זענען אין דעם נייעם בוך „באַשערטע לידער" פֿאַראַן מער ריינע נאַטור־לידער, ווי אין זיינע פֿריערדיקע ביכער. כ׳זאָג — ריינע אין דעם זין, וואָס ווײַנשטיין וויל גאָר נישט צוגעבן, נאָר צוזאַמענשטעלן די „זאַכן" פֿון ליד. אין דעם נייעם בוך איז שוין ווײַנשטיינס אַמעריקע, ווי פֿריִער געזאָגט, אַן אָפּגעזוכטע, ער גיט אונדז שוין די גאַסן, די געגנטן, די שטעט און שטעטלעך, די גערטנער, די בערג, אַפֿילו די מענטשן — ווי אָפּגעזוכטע, אָבער זיך אַליין זוכט ער נאָך אַלץ אַרום מיט דער פֿאַרווונדערטער בענקשאַפֿט פֿון ריישער ייִנגל.

ס׳האָט אַן אַמעריקאַנער מאָלער אַמאָל געזאָגט, אַז ווען אַ קינסטלער מאָלט כסדר אַ פֿערד און ער מאָלט עס אַלע מאָל בעסער און בעסער, שענער און אַנדערשדיקער, קען ער אַפֿילו אויף דעם איינציקן פֿערד אַרײַנרייטן אין דער אומשטערבלעכקייט. ווײַנשטיין האָט זיכער נישט אַזאַ באַגרענעצטע טעמאַטיק. פֿאַרקערט — זײַן טעמאַטיק איז אַ ברייטע, אָבער אַזאַ, וואָס ער אַליין האָט אונדז ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל מיט איר באַקאַנט געמאַכט. אין דעם בוך „באַשערטע לידער" פֿירט פֿאַר אונדז ווײַנשטיין אַדורך זײַן באַליבטע טעמאַטיק — זײַן שטאָט, זײַן דאָרף, זיינע קרובֿים, זײַן בענקשאַפֿט, זיינע רויִע פֿאַרשווינען — זיינע — ווײַל אַלץ איז דורכגענומען מיט זײַן געמיט. אָבער אים גייט דאָ פֿאַרויס די בענקשאַפֿט נאָכן ליד, ער זוכט אַפֿילו די שטימונג:

ווי אין יענעם גרויסן חלום פֿאַרן ערשטן ליד.

אָט דאָס גייט מיט אַלע שורות צום ליד — שאַפֿט אין נייעם בוך אַ נײַע דעראָבערונג, ווי אַ באַוווּסטזיניקייט, וואָס פֿאַרפֿעלט אַ מאָל דאָס ליד און דערגייט נישט דערצו:

מײַן נישט,
אַז מיט דער זון אין דער פֿרי איז נישט די זעלבע זאַך,
ווי מיט דער זון אין פֿאַרנאַכט.
ביידע — גייען־אויף, גייען־אונטער גרויס און רויט.

אָבער זוכנדיק דאָס ליד, אַרט אויך נישט בעריש ווײַנשטייַנען, אויב ער וועט איינמײַדן דעם לייענער פֿון ליד און אים מיטנעמען אויף זײַן עקסקורסיע. זיינע נאַטור־לידער ווערן דערפֿאַר אַ מאָל צו דעטאַלירט, אָבער ווײַנשטיין קויפֿט זיך אויס ביים לייענער מיט טרעפֿלעכע בילדער און מען געטרויט אים און מען זוכט מיט אים צוזאַמען — דאָס ליד:

מ׳בעט אויף רעגן פֿאַר זיי, פֿאַרן גאַנצן דאָרף,
אויף אַ לעכץ וואַסער אויף אָפּגעפֿרישטן ווינט.
פֿון היץ און פֿון בראַנד שפּאַלטן זיך די אויסגעווייקטע טייכן.

מ׳האָט מורא פאַר פייער, פאַרן גאַנצן וואַלד.
שוועבל איז אין דער לופט,
און פייגל שטאַרבן פון דאָרשט.
דו אַליין גייסט אַרום מיט שווערע אויגן,
אַלע שטייענדיקע תבואות בייגן זיך ווי בליי.
די קעפּ פון אומגייענדיקע קי און פערד
הענגען אַראָפּ געליימט צו דער ערד.

כ׳בין נישט זיכער, צי ס׳געליגגט וויינשטיינען צו פאַראינטערעסירן אונדז אין אַלע זיינע געדענקטע היים־געשטאַלטן, מיט זייער גאַנצער משפּחדיקער פאַר־בינדשאַפט. וויינשטיין איז אַריינגעטאָן אין זיינע זכרונות, אָבער אויך אין די ענגסטע, אינטימסטע און לענגסטע פון זיי באַלוינט ער מיט אויפגעבליצטע איי־געגע בילדער און שורות. און איבערן גאַנצן בוך נעפּלט זיך אַן אומעט. אַלץ גיט פון זיך אַרויס אומעט — די לאָמפּן, די גאַסן, די באַנען, די שיפן, די שיכורע פאַרגעניגנס פון די „איבעריקע" מענטשן. דאָס זענען די „זאַכן" פון וויינשטיינס ליד:

כ׳פאַרמאָג נישט מער ווי די שפּראַך וואָס כ׳רעד צו דיר אין לידער.
אין לידער דערצייל איך פון זאַכן וואָס כ׳זאָג נישט קיינעם אין דרויסן.

ער זוכט דאָס ליד מיט דעם לשון פון זיינע לידער, וואָס איז דאָס לשון פון פּשטות, אָפּט פון נישט־מוזיקאַלישער פּשטות, אָבער בעריש וויינשטיין שלאָגט אויס פון זיין לשון דאָס געמיט און דעם טרויער, וואָס איז דער ערלעכער עכאָ פון זיין ליד:

און ווידער אַ מאָל זיך אומקערן צום ווערן פון ליד,
צום טרויער פון מענטש, צום עלנט פון ווינט;
צום האָפער, צום אומעט פון וואָכעדיקן געמיט;
צו דער גאַנצער ערד פון באַשאַפענעם ליד.

## יוסף רובינשטיינס „חורבן פוילן"

„חורבן פוילן", וואָס דער פּאָעט יוסף רובינשטיין האָט אַרויסגעגעבן נאָך זיין גרויס עפּיש ווערק „מגילת רוסלאַנד", באַשטייט פון קנאַפּע פופציק גרעסערע און קלענערע געזאַנגען, צווישן זיי די פּאָעמע „טלאָמאַצקע דרייצן", וואָס פאַרנעמט מער פון דרייסיק רחבותדיקע זייטן און איז איינגעטיילט אין באַזונדערע קאַפּיטלען; פינף טויזנט שורות פון פיר־פּערזיקע סטראָפן מיט אַ שלל פון גראַמען, אַ צאָל פון זיי דערפינדערישע און בליציקע; שילדערונגען פון מענטשן, שטעט, גאַסן און ערטער, וואָס פאַרמאָגן דעם שוווּנג פון גוטער פּראָזע און דעם צמצום פון לידער. שוין דער אויפטו פון אַזאַ פאַרנעמיק און אַרומנעמענדיק ווערק, נישט קיין גאַנצע דריי יאָר נאָך זיין מאָנומענטאַל ווערק „מגילת רוסלאַנד" איז צו באַוווּנדערן — דער שפּרודל פון דערציילערישער ענערגיע, דער נישט אָפּט איבערגעריסענער שטראָם פון געקייטלטע און געקניפּטע זכרונות, אָט די אַלע מעלות פון אָקאָרשט דערשינענעם ווערק „חורבן פוילן" מעגן פאַרצייכנט ווערן נאָך איידער מען פאַרטיפט זיך אין דער פּאָעמע און מען וויל דערשעפּן איר גרינטלעכע ווערטפולקייט.

דאָס ווערק איז איינגעטיילט אין דריי סעריעס. אין דער ערשטער סעריע פאָרט דער פּאָעט, בעסער געזאָגט — ראַטעווועט זיך דער פּאָעט — „צו דער גרענעץ", פאַרלאָזנדיק רוסלאַנד. אַז מען וויל, קאָן מען זאָגן, אַז רובינשטיין פאַרלאָזט רוסלאַנד מיט זיין „מגילה" וועגן זיין נע־ונד, ווי מיר געדענקען זי אַ פאַרטיקע, אָן אויסגעזונגענע פון זיין „מגילת רוסלאַנד". פאַרנדיק צו דער גרענעץ האָבן זיך אין אים אויסגערייפט יענע אויף אייביק פאַרקריצטע דערמאָ־נונגען. נישט אומזיסט איז נאָך די ערשטע אָפּטיילונג פון נייעם ווערק אַ בריק מיט דעם לאַנד און מיט די מענטשן, וואָס ער האָט אָקאָרשט פאַרלאָזן, און אַ פאַרבינדונג מיט דעם בוך וואָס איז דערשינען אין 1960.

די צווייטע אָפּטיילונג הייסט „פּוילן", און אין איר דערזעט זיך שוין און „דערהערט" זיך שוין פוילן.

איך אָטעם איין אַ ווייל די לופט
וואָס שמעקט צעווינטיקט, קיל.
דער פרילינג־טאָג האָט אַלץ אַרום
מיט שטילן בלוי פאַרצויגן —
מיר דאַכט זיך אויס, דער רויש
אַרום ווערט אָפּגעלאָשן, שטיל.

אָבער פוילן דערהערט זיך שוין אויך —

איך שטיי אַזוי און קוק פאַרטראַכט,
און פּלוצלונג הערט מיין אויער
אַ קינדערש־קול פון רויש אַרויס
מיט שרעק צעשריען: — זשיד.

די דריטע, די גרעסטע אָפּטיילונג, וואָס פאַרנעמט העלפט פון בוך, הייסט „חורבן" און דאָרט זוכט דער פּאָעט זיינע שפּורן און אָפּגעמעקטע שפּורן פון יידן און יידיש לעבן, ער זוכט און קלאָגט, ביז צום לעצטן מאָמענט, ווען ער ראַטעוועט זיך שוין אויך פון פוילן, ווו אים איז ביטער באַשערט געווען דורכצולעבן די נאָכווייען פון גרויל און שוידער פון קעלצער פּאָגראָם.

אין ווייטן בלוי, פאַרנאַכטיקן,
ווערט ווו פאַרלוירן פוילן...
איך שטיי און וויס — אויף אייביק
איז אַ ייד פון איר אַוועק.

דאָס איז די ראָם פון ווערק, זיין פורעם. אַ ייד ראַטעוועט זיך, לויפט, אַנטלויפט פון דורכגעלעבטע און נאָך שווערערע פאַרויסגעאָנטע, גרעסערע אומגליקן אין רוסלאַנד; לויפט צו דער גרענעץ, באַקלאָגט, באַוויינט די אַבידה פון אַ פאָלק און אַנטלויפט ווייטער, ראַטעוועט זיך קאָלעקטיוו סימבאָליש. נישט ער, דער פּאָעט בלויז איז אַוועק פון זיין פוילן, וואָס ער קאָן אַפילו נישט פאַרשעלטן, ווייל זי לעבט אין אים גייסטיק, פיזיש, פּייזאַזיש, ערדיש, הימליש און קולטורעל־יידיש און פויליש, מיט אירע אומגעבראַכטע גרויסע גייסטיקע יידישע פירערס און אָפּגעווישטע פוילישע הומאַניסטישע ווערטן — ניין, נישט ער אַליין אַנטלויפט, נאָר ס'פאַרלאָזט פוילן אויף אייביק — אַ ייד. פאַראַן אין דער פּאָעמע די איבערצייגונג, אַז דאָס איז נישט נאָר אַ מאַוימדיקע יידישע טראַגעדיע, נאָר אויך אַ טיפע טראַגעדיע פון פוילישער ערד, ווו ס'האָט געלעבט אַ גרויס יידיש פאָלק און איז אָפּגעמעקט געוואָרן, טיילווייז מיט פוילישער הילף, מיט דער הילף פון אַ לאַנד, וואָס האָט אַ מאָל געהאָט אירע גרויסע בעלי־חלומות און זעערס, די מיצקעוויטשעס און נאָרווידס.

אין דעם „אַ ייד, וואָס פאַרלאָזט פוילן" אויף אייביק, ליגט דער גרעסטער ווערט פון דעם נייעם ווערק. יוסף רובינשטיין פאַרמאָגט אַ שטאַרקן כללישן חוש, זיין „ייד" — זענען מיר אַלע. ער קאָן באַנעמען אַן ענין, ער קאָן באַטראַכטן אַ מצב, ער ער האָט אַ סאָציאַלע אַחריות און אַ נייגונג צו שאַצן און רעווידירן.

ער קאָן, וואָלט איך געזאָגט, אי פאַרטראַכטן, אי באַטראַכטן. זיינע מחשבות זענען פון אַ היינטצייטיקן געזעלשאַפטלעך אַריינגעצויגענעם מענטשן, וואָס זעט די וועלט מיט אָפענע אויגן און קאָן זי מסביר זיין.

זיינע באַטראַכטונגען וועגן געשעענישן און זיינע שילדערונגען פון מענטשן און זאַכן זענען גוט־אַנאַליזירטע. ס׳איז קלאָר, אַז יוסף רובינשטיין פאַרמאָגט אַ גאַנץ באַדייטנדיקן בעלעטריסטישן טאַלאַנט פון אַ נאָוועליסט, ווייל ער האָט אַלע מעלות פון אַ גוטן דערציילער און שילדערער. ער בויט אַ ווערק פון אַלע זייטן און קומט אַרויס מיט אַלץ וואָס אַ ווערק דאַרף אונדז געבן — מיט האָפט פון לעבן און מיט דעם אָטעם פון דעם שרייבער אויף זיין ווערק.

ס׳איז געווען פאַלש וואָס מען האָט בייז אונטערגערוקט דעם פּאָעט די טענה, פאַר וואָס ער האָט נישט געשריבן זיין „מגילת רוסלאַנד" אין פּראָזע. גיכער האָט מען באַדאַרפט באַוואונדערן, ווי אַזוי האָט דער פּאָעט אַריינגע־קלאָמערט אַזוי פיל פּראָזאַישע קונסט אין זיין פּאָעטיש ווערק. אויב מ׳וועט, און מ׳וועט מסתמא פרעגן די זעלביקע קשיה וועגן „חורבן פּוילן", וועט מען אויך קאָנען עפענען דאָס נייע ווערק און באַווייזן ווי דער פּאָעט האָט שלום געמאַכט צווישן פּראָזע און פּאָעזיע און זיינע געזאַנגען באַרייכערט מיטן גאַנצן כוח פון אַ גוטן בעלעטריסט, וואָס אים גייט נישט נאָר אין ווערק, נאָר אין די שאַטנס, וואָס דאָס ווערק וואַרפט אויף פאַרשיידענע זייטן און פאַרשיידענע געביטן.

קאָן אָט דער פּאָעטיש־פּראָזאַישער שידוך תמיד זיין דערפאָלגרייך און קאָן ער אויסהאַלטן אויף אַ שטח פון טויזנטער שורות? אוממעגלעך, אָבער דער טריאומף פון „חורבן פּוילן" און פון „מגילת רוסלאַנד" באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס דער שלום צווישן די ביידע „עלעמענטן" איז אַנזעעווודיק און טיילווייז דערפאָלגרייך. אַפילו אין די גרעסטע קלאַסישע פּאָעמעס פון דער וועלט־ליטעראַטור האָבן פּאָעטן נישט געקאָנט תמיד און אויסגעהאַלטן באַלאַנ־סירן די דאָזיקע שייכות אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט און זיי האָבן זיך פאַרזונגען אָדער פאַררעדט.

דער חילוק צווישן די ביידע ווערק, אויב מען זאָל זיי נעמען פאַר צוויי באַזונדערע ווערק און נישט, ריכטיקער — פאַר צוויי באַזונדערע עטאַפּן פון איין ווערק, באַשטייט אין דעם, וואָס אין „מגילת רוסלאַנד" דאָמינירט מער געזאַנג און אין „חורבן פּוילן", מחמת איר צוריקקום צו אַזוי פיל פּערזענלעכן און נאַציאָנאַלן חורבן — דאָמינירט מער דער געקלאָג, דער אַרויסגעפּלאַצטער געוויין.

דער פּאָעט איז אָבער דאָ אומעטום. זיין אויג, זיין אויער פאַרלאָזן אים נישט. ווען ער ראַטעוועט זיך צו דער גרענעץ און מאַסקווע הייבט אָן פאַרשווינדן — „שמעקט אַפילו פון דער באַן דער רויך". פאַראַן אומעטום דער גוטער פאַרגעבלעכער ווילן אַפילו צו אַזעלכע „אַריינגעטועגע" מענטשן ווי איציק

פעפער, אויף וועמען ער זוכט זכותן און ער דערשפּירט אין אים אַפילו דעם ווידערקול פון אַ מוטיק יידיש ציוניסטיש מיידל, וואָס האָט פעפערן אַ מאָל גענומען אויפן צימבל. פאַראַן אַ צאָל לירישע לידער און אומצאָליקע לירישע שורות אין דער פּאָעמע, אָבער דער עיקר איז די אָריגינעלע שילדערונג־קראַפט פון פּאָעט.

אָט וואָלגערט זיך גאָר אַן אַ זייט, אַ פּראַכט־וואַגאָן צעשאָסן,
ער האָט זיך צו דער ערד פאַרקראַמפּט, צו איר זיך צוגעפּרעסט.
ער ליגט אין אַ קאַלוזשע וואַסער, פּרילינגדיק צעגאָסן.
נאָר אויף זיין דאַך־שפּיץ, אין אַ ווינקל בויט אַ שוואַלב איר נעסט.

די גרעסערע פּאָעמע „טאַנקען", למשל, איז פאַר זיך אַליין אַ מלחמהדיק בילד אויפן גרויסן שטייגער. איך קאָן נישט קיין סך גרויליקערע מלחמה־סצענעס, אַפילו אין דער קלאַסישער וועלט־ליטעראַטור. וואָלט איך אָבער באַדאַרפט אויסקלייבן דאָס שענסטע ליד אין בוך, וואָלט איך געהאַט שוועריי־קייטן, פאַרשטייט זיך, ביים אַרויסנעמען אַ מאָמענט פון אַזאַ צערחבותט ווערק. אָבער ווען מען וואָלט ביי מיר פּאָרט געפרעגט אַזאַ קשיה און שטרענג געפאָדערט אַן ענטפער, וואָלט איך געמוזט זאָגן, אַז לויט מיין מיינונג איז די בעסטע פּאָעמע דאָס געזאַנג „נאַלעווקעס אין חלום". דאָס איז אַ באַזונדערע עפּאָפּייע. אין דעם ליד איז געפאַנגען דאָס יידיש־יידישע וואַרשע, מיט איר פּלי און מיט איר האַוועו. אין דעם ליד איז פאַראַן דער טייערער אָטעם פון מענדעלען, שלום עליכמען, פּרצן, ביאַליקן. זיי ווערן נישט דערמאָנט, נאָר זייער אייביקער כוח, וואָס איז אונדז אַלעמען אַריין אין די ביינער, איז פאַראַן אין דער פּאָעמע, וואָס געשטאַלטיקט דעם ייד פון אַרבעט, מי און פּלי. די פּאָעמע איז אַ יידישער באַלעט, אַ מאָדערניסטישער, אויף אַ לייטער, אין מיטן האַוועו און חשבונען.

זענען פאַראַן קינסטלערישע חסרונות אין „חורבן פּוילן"? אַוודאי, ווי שוין דערמאָנט, ס'האָט נישט געקאָנט אַנדערש זיין אין אַזאַ ברייטפאַרנעמיק ווערק. מיר האָבן, למשל, געשטערט די צוויי פּלוצעם אַריינגעשטעלט פּאָעמעס, אין סאָמע „חורבן" — „אַ ווידוי" און „יאַ". ערשטנס, זענען זיי מעלאָדראַמאַ־טיש, אַפילו ווען זיי זענען פּינקטלעך אַזוי געשען; צווייטנס, שטערן זיי דעם גאַנג פון דער פּאָעמע. איך וואָלט אפשר נישט מוותר געווען אויף אַזאַ קאַפּיטל ווי „ען־קאַ־ווע־דע", ווייל דאָ באַגעגענען מיר לעבעדיקע געשטאַלטן און אַ לעבעדיקן קאָשמאַריקן מעטאָד. פאַראַן אויך צופיל יאַ־אויסגעשרייען אין ווערק און מחמת דעם צופיל סענטימענטאַליטעט. איך וואָלט, למשל, מוותר געווען אויף אַזאַ ליד ווי — „מיין ערשטיק וואָרט", דאָס מיידל ביי דער פּיאַנאָ. מיט די בלאַסע הענט; די גאַנצע אַטמאָספער אַרום איז צו־צוקערדיק פאַר

דעם פּאָעט יוסף רובינשטיין. יאָ, עס זענען זיכער פאַראַן סענטימענטאַלע שטעלן אין אַ ווערק, וואָס ס׳איז שווער דערפון געווען זיך אויסצוהיטן. אָבער יוסף רובינשטיין ווייזט אַרויס אַנדערע גבורהס און ער האָט געמעגט מער ווייכן פון צו פיל סענטימענטאַלע, צו פיל זעלבסט־אויסגוסן. דערפאַר אָבער נעם איך זיך אונטער, ווען איך וואָלט געהאַט פּלאַץ, צוזאַמענצושטעלן פון ציטאַטן אַליין, אַ קליין אַנטאַלאָגיעלע, וואָס וואָלט אין מיניאַטור אונדז געגעבן דעם שליסל צום פּאָעט און צו זיין צווייט מאָנומענטאַל ווערק. כ׳האָב נאָך די מעלה נישט דערמאָנט, וויל איך עס דערפאַר איצט זאָגן: „חורבן פוילן" איז בעיקר אַ שכלדיק ווערק. פאַראַן שורות, וואָס ווייזן אונדז דעם פּאָעט אין פּראָצעס פון ווערק־אויפשטראַלונג, ווי אַזוי ער האָט עס געשאַפן, געבויט און געזען — געזען, אַרומגעטראַכט און פּאָעטיש קאָמענטירט.

כ׳וועל פאַרענדיקן גראָד מיט אַ ציטאַט, וואָס לאָזט אונדז זען דעם פּאָעט יוסף רובינשטיין אין זיין אמתדיקער בענקשאַפט פון אַ פּוילישן ייד: מען מעג זאָגן אין זיין עטישער בענקשאַפט צום לאַנד פוילן, פון וואַנען ער אַנטלויפט „ווי אַ ייד" אויף אייביק. ער רעדט אין זיין ליד צו פוילן אַזעלכע רייד:

דיין קלאָג באַגלייט מיך, גייט מיר נאָך, דיין בראָך דער אומגעריכטער
איז מיינער אויך. איך קען אים גוט דעם אומעט פון דיין ערד.
איך טראָג אים אום, ער לעבט אין מיר מיט רייד פון דיינע דיכטער,
מיט קלאַנגגען פון שאָפּענס אַ ליד, וואָס ווײנט אין מיר און טרערט.

די רייד פון דיינע דיכטער האָבן אויך מיין פערז געפורעמט,
כאָטש אַנדערש איז מיין אומעט דאָרט דער ידישער אין ליד,
ווייל אין מיין ליד לעבט נאַלעווקעס, זי לעבט נאָך דאָרט און שטורעמט,
דאָרט זינגען דיינע ווייסל־נעכט מיט בלוי פון מיין געמיט.

אין מיינע לידער רוישן אַלע גאַסן נאָך פון וואַרשע
דורך אַלטשטאָט־געסלעך בלאָנדזשעט אום מיין בליק נאָך אַלץ
פאַרליבט.
דעם אימפּעט פון די נאַלעווקעס האָבן איך אין ליד געירשנט
און ס׳איז מיט דיין טעאַטער־פּלאַץ מיין אומרו־פרייד פאַרקניפּט.

זיי לעבן נאָך, באַגלייטן ווי אַ מאָל מיך נאָך, די גאַסן,
זיי וואַכן נאָך אין ליד ביי מיר מיט אַלע טעג און נעכט.
טאָ ווי זשע קען איך שעלטן דיך, ווי קען מיין ליד דיך האַסן?
כאָטש פרעמד ביסטו געווען צו אונדז, אומהיימלעך פרעמד און שלעכט!

יאָ, פרעמד ביסטו געווען צו אונדז! די רייד פון דיינע דיכטער
זיי זענען ווי מיין פאָלק פאַרברענט און ווי דיין ערד פאַרצערט.
נאָר איך, אין שעה איצט פון דיין בראָך, וויל פאָרט נישט זיין דיין ריכטער,
כאָטש ס'וואַלגערט זיך די שטראָף לעם מיר, זי שפּראָצט דאָ פון דער ערד.

איך קוק זיך צו: אָט הייבט ער זיך דער דענקמאָל פאַר די רוסן.
דער זעלנער שפּרייזט, די ביקס אין האַנט, ער שפּרייזט צום טאַקט, געניט.
און ס'דאַכט זיך מיר, אַז דאָ, ביים דענקמאָלס פּעדעסטאַל, צו פוסנס,
קלאָגט אויך פאַרשוועכט דיין דיכטער־וואָרט פון אונטער זיינע טריט.

און ווייל דער פּאָעט דערמאָנט נאַלעווקעס אויך אין דעם געזאַנג צו פּוילן, וועל איך אויך ברענגען דריי פערזן פון „נאַלעווקעס אין חלום" —

אַ פלאַטער פון קאַפּאָטעס און אַ לשון וויך־צעניגונט,
די בערדלעך ווערן שפּיציק, לויפן אום אַרויף, אַראָפּ
און צו דעם טאַקט עס גייט אַ טאַנץ אויף לייטערס און אויף שטיגן —
אַ ייד ביים שפּיץ פון לייטער שטייט פאַרריסן הויך דעם קאָפּ.

געבליבן שטיין איז ער אין יאָג, געבליבן שטיין אין מיטן,
אַריבער אַלע פּאַליצעס, אַריבער טיש און בענק,
ווי ער וואָלט זיך געגרייט נאָך העכער ווו אַ פלי טאָן,
ווי ער וואָלט זיך אין מיטן קאָך צום הימל גאָר פאַרבענקט.

דער אונטן יאָגט, דער אונטן דינגט זיך — קומט אַדורך בשלום:
דאָס פּעקל ליגט שוין אויפן טיש, דאָס געלט, דער וועקסל אויך,
נאָר אויבן, אויף דעם לייטער־שפּיץ מיט אויגן פול מיט חלום,
דעם קאָפּ פאַרריסן, שטייט דער ייד פאַרקוקט אַלץ אין דער הויך.

אָט די פערזן דאַרפן אַריין אין אַלע אַנטאָלאָגיעס ווי אַ דענקמאָל צו ווייזן דעם פאַרנשמהטן גוף פון אונדזער פאַרטיליקט פאָלק.

# חיים גרינבערג

דער דאָמינירנדיקער כוח ביי חיים גרינבערגן איז תמיד געווען דער געדאַנק. ער איז געווען דער מענטש פון אינטעלעקט און זיין גאָט־זוכעניש איז אויך געווען אינטעלעקטועל. עס וואָלט אונדז אַוועקגעפירט צו וויט, ווען מיר זאָלן נעמען באַשטימען מיט וואָס פאַר אַ מכשירים דער אינטעלעקט באַנוצט זיך און וויפל האַרץ ער דאַרף איינשפּאַנען, כדי ער זאָל דערגיין צום שלימותדיקן טראַכטן. אויף וויפל דער אינטעלעקט האָט זיך געניטיקט, אַז אין דער אַרקעסטראַציע פון אַ דורכגעטראַכטן געדאַנק זאָל אויך שפּילן אַ ראָלע דאָס האַרץ, אויף אַזוי פיל האָט דאָס האַרץ געקראָגן רשות ביי חיים גרינבערגן, דעם גרויסן דיריגענט פון זיינע געפילן און פעיקייטן.

איך וואָלט געזאָגט, אַז אין זיין גאַנצן טראַכטן, רעדן, שרייבן און לעבן איז געווען עפּעס פון יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַכס מוזיק אָדער פון דער שיינקייט פון שפּינאָזעס דורכמוחן אַ געדאַנק, די שיינקייט איבערראַשט און דערפרייט, ווייל סיי אין באַכס מוזיק, סיי אין שפּינאָזעס דענקען געוועלטיקט דאָס געזאַנג פון מאַטעמאַטישער פּרעציזקייט, פון עקזאַקטער שיינקייט.

חיים גרינבערגס אַ רעדע האָט פאַרכאַפּט, צוגעשמידט, דערהויבן, אָבער זייער זעלטן געכאַפּט ביים האַרצן. שפּעטער האָט מען ערשט איינגעזען, אַז דאָס האַרץ איז אויך געווען אין דער רעדע זיינער, אָבער עס האָט געהאַט אַ באַשטימטע, באַגרענעצטע ראָלע, כדי נישט צו שטערן די האַרמאָניע פון גאַנצקייט, און נישט צו פאַרנעמען צו פיל שטח.

גרינבערג האָט תמיד געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרמוחטן מענטש. די כאַראַקטעריסטישע בילדער זיינע זענען פאַרמוחטע. זיינע געדאַנקען זענען שטענדיק געווען אין אייביקער באַוועגלעכקייט. ער איז געווען אַ מייסטער פון דער פאַרגעסענער קונסט פון שמועס. ער האָט געהאַט הנאה אָנצוסטראָיען אַ שמועס, ווי מען סטראָיעט אַ פידל אַרויסשלאָגן פון אים אַלע מאַטעמאַטישע מעג־לעכקייטן און דערהויבן שיחת חולין צו אַ קונסטווערק.

אין זיין פאַרמוחונג־פּראָצעס האָט ער כסדר אינטעלעקטועל געאַרבעט אויף זיך, כדי צו דערהייבן און צו פאַרטיפן זיך אַליין. די גרויסע השפּעה, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין פּאַרטיי און אין זיין באַוועגונג איז באַשטאַנען קודם כל אין דעם, וואָס מען האָט אים געטרויט, אַז אַוועקבלאָנדזשענדיק לפנים פון אָנגעצייי־כנטע פּאַרטיי־דינים, וועט ער קיין מאָל נישט פאַרבלאָנדזשען און פאַרפאַלן ווערן, נישט מוותר זיין אויף עיקרדיקע זאַכן. ער איז געווען אַ דיסציפּלינירטער ווידער־

שפּעניקער. ער האָט געקענט אויפהייבן זיין קול און געבן אַ באַפעל, אָבער זיין קול איז תמיד געווען מאָדולירט. אַלע האָבן גרויס הנאה געהאַט פון דעם אופן ווי ער האָט פּראָטעסטירט קעגן עוולות, ווייל זיינע פּראָטעסטן זענען פאַר זיך אַליין געווען מייסטערווערק פון איבערצייגונג און לאָגיק.

דער מענטש גרינבערג איז געווען כולו שולונג. ער איז נישט געקומען צו דער עפנטלעכקייט, ביז ער האָט נישט געהאַט גוט דורכגעלערנט דאָס וואָרט, אָדער די האַנדלונג זיינע, וואָס איז געווײנלעך געווען פאַרבונדן מיט וואָרט. דער איינפלוס זיינער האָט זיך אויך גענומען דערפון, ווייל מען האָט געוווּסט, אַז ער האָט זיך גענומען די מי גוט דורכצואַקערן אַלע וואַריאַציעס פון אַ געדאַנק, ביז ער איז דערגאַנגען צום איינציקן מעגלעכן צוג.

חיים גרינבערגס צוגאַנג צום יידישן גורל און צו דער יידישער געשיכטע איז געווען אַ גרויסצוגיקער. ער איז געווען אַ גוואַלדיקער פאַרלאַנגער. פאַר דעם יידישן פאָלק האָט ער געפאָדערט נישט ווייניקער ווי אַ נביאישע ראָלע; פאַר דעם יידישן לאַנד אַ צענטראַלע ראָלע פון גייסטיקער פירערשאַפט. דאָס איז, ווי אַלע גוטע לייט ווייסן, אַלט ווי די בערג און שפּאַרט אָן ערגעץ אין יענע פאַר־צייטענישן, ווען מיר האָבן זיך אַליין אויסדערוויילט ווי די אויסדערווײלטע. אָבער חיים גרינבערג האָט נישט מורא געהאַט פאַר אַזאַ „פאַנאַטיזם". ער האָט עס געמאַכט פאַר דעם צענטראַלן אינהאַלט פון זיין לעבן, און עס האָט אַ סך מאָל אַרומגענומען מיט אַזוי פיל לאָגיק און איבערצייגונג, אַז עס איז געווען קלאָר — ממש אויף דער האַנט.

אגב, איז זיין טראַכטן און דורכטראַכטן געווען צוגענגלעך פאַר אַלעמען. אין זיין דורכקלערונג איז ער געווען אַ גרויסער קלאָרמאַכער, ממש קלאַסיש. ער האָט זיך אַליין באַגלייט און פאַרטייטשט טראַכטנדיק, מיט דער לינקער האַנט, אויס־שפּילנדיק זיין רייכע געדאַנק־פאַרביקייט, אָן שום סימן פון אָנבייגן זיך נידעריי־קער צו עמעצנס באַגרענעצטער פאַרשטאַנדיקייט. אָבער פון דעם קאָמפּליצירטסטן בנין איז אַרויסגעקומען פּשטות. הערנדיק אים האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז מען לערנט אַ שווערן פּסוק, אָבער גלייך מיט דער פאַרטייטשונג פון אַ גוטער רש"י, און דאָך איז ער קיין מאָל נישט דערגאַנגען צום געפאַר־ברעג פון פּאָפּולאַ־ריזאַציע. ער איז געווען אַ קינסטלערישער מסביר. ער האָט געוווּסט, ווו צו שטעלן דעם טראָפּ.

מדינת ישראל איז ביי גרינבערגן געווען בלויז אַן אָנהייב, אַן אתחלתא דגאולה. עס איז אים אַוודאי געגאַנגען אין קיבוץ גלויות און אין אַנדערע פיזישע סימנים פון דערלייזונג; אין אַ באַקוועמער גוט־געאייַלטער עקאָנאָמיק, אָבער דער עיקר איז אים געגאַנגען אין דערהייבן און גאַנץ מאַכן די יידישע געשיכטע. ער איז געווען אַ העברעער, און נישט אומזיסט האָט ער גענומען אויף זיך די ראָלע פון דעם העברעיזאַטאָר אין די תפוצות. האָט אָבער עמעצער געוואַגט

גראָב פוגע צו זיין יידיש, האָט ער אויפגעשטורעמט. מיר דאַכט זיך, אַז זיינע טעמפעראַמענטפולסטע אַרטיקלען האָט ער געשריבן וועגן יידיש און אַרום יידיש. ער האָט אויסגעשריגן, ווייל אין תוך האָט ער געשפּירט, אַז דער גאַנג פון דער צוקונפט־געשיכטע רעכנט זיך שוין אָפּ צו אַכזריותדיק מיט יידיש, און עס האָט אים ווי געטאָן, ווייל ער אַליין האָט דאָך פאַרטיידיקט יידיש קעגן זיך, דעם געשיכטע־מאַכער, קעגן זיינע אייגענע שטויסן און אָנגריפן. אין אים איז פאַרגע־קומען אַ גוואַלדיקער גראַנגל. ער האָט געזוכט אַ שטיקל דירה פאַר יידיש אין דער נייער ענגער יידישער צוקונפט, וואָס פון איר איז ער געווען איינער פון אירע שענסטע בויער.

יידיש האָט ער אָבער בפירוש ליב געהאַט מיטן גאַנצן האַרצן. ער האָט זיך ליב געהאַט צו פּלפּולען זועגן יידישער פילאָלאָגיע, וועגן דער אייגנאַרטיקייט און פקחותדיקייט פון יידישע ווערטער, ער האָט געקענט אָפּרעדן שעהען וועגן אַ יידיש וואָרט, אָדער וועגן אַ יידישן אידיאָם. דערפאַר, אַז מען האָט יידיש גראָב אָנגעטראָטן אין זיינע אייגענע קרייזן, האָט ער פּראָטעסטירט מיט אמתן וויטיק, ווי ער אַליין וואָלט געהאַט אַ חלק אין דעם אָנטרעט; ווייל אפשר האָט מען טעאָ־רעטיש און דיאַלעקטיש געגעבן רשות, אַז מען זאָל מ״לזל זיין אונדזער לשון. ער האָט געשפּירט ווי די צעווייטיקטע און צעטרייסלטע שיכטן פון יידישן לעבן הייבן אָן, ווי אַן ערד־ציטערניש, זוכן זייער אָרדענונג און אַריינפּאַסונג. מיט אמתער ליידנשאַפט האָט ער געזוכט אַ חשיבותדיק אָרט פאַר יידיש אין צוקונפטיקן געבוי און איבערבוי.

וועגן חיים גרינבערגן וואָלט מען באַדאַרפט שרייבן ווי וועגן דעם האַרמאָני־זירער פון ספקות. ער האָט כסדר אָפּגעפרעגט די באַשלאָסענע אָפּגעפּסקנטע זיכערקייט פון אַ סך אָנגענומענע זאַכן. אָפט מאָל זענען ספיקות געקומען צו אים ווי עקבערדיקע שאלות און געפאָדערט אַן ענטפער, לטובת דעם נייעם יידישן לעבן, וואָס מוז גלייך האָבן אַ טעגלעכן שולחן ערוך. אים האָט אַ סך געמאַטערט דאָס פּראָבלעם פון רעליגיע בכלל און פון יידישער אמונה בפרט. וואָלט אים דער גורל נישט געווען אויסגעקליבן צו זיין אַ פּאַרטיי־פירער, אַ שרייבער, אַ רעדאַק־טאָר, וואָלט ער זיכער געוואָרן אַ רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר. דער אייגענער אָנגע־זאָגטער צערעמאָניאַל פאַר זיין לוויה איז געווען אַ שטיק רעפאָרמירונג.

ווען מען גיט אַ טראַכט פון זיין מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט, פון זיין געשולטער באַהערשונג פון דער פּלאַטפאָרמע, פון זיין כוח אָנצוצינדן אַ געדאַנק, פון זיין נייגונג צו הסברה, פאַרדריסט כמעט, וואָס ער האָט נישט געמאַכט רעלי־גיע פאַר זיין הויפּט־אינטערעס פון לעבן. אין אים האָט עפּעס געיוירן, ווען ער האָט געשריבן אָדער גערעדט וועגן טעאָלאָגיע. עס איז אָבער געווען קלאָר, אַז ביי אַלע זיינע דערוועגונגען און דרייסטקייטן האָט ער נישט דערזאָגט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן בנוגע דער רעליגיע פון אונדזער דור, אָדער דער רעליגיע

פון אַ יידישער מדינה. ער האָט עס געוואָלט זאָגן, און אָט־אָט האָט ער עס כמעט געזאָגט, ווי אַזוי די יידישע אמונה דאַרף אויף ס׳ניי אַקטיוויזירט ווערן, כדי אַ סך פון די מצוות זאָל צוריק קריגן דעם טעם, וואָס איז פון זיי אויסגעוועפּט געוואָרן.

אין אים איז כסדר פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן דעם גרויסן בעל־שכל און דעם שטאַרקן דראַנג נאָך איבער־שכל, צווישן דעם פילאָזאָף און דעם חקרן, דעם זעער פון קלאָרקייט און דעם מאָנער פון פאַרהוילענע זאַכן. אין רעליגיע האָט ער תמיד געזוכט דעם פאַרענטפער, דעם אויסגלייך צווישן די ביידע גלייכבאַ־רעכטיקטע דראַנגען פון מענטשלעכן גייסט, גלויבן און פאַרלייקענונג.

ער איז געווען אַ פּער׳ענלעכקייט, אַ באַזונדערער מענטש, וואָס האָט מיט זיין אָוועקגיין איבערגעלאָזט אַ חלל. אין אונדזער לעבן איז ער געווען אַ סאָליסט, אַ ווירטואָז. נישט דערפאַר, וואָס אומשטענדן האָבן אים געשטויסן פאַרויס צום עמוד און אים געצוו׳נגען זאָגן און דרשנען, פירן און עצהן. מיר האָבן אין יידישן לעבן מענטשן, וואָס אומשטענדן האָבן זיי דערהויבן, אָבער זיי זענען נישט קיין באַזונדערע עקזעמפּלאַרן, הגם, יעדער איינער פאַרמאָגט זיינע ספּעציפישע פּעי־קייטן, האָט זיינע פאַרדינסטן פאַרן כלל. אָבער אין גרינבערגן האָט מען גלייך דערקענט דעם מאַגנעטישן כוח פון אַ פּערזענלעכקייט. אַלץ וואָס ער האָט געבראַכט צו דער עפנטלעכקייט איז געווען אייגן־קולטיווירט, אויסגעצייטיקט און אויסגע־וויטיקט אין זיך אַליין. אַ מענטש, וואָס האָט פריִער געמוזט מושווה ווערן מיט זיך און בלייבן גערעכט מיט זיך, איידער ער איז געקומען מאָנען גערעכטיקייט.

אַוודאי האָט ער דורכגעפירט די פליכטן און מצוות פון כלל, אָבער ער האָט די פּאַרטיי־מצוות באַשטראַלט מיטן כוח פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט. חיים גרינבערג האָט געהאַט אַ סך פריינד, אָבער ער האָט קיינעם קיין מאָל נישט צוגע־לאָזט צו נאָענט צו זיך, אַפילו נישט די נאָענטסטע. ער איז אַלץ נישט געווען זיכער, צי דאָס אינטימע אין אים איז שוין גענוג פּערפעקט, אַז עס זאָל קענען אויסהאַלטן דעם עקזאַמען פון צו נאָענטער באַטראַכטונג; אַז עס איז שוין אַזוי שיין פון אינעווייניק, ווי די שיינקייט, וואָס ער האָט אויסגעשטראַלט פון זיך פאַר דער עפנטלעכקייט. אין גרונט איז אים געגאַנגען אין שיינער פאַרכאַפּנדיקער גוטסקייט, אין אַ מאָראַל, וואָס פאַרמאָגט אין זיך נוסח און טעאַטראַלישקייט; אין אַנציגנד־מעגלעכקייטן פאַר די יידישע מאַסן, אין גרויסע נאַציאָנאַלע דעקאָראַ־ציעס. אָט דאָס אַלץ האָט ער אויסגעשטאַלטיקט — אַ דעקאָראַטיווע פּערזענ־לעכקייט, וואָס זיין וואָרט איז געווען היפּנאָטיש, ווייל עס האָט באַווירקט מיט שיינקייט פון דיסטילירטער קלאָרקייט.

ער האָט פאַרמאָגט אַ יונג פּנים, וואָס די טיפסטע קנייטשן האָבן עס נישט געעלטערט. די קאַרבן פון עלטער האָבן די יונגשאַפט נישט געקענט פאַרטרייבן. ער האָט געהאַט אַ סך הומאָר, אַ שלל אַנעקדאָטן, וואָס יעדער אַנעקדאָט איז

געווען אַ געביידע מיט שטובן, מיט טרעפּ און מיט אַ דאַך פון אַ מוסר השכל. די אַנעקדאָטן האָבן געקענט שפּייזן אַן אָראַטאָר א לעבן לאַנג, און דאָך, ווען מען האָט באַדאַרפט רעדן וועגן ענינים העומדים ברומו של עולם, צי ברומה של יהדות, האָט ער פאַרגעסן זיין אַנעקדאָטישן שפּייכלער פון פון זיין גאַנצער יונגשאַפט איז געוואָרן אַ זקן, אַ טיפער זקן מיט אַ געשיכטלעכן זכרון, וואָס האָט צוריקגעשפּאַנט צום סיני, ווען מיר זענען דורך בליצן און דונערן געוואָרן אַ פאַרחומשט און הייליק פאָלק.

ער האָט געקענט אַרויסכישופן פון זיך נישט נאָר פייערלעכקייט, דאָס האָט ער פאַרמאָגט אין אַ גרויסער מאָס — נאָר אַ מאָל אויך אמתן פייער; און יעדער איינער האָט געוווסט, אַז ווען די געלעגנהייט פאָדערט עס, אויב מען דאַרף נאָר זאָגן עפּעס אַ בלייבעוודיק וואָרט וועגן דער ראָלע פון גלות אין דער יידישער געשיכטע, וועגן דער ראָלע פון יידיש, וועגן דעם טיפערן באַדייט פון פאַרשפּעטיקט לאַנד פאַר אַ פאָלק, וואָס איז געווען אַזוי לאַנג לאַנדלאָז, וועגן אַנטי־פּרימיטיוויזאַציע פון יידישן לעבן; אויב מען האָט נאָר באַדאַרפט הערן אַ פייערדיק וואָרט, מיט ציטירלעכע פּסוקים, וואָס זאָלן זיך לאָזן זאָגן, איבערזאָגן און געדענקען, וועט עס אָפּט קומען פון חיים גרינבערגן. אין מאָמענטן, ווען מען האָט באַדאַרפט שטראָפן, לערנען און דורכנעמען מיט שטראָף־רייד און מוסר, האָט עס חיים גרינבערג געטאָן, און געטאָן אויף אַזאַ אופן, אַז זיין וואָרט איז געהערט געוואָרן. ווייל גרינבערג האָט זיך חדשים־לאַנג געגרייט צו אַזעלכע געשעענישן, נאָך איידער זיי זענען געקומען. ער האָט זיי דערוואַרט און אָפּגעוואַרט, אין דורכטראַכטונג און דורכראַנגלונג מיט זיך אַליין. ווען די געלעגנהייט איז געקומען איז ער געווען גרייט מיט זיין געלייטערט וואָרט.

ער איז געווען פון די געשטאַלטן, וואָס גיבן שיינקייט און ווירדע צו אַ דור און וואָס מען דאַרף זייער געדעכעניש האַלטן, כדי צו דערציִען נייע שיינע און ליכטיקע געשטאַלטן אין אונדזער לעבן.

8.5.66

מיר איז אַ וווּנדער, וואָס אַזאַ מאָנומענטאַל ווערק, ווי שלמה ביקלס „רומעניע״, האָט נישט אַרויסגערופן קיין הייסע דיסקוסיעס. נאָך אַלעמען איז שלמה ביקל נישט קיין פּאַרעוווער שרייבער. אין אַלע זיינע גרעסערע און קלענערע אַרבעטן איז תמיד אַריינגעקשנט אַ מענטש מיט אַן אייגענעם בליק אויף אַלץ, וואָס קומט אים אויפן אויג און אונטער דער האַנט. מען קען זיך תמיד ריכטן נישט נאָר אויף אַן אָריגינעלן באַטראַכט, נאָר אויך אויף חריפותדיקער אומגערעכטיקייט. וויפל מאָל מען זאָל נישט פאַרבייגיין די זעלביקע סטעזשקעס, האָט מען תמיד עפּעס איבערגעלאָזט פאַר ביקלען, אַז ער זאָל עס אויפהייבן און שכלדיק ווייזן, אַז מען האָט פאַרזען אַ וויכטיקן געדאַנק, וואָס וואַרפט אַ ניי ליכט אויף דעם דורכגעגאַנ־גענעם שטיקל וועג.

ס׳איז אַזוי מיט ביקלען אין דער פּובליציסטיק, פאַראַן טעמעס, וואָס מען וואַרפט זיך אַרויף אויף זיי פון אַלע זייטן און מען באַהאַנדלט זיי (כ׳בין נישט אין גאַנצן מושווה מיט דעם פּיל־געניצטן וואָרט, אָבער ס׳איז פאַרט אַן אָנגענו־מענער אויסדרוק). ביקל וואַרפט זיך בכלל נישט אַרויף אויף קיין טעמע. ער גייט צו פאָרזיכטיק, אָן איילעניש, מיט גרויס באַטראַכטקייט. ער שניצט די טעמע פון אַלע זייטן און שניצט זי אַרום מיט זיין געמיט, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. אָבער מיטן געמיט איז אין יעדן פּובליציסטישן אַרטיקל תמיד אַריינגעגעבן אַ שטיק יידישע עקשנות, וואָס פון דעם וועט דער פּובליציסט גאָר נישט לאָזן אַראָפּדינגען.

לאָמיר עס מאַכן אַ ביסל קלאָרער. קודם־כל איז אין אַלץ, וואָס ביקל שרייבט, פאַראַן אַ גאַנצקייט. נישטאָ אין זיין שרייב־פאַבריק קיין ביליקערע סחורה, וואָס ער פּראָדוצירט מיט וואָלוועלע מיטלען, כדי דער לייענער זאָל קענען גרינגער צוקומען, אויך מיט וואָלוועלע מיטלען. אין אַלץ, וואָס ביקל שרייבט איז דאָ דער רעספּעקטפולער אָנשטרענג, אי פאַר דעם פּראָדוקט, אי פאַרן קאָנסומענט. זיינס אַ פּובליציסטיש אַרטיקל האָט פאָרעם, איז קיין מאָל נישט אַנאָנים, ווייל שרייבער קענען גרינג ווערן אַנאָנים אַפילו ווען זיי ניצן נישט קיין פּסעוודאָנימען. ביקל שרייבט תמיד מיט דער גאַנצער ווערדע הינטער זיין יעדער געשריבענער אַרבעט. ער אָנערקענט נישט, אַז שרייבערישער רוח הקודש, אָט דער רוח הקודש, וואָס אין אים גלייבן אַפילו די מאָדערנסטע קינסטלערישע באַלמעלאָכעס, קען אויפגע־שרויפט ווערן אויף אַ פערטל, אַ העלפט, און אין זעלטענע פאַלן — אין גאַנצן. ווען ביקל שרייבט מאָביליזירט ער דעם פולן כוח פון זיין שרייבערישער ענערגיע. ביי אים זענען נישט פאַראַן קיין מאָמענטן פון סוספּענדירטער גייסטיקייט. היות

ער האַלט, אַז מחשבה לאָזט זיך נישט אָפּוועגן אויף אַ רפואה אין אַפּטייקישע וואָג־שאָלן, איז ער תמיד ביי זיינע פולע טראַכט־חושים, ווען ער נעמט זיך צו דער פּען. ער עקספּענדירט זיך (זאָל מען מיר צייטוויייליק דערלויבן אַזאַ אויסדרוק), נישט דערפאַר בלויז, ווייל ער ווייסט, אַז ער קען זיך סיי ווי נישט אויסגעבן, אַז ס׳וועט צוריק אָנקוואַלן, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל ער קען נישט די מלאכה פון שאַפן פאַר זיך אַ צנע אויף געדאַנקען, כדי חלילה נישט איבערצושטרענגען דעם לייענער.

ליידט ער דערפאַר אויך נישט פון דער פלינקער קאַטאַלאָגירונג, אַז היינט דאַרף ער שרייבן עפּעס פון צווייטער אָדער דריטער גראַדאַציע. ער האָט די זעלביקע באַציִונג צו יעדער אָנגעשריבענער שורה, ווייל זי איז תמיד זיינע און ער גאַראַנטירט זי מיט זיין פולער גייסטיקער אָנוועזנהייט.

זעען מיר דערפאַר, אַז ביקל מאָביליזירט אַלע זיינע כלים, ווען און וואָס ער זאָל נישט שרייבן. אַ וועכנטלעך אַרטיקל וועגן אַ טאָג־טעגלעכער געשעעניש וועט ער באַהאַנדלען (און דאָס איז אַן אַנדער באַהאַנדלען) מיט דער זעלביקער פאַרזיכטיקייט ווי אַן עסיי וועגן אַ שרייבער, אָדער ווי אַ קינסטלערישן מעמואַר. טאָמער האַלט ער, אַז אין דעם אַרטיקל איז נייטיק אַ נייער שפּראַכלעכער ניואַנס, אָדער אַן אָריגינעל אַריינגעפּירטער ציטאַט, וועט ער זיך נישט צוריקהאַלטן און עס נישט איבערלאָזן אויף אַ יום־טובדיקער געלעגנהייט, ווייל שרייבן איז ביי אים תמיד יום־טוב.

ער איז קודם־כל אַן עסטעט אין זיין שרייבן. אָבער ער איז אויך דערצו פונדאַמענטאַל. מ׳וועט ביי אים גאַרנישט אַראָפּדינגען פון דעם פאַר וואָס ער שטעלט זיך איין. הינטער דעם פאַרזיכטיקן צוזאַמענשטעלער פון שורות איז פאַראַן דער קאָאָרדינירטער שכל הישר, וואָס פירט מיט די שורות. דער שרייבער קינצלט נישט אויס זיין שרייבן, ער גיט קיין מאָל נישט קיין פאַלשע וואָג פון רייד.

האָב איך פריער געזאָגט, אַז מיר איז אַ וווּנדער, וואָס זיין נייסט ווערק, „רומעניע״, האָט נישט אַרויסגערופן קיין דיסקוסיעס. ביקל האָט מיט זיין מאָנומענטאַל ווערק צוריק אויפגעשטעלט ישוב רומעניע, צווישןביידע וועלט־מלחמות. דאָס איז פון יענע ווערק, וואָס רופן גלייך אַרויס דערשטוינונג, ווי אַזוי איין מענטש האָט עס געקענט דורכפירן. ס׳איז אַן אַרבעט געקייטלט פון צענדליקער באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען, געשריבן אין פאַרשידענע דימענסיעס. אין ווערק „רומעניע״ ליגט פאַרשאַרבעט, געשיכטלעכע פאַרשטענדעניש, צוריקבוי פון געשטאַלטן, בעלעטריסטישע וואַרעמקייט און צוריקגעהאַלטענער קאָנטראָלירטער געקלאָג אויף איינעם פון די אייגנאַרטיקסטע יידישע צענטערן, וואָס וועגן אים איז זייער ווייניק געשריבן געוואָרן.

דאָס ווערק „רומעניע״ ענדיקט זיך מיט אַ רייכער ביבליאָגראַפיע, וואָס קומט מייסטנס פון ביקלס אייגענער ביכערשאַנק, אָבער אין דער גאַנצער אָנגעזאַמלטער

ביבליאָטעק איז נישט פאַראַן קיין איין ווערק, וואָס זאָל געבן אַזאַ אַרומנעמענדיק בילד פון ישוב אין רומעניע, ווי ביקל האָט אונדז געגעבן. ס׳איז אַ ווערק, וואָס די צוקונפטיקע יידישע געשיכטע־שרייבער וועלן בענטשן און בענטשן דעם מחבר, וואָס האָט מיט אַזאַ אחריות געטאָן זיין אַרבעט.

אַ שטיקל אָפּנייג פון ביקלס שטענדיקן שרייב־שטייגער איז פון דעסטוועגן יאָ דאָס ווערק „רומעניע״. ביקל האָט געשריבן קינסטלערישע געשיכטע, און הגם יעדער גוטער היסטאָריקער איז אַ קינסטלערישער מענטש, ווייל ער לאָזט קיין מאָל נישט אַרויס דעם קאָמפּאַס פון אַן אחריותדיקן פּערספּעקטיוו און ער דאַרף אויפלעבן די פאַרגאַנגענהייט פאַר דער היינטצייטיקייט און פאַר דער צו־קונפט, איז אָבער ביקל געווען ספּעציעל צוגעגרייט פאַר זיין מעטאָד, ווייל ער איז בטבע אַ זכרון־ווירטואָז. זיין זכרון איז באַוועגלעך און פול מיט בילדלעכקייט. ביכער, ציטאַטן, מענטשן, געשעענישן, וואַרטן אויף דער בעסטער געלעגנהייט, אַז זיי זאָלן שפּעריש אַרויסבליצן פון די באַזונדערע זכרון־צעלן און געדענקעניש־קעמערלעך.

געוויינלעך איז ביקלס זכרון דינאַמיש. דאָ, אין „רומעניע״, איז פאַראַן אַ קינסטלערישע סטאַטיק, וואָלט איך געזאָגט, ווי דער שרייבער וואָלט נישט געוואָלט, אַז די בילדער־גאַלעריע זאָל אָפּגעכאַפּט ווערן אויף גיך און מען זאָל צו שטאַרק הערן דעם שרייבערס קול. דאָ שטילט־איין ביקל זיין אייגן קול און ער לאָזט דעם לייענער זיך לענגער אָפּשטעלן אויף דער גאַלעריע פון פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געהאָלפן געבן דער יידישער רומעניע, צווישןביידע וועלט־מלחמות, אַ חותם פון אַ באַזונדערן יידישן ישוב.

פון דעסטוועגן איז דאָ אויך ביקל נישט קיין נייטראַלער שרייבער. ער זאָגט אַרויס פעסטע מיינונגען. ער געשטאַלטיקט מענטשן און פורעמט זיי, ווי ער האָט זיי געזען און ווי זיי האָבן זיך אים איינגעדענקט. דערפאַר איז מיר אַ וווּנדער, וואָס ס׳זענען נאָך נישט אַרויסגעקומען קיין בעסערע קענער פון דער יידישער רומעניע ווי איך בין און זיך דורכגעאַמפּערט מיטן מחבר מכוח פּרטים, אָפּשאַץ פון געשעענישן און מענטשן. איך מוז דערפאַר אָננעמען, אַז ס׳איז אַ ווערק, וואָס האָט אומאָפּפרעגלעך דערגרייכט דעם צוועק. ס׳האָט אַוועקגעשטעלט די לעבעדיקע יידישע רומעניע, אין אירע באַוועגלעכסטע און יידיש־באַוו סטזיניקסטע יאָרן, אין צענטער פון דער יידישער געשיכטע, איידער היטלער, מיט דער הילף פון די רומענישע רוצחים, האָט געהויבן אויף איר די האַק פון פאַרטיליקונג. ביז דעם ווערק איז רומעניע מיט איר מיליאָניקן יידישן ישוב געווען עפּעס מער ווי אַ זייטי־קער היסטאָרישער אינצידענט.

מיט אַ מאָל גיט ביקל אַ שטעל אַוועק די יידישע רומעניע אויף אַ גרויסער בינע, ער באַלייכט זי און ווייזט, אַז מ׳האָט דאָרט געחלומט די זעלביקע יידישע חלומות ווי אומעטום, איבער דער יידישער אייראָפּעישער צעשפּרייטקייט. ער

באַקענט אונדז מיט יידישע אַסימילאַטאָרן, פֿאַרבענקטע אָפּגעפֿרעמדטע יידן, יידן אָוועקגעגאַנגענע און נישט דערגאַנגענע, צוריקקומערס, יידישע שרייבערס אויף לאַנדשפּראַך, יידישע שרייבערס, וואָס זענען אַ טייל פֿון דער יידישער זוועלט־ליטעראַטור; ציוניסטן, בונדיסטן, פֿילאָזאָפֿן, עסקנים, חקרנים, רעכט־מאַנערס, שתדלנים, יידישיסטן, העברעיִסטן — אַ וועלט מיט יידן, וואָס זענען אי אַנדערש, אי ענלעך אויף דעם גאַנצן אַליידישן געטומל איבער דער גאָרער וועלט, ווען אַלץ איז געווען אין פּראָצעס פֿון געבערן און יערן, און ווען קיינער האָט נאָך נישט געאַנט, וויפֿל שרעק און וועלט־פֿאַרטונקלונג ס׳טראָגט זיך אויף יידישע ישובים און יעקבס געצעלטן.

דאָס אַלץ איז פֿאַראַן אין שלמה ביקלס „רומעניע״, געשריבן מיט גוואַלדיקער התמדה און מיט קינסטלערישער היסטאָרישער ווערדע. ביקל זאָגט אונדז, אַז זיין ווערק באַשטייט פֿון געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק און זכרונות, אָבער די דריי באַשטאַנדטיילן זענען פֿאַרגאַנצט און אַריינגעבויט אין ווערק. פּאַקטיש איז אַלע דריי טיילן פֿון ווע־ק געפֿינען מיר צוזאַמענגעקנאָטענע געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק און זכרונות. אָנגעהויבן מיט דעם רעכט־מאַנער און שתדלן אַדאָלף שטערן, ביז צו דער קאָמענטירטער ביבליאָגראַפֿיע.

כ׳האָב געזאָגט קאָמענטירטע ביבליאָגראַפֿיע. מאָלנדיק די פּערזענלעכקייטן פֿון דער נייער יידישער רומעניע, קאָמענטירט אויך ביקל אויף זיין שטייגער, זוכנדיק תכליתדיקע מאָראַל. ס׳וואַקסן אויס יידן־לייבן, וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן געקעמפֿט קעגן אַ פֿיינטלעכער וועלט און אידעיִש געקעמפֿט צווישן זיך.

אינטערעסאַנט איז דער פּאָרטרעט פֿון דעם רומענישן בונדיסט, ד״ר פּיסטינער, וואָס נאָכן טויט האָט מען אים נאָכגעזאָגט שבחים, אַז ער איז געווען אַ צדיק. ביקל פֿאַרענדיקט דעם פּאָרטרעט פֿון אַ וויכטיקער יידישער פּערזענלעכקייט מיט אַ מאָראַל, ווי די שילדערונג וואָלט געווען נישט מער ווי אַ פֿאַבל און דער עיקר איז טאַקע די מאָראַל, דער מוסר השכל:

„וואָס זשע טויגן זיי און צו וואָס פֿירן זיי, די אַלע פּרווון פֿון קעגנזייטיקער נעגירונג ביים לעבן? גיי פֿרעג קשיות אויף בן אדמן און אויף זיין יאָגן זיך נאָך נישטיקייטן, וואָס ער האָט וועגן זיי די אילוזיע פֿון נצחונות און גיי פֿרעג קשיות אויף בן אדמן נאָך דערצו דעמאָלט, ווען ער איז יונג און רייט אויפֿן פּעגאַז פֿון נצחונות ווי אַ קינד אויף אַ שטעקן, וואָס איז אין זיין דמיון אַ פֿערד אין גאַלאָפּ״.

אויב איר ווילט איז דער פּאַראַגראַף אַ מיניאַטור־עסיי, געשריבן אין ביבלישן הבל־הבלימדיקן סטיל, געוווירצט מיט ביקלס אייגנאַרטיקער בעלעטריסטישער בילדלעכקייט, וואָס ס׳שפּיגלט זיך אין איר דער בליץ פֿון אַן אָנגעצונדענעם געדאַנק.

דאָס אינטערעסאַנטסטע, וואָס וואַקסט אַרויס פֿון דעם ווערק, איז, ווי כ׳האָב שוין פֿריִער באַמערקט, דער פֿאַקט, וואָס אויף דעם פּלאַנעט יידיש רומעניע, האָט

זיך געטאָן אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן־טאָן אין אַלע אַנדערע יידישע ישובים, אָבער מיט אַן אייגנאַרטיקייט, וואָס איז געווען די עקזאָטיק פון דער אומבאַקאַנט־סטער פון אַלע יידישע טעריטאָריעס: אָרטאָדאָקסיע, חיבת־ציון, ראַבינערטום, מאַרטירערטום, יידישיזם. אָט דאָס אַלץ פירט ביקל פאַרביי אונדז און לעבט־אויף גלייך אין ערשטן אָפּטייל פון זיין ווערק „רומעניע", וואָס הייסט „אין קאַמף פאַר יידישע רעכט" און ווערט פאָרגעזעצט אין צווייטן טייל — „אויף דער יידישער גאַס". דאָ, אין צווייטן אָפּטייל, הייבט שוין אָן רודערן מיט דעם יידישן קינסטלע־רישן וואָרט. גלייך אין דעם אַריינפיר קריגט איר אַ צוטריט צו וועלוול זבאַר־זשערס שענק־בדחנות און צו זיינע פלימעניקעס פון ערענקראַנץ־משפּחה. אין דעם קאַפּיטל דערשיינט שוין אויך אברהם גאָלדפאַדען, וואָס גיט זיין התימה אויף וועלוול זבאַרזשער — „זיסע האָפענונגען און נחמה, סאַטירע און פריילעכע מאָראַל, ער איז דעם פאָלקס נשמה, ער איז זיין אידעאַל". וועלוול זבאַרזשערן האָט אָבער בעסער כאַראַקטעריזירט זיינער אַ פלימעניק, וואָס איז געווען אַקטיוו אין דער החלוץ־אַרבעט אין רומעניע: „מיר, די ערענקראַנצעס, האָט ער געזאָגט, זענען בטבע געאיילציקע, מיר זענען נישט קיין וואַרטער, קיין תכלית־מענטשן. מיר האָבן דאָס בירושה פון אונדזער פעטער וועלוול זבאַרזשער, וואָס האָט אין דער טיי־שטוב... געזונגען לידער פאַר די בוקאַרעשטער יידן און מיט זיי געקנעלט תכליתלאָזיקייט".

אַ ביסל פריִער האָב איך גערעדט וועגן דער עקזאָטישקייט פון ישוב־רומע־ניע. ווי נאָך האָט געקענט אויסוואַקסן אַ פראַוואָסלאַוונער גלח, וואָס זאָל זיך רופן גאַלאַ גאַלאַקטיאָן און זאָל גאָר ווערן אַ חבר פון יידישע שרייבער און אַרומפאָרן מיט זיי און העלפן האַלטן לעקציעס וועגן דער יידישער ליטעראַטור? אָדער ווו זענען אַזוי פיל יידישלעכע שרייבער געוואָרן אָנערקענט אויף דעם לשון פון דער מדינה, ווי אין רומעניע? און ווו איז אַ דרוקעריי פון אַ צייטונג געוואָרן אַ קיבע־צאַרניע, ווו ס'האָט „געבושעוועט" מיט קריטיק, קיבעץ, לשון־הרע, אומצענזו־רירטער פאָליטיק, ווי אין בוקאַרעשט?

דער דריטער טייל פון בוך הייסט „יידישע שעפערישקייט", און דאָ וויל ביקל פון זיך מער ווי איין מאָל אַראָפּוואַרפן דעם מאַנטל פון היסטאָריקער און ווערן ליטעראַטור־קריטיקער. אָבער די קייט פון יידישע שרייבער־פּאָרטרעטן און פּיאָנערן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור אין רומעניע ווערט אַלץ נישט אָן דעם היסטאָרישן כאַראַקטער. ס'הייבט זיך אָן מיט דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ און אַ ביסל שפּעטער מיט דעם דיכטער־פּיאָנער יעקב גראָפּער, וואָס האָט רק געזוכט דאָס היימישע פּנים פון רומענישן שעפערישן ייד, אַנטקעגן דער אינוואַזיע פון אַריבערגעקומענע יידישע שרייבער, די יידיש־שרייבער פון בעסאַ־ראַביע, בוקאָווינע און טראַנסילוואַניע. די צייטשריפט „ליכט" הייבט אָן אין 1915 די נייע עפּאָכע פון נייער יידיש־שעפערישקייט אין רומעניע. אינטערע־

סאַנט איז, אַז די דאָטע פאַלט זיך כמעט צוזאַמען מיט דער הערשאַפט פון די „יונגע" אין אַמעריקע און מיט דער יינגערער ליטעראַטור אין פוילן און אין רוסלאַנד. ס'איז געווען אַ קאַמף צווישן וועגעטיקס — צוגעקומענע און „פאַמענ־טענער" — היימישע, אַלטגעזעסענע. ביקל פירט פאַר אונדז פאַרביי די בעסטע שעפערישע געשטאַלטן פון יענער עפּאָכע.

און דאָ מעג מען אפשר באַמערקן און פרעגן, צי האָט מען טאַקע ביים על־טערן יידישן דיכטער גראַפער נישט געקענט געפינען קיין איבערצייגנדיקערע קינסטלערישעביישפּילן, ווי ביקל ברענגט אונדז? און אויב נישט, צי איז טאַקע גראַפער געווען אַ וויכטיקער פּאָעט, ווען אַפילו ער האָט גורם געווען איציק מאַנ־גערן? די קרוין־עסיי אין דער אָפּטיילונג איז וועגן אליעזר שטיינבאַרגן, וואָס פאַר־קערפערט אין זיך דעם שעפערישסטן אימפעט פון דער נייער יידישער ליטעראַטור אין רומעניע, זיין שפּראַכלעכע גאונות און קינסטלערישע פאַלקסטימלעכקייט. ביקל פאַרגלייכט שטיינבאַרגס השפּעה צו דער השפּעה פון פּרצן אין פוילן, הגם ער ווייזט אָן אויף אַן אינטערעסאַנטן כאַראַקטער־אונטערשיד צווישן דיביידע מדרי־כים: פּרץ — אַ „שטורמישער אָדלער", און אליעזר שטיינבאַרג — „אַ שטילע, פרומע טערקלטויב".

די גאַלעריע פון רומענישע יידישע שרייבער, אין די באַזונדערע אויסטיילונ־גען פון די חכמי טשערנאָוויץ, חכמי בוקאַרעשט און חכמי קישעניעוו, שטעלט מיט זיך פאָר ווידער אַ גרויסן צושטייער צו דער געשיכטע פון רומענישן יידנטום, דורך די געשטאַלטן פון זיינע שעפער, וואָס קניפּן זיך אָן אין דעם גרויסן שאַפונג־המשך פון דער יידישער ליטעראַטור איבער דער גאַנצער וועלט.

ס'איז נישט שייך צו קריטיקירן די קריטישע מיינונגען פון שלמה ביקל, מ'קען מיט אים נישט מסכים זיין, ווען ער טרייבט אַ מאָל איבער, ווען ער פליט אַוועק אויף אייגענער ערלעכער און עכטער באַוווּנדערונג פאַר דערגרייכונגען, וואָס לאָזן זיך אָפּפרעגן. אָבער מיט מיינונגען פון אַ קינסטלערישן שאַצער פון אַזאַ קאַליבער, ווי ביקל איז, און ווי ער האָט זיך צו אונדז באַוויזן אין זיינע צענד־ליקער ליטעראַרישע עסייען, מיט אַזאַ קריטיקער קריגט מען זיך נישט. מען מוז אויפנעמען אַפילו מיינונגען, וואָס זענען אין גאַנצן להיפך אונדזער אייגענעם געשמאַק.

אָבער דאָ גייט נישט אין מבינות. די ליטעראַרישע פּאָרטרעטן זענען נישט נאָר קריטיק, נאָר זענען געצייכנט מיט ליבשאַפט צום יידישן ישוב און צו אַלץ, וואָס האָט פון דאָרט אַרויסגעשפּראָצט, צו אַ ישוב, וווּ ביקל אַליין האָט פאַר־ברענגט צוויי צענדליק ברוייזנדיקע יאָרן און איז געווען איינער פון די יונגע סטימולירער פאַרן יידישן קינסטלערישן וואָרט.

דער פּאָרטרעט פון יעקב שטערנבערגן איז געשריבן מיט גרויס ליבשאַפט, אָבער מיט דורכדרינגלעכן קריטישן אַנאַליז, אַן אַנאַליז, וואָס טוט ווי דעם אַנאַ־

ליסט, בעת ער גריבלט זיך אין די ירידה־שטימונגען פון פּאָעט, ווען ביקל האָט צו ערשט געטראָפן אין טשערנאָוויץ אין 1919. אין זעלביקן יאָר האָט אויך ביקל זיך באַגעגנט מיט „אַ שעמעוודיקן אַכצניאָריקן בחור אין אַ רוסישער רובאַש־קע, מיט אַ טראָלד אויף דער רעכטער זייט" — זיין נאָמען איז געווען איציק מאַנגער. דער „ביאָגראַפישער און לאַנדשאַפטלעכער הינטערגרונט" ווי ביקל רופט זיין עסיי וועגן איציק מאַנגערס ליד און זיין פּראָזע, פאַרנעמט אַרום צוואַנ־ציק זייטן. דעם דאָזיקן דיכטער שענקט ביקל אָן שום רעזערוואַציעס זיין פולע און אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט און אָנערקענונג. דער פּאָרטרעט וואָלט אַ סך גע־וווּנען, ווען אין אים וואָלטן געווען עלעמענטן פון דער אַנאַטאָמיזירנדיקער קריטיק און פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז, וואָס מיט זיי צייכנט זיך אויס דער פולער קינסטלע־רישער פּאָרטרעט פון יעקב שטערנבערגן.

דאָס קאַפּיטאַלע ווערק „רומעניע" ענדיקט זיך מיט אַ קליינעם פּאָרטרעט פון אַן אומבאַקאַנטן העברעישן און יידישן שרייבער און לערער — מרדכי גאָלדענ־בערג, וואָס האָט ווי אַ העברעישער לערער אויפגעשטעלט אַ דור תלמידים. מרדכי גאָלדענבערגס ווייב און זיין טאָכטער זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווען די רומענישע רוצחים האָבן אין 1941 איבערגעשטיגן היטלערן אין בעסטיאַלישע מעשים. מרדכי גאָלדענבערג איז אויסגעגאַנגען אין בערשאַד, טראַנסניסטריע. דאָס ווערק הייבט זיך אָן מיט דעם פאַרעקשנטן קאַמף פאַר יידישע רעכט אין ניינצנטן יאָרהונדערט און ענדיקט זיך מיט דעם פאַרשאָלטנסטן קאַפּיטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — אין אינצווישן האָט ביקל אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל דעם רומענישן יידישן ישוב.

ווי אין זיינע פריערדיקע ביכער איז ביקל דאָ אויך קינסטלעריש־עפּאַגראַמאַ־טיש. דאָס איז די באַזונדערע פּריווילעגיע פון עסייִסט. ער קען אַפילו אין זיינע שענסטע און שטרענגסטע בעלעטריסטישע מאָמענטן, ווערן דער זייטי־קער זאָגער, ווי אויף אַ שעקספּירישער בינע און אַריינכאַפּן אַ טייערן זאָג. ווען עס קומט צו אַזעלכע קאָמענטאַרן, טוט עס ביקל אויף דעם שענסטן אופן. ער איז אין דער טראַדיציע פון די גרויסע עסייִסטן, וואָס קענען צוזאַ־מענפּרעסן אַ געדאַנק אין עטלעכע זאַצן און עס זאָל ווערן דערפון אַ באַזונ־דערער קינסטלערישער אַפּאָץ, וואָס מ'קען אַרויסנעמען, לייענען און איבער־לייענען. דאָס זענען די ציטאַטן פון זיך, וואָס יעדער וויכטיקער שרייבער שרייבט זיי אָן, כדי גרינגער צו מאַכן דעם צוקונפטיקן ציטירער. ער שטעלט אים גלייך צו דעם עסענץ. פון ביקל אַכט בענד קען מען אַרויסנעמען אַזעלכע הונדערטער זייטיקע, אויף אייגענע זאַצן שטייענדיקע פּסוקים און פּתגמים. זיי פאַרמאָגן דעם גלאַנץ פון גוטער אייראָפּעישער שפּעררישקייט און זענען גלייכצייטיק ביבליש אין סטיל, משלדיק אָדער קהלתדיק, לויט דער שטימונג פון עסייִסט.

איך האָב געשריבן וועגן ביקלס ערשטע פינף ביכער און געבליבן הינטער־

שטעליק פון די צוויי אַנדערע ווערק זיינע — „שרייבער פון מיין דור״ און „דריי ברידער זענען מיר געווען״. און ווען מען פאַרלאָזט אַזאַ פּרוכטיקן שרייבער ווי ביקל אויף עטלעכע הונדערט זייטן, פאַרלירט מען אים אויף שיינע עטלעכע מייל. אָבער אָט האָב איך גוט דורכגעאַקערט זיין ניי ווערק „רומעניע״ און ס׳איז מיר ווידער אַנטקעגנגעקומען דאָס געשטאַלט פון איינעם פון די שענסטע פון מיינע יידן־ברידער, אַ ייד וואָס מ׳קען אים צורעכענען צו די געציילטסטע דריי, פינף און אַ מנין אויסדערוויילטע ברידער. כ׳האָב אויף צוריקוועגס צוריקגעלייענט זיינע געזאַמלטע קריטישע עסייען וועגן די שרייבערס פון אונדזער דור און די קינסט־לערישע אויטאָביאָגראַפישע זכרונות פון די „דריי ברידער זענען מיר געווען״. אויף שלמה ביקלס ביכער איז חל די נאַיווע פאָלקס־באַוווּנדערונג — אויסגע־טראַכט פון אייגענעם קאָפּ. מיר האָבן פאַר זיך דעם דורכבלעטער פון ביבליאָטעקן גאַנצע, נישט נאָר אייגענע געשאַפענע, נאָר גוט פאַרדייעטע, איבערגעברענטע, קאָנטראָלירטע און רעווידירטע; און מיר האָבן פאַר זיך די אויטאָביאָגראַפיע פון אַ גלויביקן יידישן סקעפּטיקער, וואָס איז געקומען איבערשטעלן דאָס מעבל אין אונדזער נאַציאָנאַל הויז, מיט עלעגאַנץ און אַ סך באַשיידנקייט; איבערשטעלן און אַליין זיך צוריקציִען אין אַ באַזונדער ווינקל, ווו מ׳קען נאָך אַלץ רעזערווירן פאַר זיך אַ באַזונדער אָרט פון קריטיק אויף אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן, מיט און קעגן זיינע אייגענע עצות.

וואָס שייך דעם ווערק „רומעניע״, ליגט אין דעם בוך אויך אַ סך פרומקייט. פאַראַן אין דעם בוך תכלית, אַ תכלית, וואָס זעצט זיך איבער אויף אָוועקנעמען שעהען פון זיך, פון אייגענער אַרבעט, פון איינגענער מי, אַפילו פון אייגענע רייד, ווען ס׳איז נייטיק צו דינען מיטן גאַנצן האַרצן און דער גאַנצער נשמה, ווען ס׳איז אימפּעראַטיוו צו פאַרצייכענען, כדי עס זאָל חלילה נישט פאַרפרעמדט און פאַר־געסן ווערן אַ גאַנצער שבט פון ישראל. אָט די דינסט האָט ביקל דורכגעפירט. אָבער די ווערלוול זבאַרזשערישע אומתכליתדיקייט האָט זיך פון דעסטוועגן פאַרט אַריינגעגנבעט ממש אין יעדן זייטל, און ס׳איז אַרויסגעקומען אַ פיינע קאָמבינאַ־ציע פון אַן אויטענטיש היסטאָריש ווערק, מיט דאָ און דאָרט אויפגעצאַפּלטע ליכטלעך, וואָס דער ביקל־סטיל צינדט אָן, באַלייכטנדיק דעם וועג פון נייעם רומענישן ייד, אין זיין איבערראַשנדיק באַזונדערן אָנקניפּ מיט אַלץ, וואָס האָט וויי געטאָן, דערפרייט, פאַרטרויעריקט און פאַרחלומט דעם ייד פון אַלע אַנדערע ישובים, אין אייראָפּע און אין די אַמעריקעס.

אין מיינס אַן עסיי איבער ביקלען האָב איך אַ מאָל געשריבן, אַז „ס׳איז היינט נישטאָ קיין גרעסערער מומחה איבער די גייסטיקע און פיזישע וואָרצלען פון רומענישן יידנטום, ווי שלמה ביקל״. כ׳האָב געשפּירט ווי דאָס בוך „רומעניע״ רירט זיך אין עמבריאָן און ווערט צייטיק. דאָס ווערק האָט געמוזט קומען, ווייל ביקל דערשרייבט דאָס, וואָס עס פעלט אין אונדזער בעלעטריסטיק. ער גיט

אונדז דעם שליסל צו די געדאַנקען פון די ברידער, וואָס מיר זענען געווען, ווי אַזוי מיר האָבן איבערגעגאָסן יידישקייט אין אַנדערע כלים און נישט פאַרלוירן קיין ווערטיקן טראָפּן. אין שלמה ביקל אַכט בענד זעען מיר דעם נייעם יידישן מענטשן, אין פּראָצעס פון שאַפן און איבערשאַפן, מיר הערן זיינע רייד, מיר זעען ווי דער נייער ייד האָט זיך געשטאַלטיקט און איבערגעשטאַלטיקט. מיר דערקענען אים היסטאָריש — ער איז אונדזער דור — ער איז מיר.

# אברהם גאָלאָמב

דער באַרימטער פּעדאַגאָג, לערער און שרייבער אברהם גאָלאָמב איז ניִשט נאָר אַ דערציִער פון יונגוואַרג, נאָר אויך אַ דערציִער פון דערוואַקסענע. זיין דערציִערישע קאַריערע איז אַ טייל פון דער געשיכטע פון יידישן שול־וועזן איבער דער גאַנצער וועלט. עס מיינט צו זאָגן, אַז אַפילו ווען ער איז פּערזענלעך ניִשט געווען אין דעם אָדער יענעם לאַנד, איז זיין נאָמען און טעטיקייט ברייט באַקאַנט אומעטום, וווּ די אַזוי גערופענע וועלטלעכע יידישע דערציִונג איז איינגעפירט געוואָרן. צווישן די ערנסטע דערציִערס פון דעם שטייגער, וואָס זענען געקומען צו דער יידישער שולע מיט אַ סך צוגרייטונג, מיט פאַרנעם, פאַנטאַזיע און אַן אינערלעכן שטאַרקן ווילן, פאַרנעמט גאָלאָמב דעם אויבנאָן.

זיין ביאָגראַפיע, די נאָך ניִשט געשריבענע, וואָלט געווען אַ בוך, וואָס וואָלט זיך געלייענט מיט גרויס אינטערעס, ווייל זי הייבט זיך אָן אין אַ קליין שטעטל לעבן ווילנע און פאָרט אויס די וועלט. אומעטום פאַרפלאַנצט גאָלאָמב גאַנצע דערציִונג־ביימער, וואָס צעוואַקסן זיך און ווערן באַקאַנט איבער יידישן בלאָנדזשעניש אויף די וועגן פון חינוך צווישן די פעלקער, מיט אַלערליי באַוואָרענישן ניִשט פאַרשלונגען צו ווערן פון דעם דרויסן מיט זיינע געשאַנקען און צוציִענישן.

אַחוץ ביכער פאַר קינדער, מאַטעריאַלן פאַר דערציִונג, האָט א. גאָלאָמב זייער אַ סך געשריבן פאַר דערוואַקסענע. ער האָט אַרויסגעגעבן לערנביכער, וואָס טראָגן נאָך דאַטעס פון 1919 און 1922, אָבער ער האָט אויך אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַחוץ צענדליקער בראָשורן, דיקע ביכער מיט געזאַמלטע עסייען, וואָס אין זיי האָט ער אַריינגעלייגט זיין גאַנצע דערציִערישע אַרבעט פאַר דערוואַקסענע. דער ערשטער באַנד עסייען איז דערשינען אין מעקסיקע, אין 1945. דער נייסטער באַנד, וואָס איז, דאַכט זיך, דער אַכטער אין דער עסייען־סעריע, באַשטייט פון זיבן לענגערע אָפּהאַנדלונגען, וואָס ווערן געדעקט מיטן אַלגעמיינעם נאָמען פון בוך „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק". מען דאַרף נאָך זאָגן, אַז צום בוך איז צוגעגעבן אַ „טיילווייזע" ביבליאָגראַפיע פון גאָלאָמבס שריפטן, וואָס דער באַרימטער ביבליאָגראַף יעפים ישורין האָט צוזאַמענגעשטעלט. פון דער דאָזיקער טיילווייזער רשימה זעען מיר, אַז גאָלאָמב האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן צענדליקער ביכער און בראָשורן, און דערצו נאָך האָט ער אין משך פון זיין לאַנגער קאַריערע פאַרעפנטלעכט הונדערטער צעזייטע און צעשפּרייטע אַרטיקלען וועגן דערציִונג, וועגן יידיש, וועגן ליטעראַטור און קולטור־פּראָבלעמען און פאַרשידענע אַנדערע טע־

מעס, אויף וועלכע א. גאָלאָמב האָט זיך אָפּגערופן. דאָס ערשטע בוך, אַ לערנבוך פֿאַר יידישע שולן, איז דערשינען אין קיעוו אין 1919, אַנדערע זענען דערשינען אין ביאַליסטאָק, וואַרשע, ווינימפעג און אין מעקסיקע, ווו ער האָט געבויט גרויסע אויגן־און־אָטעם־פֿאַרכאַפּנדיקע שולעס און זיי צענומען, איידער מען האָט זיי ביי אים אָוועקגענומען.

דאָס נייסטע בוך פון אברהם גאָלאָמב איז דערשינען אין מעקסיקע, ווו ער איז געווען דערציִעריש אַקטיוו זיבעצן יאָר, אָבער ס׳איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז גלייך נאָך דעם ווי מען האָט דאָרט געפייערט זײַן 75סטן געבוירנטאָג, האָט גאָלאָמב געמוזט נעמען דעם וואַנדערשטעקן און זיך אַריבערפלאַנצן קיין לאָס־אַנזשעלעס. דער פֿאַקט, וואָס גאָלאָמב האָט אַרויסגעגעבן די מייסטע עסייען־ביכער זיינע אין מעקסיקע און וואָס מען האָט געפייערט זיין געבוירן־טאָג אויפן ברייטן שטייגער, מיט אַ סך וואַרעמקייט און מיט דער באַטייליקונג פון זיינע אויסגעוואַקסענע תלמידים, ווייזט, אַז ער האָט דאָרט אויך געווונען אַ סך פריינד. פון דער אַנדערער זייט איז זיין אַוועקפאָר פון שטאָט געווען פאַרבונדן מיט אָפענער מחלוקת. די קריגעריי איז געוואַשן און געלופטערט געוואָרן אין דער עפנטלעכ־קייט, מיט דער געוויינלעכער לעבעדיקער „ענערגיע" פאַר אַזעלכע ענינים, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מעקסיקאַנער יידישער פּרעסע.

מיך אינטערעסירט די אומבויגזאַמע פערזענלעכקייט פון אברהם גאָלאָמב. ער איז שאַרף, אומקאָמפּראָמיסלעך, שטראָפעריש, מוסרדיק. ס׳וועט גאָר נישט מינערן פון גאָלאָמבס פערזענלעכקייט, אויב איך וועל זאָגן, אַז ער פאַרמאָגט די מעלה זיך אַרומצורינגלען מיט פריינד, וואָס ווערן ביסלעכווייז שונאים, אָבער זיי הערן פון דעסטוועגן נישט אויף צו רעספּעקטירן גאָלאָמבן פאַר זיינע דערגרייכונ־גען און אויפטוען. די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פון גאָלאָמבן ווערט דאָ באַטאָנט אין שייכות מיט זיינע ביכער, ווו זיין פערזענלעכקייט קומט צום בולטן אויסדרוק. גאָלאָמב האָט שטאַרק ליב יידיש, ס׳איז מער ווי ליבשאַפט, ס׳איז אַ נאַטירלעכע צוגעבונדנקייט און געשוואוירענע געטריישאַפט. ער בויט זיין יידישקייט אויפן יידישן לעבן און ער איז אין דינסט פון יידיש — אַ פולן מעת־לעת.

לאָמיר אָבער נישט פאַרגעסן, אַז זיין מעת־לעת איז דורכויס פול מיט מחשבות וועגן יידישער דערציִונג, בעת דער לעבעדיקער יידישער דרויסן איז פול מיט דאגות, פּראָבלעמען און שטרויכלונגען.

יידישער חינוך צווישן פעלקער, וואָס לייגט זיך אויס גלאַטיק אין טעאָריע אויף פּאַפּיר, לאָזט זיך נישט אַריינקוועטשן אין עקשנותדיקע פאָרמולעס און אָפּ־געפּסקנטע פאָרויסיקע באַשלוסן. יידישער חינוך האָט צו טאָן מיט עלטערן, מיט זייער אייגענעם דרויסן און מיט זייערע באַזונדערע דאגות און באַזונדער אויסגע־טייטשטער, אָפּגעציטערטער איבערגעגעבנקייט צו קינדער און זאָרג פאַר זייער

צוקונפט. יידישער חינוך האָט אויך צו טאָן מיט ביטערע, אָפט פיינטלעכע אומשטענדן.

אברהם גאָלאָמב פאַרשטייט זייער גוט די אַלע אַרומרינגלענדיקע פּראָבלעמען, ער פאַרשטייט זיי, אָבער ער האָט נישט קיין געדולד פאַר זיי. זיין מעת־לעת פון ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צום יידישן לשון, צו יידישער דערציִונג אויף זיין שטייגער, פאַרמאָגט נישט קיין געדולד פאַר געקעכלטע קאָמפּראָמיסן. ער איז דער דערציִער, וואָס וויל נישט אָפּווייכן אויף אַ האָר פון זיינע אָנגעצייכנטע און אייגענע יונגע דערפאַרונגען, וואָס האָבן אָנגעטראָפן מכשולים, ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון ווילנע און זענען איבערגעפלאַנצט געוואָרן קיין וויניפּעג אָדער מעקסיקע.

גאָלאַמב האָט נישט געלאָזט, אַז די אַנטוישונגען זיינע זאָלן ווערן זיינע וועגווייזער און זיי זאָלן מאָדיפיצירן זיינע ערלעכע טעאָריעס און איבערצייגונגען. וואָלט ער זיך טייל מאָל געלאָזט פירן פון זיינע אַנטוישונגען, וואָלטן אין זיין וועג פון יידישער דערציִונג אַריינגעטראָטן יענע מילדערונגען, וואָס זענען אָפט זייער נייטיק פאַר דערפאָלג.

כ׳שרייב די שורות אַלץ אין שייכות מיט זיין נאָר וואָס דערשינענעם בוך „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק״, ווו גאָלאָמב טרעט אַרויס מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט פאַר זיין עקשנותדיקער וועלטלעכקייט, וואָס ער פּרעדיקט שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט. אגב, אין זיין נייעם בוך לייענען מיר די בעסטע דעפיניציעס וועגן יידישער וועלטלעכקייט. מען דאַרף נישט מסכים זיין מיט די אויספירן, אָבער גאָלאָמבן געלינגט צו פאָרמולירן זיינע געדאַנקען וועגן וועלטלעכקייט, אין שייכות מיט זיינע טעאָריעס וועגן יידישער דערציִונג.

גאָלאָמב איז אַ פּובליציסט און ער פאַרמאָגט אַ לייכטן סטיל, מיט אַ סך ביישפּילן און משלים, וואָס קומט פון זיין דערציִערישער אַרבעט. אָבער היות גאָלאָמב „שלאָגט״ אויף איין פּינטל — זיינע געדאַנקען וועגן היינטצייטיקער יידישקייט און פּראָבלעמען פון יידישער דערציִונג, לייענען זיך זייער אָפט זיינע אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען ווי איבערחזרונגען, אָדער איינחזרונגען פון אַלץ, וואָס ער האָט שוין אַ סך מאָל געשריבן. אַפילו אין דעם נייסטן בוך פון זיבן לענגערע עסייען, איז פאַראַן אַ סך איבערחזרונג און די זעלביקע געדאַנקען ווערן ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל אַרויסגעזאָגט, כמעט מיט די זעלביקע ווערטער.

גאָלאָמב שרייבט גאַנץ לעבעדיק, אָבער ווען ער וואָלט „פּראָפּיטירט״ פון זיינע אייגענע דורכפאַלן אויפן געביט פון יידישער דערציִונג, וואָלטן זיינע עסייען אַרויסגעקומען עלאַסטישער, בייגעוודיקער, מיט מער שרייבערישן חן און וויניקער צעצויגן. ביי אַ שרייבער שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע זיין סקעפּטיק, וואָס קרעפּטיקט דעם טאַלאַנט. גאָלאָמב איז נישט קיין סקעפּטיקער, ער איז אַ גאַנצן מעת־לעת אַ פאַרגלייבטער אין הונדערפּראָצענטיקע אמתן. ווען ער וואָלט

זיך דערמאָנט אין די מכשולים, וואָס יידישע דערציִונג טרעפט אָן, וואָלט ער געווען אינטערעסאַנטער און ברייטער.

גאָלאָמבס ביכער זענען אייגנאַרטיק אין דער מלוכה פון יידישער פּראָבלעם־פּאָלעמיק. פאַראַן אין זיי שאַרפקייט, שניידיקע זאַצן, וואָס קריצן זיך איין אין זכרון, זיינע באַהאַנדלונגען וואָלטן אָבער שטאַרק געוווּנען, ווען זיי וואָלטן נישט געווען אַזוי „סעגרעגירט״, נוצנדיק אַ היינטצייטיקן טערמין, פון אַלץ, וואָס אַנ־דערע יידישע פּובליציסטן שרייבן וועגן די זעלביקע ענינים. וואָלט אברהם גאָלאָמב געגומען אין אַכט און געלאָזט וויסן, אַז אַלץ וואָס ער באַהאַנדלט אין זיינע עסייען איז אויפגענומען געוואָרן און ווערט אויפגענומען, מיט מער אָדער ווייניקער טאַלאַנט, אין דער יידישער פּרעסע און יידישער זשורנאַליסטיק, אומעטום ווו יידיש און יידישע דערציִונג איז ליב און טייער, וואָלטן גאָלאָמבס עסייען פאַר־שפּאָרט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז אַלץ איז ערשט פון דער נאָדל; ווען ער וואָלט שרייבנדיק, געהאַט פאַר די אויגן אַ סביבה פון שרייבער, וואָלטן זיינע עסייען געווען עיקרדיקער און אָריגינעלער.

אינטערעסאַנט איז, וואָס גאָלאָמב בויט אַ סך אויף יידישער ליטעראַטור, ער רעדט אַפילו וועגן איר קדושה, אָבער זיין באַגרינדונג פון ליטעראַטור איז אַ מאָגערע. זייער ווייניק ביכער און שרייבער ווערן דערמאָנט אין די עסייען. ער דערמאָנט זייער אָפט ביאַליקן, ציטירט דורך די הונדערטער זייטן עטלעכע ווערט־לאָזע שורות פון אַ סאָוויעטיש־יידישן פּאָעט און צוויי־דריי שורות פון רייזענען און צונזערן — אָן אָרעמער ליטעראַרישער באַגאַזש. אָבער מיט וואָס איז די יידישע ליטעראַטור הייליק — ווערט נישט באַגרינדעט.

פון דעסטוועגן איז גאָלאָמבס ניי בוך אַן אינטערעסאַנט און פּראָוואָצירנדיק בוך, נישט געקוקט אויף אַלע רעזערוואַציעס. כ׳האָב געגעבן אַן אימפּרעסיאָניסטיש בילד פון מחבר און זיין ווערק, מער ווי אַן אָפּשאַצונג פון בוך גופא, ווייל ס׳איז נישט שייך זיך צו קריגן מיטן מחבר פאַר זיינע אידעען, וואָס זענען אַ טייל פון זיין לעבן און פון זיינע מעשים. כ׳וויל אָבער איבערגעבן דעם אינהאַלט פון בוך און די אַרומנעמענדיקע נעמען פון די לענגערע אָפּהאַנדלונגען: ישראל ואורייתא; ירמיהו הנביא דער באַגרינדער פון גלות־יידישקייט; תקופות און דערציִונג; אומה ולשון — יידיש פאָלק און יידיש לשון; מאַסע און אינטעליגענץ; קדושה און וואָכעדיקייט אין יידישן לעבן; עגאָפּאָביע. די לעצטע איז די לענגסטע אָפּ־האַנדלונג אין בוך, וואָס האַלט אַרום הונדערט און פוציק זייטן און באַמיט זיך צו ווייזן, אַז יידן האָבן געוואָלט אַנטלויפן פון זיך אַליין.

כ׳וועל פאַרענדיקן מיט עטלעכע סענטענצן־פּסוקים — און אַזעלכע זענען פאַראַן אַ סך אין בוך, וואָס ווייזן, אַז גאָלאָמב איז אַ ייד אַ מאמין, וואָס גלייבט, אַז אמונה מוז ווערן אַ טייל פון יידישער דערציִונג:

„אַ מענטש מוז פאַרמאָגן אַ גלויבן, אַן אידעאַל, אַן אמונה. מענטשן אָן אמונה

זענען טראַגיש פֿאַר זיך אַליין און זיי זענען טראַגיש פֿאַר דער סביבה. אַ מענטש־לעכער קאָלעקטיוו אָן אמונה קען חרוב מאַכן די גאַנצע וועלט. אַ קולטור, וואָס איז נישט באַזירט אויף קיין אמונה איז שעדלעך, ווייל זי דעגענערירט אין עגאָיזם, אין צביעות, אין פֿאַלשקייט. אַ דערציִונג אָן אַן אמונה איז ווידער געפֿערלעך".

מיר שטערט בלויז אַ קאַפּיטשקע די גענעראַליזאַציע פֿון — אַן אמונה. אמונה אַליין וואָלט פֿאַר מיר גענוג געווען. כ'ווייס נישט צי כ'בין גרייט צו אָנערקענען אַן אמונה, נישט וויסנדיק, וואָס די ספּעציפֿישע אמונה פֿאָדערט פֿון מין מענטש.

# די קינסטלערישע ווידעראַנאַנדן פון מ. גראָס־צימערמאַן

קיינער שרייבט ביי אונדז נישט ווי מ. גראָס־צימערמאַן. בלויז ער אַליין שרייבט שוין אַזוי באַלד אַ האַלבן יאָרהונדערט. אָנגעהויבן שרייבן יידיש האָט ער אין עלטער פון 25 יאָר, שפּעטער, ווי אַ סך אַנדערע יידישע שרייבער, וואָס זענען שוין אין דעם עלטער געווען געזעצטע און באַזעצטע שרייבער, אַפילו מיט אַ גאַנג ביכער. אָבער ער האָט ערשט, מיט עטלעכע חדשים צוריק, קוים אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך; אַנדערע זאָגן, אַז ער האָט שוין מיט אַ ניין יאָר צוריק אַרויס־געגעבן אַ בוך, אָבער ס'איז געווען אַ סוד — נישט קיין בוך, ס'לייגט זיך אויפן שׂכל, אַז דעם סוד האָט געהאַלטן נישט קיין אַנדערער ווי משה גראָס־צימערמאַן אַליין.

משה גראָס, ווי ער איז באַקאַנט געווען אין זיין ערשטער ליטעראַרישער תקופה, אין זוין, איז געקומען צו דער יידישער עסייִסטיק מיט אַ סך וויסן און היפּשער סקעפּטיק. ער האָט זייער ערנסט אויפגענומען ליטעראַטור, אָבער הינטער דעם ערנסט איז געשטאַנען אויך אַ היפּער־ראַפינירטער ווינער שרייבער, וואָס האָט בכלל נישט גענומען צו ערנסט דעם שווערן אָנוווקס פון אַ באַרג־ביכער אויף דער וועלט; ווי אַ סיני כגיגית, וואָס מען צווינגט אַרויף אויף אַ וועלט, וואָס מוז עס אַלץ מקבל זיין. אין אים האָט זיך געריסן דער נישט־אונטערגעבער, דער נישט־קאָנפאָרמיסט, וואָס האָט באַלד געשאַפן סענסאַציע אַרום זיך דערמיט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט מקבל זיין אַפילו — פּרצן. געווען איז עס קוים עטלעכע יאָר נאָכן טויט פון ממש פאַרהייליקן קלאַסיקער, אָבער משה גראָס האָט אויסגעקליבן פּרצן, כדי מיט אים צו באַווייזן זיין קעגנערשאַפט צו אָנגענומענע און צוגעשניטענע ליטעראַרישע מצוות. קעגן י. ל. פּרצן האָט זיך געבריהט אויך זישע לאַנדוי, אָבער משה גראָס איז נישט געווען גלאַט אַ שטיין־וואַרפער. אים האָבן נישט געפעלט די מיטלען צו באַגרינדן און ליטעראַריש פאַרפילאָזאָפירן זיינע מיינונגען.

באַקאַנט איז מיר דער נאָמען גראָס אַ יאָר פינף און פערציק. ער איז שוין דעמאָלט געווען דער פּאַנצער פון גאַליציאַנער שפּעררישקייט. ער איז געווען זייער ריטער און ער איז עס פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג, געטריי, לאָיאַל און ערודיטיש־אויפקלערעריש. משה גראָס־צימערמאַן רעדט נאָך אַלץ וועגן גאַלי־ציאַנער שרייבער מיט אַ סך לאַנדסמאַנשאַפטלעכער ליבשאַפט און מיט גרעסערע בולטע פלוסן, ווי ער שענקט געוויינטלעך שרייבער פון אַנדערע יידישע סעקטאָרן.

זיין סקעפּטיק האָט אים צוריקגעהאַלטן פון אַרויסגעבן אייגענע ביכער —

און ער האָט אַ סך געשריבן אויף אַלערליי געביטן, וואָס פון זיי האָט ער תמיד געקענט גיין אין ביכער, און פון זיי גייט מען ביי אונדז כידוע אין גאָלד. אָבער ער איז אַראָפּ פון דעם דאָזיקן גאָלד־סטאַנדאַרט און צעזייט זיינע עסייען און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען. ס׳האָט זיך שוין דעמאָלט געוואָלט אויסהאַלטן ביי דעם יונגן ווינערישן קריטיקער דעם עקזאַמען, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיין אָנערקענונג קומט ערגעץ פון אַ דיפּלאָמירטער פרעמד. דער יונגער קריטיקער האָט געהאַט אויך אַ מאָס פאַר זיך און אין איינזאַמקייט איז ער געווען קיד׳ער־ווידער מיט זיך אַליין; פון דאַנען נעמט זיך דער טרעפלעכער נאָמען פון זיין אָקאָרשט דערשי־נענעם בוך עסייען — „אינטימער ווידעראַנאַנד". דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון 32 עסייען. דערשינען איז עס אין מדינת ישראל — און ס׳האָט נישט געקענט און נישט באַדאַרפט זיין אַנדערש. דער יונגער ווינערישער ייד האָט זיך מיט קנאַפּע דרייסיק יאָר צוריק באַזעצט אין ארץ־ישראל. אָט די טווּנג איז ביי אים אפשר געווען דער איינציקער נישט־ווידעראַנאַנד. ער שרייבט שוין לאַנג העב־רעיִש און יידיש, ער רעדטביידע לשונות און ער פלאַטערט איבער ביידע מיט אַ זעלטענער ליבשאַפט.

כ׳האָב פריִער געזאָגט, אַז קיינער שרייבט ביי אונדז נישט ווי משה גראָס־צימערמאַן, אָבער ס׳איז נישט אַזוי גרינג צו דעפינירן זיין אינדיווידועלן סטיל. ער איז ביי אונדז דער סטיליזאַטאָר פון פאָלקסטימלעכקייט, ער איז נישט קיין גרינגער טראַכטער, שרייבעריי איז ביי אים נישט אָפּגעטיילט פון זיין טאָטאַלער באַציִונג צו וועלט־, מענטש־ און ייד־פּראָבלעמען. ער איז אין לעבן פּאָליטיש געשולט און באַהאַוונט, כאָטש ווי ער האָט עס געקענט פאַראייגענען מיט זיין איינגעבוירענער סקעפּטיק, איז שווער צו זאָגן. זיין יידישער סטיל איז דער רעזולטאַט פון אַ געלערנטער צונג, וואָס פאַרמאָגט אַ סך ווערטער, זיי בעטן זיך מען זאָל זיי נוצן, און הגם ער איז איבער זיי דער פוסק אחרון, דער אָפּקלייבער, גיט ער געוויינלעך אַ צולאָג פון מער ווי מען דאַרף. ער לאָזט זיך פאַנגען אין געווירבל און ער צעקרייזלט זיך, ער צערטלט זיינע זאַצן, און טאָמער זעען זיי אים אויס צו פאָלקיש, באַשווערט ער זיי מיט אַ געלערנט וואָרט, זאָלן זיי נישט האָבן קיין צו גרינג לעבן, זאָלן זיי זיך נישט שפּירן היימיש און שטעטלדיק באַקוועם, זאָלן זיי פאָרט וויסן, אַז ס׳איז דאָ אַ שטיקל פרעמדער אויף דער וועלט.

אין מיטן שרייבן פאַרגעסט זיך גראָס־צימערמאַן אַריין — אין שרייבן גופא. ער פאַרדאַווענט זיך און ער פאַרדבקהט די צענטראַלע טעמע מיט זייטיקן מחיהדיקן שמועס — מיט זיך אַליין. ער שרייבט נישט אַזוי וועגן בוך, ווי וועגן מענטשן הינטערן בוך. דאָס בוך איז ביי אים אַ בייזאַך. ער פאַרטיפט זיך אַזוי אין זיך, פאַרטיפנדיק זיך אין שרייבער, וואָס האָט דאָס בוך געשריבן, אַז געוויינלעך, ערשט ביים סוף פון עסיי, איבערצייגט זיך גראָס־צימערמאַן אַליין אין זיינע

אייגענע מיינונגען — מה־יקר, ווי האַלט עס מיטן שרייבער, מיט זיך און מיט דעם באַשריבענעם.

מ. גראָס־צימערמאַן דערשפּיצט זיך און דערשפּילט זיך צו אַפאָריזמען. ער האָט זיי ליב, ווייל זיי ברענגען אים איין אַ סך געקרייזלטע רייד, ווי, למשל, „וואָס האַלט זיך פאַרהוילן זינט די געזאַנגען פון שיר השירים און די כלות־הנפש־זמירות פון מקובלים, וואַרטנדיק ווי יין המשומר". ער טויכט טיף און גליקלעך איז ער ווען ער קומט אַרויס מיט אַ זאַץ, וואָס גיט אַ לויכט־אויף און „זעצט איבער" אַלץ, וואָס ער האָט פריִער געזאָגט אויף — גרינג, אַפילו ווען די געפּור־נענע פּערל ווידעראַנאַנדיקט מיט אָדער אַנטקעגן דעם פריִערדיקן געזאָגטן.

ווידעראַנאַנד איז אַן אויסדרוק, וואָס משה גראָס־צימערמאַן האָט שטאַרק ליב צו באַנוצן. נישט אומזיסט האָט ער אַ נאָמען געגעבן זיין בוך — „אינטימער ווידעראַנאַנד". ער האָט זיך ליב צו שפּילן מיט ווערטער, זיי אַ קיצל טאָן, אַז זיי זאָלן זיך צעשמייכלען. זיין אַריינפיר רופט גראָס־צימערמאַן „אימתא דדיבורא". ער איז אַן אויסגעצייכנטער רעדנער און קיין אימתא דציבורא האָט ער נישט, סיידן אין דער מאָס, וואָס יעדער גוטער רעדנער פאַרמאָגט — אָבער אימתא דדיבורא האָט ער יאָ, כאָטש נישט תמיד איז עס אימתא, גיכער איז עס אַן אָפּשיי פאַרן וואָרט. ער האָט ליב עקאָנאָמיע פון אויסדרוק און ער וועט נישט זעלטן פאַרלייגן אַ סך וועג און אַ סך ווערטער און געדאַנקען אַבי צו דערגרייכן עקאָנאָ־מיע. דאָס איז אויך פון זיינע ווידעראַנאַנדן. ווי וואָלט וויטמאַן האָט געזאָגט — ער ווידעראַנאַנדיקט זיך, טאָ ווידערנאַנדיקט ער זיך.

אין זיין „אימתא דדיבורא" זאָגט אונדז מ. גראָס־צימערמאַן: „מיר אַלע פילן ס'האָט זיך אָפּגעטאָן פון דער וואָרט־קונסט די שטילקייט, ביי אונדז און ביי אַנדערע. אַ שווערע אבדה, קענטיק, אַז מענטשן האָבן נישט מער וואָס צו שווייגן — דער עיקר יענע, וואָס האָבן נישט וואָס צו זאָגן". שטילקייט פון וואָרט איז אַ הויכע מדרגה און פאַר דער שטילקייט האָט מ. גראָס־צימערמאַן זיך שטענדיק צוריקגעצויגן אין זיין אינטימקייט. וואָרט איז דאָס שפּירעוודיקסטע אין גראָס־צימערמאַנס זאַץ־קונסט. ער בויט פון וואָרט און הייבט אָן מיט דעם איינס. אין זיין צווייטן עסיי, אין בוך, שרייבט ער, אַז יידיש איז „חלילה נישט אומ־געקומען, אָבער איר לעבעדיקייט איז ,אַהינגעקומען' אָן גזרות, געגאַנגען לאיבוד, אַזוי צו זאָגן, אין ווילטאָג".

דער ווידעראַנאַנדיקער שרייבער וויל ראַציאָנאַליזירן דעם העברעיִש־יידיש־ווידעראַנאַנד און ער קומט צו אַן אויספיר (וואָס צו אים האָב איך זיך אויך דער־רעדט און דערפאַר לייגט זיך עס מיר אַזוי אויפן שכל) „ווער ווייסט, אפשר וועט יידיש לשון צוקומען נענטער צום שמעלצפייער פון דער תנ"כישער וועלט און אפשר איז די גורל־לאַנדשאַפט פון אויפלייכטנדיקן מדבר פאָרט נענטער צו דער נשמה פון יידיש, איידער אליהו בחור..."

גראַס־צימערמאַן גיט אונדז אין זיין בוך אַן אייגענע אויסשטעלונג פון יידי־שער ליטעראַטור. ס׳איז נישט שייך זיך צו אַמפּערן מיט אים וועגן קריטישע מיינונגען. ביי גראַס־צימערמאַנען דאַרף מען זוכן די הנאה אין זיין באַגלייטן דעם שרייבער, אין זיין אַרומרעדן און אָפּט אין זיין פאַררעדן אים.

כ׳האָב פריער געזאָגט, אַז זיין גרויסער נישט־ווידעראַנאַנד איז געווען זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל און דאָס איז ביי אים פאַרבליבן די צענטראַלע טעמע, דאָס האַרץ פון זיין געשפּיל מיט ליטעראַטור. ווען עס קומט צו אַט דעם הויפּט־געדאַנק, זאָגט ער עס אַזוי: „אין שווערן פּאַרויסוועג אויף צוריק, האָט ווידער אויפגעלויכטן דער פלאַקער פון באַנייטער יידישער לעבנס־אמונה; פלאַקער מיט רויך, מיט דונער און בליץ. דאָס איז דער שווערער גאַנג צום אמת — דאָ שפּראָצט נייער מיטאָס, נייער שאַפערישער כוח פאַר דעם יידישן שרייבער, אויף יידיש און העברעיִש. אַנדערש איז ער אַ יורד, וואָס לעבט גייסטיק פון פרעמדע טישן, וועלט־נע־ונדניק אין הכנסת אורחים־אכסניות מיט לוקסוס״.

דעם דאָזיקן טיף־יידישן און ניי־יידישן זאָג וואָלט מען באַדאַרפט אַ ביסל קוואַליפיצירן און זאָגן, אַז אַזוי וואָלט עס באַדאַרפט זיין און אַזוי וועט עס אפשר מוזן זיין. אָבער אין דער יונגע העברעיִשער שאַפונג, דער עיקר אין דער פּאָעזיע פון דער מדינה, איז פאַראַן אַ סך מער פרעמדע טישן־גייסטיקייט ווי אין דער יידישער פּאָעזיע אין די תפוצות, ווו די נאָגעניש איז אַ יידישע און אַ געבענקטע. דער שעפערישער ייד אין גלות איז איצטער מער בבחינת עולה, ווי דער יונגער העברעיִשער פּאָעט, וואָס נידערט אַראָפּ צו אַלע פרעמדע השפעות.

די עסייען וועגן מענדעלען, שלום־עליכמען און אַפילו די אַפּיקורסישע עסיי וועגן פּרצן זענען אפשר די בעסטע אין בוך. שלום־עליכם, זאָגט אונדז גראַס־צימערמאַן, האָט נישט „מטריח געווען די יידישע ליטעראַטור אין דער גרויסער וועלט אַריין, נישט געפּירט זי בלאָנדזשען אין דער פרעמד. דאָס איז דער סוד פון יידישן אויסדויער און יידישן גלויבן, אַז מען וועט קומען צו אונדז, אויב מיר וועלן נישט זיך איילן און שפּרינגען צו דער וועלט. די גאַנצע מעשה מיט אוני־ווערסאַליקייט און וועלט־ליטעראַטור איז אַ פיקציע, און די וואָס „איבערזעצן״ זיך לכתחילה אין זייערע אָריגינאַלן, מאַכן אַן איבערגעאיילטן חשבון״.

ווען מ. גראַס־צימערמאַן איז נישט אין גאַנצן איינשטימיק מיט זיך וועגן אַ שרייבער, שרייט ער זיך דעמאָלט אַריבער מיט גאַנצע דיסערטאַציעס און ער דערהייבט דעם שרייבער אַזוי, אַז דער באַשריבענער בלייבט הענגען ערגעץ צווישן הימל און ערד און קיין לעבעדיקער בר־נש קען נישט צוקומען צו אים. איך בין נישט תמיד מסכים מיט גראַס־צימערמאַנס קריטיק־מיינונגען, מעס־טונגען און מאָסן, אָבער זיינע עסייען וועגן מ. ל. האַלפּערנען, משה נאַדירן, מאַנ־גערן און א. מ. פוקסן זענען ברויט מיט פּוטער און זיי זענען געשריבן אין בעסטן און שענסטן גראַס־צימערמאַן־סטיל. איך בין אים ספּעציעל דאַנקבאַר פאַר די

אַנדענק־ווערטער וועגן שמואל יעקב אימבער, דער איידעלער מענטש און פּאָעט, וואָס איז געווען מיין עלטערער חבר און אָפּשאַצער דורך זיינע יאָרן אין אַמעריקע. מ. גראָס־צימערמאַן זאָגט זייער ריכטיק וועגן דעם פאַרגעסענעם דיכטער, אַז „אַלע אַנטליגענע ווערטער... האָבן פון אימבערס דיכטערישן אָטעם... באַקומען גלאַנץ און היימישקייט".

דיכטערישער אָטעם איז וואָס גראָס־צימערמאַן זוכט ביי יידישע שרייבער פון זיין צייט און דיכטערישן אָטעם פאַרמאָגט ער, אין דעם ציטער פון זיינע שענסטע דורכגעטראַכטע און דורכגעזונגענע עסייען.

צום סוף וויל איך פאַרריכטן אַ האַרבן טעות. גראָס־צימערמאַן האָט אין זיין עסיי וועגן מיר פאַראיבל אויף מיינע וואָרט־שאַפונגען. פאַר אַ ביישפּיל גיט ער דאָס וואָרט — „פאַרגענאַכעס". דאָס איז אַ וואָרט, וואָס איז אָפט גענוצט געוואָרן ביי אונדז אין לובלין — איראָניש, אויב דער פאַרגעניגן און דער נחת זענען געווען משטיינסגעזאָגטע. אַ שיינעם פאַרגענאַכעס האָב איך דערלעבט, פלעגט זאָגן יעדע לובלינער יידענע, ווען זי האָט מתרעם געווען אויף איר גורל. מיין מאַמע האָט עס געזאָגט און אַלע מאַמעס אין לובלין האָבן עס געזאָגט. איך האָב דאָס וואָרט נישט געשאַפן — פאַרקערט, אַזעלכע אויסדרוקן האָבן מיך געשאַפן.

5.2.65

## ל. דאָמאַנקעוויטש

איינע פון די טרויעריקסטע זאַכן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער ליטעראַטור, ווי נאָר זי האָט גענומען שטעלן די ערשטע טריט ביזן היינטיקן טאָג, איז די באַזאָרגטקייט וועגן איר גורל. אַפילו אין די פריידיקסטע צייטן פון איר באַרג־אַרויף האָבן זיך גלייך געהערט טענער פון אומזיכערקייט, נישט נאָר וועגן איר צוקונפט, נאָר אַפילו וועגן דעם לשון גופא, וואָס אויף אים האָבן אויפגעשפּילט די שענסטע שאַפערישע כוחות. ס'איז געווען אַ למי אני עמל און אַ למה אני עמל. די גרויסע יידיש־מייסטער אונדזערע האָבן נישט צו שטאַרק געגלייבט אין דער צוקונפט פון יידיש און נישט געהאַט קיין צו גרויסן צוטרוי, אַז ס'וועט לאַנג אויסהאַלטן. די יידישע ליטעראַטור האָט זיך לכתחילה אַריינגענאַרט ווי אַ ליטעראַטור נעבעך פאַרן פאָלק, וואָס „זשאַרגאָן" איז זיין שפּראַך. מען דאַרף באמת גאָר שטאַרק באַוווּנדערן, אַז אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל קאָמפּלעקסן און ציטערנישן, איז פאָרט געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע און פאַר־כאַפּנדיקע ליטעראַטור און אַ קינסטלעריש לשון פאַר אַלערליי שעפערישע אויסדרוקן.

ס'איז דערפאַר נישט קיין ווּנדער, וואָס אין דעם עסייען־בוך מיט דעם אויס־געצייכנטן נאָמען — „ווערטער און ווערטן" פון ל. דאָמאַנקעוויטש, וואָס איז דער־שינען אין י. ל. פּרץ־פאַרלאַג אין תל־אביב, פאַרנעמט זיך דער מחבר גלייך אין זיין ערשטן עסיי מיט דער זאָרג, אַז דער „פאַקטאָר" פון יידיש זאָל חלילה פאַר־שווינדן. אַז מען וויל, קען מען זאָגן, אַז דאָמאַנקעוויטש דריקט נאָך אויס די מורא אין זיין הקדמה, אַז ס'נעמט אַרום „אַן אומעט און אַן אומרו" אַ יידישן מחבר, וואָס שיקט אַרויס זיין בוך אויף אַ יאַריד „ווּ עס רודערט זיך נישט. און אויף יויפל עס רודערט זיך און יאַרידעט זיך יאָ, איז עס מער מצד די מחברים ווי מצד די לייענער".

האָבן מיר דאָ ממש גלייך ביים אַרויספאָר אי די זאָרג וועגן לשון, אי וועגן דעם עניגמאַטישן לייענער, וואָס קויפט נישט קיין יידיש בוך. אין צווייטן עסיי „פון קוואַנטיטעט צו קוואַליטעט" וואָרנט דאָמאַנקעוויטש קעגן „אָפּנאַרערישן אָפּטימיזם" בנוגע דער צוקונפט פון יידיש. דער מחבר עצהט מען זאָל צוגרייטן פאַר יידיש אַ באַזונדערע ראָלע, כדי אונדזער לשון זאָל אינטעגרירט ווערן „אין דעם נצח" פון יידישן פאָלק. דער צוגרייט דאַרף באַשטיין אין אַ „יידיש־אינטע־לעקטועלע עליטע פון יוגנט אין שטודיע־עלטער", כדי אין אַ צוויי הונדערט יאָר אַרום זאָלן „יידיש־פּראָפעסאָרן, סטודענטן, בני־ישיבה", קענען פאָרשן „אונדזערע צייטן, דאָס שטעטל פון שלום־עליכמס ווערק אַרויס".

ל. דאָמאַנקעוויטש איז אַ באַגאַבטער און ערנסטער פּובליציסט. ער איז דער רעדאַקטאָר פון דער פּאַריזער צייטונג „אונזער וואָרט“ און אַלץ וואָס דערשיינט דאָרט אונטער זיין נאָמען איז געוויינלעך אַ געוויסער צושטייער צו אונדזער רעפלעקטירנדיקער פילקאָלירטער צעזייט און צעשפּרייטקייט. ער געהערט צו דער קאַטעגאָריע יידישער פּובליציסטיק, וואָס האָט איר צוגרייט געפונען אין אַ גוטער יידישער און העברעיִשער דערציִונג. דאָמאַנקעוויטש שרייבט אויך זייער אָפט קריטיק און ער ווייזט אַרויס באַטייטנדיקע אָפּשאַץ־פעיִקייטן. ער איז נישט קיין מבינות־זאָגער, נאָר זיינע בעסערע אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור פאַרמאָגן אַן אייגענעם ווערט, ווייל דער מחבר גייט צו לכתחילה מיט דעם גלויבן אין דער שעפערישקייט פון קריטיק, וואָס איר טעמאַטיק איז אַ בוך, אָדער דער מחבר פון אַ בוך.

דאָמאַנקעוויטש, אַ ייד פון פוילן, האָט אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז מיט אַ 35 יאָר צוריק. ער האָט פרי אָנגעהויבן שרייבן, אָבער ער איז אַ גרויסער מפונק אויף זיין אייגענעם ליטעראַרישן פאַרמעגן און נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט שוין פאַרעפנטלעכט הונדערטער ערנסטע עסייען וועגן ליטעראַטור און יידיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, האָט ער ביז היינטיקן טאָג אַרויסגעלאָזט בלויז צוויי ביכער. זיין ערשט בוך, אַ זאַמלונג עסייען „פון אַקטועלן און אייביקן“, איז דערשינען מיט אַן ערך צען יאָר צוריק און איצט איז אַרויס זיין צווייט בוך — „ווערטער און ווערטן“, אַ זאַמלונג פון עטלעכע און פופציק קורצע עסייען.

דאָס נייע בוך איז איינגעטיילט אין פיר אָפּטיילונגען. מיך האָט קודם־כל פאַראינטערעסירט זיין לעצטע אָפּטיילונג, וואָס זאָגט עדות אויף דער קולטור, וואָס דאָמאַנקעוויטש האָט איינגעזאַפּט דורך זיינע רייפערע יאָרן אין פראַנקרייך. ער איז נישט געבליבן מחוץ דעם דאָזיקן לעבן, נאָר ער איז פון אונדזערע בעסטע „ראַפּאָרטערן“, וואָס די יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט איבער דער וועלט און וואָס גיט אונדזער יידיש־שעפערישקייט דאָס רעכט אָנגערופן צו ווערן אַ וועלט־קולטור מיט ברייטע וועלט־אינטערעסן.

אין דער פערטער אָפּטיילונג שפּיגלט זיך אָפּ אין די עסייען דאָמאַנקעוויטשס טיפער אינטערעס אין דעם גורל פון יידישן פאָלק, בעסער געזאָגט, אין זיין גע־שטאַלט, וואָס דער פראַנצויזישער לייענער איז עלול צו קריגן, ווען ער לייענט אַ פראַנצויזיש בוך פון אַ מחבר אַ ייד. כ׳זאָג אַ מחבר אַ ייד, כדי עס צו אונטער־שיידן פון אַ יידישן מחבר. טייל ביכער פון יידן אויף פרעמדע לשונות זענען אַנטלויף־ביכער פון יידישן פאָלק, אָפּט מאָל באַוווּסטזיניקע צעקרימונגען פון יידישן לעבן, אָבער אויך נישט זעלטן אַ פּועל־יוצא פון פרעמדער דערציִונג אין אַן אָפּגעפרעמדטער מיליע.

אין דער פערטער אָפּטיילונג פון זיין עסייען־זאַמלונג רעדט דאָמאַנקעוויטש וועגן עטלעכע אַזעלכע ביכער פון פראַנצויזיש־יידישע מחברים פון ביידע קאַטע־

גאָריעס. ער פֿאַרענדיקט די אָפּטיילונג מיט אַלבער מעמיס „פּאָרטרעט פֿון אַ ייד״, אַ בוך, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ געוויסן אינטערעס אויך אין דער ענגלישער איבערזעצונג.

דאָמאַנקעוויטש קאָן געווײַנלעך זײַן גאָר שאַרף ווען ער וויל און דאַרף, אָבער מייסטנס באַציט ער זיך צו אַזעלכע אָפּגעפֿרעמדטע יידן מיט אַ פֿאַרשטייענדיקער טאָלעראַנץ. ער קאָן זיך בייזערן, אָבער ער ווייסט אויך ווען בייזערן זיך איז אַרויסגעוואָרפֿן, אויב מען דערגייט נישט צו די וואָרצלען. אַלבער מעמי איז אַ ייד פֿון טוניס. זײַן דערציִונג איז געווען אין דער פֿראַנצויזישער קולטור. זײַן וויסן וועגן יידן איז באַגרענעצט און ווען ער קען נישט מאָלן אין דער טיף יידישן שטייגער און אים געבן אַ גרונטיקן יידישן אינהאַלט, ווערט ער ציניש און יידישקייט קומט ביי אים אַרויס ווי ביי היינען — אַ קראַנקייט.

דאָמאַנקעוויטשס אָפּהאַנדלונג וועגן דעם פֿראַנצויזיש־יידישן היסטאָריקער פֿון קריסטנטום, ראָבער אַראָן; וועגן דעם אַנטי־יידישן ראָמאַן פֿון דעם פֿראַנצויזיש־יידישן שרייבער ראָזשע איקאָר; וועגן דעם וואַרעמען יידישן מעמואַרן־בוך פֿון ראָמאַן גאַרי, וואָס איז אויך דערגאַנגען צו אונדז קיין אַמעריקע, מיט דער אינטערעסאַנטער שילדערונג פֿון אַ יידישער מאַמע, וואָס האָט פֿאַר איר טויט צוגעגרייט פֿאַר דעם זון אירן אויפֿן שלאַכטפֿעלד, בריוו אויף צוויי יאָר; וועגן דעם בוך פֿון פּיאָטר ראַוויטש „בלוט פֿון הימל״, פֿון דער היטלעריסטישער גרויל־צייט — די אַלע אָפּהאַנדלונגען, אַ ביסל צו קורצע, צוגעפּאַסטע צו צייטונג־פּלאַץ, זענען געשריבן מיט אינטעליגענץ, פֿאַרשטענדעניש און פֿון אינעווייניק, מיט פֿאַרזיכטיקן יידישן בליק אויף דער יידישער ליטעראַטור אין פֿראַנצויזיש, אַ געביט, וואָס איז נאָך דערוויִל זייער מאָגער, אין פֿאַרגלייך מיט דעם, וואָס מען רופֿט אַ „דורכברוך״ פֿון יידישע שרייבער אין דער אַמעריקאַנער און טיילוויִז אויך אין דער ענגלישער ליטעראַטור.

ל. דאָמאַנקעוויטש פֿאַרמאָגט תמיד אין זײַנע עסייען עטלעכע זאַצן, וואָס ווייזן אויף דער מיטשאַפֿונג פֿון עסייִסט, בעת ער רעפֿלעקטירט וועגן די ווערק, וואָס ער באַהאַנדלט. שרייבנדיק וועגן די „שריפֿטן פֿון פֿאַרמשפּטע צום טויט״ פֿון מיכאל באָרוויטש, זאָגט דאָמאַנקעוויטש, אַז „די טעמע איז זיכער נאָך נישט גענוג וויסנשאַפֿטלעך רייף פֿאַר היסטאָריקער, וועלכע האָבן ליב צו רעדן און שרייבן וועגן אַ טויט, וואָס געהער שוין צום טויט און נישט וועגן אַ טויט וואָס געהער נאָך צום לעבן״. דאָס איז נישט גלאַט אַ שפּיל מיט ווערטער, נאָר אַ טיפֿע כאַראַקטעריסטיק וועגן דער טעמע יידן אונטער די נאַציס אין מזרח־אייראָפּע, ווי אין פּאַריז גופֿא, וואָס באָרוויטש באַהאַנדלט אין זײַנע כתבים.

די ערשטע אָפּטיילונג פֿון בוך „ווערטער און ווערטן״ איז אָפּגעגעבן צו טע־מעס פֿון יידישער פּראָבלעמאַטיק. אַפֿילו די אָפּהאַנדלונגען וועגן לייוויקן, שלום־עליכמען און יוסף אָפּאַטאָשון, וואָס מען געפֿינט אין דער אָפּטיילונג, זענען מער

פון אַן אַלגעמיין־יידישן באַטראַכט־ווינקל, ווי פון ליטעראַרישער אָפּשאַצונג. דאָמאַנקעוויטשס צוגאַנג צו שלום־עליכמס „ציבורדיקן הומאָר“ איז אינטערעסאַנט. „עס וויינט זיך“, זאָגט דאָמאַנקעוויטש, „גוט ביחידות, אָבער עס לאַכט זיך צום בעסטן בציבור“. וועגן פּרצן שרייבט דאָמאַנקעוויטש, ווי פון ערשטן יידישן פּובליציסט. ס'האָט „י. ל. פּרץ פּשוט געשאַפן אַ יש מאין; ביז אים איז די יידישע פּובליציסטיק געווען כמעט אַ נישט עקזיסטירנדיקע“. ער באַוואָרנט זיך מיט דעם וואָרט „מאמריסטיק“, אַנטקעגן דער ברענענדיקער „אַקטועלער פּובליציסטיק“ וואָס לויט דאָמאַנקעוויטשן, איז זי געווען פּרצס שאַפונג אויף יידיש.

אַליין אַן אויסגעצייכנטער יידישער פּובליציסט, ווייסט דאָמאַנקעוויטש וואָס אַרויסצוהייבן אין זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס זייערע ווערק זענען אויך אָנגעלאָדן מיט אַ יידיש־געזעלשאַפטלעכן אינטערעס. אַזעלכע אָפּשאַצונגען האָט דאָמאַנקעוויטש איינגעשלאָסן אין זיין דריטער אָפּטיילונג. דאָרט געפינען מיר אַרטיקלען וועגן זלמן שזר, י. זרובבל, „גמרא מיט יידיש־טייטש“ און אַ שמועס מיט „עדמאָנד פלעג — דער יידן־באַזינגער אין דער פראַנצויזישער שפּראַך“, וואָס איז געשטאָרבן אין הויכן עלטער פון 88 יאָר. דאָמאַנקעוויטש גיט איבער אַ וואָרענונג פון דעם אַלטן פּאָעט, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט יידיש און אַפילו איבערגעזעצט פון יידישע קלאַסיקער אויף פראַנצויזיש — אַ וואָרענונג, וואָס מען מעג זיך גוט נעמען אין זין אַריין:

„איר, יידיש־רעדנדיקע יידן, האָט מיט שפּראַך פּרעזערווירט יידישקייט, אָבער איצט גיט איר די שפּראַך נישט איבער אייערע קינדער און איר זענט מער אויסגעשטעלט אויף דער סכנה פון אונטערגאַנג ווי די פראַנצויזיש־רעדנדיקע יידן. יידישקייט מיינט נישט בלויז עבר, יידישקייט מיינט דער עיקר צוקונפט“.

וועגן צוועלף פּאָעטן שרייבט און זינגט ממש ל. דאָמאַנקעוויטש אין זיין צווייטער אָפּטיילונג פון בוך, ווו דער עסייִסט דערשיינט ווי אַן אויסטייטשער און מיטשאַפער, ווייל ער אינספּירירט זיך מיט די „פליִענדיקע אותיות“ פון די פּאָעטן, וועמענס „ווערטער און ווערטן“ ער ברענגט אַרויס פאַרן לייענער אין פּראָצעס פון אייגענעם לייענען די ווערק פון די באַליבטע זינגערס. די גרעסטע צאָל זייטן שענקט דאָמאַנקעוויטש א. סוצקעווערן, אָבער ער קריוודעט חלילה נישט קיינעם אַפילו אין די קירצערע עסייען. זיינע קריטיק־עסייען זענען ליריש. פון זיינע ציטאַטן קען מען זען, אַז דאָמאַנקעוויטש איז אַ גוטער און אויפנעמענדיקער לייענער, וואָס איז דער ערשטער גוטער סימן פון אַ ווערטפולן קריטיקער. די לויב־רייד זיינע זענען נישט קיין אַלגעמיינע, נאָר פּאָרטרעטישע, וואָס ווייזן די באַזונדערע געשטאַלטן פון די פּאָעטן. דאָמאַנקעוויטש זעט איין, אַז „עס איז טאַקע דאָס מזל און די גרויסקייט פון דער יידישער פּאָעזיע, וואָס אַלע אירע גרויסע פאַרשטייער זענען זייער פאַרשידן אין פאָרעם און אין אינהאַלט און פאָרמירן אין צאָל און אין קאָליר אַלע פאַרבן און ניואַנסן פון נאַציאָנאַל־פּאָעטישן רעגנבויגן“.

ס'איז גרינג אַוועקצושטעלן די דאָזיקע טעזע, אָבער דאָמאַנקעוויטש באַווייזט עס מיט זיין אייגענער התלהבות, ווען ער שאַצט אָפּ די דיכטערס, וואָס ער לייענט פאַר פאַר די לייענערס מיט זיינע באַמערקונגען און קאָמענטאַרן. „אַז מען זוכט גאָט סטייעט עס אויף אַ לעבן לאַנג", זאָגט דאָמאַנקעוויטש וועגן ראַוויטשן. דאָמאַנקעוויטש קען אויך זייטיק און שטיל אַ זאָג טאָן אַ נעגאַטיוו וואָרט וועגן זיינע באַליבטע דיכטער, אָבער ער ווייסט ווי עס צו פאַרהילן אין גוטסקייט.

בכלל איז דאָמאַנקעוויטש אַ קריטיקער, וואָלט איך געזאָגט, מיט אַ מעסיקן טעמפּעראַמענט. פון זיינע הענט קומט קיינער נישט אַרויס קיין באַליידיקטער. בלויז איין דורכויס בייזן צוגאַנג צו אַ שרייבער האָב איך געפונען אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן ה. סלאָוועס' שפּינאָזע־דראַמע — „ברוך פון אַמסטערדאַם". איז עס טאַקע אַ יוצא מן הכלל און עס האַרמאָנירט נישט מיטן אַלגעמיינעם טעמפּעראַמענט פון דעם גוט־באַהערשטן דאָמאַנקעוויטש.

„ווערטער און ווערטן" איז אַ באמת ווערטפול בוך. אַ צאָל עסייען לאָזן זיך לייענען מער ווי איין מאָל. אַ גרויסע צאָל זאַצן לאָזן זיך אונטערשטרייכן אויף צו געדענקען, ווייל דאָמאַנקעוויטש אַרבעט זיך תמיד אַרויף אויף אַן עקסטאַז פון דעם גוטן אויפנעמער, וואָס שטייט צווישן שרייבער און לייענער. מען קען דאָמאַנקעוויטשס שרייב־געמיט כאַראַקטעריזירן מיט עטלעכע ווערטער פון זיין אייגענער אָפּשאַצונג וועגן מלך ראַוויטשן: „סקעפּטיציזם איז נישט פאַרצווייפלונג, זי איז אַ קלוג לאָזן גיין די וועלט אויף אַלע אירע זיגזאַג־וועגן, ווייל זי איז שלעכט, נאַריש און דערהויבן, און זי איז אונדזער גורל".

## ב. דעמבלין

ב. דעמבלין האָט באַקומען די לאַמעד־פּרעמיע — געווען אַ מאָל אַזאַ פּרעמיע. — פאַר זיינס אַ נאָוועלע „ערב נאַכט“, וואָס איז בלתי ספק געווען געשאַפן פון אויטאָביאָגראַפישן שטאָף, אויב זי איז נישט אין גאַנצן געווען אַ קינסטלערישער בנין, צוזאַמענגעשטעלט פון אייגענע ביאָגראַפישע דערמאָנונגען. אין זיין ווערק „אויף אייגענעם באַראָט“, וואָס איז דער צווייטער טייל פון „ערב נאַכט“, שפּינט וויטער דער אייגנאַרטיקער נאָוועליסט דאָס לעבן פון אַ יידישער משפּחה אין אַ קליין פּויליש שטעטל און ער דערפירט זיין העלד נתן־חיים צום עלטער פון זעכצן יאָר, ווען ער טוט זיך שוין אָן ווי אַן אמתער „פילאָזאָף“ און ער ליבלט זיך מיט זיין דרייצניאָריקער קוזינע.

ווען די נאָוועלע הייבט זיך אָן, אַנטלויפט דאָס פרומע יינגעלע נתן־חיים פון דער היים, מיטן טאַטנס תפילין, ער האַלט ביי ווערן בר־מצווה, און ער גייט — אויף אייגענעם באַראָט. ער ווערט אַ לערניינגל ביי אַ היטלמאַכער. אַנטלויפן אַנטלויפט ער, ווייל דער טאַטע, דער כעסן, האָט אים באַליידיקט, אים אַרויסגענומען פון גמרא־מלמד און אים אַריינגעגעבן אין אַ דרדקי־חדר צווישן קליינע יינגלעך.

די צענטראַלע משפּחה פון בוך באַשטייט פון נתן־חיימען, צוויי ברידער, עטלעכע שוועסטער, אַ בייזער טאַטע און אַ גוטע מאַמע, וואָס נעמט־איין דעם טאַטן מיט גוטע רייד. דער העלד פון בוך, וואָס דערשיינט כמעט אין יעדן קאַפּיטל, איז אַלץ דער קליינער נתן־חיים. די אַנדערע טיפּן און געשטאַלטן דרייען זיך אַרום אים, אָדער ביי דער זייט פון אים, און כאָטש דעמבלין שענקט יעדן איינעם פון זיינע געשטאַלטן גענוג אויפמערקזאַמקייט, לאָזט ער אָבער קיין מאָל נישט אָפּ פון זיין קינסטלערישער הדרכה דעם יונגן נתן־חיים, וואָס איז שוין אויף אייגענע קעסט, צוויי מאָל אין ראָדעם און עטלעכע מאָל אין וואַרשע, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזט זיין היימשטעטל מאָדזשיץ.

דעמבלין רופט זיין ווערק — ראָמאַן, אָבער ס׳איז נישט קיין ראָמאַן אין געוויינלעכן זין. דער פאַרקניפּטער סיפּור־המעשה איז, מחמת דעם אויטאָביאָגראַפישן מאַטעריאַל, זייער שטאַרק באַגרענעצט. דאָס, וואָס עס געשעט מיט און צו נתן־חיימען איז פאָרויסבאַשטימט, און עס פאַרכאַפּט נישט צו שטאַרק דעם אינטערעס פון לייענער. אָבער אויף קיין איין מאָמענט פאַרלירט נישט דער לייענער זיין באַוווּנדערונג פאַר דעמבלינס לשון און פאַר זיין קינסטלערישן זכרון. דעמבלין איז ביים היינטיקן טאָג דער גרעסטער געדענקער פון פּוילישן יידיש, אָבער נישט גלאַט אַזעלכער, וואָס טראָגט אַרום אַ פולן קאָפּ מיט ווערטער און ער

שרייבט אַרום זיי, ער שאַפט פון זיי אַ בלעטל פּראָזע. דעמבלין טראָגט אין זיך די גאַנצע מוזיק פון גערעדטן און געטראַכטן פּוילישן יידיש און ביי אים זינגען זיך צוזאַמען די רייד, די ווערטער און ווערטלעך און אפילו די קאַנווע פון קליינשטעטלדיקע מחשבות.

אָבער נישט נאָר פאַר דעם אַליין באַוווּנדערט דער לייענער — דעם שרייבער, נאָר פאַר זיין גרויסער רירעוודיקייט און בריהשאַפט צו רעפּראָדוצירן און אויפלעבן זיטן, מנהגים, פייערונגען — און אַלערליי יידישע מלאכות, וואָס דעמבלין געדענקט מיט אַלע איינצלהייטן, מיט אַלע מכשירים און אַלע קנייטשן. ער האָט גוטע אויגן און גוטע הענט. ער קען זיך אַוועקשטעלן און אויפנייען אַ מלבוש, אויספּאַרטיקן אַ פּאָר שיך, מאַכן היטלען, ווייבערישע שייטלען, הענטשקעס, ווערן אַ וואַטאָווניק, אַפילו אַ סטרוזש, און ווער שמועסט — אָפּקאָכן אַ גוטן מאָלצייט, טאַקע ווי אַ מייסטער־קוכער אויף אַ רייכער יידישער חתונה. ער ווייסט וואָס צו טאָן מיטן פּעטס, מיט די פּופּיקלעך, מיט דער יויך, ווי צו בראָטן, באַקן און פּרעגלען. הײַנט אַז ס׳קומט צום דאַווענען, ווייסט דעמבלין ווי מען האַלט, וואָס מען טוט, ווי מען גיט קאָנצערט ביים לייענען די הפטורה, ווי מען גייט אין שול אַריין און פון שול און ווי מען גיט יום־טובדיקע און שבתדיקע לופט צו אַן אָרעם יידיש שטעטל.

אָבער ביי דער בריהשאַפט פאַלט זייער אָפּט די קינסטלערישקייט פון דעמבלינס ווערק. ווען דער לייענער הייבט אָן באַוווּנדערן און זיך שטאַרק איינהערן און איינלייענען אין די אַלע מעלות, פאַרגעסט ער פּאַקטיש אין דעם ווערק, וואָס שלעפּט זיך און אַנטוויקלט זיך זייער ווייניק צי דערפאַר, ווייל דעמבלינען איז געגאַנגען אין צו פיל געטריישאַפט צום לעבן פון זיין העלד, אָדער ווייל אים פעלט בכלל דער כוח פון שאַפן, פאַרטיפן און פאַרקינסטלערישן דעם יחידישן מענטש, אָבער דאָס ווערק ווערט מאָנאָטאָן. אין אָנהייב, אין די ערשטע צוויי הונדערט און פופציק זייטן פון בוך, וואָס האַלט קנאַפּע 400 זייטן, ציט אויס דעמבלין די טעג און וואָכן און ער פאַרצייכנט יעדעס עפּיזאָדל אין לעבן פון דעם קליינעם נתן־חיים. אָבער שפּעטער פאַרלירט ער אַליין דאָס געדולד און וויל פאַרגיכן דעם טעמפּ פון ווערק. דער איבערגאַנג פון פרומען ייִנגעלע, ביז ער לאָזט זיך פאַרשלעפּן אין אַ באָרדעל און ער ווערט אַ גאַנצער „דייטש״, איז אַן אימפּעטיקער. דעמבלין פּטרט אַזוי פיל צייט אויף זיין יונגן העלד, אַז ווען ער כאַפּט זיך, שיקט ער אים אַרויס אויף דער וועלט מיט אַ סך אומפאַרענדיקטע אַנטוויקלונגשטעך.

די באַזונדערע מענטשן אין דעמבלינס „אויף אייגענעם באַראָט״ זענען נישט קיין אינטערעסאַנטע געשטאַלטן. אַלע מייסטערס שלאָגן די לערנייִנגלעך מכות־רצח. טאָמער האָט דעם יונגן העלד אָפּגעגליקט, אַז אים שלאָגט מען נישט, איז זיין מייסטער אַ ביטערער פאַרשוין, וואָס פאַרנאַרט אים צו אַ ביטערן מעמד צום

צווייטן מאָל אין ראָדעם. עס זענען דאָ ווייניק דראַמאַטישע מאָמענטן, כ׳מיין אַזעלכע מאָמענטן, וואָס זאָלן געבן אַ הייב, אָדער אַ דערהייב. איך האָב בלויז פֿאַרצייכנט איין מאָמענט אַזאַ אין גאַנצן בוך, ווען דעם לייענערס סימפּאַטיעס ווערן מיטגעריסן. דאָס געשעט ווען דער „לאָדזשער" מייסטער אין וואַרשע שלאָגט מערדערלעך זיין צעניאָריק שיקיינגל, אַלע מייסטערס, מיט קנאַפּע אויסנאַמען, גיבן דעם געזעל, דעם לערניינגל, מכות צו עסן.

אַפּילו דאָס געשטאַלט פֿון „בונד", פֿון דעם רעדנער, וואָס פּערזאָניפֿיצירט די באַוועגונג, ווערט געשילדערט ווי אַ קאַלטער לונג־און־לעבער, וועמען ס׳גייען נישט אָן קיין מענטשן. ער נעמט זיך אויך נישט אָן פֿאַר דעם געשלאָגענעם קינד.

בכלל געלינגען דעמבליגען ווייניקער יענע זייטלעך, ווען ער דאַרף שילדערן דאָס דערוואַקסענע לעבן, רייפֿע געשעענישן און געשטאַלטן פֿון אונדזער נאָענטן עבר. די צייט איז אַרום 1912, ווען דער באָיקאָט אויף יידישע געשעפֿטן אין פּוילן האָט זיך צעפֿלאַקערט. דער ביילים־פּראָצעס וואַרפֿט אַ שאָטן פֿון פּחד אויפֿן יידישן לעבן אומעטום. ס׳איז שוין לאַנג נאָך 1905 און דער „סטרייקער" איז מער נישט אַזאַ קוריאָז געשטאַלט. אָבער ביי דעמבליגען קומען די אַלע געשעענישן אַרויס פֿלאַטשיק און נישט מיט דער מייסטערשאַפֿט, וואָס מיט איר קען ער זיך גראָבן און גראָבט זיך אין זיינע קליינשטעטלדיקע מאַסן־יידן און יידענעס. פֿאַראַן צוויי קאַפּיטלען אין בוך, וועגן אַ יידישן מסור און זיין געליבטער, זענען זיי די אומקינסטלערישסטע אין גאַנצן ווערק. דער מחבר פֿאַרגעסט, אַז ער שרייבט און ער הייבט אָן זידלען.

דאָס אַלץ וואָס איך האָב אָנגעוויזן קען חלילה שאַפֿן דעם איינדרוק, אַז דעמבליגס נאָוועלע איז נישט קיין וויכטיקע דערגרייכונג אין דער יידישער פּראָזע פֿון אונדזער צייט. איך האָב, לייענענדיק דאָס בוך, געשפּירט, אַז דעמבלין האָט געטאָן גרויסע אויפֿבוי־אַרבעט. ער האָט אויפֿגעבויט אַ יידיש שטעטל, מיט אַלע אירע פּירונגען און מנהגים, שוין אַפּילו מיט אַ קריסטלעך פּויליש ייגגל, באָלעק, דער חבר פֿונעם הויפּט־העלד. די לופֿט איז ממש צום אָנטאַפּן, דאָס געזעמל פֿון געשטאַלטן איז לעבעדיק און דער ריטעם פֿון יידישן קליינשטעטלדיקן לעבן איז פֿאַראַן אין בוך, מיט אַזאַ געטריישאַפֿט, אַז ס׳גיט זיך איבער צו אַלע חושים, מען זעט, מען הערט און מען שמעקט. די ריחות, סיי די יום־טובדיקע און סיי די, וואָס זענען געווען ווייט פֿון יום־טובדיק, דעמפּן־אויף אין דעם ווערק. דער מחבר פֿאַרגעסט נישט קיין איין דעטאַל פֿון יידישן לעבן, וואָס מען האָט געגעסן, ווי מ׳האָט געדאַוונט, ווי מען האָט געאַרבעט. די אַטמאָספֿער איז — געדיכטע אָרעמשאַפֿט.

אַבער די קינסטלערישע אַנטוויקלונג פֿון דעם הויפּט־העלד איז נישט קיין אינטערעסאַנטע. ס׳באַקומט זיך נישט מער ווי עפּיזאָדן — ווייניק אינטערעסאַנטע, מייסטנס אומאינטערעסאַנטע — אין לעבן פֿון הויפּט־העלד נתן־חיים. נתן־חיים

איז אַ האָנאָראָווע בחורל, ער טויג זיך אויס, אָבער דאָס, וואָס ס׳לעבן האָט אים באַשערט, אָדער וואָס דער מחבר האָט אים באַשערט, איז גרוי און אינהאַלטלאָז.

אַפילו אין דער געדיכטער ייִדישער אָרעמשאַפט, אָדער זאָל איך זאָגן, ערשט אין דער געדיכטער אָרעמשאַפט, זענען געווען שענערע און אינטערעסאַנטערע ייִדן — ייִדן טראַכטנדיקע און אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט אַרויסזאָגן אויף אַ גייסטרייכן אופן אַ שיינעם דורכגעטראַכטן געדאַנק. מיר האָבן אין דעמבלינס בוך בלויז אַ געשטאַלט פון אַ ציוניסט, איז ער שאַבלאָניזירט און אַרומגערינגלט מיט געוויינלעכער באַנאַליטעט.

זאָלן מיר זאָגן, אַז אין ייִדישע באַלמעלאָכישע קרייזן האָט תמיד געהערשט אַזאַ געפּאַלנקייט, גראָבקייט און אַזוי פיל געדיכטע שלעכטקייט? כ׳וויל זיך נישט שפּאָרן מיט דעמבלינען וועגן אמת פון לעבן, ווייל ער קען מסתמא בעסער אַזאַ לעבן ווי איך, און כ׳וויל נישט האַלטן אין איין מאָנען בלויז שיינע ייִדן, מ׳קען מיר נאָך צוטשעפּען אַ מאַרקע פון אַ שאָוויניסט, רחמנא ליצלן, אָבער האָבן מיר דאָך תמיד פּראָטעסטירט קעגן ווייזן די דאָזיקע ייִדן אויף דער ייִדישער בינע, קעגן אַרויספירן די שיינע אָדער קאָלטענעוואַטע בערד אונדזערע און זיי נישט אַרומרינגלען מיט אַ הויך פון גייסטיקער דערהויבנקייט.

דער צוריקטריט פון אַשס זיס־צוקערדיק ראָמאַנטיזירט שטעטל איז נישט מחויב צו זיין אַן אַנטלויף צו אַזוי פיל גרויקייט, וואָס האָט נישט קיין אויסלייז.

די יונגעלייטלעך, וואָס נתן־חיים זעט, זענען אויך ווייט פון דער ייִדישער יוגנט, וואָס האָט אַ שפּרייז געטאָן פאָרויס און געכאַפּט די ייִדישע געשיכטע אויף יונגע, טראַציקע הערנער. אַוודאי קען דעמבלין זאָגן, אַז אַזוי האָט נתן־חיים געזען זיינע מענטשן אַרום אים, ביז זעכצנטן יאָר פון זיין לעבן, און אַז דער מחבר קלייבט זיך ווייטער צו שפּינען די אויטאָביאָגראַפישע נאָוועלע. אָבער מיר קומט פאָר, אַז דער קינסטלער דעמבלין איז געווען מחויב אַריינצוברענגען אַ קינסטלערישן באַלאַנס אין זיין ווערק, פּשוט, כדי אינהאַלטלעך זאָל דאָס בוך זיך באַוועגן מיט מער אימפּעט, געשטויסן פון די גייסטיקע ייִדישע כוחות, וואָס האָבן שוין דעמאָלט געפורעמט דאָס ייִדישע לעבן און זיך געראַנגלט מיט די כוחות פון פינצטערניש און פּחד, וואָס די קריסטלעכע וועלט האָט אָנגעוואָרפן אויף די ייִדישע פּוילישע שטעט און שטעטלעך.

ווען ס׳קומט צו שילדערן סטאַטיש דאָס לעבן אין פּוילישן ייִדישן שטעטל, האָט דעמבלין איצטער נישט זיין גלייכן אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור. אַלע אַנדערע, וואָס „מאַכן אַ לעבן״ בעלעטריסטיש פון פּוילישן ייִד, פון זיין לשון און זיין פירונג, זענען נישט מער ווי פּאַראָדיסטן און סטיליזאַטאָרן. דעמבלין איז דער אויטענטישער קינסטלער, וואָס האָט געפּאַנגען די וואָכנטעג, די שבתים און יום־טובים אין דער ייִדישער שטוב. פון בוך „אויף אייגענעם באָראָט״ קען מען אַרויסנעמען צענדליקער זייטן, וואָס רופן ממש אַרויס דערשטוינונג מיט זייער

יעדן געדענקטן יידישן עכאָ. פֿאַראַן אין זיי דאָס אמתע קול, די האַלדז־בענדער פֿון פּוילישן ייד. אין בוך זענען דאָ דיאַלעקטיש־פּאָנעטיזירטע שטעלן, אַבער אַפּילו ווו זיי זענען נישטאָ, הערט מען דאָס מחיהדיקע לשון, וואָס איז מער ווי לשון — ס׳איז די מוזיק פֿון אַ יידישער שטוב.

און ווי פּריִער דערמאָנט, די גרויסמייסטערשאַפֿט און בריהשאַפֿט פֿון מחבר איז, ווי ס׳זאָגט אַ גלייכוווערטל — וואָס דאָס אויג זעט, קאָנען די הענט. נישטאָ אַזאַ טועכץ, אָדער גאָר אָנטועכץ, וואָס דעמבלין קאָן נישט ממש פּיזיש רעפּראָדוצירן. ער קען פֿאַרשמעקן גאַנצע זייטן מיט יידיש געבעקס און געקעכץ, און אַלץ איז אָקאָרשט געבאַקן און געפּרעגלט, ס׳פֿעלט נישט קיין איין זאַך צום טעם. ער קען פֿאַרקאַשערן די אַרבל און טאָן אַלערליי יידישע מלאכות מיט גרויס געניטשאַפֿט.

כ׳האָב שוין אַ סך מאָל געלייענט ווי ס׳ציט־אָפּ אַ פֿאָלק סאָלדאַטן פֿון אַ שטעטל, די מוזיקאַנטן שפּילן, די סאָלדאַטן זינגען, דער שטאָט־משוגענער דיריגירט און די דאַמען אויף די באַלקאָנען געזעגענען זיך מיט די אָפּיצירלעך. אָבער ווי דעמבלין לעבט עס אויף אויף עטלעכע זייטלעך, האָב איך נאָך אין ערגעץ נישט געלייענט.

דעמבלין ענדיקט זיין בוך מיט אַ רייכער חתונה, וואָס רייסט אויף די אויגן. אָבער ווער האָט שוין אַזוי געפּראַוועט אַ חתונה ווי דעמבלין, וואָס שטעלט־איין די פּיש, היט דאָס געבראָטנס, האַלט אַן אויג אויפֿן בעקן מיט די אָנגעברוינטע אָדערקעס, פֿאַרזוכט די יויכן, שטעכט מיטן גאָפּל די פֿעטע קאַטשקעס, גענדז און אינדיקעס, וויקלט אויף אַ לאָקשנברעט בולקעלעך צו דער סעודה, פּלעכט דעם חתונה־קוילעטש, „געלס פֿון די אַריינגעשלאָגענע אייער, פֿון די זאַפּערן, אַדורכגעקנעטנס מיט ראָזשינקעס, מיט צימערינג און צוקער״?

„ביי אַ באַזונדערן טיש, איבער ריזיקע שיסלען, זיצן די צוויי מומעס, צוועטל און עלקע, מיט די הענט, נאַסע אָנגערויטיקטע, הוילן זיי אויס די בערג מיט אָנגעשניטענע פּיקן פּיש, דערביי שאָקלען זיי זיך אַזוי, אַז די צוויי פֿאַרביקע טשיפּקעס אויף זייערע קאָפּקעס קומען זיך אַלע רגע צונויף, ווי צוויי בייזע פֿייגל וואָלטן זיך אַקעגנגעשפּרונגען און זיך געדזשאָביעט מיט שנאָבלען״.

ס׳פֿעלט אים נישט קיין לשון. ער קאָן טעאַטראַליזירן און אויפֿשפּילן און איפּזינגען מיט מחיהדיק פּוילישן יידיש. ס׳זענען דאָ אַזוי פֿיל מעלות אין בוך, אַז זיי זעצן אַוועק דעם מחבר סאַמע אויבנאָן ביים קליינעם אויסדערווײלטן טיש פֿון אונדזער היינטצייטיקער יידישער בעלעטריסטיק, אָבער ס׳זענען אויך פֿאַראַן אין בוך אַ סך חסרונות, און דער גרעסטער חסרון איז אַ מין פּרימיטיוויזאַציע, וואָס באַפֿאַלט אַ סך יידישע שרייבער, ווי נאָר זיי נעמען זיך צו זייער קינדהייט און צום יידישן שטעטל.

31.8.62

# אברהם סוצקעווער

אברהם סוצקעווער איז געקומען צו גאַסט צו אַמעריקאַנער ייִדן. איז ער ביי זיי געווען אַ ליבער, אַנגעלייגטער גאַסט, אָבער צו דער ייִדישער פּאָעזיע איז ער געקומען באַזונדער ווי איינער פון אירע שענסטע תושבים. די געאָגראַפישע צע־טיילונגען פון דער ייִדישער פּאָעזיע זענען שוין לאַנג אָפּגעשאַפט געוואָרן מיטן חורבן, וואָס האָט אָפּגעווישט גאַנצע פּרינציפּאַליטעטן פון ייִדישן ליד. היינט פאַר־מאָגן מיר איין גרויסע אימפּעריע — אַ ייִדישע וועלט־פּאָעזיע, וואָס איז דאָס ייִדישע ליד אומעטום און איז אַלעמענס, אָן שום באַזונדערע וויזעס. זי האָט מער נישט קיין צענטער פון אינספּיראַציע אָדער השפּעות. דער צענטער פון דער ייִדישער פּאָעזיע איז אין אַמעריקע, ווי אין מדינת ישראל, אין פּוילן, ווי אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין פראַנקרייך, ווי אין אַרגענטינע. יעדער איינער ייִדישער פּאָעט ציילט זיך, ער איז נישט קיין דאָרטיקער, נאָר אַ דאָיִקער; ער איז נישט קיין געקומענער, נאָר אַ היגער און אַ שטענדיקער.

אויב די ייִדישע פּאָעזיע קען פאַרגעשטעלט ווערן ווי אַ געאָמעטרישע פיגור, אַ פיל־ווינקלדיקע, אַ פּאָליגאָנישע, זענען פאַראַן געציילטע פּאָעטן, וואָס גיבן דער פיגור איר וויזועל געשטאַלט. אָן זיי איז די ייִדישע פּאָעזיע נישט גאַנץ, נישט צוגענגלעך צום אויג און נישט צום פאַרשטאַנד. דאָס זענען אַזעלכע פּאָעטן, וואָס זענען נייטיק פאַר יעדער גרופּירונג, פאַר יעדער אויסטיילונג און פאַר יע־דער דערמאָנונג, פאַר יעדער אויסציילונג פון פאַרמעגן. זיי טאָר מען נישט אויס־לאָזן, זיי אַליין זענען די געציילטע, וואָס מען מוז אויסציילן, כדי זיך גרויסן מיט אונדזער אָפּגעשפּאָרטן גוטס. אברהם סוצקעווער איז אַזאַ פּאָעט און ער קען אין ערגעץ נישט אויסוואַקסן ווי אַ פּלוצימדיקער גאַסט, ווייל ער איז אומעטום דאָ אין ייִדישן ליד, אַ תמיד־דערמאָנטער, אַן אויסגערעכנטער, פון די ערשטע אויף דער צונג, פון די סאַמע ערשטע אויפן געדאַנק.

אַז מען פאַרברענגט מיט סוצקעווערן, פאַרברענגט מען גלייך און דירעקט מיט זיינע לידער — מיט דעם אַראָמאַט פון זיין ליד, מיט דעם קלימאַט פון זיין ליד. אים איז נישט אָפּצוטיילן פון זיין ליד.

אַ ליד מוז פאַרמאָגן מוזיק און חן, שאַרם, וואָס אין דעם טרויעריקסטן ליד גיט עס אַ שניט פון פרייד, די פרייד פון פולער דערגרייכונג. דאָס איז אַ נאָגנדי־קייט, וואָס מען שפּירט ווען מען לייענט אַ פּערפעקט ליד. דאָס ליד שמייכלט זיך אַריין דעם לייענער אין דיביינער און עס גיט אים אַ געפיל פון טיפסטן און דערהויבנסטן הומאָר, ווי טראַגיש דאָס ליד זאָל נישט זיין. דאָס איז דער שמייכל

פון אַ קינד, וואָס איז פֿאַראורזאַכט בלויז פון אַ צערטלעכער ליבלעכקייט, אָן שום דרויסנדיקע געלעכטער־מיטלען. ס׳איז דער הומאָר פון מוזיק.

די קוואַליטעט פון אַזאַ שאַרם פעלט נישט אין אברהם סוצקעווערס לידער. ס׳איז אַ מעלה, וואָס לאָזט זיך נישט דעפינירן און אָנכאַפּן. לייענסט אים און דו נעמסט אים אָן, נישט ווי אַ טייל פון זיין ליד, נאָר ווי דאָס ליד גופא אין דעם גאַנצן צוזאַמענוועב.

אברהם סוצקעווער איז דאָס מזלדיקע געפינס פון דער יידישער פּאָעזיע. ווען ער איז אויפגעקומען מיט זיין ליד האָט ער גלייך געבראַכט איבערצייגנדיקע יונגשאַפט. דאָס איז געווען אַ וויכטיקע דערשיינונג אין אַ פּאָעזיע, ווו מייסטע פּאָעטן האָבן זיך באַמיט צו קומען מיט אַ געקנייטשטן יידישן שטערן. סוצקעווער האָט נישט באַדאַרפט קיין קינסטלעכע סימנים פאַר זיין פּאָעטישקייט, ווייל זיין מוזיק, זיין בילדלעכקייט, זיינע גוטגעזיוועטע גראַמען, זיינע אומגעריכטע ווערטער, זיין מוזיקאַלישער הומאָר, האָבן געמאַכט די שורות בייגעוודיק און גראַציעז, דורך די שווערסטע פּאָעטישע איבונגען און גימנאַסטיק. און ביי דעם אַלעם איז ער געווען דאָס נאַטירלעכע קינד פון יידישן לשון, וואָס האָט אים אין דער ריכטיקער צייט אַרויסבאַקומען פון זיך. אַפילו ווען ער האָט זיך דורכגעזונגען מיט דער פרעמדסטער פּאָעזיע, איז ער תמיד פאַרבליבן תוכיק־יידיש.

סוצקעווער איז געווען דאָס צייטיקסטע צייט־קינד פון דער יידישער פּאָע־זיע, אין איר באַרג־אַרויף. מיר אַלע האָבן זיך געניייטיקט אַקוראַט אין אַזאַ יונגן פּאָעט, וואָס זיין חן זאָל קרעפטיקן דעם ווייטער־גאַנג פון יידישן ליד. אָט די אַלע מעלות האָבן אים גאָר גיך געוווּנען אַן אויבנאָן־אָרט אין קעניגרייך פון יידישן ליד, נאָך מיט זיין ערשטן זינגענדיקן אָנלויף, מיט זיין באַזונדערן פייזאַזש. ער איז פּאַקטיש געקומען אָן געוווּנטער יידישער טעמאַטיק, אָבער ער האָט אַפילו דערמיט באַוויזן זייער גוט זיך אַריינצוגראַמען אין דער יידישער פּאָעזיע. ווען אונדזער נישט־דרימלענדיקער און נישט־שלאָפנדיקער קריאת־שמע־גאָט האָט זיך פאַרדרימלט און אונדז צוגעשטעלט דעם שווערסטן אינהאַלט פון אונדזער גאַנ־צער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, האָט סוצקעווער מיט אַלע זיינע נאַטירלעכע איינ־געבוירענע מעלות, אויסגעזונגען דעם פּנקס פון די שווערסטע יאָרן. מיט דעם כוח פון זיינע אייגענע יסורים האָט ער באַגריפן, אַז אים איז באַשערט אַ באַזונדערע שליחות, צו קאָנצענטרירן דאָס מעת־לעתיקע ליד אין אים, אויף באַזונדערע גע־מאָסטענע געווינען, אַרומצוזוימען די שקיעה מיט גאָלדיקייט און פרייד פון דערלייזטער דערגרייכונג.

ווייל יעדע ממשותדיקע קינסטלערישע דערגרייכונג פאַרמאָגט דערלייזונג. זי לייזט אויס אויפן מאָמענט דעם קינסטלער און טראָגט זיך איבער צום געניסער. דאָס איז דער זין פון אָנגעזאַמלטער נאַציאָנאַלער שיינקייט, פון אָנוווּקס פון קולטור, פון ביבליאָטעקן, מוזייען, קאָנצערט־זאַלן און טעאַטער — דאָס איז נאַציאָנאַלע

דערלייזונג. דאָס פאַרקנעכטעטע פאָלק ווערט אויסגעלייזט מיט זיינע אוצרות, וואָס רייסן זיך צו דערלייזונג.

ווי אַזוי דריקט מען אויס דעם יום־טוב פון אונדזער דור, וואָס האָט זוכה געווען, נישט פון אַ דור, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אים, נאָר וואָס איז פריִער געשלאָגן געוואָרן מיטן זכות פון נאַציאָנאַלע יסורים אין אַלע רמ״ח אברים און דערנאָך מיט דעם היילנדיקן שטראַל פון נס? די לעגענדאַרישע יסורים פון צעווייטיקטן אויסדויער, ביזן לעצטן פלאַטער פון דופק, ביז ניי־געבוירן — ווי דריקט מען עס אויס מיט ווערטער? איז דער תירוץ, אַז די ווערטער דאַרפן זיין איינגעדרימלט אין מוזיק און יעדער אויסגעשריי אַ געזאַנג און דאָס געזאַנג דאַרף צוזאַמענציטערן פסוק נאָך פסוק, און פסוק מיט פסוק.

אַז מען שפּאַנט דורך דעם וועג פון סוצקעווערס לידער, פון זיין „סיביר״ דורך זיין „פעסטונג״ פון פיין און אימה, ביז זיין „גייסטיקער ערד״, אין ניסים־דיקן לאַנד, געפינט מען די גרעסטע פאַרגיטיקונג און דערלייזונג אין די לידער גופא, וואָס זענען אונדז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן ווי אַ לעבעדיק פאַרמעגן. סוצ־קעווער האָט אָנגעהויבן מיט ביאָגראַפישע לידער, וואָס זענען געווען די ביאָ־גראַפיע פון אָטעמען טאָג און זון און פון פאַראינהאַלטלעכן „פאַנאָראַמעס פון גראַניט״ און „עקסטאַזן פון באַריר״, פון איינוואָרצלען זיך אין שיינקייט „ווי אַ בוים אין געבלי״. ער האָט פאַרמאָגט די חושימדיקע אָנגעצויגענע שפּירעוודיקייט פון פּאָעט, וואָס זיין לעבן איז ליד און ליד איז לעבן. דאָס איז זיין נאַטירלעכער צוגאַנג צו אַלע „עקסטאַזן פון באַריר״. ער קומט צו אַלץ דורך בליציק באַרירן דאָס לעבן. סוצקעווער איז אַזאַ אינסטרומענט, וואָס צעציטערט זיך ביי יעדן באַריר מיטן לעבן, ווי טראָפּנדיק דאָס ביסל לעבן זאָל נישט זיין. ער שאַפט מוזיק פאַר דער שטילסטער שוויגיקייט, ווייל ס׳איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי — איינ־געשוויגן לעבן.

ער פאַרמאָגט אַ סייסמאָגראַף פאַר דעם מינדסטן הויך פון געשעענקייט, אַפילו ווען ס׳איז נישט מער ווי אַ דורכפלאַטער אינהאַלטלעך, נאָך נישט באַשיידט און אַפילו נישט פאַרשטענדלעך.

ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל איבערגעפלאַנצט ווערן אין יידישן ניסים־לאַנד, ממש פון ערשטן מאָמענט, ווען נס האָט זיך דורכגעסודעט אויפן מלחמה־פעלד און קוים אָנגעהויכט דעם מאַרגן פון געבוירן ווערן, ווי טוי אויף פעלד.

סוצקעווער איז אויף ס׳ניי געבוירן געוואָרן אין מדינת ישראל, ווו ער האָט זוכה געווען און גורם געווען, אַז אין אים און דורך אים זאָל געיום־טובט ווערן דאָס דערגרייכטע יידישע ליד אין ירושלימער אוניווערסיטעט, און אַז ביים יום־טוב זאָל דער נשיא פון אוניווערסיטעט און דער נשיא פון מדינת ישראל רעדן האַפּ־טיקע רייד, וואָס האָבן צוגעטיילט כבוד דעם יידישן לשון און אָפּגעגעבן אַן אָרט פאַר אים אין דער אויפריכטונג.

דאָס יידישע ליד אין לאַנד פון די אָבות, באַקרוינט און באַשיינט — וואָס קען זיין אַ גרעסער נס, אַריינגעוועבט אין נס פון דער מדינה? מען וועט מיט מיר אפשר נישט מסכים זיין, אָבער איך וועל איינשטעלן און זאָגן, אַז זייער ווייניק יידן, אַ גאָר־גאָר קליינע צאָל שאַצט אָפּ דעם גרויסן נס פון מדינת ישראל, כ׳מיין די ניסימדיקע געשעענקייט אין אַ באַנאַכטיקער יידישער וועלט, דעם מאָרגנדיקן אויפגאַנג אויף פאַרפינצטערטע יידישע הימלען און חרוב־געוואָרענע היימען און שטאַמען. ווען מען וואָלט עס טאַקע אויף אַן אמת אָפּגעשאַצט, וואָלטן חלילה יידן אָפּגעשטעלט די טאָג־טעגלעכע פרנסה־מילן און אַרומגעגאַנגען פאַר־דבקהט ווי די חולמים. ווייל דער גאָט פון לאַנגן און געטלעכן געדולד האָט אויס־געדולדיקט אויף די געשיכטלעכע פלייצעס פון אַ פיל געפּרוווט פאָלק אַ בלענ־דנדיקע געשעענקייט. ס׳איז ווי די זון, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון נרתיק און איז גלייך צוריק אַריינבאַהאַלטן געוואָרן אין — גרויסאַרטיקע צרות, טאָג־טעגלעכער מי, מלחמה־זאָרגן, פאַרטיי־מחלוקתן; גלות־איינזאַמלונגען, ווען אַ יחיד ווערט אַ ציפער און באַטרעפט כך וכך, אין מזומן־געלט, וואָס מען דאַרף נייטיק האָבן, כדי אים צו שטעלן אויף די פיס. אָבער בעת דער דאָזיקער היס־טאָרישער זייגער קלאַפּט אויס די טעג און וואָכן פון אַ כמו געוויינלעך לעבן, וואָס ציילט זיך שוין אַפילו אין געיום־טובטע יאָרן פון איין יום עצמאות נאָכן אַנדערן, פאַרגעסט מען דערוויל, אַז איבער אַלץ שיינט אַ באַהאַלטענע זון, די זון פון גרויסן נס, וואָס איז אַזוי בלענדיק, אַז מען קען זי נישט זען, ווייל מיר וואָלטן אַלע געטאַנצט אויף די גאַסן מיט פאַרלייגטע הענט, ווי זאָרגלאָזע חסידים און כסדר געזונגען צו דער געטלעכער מקוים־געוואָרנקייט — מדינת ישראל.

די פאַלשע משיחים אונדזערע זענען אַזוי פאַרויסגעלאָפן די גאולה און אַריינ־געוואָרפן די גלויבערס אין עקסטאַז פון אַנטקעגנטאַנצנדיקער חדווה. זיי האָבן דעם חזיון אַנטקעגנגעחלומט מיט דעם פאַרעקשנטן גלויבן פון אַן אומגעדולדיק פאָלק.

איז גוט אַזוי, וואָס דאָס לעבן אין מדינת ישראל איז אַזוי רעאַל און מעת־לעתיק און אַזוי אַריינגעפינטלט אין דער וועלט־מאַפּע מיט אַלע איברים, וואָס קרעכצן אונטער, ווען ס׳גיט ערגעץ אַ קרעכץ די ווייטסטע אַפריקאַנער מדינה. אָבער וואָר ווי טאָג איז, אַז איבער דער מי פון טאָג־געשעעענישן, וואַרעמט דורכן נרתיק די זון פון יידישער ישועה. מען איז צו טרוד צו פאַרנעמען די היילקראַפט פון דער דאָזיקער יידישער זון — פון מיניסטאָרן ביז פקידים, ביזן ייד, וואָס זוכט פרנסה, און אַפילו אַרויף ביזן נשיא מיט זיין פאַרנומענעם קאַלענדאַר, צום פרעמיער מיט זיינע שפּירעוודיקע דאגות. מען האָט ווייניק צייט צו לעבן מיטן נס און אים אַריינאָטעמען, דורך אַלע אַנטענעס פון אונדזער אויפגעגאַנגענעם לעבן.

אָבער אין מדינת ישראל זענען פאַראַן מענטשן, וואָס טראָגן קריינדלעך פון דעם נס אויף באַשטראַלטע קעפּ, ווי זייערע אַלטע ביאָגראַפיעס וואָלטן זיך אָפּגעצ־

טיילט פון זייערע גופים און זיך געוואָרעמט אונטער דער יונגער זון און די איברים זייערע גייען אויף. כ׳האָב זיי געטראָפן דאָ און דאָרט און זייערע פּנימער זענען געווען באַזונט און איך האָב אָפט מאָל אין זייערע אויגן נישט געקענט אַריינקוקן, אַזוי געלויכטן האָבן זיי פון אייביקן יום־טוב.

פּאַר מיר איז פּונקט אַזאַ נישט באַגרייפלעכער נס דער אויפשטראַל פון יידישער פּאָעזיע אין דער יידישער מדינה. סוצקעווער איז געווען גערעכט ווען ער האָט אָפּגעשאַצט — „די דערהויבענע מסיבה, אָט דאָ, אין ירושלים, אינעם היכל פון תורה און חכמה, נישט בלויז ווי אַ יובל־פייערונג לכבוד די פופציק יאָר פון אַ יידישן דיכטער, נאָר אויך און בעיקר ווי אַן אָפּגעבן כבוד מיינע חברים יידישע פּאָעטן אין ישראל און אין דער גאָרער וועלט״. מיר זענען דערפאַר אַלע געווען ביי דער שמחה. פּאַרשותפט אין דער פריידיקער געשעעניש, וואָס סוצ־קעווער האָט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „גורם״ געווען. אָבער סוצקעווער איז נישט געווען בלויז דער צופעליקער גורם. זיין אייגענע ניסימדיקע ביאָגראַפיע האָט אים געפירט צום סיני פון אונדזער נייער געגעבנקייט — אַ תורה פאַר פולער יידישער עקזיסטענץ. איך האָב תמיד געהאַט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר שעפע־רישע ביאָגראַפיעס, וואָס קריצן זיך איין איז לייב און לעבן פון שאַפנדיקן קינסט־לער. ס׳איז אים אי גרינגער, אי שווערער מיט אַזאַ שאַפונג־ליים; אַזעלכע ביאָגראַפיעס ווערן מיט דער צייט מער ווי געטראָפענע און געשעענע מאָמענטן, זיי ווערן צוואַנג, און אין רעטראָספּעקט, ווי אַן אויסבעטענער און אויסגעבעטער וועג פון לעבן.

6.12.63

אַמאָליקע צייטן האָט זיך פּאָעזיע נישט געגראַמט מיט אריכת ימים. אַן אַלטער פּאָעט האָט אַרויסגערופן פאַרדאַכט, אַז ער איז נישט געגוג פּאָעט, אויב ער דרייט זיך נאָך אַרום און זינגט. שרייבן לידער איז געווען אַן ענין פאַר יונגעלייט, עלטערן זיך איז נישט געווען קיין גוטער סימן פון פּאָעטישקייט. געגומען האָט זיך די מיינונג פון צוויי סיבות. ערשטנס, האָבן מענטשן אַמאָליקע צייטן בכלל נישט געלעבט לאַנג; צווייטנס, האָט אַ צאָל גרויסע פּאָעטן געוויזן די קונץ אָנצו־זאַמלען אַ גרויס פּאָעטיש פאַרמעגן און זיך פרי אָפּטראָגן פון דער וועלט. ס'האָט זיך דערפאַר אָנגענומען דער געדאַנק, אַז אַ פּאָעט דאַרף זיך צו לאַנג נישט וואַרפן אין די אויגן. אַ לייענער האָט לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן, אַז ער זאָל קענען קריגן די פולע זאַמלונג פון זיין באַליבטן פּאָעטס ווערק און זיין זיכער, אַז דער פּאָעט וועט שוין מער נישט צושרייבן קיין איין שורה.

פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען געווען אַ סך אויסנאַמען. מען זאָגט, אַז אַמאַר קאַיאַם האָט געלעבט 82 יאָר, אָבער אים איז מסתמא בייגעשטאַנען דער פאַקט, וואָס ער איז אויך געווען אַ וויסנשאַפטמאַן און ער האָט געוווּסט ווי צו רעגו־לירן זיין חשק צום קריגל וויין און צום ווייב. האַפיז האָט אויך דערלעבט ביז זיבעציק, אָבער אים האָבן אַרויסגעהאָלפן זיינע רעליגיעזע שטודיעס. איך געדענק ווי קאָמיש ס'זענען מיר יינגלווייז אויסגעקומען עטלעכע באַבערדלטע רוסישע פּאָעטן, טייל פון זיי מיט אמתע לאַנגע און אַלטע בערד. דער אידעאַלער פּאָעט איז פאַרט געווען לערמאָנטאָוו מיט זיינע דינע יינגלשע וואָנסעלעך. זיין קאַריערע האָט ער פאַרענדיקט צו 27 יאָר, מיט אַ ירושה, וואָס הלוואי אויף על־טערע פּאָעטן געזאָגט געוואָרן. פּושקין האָט שוין אַריבערגעשפּרייזט די געפער־לעכע עלטער פאַר אַ גרויסן פּאָעט, האָט ער זיך דערפאַר געלאָזט אַריינציִען אין אַ נאַרישן דועל און געפאַלן אין עלטער פון 38 יאָר. כ'בין כמעט זיכער, אַז פּאָעטן, וואָס האָבן דערגרייכט ראָבערט פראָסטס הויכן עלטער — כמעט אַ ניינציקער — זענען קיין מאָל אויף דער וועלט נישט געווען. ביי אונדז האָט זיך דער פּאָעט י. אַדלער געראַטעוועט מיט אַ ביסל קאָוונער־פּראָזע און דאָס האָט אים געהאָלפן דערשפּרייזן ביז ניינציק און ווייטער. ער האָט זיין פּאָזיציע צוגעשמאָלצן מיט פּראָזע, ווי ראָבערט פראָסט האָט געשטאַרקט דעם פּאָעט — מיט אַפאָריזמישער הכמה. אברהם רייזען האָט אויך געהאַט דעם גוטן שכל צו שרייבן פּראָזע, כדי צו האָבן אַריכת ימים.

און זאָל מען מיר נישט אויסרעכענען אַ צעטל פון פּאָעטן, וואָס האָבן יאָ

באַוויזן די קונץ צו לעבן און זינגען ביז אַ הויכער עלטער, ביז אונדזער צייט, ווען מיר האָבן זיך שוין ביסלעכווייז צוגעוווינט, אַז אַ פּאָעט מעג אויך דער־גרייכן — שיבה. איך אַליין קען אויך דערמאָנען נעמען פון לאַנג־געלעבטע פּאָעטן, אָבער דאָס קלאַסישע געשטאַלט פון פּאָעט איז געווען אַ יונג גראָווירט און פאַרחלשט פּנים, אויף אַ גאָלדענעם איינבאַנד, אַ געשטאַלט, וואָס האָט עטלעכע פרילינגס און זומערן אָפּגעזונגען און יונג אַוועק אין לאַנד פון אייביקן ווינטער.

קיטס האָט געלעבט 25 יאָר. שעלי איז דערטרונקען געוואָרן צו דרייסיק יאָר. עס זענען אַפילו געווען יינגל־פּאָעטן. דער פראַנצויזישער פּאָעט רימבאָ האָט טאַקע דערלעבט די „הויכע" עלטער פון 37 יאָר, אָבער צו ניינצן יאָר האָט ער שוין געהאַט פאַרענדיקט זיין פּאָעטישע קאַריערע. טשאַטערטאָן, דאָס ענגלישע יינגל, האָט איינגענומען סם, ווען ער איז נאָך קיין גאַנצע אַכצן יאָר נישט אַלט געווען. אָבער ביז דעמאָלט האָט ער אַרויסגעוויזן געניאַלע פּאָעטישע פעיִקייטן. ער האָט געהונגערט אויף אַ בוידעם און געווען צו שטאָלץ אָנצונעמען הילף פון דער באַלע־באָסטע זיינער, וואָס האָט אים דעם בוידעם פאַרדונגען. זי האָט געזען ווי ער דאַרט און קוואַרט מיט יעדן טאָג, אָבער ער האָט אַפילו קיין שטיקל ברויט פון איר נישט געוואָלט נעמען. ער האָט בעסער איינגענומען אַרסעניק, אָבער איידער ער האָט זיך פאַרסמט, האָט ער איבערגעלאָזט אַ שאַרף און ביטער ליד, געווידמעט דער גלייכגילטיקייט פון די שטאָט־בירגער, וואָס האָבן אים דערפירט, אַז ער זאָל אַוועק אַזוי פרי פון דער וועלט.

דרך אגב, טאָמאָס טשאַטערטאָן איז געבוירן געוואָרן אין דער ענגלישער שטאָט בריסטאָל. אין דער זעלביקער שטאָט איז געבוירן געוואָרן אייזיק ראָזענבערג, וואָס איז אויך יונג אַוועק פון דער וועלט און איבערגעלאָזט אַ פּאָעטיש פאַרמעגן וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך לויב און טיפן באַוואונדער, וואָס דער ענגליש־יידי־שער פּאָעט האָט נישט באַוויזן צו אַנטוויקלען זיין פיל צוזאָגנדיקן טאַלאַנט. ער איז געווען אַ קראַנק יינגל, אָבער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער ענגלישער אַרמיי און געפאַלן אין עלטער פון 28 יאָר.

האָבן מיר אין דער העברעיִשער און יידישער פּאָעזיע געהאַט אַ סך קלאַסישע פּאָעטן־געשטאַלטן, קלאַסיש אין זין, וואָס זיי האָבן זיך יונג דערוואָרבן אַ פּאָע־טישע קאַריערע און פרי אַוועק פון דער וועלט? בעת איך שרייב די שורות קען איך זיך בלויז דערמאָנען אין איין העברעיִשע פּאָעט און אין איין יידישן, וואָס האָבן אַפילו נישט דערלעבט צו דערגרייכן דרייסיק יאָר און פון דעסטוועגן האָבן זיי אַריינגעשריבן שיינע קאַפּיטלעך אין אונדזערע ליטעראַטורן. דער העב־רעיִשער פּאָעט איז מרדכי צבי מאַנה. ער האָט געלעבט בלויז 27 יאָר און אַריינ־געבראַכט אַ פרישן טאָן אין דער העברעיִשער פּאָעזיע. דער יידישער פּאָעט, לייב ניידוס, דער מוזיקאַלישער עקספּערימענטירער מיטן יידישן וואָרט און יידישן

גראַם, אפשר דער ערשטער ריינער יידישער ליריקער, האָט קוים דערלעבט ביז 23 יאָר.

אָבער האָבן מיר אויך געהאַט אונדזערע טשאַטערטאָנס? איך בין דאַנקבאַר מיין פריינד יודל מאַרק, וואָס האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף אַ לידער־זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אונטער זיין רעדאַקציע אין קאָוונע, מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק. די זאַמלונג וואָס געפינט זיך אין יודל מאַרקס פריוואַטער ביבליאָטעק און איז אפשר דער איינציקער פאַרבליבענער עקזעמפּלאַר, הייסט — „נאָכן צענטן יאָרצייט". די געשיכטע פון דער יאָרצייט־זאַמלונג איז אַ טרויעריקע. געשען איז עס דעם אַכצנטן יוני 1923, אַ גרופּע פון פינף שילער און שילערינס פון דער ווילקאָמירער יידישער רעאַל־גימנאַזיע זענען אַוועק זיך שיפלען. דאָס קליינע שיפל האָט זיך איבערגעקערט. פיר זענען דערטרונקען געוואָרן. צווישן די דערטרונקענע האָט זיך געפונען כאַצקל פראַקער, וואָס איז סך־הכל אַלט געווען זעכצן יאָר מיט עטלעכע חדשים, אַ שילער פון זיבעטן קלאַס רעאַל־גימנאַזיע.

„דאָס אומגליק", דערציילט אונדז יודל מאַרק אין זיין הקדמה, „האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם אויף דער גימנאַזיע. דער אָנדענק פון די אומגעקומענע איז געווען ממש הייליק".

כאַצקל פראַקער איז געווען דער „פּאָעט פון דער גימנאַזיע". כאַצקל האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער ווען ער איז קוים אַלט געווען דרייצן יאָר. די דריי יאָר ביז זיין פריצייטיקן טויט האָט ער געשריבן אייגענע לידער און איבערגעזעצט רוסישע לידער. צום צענטן יאָרצייט נאָך דעם אומגליק האָט אַ גרופּע חברים פון כאַצקל פראַקער אַרויסגעגעבן זיינע לידער.

ס'איז אַ מערקווירדיקע לידער־זאַמלונג, וואָס ווייזט, אַז עס איז טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן אַ טאַלאַנטפולער פּאָעט, מיט אַ געפיל פאַר וואָרט און מוזיק, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן ווען ער איז נאָך געווען אַ פערצניאָריקער בחור. ער איז געווען שטאַרק אונטער דער השפּעה פון דער קלאַסישער רוסישער פּאָעזיע. ער האָט אַפילו אומשולדיקערהייט אַריינגעפלאָכטן שורות פון פּושקינען און לערמאָנטאָוון, אָבער ער האָט בפירוש געהאַט אַן אייגענעם טאָן און זיך געשניטן אויף אַ פּאָעט, וואָס קאָן אויסציטערן אַ שטימונג אין עטלעכע געצאָמטע שורות.

מען ווערט אויפגעשווידערט פון דער אומבאַוווסטן, וואָס אַנטפּלעקט זיך אָפט אין די לידער פון יונגע דין־געפילפולע דיכטער. כאַצקל פראַקער האָט געהאַט אַזאַ פאָרגעפיל, אַ. ער וועט פרי אַוועק פון דער וועלט און ער האָט עס קלאָר אויסגעדריקט אין זיינע לידער, אין זיין לעבן־באַשרייבונג האָט ער גערעדט וועגן זיך, אַז ער האָט „אַ קראַנק האַרץ". קען זיין, אַז ער האָט זיך אויסגעלערנט לעבן מיט דעם געדאַנק פון אַ פריצייטיקן סוף. ער האָט אָבער נישט פאָרויס־געזען, אַז שטאַרבן וועט ער פון אַן אומגליק־פאַל.

און ווייל ער האָט זיך פאַרנומען אויף אַ קורצן לעבן־וועג, האָט ער אַלץ

אַריינגענומען אין זיין יינגלשן וועלט־באַנעם. ער האָט אַפילו צו פּופּצן יאָר געשריבן הייסע און — פאַר זיין עלטער — אומגעווינלעך־רייפע ליבע־לידער.

און קאָפּ צו קאָפּ און האָר צו האָר —
און זאָל זיין ליפּ צו ליפּ, און גאָר!
איך האָב געוואָלט, עס זאָל מיין האַרץ
אין דיינס אַריין — דאָס מויל דער וועג.

ער האָט געשריבן די שורות ווען ער איז קוים פערצן יאָר אַלט געווען. ער האָט שוין דעמאָלט געזאָגט אויף זיך, אַז „בלויז קלייד פון ליד איז פאַרביק, דער תוך — איז האַרץ און ווילן".

דעם טויט האָט ער אַזוי דערנענטערט צו זיך —

און דאָס לעמפּעלע דאָס בין איך,
גוסס־פלאַם מיט טריבע אויגן;
שפּיר איך: דעם פאַרלעשערס אָטעם,
די מצבה איינגעבויגן.

אינטערעסאַנט, ער האָט געזוכט גראַמען — פאַרמאַטערטער, אָפּגעפּטרטער, צעפלאַטערטער, פלאַסטיש, עלאַסטיש. ער זוכט ווערטער צו פאַנגען פולע ביל־דער — „אויסגעצאַפּל פון ליכט", „שטראַלעריי", „צוגעהאַרצט וואָלט איך די מענטשן". ער האָט געזען דעם טויט און באַזונגען די גבורה פון יונגשאַפט —

מיר טראָגן אַ העלקייט אַריין אין דער נאַכט,
אונדז קענען קיין וויטן נישט שרעקן;
מיר גייען אין מונטערע רייען פאַרויס,
מיר זענען געבוירן צום וועקן.

און אָט זענען יונגע מאַני־לייבישע שורות, וואָס רופן אויף אַרויס דעם שאָטן פון פּושקינען —

שאַ און שטיל און שטיל און שטום
ליגן שנייען וויס אַרום.
בעטן לייגן זיך אויף זיי:
ווייך ווי פּוך און וויס ווי שניי.

ווי אין דער ערשטער שורה אַזוי אויך אין אַנדערע לידער זעט מען, אַז דער יונגער כאַצקל האָט שוין געוווּסט דעם מוזיקאַלישן סוד פון אַליטעראַציע. דער יונגער פּאָעט האָט אויך געשריבן פרייהייט־לידער און אַריינגעבלאָזן אין זיי אַ רעוואָלוציאָנערן אָטעם —

וואָס ס׳איז אַלט און וואָס צעבראָכן
אַלטע קערפּערס, ווייסע קנאָכן,
שרעק אין אויגן, הענט פאַרבראָכן,
אַלטע וועלט, וואָס ביסט צעקראָכן —
דו מוזסט ברענען.

כאַצקל פּראַקער האָט, ווי געזאָגט, גאָר פרי אָנגעהויבן שרייבן ליבע־לידער און זיי האָבן פאַרמאָגט אַ קרעפּטיקן ריטעם, געפּאָרט מיט שטאַרקע און באַנייט־בילדלעכע ווערטער —

גאַסן אַלע אויסגעשטיינערט,
בערג געזעמדיקט, גראָז ביי זייטן;
שריט און טריט אַ גאָרטן, גערטל,
גרינס און ליכטיקייט פון ווייטן.

דאָס איז אַ מוזיקאַלישער אָנהייב פון אַ ליבע־ליד. און אָט זענען שורות פון אַ צווייט ליד, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ שאַרף־אָריגינעלן אָנהייב ווי — „ווען כ׳וואָלט געווען אַ קינד און דו מיין מוטער, וואָלט איך צו דיין ברוסט געפאַלן, פון דיינע מילכן זיך אָנגעזויגן" —

כ׳וואָלט אַ ר י י נ ג ע ז ו מ ע ר ט מיין ליבע
דיר טיף, טיף אין האַרצן,
אַריינגעגאָסן אין דיינע זיידענע אָדערן מיין בלוטיק בלוט,
מיין בלוטיק, הייס, זודיק בלוט.

דער יונגער פּאָעט האָט אַפילו געוווּסט דעם סוד פון איבערחזרונג, ווען ס׳פאַרכאַפּט דער אָטעם. אין דער געשיכטע פון יידישן ליד מעג כאַצקל פּראַקערס נאָמען דערמאָנט ווערן, אַ נאָמען פון אַ פּאָעט, וואָס איז אַוועק פון דער וועלט אין טראַגישן עלטער פון זעכצן יאָר און געטראָגן „אַ העלקייט אַריין אין דער נאַכט", מיט יונגער ליבשאַפט און רייפן צוטרוי צום יידישן וואָרט.

## חנן איַאַלטיס „אָן אַ פּאַרהאַנג״

די נאָך־סטאַלין־עפּאָכע גיט אַ טוריסט אין סאָוויעטן־פּאַרבאַנד אַ מעגלעכקייט זיך פרייער צו באַוועגן און אַפילו צו פאַרבינדן אַ שמועס מיט אַן איינוווינער און אים פרעגן קשיות. אַפילו די סקאַרבאָווע, אויסגעלערנטע און אַנגעשראָקענע ענטפערס, וואָס מען קריגט, פאַרמאָגן אויך אין זיך אַ ביסל מער לופט ווי אין די אַלטע צייטן.

איַאַלטיס נאָטיצן פון זיין רייזע אין סאָוויעטן־פּאַרבאַנד, וואָס זענען פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין „קעמפער״ און אין אַ פּופּצן אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן, זענען דערשינען אין בוכפאָרעם אונטערן נאָמען — „אָן אַ פּאַרהאַנג״. דאָס איז אַן אָנווייז, אַז דעם מחבר איז געלונגען אַוועקצושאַרן דעם פּאַרהאַנג און טאַקע זען מיט בײדע אויגן דאָס לעבן אין די סאָוויעטישע שטעט — מאָסקווע און לענינגראַד. נײַנצן קאַפּיטלען זענען געווידמעט דעם באַזוך אין סאָוויעטן־פּאַרבאַנד און די לעצטע דריי — אַ קורצן איבערבליק אויף וואַרשע. די דריי שלוס־קאַפּיטלען זענען אַ מין אומגעריכטער צולאָג.

חנן איַאַלטי איז איינער פון אונדזערע גוטע דערציילער, ער פאַרמאָגט אַן אייגענעם סטיל. ער ווייסט ווי אַזוי דער מחבר אַליין קען נאָכגיין פּוסטריט זיינע העלדן און דאָך נישט שטערן דעם בעלעטריסטישן נוסח. ער אַקאָמפּאַנירט זיך שטיל בעת שרייבן און ס׳באַקומט זיך אַ גוטער און קלוגער אַריינפאַל אין די רייד פון די העלדן פון זיינע דערציילונגען און נאָוועלן. ער מאַכט עס אין גוטן טאָן און ס׳איז אַנגענעם צו לייענען זיינע בעלעטריסטישע זייטלעך, אַפילו ווען מען הערט דאָס קול פון שרייבער דורך דעם סיפּור־המעשה און די כאַראַקטער־שיל־דערונגען. מען דאַרף עס קענען. ווייל אַז נישט ווערט דער מחבר אַ שלעכטער סופליאָר, וואָס זיין קול שרייט אַריבער די אַקטיאָרן. איַאַלטי, ווי אַ בעלעטריסט, פירט אויך זיינע העלדן און לאָזט נישט אָפּ פון זיי קיין אויג, אָבער ער טוט עס שטיל און עלעגאַנט.

איַאַלטי האָט אָבער נאָך אַ מעלה, ער איז אַ גוטער פּובליציסט. ער קען באַ־נעמען און אַרומנעמען אַן ענין און ער האָט עס באַוויזן געגנוג מאָל, ווען ער האָט באַהאַנדלט פּראָבלעמאַטיק פון אונדזער צייט, דער עיקר פון אונדזער יידישער צייט. זיין פּובליציסטיק איז תמיד דורכגעשנירלט מיט פיינע זאַצן פון אַ בעלעט־ריסטישן באַמערקער.

אין דעם בוך „אָן אַ פּאַרהאַנג״ אַנטדעקן מיר איַאַלטיס נאָך אַ מעלה — ער איז אויך אַ גוטער רעפּאָרטאַזש־שרייבער. ער אַליין רופט טאַקע זיינע קאַפּיטלען „נאָטיצן און רעפּאָרטאַזשן״, און אַזוי זענען זיי טאַקע. זיי זענען גוטע און ערלעכע

באַריכטן. כ׳זאָג — ערלעכע, ווייל דאָס איז, ווייזט אויס, די סיבה פאַר וואָס איאַלטי האָט איבערגעלאָזט זיינע בעלעטריסטישע כלי־זיין, ווי נאָר ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ רייזע קיין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ער האָט געוווּסט ווי ריזי־קאַליש ס׳איז צו קומען, אַ גאַסט אויף אַ ווייל, קיין רוסלאַנד און פּרוּוון משפּטן און פאַרמשפּטן. ער האָט דערפאַר באַשלאָסן, אַז וואָס ווייניקער ער אַליין וועט דיריגירן זיינע רייזע־נאָטיצן און וואָס מער ער וועט לאָזן דאָס געזעענע און געהערט רעדן פאַר זיך, אַלץ ווירקזאַמער וועט עס אַרויסקומען.

און מען מוז צוגעבן, אַז איאַלטי איז בפירוש געקומען קיין סאָוויעט־רוס־לאַנד מיט דעם באַשלוס ערלעך איבערצוגעבן זיינע איינדרוקן און נישט זיין געאיילט צו ציִען שלוסן. ער האָט באַשלאָסן צו שרייבן אַן פליטערלעך, כדי נישט צו באַשיינען אָדער פאַרמיאוסן דאָס, וואָס אים איז אויסגעקומען צו זען דורך זיין קורצן באַזוך. איאַלטיס ערלעכקייט דערגייט אָפט אין זיינע נאָטיצן צו אַ דועט מיט זיך אַליין. ער שטייט כסדר און ציט זיךביים אַרבל, ער זאָל נישט רעדן צופיל, ער זאָל נישט מאַכן קיין באַמערקונגען, ווייל ער וויל, אַז פאַקטן זאָלן רעדן.

איאַלטי ווייסט אָבער גאַנץ גוט, אַז ס׳איז אויף דער וועלט נישטאָ קיין אמת אָביעקטיווער שרייבער, בפרט, אַז ס׳קומט אויס צו שרייבן אַ באַריכט פון אַ רייזע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וווּהין יעדער אינטעליגענטער מענטש קומט אַ שוין צוגעגרייטער מיט געווּנג וויסן און אינפאָרמאַציע. דער שווערסטער פאַרהאַנג האָט פאַרט געווּנג שפּעלטעלעך און ס׳זענען נישטאָ קיין צו־גרויסע סודות אין אַזאַ אָפענער וועלט, וואָס איז אונדז באַשערט. ס׳זענען געווּנג אויטענטישע ביכער געשריבן געוואָרן וועגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, סיי פון אינעווייניקסטע, פון דירעקט געליטענע קרבנות, סיי פון דרויסנדיקע קאָרעספּאָנדענטן, באַזוכער און אַלערליי באַשרייבער. דערצו איז כרושטשאָוו נישט אַזאַ באַהאַלטענער ווי סטאַלין. ער פאָרט אַרום איבער דער גאַנצער וועלט און ער האָט אַן אָפן מויל. ער כאַראַקטע־ריזירט זיך אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד יעדעס מאָל ווען ער נעמט אַ וואָרט — און ער טוט עס געווּג אָפט. די לעצטע קובאַנער אַוואַנטורע, מיט זיינע געדונגענע יאָר־עדות — זאָרין און גראָמיקאָ, איז פאַר זיך אַ גאַנץ בוך וועגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

פון דעסטווועגן זעט מען פון איאַלטיס פאַרזיכטיקע נאָטיצן, אַז ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח און געוואָלט זען, אָן פריִער צוגעגרייטע מיינונגען. באַקומט זיך טאַקע ערטערווייז אין בוך, מחמת דער מאָס פון אַ רעפּאָרטערישער נייטראַליטעט, אַן איבערדערציילונג פון זאַכן און באַדינגונגען, וואָס זענען געווּג באַקאַנט, אָבער ס׳זענען אויך דאָ קאַפּיטלען, וואָס לייענען זיך מיט אַ פרישן אינטערעס, גראָד דערפאַר, ווייל מען זעט ווי אָנגעשטרענגט דער מחבר איז — נישט אַרויסצוכאַפּן זיך מיט אַן איבעריק וואָרט.

ס׳געלינגט פּאָרט נישט אַיאַלטין אומעטום צו בלייבן געטריי צו זיין לאַמטערנע פון אָנגענומענער נייטראַליטעט. אמת, ס׳פּירט נישט איבער דעם ערלעכן צוגאַנג צו באַמערקטע בילדער און געשעענישן, אָבער דער בעלעטריסט אין אים און דער פּובליציסט נעמען אַ מאָל איבער די ממשלה און זיי מאַכן טרעפלעכע קאָמענטאַרן און אַפילו אויספירן. אַ גוטער ביישפּיל איז דאָס קאַפּיטל וועגן דער באַגעגעניש מיט די סאָוויעטיש־יידישע שרייבער, וואָס האָבן דעמאָלט שוין געמאַכט הכנות אַרויסצוגעבן „סאָוועטיש היימלאַנד“. דער עפּיזאָד איז אָנגעשריבן מיט אַזאַ פּאָרזיכטיקער געוואָרנטקייט, מיט אַזאַ ווילן צו בלייבן אין די ראַמען פון פריינדשאַפט, אַז ס׳איז צו באַוווּנדערן. אַיאַלטי באַגעגנט זיך ווי אַ יידישער שרייבער מיט יידישע שרייבער אין לאַנד, וווּ מ׳האָט ערשט אויסגעקוילעט צענדליקער יידישע וואָרט־קינסטלער. ער באַגעגנט זיך מיט אַ שארית הפּליטה פון אַ טייל פון דער יידישער ליטעראַטור, אָבער פּאָרט פּלאַצט צום סאַמע סוף דער אָנשטרענג פון נייטראַליטעט, און די העכערע ערלעכקייט טריומפירט. אַיאַלטי מוז רעדן שאַרפע רייד און דערציילן, אַז אַפילו אין איר גלאַנץ־פּעריאָד איז די יידישע סאָוויעטישע ליטעראַטור געווען — „אָפּגעריסן פון דער יידישער ווירקלעכקייט“, אַז — „די פּראָזע־ווערק האָבן לחלוטין נישט אָפּגעשפּיגלט די דאָרטיקע רעאַליטעט אין וועלכער ס׳איז דימענסיע“ און אַז — „די ווערק האָבן אָפּגעשפּיגלט פּראָבלעמען פון דער פּאָליטגראַמאַטע“. ער באַמערקט גאַנץ ריכטיק, אַז בעת אַ שאָלאָכאָוו האָט פּאָרט ביי אַלע שאַרפע צענזורן איבערגעגעבן דעם לעבנסשטייגער פון רוסישן מוזשיק, זענען יידישע פּראָבלעמען געווען „טאַבו“. יידישע שרייבער, זאָגט אַיאַלטי, האָבן געמוזט זיין „פּאָרזיכטיקער ווי אַנדערע“.

און זיי זענען עס נאָך איצטער. ווער אויב נישט די יידישע שרייבער האָבן געמעגט און באַדאַרפט אַרויסגעבן פון זיך אַ יידישן יעווטושענקאָ, וואָס זאָל אויסשרייען אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך אָנגעזאַמלט אין דער צוגעוואָרגענער יידישער ליטעראַטור. אָבער דער יידישער פּחד איז נאָך גרויס אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. מ׳יר געפעלט אַיאַלטיס אויסדרוק, אַז ער שפּירט אַן „אומעטיקע פריינדשאַפט“ צו די סאָוויעטישע קאָלעגן.

און אָט די מאָמענטן פון אַבסאָלוטן גוטן ווילן צו זען זאַכן נייטראַל, אָן פאָרויסשטימונגען, זענען אינטערעסאַנט אין בוך „אָן אַ פאָרהאַנג“, אָבער אינטערעסאַנט זענען אויך די אַרויסגעכאַפּטע באַמערקונגען, ווען דער בעלעטריסט און פּובליציסט קען זיך מער נישט איינהאַלטן.

אין די נאָטיצן געפינען מיר באַגעגענישן מיט יידן. באַזוכן אין יידישע היימען, אַפילו ביי יידישע היימישע שמחות, טרעפענישן מיט געוועזענע „אָפּגעזעסענע“ באָלשעוויקעס און באָלשעוויטשקעס, אַ באַזוך אין דער שול, צופעליקע שמועסן און באַגעגענישן מיט יידן און קריסטן און אַפילו פאַרצייכענונגען פון זייערע ריזיקאַנטישע באַמערקונגען קעגן רעזשים.

איבערראַשנדיק איז די מיינונג פון אַ ידישן קעלנער, וואָס איז שוין אַזוי שפּירעוודיק בנוגע אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד, אַז אים געפעלט נישט שלום־עליכם — ווייל „ער לאַכט אָפּ פון יידן. ער מאַכט חוזק פון אַלץ וואָס איז טייער... אין דער נשמה". דאָס איז אַ בליק אויף שלום־עליכמען פון אַ באַזונדער אומגע־ריכטן ווינקל.

ווי געזאָגט: ווען אַיאַלטי, דער רעפּאָרטאַזש־שרייבער, לאָזט דעם פּוב־ליציסט אין אים מאַכן באַמערקונגען, באַקומען מיר ווערטפולע קאָמענטאַרן. ער ווייזט אָן, למשל, אַז סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע איז ביים עולם געוואָרן אַ רוטין, וואָס ווערט אָפּגעבליאַקעוועט. ער פאַרגלייכט עס זייער ריכטיק צו רעלי־גיע אין די מערב־לענדער, ווו רעליגיע און געשעפט זענען באַזונדערע זאַכן. „אין סאָוויעט־רוסלאַנד שטעלט זיך ביסלעכווייז איין אַ צעטיילונג צווישן דער אָפּי־ציעלער פילאָזאָפיע פון שטאַט און דער טאָגטעגלעכקייט".

מיר הערן אויסרופן אַפילו פון פרומע קאָמוניסטן, וואָס „קוקן אַרויף צו אַמעריקע".

„נעמט אייך גאַגאַרינען און גיט אונדז דעם זיפּער!", אָדער — „אַזוי לאַנג ווי די מענטשן אין מערב וועלן זיין בעסער געקליידט ווי ביי אונדז, וועלן מיר נישט האָבן קיין באַווייז, אַז אונדזער סיסטעם איז בעסער ווי דער קאַפּיטאַליס־טישער".

זייער גערעכט און טרעפלעך איז אַיאַלטי מיט זיין אויפקלערונג וועגן דעם מסור אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

„אויב מסירה איז אַ שרעקלעכע זאַך, איז אָבער נאָך שרעקלעכער אַ גזזעל־שאַפט, ווו מסירה ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ נאָרמאַלער זעלבפאַרשטענדלעכער דערשיינונג און ווו דער מסור איז אַן אָרנטלעכער, דורכשניטלעכער, טייל מאָל אַפילו פריינדלעכער מענטש". און ווייטער גראָבט אַיאַלטי נאָך טיפער און ער באַמערקט:

„מיר דאַכט זיך, אַז דעם סאָוויעטישן רעזשים איז נישט געלונגען צו צע־שטערן אַלע מענטשלעכע לאָיאַליטעטן און אַוועקצושטעלן אויף זייער אָרט די געטריישאַפט צום רעזשים און צום שטאַט. די משפּחה־קרובהשאַפט האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אויף דעם געביט. ס'איז מעגלעך, אַז דער מיסטרויען פון רעזשים לגבי יידן איז טיילווייז (אונטערגעשטראָכן פון מחבר — י. ג.) אַ פּועל יוצא פון דעם טראַדיציאָנעלן יידישן שאַרפן ווידערשטאַנד צו מסירה".

אַז דער בעלעטריסט נעמט מאַכן אָרדענונג, לאָזט ער אונדז הערן אַ שמועס צווישן צוויי פרויען. בעת ס'איז נאָך געווען פריש דער איינדרוק אין מערב פון די גרויסע אויפגעריסענע באַמבעס אין סאָוויעט־רוסלאַנד, באַמבעס מיט צענד־ליקער מעגאַטאָנען, האָט אַיאַלטי געהערט אַ שמועס צווישן צוויי פרויען — „וועגן אַ פּאָר קינדער־שיכלעך, שיינע שיכלעך, ביליק און גוט, אַ מציאה".

די צוויי קאַפּיטלען וועגן וואַרשע אַנטדעקן נישט קיין נייס, אָבער דאָס דריטע קאַפּיטל, דאָס לעצטע אין בוך — „יאַנינאַ", מעג אונדז געבן אַ מאַטעריאַל אויף נאָכצוטראַכטן. יאַנינאַ איז אַ קריסטלעכע צדיקת, וואָס האָט פּשוט, אָן שום קונצן און אָן פילאָזאָפיעס, איינגעשטעלט דאָס לעבן און געראַטעוועט יידישע משפחות און באַהאַלטן זייערע קינדער פון די דייטשע רוצחים. אָבער אַט די פרוי, וואָס בענקט נאָך עד היום נאָך אירע געראַטעוועטע „קליענטן", לעבט אין גרויס דחקות און די מייסטע יידן, וואָס האָבן איר צו פאַרדאַנקען זייערע לעבנס, האָבן אָן איר פאַרגעסן. נישט ווייט פון „יד ושם" אין ירושלים פלאַנצט מען אַ גאָרטן און מען גיט אָפּ כבוד די עטלעכע קריסטלעכע צדיקים, וואָס זענען געווען אַזוי ביטער־ווייניק אין צאָל. אָבער אין דער וואַרשעווער פאָרשטאָט פּראַגע, לעבט און מוטשעט זיך אַ לעבעדיקע יאַנינאַ מיט איר משפחה און בלויז איין ניו־יאָרקער ייד האָט זיך דערמאָנט אין איר און אַ דאַנק אים האָט אַיאַלטי געהאַט די געלעגנהייט זיך משתדל צו זיין און אויספועלן, אַז דער „דזשאָינט" זאָל איר געבן אַ באַשיידענע חודשלעכע סומע.

די לעצטע ווערטער אין בוך זענען: „יעדע זאַך דערגייט צו אַ סוף — אַפילו רייזע־באַשרייבונגען. כ'וויס נישט, צי מיינע באַאָבאַכטונגען זענען געווען גענוג אָב־יעקטיוו, כאָטש כ'האָב זיך געסטאַרעט צו זיין אָרנטלעך; כ'וויס נישט, צי ס'איז מיר געלונגען איבערצוגעבן מיינע איינדרוקן דעם לייענער. אָבער אין איין זאַך בין איך זיכער, אַז די קליינע פּענסיע פאַר יאַנינאַן איז אַ גרויסע זאַך — און דערפאַר אַליין האָט זיך געלוינט די נסיעה".

יאָ, ס'האָט זיך צוליב יאַנינאַן אַוודאי געלוינט די נסיעה, ווייל די אומדאַנק־באַרקייט צו אַזאַ קריסטין, וואָס האָט אַפילו נישט צודרינגלעך געבעטן הילף פאַר זיך און פאַר איר משפחה, איז געווען אַ פלעק, וואָס האָט געמוזט באַזייטיקט ווערן. אָבער מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז אויב דער לייענער פון חנן אַיאַלטיס „אָן אַ פאַרהאַנג" וועט צוגיין צום בוך און דערוואַרטן בלויז „נאָטיצן און רעפּאָרטאַזשן", וועט ער זיין אָנגענעם איבערראַשט, ווייל דאָס בוך איז מער ווי בלויז רעפּאָר־טאַזשן. דאָס זענען באַשרייבונגען פון אַ קורצער רייזע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אויפגעכאַפּט מיט אַ געניט אויג און באַפּעפּערט מיט זאַלצלעכע, פּובליציסטישע באַמערקונגען; און דאָס בוך מאַכט בפירוש דעם איינדרוק פון אַ באַזוכער, וואָס האָט „זיך געסטאַרעט צו זיין אָרנטלעך".

11.1.63

## יהושוע גלבועס „לשמור לנצח“

דער באַקאַנטער העברעיִש־יידישער עסייִסט, דערציילער און אָנגעזעענער פּובליציסט, יהושוע גלבוע, איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, אין גאַנצן 45 יאָר אַלט, אָבער זיבן יאָר פון זיין לעבן האָט ער „פאַרווײלט“ אין סאָוויעטישע טורמעס. דאָס זענען געווען די ריכטיקע זיבן „פעטע יאָר“ און זיין פאַרברענגען אין די טורמעס איז זיכער נישט געווען מיטן צוועק אַריינצוכאַפּן איינדרוקן און פון זיי שאַפן קינסטלעריש־ביאָגראַפישן מאַטעריאַל. אָבער דאָס בוך „לשמור לנצח“, וואָס ער האָט נישט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבן (הוצאת „מסדה“, תל־אביב) איז איינס פון די בעסטע ביכער פון דעם ביכער־שטראָם אויף דעם דאָזיקן אומאויסשעפּלעכן געביט. אַפילו ווען זיי זענען שלעכט געשריבן, שלינגט מען זיי אויך, ווייל דער מין מענטש, ווייזט אויס, קען זיך נאָך אַליין נישט, ער וויל אַלץ בעסער זיך באַקענען מיט זיך אַליין, וואָס מיט אים קען געשען, ווען ער ווערט דער יסורים־צוטיילער, אָדער דער יסורים־איבערטראָגער. ווען מען דערגייט, פון די ביידע אַנטקעגנגעזעצטע ווינקלען, צו די ווילדסטע עקסטרעמען, ווי מען איז דערגאַנגען אין אונדזער דור, ווערט דער מין מענטש אַליין דערציטערט פון זיינע אייגענע אַנטפּלעקטע מעגלעכקייטן, וואָס ער קען אַלץ טאָן און אין וואָס ער קען פאַרוואַנדלט ווערן.

דערפאַר לייענט מען די שטייגער ביכער ממש מיט אַן אומגעזעטיקטן בייגיר. מען וויל לייענען די געשיכטע — נישט פון דער מענטשהייט, נאָר פון דעם מענטשס מענטשלעכקייט, ווי עס וואַקסט אויס צום רוצח און סאַדיסט און פּייניקער־אויטאָמאַט, און ווי די זעלביקע מענטשלעכקייט שרומפּט איין, כדי צו קענען כאַפּן די קלעפּ, מיט דעם מינימום ווייטאָג, וואָס איז מעגלעך ביי אַזעלכע אומשטענדן, כדי צו באַהאַלטן, אויב ס'איז נייטיק, פאַר זיך אַליין דאָס ביסל גייסט, דאָס גאָט־ענלעכע פאַרבאָרגענע פּנים; אַ קליין ביסל ליכט, אין אַ תהום, ווו עס דאַכט זיך, אַז דער טויט איז אָפּט דער אומפאַרמיידלעכער אויסלייזער.

יהושוע גלבועס „קאַפּיטלען פון אַן אַרעסטאַנט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד“ זענען קאַפּיטלען פון אַ הויכער קינסטלערישער מדרגה. זיי זענען געשריבן אָן סענטימענטאַליטעט און רחמנות אויף זיך אַליין, נאָר פאַרקערט, מיט אַ לייכטן הומאָר, וואָס ס'איז פאַראַן אין אים אַן עלעמענט פון פאַרגיטיקונג — ס'פאַרגיטיקט אי דעם שרייבער, אי דעם לייענער פאַר די אַלע אָפּגרונטיקע יסורים. דער ציוויליזירטער שמייכל איבער דעם דערציילטן און איבערגעלעבטן, דער אינטעליגענטער און קינסטלערישער אַנאַליז פון די געשעענישן איז די קאָמפּענסאַציע. דאָס בוך — „לשמור לנצח“ ליאַרעמט נישט און פּראָטעסטירט נישט צו די הימלען,

ווייל וואָס איז דאָ שייך צו פּראָטעסטירן קעגן אַ פול־אויסגעזעסענעם סאָוויעטישן „סראַק". דער עיקר אין בוך איז, וואָס טוט מען מיט דעם, וואָס איז געשען, וואָס מאַכט מען דערפון ווען מען שפּאַנט צוריק צו יענע דורכגעלעבטע קאָשמאַרן פון טורמעס אין געפרוירענעם צפון און אין ברענענדיקן דרום.

יהושוע גלבוע האָט די זיבן פאַרזעסענע יאָרן געגעבן אַ תיקון, ווייל ער האָט אונדז געבן אַ בוך מיט אַן אוניווערסאַלן אָטעם. הגם קיין אויפקלערונגען קענען נישט קליגער מאַכן פאַר וואָס די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט געמוזט אַזוי ברו־טאַליזירט ווערן, דורך דעם גרויזאַמען ווילן פון איין ברוטאַלן אַליינהערשער, דאַכט זיך פאָרט, לייענענדיק „לשמור לנצח", אַז ס׳ווערט אַ ביסל ליכטיקער און קלאָרער, און אַלץ דערפאַר, ווייל יהושוע גלבוע האָט אונדז געגעבן אַ וואַרעם־מענטשלעך בוך. אים איז געלונגען צו שרייבן בעלעטריסטיש און די קינסטלע־רישקייט האָט נישט באַהערשט דעם לעבעדיקן מאַטעריאַל, נאָר עס האָט באַלויכטן אַרום די זוימען, געגעבן די געשעענישן ליכט־אַקצענטן און פיינעם שמועס. דער מענטש מיט זיך איז געוואָרן דער מענטש פאַר אַלעמען און דאָס העברעיִשע בוך „לשמור לנצח" איז געוואָרן אַ ווערק, וואָס וואָלט באַדאַרפט ברייט געלייענט ווערן און איבערגעזעצט ווערן אויף אַ סך לשונות, טאַקע כדי — לשמור לנצח.

דער נאָמען „לשמור לנצח" איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן בוך און צוגעפּאַסט צום טאָן פון בוך. ווען די ען־קאַ־ווע־דע פירט די אויספאָרשונג, בעסער געזאָגט, די עקזעקוציע פון דער פליג, וואָס פאַלט אַריין צו איר אין די הענט, וואַקסן די פּראָטאָקאָלן און ווערן געשוואָלן מיט אַ גראָטעסקן ערנסט, ווי אַלץ וואָלט געווען כשר וישר. די טראַגי־קאָמעדיע צעוואַקסט זיך, אַז ס׳ווערט דערפון אַ גאַנצער באַרג פון שקרים, צוואַנג, אינקוויזיציע און מענטשן־צעברעכונג. די אַלע גע־שוואָלענע פּראָטאָקאָלן ווערן אַריינגעלייגט אין אַ פּאָרטפעל און אויף דער הילע איז אָנגעשריבן די וואָרענונג — „אָפּהיטן אייביק!" די דאָזיקע פאַרליגנערטע און אויסגעפּרעסטע אויספאָרשונג ווערט דעם אַרעסטאַנטס אייביקער אמת. מען באַצווייפלט אַפילו זיין אמתן נאָמען, מען צעמישט זיין פּערזענלעכקייט און מען באַגראָבט אים אין אַ פּאָרטפעל.

דער אויבער־אויספאָרשער טענהט זיך אויס מיטן אַרעסטאַנט זייער פּאָטער־לעך, אים אינטערעסירט נישט לחלוטין דער פאַרויסבאַשטימטער אורטייל און דער טערמין פון די עטלעכע יאָר אָפּזיצן. דאָס איז אַ נאַרישקייט, מען מוז עס, פאַרשטייט זיך, אָפּקומען, ווייל די סאָוויעטישע מאַכט באַשטראָפט נישט, זי וויל איבערבויען דעם מענטשן, מאַכן פון אים אַ לייט. איז, לכן, אינטערעסאַנט דעם אויבער־אויספאָרשער בלויז, וואָס זיין אַרעסטאַנט (אין דעם פאַל גלבוע) וועט טאָן נאָך דעם ווי ער וועט אַרויס פון טורמע און פון אַרעסטאַנטסקן אַרבעט־לאַגער. צי וועט ער ווערן „אַ מענטש" מיט קאָמוניסטישע אידעאַלן, אָדער ער וועט ווידער עפּעס אָפּטאָן און וואַנדערן פון טורמע צו טורמע.

די פּאָטערלעכקייט איבער די עקזעקוציעס איז אַ טייל פון דער פּייניקונג און פון דער היפּאָקריטישער אויסגעלערנטער קאָמעדיע, ווי צו אַנטמענטשן דעם מענטש, וואָס ווערט באַטראַכט פאַרן שונא פון פאָלק. גלבוע באַמערקט מיט זיין כאַראַקטעריסטישער אורבאַניטעט, אַז די רעוואָלוציע האָט אַנטליִען איבסענס „שונא פון פאָלק" און דערפון געמאַכט אַ שטיק נישטיקייט. דער נאָמען פון בוך איז דערפאַר אויך סימבאָליש ווי אַ וואָרענונג, אַז מען טאָר נישט פאַרגעסן, וואָס באַפרייטער מענטש קען טאָן צו זיין ברודער.

יהושע גלבוע איז אַ פּינסקער. ער איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג און ער איז געווען אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „הנוער הציוני" אין פּוילן. אָט די ציוניסטישע פאַרגאַנגענהייט איז אים אַנטקעגנגעקומען, ווען ער איז צום צווייטן מאָל פאַרמשפּט געוואָרן, נאָך דעם ווי ער איז שוין איין מאָל אָפּגעזעסן צוויי יאָר אין דעם ווייטסטן צפון, ווייטער פון מענטשלעכע טריט און מענטשלעכע שפּורן. דעמאָלט איז ער באַגנעדיקט געוואָרן און ער איז געפאָרן זיך שטעלן צום פּוילישן מיליטער, וואָס האָט געקליבן אַן אַרמיי אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד קעגן היטלערן. מען האָט אים אָבער געפּסלט ווי אַ ייד. די פּאָליאַקן האָבן אים אויסבראַקירט אַפילו ווי אַ מיטקעמפער קעגן שונא.

אין דעם וואַרעמען דרום, ווען די פאַרפרוירענע איברים זענען אים אַ ביסל אויפגעגאַנגען, אין אַלמאַ־אַטאַ, איז ער ווידער אַרעסטירט געוואָרן, פאַרשיקט געוואָרן אין אַ קאַטאָרזשנע־לאַגער, אָבער ערשט נאָך דעם ווי ער האָט פאַרבראַכט חדשים אין אַן איינזאַמער צעל, און געפּירט געוואָרן, אין מיטן נאַכט, אין מיטן טאָג, אין דער פרי, אין אַלערליי שעהען צו דער אויספאָרשונג, צו באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט זיין גורל — פּיטשוגין, אַן אויסגעשולטער ענקאַוועדע־אינקוויזיטאָר, וואָס האָט געקענט אַלע קונצן, די גאַנצע גאַמע פון פּייניקן מיט רייד מיט געמאַכטער גוטסקייט, מיט ווילדע און אויסגעלאַסענע רוסישע זידלערייען, מיט הייבן אַ פויסט און זי נישט אַראָפּלאָזן.

די שענסטע קאַפּיטלען אין בוך זענען די קאָנפראָנטאַציעס מיט דעם אויספאָרשער. גלבוע גיט אָפּ עטלעכע קאַפּיטלען דער דאָזיקער חקירה ודרישה און ס'איז ווערט געווען ער זאָל זיך דערמיט אָפּגעבן. ער רעפּראָדוצירט דעם דיאַלאָג פון באַפרייטן חבר אַנטקעגן זיין קרבן. ס'איז אַ קאָשמאַר דירעקט אַריבערגעטראָגן פון דאָסטאָיעווסקין. דער אויספאָרשער באַנוצט זיך מיט דער דאָסטאָיעווסקי־טעכניק פאַר נייערע צוועקן.

אַז מען וויל קען מען שרייען געוואַלד און פרעגן, צו וואָס איז די דאָזיקע ברוטאַליזירונג נייטיק געווען? גוט, די רעוואָלוציע האָט אין די ערשטע יאָרן געהאַלטן, אַז זי איז אַרומגערינגלט פון שונאים, און ס'האָט געהייסן, אַז ס'מאַכט נישט אויב טויזנטער אומשולדיקע קרבנות וועלן צעטראָטן ווערן, אַבי מען וועט כאַפּן „איין שונא פון פאָלק". אָנגענומען, אַז אָט די סדומישע גערעכטיקייט איז

געווען דאָס סאַמע בעסטע, וואָס די רעוואָלוציע האָט געקענט אויסטראַכטן, אין משך פון די ערשטע יאָרן, ווען זי האָט זיך געשיצט קעגן אינערלעכע און אויסער־לעכע שונאים מיט אַזאַ שטייגער גערעכטיקייט.

אָבער פאַר וואָס האָט עס באַדאַרפט אָנהאַלטן צענדליקער יאָרן? און פאַר וואָס מיט אַזאַ מעטאָדישקייט, מיט אַזאַ קולטיווירטן שקר און מיט אַזאַ ברוטאַ־ליטעט, וואָס איז געווען אויסגערעכנט צו צעברעכן דעם חבר־מענטש, וואָס זיין זינד איז באַשטאַנען אין גנבענען אַ גרענעץ, אָדער אין יונגער ציוניסטישער אַקטיוויטעט אין פוילן?

די אַלע פאַרוואָסן ווערן נישט פאַרענטפערט אין דעם בוך „לשמור לנצח״, ווייל קיינער קען נישט געבן דעם ריכטיקן ענטפער. אָבער די באַשריבענע עפּיזאָדן ברענגען אַריין קינסטלערישע אָרדענונג אין אַ גיהנומדיקן כאַאָס. די טויערן און טירן צום גיהנום ווערן נומערירט און די פאַרגליווערטע מענטשלעכע נשמות ווערן באַוועגלעכער.

יהושוע גלבוע האָט אָנגעשריבן אַ ליכטיק און קלוג בוך. די דראַמאַטישע „אַסיידס״, די זייטיקע באַמערקונגען זענען שאַרף און זיי שניידן זיך נישט אַריין אין אינהאַלט. זיי צעשטערן נישט דאָס ווערק. פאַראַן אין „לשמור לנצח״ באַלאַנס און שכל־הישר. נאָך עפּעס: פון אַ ריין־פּראַקטישן שטאַנדפּונקט האָט גלבוע צו לאַנג געוואַרט מיט זיינע פּערזענלעכע ביאָגראַפישע עפּיזאָדן, ווי אַ קרבן פון דער סאָוויעטישער יוסטיץ. הונדערטער ביכער זענען שוין דורך דער צייט אָנ־געשריבן געוואָרן אַרום דער דאָזיקער טעמע. אָבער גלבוע האָט די באַשרייבונג פון זיינע „זיבן פעטע יאָר״ נישט אַוועקגעלייגט אויף אייז, נאָר ער האָט זיי נאָך מער אָנגעוואַרעמט און אויסגעוואַרעמט.

דאָס ווערק איז פול מיט מענטשן, מיט זייערע מעשים, מיט רייד און מיט זייערע שטימונגען, און איבער דעם אַלעם פינקלט דעם מחברס אומבאַשרייבלעכע איינזאַמקייט, דער געשפּיל פון זיינע באַמערקונגען צו זיך און מיט זיך אַליין. ס'איז דערפאַר אויך אַ ליריש בוך.

דער זשורנאַליסט אין גלבוען איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען און ער האָט אַריינגעפּרעסט אין זיין „לשמור לנצח״ אַ סך וויכטיקע אינפאָרמאַציע, אַרעס־טאַנטסקן פאָלקלאָר, זיטן, חלומות, און די בענקשאַפט אָפּט מאָל נישט נאָר פון מענטש צו מענטש, נאָר צום בילן פון אַ הונט, צום זשום פון אַ פליג.

ס'ווערט באַשריבן מיט דערשטוינונג די גיכע ברוטאַליזירונג פון מענטש. די אינטעליגענטן הייבן אָן באַלד נוצן דעם אינטעליגענטן מאַרך ווי אַזוי אויסצו־שווינדלען אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ טעלער זופּ, אויפן חשבון פון אַ חבר־אַרעסטאַנט. אַלע ווערן פוקסן און מען זוכט די קראָ מיטן קעז אין מויל, אָבער די קראָ אַליין איז שוין אויך כיטרע ווי אַ פוקס.

גלבוע דערציילט ווי עס איז אין יענער צייט פּאַראַפּראַזירט געוואָרן קרילאָווס

פּאַבל וועגן פוקס, וואָס חנפעט די קראָ, ווען די קראָ לאָזט זיך אָנצי׳ען און הייבט אָן זינגען, פאַלט איר אַרויס דאָס שטיקל קעז פון מויל. די פּאַבל איז אַנדערש פאַרענדיקט געוואָרן אין סטאַלינס צייטן. די קראָ נעמט אַרויס געלאָסן דאָס שטיקל קעז פון מויל, באַהאַלט עס צווישן די פעדערן און זאָגט: חבר פוקס, ס׳זענען היינט נישט קרילאָווס צייטן. ווילסט קעז, שטיי אין ריי.

ווערטלעך, כאַראַקטעריסטישע גלייכווערטלעך, שמועסן מיט געוועזענע אַרעס־טירטע קאָמוניסטן, וואָס הייבן אָן חלומען כאָטש פון קומען צו קבר ישראל, פּאָ־ליאַקן, וואָס בלאָזן זיך אָנטיסעמיטיש קעגן חברים יידישע אַרעסטאַנטן — אַ גאַנצע וועלט ווערט באַשריבן אין בוך „לשמור לנצח״. און אַלץ שניידט זיך איין אין זכרון אַ דאַנק דעם חנעוודיקן „יידישן״ טעם פון גלבועס העברעיִש.

פאַראַן איין גרייז, וואָס דאַרף פאַרריכט ווערן ביי אַ צווייטער אויפלאַגע. זלמן רייזען איז, ווי אַלע ווייסן, געווען אברהם רייזענס ברודער און נישט זיין זון. ס׳איז אַ ווונדער, אַז גלבוע זאָל מאַכן אַזאַ טעות. אָבער דאָס איז אַ קליינער פאַרזען אַנטקעגן דער אויטענטישקייט פון בוך.

ס׳לייכטן אַרויס פון בוך טייערע יידן, אין מיטן דער קאַטאָרזשנער אַרבעט אין צפונדיקן וואַלד, ווו מען האַקט ביימער און מען שניידט וועגן פאַר דעם אויסשטרעק פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. די אַלע אַרעסטאַנטן זענען דאָך נישט מער ווי געקידנעפּטע קנעכט. זייערע כלומרשטע פאַרברעכנס זענען אָן אויסרייד. אין מיטן דער קנעכטשאַפט דרייט זיך אַרום אַ ייד, אַ געוועזענער וואַלד־סוחר, וואָס האָט רחמנות אויף יעדן געפאַלענעם בוים און זאָגט, אַז ס׳איז רציחה; און אַ צווייטער ייד שטעלט זיך צום מזרח, אַנטקעגן דער אויפגייענדיקער זון, און האַקנדיק די ביימער בלייבט ער „סטראַטעגיש״ פאַרגליווערט אין שמונה־עשרה און איז מוציא מיט זיין תפילה די יידן, וואָס האָבן נישט זיין כוח.

אָבער גלבוע האָט פאַרט געהאַט אַ פאַרבאָרגענעם כוח. אין אַ שמועס מיט אַ יידישן אַרעסטאַנט, אַ געוועזענער קאָמוניסט, זאָגט אים דער קאָמוניסט, אַז ער איז געקומען, געזען און איז באַזיגט געוואָרן. ער האָט פאַרלוירן דעם אָנלען פאַרן לעבן, ער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ גרוב און נישט נאָר צעבראָכן די איברים, נאָר די נשמה.

אָבער ווי יענעם ייד, איז גלבוען בייגעשטאַנען, וואָס אויך ער איז ווי אַ סאָ־וויעטישער אַרעסטאַנט תמיד געשטאַנען „שמונה־עשרה״ — מיטן פּנים צום מזרח, ווו ער איז איצטער און קען עס אַלץ דערציילן — לנצח.

19.7.63

# די אויטאָנאָמע ליקווידאַציע

דער סאָוויעטישער יידישער דיכטער זעליק אַקסעלראָד האָט געהערט צו דער מינסקער גרופּע, וואָס האָט אין די צוואַנציקער און אין די דרייסיקער יאָרן געפירט אַ באַזונדערע ליטעראַרישע באַלעבאַטעשאַפט. איר אָנגעזעענסטער דיכטער איז געווען איזי כאַריק און מיט אַזאַ קרוין איז דער גרופּע געווען גרינגער צו פירן איר ליטעראַרישע אויטאָנאָמיע און צו גרויסן זיך אַנטקעגן די אַנדערע גרופּעס — די מאָסקווער און קיעווער. בפרט ווען די דאָזיקע ווייס־רוסלענדישע גרופּע האָט נאָך געהאַט אַ צאָל אַנדערע פּאָעטן און דער עיקר — קריטיקערס, וואָס האָבן אַנטוויקלט אַ שאַרפן און שמייסנדיקן פּראָלעטאַרישן נוסח אין דער קריטיק.

ווי מיר ווייסן האָט זיי דער דאָזיקער נוסח קנאַפּ געהאָלפן. אַרום 1938 איז אַראָפּגעשאָסן געוואָרן די קרוין — כאַריק, און די קריטיקערס זענען אויך ביסלעכווייז ליקווידירט געוואָרן, כאָטש זיי האָבן זיך געריסן אויף די העכסטע טענער צו פאָדערן די שטורעמדיקסטע רעוואָלוציאָנערישקייט און כסדר געזוכט באַהאַלטענע שפּורן פון קלײנבירגערלעכקייט. צו דער גרופּע האָט אויך אַ צייט געהערט קולבאַק, און ער איז אויך אומגעבראַכט געוואָרן, אָדער אויסגעגאַנגען אין אַ טורמע.

דער סוף פון דער מינסקער גרופּע איז געקומען אַ סך פריער, ווי סטאַלינס מאַסן־ליקווידאַציע פון יידישע וואָרט־קינסטלער, און דאָס אַליין איז אַ טראַגישער פאַקט, וואָס איז קיין מאָל נישט גענוג אויסגעפאָרשט געוואָרן. געווען אין דער גרופּע די הייסטע סאָוויעטיש־פּאַטריאָטישע שרייערס און דער ביטערער סוף איז געווען, אַז דערשאָסן זענען זיי געוואָרן פאַר טראָצקיזם און נאַציאָנאַליזם. ווי קומט עס וואָס אויף דער מינסקער גרופּע איז געקומען אַזאַ גיכער סוף, נאָך דעם ווי זי האָט אַ בלי געטאָן מיט זשורנאַלן, זאַמלביכער, באַזונדערע ביכער, יידישע שפּראַך־פאָרשונג, קריטיק, כרעסטאָמאַטיעס, וואָס זענען טאַקע ברייט באַנוצט געוואָרן אין יידישע שולעס און אַפילו יידישע אוניווערסיטעטן? אויב כאַריק האָט טאַקע באַצאָלט דעם פּרייז פאַר זיין באַאַמטנשאַפט אין דער ווייסרוסישער מלוכה־פירערשאַפט, זענען די אַנדערע באַזונדער ליקווידירט געוואָרן פאַר אייגענע „חטאים". בלייבט די קשיה, פאַר וואָס איז אויף דער מינסקער גרופּע פריער געפאַלן סטאַלינס מערדערלעכער בליק?

זעליק אַקסעלראָד איז געווען פון די אָנגעזעענסטע אין דער מינסקער גרופּע, מ'האָט אים געשטעלט דעם צווייטן אין דער ריי פון פּאָזיציע, נאָך

כאַריקן. פאַר קולבאַקן האָט מען געהאַט גרויס דרך־ארץ, אָבער מ׳האָט אים פּאַרט באַטראַכט פאַר אַ צוגעקומענעם, פאַר אַ שוין הויך־אַנטוויקלטן דיכטער וואָס איז געקומען אַ פּאַרטיקער פון ווילנע.

אַקסעלראָד איז געווען אַ ווייסרוסישע פּרי. אויסגעוואַקסן אין מינסק און דאָרט האָט ער געשטעלט זיינע ערשטע טריט. אים איז באַשערט געווען איבער־צולעבן זיינע חברים און אַפילו דערלעבן דאָס ערשטע יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער אויך ער האָט זיך נישט דערוואַרט אויף דער מאַסן־ליקווידאַציע פון 1952, אים האָט מען אומגעבראַכט סוף 1941, ווי מען דערציילט, איבער דער מסירה פון אַ „חבר״.

זעליק אַקסעלראָד האָט אָנגעהויבן שרייבן, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור פון אַ יאָר זיבעצן. ער האָט געהאַט אַ ביטערע יוגנט, און ס׳איז אַ וווּנדער, ווי ער האָט זיך דערקליבן צום יידישן וואָרט. אָבער שוין אין 1922 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ דין ביכעלע לידער — „צאַפּל״, פון דרייסיק זייטן. ער איז דע־מאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר.

אַקסעלראָד איז גיך באַקאַנט געוואָרן ווי דער שענסטער און ווייכסטער ליריקער פון דער גאַנצער גרופּע. כ׳האָב אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט ווייכסטער, ווייל ווי ס׳זאָגן נאָך עד היום עדות אַלע, וואָס האָבן אים געקענט, איז ער געווען אַ זיידענער און ווייכער מענטש, אַ טיף־יידישער, פול מיט וואַרעמקייט פאַר חברים. אין די ערשטע חדשים פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געפאָרן קיין ווילנע, קיין ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט און שטעטלעך און זיין מיסיע איז געווען אויפצומונטערן יידישע שרייבערס, אויפצוהאַלטן זייער מוט און גאַנץ האַלטן די צעזייט־און־צעשפּרייטע, דערשראָקענע שאַפונג־ווינקעלעך. זיין ענטוזיאַזם פאַרן יידישן וואָרט האָט אים טאַקע געקאָסט דאָס לעבן, ווייל אַ יידישער קאָמיסאַר האָט געהייסן שליסן די צייטונג „ווילנער עמעס״. אַקסעלראָד האָט זיך איינגעשטעלט און הויך פּראָטעסטירט, אַז ער וועט נישט לאָזן אומברענגען אַ יידישע צייטונג. צום קאָמיסאַר האָט ער געשריגן, אַז ווילנע איז נישט מינסק. ער איז גלייך נאָך דעם פאַרשוווּנדן געוואָרן און שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אים דערשאָסן. עמעצער וואָס זאָל האָבן צוגעזען די דורכפירונג פון „משפט״, האָט דערציילט, אַז ער איז אַפילו געשטאָרבן מיט אַ קורצן ווידוי, ווען די קויל האָט אים געטראָפן, האָט ער אויסגעשריגן: „מאַמע, אוי, רבונו־של־עולם!״

אָנגענומען, אַז זעליק אַקסעלראָד איז אומגעבראַכט געוואָרן פאַר נישט דערלאָזן דורכפירן אַ פּאַרטיי־באַשלוס — פּטור צו ווערן פון אַ יידישער צייטונג, מוז מען אָבער צוגעבן, אַז ער איז געווען אַ „געצייכנטער״, אַ צוגעגרייטער פאַר דער ליקווידאַציע, און אָט די געצייכנטקייט איז טאַקע די סיבה, פאַר וואָס ס׳איז ספּעציעל כדאַי צו שרייבן וועגן אַקסעלראָדן, ווייל דורך אים קען מען

פאַרשטיין, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן צווישן חברים־שרייבער, אין די דריי סאָוויעטישע צענטערס: מינסק, קיעוו, מאָסקווע און אפשר אויך אין פערטן — ביראָבידזשאַן. די טרייבערונג וואָס איז אָנגעגאַנגען אונטערן נאָמען פון קריטיק, איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַן איבערגענומענע פון די רוסישע און ווייסרוסישע ליטעראַרישע פּאַרטיי־טריבונעס, אָבער דער געגרילץ איז געווען נאָך מיט אַ שמיצל — אַ יידישער, וואָס איז נישט מיד געוואָרן צו זוכן צווישן זיך גופא פליי פון נאַציאָנאַליזם און קליינבירגערלעכקייט.

ס'האָט אָנגענומען די דימענסיע פון אַ פּסיכאָז, אַ משוגעת, וואָס האָט אונטערגעגראָבן כאַראַקטער און מיט כלומרשטער קריטיק געפירט מענטשן צו די טויערן פון דער עו־קאַ־ווע־דע. מיר קענען עס גאָרנישט באַגרייפן, אָבער מען מוז עס שטודירן און זיך דערגריבלען צו דער דאָזיקער „אויטאָנאָמער" אומברענגונג, וואָס האָט געהערשט אין די אַלע ליטעראַרישע צענטערס און די פיילן וואָס זענען געשאָסן געוואָרן אויך פון גרופּע צו גרופּע.

דאָס גרינגסטע ציל־ברעט איז געווען — זעליק אַקסעלראָד. ער איז געווען אַ טאַלאַנטירטער פּאָעט, וואָס האָט נישט געקענט שרייבן קיין פּאָליטישע ליניע־לידער. טאָמער האָט מען אים אָנגעשראָקן מיט קריטיק און אים פאַרדרייט דעם קאָפּ און געפּאָדערט ביי אים פּאָליטישע לידער, זענען זיי ביי אים אַרויסגע־קומען הילפלאָז און שלימזלדיק, ווי זיינע לידער אויפן טויט פון לונאַטשאַרסקי אָדער מאַיאַקאָווסקי.

אויף אים האָבן זיך אַלע קריטיקער פאַרלייגט. אין אים האָט מען געשאָסן אַלע גיפטיקע פיילן. מען האָט דווקא הנאה געהאַט פון זיינע לידער, אָבער מען האָט אויסגעפייניקט פון זיך די הנאה, ווייל מען האָט געהאַלטן אין איין געפינען ביי אים נישט־אויסגעלעבטע קליינבירגערלעכע מאָטיוון און מען האָט אים געביסן און געגעסן אומברחמנותדיק. אויף זיין פּאָעטישער באָרד האָבן זיך די קאָמוניסטישע יידישע קריטיקער געלערנט שערן. זיי האָבן ערשט אויסגעפיקט זייער צוגאַנג צו ליטעראַטור און זיי האָבן אים כסדר אויסגעברייטערט און אויסגעברייעט אויף אַקסעלראָדס פּלייצעס.

אָבער דווקא אין דעם בולטן אופן, ווי חברים־קריטיקער האָבן זיך אָנגעזעצט אויף דעם קרבן אַקסעלראָד, קען מען זען דאָס בילד פון דער סאָוויעטישער יידישער ליטעראַטור. די קריטיק איז געווען ממש אַ סכנות־נפשותדיקע — נישט נאָר די פּראָפעסיאָנעלע קריטיק, נאָר די צווישן־חברימדיקע — וואָס האָט דערפירט סוף־כל־סוף צו דער מאַסן־ליקווידאַציע, נאָך די באַזונדערע קלענערע אומברענגונגען פון יידישע שרייבער. אַלע, ממש אַלע קריטיקער פון אַקסעלראָדן, די רייסער און בייסער, די פאַרגעטערס פון קאָמוניסטישער אובאָפּלעקטער ריינ־קייט, זענען אומגעבראַכט געוואָרן, ווי פריִער געזאָגט, נאָך אַקסעלראָדן.

איך האָב צו אַקסעלראָדן נאָך אַ באַזונדער מיטגעפיל, ווייל אַ חוץ אַלע

אַנדערע חטאים האָט מען ביי אים געפונען אינזיכיזם. דאָס איז געווען אין 1932, נאָכן דערשיינען פון זיין גרויסער זאַמלונג „לידער", אין מינסק. דאָס בוך האָט געהאַלטן 132 זייטן און פון דאָרט האָט אַ קריטיקער זיינער אויסגעזוכט אינזיכיזם און אים דערמיט פאַרבונדן מיט דער אַמעריקאַנער גרופּע, וואָס איז אַנטשטאַנען מיט אַ צוועלף יאָר פריער. פון מאָסקווע האָט מען אין דער ערשטער צייט פון דער גרינדונג פון „אינזיך" געשריבן וואַרעמע ברידערלעכע בריוו, אָבער אין 1932 איז שוין דער אַמעריקאַנער אינזיכיזם — אויסגעלייגט מיט איין וואָרט, ווי מיר האָבן עס איינגעפירט — געווען די געפערלעכסטע זינד און איז אָפּט פאַרבונדן געוואָרן מיט קאָנטער־רעוואָלוציע, רחמנא ליצלן.

דער מינסקער קריטיקער י. בראָנשטיין האָט אין אַקסעלראָדס לידער געפונען „רעאַקציאָנערע אינזיכיסטישע שטילקייט" און „רעאַקציאָנערע אינטימקייט און אינזיכיזם". שטילקייט און אינטימקייט זענען ממילא געוואָרן די שאַרפסטע זינד, אָבער אַז זיי זענען נאָך געווען פאַרבונדן מיט אינזיכיזם איז אַוודאי געווען — הימל עפן זיך. דער זעלביקער בראָנשטיין, וואָס האָט באַשולדיקט אַקסעלראָדן אין אינזיכיזם, אין 1932, איז מיט פינף יאָר שפּעטער ליקווידירט געוואָרן.

אין „איקוף"־פאַרלאַג איז מיט אַ צייט צוריק דערשינען אַ קליינע זאַמלונג פון אַקסעלראָדס לידער, מיט אַ לענגערן אַריינפיר, אַ שטודיע פון נחמן מייזיל. די זאַמלונג לידער האַלט אַן ערך פערציק זייטן און איז גענוג צו געבן אַ באַגריף פון דעם דיכטערס וועג, פון די אָנהייב צוואַנציקער ביז 1940, ערב זיין טראַגישן טויט, וואָס האָט אין יענער צייט אויפגערודערט די יידישע אינטעליגענץ אין ביאַליסטאָק און אין ווילנע און אומעטום ווו מען האָט זיך נאָענט באַקענט מיט דעם וואַרעמען יידישן מענטש און פּאָעט.

מייזילס אַריינפיר איז וויכטיק דערפאַר, ווייל ער גיט איבער די קריטישע „אָפּעראַציעס", וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויף אַקסעלראָדן, כלומרשט אין נאָמען פון קאָמוניזם. נחמן מייזיל ווייזט אָן אויף דעם אומגערעכטן צוגאַנג, אָבער ער גראָבט נישט טיפער און ער ברענגט נישט אַרויס דעם גרויסן בראָך, וואָס די דאָזיקע פּאָליטישע קריטיק האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, די צעשטערונג פון מענטשלעכע און חברשע באַציונגען, וואָס האָבן דירעקט געפירט צו סטאַלינס האַק.

די סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור האָט געלעבט אַ 30 יאָר — פון 1917 ביז 1948. דער ערשטער קריטיקער, וואָס האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אַקסעלראָדן, מיט כלומרשטער ליבשאַפט, אָבער מיט סכנותדיקער קריטיק, איז געווען ב. אָרשאַנסקי. ער האָט דערטאַפּט ירידה־שטימונגען און אַ נישט־באַגרייפן די רעוואָלוציע ביים יונגן פּאָעט. וואָס האָט באַטייט רעוואָלוציע פאַר

אַזאַ קריטיקער ווי אָרשאַנסקי — די רעוואָלוציע ווייס נישט, האָט ער פאַרטייטשט, פון באַלעבעסלדיקן רחמנות. אירע געזעצן זענען טיף און וווּנדערלעך.

אָבער נאָך שאַרפער איז געווען דער יידישער ווייסרוסלענדישער קריטיקער ב. דוניעץ. ער האָט געשוּנדן די הויט פון „דעקלאַסירטן יידישן קליינבירגערטום". דוניעץ איז נאָך ליקווידירט געוואָרן אין 1935. ער האָט שוין דעמאָלט דערשפירט די „טיפקייט און וווּנדערלעכקייט" פון די רעוואָלוציאָנערע געזעצן.

נאָך אַ קריטיקער, דאַמעסעק, זעט אין אַקסעלראָדן אַ ביסל אַ „געבראָ־כענע שטים" און אַ „רעשטל פון אינדיווידואַליסטישער אינערציע". ער לויבט דעם פּאָעט און כאַפּט גלייך צוריק. דער דאָזיקער קריטיקער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זיינע שאַרפע פּאָליטיש־פאַרניכטנדיקע אַטאַקעס אויף דעם חבר־קריטיקער דוניעץ, אָבער אויך אים האָט זיין פּאָליטישער פּאַספּאָרט נישט געהאָלפן. ער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין די ליקווידאַציעס פון דער מינסקער גרופּע, אין סוף פון די דרייסיקער יאָרן.

דער אָנפירער פון דער מאָסקווער יידישער קריטיק, י. דאָברושין, האָט אויך צוגעלייגט אַ האַנט צו אַקסעלראָדס הדרכה. דאָברושין האָט געריסן „קליינבירגערלעכע" פּאַסן פון דעם פּאָעט ש. האַלקין, וואָס האָט נישט אויפגעגעבן „די גייסטיקע קולטור־ווערטן" פון קליינבירגערלעכקייט. ער ווענדעט אָן די זעלביקע מאָס אויף אַקסעלראָדן, וואָס האָט אין אָנהויב — „געמאַכט אַ צוריקטריט פון דער רעוואָלוציע" און זיך פאַררוקט אין „יידישע איבערלע־בונגען". ער קריטיקירט אויך אַקסעלראָדס „שטומקייט און שווייגן" — שווייגן האָט מען אויך נישט געטאָרט אין סטאַלינס צייטן. ביי דאָברושינען איז אַקסעלראָדס ליד פאַרבונדן מיט ווילנלאָזיקייט, הילפלאָזיקייט און פירט צו „אומגלויבן" — לייען באָלשעוויסטישער אומגלויבן. דאָברושין איז פאַר זיין אייגענעם גלויבן באַלוינט געוואָרן מיט טויט אין אַ סאָוויעטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אויב די סאָוויעטישע יידישע קריטיק האָט גענוצט אַקסעלראָדן ווי איבונג פון זייער קריטישער דיאַלעקטיק, קען מען אַקסעלראָדס לידער און דעם אופן, ווי מ'האָט אים באַהאַנדלט נוצן, ווי אַן אַלגעמיינעם משל פאַר די שפּורן פון צווישן־חברלעכער ליקווידאַציע, וואָס האָט געהערשט אין אַלע יידישע ליטע־ראַרישע צענטערן, נאָך איידער די פולע מאַסן־ליקווידאַציע איז געקומען. דווקא די קליינע זאַמלונג לידער, וואָס דער „איקוף" האָט אַרויסגעגעבן איז אַן אָנהויב פון אַזאַ שטודיע.

אין 1940 האָט אַקסעלראָד געשריבן —

נאָר כ'ווייס געוויס אַז היינטיקס יאָר
וועט אַריבערשפּרייזן טיף אין ווייטע צייטן,

און אויסדריקן אים ווי אַ דיכטער קלאָר
ווייס איך אויך וואָס דאָס וואָלט איצט באַטייטן.

אין 1940 איז דאָס געווען נבואה און אין דער זעלביקער צייט אַ שלאָס אויפֿן אייגענעם מויל. דאָס ליד ענדיקט זיך מיט אַ טיפֿן אָנזאָג אויף בעסערע צייטן —

אָבער אויסדריקן אים קלאָר איצט קען איך ניט —
טרעפֿט אַ מאָל, עס פֿאַלט פֿון הימל ניט קיין רעגן,
נאָר טיף, אין זיך האָב איך געוויס פֿאַרהיט,
דאָס מאָרגנדיקע ליד פֿאַר אייערטוועגן.

אַקסעלראָד האָט זיך אַפֿילו אין 1940 נישט אויסגעהיט, ווי מיר זעען, פֿון דעם „אין זיך", אָבער יענע אַמאָליקע קריטיקער זיינע זענען שוין לאַנג געווען אויף יענער וועלט. דאָס „מאָרגנדיקע ליד" איז באַשערט געווען אָפּצוגיין מיטן בלוט פֿון מיליאָנען יידישע קדושים און צענדליקער מיליאָנען היטלער־קרבנות אויף דער גאַנצער וועלט.

26.1.63

# א יידישער דענקמאָל

דער יידישער קולטור־פאַרבאַנד, וואָס איז בעסער באַקאַנט מיט די ראשי־תיבות — „איקוף", האָט סוף 1962 אַרויסגעגעבן אַ קליינע זאַמלונג פון יעווגעני יעווטושענקאָס לידער, איבערגעזעצט אויף יידיש, און מיט עטלעכע אַרטיקלען, צווישן זיי אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג פון נחמן מייזיל מיט ביאָגראַפישע פּרטים און אַן אָפּשאַצונג פון יעווטושענקאָס שטורמישן טאַלאַנט. דער יונגער פּאָעט, וואָס האָט אַזוי הייס געשטראָפט זיין לאַנד, פאַר נישט שטעלן אַ דענקמאָל די יידישע קדושים אין באַבי־יאַר, האָט זיך פאַרדינט אַ יידישן דענקמאָל ביים לעבן. דער „איקוף" וואָלט אפשר, מחמת פאַרשידענע טעמים, נישט אַרויסגע־געבן די זאַמלונג איצטער. איז דערפאַר גוט וואָס דער איקוף־פאַרלאַג איז נישט געפּרוווט געוואָרן מיט אַזאַ נסיון און דאָס קליינע ביכעלע איז דערשינען ווי אַ דבר בעתו.

איך מוז צוגעבן, אַז איך האָב נישט אויף צו טראַכטן פון יעווטושענקאָס גורל. אין משך פון צוויי יאָר האָט דער יונגער פּאָעט געקלעטערט העכער און העכער, ביז ער האָט דערגרייכט דעם העכסטן רום מיט אַ ליד, וואָס האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט צו די אומבאַצייכנטע קדושים פון דעם יידישן מאַסן־קבר אין באַבי יאַר, צו דער אָפּגעמעקטקייט, וואָס אַ גרויס לאַנד האָט זיי פאַרמשפּט. ווען יעווטושענקאָס ליד וואָלט באַשטאַנען בלויז פון שטאַרקע, דערגרייכטע אויסגעשרייען, וואָלט עס שוין אויך זיך פאַרדינט אַ חשוב אָרט אין דער געשיכטע פון אַקטיוויזירטן וואָרט. אָבער יעווטושענקאָס „באַבי יאַר" איז אַ סך מער ווי בלויז צעווייטיקטע געשרייען. דאָס ליד איז דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַן אוניווערסאַלן פּראָטעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם, ווייל עס פאַרמאָגט אויך פּאָעטישע מעלות. אמת, די גרעסטע מעלה איז די פלאַמיקע אויפריכטיקייט, דורך דער מוזיק פון די צוזאַמענגעשטעלטע זאַצן וואָס בריען, ווייל זיי האָבן געכאַפּט דעם טאָן פון דער קאָנצענטרירטער פובליציסטיק פון אונדזער דור.

ער האָט מסתמא געוווסט, אַז ס'וועלן אַרויסשפּרינגען פון לאָקערנדיקע לעכער געגוג שונאים, אָבער אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט זיך אויך אָנצושפּאַרן אויף ברייטע פּלייצעס פון פריינד. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די שונאים זיינע האָבן גאָר געוווּנען פאַר זיך די ברייטע פּלייצעס און די שמעלערע האָבן דערשראָקן פאַרטיידיקט זיין יוגנטלעכע אומפאָרזיכטיקייט און זיין „פּאָליטישע אומרייפקייט", וואָס האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוברענגען אין דער עפנטלעכקייט דעם סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז

דער אַנטיסעמיטיזם נאָך נישט טויט. אָט דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס צווינגט נאָך אַזאַ „קאָסמאָפּאָליט", ווי ערענבורגן, זיך עפנטלעך צו רעכענען פאַר אַ ייד, ווי ער האָט פאָרמולירט זיין יידישע אָנגעהעריקייט.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד קאָן איצטער דער קינסטלער פאָרט ענטפערן, אויב נישט מיט אַ פול מויל, אַז מען גרייפט אים אָן. אַזאַ עלטערער פּאָעט ווי אַל. טוואַרדאָווסקי, וואָס איז שוין געווויינט צו די פיינפולע זיגזאַגן אין זיין לאַנד, האָט געקענט עפענען דאָס מויל, ווען כרושטשאָוו האָט געבייטשט די מערבדיק־באַאיינפלוסטע קונסט.

אויב יעווטושענקאָ איז באַגאַנגען אַ חטא פון אַן אומדערפאַרענעם יונגן דיכטער, איז עס געווען זיין טריומפאַלע רייזע איבער אייראָפּע — פּאַריז און לאָנדאָן — ווו ער האָט זיך געלאָזט שטאַרק אויסנוצן לשם סענסאַציע. ער האָט, מעשה יונגער דערפאָלגרייכער מחבר, גענומען צו־עפנטלעך שניידן קונצן פון זיין איבעראַשנדיקער באַרימטהייט. דאָס האָט דעם פּאָעט געמאַכט פאַר אַ „סטאַר" און — ערגער פון אַלץ — ס'האָט געצויגן צו פיל אויפמערקזאַמקייט צו דער דאַזיקער פּאָזע אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, צווישן זיינע שונאים, וואָס האָבן געוואַרט אויף אים, גרייט אָנצופאַלן ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט. אין אַ געוויסן זין האָט ער דאָך זיך פאַרגונען צו טאָן וואָס דער מחבר פון „זשיוואַגאָ" האָט נישט געטאָן. ער איז יאָ אַרויסגעפאָרן אויפמאָנען זיין באַרימטהייט־פּרעמיע און פאַראַדירן זיין מוט. גראָד נאָך זיין „באַבי יאַר" האָט ער געמעגט אָפּוואַרטן מיט פערזענלעך „איינקאַסירן" זיין באַרימטהייט. איך זאָג נישט, אַז ער איז דערמיט באַגאַנגען אַן עוולה. ער איז אָבער באַגאַנגען אַ נאַרישקייט. ער האָט איבערגעשאַצט די מאָס פרייהייט, וואָס ער האָט געמיינט, אַז זי איז שוין אויף זיין חלק אויסגעפאַלן.

די זאַמלונג „יעווגעני יעווטושענקאָ", וואָס דער איקוף־פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן העלפט אויפצוקלערן די פערזענלעכקייט פון דעם יונגן דיכטער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן זיין ערשטע זאַמלונג לידער, ווען ער איז קוים אַלט געוועןניינצן יאָר. נחמן מייזלס אָפּהאַנדלונג איז אַ ביז גאָר געלונגענע, סיי ווי אַ ביאָגראַפישער שליסל, סיי ווי אַ גוטע אָפּשאַצונג פון דעם פּאָעטס גאַנג און קלעטער. „באַבי יאַר" איז נישט געקומען אומגעריכט, ווייל יעווטושענקאָ האָט די גאַנצע צייט געגעבן סיגנאַלן אין זיינע לידער, אַז מ'וועט פון אים האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

ווען זיין „באַבי יאַר" איז דערשינען אין דער מאָסקווער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ", איז ער אַלט געווען 28 יאָר. ער האָט אָבער נאָך פריער אַרויסגעגעבן עטלעכע לידער־ביכער. איינס פון זיי, וואָס איז דערשינען אין 1959, אונטערן נאָמען — „לידער פון פאַרשידענע צייטן" איז אַ היפּש בוך פון 240 זייטן.

יעווטושענקאָ איז תמיד געווען אַ קריטיקער פון די נאָכבאַמקערס, אַראָפּ־

שלינגערס און חונפים אין דער ליטעראַטור, ווי אין לעבן. ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט זיין קיין „פּאָעטישער" פּאָעט, נאָר אַ פּאָעט מיט ציינער און מיט אַ פול מויל, וואָס וויל נישט זיס איינשלעפערן, נאָר פאַרקערט — וועקן. ער האָט דורכגעמאַכט די דייטשישע אָקופּאַציע, וואָס האָט אויף דעם פיינפילנדיקן פּאָעט איבערגעלאָזט אַ דויערנדיקן רושם. נאָך פאַר דער דעסטאַליניזאַציע האָט ער געוווּסט, אַז „עפּעס איז פויל" און ער האָט זיך געגרייט פאַר זיין ראָלע פון אַ שטראָפער און דעה־זאָגער מיטן קינסטלערישן וואָרט. ער רופט־אויס אין זיינס אַ ליד — „ווינטשט מיר זיין מוטיק, דרייסט, בענטשט מיך צו גיין אין קאַמף! נעמט מיך מיט, ווען איר גרייפט אָן. איך וועל זיין דער טרומייטער, איך וועל שאַלן".

אויב מען וויל קרי׳טיקירן זיינע לידער, גראָד דערפאַר, ווייל זיי זענען שאַלנדיקע און טרומייטערדיקע, דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז עס איז אידענטיש מיט זיין פערזענלעכקייט און אַז דער מוט זיינער קומט צום אויסדרוק אַ דאַנק פּאָעטישע מיטלען — דאָס ריכטיקע, בילדלעכע וואָרט און די שורהדיקע און צווישנשורהדיקע מוזיק, וואָס שאַלט־אויס זיין זינג־זאָגעוודיק וואָרט, די באַלאַנ־סירטע עברי פון זיין ליד.

נאָך זיין ליד „באַבי יאַר" האָט דער פּאָעט געפונען פאַר נויטיק צו ברענגען אַ דיכטערישן „פּאָסט־סקריפּטום", אַז ס׳איז די חרפּה פון אונדזער צייט „ווען פּשוטע ערלעכקייט האָט מען פאַר דרייסטקייט באַטראַכט". אָנגעהויבן האָט ער מיט דרייסטקייט, נאָך איידער סטאַלינס מומיע איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון מאַווזאָליי. איצטער, אין זיין איינזאַמקייט, באַגרייפט ער ערשט, אַז דרייסטקייט איז פאָרט אַ מעלה, וואָס מען מעג באַוווּנדערן, ווייל מען צאָלט דערפאַר מיט יסורים און מיט אַ געצוווּנגענעם אינקוויזיטאָרישן על־חטא. אָבער גראָד צוליב דער אַרויפגעצוווּנגענער שטומקייט און דעם נאָכגעפּרעפּלטן על־חטא, איז די יידישע זאַמלונג אַ ווירדיקע דערמאָנונג, אַז יעווטושענקאָ האָט אַ מאָל אין 1957 געזונגען, אַז רוסלאַנד האָט אים געלערנט — „צו פאַרטיידיקן דעם אמת און געבן אין פּיסק אַריין דעם ליגנער".

יעווטושענקאָ האָט אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אין לאַנד פון געצוווּנגענעם מאַסן־אָפּטימיזם, גערופן דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — „נישט קיין פאָטער, נאָר אַ שטיף־פאָטער", אַ „מערדער", „אַ באַגרעבער פון אייגענע אידייען" און אַ יאָרהונדערט פון „יונגע בייזע מענטשן", די אומגליקלעכע אויספאָלגער פון די עלטערע בייזע מענטשן.

אין דער זאַמלונג שרייבט יוסף קערלער פון מאָסקווע וועגן זיין באַקאַנט־שאַפט מיט דעם דרייצן־יאָריקן זשעניאַ (יעווגעני), וואָס האָט שוין אַזוי פרי אָנגעהויבן שרייבן לידער. שוין דעמאָלט פלעגט זיך אין זיינע לידער „דורכרייסן אַ געוואַגט בילד, אַ נאָך נישט געהערטער גראַם, אַ ווונדערלעכע אַליטעראַציע".

דער דיכטער דוד ספאַרד פון וואַרשע שרייבט וועגן ליד „באַבי יאַר" און ער זאָגט זייער ריכטיק, „אַז בלויז אַזאַ ליד גייט אַריבער פון דור צו דור, ווי אַ שטענדיקע באַשולדיקונג, ווי אַ שטענדיקע מאָנונג, ווי אַ שטענדיקער גנאָד".

דער עיקר אָבער זענען אין דער איקוף־זאַמלונג די איבערגעזעצטע לידער. מ. ליטווין פון פּאַריז האָט אויסגעצייכנט איבערגעזעצט גוט־אויסגעקליבענע עלף לידער. ער האָט זיי אין יידיש געגעבן דעם כאַראַקטעריסטיש־רוסישן דעקלאַמאַטאָרישן טעם, וואָס ציט יניקה פון בלאָקן דורך מאַיאַקאָווסקין און גייט אפשר צוריק אַזש ביז אַפּאָלאָן ניקאָלאַיעוויטש מאַיקאָוון, וואָס איז געשטאָרבן אין 1897 און איז געווען דעם גרויסן רוסישן פּאָעט פעטס אַ חבר.

דאָס ערשטע ליד איז אַ מאָדערנע מלחמה־באַלאַדע —

דורך ווינטער־וועגן מייליקע,
דורך בייזן ווינט און שניי
אויף חתונה אַן אייליקער
אין צווייטן דאָרף איך גיי.

דאָס צווייטע ליד „באַבע" איז אַן אויטאָביאָגראַפיש רמז. יעווטושענקאָס באָבע —

פאַר אַלדאָס שלעכטס אויף וועלט אַחריות
פלעגט זי שפּירן.

דאָס דריטע ליד ווייזט ווי דער יונגער פּאָעט גרייט זיך פאַר זיין ראָלע פון אַ פּאָעטישן מוכיח, אפשר פאַר זיין „באַבי יאַר" —

געדענקסט ווי מען האָט ערשט פאַרטריבן
פון אַרבעט אַן ערלעכן מאַן?
דו האָסט עס געזען — און געשוויגן,
ווי מ׳האָט דאָרט אַ בלבול באַנוצט,
געמאַכט פון דעם אמת אַ ליגן
און ליגן אין אמת פאַרפּוצט.
זיך אָננעמען? אָ, צו געפערלעך...

פאַראַן אַ צייט און אַן אָרט, ווען אַזעלכע רייד זענען די נוצלעכסטע „פּאָעזיע".

אַ פרעכטיק ליד איז די באַלאַדע פון אַ מאַטעמאַטיק־פּראָפעסאָר, וואָס גייט אַראָפּ פון זינען.

אָט איז ער ווי דיביימער וויס געוואָרן,
ווי אָט־די וויסע ביימער

ווייס געוואָרן,
אַז נאָך אַ טריט —
אין גאַנצן ווייס געוואָרן,
מען קאָן אים מער נישט זען צווישן זיי.

צווישן די אַנדערע איבערגעזעצטע לידער געפינט מען אַ סך זאָגנדיקע און צוזאָגנדיקע שורות און דער עיקר צוגרייטנדיקע פאַר דער כלומרשטער אומגעריכטקייט פון יעווטושענקאָס „באבי יאַר", וואָס ער און בלויז ער אַליין איז געווען מוכן אויסצוזינגען.

יעווטושענקאָ האָט געפירט גאַנצע דיאַלאָגן מיט דער רעוואָלוציע, וואָס האָט אים פאַרזאָגט נישט צו בעטן קיין גרייטן כלי־זיין, נאָר אַז ער זאָל זיך דעם כלי־זיין אַליין פאַרשאַפן. ער האָט אויך געזונגען שפּילעוודיקע ליבע־לידער. אַזאַ ליד איז — „זייגערס". צווישן די פיר לידער, וואָס דער ניו־יאָרקער דיכטער בער גרין האָט איבערגעזעצט זענען פאַראַן צוויי ליבע־לידער. אַפילו דאָס צוגעשניטענע קובאַניש־רעוואָלוציאָנערע ליד „די מלכה־שיינהייט", וואָס מאיר כאַראַץ האָט זייער גוט איבערגעזעצט, פינקלט מיט שפּילעוודיקייט.

די קליינע זאַמלונג האָט צום סוף אָרט פאַר „באַבי יאַר" אין רוסישן אָריגינאַל און דריי יידישע איבערזעצונגען. פון די דריי איבערזעצונגען איז בער גרינס די געטרייסטע צום אָריגינאַל. „באַבי יאַר" האָבן איבערגעזעצט נאָך דריי אַנדערע יידישע פּאָעטן — יוסף רובינשטיין, נחום יוד און ל. פיינבערג, און עס וואָלט נישט געווען קיין עוולה, אַז אויס אָנערקענונג צום פּאָעט יעווגעני יעווטושענקאָ וואָלטן די דאָזיקע דריי איבערזעצונגען אויך איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער קליינער יידישער לאַבאָראַטאָריע פון דעם וועלט־באַרימטן ליד. די זאַמלונג גיט אונדז אויך אַ העברעאישע איבערזעצונג פון „באַבי יאַר" פון שלמה אבן שושן און אַן ענגלישע ווערסיע פון מאַקס העיוואַרד.

דער אינטערעסאַנטער לידער־אָפּקלייב פאַרענדיקט זיך זייער טרעפלעך מיט דעם „אַ שמועס" (איבערגעזעצט פון משה שקליאַר), וואָס שליסט זיך מיט די פריער־ציטירטע שורות —

די זייער מאָדנע צייטן,
ווען פּשוטע ערלעכקייט
האָט מען פאַר דרייסטקייט באַטראַכט.

דער טרומייטערדיקער שאַל „באַבי יאַר" איז געווען מער ווי דרייסטקייט — דער אויסגעשריי פון דעם צוקונפטיקן באַפרייטן קינסטלער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

21.6.63

# יונג־פאַרשניטענע סאָוויעטיש־יידישע פּאָעטן

די יידישע ליטעראַטור אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד האָט געהאַט קאַלאָסאַלע בלי־מעגלעכקייטן, אָבער עטלעכע מאָל איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער גאַנג פון איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג. צוזאַמען מיט דער יידישער ליטעראַטור איז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אויפגעגאַנגען דאָס געזאַנג פון יידישן לשון, וואָס האָט אין רוסלאַנד אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע לויטערקייט, אָפּגעזען פון דער טעמאַטיק, וואָס איז געווינלעך געווען צוגעשמידט צו די פּאַרטיי־זיגזאַגן. ס׳איז צו באַוווּנדערן, וואָס אַ צאָל סאָוויעטישע פּאָעטן האָבן אויפגעטאָן מיטן כוח פון יידישן לשון און מיט אייגענע כוחות, כאָטש זיי זענען געווען אָפּגעריסן פון אַלגעמיינעם שטראָם פון דער יידישער ליטעראַטור.

מען מעג אין זינען האָבן, אַז דער סאָוויעטישער יידישער שרייבער, און אין דער ערשטער ריי, דער פּאָעט, איז געווען באַרויבט פון עכטער יידישער טעמאַטיק און פון דער באַגלייט־טראַגיק פון יידישער שעפערישקייט, וואָס איז פאַר זיך אַליין עלול צו דערהויבן דאָס יידישע וואָרט. דער סאָוויעטישער יידישער פּאָעט האָט זיך געמוזט אַ דערשראָקענער אָפּזאָגן פון די דאָזיקע מאָטיוון. ער האָט גע־מוזט אַרויסשלאָגן בלויז פרייד און האָפערדיקייט, און אויסמיידן יעטוועדע פאַר־בינדונג מיט כלל־ישראלדיקער פּראָבלעמאַטיק — שעפערישע און געשעענדיקע.

פון דעסטוועגן האָבן סאָוויעטישע פּאָעטן צעזונגען דאָס יידישע וואָרט און אַריינגעבלאָזן אין דער יידישער פּאָעטישער שורה אַזוי פיל וואַרעמקייט, אַז ס׳איז צום שטוינען, וואָס זיי האָבן דאָרטן אויפגעטאָן מיט לכתחילהדיקע צוימען.

ס׳איז נתפעל צו ווערן, ווען מען דערזעט באַשיינפּערלעך די ליכטלעך, וואָס די סאָוויעטישע יידישע פּאָעטן האָבן אָנגעצונדן אויף צו באַלייכטן זייערע רייד, אין אַ לאַנד ווו די אַסימילאַציע איז נישט נאָר דערמוטיקט געוואָרן נאָר ממש אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן. ס׳איז נאָך מער צו באַוווּנדערן, וואָס אַ צאָל יינגערע סאָוויעטישע יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן באַקומען העכערע בילדונג, זענען נישט פאַרטריבן געוואָרן פון יידישן וואָרט. פאַרקערט, ס׳האָט זיי נאָך נענטער און געשולטער געהאַלטן „אין ניגון איינגעהערט" (אַנטלייענדיק דעם נאָמען פון ישראל עמיאָטס אַ באַנד לידער), טיף איינגעהערט אין ניגון פון יידישן לשון, דורך אַנטפּלעקן און אויסגראָבן זיינע אַלע וווּנדער.

ס׳ליגט פאַר מיר דער נייסטער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד", דער „מיי־יון", נומער דריי, און ס׳זענען אין דעם איינציקן נומער אויך פאַראַן אַ סך דערפרייענדיקע אוצרות. דער קריטיקער נחום אויסלענדער, וואָס איז נישט

לאַנג צוריק געשטאָרבן, האָט פאַר זיין טויט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט אַ צאָל יונגע יידישע פּאָעטן, וואָס זענען אויפגעקומען ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה און וואָס זענען געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. די מייסטע געפאַלענע פּאָעטן, וועמענס דיכטערישע קאַריערעס זענען יונג פאַרשניטן געוואָרן, וואָלטן ביים היינטיקן טאָג קוים אַלט געווען אין די ערשטע פערציקער. ווען זיי האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט, זענען זיי געווען יונגעלייט אין די צוואַנציקער, אָבער די טריט זייערע זענען געווען גאַנץ פעסטע און זיכערע און אַ צוזאָגנדיקע פרייד פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, דער עיקר וואָס שייך דער צעבליט־קייט פון יידישן לשון.

כ׳וועל זיך מוזן באַגנוגענען מיט עטלעכע געציילטע ביישפּילן פון די יונגע געפאַלענע פּאָעטן. וועלוול רעדקאָ האָט געענדיקט דעם מאָסקווער פּעדאַ־גאָגישן לענין־אינסטיטוט. זיין ליד „ס׳וועט זיין אַ שטורעם״, זאָגט אָן מיט אַ קרעפטיק טריומפאַל לשון די אַנטשיידנדיקע שלאַכטן. זיין ליד האָט ער געשריבן, ווען ער איז קוים אַלט געווען 23 יאָר, איידער ער איז אַוועק פון קיעוו אין שלאַכט קעגן היטלערס אַרמייען. ער האָט געוויזן אַ רייכע און אָריגינעלע בילדערישקייט —

מיר דאַכט, אַז שאַרפער פּאַקלט היינט זיין בליק.

שמואל אייזנוואַרג איז געווען אַ פלאָטן־אָפיציר. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1920 און אומגעקומען אין 1943. אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ ווערט פאַרע־פנטלעכט אַ סעריע לידער זיינע — „אַזוי קומט אָן די שעה פון אומרו״. אויך ער קומט צום יידישן ליד פון אוניווערסיטעט. אייזנוואַרג האָט זיך געשניטן אויף אַ פּאָעט פון אַ גאָר הויכער מדרגה. ער אַליין איז געווען ווי ער זינגט — „אַ יונגער טיגער אין געפענג״. די לידער האָט ער געשריבן ווען ער איז קוים אַלט געווען צוואַנציק יאָר.

מיין וואָרט — אַ זומער־פויגל פלאַטערט,  
צו העלער שיין פון טיף עס שטייגט.  
איך בענטש די טייערע מינוטן,  
ווען כ׳ווער פון שאַפונג־פלאַם צעגליט,  
ווען ס׳גיסט זיך אויס דאָס ריינע בלוט מיינס  
אין צאַרטע קלאַנגען פון אַ ליד.

שמעון לעלטשוק איז אויך קוים אַלט געווען 23 יאָר, ווען ער איז אַוועק אין דער מלחמה קעגן די דייטשן און נישט צוריקגעקומען. ער האָט געענדיקט

דעם ליטעראַרישן פֿאַקולטעט פֿון ווייסרוסישן מלוכה־אוניווערסיטעט. די הויכע בילדונג האָט אים נישט אָפּגעפֿרעמדט פֿון יידישן וואָרט. און אין דער קליינער געדענק־זאַמלונג פֿון אין שלאַכט־געפֿאַלענע יידישע פּאָעטן איז ער פֿאַרטראָטן מיט אַ ליבטיק ליד, וואָס הייסט — „די ליד וועגן בושעל".

ער שפּיגלט זיך דאָ אין אַ שטיל, אין אַ שטייענדיק וואַסערל,
און ס'דאַכט אַז ער דרימלט שוין איין,
אויפֿן שטילן און וואַרעמען וואַסערל.
דער רויט־אָנגעצונדענער הימל אויף מערב
אַלץ בלאַסער ווערט,
און לייגט זיך מיט מיזרחשן פֿליגל
גאָר טונקל אין זומפּ.
דאַן טוט זיך אַ פֿרעשל אין וואַסער אַ טונק,
טראָגט עס דער בושל
אין שנאָבל אין לאַנגן
צו זיך אויף דער קלאָרער בעריאָזע.

צוויי יונגע פּאָעטן פֿון בירא־בידזשאַן, וואָס וואָלטן נאָך אַפֿילו איצטער קיין פֿופֿציק יאָר נישט אַלט געווען — הענעך קויפֿמאַן און אַרל האָפּשטיין — זענען פֿאַרטראָטן יעדער מיט אַן איינציק ליד. הענעך קויפֿמאַן זינגט וועגן דער טייגע, וועגן די פֿאַרכישופֿטעביימער און „פֿאַרשלעפֿערטע ווינטן"; אַרל האָפּשטיין זוכט דעם ניגון — „פֿון זוניקע פֿידלען מיט זויבערע סטרונעס" און אַ „פֿריילעך צעשליידערטער יוגנט".

אין זעלביקן נומער „סאָוועטיש הײמלאַנד" געפֿינען מיר אויך לידער פֿון עלטערע לעבן־געבליבענע פּאָעטן, וואָס זענען אויך ערשט אין די יונגע פֿופֿציקער. חיים מאַלטינסקיס לידער־סעריע — „מיין פֿריילעך געמיט" איז פֿול מיט פּאָעטישע חידושים. מאַלטינסקי איז אַן אויסגעוואַקסענער רייפֿער פּאָעט און אין זיינע לידער שפּיגלט זיך דער גאַנג פֿון דער יידישער פּאָעזיע. ער זינגט פֿון זיינע דורכלעבענישן אויפֿן שלאַכטפֿעלד און פֿון אַ שווערער פֿאַרקריפּלונג, אָבער די שורות זענען פֿול מיט פֿריידיקער ליבשאַפֿט צו ווייב און קינד און צום יידישן וואָרט „באַהנט און מיט כלערליי פּיטשעווקעס און ווי אַ טריסקאַווקע פֿון בייט". ער פֿאַרמאָגט הומאָר און אַ דערגרייכטע שפּילעוודיקייט.

געהאָגלט האָט אויף מיר מיט שפּליטערס און מיט פֿלאַם,
און גלייבט מיר אַז איך וויים געוויס פֿון טויט דעם טעם.
נאָר ניט פֿאַרלירן כ'פֿלעג מיין פֿריילעכן געמיט.

און דאָך קיין גרויסער העלד און גיבור בין איך ניט.
אָט האָב איך דאָך עד היום מורא פֿאַר אַ בין
און פֿאַר דער פֿריטקער יאַשטשערקע און שפּין.
איך שרעק זיך אויף, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַר אַ מויז.
און כ׳זאָג אייך שוין דעם גאַנצן אמת אויס.
אַז קעגן גרינעם גלאַנץ פֿון קאַצנבליק,
איך טרעט מיט חשד, מטושטש אָפּ צוריק.

און אָט איז אַ פֿול אויסגעשפּילט ליד, כאָטש אַ ביסל אַלבום־מעסיק.

ווען כ׳פֿאַל אַריין אין חן־גריבעלעך דיינע,
איז ווער וואָלט מיך פֿון דאָרט אַרויסגעצויגן?
אַז אָט־אָט דיינע ליפּן זענען,
און אָט־אָט דיינע אויגן.
אַ בער איז גרינגער פֿון דער נאָרע צו פֿאַרטרייבן,
כ׳וואָלט דאָרט שוין אין די גריבעלעך פֿאַרבלייבן.
איך וואָלט אַ בענקעלע פֿון שמייכעלעך געמאַכט זיך,
געזעסן און געלאַכט זיך.

די באַקאַנטע פּאָעטן — מאָטל גרוביאַן און אַברהם גאָנטאַר — קומען אויף מיט זייער צעזונגען ליד און דאָס ווונדער איז וויפֿל זיי דערגרייכן אין קלעם פֿון טעמאַטישער באַגרענעצטקייט. מאָטל גרוביאַן באַווייזט זיך דורכצו־קריגן מיט גאָט.

ביסט געזעסן דאָרטן אויבן אויף דיין כסא־הכבוד,
ווען געשיילט די הויט מ׳האָט פֿון מיין קינד,
ווען קיין גריבער האָבן ניט געסטייעט
אויף באַהאַלטן די געדולדיק וואַרטנדיקע מתים.
טו תשובה, שיט אויס אַש אויף דיין קאָפּ
און יאָמער מיט צער און גרויל.

טענות, אַפֿילו שאַרפֿע טענות, זענען נישט קיין אַטעיִזם.
מאָטל גרוביאַן איז אַ קרעפֿטיקער פּאָעט, וואָס שפּאַצירט צווישן אַלערליי געשניצטע לידער מיט אַ מעלאַנכאָלישער זיכערקייט.

אין יעדער מלחמה איז אַזוי
מען רוקט מענטשן אין פֿייער, ווי שטרוי.

יעקב גלאַטשטיין

אין פּעלד שטייען סטויגן שטרוי,
דאָרט דערשיסט מען דיין קינד און פרוי.

ער וואָלט געקענט גאָר אַ סך אויפטאָן, ווען די טעמאַטיק וואָלט געווען זיין אייגענער פרייער און ברייטער אויסוואַל.

דער קאָוואַל שטייט ביים פייער,
טוט אָן דעם פערד פּאָדקאָוועס,
דער בעקער קוקט אין אויוון
און האָט דערפון הנאה.
דער שוסטער דרייט די דראַטווע
און טוט אַ לעק די זויל,
און מיר ווערט ביטער, טאַטע,
פון אַ נייער ליד אין מויל.

אברהם גאָנטאַרס לידער־סעריע „די מאָס פאַר ליבע" איז ווי דער נאָמען זאָגט אונדז, אַ קראַנץ לידער פון ליבשאַפט, געטריישאַפט און דאַנקשאַפט —

איך ווייס נישט — ס'איז אַ גנאָד, צי גאָר אַ שטראָף —
מיין אָטעם היטסטו אָפּ אַפילו אינעם שלאָף,
און ווי איך זאָל נישט היטן זיך פון דיר,
פאַרשטייסטו אַלץ און אַלץ דו ווילסט אַפריער.
אין מיינע אויגן זעסטו מיך, אין קנייטש פון ברעם,
אין נייג פון קאָפּ, אַפילו אויך אין דעם,
ווי ס'הויקערט זיך מיין פּלייצע, ווי איך שטעל דעם טראָט,
און אַלץ עס גייט דיר אָן,
און אַלץ איז דיר אַ שאָד.

גאָנטאַר שרייבט מיט אַ תמימות, וואָס רופט אַרויס אַ מיטפילנדיקע וואַרעמ־קייט ביים לייענער. ער קען זיך אָבער אויך אַ שפּיל טאָן, ווען ער וויל, מיטן יידישן וואָרט און יידישן גראַם.

אין דיר וויל דיינע אויגן זענען בלוי.
ווייל ס'האָט די זון מיט פייער זיי באַרעמלט,
און איינגעהילט אין רייכלדיקן טוי,
ווי דו וואָלסט וואַכנדיק געדרעמלט.

דאָס יידישע וואָרט, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד וויל קומען צום לעבן און שטעלט איצטער געצאַמטע טריט. אַז מען לייענט אַזעלכע לידער דערשפּירט מען ערשט ווי ס׳וואָלט זיך פאַרביק צעבליט דאָס יידישע שפּערישע לשון, ווען מען וואָלט אויף אַן אמת צוריקגעגעבן יידן די פולע קולטור־רעלע פרייהייט, וואָס עס געניסן אַנדערע פעלקערשאַפטן. לאָרד בערטראַנד ראַסעלס אונטערדריקטער רוף דאַרף דערפאַר געשטאַרקט ווערן מיט כסדרדיקע שאַרפע פאָדערונגען איבער דער גאַנצער וועלט. דער עיקר — פאַר וואָס שווייגן די יידישע קאָמוניסטן אין די פרייע לענדער, ווו זיי האָבן די געלעגנהייט צו מאָנען און פון וואַנען אַריבערשיקן זייער מאָנונג, אַהין ווו מען דאַרף. זיי דאַרף אַוודאי זיין טייער דאָס פאַרטויבטע און פאַרקלעמטע יידישע וואָרט, וואָס רייסט זיך צום פולן בליִענדיקן אויסדרוק פון דער געטאָ פון אַן איינציקן זשורנאַל. דערצו פאָדערט זיך, ווי בערטראַנד ראַסעל האָט עס אַזוי מענטשלעך פאָרמולירט — „אַ פריינדשאַפט, וואָס פאַרלאַנגט ערלעכקייט“.

5.7.63

# אַ סאָוויעטיש־יידישע געדענק־זאַמלונג

אין 1952 זענען ליקווידירט געוואָרן עטלעכע און צוואַנציק סאָוויעטישע יידישע שרייבער. זיי דערמאָנט מען זייער אָפּט, כמעט יעדער נאָמען פון די אומגעבראַכטע אין באַקאַנט און זייערע שאַפונגען ווערן דאָ און דאָרט ציטירט. נישט לאַנג צוריק איז אין מדינת ישראל אַפילו דערשינען אַן אַנטאָלאָגיע מיט גרעסערע אָפּקלייבן פון די אומגעבראַכטע שרייבער. די אַנטאָלאָגיע האַלט אַן ערך 800 זייטן.

מען דערמאָנט אָבער נישט די שרייבער, וואָס זענען געפאַלן קעמפנדיק קעגן די נאַציס אויף די רוסישע שלאַכטפעלדער — נישט קרבנות פון די נאַציס אין די שטעט און שטעטלעך, נאָר יידישע שרייבער אין דער סאָוויעטישער אַרמיי, די מערסטע פון זיי פרייוויליקע, וואָס זענען פון דער מלחמה נישט צוריקגעקומען. די ליקווידירטע סאָוויעטישע יידישע שרייבער זענען שוין געווען עלטערע מענשן, די גרעסטע צאָל נאָענט צו זעכציק, אָדער איבער זעכציק. די געפאַלענע יידישע שרייבער אין דער מלחמה קעגן די נאַציס זענען פאַרשניטן געוואָרן אין די בלי־ענדיקע יאָרן פון פערציק, דרייסיק, טייל נאָך יינגער, אָבער זיי האָבן שוין געהאַט אָנגעזאַמלט אַ רייכע שעפערישקייט. זיי זענען געגאַנגען פאָרויס אַנטקעגן אַ צעבליטער יידישער ליטעראַטור, מיט אַ סך גלויבן און אָפּטימיזם. ווען זיי זענען געפאַלן, זענען געפאַלן פרוכטיקעביימער און די יידישע ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט דערמיט געליטן איר ערשטן גרויסן קלאַפּ. דאָס איז געשען אין די ערשטע פערציקער יאָרן. סטאַלין האָט סוף די פערציקער יאָרן געוואָלט פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל יידישע ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אָבער פריִער פון אים איז געווען דאָס סאָוויעטישע שלאַכטפעלד, וואָס האָט אַוועקגערויבט דעם יונגן חלק פון דער יידישער ליטעראַטור. די נעמען פון די דאָזיקע קרבנות ווערן כמעט קיין מאָל נישט דערמאָנט, ווי זיי וואָלטן גאָר קיין מאָל אויף דער וועלט נישט געווען, אָבער אין דער אמתן זענען זיי צוזאַמען געווען אַ גרויסע קינסטלערישע גרופּע, וואָס האָט זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין קאַמף קעגן די נאַציס און וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אויפגאַנג און באַוווסטזיניקע שעפערישקייט, מיט אַ גרויסער ליבשאַפט צום יידישן לשון, וואָס האָט זיך אונטער זייערע הענט צעשפּילט און צעפינקלט.

דער מאַי־נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" טוט די געפאַלענע יידישע פּאָעטן אַ חסד של אמת, אָבער צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן אַקט פון גרויס גערעכטיקייט, ווערט די יונגע יידישע קינסטלער אויך געטאָן אַ גרויסע עוולה און דערמיט ווערט אויך שטאַרק באַעוולט די יידישע ליטעראַטור, די גרויסע אַלגעמיינע יידי־

שע וועלט־ליטעראַטור, וואָס איז כולל די שאַפונגען פון יידישע שרייבער אין אַלע לענדער.

קודם דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די צאָל געפאַלענע יידישע פּאָעטן דערגרייכט — 21; איין און צוואַנציק יידישע קינסטלער, וואָס האָבן געשריבן און אַרויס־געגעבן צענדליקער לידער־ביכער — אַ גוואַלדיקע שפע, אַ גרויסע ביבליאָטעק פון אַ נייעם צוגאָב צו דער יידישער פּאָעזיע. „סאָוועטיש היימלאַנד" פּאַרעפנט־לעכט אַ מיניאַטור־אַנטאָלאָגיע פון די געפאַלענע יונגע פּאָעטן, צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון זיג איבער דייטשלאַנד. די איינציקע יידישע שריפט אין גאַנץ סאָוועט־רוסלאַנד דערמאָנט אויך די נעמען פון נײַנצן אַנדערע יידישע שרייבער — בעל־עטריסטן, קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער, וואָס זענען געפאַלן אין די שלאַכטן. לאָמיר האָפן, אַז אויך פון זיי וועט צוזאַמענגעשטעלט ווערן אַ מיניאַטור־זאַמלונג, וואָס וועט אויפפרישן אַן אינטערעס אין זייערע שאַפונגען און בעיקר אין זייער יידיש־פאָרשערישער אַרבעט, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַלערליי גלגולים פון צופּאַסונגען און האָט דאָך באַוויזן אויפצוטאָן אַ סך אייגנס אויפן געביט פון יידישער ליטעראַטור־קענטעניש.

ס'איז אַ פאַרזען מצד דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", וואָס זי האָט נישט באַגלייט איר אַנטאָלאָגיע פון די געפאַלענע פּאָעטן „שלאַכט־חברים" מיט קורצע ביאָ־ און ביבליאָגראַפישע אָנווייזונגען. אָבער, ווי געזאָגט, ס'איז די געפאַלענע חברים אויך געטאָן געוואָרן אַ גרעסערע עוולה און וועגן דעם וועט שפּעטער גערעדט ווערן.

די 21 פּאָעטן ווערן רעפּרעזענטירט מיט לידער, וואָס פאַרנעמען אַ טוץ צווייִשפּאַלטיקע זייטן. עס ווערן אויך, מיטן אויסנאַם פון איינעם, זכריה באַרסוק, געבראַכט זייערע בילדער. די אַנטאָלאָגיע הייבט זיך אָן דווקא מיט אַ גאָר שוואַך ליד פון דעם באַקאַנטן פּאָעט שמואל ראָסין: „צו דער מוזע", וואָס וואָרנט „עס זאָל זיך דער חורבן צו אונדז נישט דערטראָגן אָהער". דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן דעם 4טן יאַנואַר 1941. דער פּאָעט דריקט אויס אין אַ צווייט ליד זיין גרייטקייט צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, „ווען דער שטורעם־טאָג וועט קומען".

נאָך אים קומען לידער פון דעם אַ מאָל באַרימטן סאָוועטישן יידישן פּאָעט משה כאַשטשעוואַצקי. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1897 און געפאַלן איז ער אין 1943. ער איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע און פּראָדוקטיווסטע יידישע פּאָעטן. אַקטיוו איז ער געווען מייסטנס אין קיִעוו. ער איז דער מחבר פון צענד־ליקער ביכער, פּאַמפלעטן און איבערזעצונגען פון דער רוסישער און אוקראַיִנישער ליטעראַטור. אין 1941, ביים אויסברוך פון דער מלחמה, האָט ער זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי. אָבער ער איז פון שלאַכטפעלד נישט צוריקגעקומען. אין דער מיניאַטור־אַנטאָלאָגיע ווערן געבראַכט זיינע צוויי לידער, וואָס ער האָט

געשריבן אין 1928, איין ליד איז געווידמעט זיין דעמאָלט זיבניאָריקן זון, וואָס איז צוזאַמען מיטן טאַטן אויך געפאַלן אין דער מלחמה.

כאַשטשעוואַצקי איז געווען אַן אָריגינעלער יידישער פּאָעט, מיט אַ נייגונג צו אַ געזונטן פאָלקסטימלעכן יידיש.

שוין אָפּגעשוימט און אָפּגערוישט געלעכטער, רייד און וויין.
אויף ווייסן פענצטער־ביישטידל זיך לייגט אַ בלויע שיין.
אין שמאָלן, שטילן צימערל פון ריזיק, גרויסן הויז,
פון אַלע געסט — אַ הייפעלע געבליבן איז שוין בלויז.
עס שלאָפט די שטאָט, די ריזיקע, אין נאַכטיש שווערן פלעט.

נאָך אים קומט נאָך אַ באַרימטער יונגער יידישער פּאָעט, אויף וועמען מען האָט געלייגט אַ סך האָפענונגען און וואָס האָט שוין געוויזן, מיט קרעפטיקע לידער־זאַמלונגען וווהין ער שפּאַנט — דער פּאָעט בוזי אָליעווסקי. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1908 און געפאַלן איז ער באַלד ביים אָנהייב פון דער מלחמה אין 1941. ער איז אויך געווען הויך געבילדעט, אָבער ער האָט זיך מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער יידישער קינסטלערישער שאַפונג. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל לידער־ביכער. ער איז געווען דער עיקר פאַראינטערעסירט אין דעם איבער־גאַנג פון שטעטל צו שטאָט און ער האָט די סאָוויעטישע יידישע פּאָעזיע באַרייכערט מיט אָריגינעלע לידער וועגן דעם לופט־פלאָט און פילאָטן. ער האָט, ווי כאַשטשע־וואַצקי, אויך פאַרמאָגט אַ וווייכן, פאָלקסטימלעכן רייד־פערז:

אין ווייטן וואַלד אַ ווייטע זון גייט אויס,
אַ הויכער שטערן ווערט אין נאַכט געבאָרן.
מיר זענען קליינערהייט געוואָרן גרויס,
און ווייסט דער רוח, ווו זיי זענען די יאָרן.

מאָטל האַרצמאַן איז אויך געפאַלן זייער יונג. ער איז געקומען פון בערדי־טשעוו און זיין ליטעראַרישע אַקטיוויטעט איז געווען קאָנצענטרירט אין קיעוו, מיט דער יונגער קיעווער גרופּע. געבוירן געוואָרן איז ער אין 1906 און געפאַלן איז ער אין 1944. די צוויי לידער זיינע אין דער קליינער אַנטאָלאָגיע זענען פון 1939. ער זינגט „צום דיכטער״ און פאָדערט ביי אים נישט צו שטעלן זיך העכער פון פאָלק — „דו ביסט זיין וויין און ביסט זיין בעכער״.

הערשל דיאַמאַנט איז געווען אַ פּאָעט מיט אַ פריש קול און אַ נייעם טאָן —

די שטילקייט איז ווייט און העל,
עס פינקלען די טויִקע טראָפּנס,

אַוועקגעשטעלט האָט זיך אין פעלד
אַ טונקל פאַרלאָשענער טאָפּאָל.

דער פּאָעט יאָשאַ זעלדין איז געקומען פון ווילנע. ער איז געווען אַ מאַטראָס און ער האָט געשריבן פלאָטן־לידער. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן עטלעכע לידער־ביכער און ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט מיט זיינע איבערזעצונגען פון לערמאָנטאָוון. געבוירן געוואָרן איז ער אין 1901 און ער איז געפאַלן אין שלאַכט אין 1942.

מיין שאַרפע שיף האָט שיכור זיך פאַרכליניעט,
מיט אומגעדולד פאַרציטערט האָט דער ראַנד.
דער צופלוס גייט אַ ריינער און אַ גרינער
און וועקט די לופט מיט שוימיקן געזאַנג.

דער פּאָעט לייב טאַלאַליי איז געווען אַ יונגער אָפיציר אין דער רויטער אַרמיי. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער מינסקער גרופּע און איינער פון די פּראָדוקטיוויסטע. אין 1940 האָט ער געשריבן אַ ליד, אַז „היינט איז ער דריי און צוואַנציק יאָר געוואָרן" און ער איז שוין „דאָס צווייטע יאָר אַ רויטאַרמייער".

עס וועט קיינער אין דער וועלט נישט זאָגן,
אַז אומזיסט האָב איך די ביקס געטראָגן.

שמואל העלמאַנד, אַ יידישער לערער, איז געווען דער זון פון אַ יידישן שרייבער און אַ ברודער פון אַ צווייטן יידישן פּאָעט, וואָס האָט, ווייזט אויס, איבערגעלעבט די מלחמה. שמואל העלמאַנד זינגט פון די „וווּנדערלעכע קלאַנגען פון דער ערד" און פון גרייטקייט — „אין גרויסן בראַך פון אַלע וועלטן, מיין פּנים אָפּשפּיגלען אין פלאַם".

ס'קומט אַ קינדער־ליד פון זכריה באַרסוק; אַ ליד וועגן מי און פּראַצע פון רוווע רייזין און אַ ליד פון שלמה לאָפּאַטע, און ביי אים וועל איך זיך אַ וויילע אָפּשטעלן און דערקלערן, אין וואָס עס באַשטייט די גרויסע עוולה, וואָס די צוזאַמענשטעלער פון דער קליינער אַנטאָלאָגיע זענען באַגאַנגען קעגן זייערע חברים און קעגן אַ גרויס קאַפּיטל אין דער אַלגעמיינער יידישער ליטעראַטור. לאָפּאַטע איז געבוירן געוואָרן אין 1902 און ער איז געפאַלן אין 1943. דער פּאָעט האָט זיך באַזעצט אין כערסאָנער געגנט, אין יידישע קאָלאָניעס. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ צאָל לידער־זאַמלונגען. דאָס ליד זיינס, וואָס ווערט געבראַכט אין דער קליינער אַנטאָלאָגיע, צום אָנדענק פון די געפאַלענע שלאַכט־חברים, איז טאַקע

אַ ליד פון ערד און אַרבעט און איז דאָס ערשטע קלאָרע יידישע ליד אין דער גאַנצער אַנטאָלאָגיע, ווו דער דיכטער ווענדט זיך אָפּן צום „יידישן מוזשיק".

קעגן גאָלד פון זון גייט־אויף דאָס גאָלד פון ווייצן,
קעגן גאָלד פון זון גייט־אויף מיין גאָלדן גליק.
נייע האָריזאָנטן רופן מיך און רייצן,
נייע לידער זינג איך, יידישער מוזשיק.

פון אַלע אַנדערע דיכטער אין דעם געדענק־אַפּקלייב זענען געבראַכט געוואָרן פאַרעווע לידער, וואָס האָבן נישט קיין יידישן „טעם" און קיין יידישע אינדיווי־דואַליטעט. צוזאַמען צייכענען זיך אויס די לידער מיט לעבעדיק יידיש לשון, אָבער ס׳פעלט אין זיי נאַציאָנאַלע יידישע פרייד פון לעבן אין אַ פרייער מדינה, וואָס גיט אַ מעגלעכקייט זיך אויסצודריקן ווי שעפערישע יידישע פּאָעטן. די דאָזיקע פּאָעטן האָבן אָבער יאָ געשריבן צענדליקער קלאָר־יידישע לידער, נאָר אָפּגעקליבן האָט מען פון זיי לידער, אין איינקלאַנג מיט דער שרעקעוודיקער פאַר־זיכטיקייט פון די זעכציקער יאָרן. איין דיכטער, אין דער קליינער זאַמלונג, דערמאָנט זיין יידיש שטעטל, אַ צווייטער די מאַמע זיינע, און מיר נעמען אָן, אַז זי איז געווען אַ יידישע. אָבער מיטן אויסנאַם פון דעם איינציקן קלאָרן אויסרוף „איך, יידישער מוזשיק" — זענען אַלע לידער נייטראַלע און דערפאַר אויך ווייני־קער פון מיטלמעסיק און אַבסאָלוט נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער בלי־צייט אין דער סאָוויעטישער יידישער פּאָעזיע, וואָס די דאָזיקע יונגע פּאָעטן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט.

דערפאַר איז די שרעקעוודיקע זאַמלונג אַ בפירושע עוולה קעגן דער יידישער ליטעראַטור, וואָס קען מיט אַזאַ אָפּקלייב קנאַפּ זיך באַרימען. גיכער מאַכן די „אַלפּעלקערלעכע" יידישע לידער אַן איינדרוק פון גוטע איבערזעצונגען, אָבער בשום אופן נישט פון אָריגינעל־געשריבענע לידער פון באַוווסטזיניקע יידישע פּאָעטן.

ס׳מאַכט אַ גראָטעסקן איינדרוק. די יידישע לידער ווערט שרייבן — יעווטו־שענקאָ, ער ווערט מוטיק באַזינגען איזי קרעמער פון דער בראַטסקער עלעקטרי־שער סטאַנציע, און „סאָוועטיש היימלאַנד" ווערט אַפילו נישט דערלויבן געפאַלענע יידישע פּאָעטן צו עפענען אַ יידיש מויל.

וועל איך פאַרענדיקן מיט עטלעכע שורות פון אַ ליד, וואָס איז געשריבן געוואָרן אויפן פראָנט, אין 1942, פון דעם פּאָעט הענעך שווערדיק. ער איז שוין פון פראָנט קיין לעבעדיקער נישט צוריקגעקומען. זיין ליד איז געצייכנט מיט ד׳ער דאַטע — 1942.

אויף גרייטע טעמעס

וואָס איז רירנדיקער,
וואָס איז שענער,
וואָס קען דיין האַרץ זיין מערער נאָנט.
ווי דער פּלוצימדיקער
קריי פון הענער
אויפן סאַמע
מיטן פראָנט.
צווישן שוידערלעכן פייף פון מינעס און רעוועניש,
פון קנאַלנדער האַרמאַטן־שטים,
קלינגט דאָס קרייען דאָ
אינמיטנדרינען
אַזוי האַרציק און אַזוי אינטים.

ער איז עס דער דיכטער, וואָס זאָגט אין זיין ליד, אַז עס בענקט זיך אים נאָך דעם „ווייסרוסיש יידישן שטעטל", ווו „געוועזן איז אים גוט".

11.6.65

# די סאָוויעטיש־יידישע „האַריזאָנטן"

אונטער דער רעדאַקציע פון אהרן ווערגעליס איז דערשינען אין מאָסקווע אַן אַנטאָלאָגיע „פון דער היינטצייטיקער סאָוויעטישער דיכטונג", וואָס שטעלט פאָר פופציק לעבעדיקע יידישע פּאָעטן, אין אלף־ביתדיקער אָרדענונג. די אַנטאָלאָגיע הייסט „האָריזאָנטן" און דער רעדאַקטאָר פאַרטייטשט דעם נאָמען מיט דער דער־קלערונג, אַז „ברייט זענען די האָריזאָנטן פון דער סאָוויעטישער יידישער פּאָעזיע, ווייל די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אַרויסגעפירט אויך דאָס יידישע פאָלק אויף פרייע רחבותן, געעפנט פאַר דעם די האָריזאָנטן פון אַ ווירדיק לעבן".

אין דעם דאָזיקן זאַץ איז שוין פאַראַן מאַטעריאַל פאַר אַ שטאַרקן און „וויר־דיקן" אָפּפרעג, מכוח דעם „ווירדיקן לעבן", און ווי ברייט און פריי ס'זענען ביים היינטיקן טאָג „די רחבותן" פאַרן יידישן פאָלק און צי זענען, פאַרקערט, די האָרי־זאָנטן נישט שטאַרק פאַרשמעלערט געוואָרן. אָבער די דאָזיקע מחלוקת גייט דאָך סיוּוי נישט אַרונטער פון אונדזער טאָג־אָרדענונג, מעג מען זיך דערלויבן צו לייענען דעם אַריינפיר פון דער רעדאַקציע, מילד־גערעדט, ווי — נוסח, און איבערגיין צום עצם ענין פון דער אַנטאָלאָגיע, וואָס איז באמת אַ פריידיקע דער־שיינונג און אַ גרויס געשעעניש.

אַן אַנטאָלאָגיע לייענט מען אַנדערש ווי אַ בוך. מען האָט הנאה ביסלעכווייז, מען איז טועם די לידער פון די פאַרשידענע פּאָעטן און גראָד ווייל מיר ווייסן, אַז די „האָריזאָנטן" זענען אין דער טראַגישער סטאַלין־עפּאָכע, פון די סוף־פער־ציקער, נישט נאָר פאַרשמעלערט געוואָרן, נאָר פאַרפינצטערט געוואָרן, דאַרף מען אויפנעמען מיט נאָענטשאַפט די לעבעדיקע שטימען פון די פופציק יידישע פּאָעטן. ס'איז שווער פאַר אונדז צו באַשטימען ווי אַזוי דער אָפּקלייב און די ר'עפּרעזענטירונג פון די באַזונדערע פּאָעטן זענען דורכגעפירט געוואָרן. אָבער דאָס, וואָס די אַנטאָלאָגיע גיט דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, אין די איבער פינף הונדערט זייטן פון דער זעלטן שיין אַרויסגעגעבענער זאַמלונג, איז בפירוש אַ צוטראָג צו אונדזער כלל־ליטעראַטור, וואָס איז ברייטהאַרציק אין איר „האָרי־זאָנטישקייט" און רעכנט זיך נישט מיט דעם טאָן פון דערשראָקענער אָפּזונדערונג, וואָס איז פאַראַן אין די מייסטע לידער. אונדזער ליטעראַטור פאַרגיט, פאַר־צייכנט, רעגיסטרירט מיט וואַרעמקייט יעדן ערנסטן צוקום און צושטייער.

זאָל מען נישט מאַכן קיין טעות — די פּאָעזיע־אַנטאָלאָגיע בייטיקט זיך נישט אין אַ ספּעציעלער פאַרגעבלעכקייט, אָדער אין רחמנותדיקן צוגאַנג. ס'זענען אין

דער אַנטאָלאָגיע פֿאַראַן אַ צענדליק ערשטקלאַסיקע פּאָעטן. כ׳מיין אַזעלכע מייס־טער פֿון וואָרט און באַמייסטערס פֿון געפֿיל און טעמאַטיק, וואָס מען קען זיי לויבן אָן שום ווערדליקערייען.

מ׳קען, פֿאַרשטייט זיך, זען אין די געבראַכטע לידער־מוסטערן פֿון די פּאָעטן, ווער ס׳ראַנגלט זיך מיט זיך און ווער ס׳האָט זיך אויפֿגעהערט ראַנגלען און ווער ס׳האָט זיך קיין מאָל נישט געראַנגלט, נאָר גלייך געזונגען און געזאָגט וואָס מען דאַרף. ביי די לעצטע איז טאַקע דערפֿאַר שווער אַרויסצוראַטעווען אַ שורה, וואָס זאָל דערפֿרייען און וואָס זאָל האָבן די ווייטסטע מעגלעכקייט צו פֿאַרבלייבן. דערפֿאַר איז נאָך גרעסער דאָס ווונדער ווען מען לייענט די לידער פֿון דעם צענדליק גוטע פּאָעטן — בפֿירוש אַ גוטער פּראָצענט אין יעדער אַנטאָלאָגיע — און מען מאַכט־מיט דעם פּאָעטישן געראַנגל, אַפֿילו דעם באַזונדערן קאַמף פֿון די יחידים־פּאָעטן און מען דערלעבט מיט זיי דעם פּאָעטישן טריומף, נישט געקוקט אויף אַלע דרויסנדיקע אמתע און פֿאַרשראָקענע שטערונגען.

אין די קורצע ביאָגראַפֿישע ידיעות וועגן די פּאָעטן ווערט אַ סך מאָל איבערגעחזרט די דאַטע פֿון — „אָנגעהויבן דרוקן״, אָבער ס׳ווערט נישט אָנגעגעבן ווו דער דיכטער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן. ביי אַנדערע פּאָעטן זענען אונטער זייערע לידער פֿאַראַן דאַטעס פֿון די שרעק־יאָרן פֿאַר דער סאָוויעטישער יידישער ליטעראַטור, באַווייזט עס, אַז סאָוויעטישע יידישע פּאָעטן האָבן דעמאָלט נישט אויפֿגעהערט שרייבן — פֿאַרן שופֿלאָד. פֿאַראַן אין די עטלעכע הונדערט לידער פֿון די פּאָעטן קנאַפּ אָנצוהערעניש אויף יענער פֿינצטערער צייט, פּונקט ווי ס׳זענען פֿאַראַן זייער ווייניק לידער, וואָס דערמאָנען דעם גרויסן יידישן חורבן. ס׳איז אַוודאי אַ לכתחילהדיק צענזורירט בוך, כ׳מיין דערמיט צו זאָגן, אַ פֿרייוויליק־אָפּגעמאַכטע צענזור, וואָס איז זיכער אַ רעזולטאַט פֿון דעם באַגלייטנדיקן שרעק־שאָטן פֿון דער סטאַלין־ליקווידאַציע; אַ שרעק, וואָס סאָוויעטישע יידישע פּאָעטן האָבן שוין געמעגט בייקומען. אָבער גיי זאָג יענעם, ביי יענעמס אומשטענדן, ווי ווייניק ער דאַרף זיך שרעקן; גיי שפּרעך יענעם אָפּ שרעק — ס׳איז אַוודאי נישט די טעמע פֿון דעם דאָזיקן אַרטיקל.

צווישן די לעבנגעבליבענע פּאָעטן געפֿינען זיך אַזעלכע, וואָס האָבן „אויסגעוואַרט״ דעם שרעק אין טורמעס און אין יסורים־לאַגערן, אָבער זיי דערוועגן זיך נישט דערציילן וועגן דעם אין זייערע לידער. די דערשראָקענע פֿאַרזיכטיקייט אַרום די דערמאָנטע נעמען פֿון די „אָנהייבער פֿון דער סאָוויעטיש־יידישער דיכטונג״, אין דער הקדמה, ווי נעמען פֿון דוד האָפֿשטיין, פּרץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, איציק פֿעפֿער, מאַכט אַן אומהיימלעכן טראַגיקאָמישן איינדרוק.

ס׳איז קלאָר, אַז מען קען זיך נישט צוריקהאַלטן פֿון דורכקריגן זיך אַ ביסל מיט אַן איינשטעל, וואָס איך האַלט, אַז ער וואָלט שוין געמעגט אויפֿהערן; מען מעג און מען מוז איבעררייסן מיט דעם פּחד, וואָס רינגלט נאָך אַלץ אַרום יידישע

קולטור־אַרבעט אין סאָוויעט־רוסלאַנד. כ׳נעם זיך דאָס רעכט צו זאָגן, אַז ס׳איז אַן איבערגעטריבענער שרעק און ס׳פאָדערט זיך גאָרנישט קיין גוואַלדיקער מוט צו זיין — אַ ביסל מוטיקער.

די אַנטאָלאָגיע הייבט זיך אָן מיט די לידער פון הירש אָשעראָוויטש, וואָס געהערט זיכער צום צענדליק זייער גוטע פּאָעטן. די אַנטאָלאָגיע איז דערשינען אין פינף טויזנט עקזעמפּלאַרן — אַ גאַנץ היפּשער אויסגאַב פאַר אַ זאַמלונג פון פּאָע־זיע — אָבער זי וועט זיכער נישט פאַרשפּרייט ווערן ביי אונדז אין אַמעריקע ווי ס׳דאַרף צו זיין. וואָלט דערפאַר געווען אַ יושר, ווען ס׳פּלאַץ וואָלט דערלויבט צו ציטירן אַ סך גוטע לידער, כדי צו איבערראַשן די אַלע, וואָס האָבן אויפגעהערט גלייבן אין דער ליכטיקער שעפערישקייט פון יידישן וואָרט.

און אַז כ׳דערמאָן שוין דאָס יידישע וואָרט, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז טאַקע דאָס יידישע וואָרט באַקרוינט די בעסערע לידער אין די „האָריזאָנטן" און רופט אַרויס וווּנדער. יידיש אין די הענט פון די מייסטער־פּאָעטן אין סאָוויעטן־פאַר־באַנד איז אי שעפעריש־דערוועגט, אי אַנגעלענט אויף אַ געשמאַקער פאָלקסטימ־לעכקייט, אַ סך מער ווי אין דער גאַנצער און גרויסער יידישער פּאָעזיע. דאָרט איז אָפּגעהיט געוואָרן די דאָזיקע פאָלקסטימלעכקייט, וואָס האָט באמת אויסגע־ברייטערט אירע האָריזאָנטן. דאָס איז אפשר דער גרעסטער חידוש אין די לידער פון צענדליקער גרויסע יידישע פּאָעטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. פון וואָס און פון וועמען האָבן זיי זיך געלערנט? די אַמעריקאַנער יידישע פּאָעטן האָבן אויך גע־וויזן וווּנדער, אויף שטייניקן באָדן, אָבער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווו דאָס יידישע לשון האָט יאָרן לאַנג נישט אָנגעזען זיין אייגענעם אלף־בית, זינגט עס פון דעסטוועגן מיט אַזוי פיל פאָלקישער עלעגאַנץ אין די מייסטע גוטע לידער פון די סאָוויעטישע יידישע פּאָעטן — איז עס דער גרעסטער חידוש.

די אַנטאָלאָגיע הייבט זיך אָן אַלפאַבעטיש, מיט — הירש אָשעראָוויטש. ער וווינט אין אַ יידיש־ליידיקער ווילנע. ער איז אַלט 57 יאָר און אין דער אַנטאָלאָ־גיע זענען פאַרעפנטלעכט זיינע לידער אַפילו פון די דרייסיקער יאָרן. אָשעראָוויטש האָט אַ נייגונג צו אַלעגאָריזירן זיינע לידער און זיי געבן אַ טאָפּלטע עקזיסטענץ. אין דעם ווילנער פּאָעט איז פאַראַן אַן אָפּשיין פון דער אַלגעמיינער ליטווישער טראַדיציע אין דער יידישער פּאָעזיע, אָבער עטלעכע שפּאַן ווייטער.

פאַראַן אין דער אַנטאָלאָגיע עטלעכע טאַלאַנטירטע דיכטערינס, טייל פון זיי האָבן זיך דערוועגט און געשריבן ליבע־לידער, אַפילו אַזעלכע, וואָס מען רופט „זינדיקע" ליבע־לידער. די דיכטערינס ריווע באַליאַסנע, רחל בוימוואָל, דאָרע כייקינע, ליובע וואַסערמאַן, שפרה כאַלאָדענקאָ זענען פאַרטראָטן אין דער אַנטאָ־לאָגיע מיט אַ צאָל גוטע לידער.

מיר געפינען אין די „האָריזאָנטן" די שוין גוט־באַקאַנטע נעמען פון די פּאָעטן אברהם גאָנטאַר, מאָטל גרוביאַן, אהרן ווערגעליס, משה טייף, מאיר כאַראַץ,

יעקב שטערנבערג און אַפילו אַזוי־גערופענע „נייע שטימען", וואָס צווישן זיי געפינט מען אויך גוטע און צוזאָגנדיקע אָנהייבן.

ווי פריִער געזאָגט, ס'איז אוממעגלעך צו זאָגן אויף וויפל די אַנטאָלאָגיע האָט רעפּרעזענטירט די איצטיקע סאָוויעטיש־יידישע פּאָעזיע. אפשר איז די רעדאַקציע געווען צו ברייטהאַרציק צו אַ סך גאָרנישט זאָגנדיקע לידער. ס'קען אָבער אויך זיין, אַז אַ טייל גוטע פּאָעטן זענען, מחמת פאַרשידענע סיבות, געקריוו־דעט געוואָרן מיט דעם אויסוואַל פון זייערע לידער. אַנטאָלאָגיעס זענען דערמיט אַנדערש פון יחידישע זאַמלונגען. די פיזיאָנאָמיעס פון די באַזונדערע דיכטער ווערן „אויסגעאַרבעט" דורך די, וואָס שטעלן צוזאַמען די אַנטאָלאָגיע. אַ ספּעציעלער אויסוואַל קריוודעט אַ מאָל טייל פּאָעטן און שטעלט אַרויס אַנדערע אויפן חשבון פון די געקריוודעטע — כאָטש אין די „האָריזאָנטן", דאַכט זיך מיר, האָט בדרך כלל דאָמינירט אַ חברישע באַציִונג צו די באַטייליקטע פּאָעטן און ס'האָט זיך געוואָלט אַרויסשטעלן, ווי עס זאָגט זיך אין דער הקדמה, דעם „אוצר" און די „דעראָבערונג" פון דער לעבעדיקער יידישער פּאָעזיע אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

פאַר מיר זענען געווען אַ ספּעציעל געפינס אין די „האָריזאָנטן" די לידער פון שלמה רויטמאַן. זאָל מען זיך גוט פאַרשרייבן און גוט געדענקען דעם נאָמען פון דעם פּאָעט — שלמה רויטמאַן. אין די קורצע ביאָגראַפישע נאָטיצן ווערט אָנגעגעבן, אַז ער איז אַלט 52 יאָר, „געבוירן אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן, אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1931. וווינט (אַזש! — י. ג.) אין יאָשקאַר־אָלאַ (מאַריישע אויטאָנאָמע רעפּובליק)".

כ'וואָלט געוואָלט וויסן אַ סך מער וועגן דעם דאָזיקן גרויסן יידישן פּאָעט, וואָס וווינט ערגעץ פאַרוואָרפן, ווייט פון אַ יידיש אָרט, און ער שרייבט פּרעכ־טיקע יידישע לידער, מיט אַזוי פיל ליבשאַפט פאַרן יידישן לשון, מיט אַזוי פיל קענטשאַפט און ווירטואָזיטעט, מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעך אָריגינעלער בילדלעכ־קייט, אַז מען לייענט זיינע שורות מיט אַ ציטער פון פרייד, וואָס אַ דיכטער פון אַזאַ מדרגה איז אונדז צוגעקומען אין דער יידישער פּאָעזיע.

כ'האָב שוין אַ מאָל געהאַט אַ געלעגנהייט זיך אָפּצושטעלן אויף זיינס אַ קליין ליד, וואָס איז אגב אויך איינגעשלאָסן אין דער אַנטאָלאָגיע — „וואָס אין פידעלע שטעקט". אָבער די עטלעכע לידער אין די „האָריזאָנטן" זענען עדות, אַז אַזאַ דיכטער איז וויניק צו באַמערקן, מען דאַרף אים בענטשן און באַגריסן.

איך קען זיך נישט פאַרגינען איבערצופירן זיינע לידער מיט אַרויסגעריסענע שורות. כ'וויל בלויז מיט מיין איצטיקער באַמערקונג זאָגן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ גרויסן ווירטואָז פון יידיש, אַ גרויסן מנגן, אַ פּאָעט מיט טיפע געפילן און אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כוח צו דראַמאַטיזירן זיינע שורות, אַז זיי זאָלן לאַנג ציטערן אין געמיט.

ער איז פאַרטראָטן אין דער אַנטאָלאָגיע מיט זיבן לידער און אַ גרויסער

פּאָעמע און אַלע זיינע לידער זענען גרוסן פון אַ נייעם, טייערן צוגעקומענעם נאָמען אין יידיש־פּאָעטישן אויבנאָן. מען מעג זאָגן — און ס׳איז חלילה נישט קיין באַליידיקונג פאַר די אַנדערע וויכטיקע פּאָעטן אין דער אַנטאָלאָגיע, אַז מיט די לידער פון שלמה רויטמאַן האָט די אַנטאָלאָגיע שוין אויפגעטאָן אַ גרויסע זאַך. שלמה רויטמאַן איז שפּילעוודיק, ערנסט, טראַגיש, פאָלקסטימלעך — אַן אמתער צוריקרופער פון די שענסטע קוואַלן אין אָנזאַמל פון אונדזער לשון — און גלייכצייטיק מאָדערן און יחידיש־קינסטלעריש אין זיינע אויסדרוק־מיטלען.

הכלל, די אַנטאָלאָגיע „האָריזאָנטן" דאַרף באַגריסט ווערן פאַר דעם אויפטו צו ווייזן, אַז דאָס יידישע פּאָעטישע וואָרט לעבט אין סאָוויעט־רוסלאַנד. צום פּאָעט שלמה רויטמאַן, אין יאָשקאַר־אָלאַ, אין דער מאַריישער סאָוויעטישער רעפּובליק, שיק איך מיין באַזונדערע וואַרעמע באַגריסונג און באַוווּנדערונג.

23.7.65

# אַרום פּרץ מאַרקישס 70סטן געבוירן־טאָג

ווען פּרץ מאַרקיש וואָלט דערלעבט ביז סוף 1965, וואָלט ער היינט אַלט געווען זיבעציק יאָר. די דאַטע פון זיין געבוירן ווערט אָנגעגעבן דעם זיבעטן דעצעמבער 1895. אָבער דער גזר, וואָס האָט געטראָפן עטלעכע און צוואַנציק סאָוויעטיש־יידישע שרייבער האָט אים, דעם טרעגער פון אַ לעניןֿ־אָרדן, אויך נישט אויסגעמיטן. די אומברענג־דאַטע פון דער פּני, וואָס האָט באַשיינט די סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור, איז אָפיציעל באַצייכנט — דער צוועלפטער אויגוסט 1952. דעמאָלט האָט מען געשטעלט די שענסטע פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד צום ווענטל און זיי אויסגעשאָסן. ס'וואָלט געפעלט דער פּרינץ פון יידישן קינסטלערישן וואָרט אין רוסלאַנד, ווען סטאַלין וואָלט געשווינט דעם שיינעם קאָפּ פון פּרץ מאַרקיש. דעם דאָזיקן מאַיעסטעטישן קאָפּ האָט מאַרקיש — אַזוי דערציילן עדות, וואָס זענען בייגעווען דעם בלוטיקן און שענדלעכן פּראָצעס — געקלאַפּט אין וואַנט און אויסגעשריגן מוטיק זיין ווייטאָג, זיין צער און זיין שטאָלץ, נישט אַוועקצוגיין פון דער וועלט אָן דעם אמת, וואָס ער האָט געוואָרפן זיינע ליגנערישע באַשולדיקער אין פּנים אַריין. ער איז אין גאַנצן אַלט געווען 57 יאָר, אַוועק אין דעם עלטער פון אונדזערע גרויסע, וועמען ס'איז נישט באַשערט געווען אַריבערצושפּרייזן די מאָגערע און צוגעשפּאָרטע פופציקער. יהואָש איז געשטאָרבן אין עלטער פון 55, שלום־עליכם איז אַלט געווען 57, י. י. סיגאַל איז אַוועק צו 58 יאָר.

פּרץ מאַרקיש איז געווען דער פּראָדוקטיווסטער יידישער שרייבער אויף דער גאַנצער וועלט. ער האָט זיכער געשריבן אַזוי פיל און אפשר נאָך מער פּאָעזיע ווי י. י. סיגאַל. דערצו האָט ער נאָך איבערגעלאָזט דראַמעס, וואָס זענען געשפּילט געוואָרן מיט דערפאָלג, עטלעכע שווער־בענדיקע ראָמאַנען, קורצע דערציילונגען, עסייען, פּאַמפלעטן, פּובליציסטיק. אין זיין פּאָעטישער ירושה געפינען זיך לענגערע, ברייטקאַנוועדיקע פּאָעמעס אין די טויזנטער, אפשר צענדליקער טויזנטער שורות.

עס איז דערפאַר אוממעגלעך אָפּצושאַצן פּרץ מאַרקישן און אַרומנעמען זיין גאַנצע שעפערישע קאַריערע פון 1918 ביז 1948, ווען ער האָט נאָך געשריבן עטלעכע לידער, איידער מען האָט אים אַרויסגענומען פון זיין היים און ער האָט שוין מער די ליכטיקע שיין נישט אָנגעזען.

פאַראַן קינסטלערס, וואָס האָבן ליב די בייטש פון באַשטעלונג. די דאָזיקע בייטש צווינגט זיי צו ווערן פּראָדוקטיוו, ווייל באַשטעלונג מיינט אויך צושטעל צו אַ באַשטימטער צייט. מייסטע קינסטלער זענען בטבע פוילענצער, זיי פליר־

טעווען מיט דער מוזע און מיט זייער אינספּיראַציע, זיי ציען־אויס די הנאה פון אויסטראָגן אַ ווערק, ווייל אינערלעך האָבן זיי פּשוט מורא אָנצוקוקן דאָס פּאַרטיקע באַשעפעניש. ווען מען אַרבעט אָבער לויט באַשטעלונג־צוואַנג האָט מען נישט קיין צייט פאַר די פּוילע שטיק, מ׳טאָר נישט פירן קיין לאַנגע ליבע מיט דער אינספּי־ראַציע, מען קומט צו תכלית.

פּרץ מאַרקיש האָט אין סאָוויעט־רוסלאַנד געקראָגן די שענסטע באַשטעלונגען, וואָס אַ פּאָעט קען זיך ווינטשן, אויב דער פּאָעט האָט נישט קיין מורא פאַר דער סכנה, וואָס אַזעלכע באַשטעלונגען ברענגען געוויינלעך מיט זיך. מאַרקישס באַ־שטעלערין איז געווען די רעגירונג. זי איז געווען זיין אָפּנעמערין, זיין באַצאָלע־רין, זיין פאַרשפּרייטערין און זי האָט אים געמאַכט אַ גרויסן נאָמען.

די דאָזיקע גינציקע אומשטענדן זענען געווען פאַר מאַרקישן אמתע האָניק־יאָרן. ער האָט געוווּסט, אַז ער אַרבעט פאַר אַ גרויסן באַלעבאָס און ער האָט צוגעשטעלט זאַכן, וואָס זענען גלייך פאַרצוקערט געוואָרן. בפּרט ווען מאַרקיש איז דווקא געווען אַן אויסנאָם צווישן פּאָעטן. ער איז סיי ווי געווען אימפּולסיוו און תמיד שפּעריש־אָנגעסטראָיעט. די קינסטלערישע אינטערעסן זיינע זענען געווען ברייטע און ער האָט זיך קיין מאָל נישט געלאָזט פאַנגען אין ענגע לירישע צעלן, אָפילו אין זיינע אמת־לירישע לידער. ער, דער זון פון אַ מלמד, האָט באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך אַ גרויסע יידישע ירושה, כאָטש ער איז פרי אַוועק פון טאַטנס הויז און אָנגעהויבן זיין וואַנדער איבער דער וועלט. ער איז געווען און געבליבן דורך די שווערסטע יאָרן אָפילו, דער נאַציאָנאַלסטער יידישער פּאָעט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ער האָט אויף קיין איין מאָמענט נישט אָפּגענאָפּלט זיך פון שורש און ער האָט קיין מאָל נישט מורא געהאַט צו זינגען מיט אַ יידיש מויל, זען מיט יידישע אויגן און געדענקען מיט אַ יידישן זכרון.

בלייבן פון מאַרקישן וועט דערפאַר זיין גאַנצער ליטעראַרישער איבערלאָז, ווייל ער גיט דעם גאַנצן מענטשן, דעם פולן ייד, און דעם ברייטן אַרומנעם זיינעם. מיט אַלע זיינע שטרויכלונגען האָט ער, אין תוך, קיין מאָל נישט אָפּגעווייכט פון דער יידישער ירושה זיינער. דער דאָזיקער פולער איבערלאָז וועט בלייבן אַ ביאָגראַפישער מאָנומענט נאָך אַ וויכטיקער יידישער קינסטלערישער פּערזענלעכ־קייט. אָבער וויפל פון דעם דאָזיקן קאַלאָסאַלן אָנוווּרף, אין די צענדליקער שווערע ביכער און צענדליקער טויזנטער פּאָעטישע שורות, האָט אַן אינערלעכן קינסטלע־רישן ווערט, וועט מען ערשט קענען אויף אַן אמת אָפּשאַצן, ווען מען וועט האָבן פאַר זיך דאָס גרויסע פאַרמעגן, וואָס דער דאָזיקער אַדיר האָט אָנגעהאָרעוועט און אָנגעזאַמלט.

מאַרקיש איז געווען געבענטשט מיט אַלץ וואָס אַ פּאָעט קען זיך ווינטשן: לשון, מוזיק, אויסדריקלעכקייט, אָריגינעלע בילדלעכקייט און דערצו נאָך מיט אַ שפּערישער ליבשאַפט צו יידיש, וואָס האָט אים באַלוינט דערפאַר מיט עפּענען

פֿאַר אים באַהאַלטענע סטעזשקעס, מיט די באַנייענדיקע מעגלעכקייטן, וואָס מאַרקיש האָט אויסגענוצט אויף דעם אָריגינעלסטן אופֿן.

אַ באַשאַנקענער מיט אַזוי פֿיל מעלות און אין היץ פֿון זיין גרויסער פּראָדו־ציר־קראַפֿט, האָט ער אָפֿט געלאָזט זיינע שורות צו פֿיל שאַלטן און וואַלטן — אָן השגחה. ער האָט זיי צו פֿיל געטרויט, אַז זיי וועלן זיך דעררעדן און דערזינגען. טייל מאָל האָבן זיי אָבער נישט געגעבן מער, ווי מאַרקישס אימפּעט, דעם טומל און דעם ברען פֿון שאַפֿונג־ענטוזיאַזם.

דער קינסטלערישער אָפּקלייב וועט דאַרפֿן פֿאַרזיכטיק זיך דורכשטופּן און געפֿינען אַ צוגאַנג צום בלייבעוודיקן, כאָטש דער דאָזיקער אָפּקלייב, אָדער אָפּ־קלייבער, וועט קענען הנאה האָבן און אפֿילו נתפּעל ווערן פֿון אַלץ, וואָס ער וועט געפֿינען אויפֿן וועג; אַפֿילו פֿון דעם, וואָס ער וועט מוזן פּסלען.

כ׳האָב מיט אמתן ווייטיק געלייענט טייל אַרטיקלען, וואָס זענען לעצטנס פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן וועגן מאַרקישן אין קאָמוניסטישע לענדער. די אָפּשאַ־צונגען האָבן נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט דעם טיפֿן צער, וואָס זיין לעבן איז אַזוי אַכזריות־דיק פֿאַרשניטן געוואָרן. אָפֿיציעל האָט אים די רעגירונג נאָך אַלץ נישט רעהאַבי־ליטירט. מ׳שטיינס געזאָגט, וויפֿל באַלוין ס׳ליגט סיי ווי אין אָפֿיציעלער רעהאַבי־ליטאַציע, פֿאַר דעם אומזיסט פֿאַרגאָסענעם בלוט. אָבער אַפֿילו דער דאָזיקער באַלוין איז נאָך אויך נישט געקומען. ס׳זענען נאָך אַפֿילו נישט אָפֿיציעל געעפֿנט געוואָרן די פּראָטאָקאָלן פֿון דער שלאַנגישער באַשולדיקונג קעגן די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער. מען ווייסט אַלץ נישט פֿאַר וואָס איז די דאָזיקע יידן געקומען אַזאַ וויסטער פּסק־דין. די רעגירונג האָט אָבער יאָ געגעבן אַ ווונק, אַז מען מעג ברייט פֿייערן מאַרקישס זיבעציקסטן געבוירנטאָג — אַ מין האַלב־אָפֿיציעלע רעהאַביליטאַציע, מיט פֿאַרשלאָסענע ליפּן.

אין דעם עלפֿטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד", נאָוועמבער 1965, געפֿינען מיר אַ ליד פֿון פּרץ מאַרקיש און פֿראַגמענטן פֿון אַ גרויסער נישט־פֿאַרעפֿנטלעכ־טער פּאָעמע. ס׳איז אַ וואונדער, וואָס די פּאָעמע האָט מאַרקיש באַהאַלטן און קיין מאָל נישט פֿאַרענדיקט און פֿאַרעפֿנטלעכט. ס׳זענען אין איר פֿאַראַן שורות, וואָס אַנטהאַלטן אפֿשר דעם סוד, פֿאַר וואָס פּרץ מאַרקיש האָט געספּקט, צי ער מעג די דאָזיקע פּאָעמע פֿאַרעפֿנטלעכן, כאָטש, ווי מען איז זיך משער, האָט מאַרקיש געשריבן די פּאָעמע, וואָס ער האָט אָנגערופֿן „פֿערציק־יאָריקער מאַן", אין דער ערשטער העלפֿט פֿון די צוואַנציקער יאָרן. דעמאָלט איז מאַרקיש אַליין ערשט אַלט געווען דרייסיק יאָר.

אָבער דער אמתער צער כאַפּט אַרום אַ לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", וואָס גלייבט, אַז ס׳איז שוין צייט אויפֿצוהערן זיך שרעקן און אַז מען מעג שוין אַרויסקומען מיט אַן אָפֿן יידיש און מענטשלעך וואָרט, אין דעם איינציקן יידישן זשורנאַל אין סאָוועט־רוסלאַנד — בעת מען לייענט די ברייטע אָפּהאַנדלונג

וועגן פּרץ מאַרקישן פון דעם קריטיקער הערש רעמעניק. גוואַלד, ווי דער קרי־טיקער, וואָס קאָן דווקא יאָ שרייבן קריטיק, אַרבעט מעשים, כדי ריינצווואַשן מאַרקישן פון „חטא" פון נאַציאָנאַליזם. רעמעניק פּרייכט ממש פון אָנשטרענגונג, וועלנדיק באַווייזן, אַז מאַרקיש איז נישט געווען „נאַציאָנאַליסטיש", כאָטש מאַרקישס קונסט איז געווען „טיף נאַציאָנאַל, לויט דער פאָרעם און לויט דער בילדערישער אויפפאַסונג פון דער ווירקלעכקייט"; „די נאַציאָנאַלע רעיונות און באַטראַכטונגען וועגן דעם אייגענעם פאָלק באַקומען זייער ענדגילטיקע לייזונג אין דער רעוואָלוציאָנערער איבערגעשטאַלטיקונג פון דער וועלט, אין דער איבערגעשטאַלטיקונג פונעם לעבן פון אַלע פעלקער, און אויך פונעם יידישן פאָלק, אויף נייע סאָציאַלע יסודות פון פרייהייט און גערעכטיקייט".

אַ גוט דריטל פון אַרטיקל איז געווידמעט דער אַקראָבאַטיק צו געפינען אַן אָפּטייטש אין מאַרקישס „נאַציאָנאַלע רעיונות", וואָס ווערן גלייך רעדוצירט צו „נאַציאָנאַל לויט דער פאָרעם". „די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם און די רעוואָלוציע ווערן ביי מאַרקישן געלייזט אין אַן אַלגעמיינעם סינטעז", דערציילט אונדז ווייטער רעמעניק, און מיר זאָלן אַזוי נישט וויסן פון קיין בייז, ווי איך פאַרשטיי נישט דעם טייטש דערפון.

נישט בונין, נישט יעסענין, נישט דאָסטאָיעווסקי, נישט גאָגאָל ווערן אַזוי קאַרזיכטיק פאַראייגנט ווי אַ טייל פון רוסישן קינסטלערישן פאַרמעגן, ווי הערש רעמעניק טוט עס, מיט ציטערדיקע קני, וועגן פּרץ מאַרקישן. ער אַרבעט זיך נאָך אַרויף אויף אַזאַ אַבסורד, וואָס ס'וואָלט געווען גלייכער, ווען ער וואָלט זיך כאָטש אין גאַנצן נישט צוגערירט דערצו. ער זאָגט אונדז, אַז — „די רעוואָלוציע דערלייזט אויפן בעסטן אופן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם פון אַלע פעלקער און, נאַטירלעך, אויך פונעם יידישן פאָלק". אויב די ערשטע העלפט וועט נישט אָפּגעפרעגט ווערן, פרעגט זיך אָבער מיט ווייטיק — וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק זענען, אייגנטלעך, אַזוי נאַטירלעך געלייזט געוואָרן? אפשר איז עס אַ דרוק־פעלער, אפשר האָט רעמעניק אונדז געוואָלט זאָגן — אויפ־געלייזט געוואָרן.

צו וואָס אַזאַ דערשראָקנקייט, וואָס טויט אָפּ יעדן מינדסטן ווילן צו מאָנען אויפריכט און צוריקשטעל פון אַ נאַציאָנאַל יידיש לעבן, וואָס איז פאַרחרובט געוואָרן מיט זיינע אַלע יידישע פּראָבלעמען?

אָבער אַ וויסטער צער כאַפּט אַרום יעדן אויפריכטיקן פריינד פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און פון דער סאָוויעטיש־יידישער ליטעראַטור ביים היינטיקן טאָג, ווען מען געפינט נישט אין הערש רעמעניקס אַרטיקל קיין רמז אַפילו ווי אַזוי מאַרקיש איז אַוועק פון דער וועלט. דאָס אַליין וואָלט געווען גענוג ביטער, נאָר רעמעניק פאַרגינט זיך נאָך, ציטירנדיק אַ ליד פון מאַרקיש, צוצוגעבן אַ בלימל פון זיך, אַז — „מיט דעם געזאַנג אויף די ליפּן גייט דער דיכטער אַוועק פונעם

לעבן, זייענדיק זיכער, אַז די באַגייסטערטע קלאַנגען וועלן דערגיין צו די הערצער פון מענטשן".

דאָס דאַרף באַטייטן סימבאָליש, היות ס'ווערט נישט דערציילט, ווי אַזוי פּרץ מאַרקיש איז „אַוועק פונעם לעבן", אַז מאַרקישס דיכטערישע קאַריערע האָט זיך שיין פאַרענדיקט און ער איז גאָר אַוועק — „מיט געזאַנג אויף די ליפּן", אַוועק מיט שמחה, ווייל ער האָט דאָך געוווסט, אַז זיינע באַגייסטערטע קלאַנגען וועלן „דערגיין צו די הערצער פון מענטשן".

מאַרקיש איז, הייסט עס, אַוועקגענומען געוואָרן בנשיקה — און געגאַנגען איז ער מיט געזאַנג.

ווי אַזוי האָט דער רעדאַקטאָר אהרן ווערגעליס געקענט דורכלאָזן אַזעלכע שורות, וואָס זאָלן, נישט דערציילנדיק דעם אמת וועגן מאַרקישס טראַגישן סוף, אַרומרינגלען זיין ביאָגראַפיע מיט פאַרשמאַלציקטן ציניש̇ן שקר?

כ'וויל דערפאַר אַנטקעגנשטעלן צום דאָזיקן אומגליקלעכן קוואַטש די הספּד־רייד, וואָס דער פּאָעט דוד ספאַרד האָט געשריבן אין זיין רירנדיקער אָפּשאַצונג פון פּרץ מאַרקישן, וואָס איז דערשינען אין דער וואַרשעווער „פאָלקסשטימע", פון עלפטן דעצעמבער. דער נומער איז טיילווייז אַ מאַרקיש־יובל־נומער, מיט לידער פון פּרץ מאַרקישן, לידער צו מאַרקישן און עטלעכע אַנדערע אָפּשאַצונגען, צווישן זיי אַ צענטראַל אַרטיקל פון דעם קריטיקער — שלמה בעליס.

שרייבט דוד ספאַרד וועגן פּרץ מאַרקישן: „...ער איז געפאַלן אַ קרבן אונטער דער האַק פון אַ געטש, וועלכער האָט פאַרבלענדט די אויגן פון די גלויביקע מיט אַ פאַלש, געקינצלט און קאַלט פייער. געפאַלן אין סאַמע צעבלי פון זיין דיכטערישן טאַלאַנט, נאָך דעם גרויסן בראָך, וואָס האָט געטראָפן זיין פאָלק, צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי גרעסטע פּאָעטן — פּאַטריאָטן פון לאַנד, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אין טייכן בלוט באַפרייט פון דער פאַשיסטישער חיה־רעה און ווידער אויפגעשיינט מיט דער האָפענונג פון פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע בירגער. געפאַלן אין דעם מאָמענט, ווען אין זיין קינסטלעריש וואָרט האָט דער נאַציאָנאַלער ווייטיק פון זיין אומגעקומען פאָלק זיך דערהויבן צו דער העכסטער הייך פון מענטשלעכער אויסלייטערונג און זיין יידישער צער איז געוואָרן מענטשלעכער צער, איז געוואָרן שטאָלצע און נאָבעלע מאָנונג און דערמאָנונג פון גאַנצן סאָוויעטישן פאָלק. אַן אַבסורדאַלער אומזיניקער טויט, וועלכער וועט מיט אייביקער שאַנד באַדעקן די מערדער".

טאָר מען נאָך אַלץ נישט שרייבן אַזעלכע ווערטער און זיי פאַרעפנטלעכן אין „סאָוועטיש היימלאַנד"? ווער פאַרבאָט צו דערציילן דעם אמת און צו באַוויינען „דעם אומזיניקן טויט" פון אַ גרויסן יידישן פּאָעט? אָבער ווער צווינגט נאָך דערצו אַ יידישן קריטיקער צו שרייבן, אַז מאַרקיש איז אַוועק „פון לעבן מיט געזאַנג אויף די ליפּן"?

31.12.65

## לייב קוויטקאָ אין „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין"

די אַרבעט, וואָס די רעדאַקציע פון דער אַנטאָלאָגיע „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין" האָט דורכגעפירט אין דעם אָפּקלייב פון סאָוויעטיש־יידישער פּאָעזיע און פּראָזע איז אַ קאָלאָסאַלע. די צוועלף „ליקווידירטע" יידישע שרייבער זענען מייסטנס גוט אָפּגעשפּיגלט אויף דעם שטיין, מיט זייער גאַנצקייט און מיט זייער צעבראָ־כנקייט. פאַר די, וואָס האָבן נישט געהערט פון דער דאָזיקער מאָנומענטאַלער זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אין תל־אביב און איז די בשותפותדיקע אונטערנע־מונג פון פאַרלאַג „די גאָלדענע קייט" (און דאָס מיינט די הסתדרות) און פאַרלאַג י. ל. פּרץ, דאַרף מען שרייבן עטלעכע ווערטער: דער נאָמען פון דער אַנטאָלאָגיע „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין" איז גענומען פון פּרץ מאַרקישס אַ ליד און דער עיקר פון די שורות, וואָס זאָגן — „אַז ס'איז מיין האַרץ אַראָפּגעפאַלן ווי אַ שפּיגל אויף אַ שטיין און מיט אַ קלונג פון בראָך אויף שטיקער זיך צעשפּליטערט". כאָטש מאַרקיש האָט מיט דעם נישט פאָרויסגעזען דעם גרויסן קלונג פון בראָך, זענען די שורות אַ סימבאָלישער אַריינפיר צו דער אַנטאָלאָגיע, וווּ עס ווערן רעפּרע־זענטירט צוועלף סאָוויעטיש־יידישע פּאָעטן און נאָוועליסטן. די אַנטאָלאָגיע האַלט איבער 800 זייטן און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין גרויסן פאָרמאַט. די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון בנימין הרושאָווסקי, אברהם סוצקעווער און חנא שמערוק. זיי זענען געווען די אָפּקלייבערס, זייער אַרבעט איז באַשטאַנען פון — פאַלג מיך אָן אַרבעט. טאָמער זאָל מען קומען מיט טענות, אַז דער אָפּקלייב איז נישט פול, אָדער מען האָט געקענט די אומגעבראַכטע שרייבער אַ ביסל אַנדערש רעפּרעזענ־טירן, קען די רעדאַקציע דערויף האָבן זייער אַ גוטן פּאַרטיקן תירוץ — גייט טוט איר אַזאַ אַרבעט און ווייזט וואָס איר קאָנט.

אַ פאַרכאַפּנדיקע אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן. מען קען זיך קוים משער זיין, וואָס פאַר אַ ריזיקן אויפגאַב די רעדאַקציע האָט געהאַט פאַר זיך. די אַנטאָלאָגיע האָט אויך אַ צוגאָב צום פּאָעזיע־ און פּראָזע־אויסוואַל — ביאָגראַפיעס און ביבליאָ־גראַפישן מאַטעריאַל, צוזאַמענגעשטעלט פון מענדל פּיעקאַזש און אויספירלעכע הערות, ממש צו יעדן ליד און יעדן פּראָזע־ווערק, אין דער גרויסער זאַמלונג. געוויינלעך וואָלטן אַזעלכע אויספירלעכע הערות אַרויסגערופן אַ שמייכל אַנטקעגן דער איבערפּליסיקייט פון אויסזוכן אַזעלכע וואַריאַציעס, אָפט מאָל פון אַ שורה, וואָס איז געענדערט געוואָרן פון אָריגינאַל, ביז זי איז דערשינען אין געזאַמלטע ווערק. אָבער די הערות זענען אין דעם פּרט פּאַקטיש אויך אַ טייל פון די ביאָגראַ־פיעס, ווייל אַ געענדערטע שורה דערציילט אונדז וועגן דער געצוווּנגענער צופּאַ־

סיקייט פון סאָוויעטישן פּאָעט אָדער פּראָזע־קינסטלער, אָדער פון זיין פאַרלוירנ־קייט, ווייל ער האָט קיין מאָל נישט רעכט געוווּסט ווער ס׳וועט ווערן דער שופט איבער זיין אַרבעט, וואָס מען מוז אויסמעקן און וואָס מען מעג איבערלאָזן. די הערות זענען דערפאַר אַ שטודיע פאַר זיך און מ׳דאַרף דאַנקען דעם יידיש־וויסנ־שאַפטלער חנא שמערוק פאַרן אופן ווי ער האָט זיין אַרבעט דורכגעפירט, ווייל ער האָט אָפט געמוזט אויסגעפינען עטלעכע וואַריאַנטן און געטריי לייענען די באַזונדערע שורות. שמערוק האָט אויך געשריבן דעם אויפקלערערישן אַריינפיר צו דער אַנטאָלאָגיע.

די אומגעבראַכטע שרייבער, וואָס ווערן רעפּרעזענטירט אין דער גרויסער יזכור־אַנטאָלאָגיע זענען: דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, דוד האָפשטיין, שמואל פערסאָוו, אהרן קושניראָוו, לייב קוויטקאָ, פרץ מאַרקיש, משה קולבאַק, שמואל האַלקין, איזי כאַריק, איציק פעפער, זעליק אַקסעלראָד.

די דאַטע פון דער מאַסן־ליקווידאַציע פון די סאָוויעטיש־יידישע שרייבער ווערט געוויינלעך אָנגעגעבן — 12טער אויגוסט 1952, אָבער בלויז זעקס פון די אַנטאָלאָגירטע שרייבער זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין 1952. פינף פון זיי זענען פריער און באַזונדער אומגעבראַכט געוואָרן. שמואל האַלקין האָט אָפּגעפינצטערט אין תפיסה, שפּעטער האָט מען אים אַ קראַנקן אַריבערגעפירט אין תפיסה־שפּיטאָל. אַרויס איז ער אַ געראַטעוועטער פון דער ליקווידאַציע, אָבער אַ צעבראָ־כענער מענטש, און ווען ער איז געשטאָרבן אין 1960, איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז אויב אים זענען באַשערט געווען נאָך אַכט יאָר פון אַ צעבראָכן לעבן, איז ער פון דעסטוועגן געווען אַ קרבן פון דעם מאַסן־אַטענטאַט אויף די סאָוויע־טיש־יידישע שעפער. ער איז דערפאַר מיט רעכט אַריינגענומען געוואָרן, ווי איינער פון די צוועלף ברידער, וואָס זענען נישט תמיד געווען פאַרברידערט צווישן זיך אין לעבן.

וועגן דער אַנטאָלאָגיע האָט מען שוין אַ סך געשריבן. ס׳איז קלאָר, אַז די זאַמלונג איז אַ גאָר געהויבענער בייטראָג צו אונדזער כינוס־ליטעראַטור, מכמה וכמה טעמים. ס׳איז אי אַ ווערק צום לייענען, אי צו שטודירן; און די שטודיע קען אויך אַרומנעמען גאָר אַ סך ווינקעלעך. מען קען, למשל, זיך אָפּשטעלן אויף די זיגזאַגישע קריטיק־ליניעס פון זעלבסטגעקרוינטע קריטיקער און זייער השפעה אויף די שרייבער. ס׳איז אויך מעגלעך אויסצוטיילן שורות פון די שרייבער, וואָס האָבן זיך געקליגט קעגן דער זיגזאַגישער אַזוי גערופענער קריטיק, וואָס איז אָפט אַרויסגעקומען פויפסטלעכער, ווי ביי די נישט־יידישע שרייבער. מען קען אויך זוכן די מאַראַניש־נאַציאָנאַלע שורות ביי טייל פּאָעטן, אַפילו אין די יאָרן ווען ס׳איז געווען אַן איינשטעלעניש; מען האָט מורא געהאַט, אַז עמעצער פון די כאַדיסטישע קריטיקער וועט גלייך זיך אַרויפוואַרפן אויף די דאָזיקע געפערלעכע „אָפּנייגן״. טייל קריטיקער פון יענע אינקוויזיציע־עפּאָכעס לעבן נאָך איצטער און

זיי זענען נאָך עד היום די „שטנק־פייגל״, ווי לייב קוויטקאָ האָט זיי אָנגערופֿן אין זיינס אַ סאַטיריש ליד.

*

וויל איך זיך טאַקע אָפּשטעלן אויף דעם אייגנאַרטיקן פּאָעט און אויסערגע־ווינלעכן מוטיקן מענטש לייב קוויטקאָ. זיין אייגנאַרטיקייט קומט אויסגעצייכנט צום אויסדרוק אין דער אַנטאָלאָגיע „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין״. ס׳קומט אַ דאַנק די אָפּקלייבער, וואָס זיי האָבן אים פֿאַרגעשטעלט מיט זיינע פֿריע לידער, ווו ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס אָריגינאַליטעט און מיט זיינע צעשפּילטע און קאַפּ־ריזנע פֿערזן.

פֿאַראַן נאָך אַ סיבה, וואָס כ׳שטעל זיך אָפּ אויף לייב קוויטקאָס לידער, ווייל זיין 75סטער געבוירנטאָג ווערט איצטער געפֿייערט אין מאָסקווע און אין וואַרשע און ס׳איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן איינעם פֿון די באַרימטסטע סאָוויע־טיש־יידישע שרייבער, וועמענס לידער און ספּעציעל זיינע קינדער־לידער זענען באַרימט געוואָרן דורך איבער׳עצונגען אויף רוסיש און אין אַ צענדליק אַנדערע לשונות פֿון די סאָוויעטישע פֿעלקערשאַפֿטן.

אָבער דער דאָזיקער באַרימטער און מיט כבוד אַרומגערינגלטער שרייבער האָט אַריינגעכאַפּט מער צרות פֿון אַנדערע, צוליב זיין מוט, ווייל ער האָט זיך נישט „געלאָזט״, ער האָט זיך געווערט קעגן די אומגעריכטע און ספּאַזמישע „ריייניקונגען״, אין אַ סעריע סאַטירישע לידער. מיט איין ליד האָט ער געצי־לעוועט דירעקט קעגן משה ליטוואַקאָוון און זיין קולאַקישער קריטיק־רשעות. דאָס ליד האָט געהייסן „דער שטינק־פֿויגל מוילי״. אַלע האָבן קלאָר געוווּסט, אַז אין אַזעלכע שורות —

> אונדז דאַכט, אונדז דאַכט — ער שטייט אויפֿן דאַך
> און ציט־אויס זיין שנאָבל, דערלאַנגט,
> אין שטוב ווערט אַ געשטאַנק —

— ווערט אָפּגעפּאָרטרעטלט דער דעמאָלטיקער פּוסק און שופֿט פֿון דער יידישער ליטעראַטור — משה ליטוואַקאָוו.

די סאַטירישע לידער האָבן גלייך פֿאַראורזאַכט אַ גרויסן סקאַנדאַל. עטלעכע יידישע פּאָעטן האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און פֿאַרטיידיקט קוויטקאָן. די דאָזיקע שרייבער האָבן זיך שפּעטער געמוזט עפֿנטלעך אָפּשמייסן. ס׳איז געוואָרן פֿון דעם אַ סקאַנדאַל אַ „מעשה־קוויטקאָ״, וואָס איז אַזוי גיך נישט איינגעשטילט גע־וואָרן. קוויטקאָ אַליין איז שווער באַשטראָפֿט געוואָרן. זיין האַרבע שטראָף איז געווען, וואָס מען האָט אים באַזייטיקט פֿון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פֿון זשורנאַל „די רויטע וועלט״. מ׳קען גוט פֿאַרשטיין, וואָס ס׳האָט געמיינט אין 1929 אַזאַ

עפנטלעכע שטראָף: אייגענע חברים טרייסלען זיך אָפּ פון אַ חבר און באַזייטיקן אים פון זיין אַרבעט ווי אַ מיטרעדאַקטאָר. אַזאַ האַנדלונג האָט געמיינט שטעלן קוויטקאָן מחוץ למחנה און מ׳קען זיך זייער גוט פאָרשטעלן קוויטקאָס ביטערן מצב נאָך יענער אויפרודערונג, וואָס איז כאַראַקטעריזירט געוואָרן ווי „אַן אויסדרוק פון אַ רעכטן אָנגריף אין דער ליטעראַטור״.

ס׳איז דערפאַר דערשטוינט צו ווערן, ווען מען ווייסט ווי קוויטקאָ האָט טריומפירט איבער זיינע שונאים און ווי גיך ער איז באַרימט געוואָרן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד מיט זיינע קינדער־לידער, וואָס זענען געלערנט געוואָרן אין די סאָוויעטישע שולעס. קוויטקאָ איז נאָך פריער פון אַנדערע סאָוויעטיש־יידישע פּאָעטן באַרימט געוואָרן אין נישט־יידישע ליטעראַרישע קרייזן, און צווישן זיינע נאָענטע חברים זענען געווען די גרעסטע רוסישע און אוקראַינישע שרייבער.

די דאָזיקע באַרימטקייט האָט קוויטקאָן נישט קאַליע געמאַכט. לויטן עדות־זאָגן פון יידישע פּאָעטן, וואָס זענען געווען נע־ונד אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אין יענע שוידערלעכע היטלער־יאָרן, איז קוויטקאָ געווען זייער בעסטער און וואַרעמ־סטער חבר. ער איז געווען דער גרעסטער בעל־טובה זייערער, ער האָט זיך אָפּט אַליין נישט געשאַנעוועט און איינגעשטעלט זיך פאַר די דאָזיקע חברים פּאָעטן־פּליטים.

ס׳איז נישט צו גוט באַקאַנט, אַז לייב קוויטקאָ האָט אָנגעהויבן ווי אַ דיכטער פון פרייען פערז. זיינע ערשטע לידער, וואָס ווערן, ווי געזאָגט, געבראַכט אין דער אַנטאָלאָגיע, זענען פון 1917—1918 און פון די צוואַנציקער יאָרן און זיי ברענגען מיט זיך אַ פרייען פּאָעט אָן שום צוואַנג, נישט טעמאַטיש און נישט אין פאָרעם. טייל לידער זענען אומקלאָר, אָדער בעסער געזאָגט נישט אויסגעקלאָרט; אָבער אַפילו אין זיי זענען אַ סך שורות פול מיט חן. קיין צו גרויסע בילדונג האָט קוויטקאָ נישט באַקומען, אָבער זיינע לידער ווייזן אָן אויף אַ הויכער פּאָעטישער קולטור. אים האָט געצויגן צו יידישער טעמאַטיק און ער האָט אָפּט גענומען פּאָעטישע „שטעלונג״ צו ביבלישע געשטאַלטן.

עשו.
באַוואַקסענער, געבענטשט מיט שמעקנדיקן פעלד.
דיר קומט פון מיר אַ גרייזער חוב.
ער ליגט פאַרזונקען אין מיין טיף,
באַגראָבן אין מיינע פאַרשאָטענע אוצרות.
עשו.
שטיל, הינטער דיינע פּלייצעס,
שטיל האָב איך געזויגן די ריחות פון דיין מזל,
דאָס קרעפּטיקע געטראַנק פון דיר, עשו, שמעקנדיק פעלד.

דאָס ליד ענדיקט זיך תנ״כיש —

עשו,
קער זיך אָפּ פון מיר צו דיינע שעפּסעלעך,
צו דיינע שמעקנדיקע קוואַלן,
לייג אַרויף דיין האַנט אויף זיי,
דיין האָריק אַלטע האַנט.

לייב קוויטקאָ האָט פאַרמאָגט אַן אימפּעטיקן ריטעם, וואָס האָט אָפט פאַר־טונקלט זיין ליד. די מוזיק פון דער שורה האָט אים געטריבן פון בילדלעכקייט צו בילדלעכקייט. ער האָט ליב געהאַט צו קאָמבינירן קורצע און לאַנגע שורות און אין זיי אַריינגעבן דעם טראָפּ פון גערעדטן וואָרט. זיין פאָלקסטימלעכקייט און זיין מוזיקאַלישקייט האָבן אים געהאָלפן שאַפן זיינע פּרעכטיקע קינדער־לידער.

אין קוויטקאָס לידער, אַפילו אין די שפּעטערע, איז פאַראַן אַ סך דורכגע־שמוגלטער יחידישער טרויער, וואָס ער פאַררעדט און פאַרזינגט.

לייב קוויטקאָ האָט אויך געשריבן אַ סעריע פּאָגראָם־לידער —

קוק, איך פינטל מיט די אויגן — אַ ?
מיין שכן זאָגט, אַז איך בין טויט,
אַז מ׳האָט מיך דערהרגעט,
זאָל איך גלייבן אים, אַ קריסט ?

גוטע לידער זענען — „אונדז די שפּעטסטע״, „ווען איך קוק אויף די שטערן״, און אַ זעלטן ליד „פאַרן עמוד״, וואָס קוויטקאָ האָט פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „מילגרוים״ אין בערלין, אין 1922, און קיין מאָל נישט אַריינגענומען אין זיינע ביכער :

פאַרן עמוד,
פאַר אָנגעצונדענע ליכט
האָב איך דערפילט מיין לייב,
דאָס קלאָרקייט,
דעם גוטן ריח פון מיין בלוט.
האָט מיין ליכטיק לייב געזען :
מתפּללים קומען אָן אַלץ מערער,
פון אַלעמען שיילן זיך אָפּ די קליידער,
אַלט־פאַרביקע וואָכן
פאַרגליווערטע שווייסן

פון האַנדל און וואַנדל —
ווי ליסקעס פאַרדאַרטע רערלען זיך, פאַלן אַראָפּ.
זיי ווערן לייבער איידעלע,
אַלע זיי שיינען
פון טבילה און פיינען,
אַ לויטערקייט שטראַלט פון זיי און נעמט זיי אַרום.
אין אַלעמענס פאַרמאַכטע אויגן שפּראָצן געזאַנגען,
אויך אין מיינע שפּראָצט אַ געזאַנג,
נאָר פון תנועות שמעקט נאָך פּיין
און דער פּיין אויך נישט אין גאַנצן לויטער.
פאַרן עמוד,
דורך עמוד פאַר דער וועלט
דערצייל איך ווי מיר שפּראָצן־אויף,
ווי מיר קומען אָן,
דערצייל איך,
מיט געוויין, מיט געזאַנג, מיט פּראָסטן וואָרט.

דאָס ליד האָט געמעגט אָפּטער דערמאָנט ווערן, ווי אַ ניי־יידיש ליד, אין דעם אויפגאַנג פון דער יידישער פּאָעזיע. לייב קוויטקאָ האָט זיך געשראָקן פאַר דעם „עמוד" און האָט עס נישט אַריינגענומען אין זיינע ביכער, אָבער ער איז סיי ווי געשטאַנען פאַרן „עמוד פון דער וועלט" ווען ער האָט געשריבן די שורות, וואָס איך ברענג דאָ ווייטער פון זיינס אַ ליד — „אויף ניי־געבוי", וואָס איז פאַרעפנט־לעכט אין נאָוועמבער־נומער פון זשורנאַל „יידישע שריפטן", וואָס דערשיינט אין וואַרשע. דער נומער עפנט זיך מיט לייב קוויטקאָס לידער — „אין פאַרערונג פון זיין 75סטן טאָג פון געבוירן".

דו ווייסט אַליין: דו ביסט אַ מענטש,
און וואָס אויף דער ערד געשעט נאָר שלעכטס —
אַ טראָפּן דיינס איז דאָ אין דעם;
דו ביסט אַ מענטש, דו ווייסט אַליין,
דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם.

דאָס זענען וויטמאַניש איבערגעפורעמטע שורות פאַרן עמוד פון דער וועלט, און ווער ווייסט פאַר וואָסערע טראָפּנס שלעכטס לייב קוויטקאָ האָט זיך געשטראָפט מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

14.1.66

# אַ גרוס פון יידיש־פוילן

מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן געגרינדעט געוואָרן אַ נייע פאָעטישע באַוועגונג. די דאָזיקע באַוועגונג האָט געהייסן — אימאַזשיזם. דער נייער נוסח איז געווען באַגרינדעט אויף דעם פראַנצויזישן סימבאָליזם און האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אויף קליינע לידער, מיט אַ סך בילדלעכקייט. פאָעטן פון אַלע צייטן האָבן געזען די וועלט דורך פאָעטישע בילדער, אָבער דער אימאַזשיזם האָט דאָס גאַנצע ליד געזען ווי אַ שטיק בילדלעכקייט. דער אימאַזשיזם האָט געפאָדערט פאָעטישן תמצית, עסענץ און דערפאַר האָבן זיך די פאָעטן געמוזט קאָנצענטרירן אויף קליינע לידער. זיי האָבן זיך נישט געטאָרט פאַררעדן, נאָר פאַרבילדלעכן דאָס ליד מיט אָריגינעל „געזעענע" שורות.

דער אימאַזשיזם האָט אויך געפאָדערט נייע ריטמען, נייע וואַריאַציעס און ער האָט זיך מייסטנס באַנוצט מיטן פרייען פערז פון וואָלט וויטמאַן, כאָטש וויטמאַן איז נישט געווען זייער פאָעטישער „פאָטער", ווייל זיינע לידער זענען געווען צו לאַנג און צו זאָגעווודיק.

דער אימאַזשיזם האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער נייער אַמעריקאַנער פאָעזיע און האָט אַרויסגעבראַכט נייע, פרישע טאַלאַנטן. ש. ניגער און אַנדערע האָבן אַפילו געוואָלט שטעלן דעם „אינזיכיזם" אונטער דער השפעה פון אימאַזשיזם. אָבער ס'איז נישט אמת געווען, ווייל די אינזיכיסטן האָבן זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון זאָגן אין ליד און זיי האָבן אויך נישט מקפיד געווען אויפן קליינעם, עסענצהאַפטיקן ליד. אַוודאי איז געווען אַ שטיקל שייכות אין דעם צוגאַנג צום ליד, צווישן אינזיכיזם און אימאַזשיזם, אָבער ס'איז גיכער געווען אַ דור־שייכות, וואָס האָט אויפגעפרישט די פאָעזיע איבער דער גאַנצער וועלט.

דער נייער אימאַזשיסטישער פאָעט האָט געזוכט פרייהייט און זי געוואָלט דווקא געפינען אין דער דיסציפלין פון קליינעם, ענגן ליד, ווו מען טאָר זיך נישט „אַרויסכאַפּן" מיט אַן איבעריק וואָרט. שפּעטער איז דער פאָעטישער מעטאָד ג.עוואָרן צו ענג פאָרן פאָעט און אַ סך פאָעטן פון דער אימאַזשיסטישער שולע האָבן פאַרלאָזן די „שולע" און געגאַנגען אויף אייגענע קעסט, ווי עס פירט זיך געוויינלעך אין אַלע פאָעטישע שולעס, וואָס קענען זיך לאַנג נישט האַלטן ביי אייגענע געשאַפענע געזעצן; ווייל פאָעטן זענען בטבע יחידים, וואָס שאַפן אין איינזאַמקייט, מיט זיך, אין איזאָלירטקייט פון אַלע אָנגענומענע כללים, וואָס ווערן ל'כתחילה געשאַפן צו בינדן דעם אמתן פאָעט, וואָס באַפרייט זיך פון זיינע פענטעם — צו שאַפן פאַר זיך אַן אייגענע אינדיווידועלע דיסציפלין.

די דאָזיקע לענגערע הקדמה האָב איך געשריבן דערפאַר, ווייל כ׳האָב נאָר וואָס באַקומען אַן „אימאַזשיסטישן" גרוס און — איר וועט נישט טרעפן פון וואַנען — דווקא פון פוילן, אין געשטאַלט פון אַ יידיש בוך לידער, וואָס הייסט מיטן טראַדיציאָנעל־יידישן נאָמען — „המשך". דעם פּאָעטס נאָמען איז פּ. ציבול־סקי און דאָס בוך איז דערשינען אין פאַרלאַג „יידיש בוך", אונטער דער רעדאַקציע פון דעם אָנגעזעענעם פּאָעט און קריטיקער דוד ספאַרד.

ספאַרד האָט שוין רעדאַקטירט צענדליקער יידישע ביכער אין פוילן, און אויב כ׳בין זיך נישט טועה, האָט ער זיי אַריינגעפירט מיט קליינע פאָררעדעס, אָבער דאָס מאָל קריגן מיר נישט קיין ידיעות וועגן דעם פּאָעט פּ. ציבולסקי, וועמענס בוך לידער איז דערשינען אין וואַרשע, אין 2500 עקזעמפּלאַרן.

כ׳וויל גלייך זאָגן, אַז כאָטש דער אימאַזשיסטישער מעטאָד איז שוין לאַנג אַרויס פון דער פּאָעטישער „מאָדע", האָט אויף מיר דאָס בוך פון עטלעכע נייַנציק זייטן (כ׳האָב פיינט די פאַרקלענערונג — ביכל, ווי קליין אַ בוך זאָל נישט זיין) געמאַכט אַן איינדרוק פון פּאָעטישער פרישקייט, אפשר דערפאַר, ווייל הינטער די קליינע קאָנצענטרירטע לידער איז פאַראַן אַן עכטער פּאָעט, מיט אייגענע געפילן און מיט אַ גוט לשון. ס׳קען זיין, אַז כ׳האָב אַזוי אויפגענומען די לידער אין בוך „המשך", ווייל דער אַמאָליקער אימאַזשיזם ווערט שוין אַזוי לאַנג נישט פּראַקטי־צירט, אַז אין פּ. ציבולסקיס הענט זעט ער אויס באַנייט און אויפגעפרישט. פאַר מיר איז אויך געווען אַ נייעס, וואָס דער פּאָעט פּ. ציבולסקי באַנוצט זיך מיט פרייען פערז אין פוילן, פון וואַנען עס קומען געוויינלעך טראַדיציאָנעל־געבונדענע לידער. ציבולסקין גיט זיך איין צו בינדן זיינע לידער אין אַ גוטן געפרעסטן פרייען פערז. נישט פאַראַן אין די לידער קיין פּאָליטישע צופּאַסיקייט, נאָר שיינ־קייט און טרויער, יידישער טרויער.

„המשך" איז דערפאַר אַ פּאַרעלטערטע באַנייונג, אויב מ׳קען אַזוי זאָגן, אַן אויפפרישונג, וואָס אַז מען לייענט איין קליין ליד נאָכן אַנדערן, נעמט מען עס אויף ווי אַן אָפפרישונג, דער עיקר, ווייל מען דערשפּירט די ערלעכקייט פון פּאָעט, זיין פּאָעטישע אינטעליגענץ, די קאָנטראָלירטע שורה, די אָריגינעלע בילדלעכקייט. ציבולסקי באַנייט אַפילו דעם מעטאָד, אים געלינגט אין דעם קאָנצענטרירטן און כמעט פאַרגליווערטן אימאַזשיסטישן ליד, אַריינצובלאָזן יידישע וואַרעמקייט, דורך זיין יידישער טעמאַטיק.

אין „המשך" זענען פאַראַן אַ סך חורבן־לידער, וואָס זינגען אַריבער די איינ־געצאַמטקייט פון די פריי־פערזיקע שורות; אַ סך ליבשאַפט און געטריישאַפט צו טאַטע־מאַמע און יידישער צאַרן קעגן דער קריסטלעכער וועלט, וואָס האָט עס צוגעזען, דערלאָזט און געשוויגן. די יידישקייט פון די לידער איז נישט קיין דער־שראָקענע און צוריקגעהאַלטענע, נאָר אַן אָפענע און פולהאַרציקע. פאַראַן אין בוך אַ סך שיינע נאַטור־לידער, שוין אַ ביסל צו פיל, אויפן חשבון פון אַנדערע

שטימונגען און מאָטיוון, אָבער אומעטום איז דאָ דער פּאָעט און אומעטום איז אויף דער וואַך דער פּאָעטישער קאָנטראָלער, וואָס לאָזט נישט אַריינגנבענען קיין באַנאַליטעט.

דער אימאַזשיסטישער מעטאָד פון געפּרעסטער און געצאַמטער בילדלעכקייט, דערלאָזט נישט דעם פּאָעט צו וואַקסן העכער פון זיין ליד. דעם פּאָעטס חלום איז צו שרייבן דאָס קליינע פּערפעקטע ליד, אָבער די כסדרדיקע קליינקייט, נוצנדיק דעם מעטאָד פון בילדלעכקייט, האָט אויך אָפּט אַן השפעה אויף דעם פּאָעט גופא און עס לאָזט אים נישט אַ פלי טאָן העכער.

אין בוך „המשך" געפינען מיר סימנים, אַז פּ. ציבולסקי מוז שוין זיין אַ ייד אין די זעכציקער. ס'זענען פאַראַן צוויי וואַרשעווער דאַטעס אונטער לידער, וואָס זענען געשריבן אין 1923 און 1927. כ'ווייס נישט, צי דער פּאָעט האָט ווען עס איז פריִער פאַרעפנטלעכט אַ בוך לידער. די צוויי לידער פון די צוואַנציקער יאָרן זענען געשריבן אין טראָט מיט דער נייער פּאָעזיע און אין פרייען פערז. טעמאַטיש האָט פּ. ציבולסקי באַרייכערט זיינע לידער, בעסער געזאָגט, די יידישע געשיכטע האָט זיי באַרייכערט פאַר אים. אָבער ס'וואָלט אַוודאי בעסער געווען ווען דער פּאָעט וואָלט זיך געווען ביסלעכווייז באַפרייט פון דעם דרך פון זיינע יונגע לידער.

אָבער מיר האָבן פאַר זיך אַ בוך, אַרויסגעגעבן אין 1964, און ס'איז נישט שייך צו געבן עצות אויף דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס בוך „המשך" איז אַ צושטייער צו דער יידישער פּאָעזיע. דער פּאָעט איז אַ זוכנדיקער פּאָעט, וואָס זוכט דעם סוד פון וואָרט, ווי ער זאָגט אונדז גלייך אין זיין ערשט ליד. ער הערט זיך איין ווי די פּאַרטיליקטע מאַמעס שפּראַך „זוכט אַ דערלייזונג אין אָטעם פון יעדן וואָרט".

דאָס צווייטע ליד אין בוך לאָזט איבער דעם טאַטן אויפן פאַרנאַכטיקן שיידוועג, מיט די פרעגנדיקע „תהילים־אויגן" און דער זון אַנטלויפט „מיטן וואַרגנדיקן ענטפער אין דער קעל".

דאָס דריטע ליד הייסט „מאַידאַנעק" און ס'איז כדאי עס צו ברענגען אין גאַנצן —

בלעכענע שיסלען,  
באַדעקט מיט קרעציקן זשאַווער —  
עדות פון דערנידערונג  
פון מענטשלעכן מין —  
וואָס מאָנט איר ביי מיר  
מיט אייער אייטערדיקן דנאָ ?  
איז דען אַ פאַרגיטיקונג  
אַז ס'וואַרגט מיך יעדער טראָפּן

געשעפט פון פרידלעכע טעלער?
און צי וועט איר געפינען דען אַ תיקון
ווען כ׳וועל אין אַלע געבעטהייזער
אַראָפּרייסן די דערנער־קרענץ
און צעהענגען אייערע בלעכענע אָרעאָלן
ווי שאַנד־צייכנס
איבער די קעפּ פון הייליקע
וואָס האָבן פאַרשוויגן
אייער פאַרכריפּעט געשריי?

דאָס ליד איז אַ מוסטער פון אימאַזשיזם, וואָס איז באַקרעפטיקט געוואָרן דורך דער טעמאַטיק פון אונדזער צייט.

דעם פּאָעט פּ. ציבולסקי אַרט שטאַרק די צביעות פון דער קריסטלעכער וועלט. די מאַמע כאַפּט מיט אַ שטיין אין שטערן, געצילט פון גאָטגלויביקע און ס׳בלייבט איר אַ שראַם אויפן שטערן — „אַ שלאַנגיקער ביס פון אַ שטיין״. נאָך צוויי טויזנט יאָר, זאָגט אונדז דער פּאָעט, האָט מען „געפונען דעם אָן־זינד, ער זאָל וואַרפן דעם שטיין״.

מען געפינט אין בוך אַ סך לירישע לידער און וואַרעמע לידער צו פרויען:

ווי ס׳וואָלט דיין בלאָנדער קאָפּ
ווייטער געבלאַנקט אין די שויבן
און דיינע צעפּ —
דערוואָרגענע צוויי פייגל.

די נאַטור־לידער פאַרמענטשלעכט אָפּט דער פּאָעט און זיי ווערן „פּאָבעלי־זירט״.

צעגליט פון מאָן־שיין
פאַרלעש איך לייטזעליק דאָס פענצטער
און לאָז פלאַמען דעם קאַקטוס
אויפן מזבח פון זיינע דערנערדיקע ריפּן,
ווי אַ באַוויליקטן קרבן.

פּ. ציבולסקי זאָגט אויף זיינע לידער, אַז זיי זענען צויטן „פאַרבונדענע אויף שטעקנס מיט פּאַרסאַפּעטע ווערטער, ווי טויבן אין אַ פרעמדן טויבנשלאַק״.

ער מיינט דערמיט דעם אימאַזשיסטישן סטיל, די אויפגעכאַפּטע בילדלעכע שורות. אָבער די לידער זיינע זענען יידישע און נישט אין אַ פרעמדן טויבנשלאַק. בכלל ווייסט זייער גוט דער פּאָעט ווו זיינע לידער ווערן געבוירן.

ווי משה מיט דער צעגליטער קויל
אויף דער צונג —
און דאָס איז דער ערשטער ציטער פון אַ ליד,
זיין וואַרגנדיקער אָנהייב.

כ׳האָב געלייענט אַ צאָל שיינע לידער אין בוך — „וואָן גאָגס בריוווטרעגער", „בויען", „קאָנגאָ". אַפילו די לידער פון קראַנקייט פאַרמאָגן אַ דינעם הומאָר און אַ רעזיגנאַציע פון רייפער עלטער אַנטקעגן יעדן צייכן פון יונגשאַפט. אַ גוטער ביישפּיל איז דאָס ליד „דאָקטאָרין" —

אָטעם נישט —
זאָגט זי צו מיר
און פאַרוויקלט אין פלאָנטער פון רערלעך
גראָבט זי זיך איין
מיטן זילבערנעם וואָרעם פון סטעטאָסקאָפּ
אין געשטעל פון די ריפּן.
קוקן מיר זיךביידע אין די אויגן,
אַן אָטעם פאַרהאָרכט,
אינעם קלאַפּן פון די הערצער,
ווי פאַראורטיילטע.
בלויז איר בלאָנדער לאָק אויפן שטערן
איז ווי אַ ווייזער צום לעבן.

„המשך" איז אַן אָנגעלייגטער גרוס פון יידיש־פּוילן און אַ גוטער צובונד צו דער יידישער פּאָעזיע אין דער וועלט, אַן עדות איז דאָס לעצטע ליד אין בוך, וואָס הייסט טאַקע „המשך". דער פּאָעט פ. ציבולסקי זאָגט אונדז —

צו דעם יידענעם געוועב
וואָס מיר וועבן שוין יאָרנלאַנג
אויף דער געירשנטער וועבשטול,
פּרווו איך קוים צוצושפּינען
אַ דינינקן פאָדעם,
וואָס איך וויל אים האָבן
צו פאַרבינדן דעם נאָפל
פון אַ ניי־נעבוירענעם יורש.

4.10.64

דעם 25סטן דעצעמבער, 1921, איז אין פּאָלטאַווע געשטאָרבן דער גרויסער ליבעראַלער און וואַרעמער יידנפריינד, וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש קאָראָלענקאָ. ביזן סוף פון זיינע טעג האָט ער נישט שלום געמאַכט מיטן קאָמוניזם און מען האָט עס גאַנץ גוט געוווּסט, אָבער דער יונגער סאָוויעטישער רעזשים האָט פאַר אים געהאַט אַ סך דרך־ארץ. זיין נאָמען האָט אים געגעבן אַ צוטריט אין די העכסטע רעגירונג־קרייזן, ווו ער האָט געהאַט אַ סך פריינד. לענין האָט אויך געוווּסט, אַז דער גרויסער שריפטשטעלער „פאַרשטייט" נישט און וועט נישט פאַרשטיין די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. לונאַטשאַרסקי, דער פאָלקס־קאָמיסאַר פון בילדונג, איז געווען קאָראָלענקאָס פריינד. מאַקסים גאָרקי האָט זיך גערעכנט פאַר קאָראָלענקאָס אַ תלמיד. קאָראָלענקאָ האָט אויסגעלעבט זיינע לעצטע יאָרן אין פּאָלטאַווע, און ווען ער איז געשטאָרבן, אין עלטער פון 68 יאָר, האָט ער געהאַט אַ גרויסע לוויה און צוויי טעג נאָך זיין טויט, האָט מען אויפן אַלרוסישן צוזאַמענפאָר פון די סאָוויעטן, באַערט זיין אָנדענק און געשיקט אַן אָפיציעלע מיטלייד־טעלעגראַמע צו קאָראָלענקאָס משפחה.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען אַ דריי־פיר יאָר נאָך דער רעוואָלוציע און אַ שרייבער מיט קאָראָלענקאָס פאַרדינסטן און מיט זיין וועלט־נאָמען איז נאָך באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ שיינדל, כאָטש ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אָנצונעמען אַ רעגירונג־סטיפּענדיע, ווען ער איז געווען עקאָנאָמיש געדריקט און ער מיט זיין משפחה האָבן געלעבט אין גרויס דחקות.

אָבער נאָך זיין טויט איז קאָראָלענקאָ פאַרגעסן געוואָרן. געקליבענע בריוו זיינע זענען ערשט דערשינען אין די יאָרן 1932—1936, אָבער נישט זיינע ווערק. ערשט אין 1953, 32 יאָר נאָך זיין טויט, האָט מען זיך צוריק אָנגעהויבן דערמאָנען אין קאָראָלענקאָן און מען האָט גענומען אַרויסגעבן זיינע געזאַמלטע ווערק. אין 1960/61 איז שוין אַפילו דערשינען אַ געקליבענע זאמלונג פון זיינע ווערק פאַר דער „יונגער גוואַרדיע".

אָט די ביבליאָגראַפישע פאַקטן זענען וויכטיק צו געדענקען, ווייל זיי פאַלן זיך צוזאַמען מיט סטאַלינס טעראָר־רעזשים, ווען קאָראָלענקאָ איז פאַרגעסן געוואָרן, און מיט סטאַלינס טויט, ווען מען האָט צוריק אָנגעהויבן אויפלעבן דעם נאָמען פון באַרימטן רוסישן שרייבער, כאָטש ער איז געווען אַ באַוווּסטער קעגנער פון באָלשעוויזם, און ער האָט קיין מאָל קיין סוד נישט געמאַכט דערפון.

אָבער אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז, וואָס ס'איז דערשינען אין מאָסקווע אַ

ביאָגראַפיע פון קאַראָלענקאָן, פאַר דער „יונגער גוואַרדיע“, אין דער ביאָגראַפישער סעריע פון „לעבנס פון אויסערגעוויינלעכע מענטשן“, וואָס גאָרקי האָט נאָך גע־גרינדעט אין 1933. די דאָזיקע פאַרשפּעטיקטע ביאָגראַפיע פון גרויסן רוסישן שרייבער און פלאַמענדיקן, אומדערשראָקענעם קעמפער פאַר גערעכטיקייט, איז אויסערגעוויינלעך גוט און וואַרעם אָנגעשריבן. דער יונגער ביאָגראַף, געאָרגי מיראָנאָוו, האָט גאַנצע צען יאָר געזאַמלט מאַטעריאַל און דאָקומענטן איבער קאָראָלענקאָס לעבנסוועג. די ביאָגראַפיע וואָס איז לכתחילה געשריבן פאַרן יונגן דור, פאַרמאָגט נאָך אַ גרויסע מעלה, ווייל עס קומט צום אויסדרוק דער קאַמף, וואָס קאָראָלענקאָ האָט געפירט מיטן רעזשים ביי זיך אין פּאָלטאַווע, און ס׳ווערן אַפילו פריי איבערגעגעבן די מיינונגען פון דעם באַרימטן ליבעראַל, אין אַן אויפריכטיקן דיאַלאָג מיט די קאָמיסאַרן, אַז גרויזאַמקייט פירט צו נאָך מער גרויזאַמקייט און מען קען עס נישט אָפּשטעלן.

נישט די ביאָגראַפיע און נישט אַזאַ פאַרצייכנטע מיינונג־פאַרשידנקייט וואָלט מעגלעך געווען אין מאָסקווע מיט אַ צען, אָדער אַפילו מיט אַ פינף יאָר צוריק, אָבער ווען מען לייענט די דעבאַטעס, וואָס קאָראָלענקאָ האָט געפירט מיט די קאָמיסאַרן, יעדעס מאָל ווען ער איז געלאָפן זיך משתדל זיין, אַז מען זאָל מאַכן אַ סוף צו די צעשיסונגען פון די קעגנער, מוז מען עפענען די אויגן און אויפמישן דאָס בוך, צוריק צום שער־בלאַט, כדי זיך איבערצוצייגן, צי דאָס בוך איז טאַקע דערשינען אין מאָסקווע, אין אַן ערשטער אויפלאַגע פון הונדערט טויזנט עק־זעמפּלאַרן.

ס׳איז בכלל אַן אָנשטענדיק געשריבן בוך. כ׳בין זיך משער, אַז ס׳פעלן געוויסע דאָקומענטן, אָבער ס׳איז קלאָר, אַז דער יונגער מחבר האָט זיך ווי ווייט מעגלעך אויסגעהיט פון פאַרטייאישער איינזייטיקייט, אָדער פון צושניידן די ביאָגראַפיע צום גייסט פון דער רעוואָלוציע. קעגנערס ווערן נישט געזידלט, אָדער בכלל פאַרגע־שטעלט אין אַ מיאוס ליכט, רעליגיע ווערט קריטיקירט אָבער נישט ציניש אויס־געלאַכט; ס׳ווערן אַפילו קלאָר דערמאָנט די אוקראַיִנישע פּאָגראָמען אויף יידן. ווען קאָראָלענקאָ קומט בעטן רחמנות פאַר דעניקינצעס, דערמאָנט אים דער קאָמיסאַר, אַז די באַנדיטן האָבן נאָר וואָס אויסגעשאָכטן אַ גאַנצע יידישע משפחה, און אַז זיי האָבן אויסגעמאָרדעט דריי טויזנט יידן.

מ׳קען זאָגן, אַז דאָס לעבן פון קאָראָלענקאָן דערשיינט, ווי אַן אומצענזור־רירטע סאָוויעטישע ווערסיע פון אַן אייגענעם „ד״ר זשיוואַגאָ“. קאָראָלענקאָ איז נישט מסכים מיט דער רעוואָלוציע און מיט אירע מעשים, אָבער מען לאָזט אים אויסדריקן זיינע מיינונגען, מען דעבאַטירט מיט אים אויף אַ פריינדלעכן און געמיטלעכן אופן, ווען ער רופט זיך אַליין אָן אַ „נייטראַליסט“. קאָראָלענקאָ איז קעגן פאַרכאַפּן די ערד פאַר דעם פּויערנטום; ער האַלט, אַז די לאַנד־אייגנטימער דאַרפן קריגן פאַרגיטיקונג. אמת, דער ביאָגראַף לאָזט אַ סאָלדאַט, וואָס איז

צוריקגעקומען פון פראַנט, זאָגן מיט כעס קאָראָלענקאָן אין פּנים אַריין, אַז ווען ער רעדט אַזוי אויפן פראָנט, וואָלט מען אים דערהרגעט, אָבער קאָראָלענקאָס מיינונגען ווערן פאָרט רעספּעקטירט און זיין נייטראַלע שטעלונג ווערט אָנגענומען מיט באַדויערן. מען ווייסט גאַנץ גוט, אַז פּונקט ווי ער איז זיך משתדל פאַר די דעניקינצעס און אַנדערע שוואַרציאַרן, איז ער אויך אַרומגעלאָפן מוטיק און זיך איינגעשטעלט פאַר אַרעסטירטע און צום טויט פאַרמשפּטע קאָמוניסטן, ווען די דעניקינצעס זענען געווען ביי דער מאַכט.

ס'איז בכלל אַן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט בוך. קאָראָלענקאָ איז געבוירן געוואָרן אין 1853 אין זשיטאָמיר. ער האָט יונגערהייט דורכגעלעבט די באַפריינג פון פּאַנשטשיזנע, די פּוילישע פּאָווסטאַניע. קאָראָלענקאָ איז געווען אַ האַלבער פּאָליאַק, זיין מאַמע איז געווען אַ פּוילישע, און געשטאַמט האָט ער, פון פאָטערס זייט, פון קאָזאַקן. ער איז געווען אַ רוס, אַ פּאָליאַק, אַן אוקראַינער און די אַלע פאַרשידענע פרייהייט־באַוועגונגען האָבן געהאַט זייער אָפּרוף אין דער היים פון דעם ערלעכן ריכטער, קאָראָלענקאָס פאָטער, וואָס האָט געשמט צווישן רוסישע ריכטער דערמיט, וואָס ער האָט קיין כאַבאַר נישט געוואָלט נעמען.

אין דער ביאָגראַפיע ווערן דערמאָנט באַרימטע רוסישע שרייבער, צווישן זיי אַזעלכע, מיט וועמען קאָראָלענקאָ האָט זיך אָפּט געטראָפן. דער ערשטער באַרימטער שרייבערישער נאָמען איז דאָסטאָיעווסקי. ער רעדט אויף דער לוויה פון דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלקס־פּאָעט נעקראַסאָוו. דאָסטאָיעווסקי איז גורם אַ שטיקל סקאַנדאַל ביי דער לוויה. ער שטעלט נעקראַסאָוון אין איין ריי מיט אַזעלכע פּאָעטן ווי פּושקין און לערמאָנטאָוו און יונגעלייט פון עולם שרייען אויס: „ער איז געווען גרעסער פון זיי!” דאָסטאָיעווסקי גיט נישט נאָך, ער זאָגט — נישט גרעסער, אָבער אויך נישט קלענער, און די פּראָטעסטירער לאָזן אויך נישט אָפּ און שרייען — גרעסער!

קאָראָלענקאָ באַזוכט טשעכאָוון. טשעכאָוו נעמט אַן אַש־טעצל אין דער האַנט און ער זאָגט צו קאָראָלענקאָן, אַז ער קען מאָרגן, אויף באַשטעלונג, גלייך אָנשרייבן אַ מעשה וועגן אַן אַש־טעצל. אַלץ איז אַ טעמע פאַר טשעכאָוון און אַלץ קען פלינק אָנגעשריבן ווערן. טשעכאָוו שלאָגט פאָר קאָראָלענקאָן צו שרייבן אַ דראַמע בשותפות — אין צוויי וואָכן, אָבער קאָראָלענקאָ זאָגט טשעכאָוון, אַז ער, קאָראָלענקאָ, איז נישט אַזאַ פלינקער באַלמעלאָכע, און אַז ס'איז גלייכער זיי זאָלןביידע שרייבן באַזונדערע זאַכן, לויט זייערע באַזונדערע טעמפּעראַמענטן.

ס'קומט צו קאָראָלענקאָן דער יונגער פּיעשקאָוו (שפּעטערדיקער גאָרקי). ער ווייזט קאָראָלענקאָן זיינע שלעכטע לידער, וואָס זענען נאָך דערצו פול מיט גראָבע גראַמאַטישע פעלערן און קאָמישער אויסלייגעכץ. זיגזאַג לייגט זיך ביי פּיעשקאָוו אויס — זיגזאַג. דער עלטערער שרייבער עצהט פּיעשקאָוון בכלל זיך אויסצוהיטן

פון „אינאָסטראַנע״ ווערטער, ווען אַ זאַפּטיק רוסיש וואָרט קען עס פאַרבייטן. קאָראָלענקאָ זעט טאָלסטאָיען אַרומגערינגלט מיט זיינע טאָלסטאָווצעס.

אינטערעסאַנט איז קאָראָלענקאָס קורצער באַזוך אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע. אין 1883 איז קאָראָלענקאָ געפאָרן קיין שיקאַגאָ, אויף דער דעמאָלטיקער וועלט־אויסשטעלונג. אין ענגלאַנד האָט ער זיך באַגעגנט מיט די רעוואָלוציאָנערע אימיגראַנטן און געהאַט מיט זיי לאַנגע שמועסן. ער האָט ספּעציעל פאַרבראַכט מיט סערגיי מיכאַילאָוויטש סטעפּניאַק־קראַווטשינסקי, וואָס האָט אויפגעשטורעמט רוסלאַנד מיט דעם געוואַגטן אַטענטאַט אויף דעם שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע מעזענצעוו. קראַווטשינסקי האָט געמוזט עוקר זיין און ער איז אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד, ווו ער האָט זיך באַזעצט און געהאַט אַ השפּעה אויף די רעוואָלוציאָנערע אימיגראַנטן. מען בעט זיך ביי קאָראָלענקאָן, אַז ער זאָל זיך אויך באַזעצן אין ענגלאַנד, אָבער ער גיט אַזאַ ענטפער:

„כ׳שרעק זיך אַפילו צו טראַכטן, אַז פאַר מיינע קינדער וועט אַ מאָל זיין אומפאַרשטענדלעך מיין לשון, און דערמיט אויך מיינע באַגריפן, חלומות און שטרעבונגען... אין קינדער ווילט זיך זען אַ פאָרזעצונג פון זיך, אַ פאָרזעצונג פון דעם, וואָס דו האָסט געחלומט און געטראַכט פון יענער צייט אָן, ווען דו האָסט אָנגעהויבן חלומען און טראַכטן...

אין דעם קאַפּיטל וועגן אַמעריקע כאַפּט אַריין אַנקל סעמס מדינה אַ פאַרציע קריטיק; קודם כל די פּרעסע, וואָס מאַכט גרויסע קעפּ וועגן קאָראָלענקאָן, וואָס האָט נישט געוואָלט געבן קיין פּאָליטישע דערקלערונגען, כדי מען זאָל אים נישט מאַכן קיין שוועריקייטן ביים צוריקקומען קיין רוסלאַנד. די „טיימס״ דערלאַנגט פון דעסטוועגן אַ שרייענדיקן קאָפּ אויף דער ערשטער זייט — „איינער פון צאַרס קרבנות, דער בעלעטריסט קאָראָלענקאָ, דערציילט וועגן זיינע גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען״. אַ צווייטע צייטונג האָט מיט איר קאָפּ געשריגן — „אין אַמעריקע פון סיביר, דריי מאָל פאַרשיקט קיין סיביר״. קאָראָלענקאָ האָט זיך זייער אויפגערעגט פון די קעפּ. ער איז אַנטלאָפן קיין שיקאַגאָ, ווו ער האָט געזען דאָס שיקאַגער שלאַכטהויז — „די פאַבריק פון מיליאָנען טויטע״. קאָראָלענקאָ האָט באַקומען אַן איינדרוק פון אַמעריקע, דערציילט אונדז דער ביאָגראַף, אַז ס׳איז אַ לאַנד פון האַרטע און גראָבע זיטן, און אַז די סיבות זענען — נעגער־שקלאַפעריי און די פאַרניכטונג פון די אינדיאַנער. אָט די צוויי שווערע חטאים האָבן געלייגט זייער חותם אויף דעם כאַראַקטער פון אַמעריקאַנער עולם און אַז מיט די דאָזיקע כאַראַקטער־פלעקן וועט נאָך אַמעריקע אויסקומען אַ לאַנגע צייט זיך צו ראַנגלען. מיט דעם דאָזיקן ביסל „וויסן״ פון אַמעריקאַנער כאַראַקטער און מיט דעם קורצן וויזיט פון עטלעכע טעג, האָט קאָראָלענקאָ פון דעסטוועגן אָנגעשריבן זיין נאָוועלע וועגן אַ רוס, וואָס פאַלט אַריין אין קאָך פון אַמעריקע. דאָס איז זיין באַרימטע

נאַוועלע — „אַן אַ שפּראַך". קאָראָלענקאָ אַליין האָט נישט געקענט קיין ענגליש, ער האָט בלויז געקענט אַ ביסל לייענען און אויפכאַפּן זאַצן אין אַ צייטונג־באַריכט.

אַ גאַנץ קאַפּיטל ווערט אָפּגעגעבן אין דער ביאָגראַפיע דעם בייליס־פּראָצעס און קאָראָלענקאָס אומדערמידלעכן קאַמף אויפצוּוועקן דאָס געוויסן פון רוסישן פאָלק, אין וועמען ער האָט שטאַרק געגלייבט. קאָראָלענקאָ האָט געהאַלטן, אַז קיין שענערער און ערלעכערער מענטש ווי דער רוס איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. דער ווערדיקט „נישט שולדיק" האָט קאָראָלענקאָן ווידער איבערצייגט, אַז דער רוסישער מענטש איז אין תוך אַ מענטש פון גערעכטיקייט. ווען מען האָט גענומען ציילן די שטימען פון די געשוווירענע האָט איינער פון דער געשוווירענער זשורי, אַ פּויערל, זיך איבערגעצלמט פאַר דער איקאָנע, וואָס איז געהאָנגען אין געריכט און אויסגערופן: „ניין, אַזאַ עבירה וויל איך אויף מיין נשמה נישט נעמען — נישט שולדיק!"

אָבער צום אינטערעסאַנטסטן, ווי פריִער געזאָגט, זענען די קאַפּיטלען וועגן דער רעוואָלוציע און די מיינונגען, וואָס קאָראָלענקאָ זאָגט פריי אַרויס און וואָס דער יונגער ביאָגראַף געאָרגי מיראָנאָוו דערלויבט אים אַרויסצוזאָגן. איך בין מיט אייך נישט מסכים, זאָגט קאָראָלענקאָ צו די קאָמיסאַרן, „אַז מען קען נישט בלייבן נייטראַל. אָט בין איך נייטראַל". דער קאָמיסאַר טרייסט זיך דערמיט, וואָס קאָראָלענקאָ איז נענטער צו אים, ווי צו די דעניקינצעס. קאָראָלענקאָ אַרגומענ־טירט מיט אַ מיטגליד פון דער אַלאוקראַיִנישער טשעקאַ, וואָס האַלט, אַז די צע־שיסונגען זענען לטובת דעם פאָלק. „אָבער קאָראָלענקאָ האָט זייער ענערגיש אויסגעדריקט זיינע ספקות אין דעם. אַפילו לטובת דעם פאָלק טאָר מען קיין מענטשן נישט שיסן". קאָראָלענקאָ איז שוין גרייט מסכים צו זיין, אַז פאַר די באַנדיטן וועט ער זיך נישט אָננעמען, אָבער פאַר די פּאָליטישע קעגנער, וואָס ווערן אויך דערשאָסן, מוז ער זיך איינשטעלן.

— איך וואָלט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן די תלינים און זייערע קרבנות, צווישן די, וואָס מען האָט דערשאָסן און אייערע חברים... ווי איך שטיי איצטער צווישן אייך און אייערע קעגנער... גרויזאַמקייטן פון איין זייט באַרעכטיקן נישט, נאָר רופן בלויז אַרויס גרויזאַמקייט פון דער צווייטער זייט — זאָגט קאָראָלענקאָ דעם קאָמיסאַר. מען רופט קאָראָלענקאָן נישט „טאָוואַרישטש", נאָר „פאָטער קאָראָ־לענקאָ".

„עס קומט אונדז אויס איצטער צו באַגיין אַ סך גרויזאַמקייטן", גיט צו אַ צווייטער קאָמיסאַר מיט וועמען קאָראָלענקאָ אַמפּערט זיך. קאָראָלענקאָ ווערט אין כעס, ווען מען פרעגט אים צי ער האָט עפּעס געלייענט וועגן קאָמוניזם. — „איר זענט נאָך נישט געהאַט געבוירן געוואָרן, ווען איך האָב שוין געלייענט וועגן קאָמוניזם".

קיין פּאָלטאַווע קומט צו פאָרן לונאַטשאַרסקי, אין יוני 1920. דער ביאָגראַף

ווייסט צו דערציילן, אַז קאַראַלענקאָ און לונאַטשאַרסקי האָבן זיך געקריגט וועגן קאָמוניזם, איינגעשטימט און ווידער זיך געקריגט, „זיך געטיילט מיט געדאַנקען און זיך ווידער געקריגט".

דאָס איז געווען, גיט איבער קאָראָלענקאָס ביאָגראַף, „אַן אָפּנהאַרציקער, אויפריכטיקער שמועס פון צוויי שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס ווילן נישט אַרויפצווינגען איינער אויפן אַנדערן זייערע שטאַנדפּונקטן, נאָר וואָס ווילן ערלעך געפינען דאָס אַלגעמיינע, וואָס קען זיי ברענגען צוזאַמען און „העלפן פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן".

אַזעלכע שטעלן זענען פאַראַן אַ סך אין בוך. קאָראָלענקאָ הערט די פּלאַמיקע רעדע פון לונאַטשאַרסקין אויף אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. די רעדע איז דורכגעדרונגען מיט „איבערצייגונג אין מאַכט, אָבער די אמתע מעלות פון מאַכט דאַרפן זיין — גערעכטיקייט און נישט גרויזאַמקייט", זאָגט ווידער קאָראָלענקאָ צו לונאַטשאַרסקין.

לענין האָט געזאָגט וועגן קאָראָלענקאָן, אַז „ער פאַרשטייט נישט די אויפ־גאַבן פון אונדזער רעוואָלוציע", אָבער נישט פאַרשטייענדיק די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציע לאָזט מען קאָראָלענקאָן פראַנק און פריי אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען.

גרעסערע עקספּערטן פון מיר אין יענער עפּאָכע וועלן אפשר געפינען אין דער ביאָגראַפיע, אַז ס׳פעלן וויכטיקע איינצלהייטן, וואָס זענען בכיוון אַרויסגעלאָזט געוואָרן, מכוח דער באַהאַנדלונג פון קאָראָלענקאָן, אָבער אַזאַ ביאָגראַפיע, וואָס איז דערשינען אין 1962 איז פאָרט אַ צייכן פון דער צייט. דאָס בוך וועגן קאָראָ־לענקאָן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר דער „יונגער גוואַרדיע". עס שמעקט מיט יעווטושענקאָס לידער אויפן מאָסקווער סקווער און מיט דער יוגנט, וואָס הערט זיך איין אין זיינע פרייע רייד און אַפּלאָדירט.

10.8.62

## צו טשעכאָווס 60סטן יאָרצייט

אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו איז געשטאָרבן מיט זעכציק יאָר צוריק און איבער דער גאַנצער וועלט ווערט אָפּגעצייכנט זיין יאָרצייט מיט אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען אָדער קורצע דערמאָנונג־נאָטיצן. זעכציק יאָר איז נישט קיין געוויינלעכע דאַטע אויף צו דערמאָנען אַ שרייבער, אָבער ווען עס קומט צו טשעכאָוון, זוכט מען ממש פון אונטער דער ערד געלעגנהייטן צו שרייבן וועגן טשעכאָוון, דערמאָנען זיין נאָמען, אָדער גלאַט צולייגן אַ קווינט לויב צום באַרג שבחים, וואָס ליגט אויף טשעכאָווס אומשטערבלעכקייט.

די קורצע דערציילונג איז צענדליקער יאָרן פאַרוויגט געוואָרן פאַר צווייט־קלאַסיקער קונסט אין די ענגליש־רעדנדיקע לענדער, ווו מען האָט זיך גענומען צו ברייטע לייוונטן אין דער בעלעטריסטיק. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען אַ שרייבער פון קורצע דערציילונגען האָט געהאַט גרויסע שוועריקייטן צו קריגן אַן אַרויס־געבער. לעצטנס איז די צייט געוואָרן גינציקער פאַר קורצע דערציילונגען און מער גיט אַרויס און מען שרייבט ערנסטע קריטיק וועגן דערציילער, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער קינסטלערישער קורצער דערציילונג, וואָס פאַנגט אַ מאָמענט לעבן אין עטלעכע זייטלעך. אַזעלכע שרייבער, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן מחוץ דעם ערשטראַנגיקן בעלעטריסטן־צעך, ווערן שוין איצטער אַריינגענומען אין געהויבענער קאָמפּאַניע. אָבער אַפילו אין די צייטן, וואָס מען האָט נישט שטאַרק געהאַלטן פון קורצע דערציילונגען, האָט מען געמאַכט אַן אויסנאָם פאַר צוויי מייסטער — מאָפּאַסאַן און טשעכאָוו, צוויי קינסטלער פון פאַרשידענעם קינסטלערישן אינטערעס, ווי פאַרשידן עס זענען זייערע לענדער פון געבוירן. אין רוסלאַנד איז די קורצע דערציילונג געווען דווקא זייער פּאָפּולער און געשריבן האָבן קורצע דערציילונגען אַלע גרויסע מייסטער פון לאַנג־אָטעמדיקע נאָוועלן, אָבער אַרויסגעהויבן האָט מען ווי דעם מייסטער פון דער קורצער דערציילונג בלויז טשעכאָוון. ס׳וואָלט אָבער נישט געווען אמת צו זאָגן, אַז מען האָט טשעכאָוון אַלע מאָל אויפגענומען מיט דעם זעלביקן אינטערעס. די ערשטע יאָרן נאָך זיין טויט איז דער אינטערעס צום מייסטער געווען אַ לעבלעכער. די אמתע פאַראינ־טערעסירונג מיט טשעכאָווס קליינע מייסטערווערק איז ערשט געקומען מיט דעם וואַקסנדיקן דערפאָלג פון זיינע דראַמעס, וואָס מען האָט אויך אין אָנהייב נישט געקענט איינבייסן.

טשעכאָווס דראַמעס זענען געווען געבויט אויף די רייד־ און שוויַיג־שטימונ־גען פון רוסישע מענטשן, וועמענס דראַמאַטיש לעבן איז געקומען פון אַן אינער־

לעכער געשפּאַנטקייט, וואָס איז געווען אומקלאָר פֿאַר דעם נישט־רוס. דער קאָנ־פליקט צווישן די דראַמאַטישע פּערזענלעכקייטן איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש־רוסיש, אַז פֿאַר נישט־רוסן איז שווער געווען צו באַנעמען, וואָס טוט זיי ווײ, וואָס קוועטשט זיי. די טשעכאָוו־דראַמע איז פּאַקטיש געווען אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָ־זיציע, וואָס האָט געגעבן אַלע פּויזעס און איבערגאַנגען פֿון דער רוסישער דראַמע, וואָס אירע קאָנפֿליקטן זענען געווען טיפֿער פֿון געשעעניש־איבערפֿלאַך. אָבער ווי טיף זיי זענען געווען, האָט מען זיי נישט געטאָרט גראָבן אין דער טיף, נאָר זיי געבן אין זייער מוזיקאַלישער אומגעשעענקייט. טשעכאָוו האָט זיך געניי־טיקט אין דער הילף פֿון גוטע אַקטיאָרן, וואָס האָבן געקענט שפּילן זיינע דראַמאַ־טישע „נאָטן”. ערשט ווען דער מערב האָט אָנגעהויבן זען גוט־געשפּילטע טשעכאָוו־דראַמעס, האָט ער אָנגעהויבן דערשפּירן דעם טיפֿן מיין פֿון רוסישן אומעט און ער האָט אַפֿילו אויפֿגענומען דעם רוסישן לאַנגווייל.

אַ דאַנק דער פּאָפּולאַריטעט פֿון טשעכאָווס דראַמאַטישן רעפּערטואַר, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן איינהיימישן אויף דער וועלט־בינע, האָט מען גענומען פֿאַר־שטיין טשעכאָווס מייסטערישע קורצע דערציילונגען. אַ באַנד טשעכאָווס דערציי־לונגען איז געווען אַ שפּיגל פֿון רוסלאַנד, אַ זאַמלונג פֿון לעבעדיקע מענטשן, וואָס האָט געגעבן טאָפּלטן פֿאַרגעניגן: מען האָט הנאה געהאַט פֿון דער פֿרעמד־קייט און מען האָט הנאה געהאַט פֿון דער היימישקייט, וואָס איז געלעגן אין יעדן רוסישן מענטש, וואָס האָט זיך לעבעדיק געלאָזט „איבערזעצן” אויף אַ מענטש פֿון אומעטום. די קונסט פֿון טאָפּלקייט באַווייזן אַלע גרויסע קינסטלער. אין דעם פּרט איז נישטאָ קיין חילוק צווישן גרויסע קינסטלער פֿון אַלערליי שפּראַכן. שלום־עליכם וועקט אויך דעם טאָפּלטן אינטערעס צו דער עקזאָטיק פֿון זיין פֿרעמד־דער וועלט, און אין דער טיפֿער מענטשלעכקייט פֿון זיינע העלדן.

אָבער דער גרויסער אינטערעס צו טשעכאָוון איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן דערמיט, וואָס מען האָט זיך באַקענט נענטער מיט זיין ביאָגראַפֿיע, נישט מיט דער סקאַרבאָווער, וואָס ווערט צוגעשניטן פֿאַר גרויסע מענטשן, אַ ביאָגראַפֿיע, וואָס פֿאַרשווייגט מער ווי זי דערציילט, נאָר אין אמתן לעבעדיקן געשטאַלט פֿון אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אים האָט מען געפֿונען די זעלטענע האַרמאָניע צווישן גרויסן קינסטלער און גרויסן מענטש. ער איז געווען וואָס מען רופֿט אַ זיידענער מענטש, מיט אַ וואַרעם מענטשלעך האַרץ, פֿול מיט גוטסקייט — און גוטסקייט איז אַ זעלטן אַרטיקל צווישן אַזוי גערופֿענע גדולים, וואָס זענען געוויינלעך צוגענאָפּלט 24 שעה אין מעת־לעת צו זיך און אויסשליסלעך צו זיך. פֿאַראַן גדולים, וואָס מיינען, אַז אויב זיי קוועטשן אויס פֿון זיך דעם קינסטלערישן האָניק, מעגן זיי בלייבן מיט דעם גיפֿט און מיט דעם ביס.

טשעכאָוו איז געווען אַ גרויסער מענטש אין אמתן זין פֿון וואָרט. ער האָט אָנגעהויבן מיט חטאים, ער האָט אַפֿילו מיטגעאַרבעט אין אַן אַנטיסעמיטישער

צייטונג, אַליין אויך אַ קאַפּיטשקע געזינדיקט מיט אַנטי־יידישע שילדערונגען, וואָס זענען אָבער געווען מייסטנס געווענדט אויפן אַדרעס פון יידישע אַסימילאַנטן און פון־זיך־אַנטלויפערס. אָבער ער האָט זיך, אין משך פון זיין קורץ לעבן, מיטן כוח פון אמתער מענטשן־ליבשאַפט, דערהויבן צו די העכסטע הייכן פון אַ צדיק אין פּערזענלעכן און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. די וועלט האָט אים געאַרט און אַלץ איז אים אַנגעגאַנגען און זיין ברייט האַרץ איז תמיד געווען אָפן צו אַלע מענטשלעכע יסורים און צו דער מענטשלעכער צעטומלעניש, וואָס ציט זיך פון דור הפלגה אָן. ער האָט ליב געהאַט אי דעם יחיד, אי די מענטשהייט. בעת דעם דרייפוס־פּראָצעס האָט טשעכאָוו נישט גערוט. ער האָט זיך גענומען צום האַרצן די ציניש אומגערעכטיקייט — צו איין מענטש. וואָלט וויטמאַנס אויסרוף, אַז ווי לאַנג איין מענטש זיצט פאַרשפאַרט אין טורמע, איז ער, וויטמאַן, אַליין נישט פריי, איז געווען חל אויף טשעכאָוון. וואָס מער מען האָט זיך געגראָבן אין זיין ביאָגראַפיע און מען האָט זיך דערגראָבן צו אַ קינסטלער, וואָס איז פּערזענלעך געווען אַ טייערער מענטש, אַלץ מער האָט מען אים ליב באַקומען און דער אינטע־רעס צו זיינע ווערק איז געוואָרן גרעסער. ס'איז אַ טרייסט פאַר אונדזער ביטערער וועלט, וואָס מען האָט שרייבנדיק וועגן טשעכאָוון אין פאַרשידענע לשונות — ספּעציעל אַרויסגעהויבן דעם מענטשלעכן כאַראַקטער זיינעם, איידער ער האָט זיך געזעצט צום שרייבטיש און נאָך דעם ווי ער האָט זיך פון שרייבטיש אויפגע־הויבן. מייסטע שרייבער האַלטן, אַז זיי זענען יוצא מיט זייער געשריבענער גוטסקייט און געשריבענער מענטשלעכקייט.

כ'האָב נישט בדעה געהאַט זיך צעשרייבן וועגן טשעכאָוון צו זיין 60סטן יאָרצייט. מיר איז גיכער געגאַנגען אין אַרויסברענגען דעם פאַקט, אַז אַט דער גרויסער קינסטלער האָט נישט געלעקט קיין האָניק ביי דער רוסישער קריטיק פון זיין צייט, און אַז ביז נישט לאַנג צוריק האָבן זיך אַפילו אויך געפינען רוסישע קריטיקער, וואָס האָבן נישט געוווסט ווי זיך צוצורירן צו זיינע „בורזשואַזע״ העלדן. מען האָט אים ביי זיין לעבן אַ סך מאָל אַרונטערגעריסן מיט ביטול ווי דעם וואָרטזאָגער „פון די אַכציקער יאָרן״. מען האָט אים אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, דעם שילדערער פון אַ פינצטערער עפּאָכע. מען האָט אים אַפילו גערופן — „אַ שרייבער פון דעגענעראַציע״.

אַ וויכטיקער קריטיקער האָט געפּסלט טשעכאָוון ווי „אַ שרייבער פון אַנעק־דאָטן, וואָס מען דערציילט אין אַ וואָדעוויל, כדי צו אַמוזירן דעם עולם״. די פריינדלעכע קריטיק האָט געהאַט רחמנות אויף טשעכאָוון און געזאָגט, אַז ער „פאַרדאַרבט זיין אייגענעם טאַלאַנט״. פּאָליטיש־ליבעראַלע קריטיקער האָבן אויפּ־גענומען טשעכאָוון ווי אַ שרייבער אָן פּרינציפּן; אַז ער איז קינסטלעריש גלייכ־גילטיק צו געשעענישן אין לעבן; אַז ער זעט בלויז די קליינע שרצים און אַז ער פּרעדיקט — אָביעקטיוויטעט. מיט דער דאָזיקער קריטיק פון טשעכאָווס צייט־

חברים האָט זיך פֿאַראינטערעסירט איליאַ ערנבורג און ער האָט זיי אויפֿגעזאָמלט אין זיין בראָשור וועגן טשעכאָוון, וואָס איז דערשינען אין 1960 אין רוסלאַנד. אין „על המשמר" פֿון 3טן יולי שרייבט א. ב. יפה וועגן ערנבורגס בראָשור. אין זיין אינטערעסאַנטער עסיי ווייזט אָן א. ב. יפה, אַז ערנבורגס בראָשור איז געווען אַן אומדירעקטער און פֿאַרשטעלטער ענטפֿער פֿון ערנבורגן צו זיינע אייגענע קרי־טיקער, וואָס זענען אים געגנוג דערגאַנגען די יאָרן. כאָטש ערנבורג האָט טייל מאָל געהאַט גענוג מוט אויפֿצוהייבן אַ קאַמף קעגן זיינע בייזע און אידעאָלאָגישע קריטיקער, האָט ער אָבער געפֿונען פֿאַר אַ סך זיכערער צו נעמען טשעכאָוון ווי אַ גוט אויסרייד. א. ב. יפֿהס אויסטייטש, אַז ערנבורגס בראָשור וועגן טשעכאָוון דאַרף זיך לייענען, אַחוץ איר אינהאַלטלעכן אינטערעס, אויך ווי אַן אַלעגאָריע, לייגט זיך זייער גוט אויפֿן שכל.

פּירט עס אַרויף אויף דעם געדאַנק — וואָס איז אַזוינס קריטיק? וואָס איז זי ווערט, אויב מ׳קען אַזוי גרייזן וועגן אַ גרויסן שרייבער? ווייסן מיר דאָך, אַז די געשיכטע פֿון דער וועלט־קונסט, אויף אַלערליי געביטן — מוזיק, מאָלעריי, ליטעראַטור, איז פֿול מיט אַזאַ באַגלייטנדיקער צייט־קריטיק וועגן גרויסע קינ־סטלער, וויפֿל האָט זיך די אימפּרעסיאָניסטישע מאָלעריי אָנגעליטן פֿון דער קריטיק? וואָס האָט מען געשריבן וועגן בעטהאָווענען בשעתו? און האָט נישט אַזאַ ריז ווי טאָלסטאָי אין גאַנצן מבטל געווען שעקספּירן, שוין אַפֿילו נאָך דעם ווי די וועלט האָט געהאַט גענוג צייט שעקספּירן צו פֿאַרדייען?

מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז מיר אויסגעקומען צו לייענען צוויי רעצענ־זיעס פֿון צוויי באַרימטע אַמעריקאַנער רעצענזענטן וועגן אַ בוך פֿון אַ יונגן און געוואָגטן נאָוועליסט.ביידע רעצענזיעס זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין גרויסע מאָרגן־צייטונגען, מיט אַ צוזאַמענדיקער צירקולאַציע פֿון אַנדערהאַלבן מיליאָן לייענער, אויב נישט מיט אַ שמיצל. אין איין מאָרגן־צייטונג האָט מען דאָס בוך געמאַכט אויסצודרייען — אין דער אַנדערער צייטונג האָט מען דעם מחבר פֿאַר־שריגן פֿאַר אַ ליטעראַרישן גאון.

ווער פֿון די צוויי „עקסטרעמיסטן" איז גערעכט? וויפֿל צענדליקער טויזנ־טער לייענער זענען דורך דעם פֿאַרפֿירט געוואָרן? וואָס זשע מיינט מבינות און וואָס איז דער טייטש פֿון געשמאַק? איך פֿרעג די דאָזיקע קשיות, אָבער כ׳האָב נישט אויף זיי אין דעם מאָמענט דעם ענטפֿער. אין שייכות מיט דער קריטיק פֿון זיינע צייט־קריטיקער אויף טשעכאָוון, ווערט פֿון קריטיק — אַן אַבסורד.

טשעכאָוו אַליין האָט אין אַ בריוו צו גאָרקין געשריבן, אַז די קריטיקער — „זענען געגליכן צו פֿליגן, וואָס שטערן די פֿערד צו אַקערן אין פֿעלד. דאָס פֿערד אַקערט, אַלע זיינע מוסקולן זענען געשפּאַנט ווי די סטרונעס פֿון אַ וויאָלאָנטשעל, אָבער אויפֿן פֿערדישן הינטן האָט זיך באַזעצט אַ פֿליג און זי זשומעט און קיצלט, מען דאַרף זי פֿאַרטרייבן, מען דאַרף געבן אַ שמיץ מיטן עק. וואָס זשומעט די

פליג? ס'איז אַ ספק צי זי אַליין ווייסט. פשוט, זי איז אומרויִק, ווילט זיך איר צי‏ִען אויפמערקזאַמקייט צו זיך: זעט, איך לעב אויך אויף דער ערד. זעט, איך קען זשומען, אויף אַלץ קען איך זשומען".

די ביטערע רייד וועגן קריטיק האָט געשריבן אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו, ווען די קריטיק האָט געגנוג ווי געטאָן. זאָלן די רייד זיין אַ טרייסט פאַר אַלע שרייבער, וואָס שפּירן זיך געקריוודעט פון קריטיק. נישט אַלע שרייבער מעגן זיך איינרעדן, אַז די קריטיק האָט וועגן זיי נישט געטראָפן, אָבער צו אַ טרייסט זענען אַלע געקריוודעטע און באַליידיקטע שרייבער באַרעכטיקט. פון צייט צו צייט מעגן פּראָפעסיאָנעלע קריטיקער דערקלערן אַ פּאַרגיטיקונג־טאָג און וואַרפן אַ חשד אויף אייגענע מיינונגען און אויף אייגענעם געשמאַק, כדי צו באַ־זאַלבן די ווונדן פון געטראָפענע שרייבער.

14.8.64

# „היימישע“ יידן אין אַ „היימישער“ ליטעראַטור

מיר איז לעצטנס אויסגעקומען צו לייענען אַן אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונג וועגן יידן אין אַ „היימישער“ ליטעראַטור. נישט נאָר איז די אָפּהאַנדלונג אינטערעסאַנט פון גאָר אַ סך שטאַנדפּונקטן, נאָר עטלעכע פּרטים אַרום דער גרינטלעכער אַרבעט זענען פּונקט אַזוי אינטערעסאַנט ווי די אָפּהאַנדלונג גופא, ווייל עס ברענגט צוריק זכרונות און וואַרפט אַ ספּעציעל ליכט אויף דער היינטיקער צייט אין אַ „היימישער“ מדינה. פאַר צענדליקער טויזנטער יידן איז נישט געווען קיין „היימישערער“ ענין ווי די רוסישע ליטעראַטור, וואָס אינטעליגענטישע יונגעלייט האָבן באַטראַכט כמעט פאַר אַ שטיק אייגנס. דאָס לאַנד איז אונדז אוודאי געווען היימיש, אַפילו ווען די ערד האָט אונדז זייער אָפט געברענט די פיס.

אין 1923, עטלעכע יאָר נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, איז נאָך אין פּעטראָגראַד דערשינען אַ רוסיש־יידיש זאַמלבוך, אויפן שטייגער פון די אַמאָליקע גוטע רוסיש־יידישע זשורנאַלן. דאָס זאַמלבוך האָט זיך שטאָלץ גערופן — „יעוורעיסקאַיאַ ליעטאָפּיס“ (יידישע כראָניק, אָדער אפשר — גענטער צום יידישן מקור — יידישער פּנקס). דאָרט האָבן מיטגעאַרבעט זייער וויכטיקע יידיש־רוסישע שרייבער, וואָס האָבן אָן שום קאָמפּלעקסן און אָן ציטערנדיקער מורא אָפן באַרירט און באַהאַנדלט יידישע טעמאַטיק.

איינער פון די מיטאַרבעטער אין דעם ערשטן באַנד פון דעם „ליעטאָפּיס“ איז געווען אַ יידיש־רוסישער שרייבער, אַ געוועזענער בונדיסט מיט אַן אַנטי־באָלשעוויסטישן סטאַזש, וואָס האָט פאַרטראָטן דעם „בונד“ אין פּעטראָגראַדער סאָוועט. ווען ער האָט מיטגעאַרבעט אין „יעוורעיסקאַיאַ ליעטאָפּיס“, האָבן אַלע גוט געקענט זיין פאַרגאַנגענהייט, אָבער ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרלאָזן זיין פאַרטיי, נישט חלילה אידעאָלאָגיש, נאָר כדי זיך אָפּצוגעבן מיט ליטעראַרישער אַרבעט. דער יידיש־רוסישער זשורנאַליסט איז געווען דוד זאַסלאַווסקי, וואָס איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן דער פלאַמיקסטער און בייסיקסטער אָפּאָלאָגעט פון סאָוויעטישן רעזשים. אָבער ביז 1925 האָט זיך זאַסלאַווסקי אַרומגעדרייט פראַנק און פריי, ווי אַן אַפּאָליטישער מענטש און אַלע האָבן אים געדענקט און געקענט ווי אַ וויכטיקן בונדישן טוער, וואָס האָט אַ מאָל רעדאַקטירט רוסישע און יידישע בונדישע אויסגאַבן. ערשט אין 1925 האָט זאַסלאַווסקי פאַרעפנטלעכט אין דער „פּראַוודאַ“ אַ פּאָליטישע דערקלערונג און זיך אָפיציעל סאָלידאַריזירט מיטן קאָמוניזם און פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן דער וויכטיקסטער קאָמוניסטישער פּובליציסט פון דער „איזוועסטיאַ“ און פון דער „פּראַוודאַ“. ער

האָט אַפילו פון צייט צו צייט נאָך „אונטערגעזינדיקט" מיט יידישער פובליציסטיק אין מאָסקווער „עמעס" און אין דער ניו־יאָרקער „פרייהייט". זאַסלאַווסקי איז געבליבן איינער פון די נישט־ליקווידירטע יידישע שרייבער, כאָטש ער איז אָפיציעל געווען אַ מיטגליד פון דער סטאַלין־פּאַסטקע פאַר סאָוויעטישע יידישע אינטעלעקטואַלן, וואָס מען האָט גערופן — דער „יידישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט".

הכלל, מיר קומען צוריק צו 1923 און דוד זאַסלאַווסקי איז אַ חשובער מיט־גליד פון יידיש־רוסישן זאַמלבוך, ווייל ער איז אַ פּראָמינענטער מיטגליד פון דער יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט. אין „ליעטאָפּיס" איז ער פאַר־טראָטן מיט אַן אַרבעט וואָס הייסט — „יידן אין דער רוסישער ליטעראַטור". ס'איז אַן אויסערגעוויינלעך גוט־דאָקומענטירטע אָפּהאַנדלונג. דער מחבר ווייזט, אַז די גרויסע רוסישע שרייבער, די אַלע, וואָס מיר יידן האָבן זיי „געזוברעוועט" און ממש געקענט פון אויסנווייניק, זענען געווען אַנטיסעמיטן און האָבן, יעדער איינער אויף זיין שטייגער, פיינט געהאַט יידן בתכלית השנאה.

ווען דער יונגער יעווטושענקאָ האָט זיך בלויז צוגערירט צו דער טעמע — רוסישער אַנטיסעמיטיזם, אויפן הינטערגרונט פון אַן אומבאַצייכנטן, גרויליקן יידישן מאַסן־קבר, האָט אים קיין צרות נישט געפעלט. אָבער זאַסלאַווסקי האָט דעמאָלט, אין 1923, נישט געקוקט אויף זיין שאַרפער בונדישער ביאָגראַפיע, מוטיק און קלאָר באַרירט דאָס פּראָבלעם און אַפילו געהאַט טענות צו אַזעלכע רוסישע ליבעראַלע שרייבער און אָפענע יידן־פריינד, ווי גאָרקי און קאָראָלענקאָ, וואָס זענען, לויט זיין מיינונג, געווען „פובליציסטישע" יידן־פריינד אָבער אין זייערע קינסטלערישע ווערק האָבן זיי דעם ייד נישט אַריינגעלאָזט; זיי האָבן אים בכיוון אויסגעמיטן ווייל זיי האָבן מיט דעם ייד נישט געוואָלט האָבן קיין שום קינסטלערישע־משפּחהדיקע מגע־ומשא.

זאַסלאַווסקי הייבט אָן מיט גאָגאָלן און ער ווייזט ווי גאָגאָל באַשרייבט אַן אוקראַיִנישן פּאָגראָם אויף יידן אין „טאַראַס בולבאַ". גאָגאָל לאַכט פון די יידישע קרבנות; ער לאַכט פון זייערע מינעס און האַוואַיעס, ווען מען האָט זיי געוואָרפן אין וואַסער אַריין. די פּאָגראָמשטשיקעס לאַכן, גאָגאָל לאַכט. יידישע קרבנות רופן ביי אים אַרויס סאַדיסטישן געלעכטער.

אָבער אָט ברענגט זאַסלאַווסקי ביישפּילן פון דעם „איראָפּעער" טורגעניעוו. אויך ביי אים רופט אַרויס דער „זשיד" געלעכטער, אַפילו ווען מען הענגט אים. דער ייד איז קאָמיש. „ער איז אַבסאָלוט געווען קאָמיש, נישט געקוקט אויף דעם גאַנצן פּחד פון זיין צושטאַנד", אַזוי זאָגט דער מחבר טורגעניעוו בלשון איך, אין זיין דערציילונג „זשיד". זאַסלאַווסקי ברענגט אויך אַנדערע ביישפּילן פון טור־געניעווס און גאָגאָלס דערציילונגען אַרויסצוברענגען דעם פאַקט אַז דער ייד, וואָס האָט ביזן אָנהייב פון ניינצנטן יאָרהונדערט נישט פיגורירט אין דער רוסי־

שער ליטעראַטור, ווערט אַריינגעפּירט ווי אַ קאָמיש באַשעפעניש. זאַסלאַווסקי באַקענט אונדז אויך מיט דאָסטאָיעווסקיס „הומאָריסטישן" צוגאַנג צו יידישע ליידן. דער מעלאַנכאָלישער דאָסטאָיעווסקי לאַכט אויך ווען ס'קומט צו יידן. איסאַי פאָמיטש דאַוונט און זיינע חברים די קאַטאָרזשניקעס לאַכן פונעם חבר. דאָסטאָיעווסקי לאַכט־מיט. די תפילין זענען ביי אים אַן אַרויסגעוואַקסענער האָרן פון שטערן. דער חבר־אַרעסטאַנט איז אַ קאָמיש יידל. אין אַנדערע דערציילונגען מאַכט דאָסטאָיעווסקי חוזק פון יידיש־רוסישן אַקצענט.

דער אמתער ביטערער אַנטיסעמיט איז געווען דער גרויסער נאַציאָנאַלער רוסישער פּאָעט פּושקין. ביי אים זענען זשידעס — שפּיאָנען און פאַררעטער און בכלל עקלהאַפטיקע מענטשן. פּושקין לאַכט אויך אָפּ פון יידן, אָבער ער טוט מער אָפּילו ווי גאָגאָל און טורגעניעוו. ער שעלט זיי, ער זידלט זיי, ער קוקט אויף זיי מיט ווידערווילן. לערמאָנטאָוו האָט זיך אַ ביסל בעסער און „ביבלישער" באַצויגן צו יידן, אָבער אויך ביי אים וואַקסט אויס דער זשיד־שפּיאָן. זאַסלאַווסקי ברענגט אַרויס אין זיין אַרבעט „יידן אין דער רוסישער ליטעראַטור", אַז יידן זענען אַריינגעפירט געוואָרן אי ווי קאָמישע טיפּן, אי ווי געפערלעכע ברואים, שפּיאָנען און צושטעלער פון לעבעדיקער סחורה, אָפּילו פון דער אייגענער טאָכטער. פּושקין האָט דעם „עקלהאַפטיקן" ייד אַריינגעזונגען מיט גאַל אין זיינע לידער. דער זשיד איז אַ טייוול, מען „באַקראַנצט" אים מיט אַ זשאַבע און מען „דערהרגעט אים ווי אַ הונט".

דוד זאַסלאַווסקי ווייזט ריכטיק אָן, אַז אין אייראָפּע האָט זיך שוין דעמאָלט פּאָרט עפּעס אַ ריר געטאָן לטובת יידן. מען האָט שוין געלייענט „נאַטאַן דער ווייזע". בייראָן, וואָס האָט קינסטלעריש משפּיע געווען פּושקינען און לערמאָנטאָוון, האָט געשריבן אַ קראַנץ „יידישע לידער". סיי פּושקין, סיי לערמאָנטאָוו, האָבן זיך אויך פאַרגונען צו זינגען ביבלישע מאָטיוון וועגן ישראל, וועגן זיין עקשנותדיקן ווידערשטאַנד, אָבער דער באַזונדערער ייד איז אַלץ געווען אַ שפּיאָן און אַ פאַררעטער.

זאַסלאַווסקיס פאָרשונג דעקט אויף אינטערעסאַנטע איינצלהייטן אָפּילו בנוגע די ערשטע אָנזאָגער פון רוסישן ליבעראַליזם און רוסישער פרייהייט. מיט וויפל פאַרדאַוונטן עקסטאַז האָבן יידן דעקלאַמירט נעקראַסאָווס לידער? ברענגט אונדז זאַסלאַווסקי אמתע „פּערל" פון נעקראַסאָווס לידער, וואָס ווייזן, אַז דער גרויסער פרייהייט־פּאָעט איז געווען אַן אומפאַרשעמטער אַנטיסעמיט. דער ייד איז ביי אים תמיד אַ פּראָצענטניק, אַ געלט־מענטש, אַ ווולגאַר באַשעפעניש פיזיש און גייסטיק. דער ייד ווערט פון אים צוריקגעשטויסן פון דער רוסישער געזעלשאַפט. די יידישע ווייבער און טעכטער זענען ווולגאַר ווי די מאַנסלייט. נעקראַסאָווס אַנטי־יידישע לידער אָטעמען מיט גאַל, גיפט און שנאה אויף יידן וואָס האָלטן אין איין דינען צום גאָלדענעם קאַלב.

אויב כרושטשאָוו זאָל דאַרפן באַווייזן, אַז יידן זענען שפּעקולאַנטן און שווינדלער, קען ער ברענגען אָן אַ שיעור ציטאַטן פון נעקראַסאָווס לידער. פאַראַן ביי נעקראַסאָוון אַ פּאָעמע ווי אַ רוסישער בורזשוי איז זיך מודה שיכורערהייט אין זיינע פאַרברעכנס קעגן דער געזעלשאַפט. אַלע זענען געריררט פון דעם שיכורן בעל־תשובה און פון זיין „וואָס אויף דער לונג" אָבער די „זשידעס־באַנקירן" לאַכן פון אים און זינגען אַ יידישע מעלאָדיע, אַז „ווען געלט איז דאָ, איז אויס סכנה". זיי זינגען אַפילו פון געלט, וואָס מען שיקט קיין אַמעריקע. דער שיכורער רוסישער עקספּלואַטאַטאָר טרייבט אַוועק פון זיך די געמיינע, פאַרשאָלטענע יידן, וואָס פאַרכאַפּן אַלץ און וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ „גנבים־פאַרבאַנד". נעקראַסאָוו שטעלט יידן ווי אַ מאַרק־יידענע אין אַ סך לידער זיינע און ביי אים גראַמט זיך זייער גוט רוסישע פרייהייט מיט זיין כוליגאַנישן אַנטיסעמיטיזם.

נאָך אַ העלד פון די פאָרויסגייער פון דער רוסישער רעוואָלוציע — דער סאַטיריקער סאַלטיקאָוו־שטשעדרין ווערט געוויזן אין זיין אַנטיסעמיטישער פּראַכט און גלאַנץ. ביי אים מאַכן יידעלעך „געשעפטי". אמת, ער איז שוין אַ קלאַסן־אַנטיסעמיט. פון צייט צו צייט רייסט זיך אַרויס ביי סאַלטיקאָוון אַ פּובליציסטישער קרעכץ אויף דער לאַגע פון אָרעמע יידן, אָבער ער האַלט מייסטנס אין איין שיסן זיינע פיילן אויף יידישע רויבער־הענדלער, רייכע פּאָדריאַטשיקעס, שאַכער־מאַכערס, וואָס מיטן כוח פון גאָלד רייסן זיי זיך אַריין אין דער רוסישער געזעלשאַפט, ווו דער מחבר וויל זיי נישט האָבן.

דוד זאַסלאַווסקי פירט אַדורך די גאַנצע גאַלעריע פון די גרויסע רוסישע מייסטער און ער שאַנעוועט אויך נישט טאָלסטאָיען. אַפילו די הומאַניסטישע שרייבער האָבן נישט געקענט באַהערשן זייער איינגעוואָרצלטע אַנטיפּאַטיע צו יידן. טאָלסטאָי מאַכט זיך האַרץ און ער וויל זיך באַהערשן, אָבער זאַסלאַווסקי שטרייכט אונטער, אַז „ס'איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז טאָלסטאָי האָט נישט ליב געהאַט קיין יידן און אַז ער האָט זיך צו זיי באַצויגן מיט אַ שנאהדיק געפיל". אין דעם אויסמיידן אַריינצולאָזן יידן „אין דער קינסטלערישער לאַבאָראַטאָריע", כאָטש מען האָט דאָ און דאָרט זיך אָנגענומען פּובליציסטיש פאַר די גערודפטע יידן, איז געלעגן, זאָגט אונדז זאַסלאַווסקי, אַ באַהאַלטן געפיל פון אַנטיפּאַטיע צו יידן, אַ ווילן אים אויסצומיידן. ס'האָט שוין מער נישט געפּאַסט גראָב צו זידלען דעם ייד, ווי דאָס האָבן געטאָן טורגעניעוו, גאָגאָל, פּושקין און נעקראַסאָוו, האָט מען אים קינסטלעריש אויסגעמיטן און אים נישט אַריינגעלאָזט אין דער ליטעראַטור אַריין ווי אַ לעבעדיקן מענטשן. זאַסלאַווסקי האָט נישט קיין מורא אָנצוּווייזן, אַז אַזוי האָבן אַפילו געהאַנדלט גאָרקי און קאָראָלענקאָ — מען דאַרף דעם יידן באַשיצן קעגן אַקטיוון אַנטיסעמיטיזם, אָבער מען האָט קינסטלעריש פון אים זיך אָפּגעקערט און אים איגנאָרירט.

עטלעכע גוטע ווערטער שענקט זאַסלאַווסקי טשעכאָוון, וואָס האָט אויך

אונטערגעזינדיקט מיט אַנטי־יידישע געפילן. אָבער זאַסלאַווסקי שטרייכט אונטער, אַז טשעכאָוו האָט נישט געקענט ליידן די רוסיפיצירנדיקע יידן, די אַסימילאַטאָרן און פאַרלייקענער פון אייגענעם אָפּשטאַם, די האַלבע און גאַנצע משומדים. ביי זאַסלאַווסקין אין 1923, וואָס סאָלידאַריזירט זיך טיילווייז אין זיין אַרבעט מיט דעם קאַמף פון די אַנטיסעמיטישע רוסישע שרייבער קעגן דער יידישער בורזשואַזיע, רייסט זיך אַרויס, לויבנדיק טשעכאָוון, אַזאַ אויסדרוק, וואָס ער וואָלט זיך זיכער נישט דערלויבט מיט אַ צוואַנציק, דרייסיק, אָדער פערציק יאָר שפּעטער. רעדנדיק וועגן די יידישע זיך־פאַרלייקענער שרייבט דוד זאַסלאַווסקי אַזוי: „טשעכאָוו האָט געזען אין יידנטום אַ גרויסע אָרגאַנישע קראַפט, וואָס פון איר קען מען זיך נישט באַפרייען ווען עס ווילט זיך".

און אָט איז, פון די סאַמע טיפענישן, נאָך אַן אַרויסגעריסענער אויסרוף ביים ייד דוד זאַסלאַווסקי, אין יאָר 1923, ווען ער האָט נאָך געשריבן אין „יעווריעיסקאַיאַ ליעטאָפּיס". ער באַמערקט, אַז פּושקינען און לערמאָנטאָוון וואָלט אויסגעקומען ווילד דער געדאַנק, אַז יידן וועלן נישט נאָר אַריין אין דער רוסישער געשיכטע, נאָר אַז זיי וועלן אין איר שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָלע; און אַז עס וועט פאַר דער רוסישער ליטעראַטור שטיין די פראַגע פון אַ פאַרבינדונג צווישן דער אַלטער און נייער יידישער היסטאָריע.

די אַלטע און נייע יידישע היסטאָריע! ווער וואָלט זיך אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד דערוואַגט ביים היינטיקן טאָג גאָר צו דערמאָנען אַזעלכע ווערטער. דוד זאַסלאַווסקי וואָלט אַליין געכאַפּט אַ ציטער, ווען עמעצער וואָלט אים דערמאָנט זיינע אייגענע רייד. די נייע יידישע געשיכטע וואַלגערט זיך אַ דערנידעריקטע אין איצטיקן רוסלאַנד און די אַלטע יידישע געשיכטע איז אַוודאי אַ פאַרברעכן צו דערמאָנען, ווייל עס שמעקט — מיט מדינת ישראל.

זאַסלאַווסקיס אָפּהאַנדלונג קען געלייענט ווערן מיט אַ סך באַגלייטנדיקע קאָמענטאַרן, אָבער דער אמתער מוסר־השכל פון דער אָפּהאַנדלונג, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט פערציק יאָר צוריק איז, אַז די רוסישע קינסטלערישע ליטעראַטור האָט נישט איינגעפלאַנצט קיין ליבשאַפט צו איר „היימישן" ייד, וואָס האָט מיט פאַרגלאָצטע אויגן, נאָך מער פון רוסישן פאָלק, געגרויסט און געאַכפּערט די רוסישע ליטעראַטור.

22.11.63

כ׳האָב אין „קעמפּער״ פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן אַנטיסעמיטיזם אין דער אַמאָליקער רוסישער ליטעראַטור, אַפֿילו אין דער ליבעראַלער, וואָס האָט געוואָלט באַפֿרייען רוסלאַנד פֿון צאַרישן דעספּאָטיזם און ברענגען אַ שענערע וועלט פֿאַרן רוסישן פֿאָלק. די טעמע איז אַן אַלטע און אַ גוט באַקאַנטע, אָבער איך האָב מײַן אַרטיקל געבויט דער עיקר אויף אַ פֿאַרזעענער אָפּהאַנדלונג פֿון דוד זאַסלאַווסקי, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט פֿערציק יאָר צוריק און וואָס איז פֿון יענע זעלטענע שטודיעס, וואָס ס׳איז געווען אַ מצווה עס אויסצוזוכן, אַז עס זאָל נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן. ס׳איז מיר געגאַנגען צו ווײַזן און דערמאָנען, אַז אין 1923 האָט אין סאָוויעט־רוסלאַנד עקזיסטירט אַ רוסיש־ייִדיש זאַמלבוך — „יעוורעיסקאַיאַ ליעטאָפּיס״; אַז מען האָט דאָרט געקענט אָפּן באַהאַנדלען רוסיש־ייִדישע פּראָבלעמען; אַז מען האָט געקענט אָנקלאָגן די גרויסע רוסישע ליטעראַטור אין אַנטיסעמיטיזם אָדער אַנטיסעמיטישע טענדענצן און אַפֿילו האָבן פּרעטענזיעס צו אַזעלכע ראַדיקאַלע רוסישע שרײַבער, הומאַניסטן און אַפֿילו פּראָקלאַמירטע ייִדן־פֿרײַנד — אין קינסטלערישן סנאָביזם בנוגע ייִדישע טיפּן.

ס׳איז, האָט זיך מיר געדאַכט, אַ צײַטלעך אַרטיקל, אויסגעגראָבן אין צײַט, ווען מיר ווייסן ווי סיסטעמאַטיש דאָס ייִדישע וואָרט, דער ייִדישער געדאַנק און ייִדישע נאַציאָנאַלע באַוווסטזיניקייט ווערן דערדריקט אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. ס׳האָט גענומען דעם אָנגעזעענעם רוסיש־ייִדישן אָדער ייִדיש־רוסישן פּובליציסט און מחבר פֿון אַ סך ערנסטע ביכער — גריגאָרי אַראָנסאָן אַן איבערקלער פֿון שיינע עטלעכע חדשים, ביז ער איז אַרויסגעקומען מיט אַן אַרטיקל קעגן מיר אין „וועקער״ אונטערן נאָמען — „די רוסישע ליטעראַטור פֿון ייִדישן קוקווינקל״.

איז אַזוי די מעשה. די פּאָלעמיק מיט מיר בנוגע דעם ענין אַנטיסעמיטיזם אין דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס גריגאָרי אַראָנסאָן האָט פֿאַרפֿירט קעגן מיר, איז אַ גאַנץ אָנשטענדיקע, הגם אין תוך אַ טעותדיק־אויפֿגעבויטע, ווי כ׳וועל שפּעטער ווײַזן. די פּאָלעמיק איז געשריבן אין אַן אָנשטענדיקן טאָן, נישט קריגעריש און נישט נאַ־שפּיץ, מיטן אויסנאַם פֿון אַ וויץ אויף מײַן חשבון, וואָס דער חשובער פּאָלעמיסט האָט אַ לעצטן שאָס געטאָן: אין 1894 האָט דער רעפֿאָרם־ראַביי קראַוקאָפּף באַזוכט טאָלסטאָיען אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ און ביי אים געבעטן אַז ער זאָל שרײַבן אַ ראָמאַן וועגן רוסישע ייִדן און זיי באַשרײַבן סימפּאַטיש. טאָלסטאָי האָט דערויף געענטפֿערט, אַז מ׳קען נישט באַשטעלן ביי אַ רוסישן שרײַבער „אַ ראָמאַן מיט אַ טענדענץ״. גריגאָרי אַראָנסאָנס שפּיץ פֿון וויץ באַ־

שטייט אין דעם, וואָס ער שטויסט זיך אָן, זאָגט ער, אַז „נאָך אין יאָר 1894" האָב איך „באַזוכט לעוו טאָלסטאָי אין דער געשטאַלט פון פילאַדעלפיער רב".

ווייזט עס, אַז אַפילו אַזאַ ערנסטער פובליציסט און פּאָלעמיקער ווי גריגאָרי אַראָנסאָן קען זיך נישט צוריקהאַלטן, ווען אַ וויץ בעט זיך רחמים ביי אים און באָט זיך אָן צו פאַרענדיקן אַן אַרטיקל מיט אַ קאַפּיטשקע פּעפער. איך, וואָס בין געבוירן געוואָרן מיט צוויי יאָר שפּעטער, וואָלט אַוודאי געהאַט גרויס נחת, ווען איך וואָלט באַזוכט טאָלסטאָיען אַפילו מיט צוויי יאָר פריִער. כ'ווייס נישט אַקו־ראַט, צי כ'וואָלט אויסגעקליבן דאָס געשטאַלט פון ראַביי קראַוזקאָפּף; אפשר וואָלט איך, אין 1894, אויסגעקליבן דאָס געשטאַלט פון דעם יונגן ביאַליק, אָדער פון פרצן, שלום־עליכמען, פרוגן, ווייל אַפילו צוויי יאָר פאַר מיין געבוירן איז מיר נישט איינגעפאַלן צו ווערן — אַ ראַביי. איך וואָלט אויך אין 1894 מסתמא גע־שלעפּט זיך דירעקט פון רוסיש־פּוילן קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ און ס'וואָלט מיר נישט אויסגעקומען מאַכן די רייזע אַזש פון פילאַדעלפיע.

דער וויץ האַלט זיך אָבער אויף הינערישע פיסלעך, ווייל גריגאָרי אַראָנסאָן האָט גרייזיק געלייענט מיין אַרטיקל. אַלץ וואָס איך גיב בפירוש איבער אין זאַסלאַווסקיס נאָמען, שרייבט מיר אַראָנסאָן צו, ווי איך וואָלט עס געזאָגט. די קריוודע צו טאָלסטאָיען, הלמאי ער האָט בלויז פובליציסטיש און נישט קינסטלע־ריש אַריינגעלאָזט יידן אין זיין שרייב־לאַבאָראַטאָריע, שטאַמט נישט פון מיר, נאָר אַרויסגעשטעלט האָט זי זאַסלאַווסקי און איך ברענג עס אין זאַסלאַווסקיס נאָמען. ווען איך וואָלט מיט צוויי יאָר פאַר מיין געבוירן־ווערן געשטאַנען פאַר טאָלסטאָיען, וואָלט איך אַזוי צעטומלט געוואָרן פון גרויסן באַרימטן מאַן, פון זיין לאַנגער רוסישער באָרד, גראָבער נאָז און פויערישן אָנטאָן, אַז כ'וואָלט — אַ צוויי־יאָריק ערב־קינד — נישט געהאַט דעם מוט און אפשר אויך נישט די ענערגיע צו פאָדערן אַ יידיש ווערק פון לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי.

ווי פריִער געזאָגט, איז דער פּאָליטישער טאָן פון גריגאָרי אַראָנסאָן אַ גאַנץ בכבודיקער, אין די בעסטע טראַדיציעס, און ס'וואָלט געגוג געווען אַ פּריוואַטער בריוו פון מיין זייט, צו ענטפערן אויף עטלעכע פונקטן, ווען נישט דאָס פאַרגרייזטע לייענען פון מיין אַרטיקל און דאָס צושרייבן זאַסלאַווסקיס אַלע געדאַנקען — צו מיר. דער גרויסער אויפטו פון זאַסלאַווסקיס אַרטיקל באַשטייט אין די ציטאַטן, וואָס ער ברענגט פון די באַקאַנטע, געשעצטע און באַליבטע רוסישע שרייבער. כולנו, מיר זענען אַלע גוט באַהאַוונט אין דער רוסישער ליטעראַטור און זאַס־לאַווסקיס געבראַכטע ציטאַטן פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין, נעקראַסאָוו און אַפילו פון פושקינען, זענען געבליבן באַגראָבן און פאַרהוילן. כ'בין זיכער, אַז זאַסלאַוו־סקי, וואָס איז געווען אַ מומחה אין דער רוסישער ליטעראַטור, האָט אין 1923, מיט גרויס ווייטיק, אויפגעדעקט די דאָזיקע ציטאַטן פאַר זיך אַליין, נאָך דעם ווי

זיי זענען אים אַמאָל אומבאַמערקט פאַרבייגעפלויגן. ער האָט געוואָלט ציִען די אויפמערקזאַמקייט און זיי גוט אונטערשטרייכן.

אַראָנסאָן וויל פסלען זאַסלאַווסקין, אַז ער איז שוין אין 1923 געווען אַ „רענעגאַט" פון בונדיזם, אָבער דאָס פסלט דאָך נישט זיינע געבראַכטע ציטאַטן פון דער רוסישער ליטעראַטור און נישט די שאַרפקייט פון זיין וויטיק, ווען ער האָט זיי געבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט. ווער האָט דען די דאָזיקע ציטאַטן פאַרהוילן און באַגראָבן? נישט די אָפנהאַרציקע, נשמה־צעקנעפלטע רוסישע ליטעראַטור, נאָר די רוסיש־יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך מיט דורשט אַרויפגעוואָרפן אויף דער רוסישער ליטעראַטור און פסיכאָלאָגיש געוואָלט פאַרזען די אַלע שטיינער, וואָס די דאָזיקע שענסטע און אידעאַליסטישע לייענערשאַפט האָט געקראָגן, ווען זי האָט זיך גענומען שפּייזן מיט דער גרויסער קינסטלערישער ליטעראַטור.

איז געקומען זאַסלאַווסקי און האָט די באַהאַלטענע און פאַרבאָרגענע ציטאַטן אַרויסגעשלעפּט פון זייער רוסיש־יידישער גניזה און זיי אויפגעדעקט. פאַר מיר איז עס געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט, וואָס דווקא אַ זאַסלאַווסקי האָט עס געטאָן, אין אַ רוסיש־יידישן זשורנאַל און אין מאָסקווע, ווען גאָרקי האָט נאָך געלעבט און בלויז צוויי יאָר נאָך קאָראָלענקאָס טויט. דעמאָלט איז נאָך מעגלעך געווען אַ משפּט אויף אַנטיסעמיטיזם אין דער רוסישער ליטעראַטור, בעת היינט וואָלט אַזאַ „אויפדעקונג" אין סאָוויעט־רוסלאַנד געווען אַ פאַרברעכן. היינט איז מעגלעך אין סאָוויעט־רוסלאַנד צו פאַרעפנטלעכן גאָגאָלס „טאַראַס בולבאַ", אַפילו אויף ענגליש, מיט אַלע קאָזאַצקע ווילדקייטן קעגן יידן און מיט גאָגאָלס אייגענעם צוגאָב פון אַלטן אַנטיסעמיטישן מענה־לשון, אָן אַ קאָמענטאַר אַפילו, אָן דעם מינדסטן פּיפּס קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס ווערט פשוט געפּרעדיקט אין גאָגאָלס ווערק.

גריגאָרי אַראָנסאָן שרייבט אָבער מיר צו אַלץ, וואָס עס קומט זאַסלאַווסקין, און דאָס איז אַן עוולה. נישט איך האָב געפאָדערט פּאָזיטיוו יידיש־קינסטלערישע באַהאַנדלונג פון די רוסישע מייסטער, נאָר — זאַסלאַווסקי. די עוולה פון יענעם פילאַדעלפיער רב, אין 1894, איז גאָרנישט געווען אַזאַ גרויסע, זיין פאָדערונג איז אפשר געווען נאַיִוו, אָבער נישט אַזוי שרעקלעך. ווען אַ יידישע פרוי האָט געפאָדערט פון טשאַרלז דיקענס, אַז ער זאָל אַמאָל פאַרריכטן דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט געטאָן זיין „ייד" פייגין, דעם אויסוואָרף און אַלדאָסבייזניק — מיט אַ סימפּאַטישן יידישן העלד, האָט דיקענס געשילדערט אַ גוטע יידישע פרוי אין איינעם פון זיינע שפּעטערדיקע ווערק. טאָלסטאָי איז גאָרנישט געווען אַזוי אינטים באַקאַנט מיט אַלע העלדן פון זיין „מלחמה און שלום". ער האָט אויך געקענט, ווען ער וואָלט געוואָלט, אָנשרייבן אַ היסטאָרישן יידישן ראָמאַן און דאָרט אַרויסברענגען זיין קינסטלערישע סימפּאַטיע צום יידישן פאָלק. טאָלסטאָי

האָט געשריבן אַ סך „פּאַפּירענע“, טענדענציעזע מאָראַל־מעשהלעך, האָט ער זיכער געקענט, ווען ער וואָלט געוואָלט, איינשליסן עטלעכע אַזעלכע מעשהלעך וועגן דעם גורל פון יידן — ווען ער וואָלט געוואָלט. ווען ס׳איז געקומען צו זיין באַרימטן אויסגעשריי קעגן צאַרישע פּאָגראָמען, ווייסן מיר ווי שווער ס׳איז אים אָנגעקומען אַרויסצורייסן זיין פּראָטעסט און ווי לאַנג ער האָט מיט זיך אַליין דעבאַטירט וועגן זיינע מאָראַלישע פליכטן.

אָבער איך חזר איבער, נישט איך האָב ביי אים אָדער ביי אַנדערע רוסישע שרייבער געפאָדערט — גוטע יידישע טיפּן. איך שטעל נישט קיינעם קיין לכתחילהדיקע קינסטלערישע פאָדערונגען און גיב נישט קיינעם קיין קינסט־לערישע באַשטעלונגען. אַראָנסאָן קאַטעגאָריזירט מיך אַפילו, אַז „כ׳געהער צו דער מחנה יידן, וואָס האַלטן, אַז אַלע גוים — זענען יידן־פיינט“; אַז אַלע הומאַ־ניסטישע שרייבער זענען „מער־ווייניקער אַנטיסעמיטן“. ווען האָב איך אַזוינס געזאָגט? העכסטנס האָב איך אפשר געקענט זאָגן, אַז אַלע גוים זענען — גוים, אָבער ווען האָב איך באַשולדיקט אַלע „טיפע, ערנסטע, שעפערישע און טאַלענ־טירטע מענטשן“ אין אַנטיסעמיטיזם? ס׳איז אַן אַבסורד, און כ׳נעם אָן, אַז דאָס שטאַמט אַלץ נישט פון בייזוויליקער פּאָלעמיק, נאָר פונעם פאַרגרייזטן לייענען, וואָס איך האָב געשריבן. אין מיינע ביכער וועגן ליטעראַטור האָב איך זיך גאַנץ אָפט פאַרנומען מיט וועלט־ליטעראַטור און קיין מאָל נישט געמאַכט אַזעלכע „אַגולנע“ באַשולדיקונגען.

דאָס אַלץ וואָלט איך געקענט שרייבן גריגאָרי אַראָנסאָנען אין אַ פריוואַטן בריוו. פאַראַן אָבער אַ מאָמענט אין דער פּאָלעמיק קעגן מיר, וואָס פאָדינט יאָ אַן עפנטלעכע באַמערקונג. גריגאָרי אַראָנסאָן וויל זיך אַריינלאָזן אין געביט פון פּסיכאָלאָגיע, אָדער פּסיכיאַטריע. ער זאָגט, אַז דער צוגאַנג מיינער (פון אים אויסגעטראַכטער!!!) צו דער וועלט, אַז אַלע גוים זענען אַנטיסעמיטן, פאַרמאָגט אין זיך אַ סאַדיסטישן שטריך. כ׳בין נישט זיכער צי ער האָט נישט געמיינט — אַ מאַזאָכיסטישן. אָבער אויב שוין יאָ אַ ביסעלע פּסיכאָלאָגיע, איז מיר אינטע־רעסאַנט פאַר וואָס הייבן געוויינלעך אויף אַ טומל די געשוווירענע רוסיש־יידישע אינטעליגענטן, ווען מען קומט אַרויס מיט דעם, וואָס ער אַליין גיט צו, אַז ס׳איז אַזוי וויל־באַקאַנט — מיט די אַנטיסעמיטישע ציטאַטן פון דער רוסישער ליטע־ראַטור. קיינער לייקנט דערמיט נישט אָפּ די גרויסקייט פון די רוסישע מייסטער, זייער טאַלאַנט, זייער שעפערישע השפּעה, אַפילו זייערע ליבעראַלע טענדענצן און זעלטענע אַרויסטריטן לטובת יידן. פאַר וואָס זאָל נישט אונדז יידן דערלויבט זיין צו רעדן וועגן דעם איינגעגראָבענעם, איינגעוואָרצלטן אַנטיסעמיטיזם אין דער רוסישער ליטעראַטור? פאַר וואָס אַזאַ אומרויִקע עמפּינדלעכקייט ביי דער רוסיש־יידישער אינטעליגענץ? נעמט מען ביי זיי צו זייער באַבעס ירושה, אָדער די שיינקייט און גרויסקייט פון זייערע אייגענע יוגנט־זכרונות?

ס׳איז דאָך דערלויבט צו פֿרעגן, ווי קומט עס, וואָס מיר זענען געווען אַזוי טאָלעראַנט אין אונדזער יוגנט צו דעם אָפֿנהאַרציקן אַנטיסעמיטיזם פֿון די גרויסע רוסן? ווי אַזוי האָבן מיר עס אַראָפּגעשלונגען און זיך נישט געמאַכט ווייסנדיק? וואָס האָט פֿון אונדז געמאַכט אַזעלכע „קריסטלעכע״ פֿאַרגעבערס, בעת מיר האָבן זיך געשפּייזט מיט דער רוסישער ליטעראַטור?

און נאָך אַ גרעסערע און ברייטערע פֿראַגע: נאָך היטלערן און נאָך דער אויסראָטונג פֿון אַ דריטל פֿון יידישן פֿאָלק, איז טאַקע פֿאַרבאָטן אַ היינטצייטיקן ייד אַ שמועס צו טאָן וועגן אַנטיסעמיטיזם אין דער ליטעראַטור בכלל און אין דער רוסישער ליטעראַטור בפרט? איז דער אַנטיסעמיטיזם אַזוי שטאַרק אָפּגע־רוקט פֿון אונדזער צייט, אַזאַ ווייטע פֿאַנטאַסטישע פֿאַרגאַנגענהייט, אַז ס׳איז נישט כדאי אויפֿצונעמען אַזאַ אַלטע טעמע? און איז טאַקע גריגאָרי אַראָנסאָן אַזוי זיכער, אַז נעקראַסאָווס „ליבעראַלער״ אַנטיסעמיטיזם, למשל, איז אַזוי פֿרעמד אַ פּורצעוואַ, אָדער אַפֿילו — כרושטשאָוון? פֿאַרקערט, דווקא אָט די רוסישע ליבעראַלע מייסטער האָבן דאָך געגעבן דעם אַנטיסעמיטיזם חשיבות און אַפֿילו — קלאַסן־באַרעכטיקונג.

דאָ וואָלט זיך געפּאַסט צו ענדיקן מיט אַ וויץ ווי גריגאָרי אַראָנסאָן האָט עס געטאָן, אָבער כ׳בין נישט אין קיין וויצלדיקער שטימונג און ס׳קומט מיר בשום אופֿן נישט אויפֿן געדאַנק עפּעס אַ פּאַסיקער וויץ, וואָס זאָל דערלאַנגען דעם לעצטן טערעבענץ. וויל איך פֿאַרענדיקן אַזוי שטיל און געלאַסן ווי מעגלעך: קיינער קלאָגט נישט אָן די גרויסע רוסישע קינסטלער פֿאַר זייער פֿאַרטיפֿטער און רחבותדיקער קינסטלערישקייט, אַזוי, אַז זיי נייטיקן זיך נישט אין רוסיש־יידישע אַדוואָקאַטן. ס׳איז אָבער אַ חוב אַנצוווייזן ווי דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אַריינגעוואָרעמט אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור פֿון אַלע פֿעלקער און געטאָן זיין חלק, צו ברענגען אויפֿן יידישן פֿאָלק די פֿאַרוויסטונג פֿון די פֿערציקער יאָרן פֿון אונדזער ביטערן יאָרהונדערט. מען דאַרף זיך אויסלערנען עסן אַפֿילו די רוסישע ליטעראַטור — אָן פֿליגן.

10.4.64

# ענגלישע און רוסישע שיילאָקס

מיט אַ צייט צוריק איז מיר אויסגעקומען צו בלעטערן אַ זאַמלונג פון שאָטלענדישע און ענגלישע באַלאַדן, וואָס איז דערשינען אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. דאָס איז דער גאַנצער שפייכלער פון דער ענגלישער פאָלקשאַפונג, אויסגעפאָרשט און אויפגעקליבן פון די פאַרשידנסטע קוואַלן מיט דערקלערונגען און אַריינפירן — אין דיקע אַכט בענד. מיר איז געווען אינטערעסאַנט צו זען ווי אַזוי דער זאַמלער, איינער פון די גרעסטע אויף דעם געביט, פ. דזש. טשיילד, באַציט זיך צו דער ווילד־אַנטיסעמיטישער באַלאַדע, וואָס דער באַרימטער ענגלישער דזשעפרי טשאָסער האָט אויסגענוצט; די עלילת־דם־געשיכטע וועגן אַ פרום קריסטלעך יינגל, וואָס די יידן האָבן דערמאָרדעט, ווייל זיי האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן זיינע קריסטלעכע תפילות.

דאָס איז איינע פון די ווילדסטע און בלוטיקסטע פעלשונגען. עס איז געבויט אויף אַ טרויעריקער כראָניק אין דער געשיכטע פון יידן אין ענגלאַנד. צענדליקער יידן זענען פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט אין דער דאָזיקער עלילת־דם־עקזעקוציע פון דרייצנטן יאָרהונדערט.

ווען כ׳האָב אויסגעזוכט די דאָ׳יקע באַלאַדע אין אירע פאַרשידענע וואַריאַנטן, האָב איך געפונען אַ שלל מיט נאָטיצן און אַ ברייטן אַריינפיר פון דעם ענגלישן באַלאַדן־פאָרשער וועגן עלילת־דם־פראָצעסן קעגן יידן בכלל, זייער אָפשטאַם, די איינגעוואָרצלטקייט זייערע אין פינצטערן גלויבן פון מיטלאַלטער, געשטיצט פון דער קירכע און אויפגעהעצט צו מאַסן־פאָגראָמען אויף יידן. דער געלערנטער היסטאָריקער פון דער ענגלישער ליטעראַטור געפינט פאַר נייטיק צו פאַרלייגן וועג און צו דערציילן, אַז די גאַנצע אויסטראַכטעניש פון ריטועלע מאָרדן איז אַ ווולגאַרע פאַרדאַרבונג פון דער יידישער אמונה, אַ בלבול אויף אַ גאַנץ פאָלק, וואָס האָט געדינט דעם קריסטלעכן המון פאַר אַן אויסרייד צו רויבן און מאָרדן און צו אינספירירן מאַסן־פראָצעסן קעגן יידן, כדי ביי זיי אויסצופרעסן געלט און זיי סוף כל סוף אַרויסטרייבן פון לאַנד.

פאַר מיר איז דער דאָזיקער אַריינפיר צו טשאָסערס קוואַלן פאַר זיין עקלדיקער אַנטיסעמיטישער באַלאַדע געווען אַ גרויסע איבעראַשונג. כ׳האָב געטראַכט, אַז ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דערשינען אַן אויסגאַבע פון טשאָסערס באַרימטע „קאַנטערבורי־מעשיות“ און די בלוט־בלבול־באַלאַדע איז איינגעשלאָסן געוואָרן, אָן אַ פיפס אַפילו מצד די אַרויסגעבער. אין עטלעכע ענגלישע זשורנאַלן איז דורכגעלופטערט געוואָרן די פראַגע, צי איז טאַקע

טשאָסער אַזוי אומבאַרירלעך־הייליק, אַז מען האָט געמוזט אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, שוין נאָך די היטלער־יאָרן, איבערדרוקן טשאָסערן און נישט געפונען פאַר נייטיק אָפּצוּוואַרפן די פּאַסקודסטווע. און אויב ער איז טאַקע אַזאַ אומבאַרירלעכער קלאַסיקער, וואָס יעדער אות זיינער איז קודש־קדשים, צי איז כאָטש נישט נייטיק געווען אַ באַמערקונג וועגן דער בלוטיקער מעשה, וואָס האָט געקאָסט אַזוי פיל יידישע לעבנס. אָבער די מייסטע, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף דעם דאָזיקן אומבאַרירלעכן אויסגאָב, האָבן געטענהט, אַז חס וחלילה, מען מוז איבערלאָזן טשאָסערס פולע געמיינהייט און נישט רירן דערפון קיין אות. מען מוז עס כסדר מיטשלעפן דורך אַלע יאָרהונדערטער, אָן אַ באַמערקונג אַפילו. דער טייערער גייסט פון דער דאָזיקער באַטעמטער עלילת־דם־באַלאַדע טאָר נישט אויסגעוועפּט ווערן. וואָס אַ באַרימטער פאָרשער פון די ענגלישע און סקאָטישע באַלאַדן האָט יאָ פאָרשטאַנען אין ניינצנטן יאָרהונדערט, האָט מען בשום אופן נישט געוואָלט איינזען אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן, מיט אַלע גרויל־איבערלעבענישן, וואָס אונדזער דור האָט געהאַט אויסצושטיין.

אָבער די פראַגע איז אַ סך אַ ברייטערע און זי איז נישט באַגרענעצט בלויז אויף איינצלנע לידער, אָדער באַזונדערע זייטלעך פון געוויסע ביכער. ס'האַנדלט זיך אין דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון ליטעראַטור־געמיינהייטן, וואָס דער היינטצייטיקער מענטש שלעפּט מיט פון זיינע שול־יאָרן אָן, ווייל מען וואַרפט עס אים אַלץ אויף די פּלייצעס. ס'איז נישט געגוג, וואָס מען קען די אַלע ווילדקייטן געפינען אין די ביבליאָטעקן, מען מוז עס כסדר איבערדרוקן און איבערדרוקן, פאַר דער פולער הנאה פון אַלע היינטיקע און קומענדיקע דורות.

נישט לאַנג צוריק האָבן זיך יידישע פרייגייסטער איינגעשטעלט פאַר דעם סוחר פון ווענעציע, אַז מען מוז דווקא שפּילן שיילאָקן, וואָס באַשטייט אויפן קריסטלעכן פונטעלע פלייש, פאַר די דוקאַטן זיינע, וואָס ער האָט געבאָרגט און נישט צוריקבאַקומען צום באַשטימטן טאָג. מ'קען זיך פּשוט נישט באַגיין אָן שיילאָקן אויף דער בינע. מען מוז זען שעקספּירס ייד, אין זיין גאַנצער צעיושעטער פּראַכט.

אָבער שיילאָק איז נאָך נישט דאָס ערגסטע. שעקספּיר איז געווען אַ געניאַלער קינסטלער, האָט ער אַפילו אין שיילאָקן אַריינגעבלאָזן אַ שטיקל נשמה און אַ פּראָטעסט קעגן זיינע קריסטלעכע אָפּלאַכער. שיילאָק איז אייגנטלעך אַ „פּלאַגיאַט" פון אַ ווערק פון שעקספּירס צייט־חבר קריסטאָפער מאַרלאָ. זיין „ייד" איז ערשט דער אמתער מאָנסטער, וואָס שעקספּיר האָט אים אַ ביסל פאַראיידלט. מיט אַ צוויי וואָכן צוריק האָט אַן ענגלישער פּראָפעסאָר געשריבן וועגן מאַרלאָן. ער האָט שטאַרק געלויבט דעם שעפער פון דער עליזאַבעטישער דראַמע, דערמאָנט זיין אַנטיסעמיטישן פאָרשפּיל צו שעקספּירס שיילאָק, און אַפילו נישט פאַרלוירן

אַ וואָרט וועגן דעם צעקרומטן אַנטיסעמיטישן „ייד", וואָס האָט געדינט פאַר אַ מוסטער פאַר אַ סך אַנטיסעמיטישע שרייבער אויף צענדליקער לשונות, ביזן סוף פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. קריסטאָפער מאַרלאָ איז געבוירן געוואָרן מיט 400 יאָר צוריק, עטלעכע חדשים פאַר שעקספּירן. זײַן „ייד" הייסט באַראַבאַס. ער איז עס „דער רײַכער ייד פון מאַלטאַ". דער ייד ווערט פאַרגעשטעלט ווי אַ טײַוול, און ווי אַ שפּעטערדיקער ענגלישער שרייבער טשאַרלז לעם (אַליין נישט קיין גוואַלדיקער אוהב־ישראל) האָט זיך אויסגעדריקט, איז מאַרלאָס דראַמע אַן אמתע פּאָגראָם־העצע.

אָבער די דאָזיקע „יידן" האָבן אַרומגעשפּאַצירט פראַנק און פרײַ אין אַלע אַנטיסעמיטישע ווערק פון וועלט־קלאַסיקער. מען האָט פּשוט פאַרטיקערהייט קאָפּירט די באַראַבאַסעס און די שײַלאָקס און זיי איבערגעשריבן. אַז מען נעמט רעדן וועגן רײַניקן אַזעלכע געמיינהייטן, טוט זיך חושך — ס'טײַטש מען טוט אַן עוולה די קלאַסיקער. אָט האָט מען אין מאָסקווע אַרויסגעגעבן, אין אַ באַנײַטער ענגלישער איבערזעצונג, גאָגאָלס „טאַראַס בולבאַ". אין דעם ווערק, איינס פון די ערגסטע, וואָס דער אוקראַיִנער גאָגאָל האָט אָנגעשריבן, געפינען מיר דעם גייסט פון „שײַלאָקן", וואָס איז מיט אַ ווילדן סאַדיזם איבערגענומען געוואָרן, אָן קאָנטראָל, דורך דעם האַלב־משוגענעם שרייבער, וואָס איז געוואָרן אַ רעליגיעזער מאַניאַק און אַ צאַריסט. דער באַרימטער רוסישער קריטיקער ביעלינסקי האָט אַדרעסירט אַן אָפענעם בריוו צו גאָגאָלן און אים אָנגעקלאָגט און אַרויסגעשטעלט ווי אַ שוואַרץ־מאהניק און ביליקן רעאַקציאָנער.

פאַר וואָס האָט מען אין סאָוויעט־רוסלאַנד דווקא געמוזט אין אונדזער צײַט אויסגראָבן דאָס דאָזיקע דריטקלאַסיקע ווערק, וואָס איז פול מיט ווולגאַרן אַנטי־סעמיטיזם? אויף דער הילע פון בוך ווערן געבראַכט לויבווערטער דווקא פון ביעלינסקין, אָבער מיט קיין איין וואָרט ווערט נישט דערמאָנט ביעלינסקיס באַשולדיקונג־בריוו קעגן דעם צאַרישן אַפּאָלאָגעט און רעאַקציאָנער. די נײַע איבערזעצונג פון קאָזאַצקן טאַראַס גיט גאָרנישט צו גאָגאָלס שרייבערישן געשטאַלט.

די רעגירונג־רעדאַקציע לויבט דאָס רעוואָלוציאָנערע ווערק, וועגן דעם אוקראַיִנישן דראַנג זיך צו באַהעפטן מיטן רוסישן ברודער, אָבער עס ווערט נישט קריטיקירט דער מיאוסער אַנטיסעמיטיזם, דאָס שײַלאָק־געשטאַלט, וואָס שפּאַנט ביזן הײַנטיקן טאָג, און געפינט אַן אומבאַרירלעך אָרט אַפילו אין סאָוויע־טישע ביכער, ווו מען שרײַבט איבער צײַטנווײַז געשיכטע, אָבער דער קלאַסישער אַנטיסעמיטיזם מוז אַפילו דאָרט אויך בלײַבן אין זײַן אומבאַרירלעכער „הייליקייט". בײַ יעדן איינעם פון אונדז, וואָס האָט אַ מאָל געלייענט „טאַראַס בולבאַ", האָט זיך זיכער אײַנגעקריצט אין זכרון די פּאָגראָם־סצענע, ווען די צעווילדע־וועטע קאָזאַקן וואַרפן די יידן אין טײַך אַרײַן און זיי קוקן זיך צו מיט שמחה ווי „קאָמיש" די קרבנות זייערע טרינקען זיך, ווי זיי דריגען מיט די פיס, ווי זיי

שרייען און בעטן זיך ביי די פּאָגראָמשטשיקעס מען זאָל זיי ראַטעווען. טאַראַס בולבאַ ראַטעוועט דעם זשיד יאַנקל בלויז דעפּאַר, ווייל יאַנקל האָט געקענט טאַראַסעס ברודער. אַ שרייבער, ווי אָביעקטיוו ער זאָל נישט זיין אין זיינע שילדערונגען, קען, אַפילו נישט עובר זייענדיק אויף אַלע קונסט־געזעצן, מרמז זיין ווי ער אַליין באַציט זיך צו אַ באַשריבענער סצענע, וואָס איז קעגן אַלע מענטשלעכע געפילן. גאָגאָל איז נישט אָביעקטיוו. פּאַרקערט, מען זעט, אַז ער האָט ווילד הנאה פון דעם קאָזאַצקן פּאָגראָם.

אָבער ווייניק לייענער געדענקען, אַז די סצענע איז נישט די סאַמע ערגסטע. די פּאָגראָם־סצענע ווערט כאָטש געשילדערט ווי אַ רעזולטאַט פון אויפגעהעצטע געמיטער, נאָך אַן אַגיטאַציע־רעדע פון אַ קאָזאַצקן פּראָפּאַגאַנדיסט, פאַר דער באַפרייונג פון אוקראַינע.

שפּעטער ווערן אין „טאַראַס בולבאַ" מער נישט געשילדערט קיין וואַקכאַנאַליעס פון פּאָגראָם־אויסברוכן. דערפאַר רעדט שוין גאָגאָל אַליין, דורכן מויל פון זיין העלד טאַראַס בולבאַ, אַפילו ווען ער פירט אים בלויז און דערפירט אים צום זעלביקן יאַנקל, צו וועמענס אַ טובה דער קאָזאַק דאַרף אָנקומען. ער וויל, אַז דער זשיד יאַנקל זאָל אים פירן קיין וואַרשע, צו די ערגסטע שונאים פון די אוקראַיִנישע אויפשטענדלער. אין די עטלעכע קאַפּיטלען צעשפּילט זיך גאָגאָל מיט זיין אייגענער קאָזאַצקער באַציִונג צו יידן.

גאָגאָל איז געשטאָרבן מיט 112 יאָר צוריק, אָבער זיין „טאַראַס" איז אַן אוקראַיִנישער בונטאָוושטשיק און העלד פון זעכצנטן יאָרהונדערט. מען וואָלט דערפאַר געקענט זאָגן, אַז גאָגאָל איז בלויז דער אָביעקטיווער קינסטלער, וואָס באַשרייבט די קאָזאַקן אין זייער פּאַטריאָטישער רציחה. אָבער די צעווילדעוועטע קאָזאַקן און זאַפּאַראָזשצעס ווערן פּאָעטיזירט און באַזונגען, בעת די יידן, די „קריסטלעכע אונטערדריקער", די וואָס זענען „די האַרן פון קריסטלעכער ערד", ווערן פון מחבר געשילדערט מיט די גרעבסטע מעטאָדן און מיט די שענדלעכסטע אַנטיסעמיטישע בלבולים, אין אַ ביסל ליכט, אין אַ טראַפּעלע מענטשלעכקייט, אין באַלאַנס אַפילו פאַר אַ באַוווסטזיניקן אַנטיסעמיטישן שרייבער.

נישט „טאַראַס בולבאַ" רעדט ווען ער דערציילט ווי יאַנקל האָט אַריינגעקריגן דאָס גאַנצע קאָזאַצקע פאַרמעגן, אויף אַ שטח פון דריי מייל, אין זיינע הענט אַריין. „ווען יאַנקל וואָלט דאָרט געוווינט נאָך אַ צען יאָר, וואָלס ער פאַרוויסט די גאַנצע וואָיעוואָדשאַפט".

דער ייד דאַוונט. דער גאַנצער קאָפּ זיינער איז צוגעדעקט מיט אַ „שמוציקן טוך". פאַר בולבאַס קאָפּ קען מען קריגן אַ באַלוינונג פון צוויי טויזנט דוקאַטן. דער שיילאָק־ייד גיט גלייך אַ טראַכט פון גאָלד — „וואָס ווי אַ וואָרעם פרעסט עס דעם יידנס נשמה". אַזוי רעדט דער מחבר, דאָס לייגט ער צו פון זיך אַליין, כדי פולער צו מאַכן דאָס „בילד" פון יאַנקלען.

טאַראַס גיט יאַנקלען צוויי טויזנט דוקאַטן. דער ייד דעקט עס איבער מיט אַ האַנטעך. ער פאַרכליניעט זיך אַזש מיטן גאָלד. טאַראַס דערקלערט יאַנקלען, אַז ער האָט אַליין געקענט איינשטעלן דאָס לעבן און פאַרן קיין וואַרשע, „אָבער די יידן זענען געשאַפן געוואָרן פאַר פאַרשווערונגען און שפּיאָנאַזש״ .

גאָגאָל האָט ממש אַ פּאַטאַלאָגישע תאווה צו זען דעם ייד — אומעטום. מילא, אַז ער זעט אַ יידישע יאַרמלקע, יידישע פּאות, האָט עס כאָטש צו טאָן מיטן ייד. אָבער גאָגאָל זעט אַפילו יידישע זאָקן, יידישע הויזן, יידישע שיך און שמוציקע יידישע קינדער. די גאַס אין אַ שמוציקע, דאָס יידישע לשון איז אַזוי ווילד „דער טייוול אַליין קען עס נישט פאַרשטיין״. דער ייד מרדכי האָט אַן איבערגעוואַקסענע ליפּ, וואָס איז ממש „אַ מאָנסטער״.

טאַראַס איז צווישן יידן — אַליין אַן אַנטלאָפענער און אין גרויס סכנה, אָבער ער שאַנעוועט זיי נישט. ער זאָגט, אַז „אַ ייד קען אַפילו זיך אַליין באַגנבענען, אויב ער וויל נאָר״. יאַנקל ווידער גיט צו, אַז די פּאָליאַקן זענען נאָך געלט־גייצי־קער פון יידן. ווען טאַראַס וויל פאַר טאָג אויפוועקן יאַנקלען, אַז יענער זאָל אים העלפן ברענגען צו זיין זון אין טורמע, גיט ער אים אַ שטויס מיטן פוס: „שטיי אויף, ייד!״ ביי יאַנקלס ווייב פרעגט זיך טאַראַס נאָך אויף איר מאַן: „וווּ איז דיין ייד?״

דער ייד איז אַ חונף, אַ שווינדלער. דער ייד איז — דער ייד פון דער אַנטי־סעמיטישער ליטעראַטור און אין אָריגינאַל — אַ זשיד. איין שטיקל אויסנאַם מאַכט דער קאָזאַק גאָגאָל בלויז פאַר אַ יידיש מיידל, „וואָס איז נישט קיין מיאוסע״.

אין דער איבערזעצונג איז „טאַראַס בולבאַ״ אַוודאי ווייט פון אַ מייסטערווערק. די גאַנצע מעשה קלינגט ווי שונדישע העלדן־געשיכטע. די אוקראַיִנער ווערן נעבעך כסדר גערודפט און די יידן מיט די פּאָליאַקן זענען זייערע פאַרפאָלגער. גאָגאָל איז געווען אַ מייסטער פון דער רוסישער שפּראַך און דאָס לשון פאַרדעקט אין אָריגינאַל די באַנאַלע און נאַיִווע שטעלן. „טאַראַס בולבאַ״ איז געשריבן געוואָרן אין נייצנטן יאָרהונדערט, ווען די רוסישע נאָוועלע האָט גענומען שטייגן באַרג־אַרויף. אין דער איבערזעצונג פאַרלירט זיך אין גאַנצן די ווייכקייט און דער ליריזם פון גאָגאָלס פּאָעטיזירטע שטעלן. דאָס בוך איז דווקא גוט איבער־געזעצט, אָבער אַן גאָגאָלס לשון פאַלט דאָס ווערק, און דער איבערגעזעצטער טאַראַס איז נישט מער ווי אַ ווילדער קאָזאַק, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין ברעקל מענטשלעכקייט, אַחוץ ליבשאַפט צו זיין זון אָסטאַפּ. די שטעלן וועגן יידן זענען אַוודאי פול מיט פינצטערקייט און זיי לייענען זיך ווי נאַקעטער און ברוטאַלער יידן־האַס. אַוודאי, די קאָזאַקן פון זעכצנטן יאָרהונדערט זענען געווען די אמתע רוצחים און זייער באַציִונג צום ייד איז זיכער געווען ווי גאָגאָל האָט עס געשיל־דערט, ווייל ער האָט גוט געקענט זיינע אוקראַיִנער פון נייצנטן יאָרהונדערט, דעם

שיילאָק־יאַנקל האָט ער אָבער געגומען פון גרייטן. מען זעט, אַז גאָגאָל אַליין אידענטיפיצירט זיך מיט דעם קאָזאַצקן יושר צו יידן. קיין איין מענטשלעך געפיל געפינט נישט גאָגאָל ביים „ייד־טייוול". די אוקראַינישע רוצחים און שיכורים זענען צדיקים אַנטקעגן דעם ייד, וואָס זיין גאָט איז בלויז געלט און וואָס שפּיאָנאַזש, שווינדל און פאַרראַט זענען זיינע טעגלעכע פּרנסות.

ס'איז אַ וווּנדער, וואָס אַזאַ ווערק קען היינטציקע צייטן אַרויס אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אָן אַ באַמערקונג וועגן גאָגאָלס אַנטיסעמיטיזם און קאָזאַקישער באַציִונג צו יידן. און אפשר איז עס קיין וווּנדער נישט. די טאַראַס בולבאַס זענען דאָך כמעלניצקיס עלטערזיידעס.

28.2.64

# צום געשטאַלט פון אַ יידישן מאַרקסיסטישן טעאָרעטיקער

אין די לעצטע עטלעכע וואָכן זענען געשטאָרבן דריי יידן, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער באַוועגונג — בענדזשאַמין גיטלאָ, דזשאָזעף פרימען און וויקטאָר דזש. דזשעראָם. די ערשטע צוויי זענען, יעדער אויף זיין שטייגער, אַוועק פון דער פּאַרטיי. דער שאַרפסטער פּאָליטישער אַוועקגייער איז געווען גיטלאָ; פרימען איז אַוועק שטילער, ווי אַ ליטעראַט, וואָס האָט נישט געוואָלט גיין אין שפּאַן — ער איז געווען אַ פּאָעט און אַ נאָוועליסט. דזשעראָם איז ביזן סוף געבליבן אין דער פּאַרטיי, כאָטש לעצטנס איז ער נישט געווען שטאַרק אַקטיוו און ס׳האָט זיך אַפילו באַמערקט מצד חברים אַ שטיקל אָפּקילונג צו אים. אפשר איז עס געווען דערפאַר, וואָס אים איז נישט געווען צום האַרצן, ווי פרימענען, די פּאַרטיי־דיסציפּלין איבער ליטעראַטור, דער קאַמף קעגן פאָרמאַליזם און קעגן די אַזוי גערופענע מערבדיקע איינפלוסן. דזשעראָם האָט לעצטנס אַ סך אויסגעדריקט זיין שאַרפע קעגנערשאַפט צו דער אויבערהאַרשאַפט פון פּאַרטיי איבער קינסטלערישער פרייהייט.

פון די דריי דערמאָנטע קאָמוניסטן האָב איך בלויז געקענט — וו. דזשעראָמען. געווען אַ צייט ווען מיר זענען אַפילו געווען פריינד און די דאָזיקע פריינדשאַפט — אַ שטאַרק אָפּגעקילטע און דערווייטערטע — איז פאָרט פאַרבליבן צווישן אונדז אַ לאַנגע צייט, כאָטש מיר האָבן זיך אין די לעצטע עטלעכע יאָר כמעט נישט געזען. מיר האָבן זיך אָבער פון אונדזער אַמאָליקער פריינדשאַפט נישט אָפּגעזאָגט און דערמאָנט איינער דעם אַנדערן צום גוטן, אַפילו אין די ביטערסטע צייטן פון פּאָליטישער אָפּפרעמדונג.

ווען דזשעראָם איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף פינף יאָר תפיסה, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע „צווייטראַנגיקע" קאָמוניסטישע פירער, ווי ער איז דעמאָלט קלאַסיפיצירט געוואָרן דורך דער רעגירונג־אָנקלאַגע, האָט עס מיך שטאַרק געוווּנדערט, ווייל איך האָב זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט דזשעראָמען ווי אַ טורמע־זיצנדיקן, אָפּקומענדיקן קאָמוניסט. כ׳שרייב טאַקע איצטער וועגן אים פּשוט דערפאַר, ווייל ער איז מיר תמיד פאָרגעקומען ווי אַ רעטעניש. כ׳האָב אים נישט געקענט אויפנעמען ווי אַן אַקטיוון רעוואָלוציאָנער — נישט לויט זיין אויסזען, נישט לויט זיין בנעימותדיקן און שטילן רעדן מיט דעם אָנגעהאַלטענעם ענגלישן אַקצענט, וואָס איז אים געבליבן פון זיינע ערשטע שול־יאָרן אין ענגלאַנד, פון וואַנען ער איז געקומען קיין אַמעריקע.

ער האָט זיך בלויז דעמאָלט שטאַרק אָנגעוואַרעמט, ווען ער האָט גערעדט

וועגן אַ ליד, אָדער אַפילו אַ שורה פון אַ ליד. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער קענער פון דער ענגלישער פּאָעזיע און — פון דער יידישער פּאָעזיע. ער האָט געקענט זיינע באַליבטע יידישע פּאָעטן פון אויסנווייניק און ער האָט געהאַט טרערן אין די אויגן ווען ער האָט, פון זכרון, דעקלאַמירט ביים טיש, אין דער ליטעראַרישער קאַפּע „ראָיאַל", עטלעכע שורות פון אַ ליד, וואָס האָט אים באַגייסטערט. אָבער אין געוויינלעכן שמועס איז ער געווען שטיל, רויִק, אַנגלאָזאַקסיש צוריקגעהאַלטן; ער האָט קיין מאָל נישט פּאָלעמיזירט, אויסגעמיטן פּאָליטישע טיש־דיסקוסיעס. ער האָט געקענט אײדל און עלעגאַנט יענעם אויסהערן, מיטלאַכן און מייסטנס רויִק שווייגן.

ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ער איז געוואָרן אוירל בראַודערס „מאַרך", אַז ער איז דער אָנערקענטער מאַרקסיסטישער טעאָרעטיקער, דער רעדאַקטאָר פון די אָפיציעלע קאָמוניסטישע זשורנאַלן „קאָמוניסט" און „פּאָליטיקל אַפּעירס", דער אידעאָלאָג פון היגן קאָמוניזם, דורך אַלע עטאַפּן און איבערוואַנדלונגען, האָט עס אַזוי נישט געשטימט מיט דזשעראָמס אויסגעשטאַלטיקטער פּערזענלעכקייט, אַז ס'איז צווישן אונדז — זיינע נענטערע באַקאַנטע — תמיד געווען דאָס גרעסטע וווּנדער.

פאַר מיר איז זיין ווענד צום טעאָרעטיש אַקטיוויסטישן קאָמוניזם אַוודאי געווען אַ גרויסע איבעררעשונג. איך האָב אים נאָך געקענט פון פאַרן „ראָיאַל". געטראָפן האָב איך אים צום ערשטן מאָל אין דער „מאַנהעטן פּריפּעראַטאָרי סקול". דאָס איז געווען אַ שולע, וואָס האָט צוגעגרייט דערוואַקסענע סטודענטן פאַר אוניווערסיטעט־עקזאַמענס, אין ווייניקער צייט ווי ס'וואָלט זיי גענומען ווען זיי וואָלטן באַזוכט אַ מיטלשול. געוויינלעך זענען עס געווען אָוונט־קלאַסן פאַר יונגעלייט, וואָס האָבן ביי טאָג געמוזט אַרבעטן, די קורסן זענען געווען אינטענסיווע און די סטודענטן זענען געווען ווי רוסישע „עקסטערניקעס", וואָס האָבן „געזוברעװעט" און זיך געשטעלט יעדן סעמעסטער צום שטאַטישן עקזאַמען, ביז זיי האָבן אָנגעזאַמלט אַ צאָל קרעדיטן, וואָס האָט זיי באַרעכטיקט צו ווערן אַריינגענומען אין קאָלעדזשעס און גלייך אָנהייבן לערנען אַ פּראָפעסיע — פון אַ מעדיצין־דאָקטאָר, אַ דענטיסט, אַן אַדוואָקאַט, ביז אַן אויסשניידער פון הינעראויגן. גערופן האָט מען אַזעלכע צוגרייט־שולן „קרעדיטן־פאַבריקלעך", אָבער ס'איז געווען ווייט פון אמת. די לערער זענען געווען ערשטקלאַסיקע, פון אַ סך אַ העכערער קוואַליטעט ווי אין די געוויינלעכע מיטלשולן און אַפילו אוניווערסיטעטן, און די סטודענטן האָבן טאַקע געמוזט לערנען מיט התמדה. דזש. דזשעראָם האָט נאָך דעמאָלט געהייסן דזשעראָם ראָמאַן. ער איז נאָר וואָס געקומען פון ענגלאַנד און ער האָט אויסגעזען פרעמד און אַנדערש ווי אַלע אַנדערע סטודענטן. ער איז געקומען לערנען, אָנגעטאָן אין עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פראַק, און ברילן האָט ער געטראָגן אויף אַ שוואַרצער לענטע. דער קאַפּעלוש איז געווען

אַ האַרטער „קוגל" און אין דעם הילוך האָט ער אויסגעזען אַנדערש „גרין" ווי מיר אַלע. ער האָט זיך געהאַלטן שווייגנדיק באַזונדער און ווען ער האָט געעפנט ס׳מויל האָט מען געהערט אַן אַנדער ענגליש, ווי דעם, וואָס מיר האָבן דעמאָלט מוראדיק איבערגעפּירט.

שפּעטער האָבן דזשעראָם און איך זיך שוין באַגעגנט ווי אָנגעשטעלטע אין צוויי פאַרשידענע יוניאָן־לאָקאַלן פון דער „אינטערנעשאָנעל" אין זעלביקן ענין. איך בין געווען אויף אַ האַלבער אַרבעט, אַ קאַסירער פון יוניאָן־שטייערן, און ער איז געווען אַ פולער בוכהאַלטער. זיין לאָקאַל איז דורך דעם באַלעבאָס — לואי היימאַן — גיך געוואָרן אַ לינקער לאָקאַל און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן דזשעראָם ראָמאַנס קאַריערע, וואָס איז דעמאָלט נאָך אַלץ געווען אָפּגעטיילט פון דזשעראָמס פולער פערזענלעכקייט. מיט מיר פלעגט ער רעדן נאָר וועגן ליטעראַטור און דער עיקר — פּאָעזיע. ער האָט מיר שוין דעמאָלט געלייענט זיינע ערשטע לידער־פּרוּוון אויף ענגליש.

מיך האָט שוין דעמאָלט איבערראַשט, וואָס דער דאָזיקער יונגערמאַן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פּוילן און איז פרי געקומען קיין ענגלאַנד, וווּ ער האָט באַקומען זיין ערשטע אויסשולונג און שפּעטער גראַדויִרט פון היגן סיטי־קאַלעדזש, האָט באַוויזן איינצוזאַפּן אַזוי פיל באַשטענדיקע ליבשאַפט צום יידישן לשון. אַט דער „ענגלענדער" האָט פּולסירט מיט יידיש און ער האָט אויף זיין אויסגעצייכנטן ענגליש גערעדט מיט התלהבות וועגן יידיש. ער האָט זיך איינגעשאַפט די ביכער פון אַלע יונגע יידישע פּאָעטן און זיי געלייענט און געלערנט מיט התפּעלות.

ביי מיר האָבן זיך ביזן היינטיקן טאָג אויפגעהיט זיינע ענגלישע איבערזעצונגען פון עטלעכע לידער מיינע. אָבער כ׳ווייס, אַז ער האָט אויך איבערגעזעצט אַנדערע יידישע פּאָעטן. איך דערמאָן זיך אַ צוויי דריי אָוונטן ביי מיר אין שטוב. מיר האָבן אַזוי לאַנג גערעדט אין דער נאַכט אַריין — און דזשעראָם האָט תמיד געהאַט וואָס צו זאָגן אַז ער האָט זיך צערעדט וועגן ליטעראַטור — אַז ער האָט שוין געמוזט בלייבן איבערנעכטיקן. זיין ישיבה־בחוריש־סטודענטיש פּנים האָט אים געמאַכט אויסזען אַלט־בחוריש, כאָטש ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ חתונה־געהאַטער מיט דער ערשטער פון זיינע פיר אָדער פינף ווייבער. זי איז געווען די שפּעטער באַרימט־געוואָרענע ענגלישע שרייבערין — פרענסיס ווינוואַר. זי איז געווען אַ קליינטשיקע און אַ גאַנץ לייביקע, אָבער ווען זי איז געזעסן האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ זעלטענער שיינהייט. זי איז געווען אַן איטאַליענערין, אָבער זי האָט אויך, אונטער דזשעראָמס השפּעה, געמוזט טיילן זיין ליבשאַפט צו דער יידישער פּאָעזיע און זי פלעגט קענען יידישע לידער פון אויסנווייניק.

ביי מיר איז קיין מאָל נישט אויסגעוועפּט געוואָרן דער איינדרוק פון דזשעראָמען, ווי פון דעם אַמביציעזן שרייבער און גלייכצייטיק אַ פאַרליבטן אין יידישן לשון, אין דער יידישער ליטעראַטור און אין יידישע שרייבער. ווען איך

בין מיט אַכצן יאָר צוריק געווען אין לאָס אַנדזשעלעס און ס'איז נאָך אַפילו נישט בריט באַקאַנט געווען ווי איך בין איינגעשטאַנען, האָב איך באַקומען אַן אומגע־ריכטן טעלעפאָן פון דזשעראָם ראָמאַנען, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהייסן — וויקטאָר דזש. דזשעראָם. איך בין ערשט אין די שפּעטערע יאָרן געוווּיר געוואָרן, אַז דזשעראָם איז געווען שטאַרק „אַקטיוו" אין האָליוווּד. ער איז זיכער געווען, מצד דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַן אויסגעצייכנטער אויסוואַל, ווייל ער איז געווען אינטעליגענט, אַן עלעגאַנטער שמועסער און דער פּאַרקערטער טיפּ פון דעם הייסן קאָמוניסט, וואָס איז גלייך אויסן צו באַקערן.

ס'איז אפשר אינטערעסאַנט צו דערציילן וועגן מיינע צוויי באַגעגענישן מיט אים, אין זיינע קאָמוניסטישע יאָרן, ווען מיר זענען שוין לאַנג געווען דערוויי־טערט און ווען זיין גאַנצע קאַריערע איז פון וויטנס אַלץ פאַר מיר געווען אַ רע־טעניש.

ס'איז געווען אין די דאַבליו־פּי־עי־יאָרן, ווען די רוזוועלט־רעגירונג האָט נישט געלאָזט פאַלן די אָרעמע מאָלער, מוזיקער און שרייבער און זיי געגעבן קצבה דורך כלומרשטער באַשעפטיקונג. מיין חבר, דער יידישער דראַמאַטורג ה. דרימער, וואָס איז תמיד געווען אויף צרות, האָט געוואָלט קריגן אַ שטיקל תמיכה, אַ רוזוועלט־שטעלע, וואָס האָט געצאָלט, מ'שטיינס געזאָגט, וואָסערע טעלעכע צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך. דרימער האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז דער איינציקער, וואָס קען אים העלפן קריגן אַ דאַבליו־פּי־עי־פאַרבינדונג ווי אַ קלאַסיפיצירטער שרייבער — בין איך. פאַר וואָס עפּעס איך? ווייל, האָט ער געטענהט מיט אַ ווונק פון אַן אונטערערדישן וויסער, איך קען האָבן אַ שטיקל השפּעה אויף דזשעראָמען און דזשעראָם דאַרף בלויז געבן אַ פּיפּס ווי מען דאַרף און ער, דרימער, וועט קריגן אַ שטעלע און זיין אַ געהאָלפענער. פון וואַנען דרי־מער האָט אויסגעפונען, אַז ד.שעראָם קען אים העלפן, ווייס איך אַפילו איצטער נישט, און פאַר וואָס ער איז צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך קען האָבן אַן השפּעה אויף דזשעראָמען, ווען איך האָב שוין נישט געזען יאָרן, האָב איך אויך נישט געכאַפּט און נישט געגלייבט.

אָבער הערש דרימער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס. איך האָב זיך גאָר שטאַרק געווישובט, צי מעג איך, צי דאַרף איך באַזוכן דעם קאָמוניסטישן אידעאָלאָג אין זיין הויפּט־קוואַרטיר, אויף דער דרייצנטער גאַס און צי וועט עס בכלל העלפן. אָבער וואָס טוט מען נישט פאַר אַ חבר וואָס הונגערט, צוזאַמען מיט זיין משפחה? האָב איך טעלעפאָנירט צו דזשעראָמען. אַזוי גיך האָט מען מיך, אפילו טעלעפאָ־ניש, צו אים נישט צוגעלאָזט, אָבער מען האָט מיך צו אים דערקלונגען. ווען איך בין געקומען צום אָרעמען קליינעם וואַרטצימער פון דער הויפּט־קוואַרטיר, האָבן ווידער געדעדט טעלעפאָנען מיט טעלעפאָנען, ביז אַ טיר האָט זיך געעפנט און דאָס אָרעמע קליינע וואַרטצימער האָט אויפגעפּראַלט אַ וועלט מיט קליינע

באַזונדערע ביוראָען. מען האָט מיך דערפירט צו דזשעראָמען דורך אַ לאַנגן און זייער באַשעפטיקטן קאָרידאָר און געקלאַפּ פון שרייבמאַשינען. דזשעראָם האָט מיך אויפגענומען מיט זיין אַמאָליקער חברישער וואַרעמקייט און גלייך אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן יידישער פּאָעזיע און געוווּסט אַקוראַט „ווו מען האַלט״.

יאָ, דרימער האָט די קאָזיאָנע, אַרעמאַנסקע שטעלע באַקומען.

די צווייטע באַגעגעניש איז שוין געקומען, יאָרן שפּעטער, און אויף זיין פּאָדערונג און זיינע טעלעפאָנען צו מיר אין „מאָרגען־זשורנאַל״. ער מוז מיך זען, גאָר וויכטיק, גאָר־גאָר וויכטיק. ער האָט באַשטימט אויף זיך צו באַגעגענען אין אַ זייטיקן אָרעמען ווינקעלער, ערגעץ אויף סעקאָנד עוועניו, וואָס האָט קוים געהאַט אַ פינף־זעקס בענקלעך. ס׳האָט געקלונגען קאָנספּיראַטיוו. איך האָב זיך דעמאָלט געהאַט דערדינט ביי די יידישע קאָמוניסטן צום טיטל „פּען־פּראָסטיטוט״. ס׳איז געווען אין די הייסע חדשים, ווען סטאַלין האָט שוין אָנגעהויבן זיין קאַמפּאַניע קעגן די קאָסמאָפּאָליטן, וואָס איז געווען דער פאָרשפּיל צו דער ליקווידאַציע פון דער יידישער ליטעראַטור און אירע שעפער. וואָס קען מיך דזשעראָם אַזוי קאָנספּיראַטיוו דאַרפן? מסתמא, אַ געהיימע גוטע נייעס פאַר יידן — אַזש פון מאָסקווע; אפשר גאָר פאַר רעליגיעזע יידן — דורכן „מאָרגען־זשורנאַל״.

מיר זענען געזעסן און געזופּט זויערן וויין. דזשעראָם האָט פּאַמעלעך אַרויס־גענומען עטלעכע מאַשין־געשריבענע בויגנס, ס׳האָרץ האָט מיר גענומען קלאַפּן. געלאָזן האָט מיר דזשעראָם דערקלערט, אַז דאָס זענען בלויז די ערשטע זייטן פון נישט ווייניקער ווי טויזנט זאַפטיקע יידישע סינאָנימען, וואָס ער האָט איבער־געזעצט אויף ענגליש, כדי צו ווייזן וויפל אויסדרוק און חיות עס פאַרמאָגט אַ יידישער אידיאָם. ס׳איז נישט קיין קליינער אויפטו איבערצוזעצן אידיאָמען פון איין לשון אויפן אַנדערן, און ספּעציעל פון יידיש מיט די דורכגעפּעפּערטע העב־רעיזמען. אָבער דזשעראָם האָט באַוויזן גרויס קענטשאַפט שוין אין די עטלעכע מוסטער־זייטן. איך בין געווען זיכער, אַז זיין אַרבעט וועט זיין אַ גרויסער אויפטו פאַר אונדזער לשון, פאַר דער וועלט און פאַר אונדזער יוגנט. איך האָב גאָר געהאַט פאַרגעסן מיט וועמען איך בין געזעסן און אין וואָס פאַר אַ צייט מיר ביידע — אַ יידישער פּאָעט און אַ קאָמוניסטישער אידעאָלאָג — האָבן געמאַכט קאָנספּיראַציעס, אין אַ שמוציקן ווינקעלער — וועגן יידישע סינאָנימען.

נאָך די דאָזיקע צוויי באַגעגענישן האָב איך אים בלויז געזען איין מאָל, נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פון טורמע — ביי דער לוויה פון „מאיר פון די שנאָרערס״. מאיר איז געווען אַ „ראָיאַל״־שטאַמגאַסט, וואָס האָט אויף דער עלטער זיך שטילערהייט צוגעשאַרט צו די קאָמוניסטן. ער איז געווען מיינער אַ גוטער

באַקאַנטער און איינער פון די ערשטע, אויף וועמען נחום ברוך מינקאָוו און איך האָבן אויסגעפּרווּט אונדזערע לידער.

מאיר האָט אין די לעצטע יאָרן זיינע געליטן פון אַ שווערער האַרץ־אַנגינע און די יסורים זיינע זענען געווען שרעקלעכע. אָבער ס׳איז מיר קיין מאָל נישט איינגעפאַלן, אַז דער דאָזיקער לעבעדיקער וויצלינג, וואָס האָט געקענט דורכלעבן אַ טאָג מיט זיינס אַ פרישן וויץ, וועט מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן, וואַרפנדיק זיך אונטער די סאָבוויי־רעדער. ס׳איז געווען אַ קאַלטער רעגנדיקער טאָג און — זאָלן די פּסיכאָלאָגן פּסיכאָלאָגירן — מאיר האָט אָנגעשריבן אַ געזעגן־בריוול, אָנגעטאָן אַ וואַרעמען שאַליק אויפן האַלדז, ער זאָל זיך חלילה נישט פאַרקילן, און אַוועק עטלעכע גאַסן צום סאָבוויי, באַצאָלט רייזע־געלט, געוואַרט אויף די אַנלויפנדיקע וואַגאָנען און — געמאַכט דעם שפּרונג.

זיין לוויה איז געווען אַ קאָמוניסטישע. איך האָב עס באַטראַכט פאַר מיין חוב צו קומען אויף מאירס לוויה. דזשעראָם האָט גערעדט ביי דער לוויה. ער האָט געהאַט אַ שם פון אַ גרויסן אָראַטאָר. אָבער דאָס איינציקע מאָל, וואָס כ׳האָב דעם גלענצנדיקן שמועסער געהערט האַלטן אַ רעדע איז געווען די לוויה־רעדע ביי מאירס אָרון. דזשעראָם האָט דורכגעפלאָכטן זיין קורצן ענגלישן הספּד מיט עטלעכע העברעיִש־יידישע ווערטער. ער האָט גערעדט און מיט זיינע רייד צוגעגעבן חשיבות דער לוויה פון די איינזאַמסטע מענטשן אויף דער „עוועניר״, וואָס איז געשטאָרבן, אָן ווייב, אָן קינד, אָן רינד. ווען ער איז אַוועק פון אָרון און האָט מיך באַמערקט אין די רייען, צווישן עולם, האָט ער מיר שטיל און וואַרעם געדריקט די האַנט.

דזשעראָמס עלטסטער זון האָט נישט לאַנג צוריק פאַראורזאַכט אַ סענסאַציע, ווי איינער פון דער גרופּע, וואָס האָט אומגעזעצלעך באַזוכט קאַסטראָס קובאַ. ער איז איצטער דער פירער פון דער עקסטרעם־קאָמוניסטישער, „כינעזישער״ פּאַרטיי אין אַמעריקע. ווו זיינע אַנדערע צוויי זין שפּאַרן אָן, ווייס איך נישט. ס׳וואָלט געווען אינטערעסאַנט געוווּיר צו ווערן, צי געפינט זיך נאָך אין זיין משפּחה וויקטאָר דזש. דזשעראָמס ווערק מיט די טויזנט יידישע סינאָנימען, איבערגעזעצט אויף ענגליש.

דזשעראָם האָט איבערגעלאָזט איין ווערק, וואָס וועט מסתמא איבערלעבן אַלע זיינע מאַרקסיסטישע אָפּהאַנדלונגען. דאָס בוך הייסט „עי לענטערן פאָר דזשעראָם״ (אַ לאַמטערנע פאַר דזשעראָמען) אָדער ירוחמען, ווי ער האָט, דאַכט זיך, געהייסן אויף זיין יידישן נאָמען. מיט דעם בוך האָט ער געוואָלט אָנהייבן די ביאָגראַפיע פון אַ פּויליש־יידיש יינגל און זיך אַליין אויפזוכן און געפינען, דורך די יאָרן פון אומפאַרשטענדלעכער פאַרוואַנדלונג.

ווער ווייסט, אפשר האָט ער איבערגעלאָזט אין מאַנוסקריפּט ווייטערדיקע בענד פון דעם אויטאָביאָגראַפישן ווערק. אָבער סיי ווי, אַפילו דער דערשינענער

**יעקב גלאַטשטיין**

באַנד אויף ענגליש (און אין אַ סך איבערזעצונגען) ווייזט, אַז דזשעראָם איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון ליטעראַטור, יידישן לשון און יידישע זכרונות, און אַז ער אַליין איז געווען אַ נישט־אויסגעלעבטער שרייבער פון אַ סך פאַרשטויסענע און אָפּגעלייגטע מעגלעכקייטן.

20.8.65

# קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

פֿאַראַן פּאָעטן, וואָס גיבן פֿון צייט צו צייט אַרויס באַזונדערע ביכער און ס'איז נישט נייטיק מטריח צו זיין דעם פּאָעט, כדי צו שרייבן וועגן דעם נייסטן בוך. אין דעם נייעם בוך איז פֿאַראַן אַלץ, וואָס מען דאַרף וויסן; און ס'איז גרינ־גער צו שרייבן וועגן אַזאַ בוך, ווייל וויפֿל זייטן עס זאָל נישט האַלטן, הייבט זיך עס אָן און ענדיקט זיך מיטן אָקאָרשט דערשינענעם בוך. פֿאַראַן אויך אַנדערע פּאָעטן, וואָס גיבן אַרויס פֿאַרזעצלעכע ביכער, איין בוך קייטלט זיך מיטן אַנדערן, מ'קען נישט שרייבן וועגן דעם נייעם בוך, אַז הינטער דעם זאָלן נישט שטיין די פֿריִערדיקע ביכער און נישט לאָזן הערן פֿון זיך. ס'איז אַ שווערערע אַרבעט, ווייל ס'האַלט תמיד אין מיטן; אַזעלכע פּאָעטן הייבן גלייך אָן מיטן ערשטן בוך, אויך פֿון מיטן, ווייל הינטער דעם שטייט דער מענטש, וואָס האָט זיך אַ לענגערע צייט דערטראַכט צו זיך און מען קען נישט ביי אים גלאָט אָפּנעמען לידער, נאָר מען מוז דעם פּאָעט אויך שטאַרק אַריינרעכענען אין חשבון.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי געהערט צו דער צווייטער קאַטעגאָריע פּאָעטן. זי איז נישט געקומען מיט קיין אָנגעהויבענע לידער, נאָר מיט אַ זיך־אינמיטן וועג, נאָך אַ לאַנגן נאָכטראַכט. יונגע פּאָעטן פֿון ערשטלינג־ווערק זענען צופֿרידן אָנצו־ווייזן אויף זייערע לידער, זיך איבערנעמען מיט זיי און אַליין בלייבן פֿון ווייטנס, אַפֿילו הינטערשטעליק.

קאַדיעס ערשטע לידער האָבן זיך נישט געלאָזט באַזונדער באַוווּנדערן, אָדער לויבן, נאָר מען האָט זיי גלייך געמוזט אויפֿנעמען צוזאַמען מיט אַ פּאָעטישער פּערזענלעכקייט.

דערפֿאַר איז שווער אָנצוהייבן מיט יעדן בוך אירן באַזונדער. מען מוז שוין ביים היינטיקן טאָג אויפֿהייבן צוזאַמען מיט איר נייסטן בוך — אַ גאַנצע ביכער־פּאָליצע, דאַכט זיך, העכער אַ טוץ ביכער: פּאָעזיע, בעלעטריסטיק, דראַמע, דראַמאַטישע פּאָעמע — און וואָס הערט זיך מיט אירע עסייען, צעזייט און צע־שפּרייט אין פֿאַרשידענע זשורנאַלן אין אירע „סביבהס", אַ זשורנאַל, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן אַ גאַנץ יאָר, צווישן 1943 און 1944, און אים באַנייט מיט איבער דריי יאָר צוריק און ער דערשיינט נאָך אַלץ, אונטער איר ענערגישער רעדאַקציע.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס נייע בוך הייסט — „ליכט פֿון דאָרנבוים". עס האַלט וואָסערע 200 זייטן, אָבער ווי אירע אַלע אַנדערע ביכער איז עס נישט קיין באַ־זונדער בוך, מיט אַן אויסשטעלונג פֿון לידער, נאָר ס'איז אַ בוך צווישן אירע

ביכער, וואָס האָט נאָך אַלץ דעם זעלבן אויפגאַבּ — צו געפינען אַן אָרט פאַר דער ייִדישער קינסטלערישער פּרוּוו פון אונדזער צייט און צו געפינען איר אָרט אין אונדזער צייט.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי איז שפּעטלעך געקומען מיט איר ערשט בוך. פּאָעטן הייבן געוויינלעך אָן פרי־ער. אָבער זי איז געקומען, ווי געזאָגט, נישט מיט אַן אָנהייב, נאָר מיט איבערגעטראַכטע לידער. זי האָט גלייך באַשוווערט איר גאַנג, ווייל זי האָט אירע לידער געגומען פון דער גרויסער ייִדישער פּראָזע, נישט פון גרייטן געזאַנג־סידור, מיט דער גרייטער מוזיק, נאָר זי האָט געמוזט שאַפן אירע לידער פון אַ געמיט, וואָס איז איר געווען אייגן. זי איז געקומען עפּעס איבער־שטעלן, איבערסדרן, איינשטעלן אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט. זי איז געקומען אָנזאָגן מיט אירע לידער; אין עצם — אָנזאָגן, אַז נישט נאָר האָט זי געבראַכט אַ געשטעל מיט פרישע לידער אויפן מאַרק, נאָר זי האָט אויך געבראַכט זיך מיט אַן אייגענעם איינשטעל.

ווען קאַדיע איז געקומען מיט איר ערשט בוך „חשוונדיקע נעכט”, איז זי שוין געווען אַ פּרוּוו אין די ערשטע דרייסיקער, מיט אַ ייִדישער קאַריערע פון אַ ייִדישער לערערין. זי האָט געזען די ייִדישע קינדער פון די ייִדישע היימען און זי האָט געטראַכט מיט קאַטעגאָריעס פון ייִדישע קינדער־אויגן און ייִדישער אָרעמקייט. באַלד זענען געקומען אירע „קינדער־מעשהלעך” און אין משך פון זיבן־אַכט יאָר זענען דערשינען אויך איר „דזשיקע גאַס” און איר „פריידקע”.

דאָס זענען אַלץ אַזעלכע ביכער, וואָס קייטלען זיך, וואָס זענען אייגנטלעך פּאָעטיש־ביאָגראַפישע עטאַפּן. נישט נאָר האָבן דיכטערינס דעמאָלט נישט געשריבן אַ.עלכע לידער, דירעקט פון דער ייִדישער גאַס און פון דער ייִדישער פּראָזאַיִק, נאָר ס'איז אויך געווען אַ נייער טאָן אין דער ייִדישער פּאָעזיע בכלל — דער טאָן פון גרעסערער נוצלעכקייט פאַרן ייִדישן וואָרט. זי האָט דאָס ייִדישע וואָרט אויס־געשפּילט און אויפגעשפּילט פאַרן ייִדישן קינד. זי האָט פאַרשכלט דאָס ייִדישע קינדער־ליד, מיט פריידיקן אינהאַלט. זי האָט אים נישט געגעבן קיין קינדערייען, נאָר זי האָט דאָס ייִדישע קינד אַריינגעשפּילט אין איר ליד און אים געגעבן אַ נייעם ייִדישן קינדער־נוסח, געבויט אויף לשון און ייִדישן אונטערוואַקסנדיקן שכל.

פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך קיין מאָל נישט געשיידט מיט איר וואָרהאַפּטיקן שפּיל, זי האָט פאַרשכלט דאָס קינדער־ליד און אויך טייל מאָל געגעבן אירע לידער פאַר דערוואַקסענע — אַ סך קינדער־פרייד. אירע לידער מאַכן תמיד דעם איינדרוק פון ייִדישער אָריענטאַלישער פרייד, אַפילו ביי די גרעסטע דאגות. זיי זעען אויס ווי די תימנער ברוך השם־פּנימער. ס'איז גוט מיט זיי צו זאָרגן און זיך דערזאָרגן צו בטחון.

כ'האָב דאָס נייע בוך קאַדיעס איינגעקנייטשט אויף צענדליקער זייטן און

הונדערטער שורות, וואָס לאָזן זיך ציטירן, אָבער הינטער די אַלע ציטאַטן באַ־האַלטן זיך תמיד ציטאַטן פון אירע פּריִערדיקע ביכער, ווייל די שורות זענען נישט קיין צופאַל. אַוודאי שפּילט אין זיי דער פּאָעטישער איינפאַל, וואָס איז אַ טייל פון דער קינסטלערישער לאַבאָראַטאָריע, אָבער ס׳איז נישט קיין צעקאָפּרי־זעוועטער איינפאַל; איינפאַל, וואָס איז נישט קיין צופאַל, נאָר האָפטיק געזאָגט, נאָך אַ מאָל געזאָגט, איבערגעזאָגט און בעסער געזאָגט און אַרומגעטראַכט מיט שורות; און אַלץ כדי זיך אַליין קלאָרער צו מאַכן — זיך — פאַר יענעם און זיך — צו זיך.

פאַראַן גרויסע יידישע פּאָעטן, וואָס זייערע יידישע געשטאַלטן זענען נישט קענטיק אין זייערע לידער. דאַכט זיך, אַז איינשטיין האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ס׳איז אַ שאָד, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אַ ייד, ווייל ער וואָלט סיי ווי מיטן אייגענעם, פרייען ווילן אויסגעקליבן צו זיין אַ ייד. אַזוי איז אויך פאַראַן אַ קליינע גרופּע יידישע פּאָעטן, וואָס זענען יידישע פּאָעטן, מיט אַ פרייד, וואָס גיט זיך איבער דעם לייענער. זיי זענען יידישע פּאָעטן מיט גרויס שמחה און יידישער דבקות. זיי דבקהן זיך אין אין לשון און יידיש לשון מיינט ביי זיי ממש ביז תנ״ך — זיי דבקהן זיך אין אין יידישן טראַכטן און זיי שאַפן מיט זיך דאָס געשטאַלט פון דעם שעפערישן ייד, וואָס וואָלט נישט געוואָלט און נישט געקענט זיין אַנדערש ווי אַ יידישער פּאָעט, ווייל ער האָט געירשנט אַלע מינעס, אַלע קנייטשן, אַלע יידישע גרימאַסן און ער איז — ברוך השם — אַ יידישער פּאָעט. מיט טיפער ליבשאַפט און אַ סך רחמנות שענקט דער דאָזיקער יידישער פּאָעט אַלץ, וואָס ער זינגט אַרויס פון זיך — דעם יידישן מענטש. אַזאַ פּאָעט זעצט זיך נישט איבער בעת ער שרייבט, פאַרקערט, ער זעט דעם ייד פאַר זיך און ער שרייבט פאַר אים, ער מאַכט אים אַ מאָל שווער, ווייל ער וואַרפט אויף אים אַרויף דעם עול פון המשכדיקער יידישער שאַפונג, וואָס ס׳זאָל זיין אָן עבירה עס אַוועקצוּוואַרפן אָדער אָפּצופרעמדן.

אַזאַ איז קאָדיע מאָלאָדאָווסקי. זי געהערט צו דער קלענערער גרופּע פון יידישע פּאָעטן — מתוך שמחה. דער ריטעם פון די לידער אין בוך — „ליכט פון דאָרנבוים״, ווי פון די לידער אין אירע פּריִערדיקע ביכער איז גוטער יידי־שער שמועס, מיט דעם אָטעם און קנייטש פון יידישן שמועס און מיט דעם ישובן זיך פון יידישן שמועס —

> און אפשר נאָך אַ פריינד דערצו —
> שוין לאַנג קיין פריינדשאַפט נישט געזען.
> אויף איינער פון די וועלטן
> וואָלט מיר גאָט באַוויליקט.
> נו מילא, זאָל שוין זיין ווי געוועזן.

## יעקב גלאַטשטיין

### אָדער —

איך בין נישט יונג,
און נישט אַלט,
און נישט רייך,
און נישט אָרעם.
איך מעסט נישט מיין גאַנג מיט אַ מייל.

קאַדיש קען מתפלל זיין אויף יידיש און אַלץ דערפאַר, ווייל זי איז אַזוי אויס־געבונדן מיטן יידישן לשון. זי קען אירע שורות דעמאָלט געבן די הייליקע וואָכעדיקייט פון אַן אמתער תפילה אויף יידיש.

נאַכט,
זיי מיך מציל, פאַרשטעל מיך —
די שפלסטע שאָף
פון דעם טאָג.

דער סופּערלאַטיוו פון שאָף איז טיף־יידישלעך. צי שורות אין אַזאַ תפילהדיק ליד —

איך וועל ליגן אַ ווײַלע און רוען
און דורך מיין פאַרשטילטן זיין,
וועל איך זופן דעם שטאַרקסטן טראָפן
פון עלטסטן פאַרבאָרגענעם וויין.

דער יין המשומר פאַרמאָגט אין זיך אַ שטאַרקן טראָפן, ווי אין אַ פריערדיק ליד — „די זיסקייט פון טרויבן, די ביטערקייט פון שוימען". די פולע צווייַקייט פון לעבן, דאָס גוטס מיט דעם שלעכטס דאַרף מען אויסטרינקען און מקבל זיין.

שמועס איז דער געשטעל פון איר ליד, אויף דעם איז עס געבויט —

וועט קומען דער פרעגער דער גערעכטער
און געבן אַ פרעג:
וואָס האָסטו מתקן געווען?
וויפל פרייד האָסטו פאַרשאַפט,
וויפל טרייסט,
דעם פאַרצאָגטן, דעם טרייסטלאָזן געבראַכט?

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי מישט אָפּט אירע לידער מיט שורות פאַר קינדער, אָדער מיט גאַנצע מעשהלעך. דאָס זענען אירע ריזיקאַלישע לידער, ווייל אַ מאָל ווערן אַזעלכע לידער פאַר דערוואַקסענע, מיט דורכויסיקער קינדער־פאַנטאַסטיק, אַ ביסל פאַרקינדישט. איר באַגלייטן אויך צו פיל די מוזיקאַלישע שפּילעוודיקע איבערחזורונגען פון אירע קינדער־לידער. דער אמתער ריטעם אירער פון ליד איז — תמימותדיקער שמועס, אָבער די מוזיק איז קינדער־מוזיק, פאַר די אויערן פון קינדער, אין שפּיל מיט טאָג־ און נאַכט־שעהען. אָבער אַזעלכע לידער ווען זיי געראָטן זענען זיי פּערפעקטע שאַפונגען, ווייל ס׳ווערט אין זיי אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן אַלט און קינד. אַזאַ ליד איז — „מיר זענען איצט שיין, ווי צוויי גראָע טויבן" — און אַ צענדליק אַנדערע אַזעלכע מוזיקאַליש־וויגנדיקע לידער, ווי „די גאַכט גיט אַ רוף" —

זיין פעל רוט זיך אָפּ פון די גלעטן,
זיין צונג פון דעם הינטישן לעק.
זיינע ברויטגעבער שלאָפן אין בעטן
און ס׳איז געטלעך די רו פון זיין עק.

דער איבערראַש איז דאָ די לעצטע שורה מיט דעם העכסטן אַדיעקטיוו פאַר דעם הינטישן עק, אין רו; אָבער אין איר לאַנד פון יידישן רחמנות ווערן אָפּגע־ווישט די גרענעצן צווישן מענטש און חיה און קאַדיע איז געניי גט מיט מער רחמים צו די באַשעפענישן, וואָס מוזן אָנקומען צו ברויטגעבער און אַליין שלאָפן זיי נישט אין בעטן. דאָס איז אַ שטאָפּל העכער פון צער בעל חיים. ס׳איז געהייליקטער צער. אַזעלכע פּערפעקטע לידער זענען אַלע געשריבן אין אַ מאָמענט, וואָס ווערט גלייך פאַרסימבאָליזירט אין דער קלאָרקייט. אַ מאָל באַקלאָגט זיך קאַדיע אַליין — און מיט רעכט — אויף דעם טומל, וואָס אירע לידער שאַפן אין זייער צעגראַמטקייט —

האָבן שורות געיובלט, גערומלט
ווי פייגל אויף צווייגיקע שטאַמען,
און איך ווער זייער צעטומלט
אין אַנפלוס פון גראַמען.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס חורבן־לידער זענען נישט פון כאַר, נאָר פון יחידות־דיקן טרויער, אָדער פון דער יידישער שטוב —

אונדזער שטוב איז אַ חושך־אכסניה
פאַר קדושים און אבלים.

ווען זי פֿאָרט ווערטער, באַקומט זיך אַ ניי ליד, און אַ בילד געשאַפֿן פֿון אַזעלכע פּשוטע באַגריפֿן — חושך און אכסניה. איינס פֿון די אינטערעסאַנטסטע לידער, מיט דעם יונה־געשטאַלט, אַנגעווענדט אויף אונדזער צייט, האָט אונדז קאַדיע געגעבן מיט איר ליד — „יונה". אין דעם ליד בריט־אויס יונה אין צונג אַן אַנדער שפּראַך, אין זיין אַנטלויף, אָבער גאָט „צייכנט אים" און „זאַלבט אים מיט גאונות", און מיט דעם געזאַלב ווערט ער אויך דער געצווונגענער שליח פֿון גאָטס וואָרט. קאַדיע איז נישט אַזוי טאָג־טעגלעך גוט געניגט צום אַסימילירטן ייד, אָבער אין איר ליד ווערט ער איר ברודער — געצייכנט און געזאַלבט, מיט גאונות פֿאַר דער וועלט.

אין צענטער פֿון בוך „ליכט פֿון דאָרנבוים" שטייט די פּאָעמע — „דער שטיינהאַקער פֿון ראשון". די פּאָעמע אין עלף קאַפּיטלעך פֿאַרנעמט אַ זעכציק זייטן. אין דעם ווערק, וואָס איז אַ געזאַנג צום חלוץ, צו די ערשטע „ל"ו, וואָס האָבן זיך פֿאַר שטיינהאַקערס פֿאַרשטעלט", קומען צום שענסטן אויסדרוק קאַדיעס אָנגעזאַמלטע מעלות פֿון אַלע פֿריִערדיקע ביכער. ס'איז אַ פּאָעטיש ווערק אויס־געשמועסט אין שענסטן און אין טיפֿסטן יידיש, מיט יידישע נוסחאות און סטילן, וואָס זענען אויפֿן ריכטיקן אָרט, מיט אַ סך שורות אויף אָנצושעפּן און צום ציטירן, און מיט דער גרעסטער מעלה פֿון קאַדיעס נאַראַטיווער פּראָזע. דער סיפּור המעשה גייט זיך זיין וועג און דער שמועס און וויכוח גייען זיך זייער וועג און אַלץ איז אויפֿן אָרט. ווי פֿריִער געזאָגט, מען קען דאָ אָנשעפּן גאַר אַ סך פּסוקים און בילדער און קלוגע זאָגעכצער און אַלץ צוזאַמען איז — גאַנץ און פֿאַרטיק.

ס'איז דאָ אַ שמד אַזאַ, אַן טויף־וואַסער,  
אַן צלמים.  
מען שמדט גאָטס וואָרט,  
מען זאָגט דערביי נאָך אָמן.

אַפֿילו דער באַזינג פֿון בדחן איז פֿאַראַן אין דער פּאָעמע; אויך דער ריטעם פֿון יידיש־לערנערישן בריוו — אַז מען שמועסט יידישע סטילן, אַפֿילו די פּאָע־טישע סטיליזאַציע פֿון אַ יידישער מגידישער דרשה —

די דרכי עולם, רבי, זענען פֿאַרשידן,  
די בלאָנדזשעניש איז אָן אַ שיעור.  
איינער רייט אויף רייטוואָגן גלייך צום גן־עדן  
און איינער גייט צופֿוס  
און קומט אָן פֿריִער.

אין דער פּאָעמע זענען פֿאַראַן אַ סך שיינע יידישע גראַמען, ווי „אויפֿן זינען" מיט — „און וויל אים גוטס גינען", און ווערטלעך זענען פֿאַראַן צעוואָרפֿן לרוב — „דער חלום איז קליגער, ווייס מער און ווייס בעסער און האָט אַ וויטערע ראיה".

דאָס שענסטע קאַפּיטל פֿון אַלע קאַפּיטלען, נאָך אַ שווערן אָפּקלייב, איז דאָס קאַפּיטל — „דער באַראָן". אָט דאָס קאַפּיטל, מיט דער באַראָנעסע אויפֿן אייזעלע, מאַכט די פּאָעמע פֿאַר איינס פֿון די בעסטע געשאַנקען צום פּאָעטישן ארץ־ישראל־אַרכיוו.

„דאָס ליכט פֿון דאָרנבוים", קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס נייסט בוך, דערציילט, זאָגט, זינגט, שמועסט, גלייכווערטלט און — שווייגט. אַז מען גייט צו נאָענט צום דאָרנבוים, הערט מען אַזאַ פּשוטן זאָג —

צי מיינסטו, ברוכל, ס׳איז ווייניק
אין וועלט פֿון רוצחים זיין אַ ייד ?

26.2.65

# רחל קאָרן

רחל קאָרנס ניי בוך לידער הייבט זיך אָן מיט אַ ליד וועגן ליד און ענדיקט זיך מיטן איינציקן וואָרט — ליד. זי איז דורכויס אַ פּאָעט, וואָס שפּירט, אַז די גרעסטע ברכה אין איר לעבן, די שענסטע טרייסט און די איינציקע פּאַרגיטי־קונג פאַר אַלץ, וואָס איז איר אַנטקעגנגעקומען און זי פאַרהאַלטן אויף וועגן פון שרעק און אומגליק, איז איר ליד. רחל קאָרנס ניי בוך הייסט — „פון יענער זייט ליד"; ביי איר איז איר ליד אַ געאַרבט שטיק אייגנטום, וואָס האָט אויך אַ יענע זייט. איצטער שטייט זי אויף דער זייט פון ליד און זי ווייסט, אַז יענע זייט איז געוועזן אַן אָפּשניט, נישט נאָר אין איר אייגענער צייט, נאָר אין וועלט־צייט. זי באַמיט זיך דורכצוזינגען זיך מיט יענער זייט און אויפמאָנען די איבערגעריסענע געזאַנגען.

אין בוך זענען פאַראַן עטלעכע לידער, וואָס זענען שוין געווען פאַרעפנטלעכט אין אירע פריערדיקע לידער־ביכער, אָבער זיי פּאַסן זיך אַריין אויסגעצייכנט אין געמיט פון נייעם בוך, די נאָסטאַלגיע נאָך יענער זייט פון איר ליד. אַ שטייגער אַזעלכע שורות אין ליד — „מיין מאַמען" —

איך ווייס שוין, אַז פון אַלע רייזעס צו דעם גליק,<br>
דאַרף מען זיך אומקערן צוריק צו ערשטער קינדער־טרער,<br>
ווי צו אַן אייגענער שוועל, דאָרט ערגעץ, צווישן חורבות,<br>
וואָס וואַרט נאָך אַלץ געטריי, ווען ס׳וואַרט שוין קיינער מער.

די ערשטע קינדער־טרער געפינט זיך אויף יענער זייט ליד, אָבער רחל קאָרן רופט צוריק די דאָזיקע דערמאָנונגען, מיט טייערע רייד, וואָס זענען אומפאַר־בייטלעך ווי תפילות. קיינער קען אירע רייד נישט אויסמעקן, ווייל אירע אייגענע ווערטער זענען ציבורדיקע; איר געזאַנגיק לשון פאַרמאָגט אַ פרומקייט, וואָס רופט אַרויס דעם חשק איר נאָכצוזאָגן שורותווייז און צום סוף זאָגן אָמן.

רחל קאָרן ריזיקירט גאָר שטאַרק און הייבט אָן איר בוך מיט אַ ליד, וואָס אַ סך פּאָעטן וואָלטן זיך געוווּנטשן צו קענען אַזוי דערהויבן פאַרענדיקן אַ בוך. ס׳איז אַ ליד ווו די מוזיק פון וואָרט האָט זיך אַזוי צוזאַמענגעגאָסן מיט יעדער פאַרבענקטער שורה, אַז אַלץ ווערט מאַגיק. אויב מען וויל איז עס אַ קינדער־ליד, אָבער פון יענע קינדער־לידער, וואָס מען דערשרייבט זיך צו זיי, ווען אַלע ווער־טער פאָלגן שוין דעם פּאָעט און טוען זיין שליחות, אָבער פאָלגנדיק אים, גיבן

זיי אַ ציטער נאָך יעדער שורה, כדי דער פּאָעט זאָל זיך נישט איבערנעמען און וויסן, אַז מע דאַרף נישט איינשלאָפן אויף די לאָרבער־קרענץ מיט אַ זעלבסטצו־פרידענעם שלאָף. פאַרקערט, אַזאַ הויך־דערגרייכט ליד עפנט ערשט נייע פּאָע־טישע וועגן. מען געפינט נישט אַזעלכע „קינדער־לידער" אין קיין קינדער־ביכער, נאָר דווקא ביי די רייפסטע פּאָעטן.

און דערפאַר אפשר האָט רחל קאָרן ריזיקירט מיט אַזאַ אָנהייב־ליד, וואָס איז אַ דערקענטעניש פון אייגענע כוחות און אַן אָנצייכענונג אויף אַ וויטערדיקן גאַנג, ווען די מאַמע לאָזט זיך נישט אַרויסכישופן „פון יענער זייט ליד". דאָס ערשטע ליד, וואָס שענקט טאַקע דעם נאָמען צום בוך הייבט זיך אָן מיט די דאָזיקע פיר שורות:

פון יענער זייט ליד איז אַ סאָד פאַראַן,
און אין סאָד אַ הויז מיט אַ שטרויענעם דאַך —
עס שטייען דריי סאָסנעס און שווייגן זיך אויס,
דריי שומרים אויף שטענדיקער וואַך.

גראָד דאָס דאָזיקע ליד וועל איך נישט ציטירן אין גאַנצן, נאָר איבערלאָזן דעם לייענער מיטן פאַרבענקטן נאָכקלאַנג צום געזאַנג, וואָס עפנט דאָס בוך און באַהויכט אַלע אַנדערע לידער מיט דעם געמיט און עכאָ פון די ערשטע שורות. רחל קאָרן האָט ליב שטילקייט, אַלע אירע לידער זענען געשפּונען פון שטילקייט, די ווערטער „שטיל" און „שטילקייט" — אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן — אַפילו די טאָנאַליטעט פון שטילקייט חזרן זיך איבער אין גאָר אַ סך פון אירע לידער. ערשט אין דער שטילקייט צערעדט זיך די דיכטערין, און ס׳איז גוט זיך איינצוהערן אין אירע רייד, וואָס ווי שווער זיי זאָלן נישט זיין, לייגן זיי זיך נישט שווער אויפן געמיט. רחל קאָרן געהערט צו יענע באַדייטנדיקע פּאָעטן, וואָס שליידערן נישט זייערע לידער דעם לייענער אין פּנים אַריין, מיט אַ געפּילדער, אַז זיי האָט געשריבן אַ ריזיקער פּאָעט, וואָס יעדע שורה וועגט אַ פּוד, און דאָך האָט זיי דער פּאָעט־גיגאַנט אויפגעהויבן מיט איין האַנט (צום גראַם).

רחל קאָרן שמועסט אין אירע לידער מיט אַ זעלטענער ענווות און איר קול גרילצט נישט, נאָר זינגט, זינגט אַריין אין דער שטילקייט, אין דעם שעת הכושר פון גרייטער פאַרנעמענדיקייט.

און כ׳בין איצט קליגער און באַשיידענער, מיין מאַמע,
גלייך כ׳וואָלט דעם גאַנצן האַרבסט אין זיך אַריינגענומען,
און דורך דעם בלעטער־פאַל פון מיינע מידע טעג
זיך איינגעהאָרכט אין לייד, וואָס דאַרף צו מיר נאָך קומען.

און ווייטער, אין זעלביקן ליד, „דער מאַמען״, שמועסט זי אַזוי —

איך ווייס שוין, אַז דאָס וואָרט איז בלויז אַ שטילע שפור,
די שפור נאָך טעותן, וואָס אָדערן זיך איין
אין רויערד פונעם זיין — און ס'איז מיין וואָרט אַ זיווג,
דער זיווג וואָס פאַרבינדט מיך מיט דער מינדסטער שיין.

דאָס אינטעלעקטועלע בילד פון טעותן „וואָס אָדערן זיך איין אין רויערד פונעם זיין״, איז עפּעס אַזוינס, וואָס רייסט זיך נישט אַרויס ביי צו פיל דיכטער. דווקא דורך אַזאַ אַרומנעמענדיקן זאַג, ווערט נענטער און ליבער דאָס געזאַנג פון דער דיכטערין, ווייל מען דערשפּירט, אַז אויך איר געזאַנג און אירע בילדער זענען קלוג און אוניווערסאַל און שטאַמען פון האַרציקער חכמה, נישט פון אַ שפּיזלדיקער קלוגשאַפט אָדער פון אַ ווייכן, צעגאָסענעם ליריזם, נאָר פון אַ ריינעם קוואַל, ווו אַלץ איז גוט דורכפילטרירט געוואָרן.

אין דעם זעלביקן ליד זינגט די דיכטערין, אַז איר מאַמען איז באַשערט געווען דאָס וואָרט זאָל ווערן „ווי היים, ווי טעגלעך ברויט״. אָבער די טאָכטער האָט פאַרט געירשנט די ברויטיקייט פון וואָרט. איר ליריק איז נישט פון אַ פּאָעט, וואָס פאַרוואַנדלט פּלוצעם זיין גאַנצע פליישיקע וואָג אין אַ פייגעלע, נאָר ס'איז מענטשלעכע ליריק פון טעגלעך ברויט.

פון וואַנען נעמט זיך רחל קאָרנס ליד־קלוגשאַפט? פון וואַנען קומט צו איר דער טאַקט צו קענען דורכווייניקן אירע לידער מיט אַן אינטימען טרויער, וואָס זאָל דורכנעמען און נישט אָפּשטויסן? דאָס קומט פון איר קענטשאַפט, וואָס זי האָט זיך דערוואָרבן ווי אַ פיינע פּראָזע־קינסטלערין. אירע ערשטע לידער זענען נאָך געווען איבערדערציילטע פּראָזע — אין ליד. דער קאָנטיקער נאַראַטיווער עלעמענט האָט זיך נישט געהאַט אויסגעוועפּט פון איר ליד. שפּעטער אָבער איז איר ליד געוואָרן פול און קערנדיק, מיט דער זעטיקייט און דאַרפישקייט פון איר פּראָזע. אָבער די דירעקטע דערציילערישקייט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָע־זיע. איר דערצייל־קונסט האָט איר פון דעסטוועגן אַ סך געהאָלפן לייטערן דאָס געמיט פון איר געזאַנג און געפינען דעם גוטן טאַקט פאַר דעם פּאָעטישן שמועס, וואָס זאָל זיך לאָזן אויפנעמען. אירע שורות זענען תמיד דורכגעווירצט מיט גוטע „פּראָזאַישע״ באַמערקונגען, וואָס גיבן דעם לייענער דאָס געפיל, אַז ער לייענט אַ דיכטערין, וואָס זיצט נישט כסדר אויף אירע שורות און בריט פון זיי אויס לידער, נאָר זי רעדט לידער פון אונדזער צייט, מיט מענטשלעכע רייד, וואָס וועקן צוטרוי צו אַלע אירע שורות, ווייל זיי זענען, קודם־כל, גוטער שמועס, נאָך איידער מען כאַפּט זיך ווען זי האָט אָנגעהויבן זינגען.

אין אַ ליד „דורות" זינגט רחל קאָרן פון איר מאַמעס אַ נישט־געוואָרענער ליבע און גיט אַ שפּאַן נאָך מער צוריק מיט אַ פּלוצעמדיקן זאָג —

מיין באָבע — ווער קען היינט פאַרשטיין דאָס לעבן פון אַ באָבען —
כ׳געדענק בלויז ציטערנדיקע הענט און שמאָלע בלויע ליפּן.

עס האָט, אייגנטלעך, באַדאַרפט שטיין — מיין אַלטע יידישע באָבע, ווייל היינטיקע צייטן איז קאָסמעטיש און אַנטועריש כמעט נישטאָ קיין גרויסער חילוק צווישן דער באָבען און אייניקל, אָבער וואָס שייך דער אַלטער היימישער יידישער באָבע, איז דער אויסרוף, אַז קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען די באָבע, קיינער האָט זיך נישט פאַרבונדן מיט אירע אייגענע יונגע יאָרן, אַ טיפּזיניקער זאָג, וואָס שטאַמט גיכער פון דער פּראָזע־קינסטלערין רחל קאָרן.

די ערשטע קלענערע אָפּטיילונג מיט די מאַמע־לידער גיט די שטימונג פאַר דעם גאַנצן בוך. רחל קאָרן איז אַ טיף־יידישע דיכטערין, וואָס איז פול אַנגעזעטיקט מיט וועלט־קולטור. אירע טיף־יידישע לידער פאַרמאָגן דערפאַר נאָך אַ גרעסערע איבערצייגעוודיקייט, ווייל זיי זענען נישט אין־ברירהדיק יידיש, נאָר יידיש מתוך אַן אינערלעך־אויסדערוויילטער פרייד:

האָסט מיין קינדהייט פאַרפרעמדט מיר דורך פלאַמען און רויך,
די דערמאָנונג זיצט שבעה נאָך פאַרשניטענע יאָרן —
נאָר דאָס וואָרט, נאָר דאָס ליד איז מיר אייגן,
און ס׳איז ווי אַ חתימה, ווי אַ גילדענע חתימה,
אויף דיין גרויסן און הערלעכן שווייגן.

דאָס זענען שורות, וואָס קריצן זיך איין אין זכרון. דאָ זעען מיר דער דיכטערינס אָבער־און־נאָכאַמאָל צוריקקומען צום ליד ווי צום איינציקן אָפּשפּאַר, און דער פינאַל איז אַ טרויעריק־פאַרגעבלעכע פאַרגיטיקונג, פאַר דעם „הערלעכן שווייגן" אויף אַלע תפילות, וואָס זענען נישט געענטפערט געוואָרן.

די שורות זענען פון דער צווייטער אָפּטיילונג, וואָס די דיכטערין רופט אָן — „ווען מלאכים שלאָפן". אין דער דאָזיקער סעריע זענען פאַראַן אַ סך לידער, וואָס ווייזן וויפל שטילע שיינקייט, אַזאַ, וואָס רייסט נישט די אויגן איז פאַראַן אין רחל קאָרנס געזאַנג, און וויפל ערלעכע, נישט־אויסגעטראַכטע ווייבלעכע בילדלעכקייט זי חלומט־איין אין אירע שורות —

האָב איך פאַרדעקט די אַקסלען מיינע
מיט דער שאַל פון דיין טרויער.

די גאַרדינען פון נאַכט האָט עמעץ נאָך ענגער פאַרצויגן.
און זיי צונויפגעהעפט מיט ציטערשפּילקעס פון שטערן.

רחל קאָרנס געזאַנג קומט תמיד פון מענטשלעכן רעדן און פון מענטשלעכן לשון. פאַראַן אַ גרויסע פּאָעזיע וואָס איז אוממענטשלעך, קיין בן־אדם רעדט נישט אַזאַ פּאָעזיע, ווערט עס וואָס גיכער קלאַסיש און קיינער רירט זיך מער נישט צו דערצו. אָבער רחל קאָרנס לידער שטאַמען פון מענטשלעכן שמועס. אירע שפּיטאָל־לידער, די לידער פון אָפּעראַציע־טיש, די „פּסח־נאַכט מיט קוליעס" זענען גרויס דערפאַר, ווייל זיי זענען נישט קיין אַטאַקעס פון פּאָעט, וואָס חתמעט יעדע שורה מיט פּאַטאָס.

אין דער דריטער סעריע — „זיך אַליין אַנטקעגן" געפינען מיר טויט־לידער, וואָס לייענען זיך אויך ווי אַ מחיהדיקער קלוגער שמועס, ווי זיי וואָלטן אויסגעזונגען געוואָרן אין שמועס מיט פאַרשטענדיקע פריינד —

דערלאָז נישט ס'זאָל באַפאַלן מיך ביים סאַמע ראַנד
די זשעדנעקייט צו לעבן נאָך אַ טאָג, אַ שעה —
גיב מיר די גנאָד מיט אויגן אָפענע און שטאָלצן קאָפּ
זיך אויפצוהייבן צו מיין לעצטער רו.

זיך אויפצוהייבן צו דער לעצטער רו, איז נישט נאָר קלוג, נאָר עלעגאַנט געשמועסט וועגן אַן אַקטיוון, אומדערשראָקענעם אייביקן אַוועקגיי. איינס פון די שענסטע לידער אין דער אָפּטיילונג איז „אָט דאָרט", ווו שוין אין די ערשטע פיר שורות קומט צום אויסדרוק דער בראשית פון רחל קאָרנס ליד — די שטילקייט.

אָט דאָרט ווו די שטילקייט האָט וואָרצלען געשלאָגן,
איז נאָך אַלץ דער בראשית שעמעוודיק צעגליט,
בעת ער פיבערט אַריין אין די אויערן פון בלעטער
די קנאָספּנדיקע ווערטער פון אייביקן ליד.

די סעריע „מיטביימער און פייגל" איז פול מיט שיינע נאַטור־לידער, די געראָטנסטע פון זיי זענען „אינדיאַנער זומער" און „קאַנאַדער בערג", „האַרב־סטיקע פעדעם", „פאַרנאַכט אין פאַרשנייטן וואַלד", „ווילדווײַן", „פלאַמינגאָס" און „מעוועס".

ס'וואָלט זיך געוואָלט באַזונדער שרייבן וועגן רחל קאָרנס העברעיִזירנדיקן יידיש, וועגן אירע איינגעגעבענע עקספּערימענטן אויף דעם געביט — „עס דרומט נאָך", „ווי דו וואָלסט געחשוונט זיך מיט פאַרוויאַנעטע בלעטער",

„איינגעתפיסהט", „אַנטכישופט" און אַנדערע, און אויך וועגן טייל גראַמען, ווי — שטילע און פלאַטילע, אָבער אין די ראַמען פון דעם אַרטיקל איז שווער אַרומצונעמען די ריין־טעכנישע מיטלען פון רחל קאָרנס לידער, וואָס האָבן זייערע אייגענע שטרויכלונגען, און די דיכטערין קומט זיי ביי.

כ׳וועל פאַרענדיקן מיט איר לעצטער אָפּטיילונג, וואָס הייסט — „ווי פון תנ"ך אַרויס". דאָ געפינען מיר אירע פּאָעטישע פאַרצייכענונגען פון אַ לענגערן באַזוך אין מדינת ישראל. פּרעכטיק זענען די לידער וועגן צפת. די בילדלעכקייט איז נישט קיין ביבליזירטע, נאָר אַ — תנ"כישע, אָבער נישט אַזעלכע לידער, וואָס מ׳קען שרייבן פון אויסנווייניק, איידער מען קומט אין לאַנד. זיי זענען דורכגעזאַפּט אי מיט וויזיע, אי מיט אַן אַקאַרשטיקער געזעענקייט. דאָס רירנדיק־סטע ליד איז — „כ"ז ניסן", „ווען עס קלאָגן די סירענעס און פאַרגייען זיך אין וויינען אויף דעם טויט פון אונדזערע קדושים". מיר פאַרגעמען מיט אַ ציטער דאָס גאַנצע בילד פון אַ יידיש לאַנד, וואָס באַוויינט די פאַרטיליקונג פון אַ דריטל פון יידישן פאָלק און ס׳איז פאַרקלאַמערט אין איינגעשפּאַרטע זעקס סטראָפן, וואָס ענדיקן זיך מיט דער לוויה פון די קברלאָזע —

צעעפנט האָבן די ביימער די ראָזלעך־ווייסע בליטן,
עס האָבן זיך אַ שטרעק געטאָן צו זיי די הייסע וועגן,
און ס׳האָבן אַלע בערג אַ קני געטאָן ווי קעמלען,
די האָרבעס אָנגעשפּיצט און אויסגעשטעלט אַנטקעגן.
די שטילקייט איז געוואָרן פול און מעוברת
מיט טויט — און ס׳דאַכט זיך, עס האָט זיך אויסגעשפּאַנט
אַ מיטה, ווי דער הימל גרויס, און ס׳שפּאַרט די מיטה אונטער,
האַלט זי אין דער לופטן כביכולס האַנט.

דאָס וואָרט מעוברת איז מיר אַ ביסל אַ שטער, ווייל עס שרייט אַרויס פון דער שטילקייט. אָבער דאָס גאַנצע לוויה־בילד איז גראַנדיעז און קיינער האָט נאָך אַזוי נישט פאַרשטענדלעך געמאַכט דעם כ"ז ניסן אין מדינת ישראל, ווי דער גאַסט אויף אַ ווייל, רחל קאָרן, מיט איר יידיש ליד.

27.5.62

## ראַשעל וועפּרינסקי

ס׳איז אפשר נישט עלעגאַנט צו רעדן וועגן אַ דיכטערין אין טערמינען פון אָפּגעלאָפּענע יאָרן, אָבער ס׳איז וויכטיק פאַרצושטעלן, אַז ראַשעל וועפּרינסקי ציילט זיך צווישן אונדזערע בעסטע דיכטערינס נאָך פון דעמאָלט, ווען ס׳איז דערשינען איר ערשט בוך לידער — „רוף פון פליגל״, און דאָס איז געשען אין 1926, ס׳הייסט כמעט מיט פערציק יאָר צוריק. איר ערשט ליד האָט ראַשעל וועפּרינסקי פאַרעפנטלעכט אין 1918. איצטער איז אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ, אין ישראל, דערשינען איר צווייט בוך לידער מיט דעם מאָלערישן נאָמען — „די פּאַליטרע״ און מיר געפינען אויפן לעצטן בלעטל פאַרצייכנט, אַז „די זאַמלונג איז אַן אָפּקלייב פון לידער, געשריבענע אין די יאָרן 1919—1963״.

אין דעם נייעם בוך זענען דערפאַר איינגעשלאָסן אַ צאָל לידער פון איר יוגנטלעך בוך „רוף פון פליגל״. כאָטש די לידער זענען נישט דאַטירט, דערקענט מען זיי פון זכרון. אַזאַ ליד איז „פון מיינע שלאַנקע גלידער״, וואָס האָט בשעתו געמאַכט אַן איינדרוק, ווייל די דיכטערין ראַשעל וועפּרינסקי האָט אונדז איבער־ראַשט מיט אומגעריכטע שורות, גלייך ביים סאַמע אָנהייב פון ליד —

פון מיינע שלאַנקע גלידער וויינען קינדער נישט געבוירענע,\
וואָס ווילן דורך מיין לייב די ווייסע וועלט דערזען\
און אויפבלי׳ען אונטער דער זון\
מיט קעפּלעך געקרויזלטע,\
אייגלעך ברייט־פאַרוואונדערטע,\
שוואַרצינקע און בלוי,\
נאָר טיף אין זיך פאַרניין איך יענע קלאָרע שטימעלעך\
מיט טויזנט שטימען\
פון אַ פיבערישן דראַנג,\
צו בלייבן אייביק, אייביק,\
אַזוי מיידלש־בויגיק,\
פריי פאַר שווונג, קאַפּריז\
און פאַר דיינע ליבנדיקע הענט.

דאָס ליד פאַרמאָגט נאָך אַ פּערז, אָבער פון ערשטן פּערז, וואָס כ׳האָב גע־בראַכט קען מען גלייך זען, פאַר וואָס דאָס אָפּנהאַרציקע ליד האָט געמאַכט אַ רושם. אַזאַ ליד איז אין יענער צייט גלייך „נאַציאָנאַליזירט״ געוואָרן. כ׳באַנוץ

דעם אויסדרוק חלילה נישט אין איראָנישן זין. כ׳מיין צו זאָגן, אַז כאָטש דאָס ליד איז אַזוי שטרענג ליריש און פּערזענלעך און איז געווענדט צו אַן איינציקן „מיט ליבנדיקע הענט", האָבן מיר, די זעלבסט־באַשטימטע וועכטער פון פּאָעטישן גאָרטן, גלייך גענומען אַזאַ ליד און עס געמאַכט פאַר אַ באַווייז, אַז מיר האָבן שוין אויך לידער פון אַ פּרוי, וואָס דערציילט אונדז ,ייער שטיל, אָבער זייער דערוועגט, וועגן איר קאַמף מיט דעם מיידל־מוטער אין זיך. מען האָט דאָס ליד געהאַלטן פאַר אַ צוגאָב צו דער אויסקריסטאַליזירונג פון אַ קליינער אָבער באַחנ־טער גאַלעריע פון דיכטערינס, וואָס גיבן אונדז דאָס געפיל פון פּאָעטישן „צוזאַ־מענלעב" אויף אַ יידישן פּאַרנאַס, ווו דיכטערינס געבערן אַרויס פון זיך, פון די אייגענע גלידער — שורות, וואָס אויף זיי איז קאָנטיק דער וואַרעמער און אַפילו הייסער אָטעם פון אַ פּרוי.

אויב מען וויל, קען מען זאָגן, אַז דערקענענדיק אַזאַ ליד און דערמאָנענדיק זיך אין יענע צייטן, ווען אַזאַ ליד איז דערשינען, כאַפּט אַרום אַ נאָסטאַלגיש גע־פיל, וואָס איז עלול צוריקצופירן צו יענע יאָרן, ווען יידישע דיכטער און דיכטע־רינס זענען געגאַנגען אַנטקעגן אַן אויפגייענדיקער זון, מיט אַ סך פאַרמעסטן און האָפענונגען. יעדער איז געווען אַ באַשטימטע פּערזענלעכקייט און צוזאַמען איז מען געווען אין פאַרכישופטן גאָרטן פון דער יידישער פּאָעזיע, וואָס נישט געקוקט אויף אַלע שאַרפע און ביטערע קריגערייען וועגן וואָרט און שורה, קריגערייען, וואָס זענען אין תוך געווען ערלעכע און וואָס זענען ביסלעכווייז אומבאַמערקט אַריין אין „אַמביציע" און געוואָרן פער ענלעכע — איז מען פאַרט געווען שטאָלץ, אין שפּאַציר מיט דעם פאַרביקן געזעמל פון יידישע פּאָעטן.

די געציילטע עטלעכע דיכטערינס האָבן אַוודאי באַשטעטיקט, אַז דאָס געזעמל איז באַפּעסטיקט, ווייל מיר האָבן צוגעקראָגן דעם „עזר כנגדו" פון יידישע פרויען, וואָס האָבן מיט יונגע שטימען קלאָר געזונגען — צו אונדז. דער צו אונדז איז נישט געווען קיין פּערזענלעכער, נאָר מיר האָבן עס גענומען אויפן חשבון פון דער יידישער פּאָעזיע. אַנאַ מאַרגאָלין, ציליע דראַפּקין, ראַשעל וועפּרינסקי — זיי אַלע האָבן געשריבן לידער, וואָס האָבן דעמאָלט געפעלט אין דער יידישער פּאָעזיע. אין אָנהייב האָבן מיר געמיינט, אַז די לידער זענען פון אונדזערע ריפּן, אָבער שפּעטער האָבן מיר אויפגענומען די באַזונדערע פּאָעטישע פיגורן, וואָס האָבן דער יידישער פּאָעזיע געגעבן — געשלעכט. כ׳רעד דאָ בלויז פון אַמעריקאַ־נער דיכטערינס און אויך פון יענע ערשטע יאָרן, ווען ס׳איז אויפגעגאַנגען דער אַראָמאַט פון יידישן פרויען־ליד אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע.

דאָס דאָזיקע ליד „פון מיינע שלאַנקע גלידער" איז דעמאָלט געווען אַ טייל פון אונדזערע איבערצייגנדיקע זיגן. דערפאַר איז אַזאַ ליד נישט שווער צו דער־קענען אין נייעם בוך פון ראַשעל וועפּרינסקי, וואָס איז אַ מין אַנטאָלאָגיע פון דעם אייגענעם גאַנג דורך די יאָרן 1919—1963. אויף אַ לייענער, וואָס עפנט

דאָס נייע בוך, אָדער לידער־זאַמלונג פון ראַשעל וועפּרינסקי, און ער פאַרגעסט זיך אין דער ראָלע, וואָס אַזעלכע דיכטערינס האָבן געשפּילט אין דעם אויפגאַנג פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע, וואַרט אַ גרויסע איבערראַשונג. נישטאָ אין גאַנצן בוך קיין פּאָעטישע פאַרצייכענונג פון דער ביטער אָפּגעלאָפענער צייט, וואָס שליסט איין צוויי וועלט־מלחמות, דאָס יידישע אומגליק, דאָס אומגליק פון דער וועלט, וואָס צאַפּלט זיך, ווייל זי וויל זיך ראַטעווען פון לעצטן חורבן.

אַזאַ איבערראַשונג קען אַרויסרופן אַ סך קשיות, אָבער מען קען אויף דעם געפינען אַ סך גוטע תירוצים. מ׳קען זאָגן, אַז די דיכטערין האָט זיך נישט געפילט בכוח צו שרייבן די פערזן, וואָס וואָלטן געגעבן אירע געזאַמלטע לידער דעם כאַראַקטער פון „געזאַמלטע״ וועלט־יאָרן און נישט פון אינטים־פּערזענלעכע יאָרן. ס׳מיינט בשום אופן נישט, אַז אַזאַ דיכטערין ווי ראַשעל וועפּרינסקי האָט זיך תמיד איינגעגראָבן אין זיך און געצערטלט דעם אייגענעם טרויער און אייגענע פרייד. זי האָט זיכער מיטגעלייענט און מיטגעלעבט אַלע קלאָג־לידער פון אונדזער צייט, אָבער זי האָט אונדז נישט געקענט געבן איר אייגענעם פּאָעטישן קאָמענט און זי האָט עס ערלעך אויסגעמיטן.

ס׳איז שוין לאַנג געזאָגט געוואָרן, אַז בלויז אַ יונגן שרייבער גיט מען עצות. מען זוכט אויס, וואָס ס׳איז אין אים נישטאָ און מען וויל מיט אַזעלכע הלוואות אים אַרויסהעלפן. אָבער פון אַ פאַרטיקן שרייבער מוז מען צונעמען, וואָס ס׳איז ביי אים דאָ און נישט זוכן, וואָס מ׳קען און מען דאַרף ביי אים נישט געפינען.

ראַשעל וועפּרינסקי איז געווען די פרוי פון פּאָעט מאַני לייב, וואָס האָט גע־מוזט ווערן דער שטאַרקסטער איינפלוס אויף דער דיכטערין. מאַני לייב איז גע־ווען אַ גרויסער קפּדן און אפשר דער עגאָצענטרישסטער לייענער פון פּאָעזיע, וואָס האָט מייסטנס שטרענג געפּאָדערט פון אַנדערע — זיך. ס׳וואָלט דערפאַר געווען אוממעגלעך, אַז ראַשעל וועפּרינסקי זאָל אויסמיידן דעם איינפלוס פון אַזאַ שטאַרקער פּאָעטישער פערזענלעכקייט ווי מאַני לייב איז געווען, בפרט ווען זי האָט אַ סך געזונגען צו אים און דורך אים צו דער יידישער פּאָעזיע.

אירע לידער ווייזן אונדז נישט, אַז זי האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם איינפלוס — אפשר בלויז אין דער מוזיקאַלישקייט פון איר פרייען פערז — אָבער אירע לידער האָבן גאָרנישט געליטן פון דער השפּעה אויף איר פון מאַני לייבס פאַרזיכטיקער בילדלעכקייט. ביסלעכווייז איז פון די לידער אירע געוואָרן אַן אייגנאַרטיקע פאָרמירונג, אַ מין צווייטע פערזאָן אין אַ דועט, די פרוי, וואָס ענטפערט שטיל מיט אַ ציטער, מיט אייגענע רייד, אָבער אַזעלכע, וואָס שאַפן נישט קיין דיסאָנאַנס אין דעם דועט, נאָר פאַרקערט, האַלטן אים אין די ראַמען פון אַ געצאַמטן שמועס, צווישן אייגענע.

דערפאַר זענען די שענסטע לידער אין בוך אירע ליבע־לידער. מיר זענען געוויינלעך צו קאַרג מיט אונדזער לויב פאַר אַזעלכע פרויען־לידער, אָבער די

אמתע ליבע־לידער פון דיכטערינס זענען אַ גאָר וויכטיקער טייל פון אונדזער פּאָעזיע. זיי גיבן איר, ווי כ׳האָב אויבן אָנגעוויזן, דאָס צווייטע קול אין אונדזער פּאָעזיע. אָן דעם ליד וואָלט אונדזער פּאָעזיע געווען — הערמאַפראָדיטיש. ראַשעל וועפּרינסקי האָט באַציִונג צו וואָרט און צו זיין מוזיקאַלישקייט —

גיב אַ קוק ווי ס׳ווימלט מיט בלי, מיט פלי
און מיט קריכיקן לעבן —
גיי איך אַרויס דעם טאָג אַנטקעגן.

זי האָט אַפּשיי פאַרן ליד, נאָך אידער זי רירט זיך צו צו די שורות —

דאָס וואָרט וואָס האָט נאָך נישט געצוויט,
וואָס שלאָפט אינעם שטיין, אינעם שטויב אין דער נידער,
וועק עס אויף, לאָז עס אויפבליִען פריש ווי אין בייט,
אין דער שורה־שניט פון מיינע לידער.

די דיכטערין איז מאַני־לייביש שטרענג אויפמערקזאַם צו דער שורה־שניט פון ליד, זי האָט אַ נייגונג צום ליד, וואָס איז נישט איבערגעלאָדן מיט מיין. זי האָט דערפאַר געשריבן גאָר אַ סך נאַטור־לידער, אָבער צום שענסטן זענען אירע שטילע און וואַרעמע ליבע־לידער און די לידער פון איינזאַמקייט און אלמנהשאַפט. איר ליד וועגן די אלמנות „וואָס גייען געבויגן און טראָגן אַ טויטן נאָמען״ איז צווישן די געדענקלעכסטע אין בוך. דאָס ליד — „זי איז די שטילקייט״ געהערט אויך צו אירע פאַרבענקטע ליבע־לידער —

טוט זי זיך אויס פאַר דער שטילקייט
נאַקעט ווי אַ בוך
און די שטילקייט לייענט, לייענט —
און — זיי האָבן זיך ליב,
ווייל זיי רעדן קיין מאָל נישט.

ראַשעל וועפּרינסקי האָט געשריבן אַ סך דערציילונגען, און אויב כ׳בין זיך נישט טועה, אַפילו אַ נאָוועלע, אָבער זי היט זיך אויס אין אירע לידער צום גוטן און נישט אַזוי צום גוטן פון קלייענדיקער פּראָזע. זי חזרט איבער זייער אַ סך מאָל אין אירע לידער דאָס וואָרט — שטילקייט, און אַפילו ווען די שטילקייט ווערט נישט אָנגערופן דירעקט, זעט מען תמיד די דיכטערין אין געמיט פון שטילקייט, אָדער זוכנדיק די טיר פון שטילקייט און די מיט־זיכיקע אָפּזונדערונג. אין אַזאַ שטילקייט זינגען זיך שענער און פאַרציטערטער אירע געטרייע ליבע־לידער. אין אָפּזונדערונג זעט זי דורך אירע לידער דעם וועגן וועמען זי זינגט —

און ס׳וואַקסן
בלוי און גילדענע פליגל
אויף דיינע לידער.

אָדער זי זעט דורך אירע וויב־שורות צום טאָג —

דעם גרויאויגיקן פרינץ,
וואָס האָט דאָ געווילט אַ וויל,
אַן אידל־פאַרליבטער אין מינדסטן באַשאַף.

איינס פון די שענסטע לידער אין בוך איז איר ליד „דיין כתב". דאָס בילד וואָס הענגט אין צימער איז שוין פאַרבלייכט פון יאָרן, אָבער דאָס כתב פון אים איז די שענסטע און געדענקלעכסטע פאָטאָגראַפיע —

דאָ צאַפּלסטו מיט הויט און ביין!
די אותיותלעך הויקערן זיך מיט דיין חן;
שמייכלען, וואַרעמען זיך אין מיין בלוט אַריין —
דאָ רעדט, דאָ וויינט דיין האַנט —
דאָ בעט, דאָ גלעט דיין האַנט —
דיינע נערוון צוקן —
ביסט לעבעדיק מיט יעדן קנייטש
אין פנים פון דיין כתב.

ראַשעל וועפּרינסקי האָט מיט אירע ליבע־לידער צוגעגעבן פּאָעטישע נאָטיצן צו דער ביאָגראַפיע פון אַ באַרימטן יידישן פּאָעט. ער איז אפשר דער איינציקער, וואָס האָט זיך דערוואָרבן אַזאַ פולע ביאָגראַפיע, אָבער שרייבנדיק די דאָזיקע „נאָטיצן" אַרום דעם אינטימען כתב, האָט ראַשעל וועפּרינסקי אויך פון זיך אַרויסגעשריבן אַ צאָל אינטערעסאַנטע לידער, וואָס זענען באַגלייט־לידער נישט נאָר צו איין לעבן, נאָר צו צוויי לעבנס, אין אַן אָריגינעלן דועט.

6.11.64

## רייזל זשיכלינסקי

רייזל זשיכלינסקי איז איינע פון די אינטערעסאַנטסטע זאָגערינס אין אונ־דזער פּאָעזיע. זי זינגט זייער זעלטן, איר פרייער פּערז — זי נוצט זייער ווייניק גראַמען — שטיצט זיך אויפן אָטעם פון זאָגן שורות און נישט אויפן ריטעם פון אַן אינערלעכער מוזיקאַלישקייט. אָבער איר זאָגן שאַפט די שטימונג פון אַ קליינער מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע. די זאָגעוודיקייט אירע איז אַ פּאַרפירערישע, ווייל בלויז ווען מען בייגט זיך אָן און מען הערט זיך איין, דערהערט מען, אַז די דיכטערין האָט געשאַפן די אַטמאָספער פאַר רייד, וואָס זאָגן צוזאַמען אַ שטימונג. רייזל זשיכלינסקי איז דערמיט טיילווייז שטאַרק ענלעך אויף די אַלטע כינעזישע פּאָעטן, וואָס זייערע שורות, אַפילו ווען זיי האָבן עפּעס דערציילט, האָבן זיי צווישן די אַזוי גערופענע פאַקטן נישט געשאַפן קיין לאָגישע שייכותדי־קייט. אָבער איבער די אומפאַרבונדענע „דערקלערונגען" איז תמיד געווען אַ לאָגיק, וואָס האָט זיך געגעבן צו פאַרשטיין דורך דער גאַנצער שטימונג פון ליד. רייזל זשיכלינקיס לידער זענען דערמיט שטאַרק ענלעך אין געביי אויף כינעזישע לידער. דער אונטערשיד באַשטייט אין דעם, וואָס די כינעזער האָבן פון זייער ליד מייסטנס אַרויסגעשלאָגן אַ צענטראַלע טעמע, ווי בענקשאַפט נאָך שלום, דער טרויער פון אַ פאַרלאָזענער פרוי, דאָס געוויין פון אָרעמקייט, אָבער רייזלס טעמאַ־טיק ווערט נאָך מער אָנגעסודעט ווי אין די כינעזישע געזאַנגען. דער אינהאַלט פלאַטערט איבער די נישט־געבונדענע שורות, ווי ער וואָלט באַשטאַנען בלויז אין אַ סוד וואָס בלייבט צווישן לייענער און פּאָעט.

שוין אין ערשטן ליד אין איר ניי בוך — „שווייגנדיקע טירן", איז גלייך קאָנטיק דער אופן ווי רייזל זשיכלינסקי זאָגט אירע שורות —

עס ציטערט דער ים
אויף מיין ברעם;
נעם מיך אַהיים,
נעם אַהיים.
נעם אַריין מיך אין דיין טרער,
אין אַ סטראָף פון דיין ליד —
נעם מיך מיט!

מען דאַרף זיך גוט אָנשטרענגען צו קענען פאַרשטיין ווי אַזוי אַ גאַנצער ים זאָל ציטערן אויף אַ ברעם, אָבער אַז מען וויל שוין זיך איינרעדן אַז אַזוי איז

עס, בלייבט אַלץ אַ קשיה: ווו ליגט די פֿאַרבינדונג צווישן דעם ציטער פֿון ים און דעם רוף, אַז דער ים זאָל זי נעמען אַהיים. אָבער ס׳איז אין די עטלעכע שורות פֿאַרט פֿאַראַן אָנגעסודעט די לאָגיק פֿון ברייטער, אומענדלעכער איינזאַמקייט, וואָס די דיכטערין פֿאַרקליינט גראָד דערפֿאַר, כּדי ס׳זאָל זיין גרינגער צו פֿאַרשטיין די אומענדלעכקייט; אין טערמינען פֿון דער דיכטערינס אייגענער איינזאַמקייט, וואָס ווערט אַריינגענאַרט אין אַ ליד, דורך דעם מעדיום פֿון אַ ביסל ים־געזאַלצנקייט אין אַן איינציקער טרער.

איך האָב שיער נישט דאָס ליד אויסגעטייטשט און דערמיט באַגאַנגען אַן עוולה קעגן רייזלס באַזונדערן לידער־סטיל. די שיינקייט פֿון ליד באַשטייט אין דער רויִקייט, וואָס מען טאָר נישט לאָזן צעגיין, נאָר פֿאַרקערט, מען דאַרף זיך לאָזן אַרומרינגלען מיט דעם רויִך פֿון די שורות.

אין רייזל זשיכלינסקיס לידער זענען מיט דער צייט געוואָרן מער און שאַרפֿער אַלץ וואָס זי האָט די גאַנצע צייט געוואָלט, די אָנשאָטענונג פֿון אַ שטימונג, וואָס זאָל דעם אינהאַלט נישט פֿאַרשווענכן מיט דערציילן. מען דאַרף אויך פֿאַרשטיין, אַז ס׳איז זייער קלוג פֿון אירע שורות אַזוי צו קומען צוזאַמען, ווייל רייזל זשיכלינסקיס כּוח באַשטייט נישט אין מוזיקאַלישקייט, אין פֿולער אויסדריקלעכקייט, אָדער גאָר אין אַן אייגנאַרטיקער שפּראַך־באַציִונג. ווען די דיכטערין וואָלט אויסגעזאָגט דעם סוד פֿון איר ליד, וואָלט מען געבליבן אַנטוישט און געפֿרעגט די באַרימטע קשיה: צי איז עס טאַקע פּאָעזיע? אָבער אין דעם אופֿן ווי זי פּירט־דורך און פּירט־אויס די „שידוכים" פֿון אירע שורות, איז די פּאָעטישקייט פֿון ליד איבערצייגנדיק. דאָס בוך „שווייגנדיקע טירן" איז אַן אָפּגעקליבענע זאַמלונג פֿון אירע פֿריִערדיקע לידער־ביכער, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן אין די יאָרן 1936, 1939 און אין 1948, מיט אַ צוגאָב פֿון די לידער, וואָס די דיכטערין האָט געשריבן, זינט זי איז געקומען קיין אַמעריקע.

ווי אַזוי איבערצייגט אונדז רייזל זשיכלינסקי, אַז אירע צעוואָרפֿענע שורות זענען צוזאַמענדיקע לידער? מיט איר אָריגינעלער בילדלעכקייט. אויך זי האָט טעמאַטיק, איר צענטראַלע טעמע איז — מיטגעפֿיל מיט אַלץ, וואָס איז איינזאַם אויף דער וועלט. אָבער ווי געזאָגט, די טעמע ווערט נישט אינטים מיטן לייענער; זי גיט זיך אים נישט גלייך איבער, נאָר זי צווינגט אים זיך איינצוהערן אין דעם, וואָס די דיכטערין זאָגט, ביז מען דערזעט מער ווי מען דערהערט. די בעסערע לידער זענען אַזעלכע דערזעענע רעפֿלעקסן, געשאַפֿן מיט בילדער און מיט אַ געפּרעפּל פֿון רייד. רייזל זשיכלינסקיס ערשטע לידער זענען מייסטנס געווען קלאָרערע, באַהויכט מיט אַ קליינער פֿאַרשטענדלעכקייט. ס׳האָט איר גענומען צייט, ביז זי האָט דערגרייכט, וואָס זי האָט געוואָלט — זאָגן דאָס נישט דערזאָגטע אויף איר אייגענעם שטייגער, אַז מען זאָל הנאה האָבן פֿון אָנבייגן זיך צום ליד און זיך איינהערן אין אירע געזעענע רייד.

רייזל זשיכלינסקי פאַרמאָגט אַ סך האַלוצינאַציעס־לידער, און דאָרט ווו די האַלוצינאַציעס ווערן נישט אויסגעלייזט, בלייבן די לידער ליגן שווער און זיי האָבן נישט דעם כוח זיך אויפצוהייבן. אָבער ווען די זעונגען זענען נישט קרענק־לעך, זענען זיי אַ גרויסע הילף צו איר ליד.

פריִער האָב איך געזאָגט, אַז רייזל זשיכלינסקי איז נישט אָריגינעל אין איר שפּראַך־באַציִונג. זי איז אפשר נישט וואָרט־ניי און דערפינדעריש, אָבער אָפט מאָל מיט איר אָריגינעלער בילדלעכקייט ווערן אויך באַנייט אירע ווערטער.

פון אַלע פנימער, וואָס האָבן מיך צעשלעפּט
אַ גאַנצן טאָג,
איז געבליבן איין פּנים,
צו וועלכן כ׳האָב זיך פאַראַנקערט.

פאַר דעם צעשלעפּט ווערן פון פנימער, אין טומל פון גאַסן, וואָלט מען באַ־דאַרפט אָנשרייבן גאָר אַ סך שורות, אָבער רייזל דערגרייכט עס מיט איין וואָרט, פּונקט ווי זי דערזאָגט זיך צו אינטימער בענקשאַפט, מיט דעם פאַראַנקערן זיך אין איין פּנים.

די האַלוצינאַציעס זענען צעוואָרפן איבערן גאַנצן בוך אין זייער ראַנגל מיט ליד. „און די רעלסן האָבן געזוכט מיך צו צעשניידן”, „די בלומען קלאַפּן אין די שויבן מיט שוואַרצע פליגל”, „אין זייערע גרויע קעפּ וואָרצלען הויכע, נאַסעביימער”. אָבער רייזל זשיכלינסקי קען אַמאָל אויסלייזן אויך אַזעלכע גוזמאַדיקע שורות, מיט אַן אומגעריכטן סוף פון אַ ליד. בכלל זענען אירע פאַרענדונגען פון לידער — איבעררעאַשונגען, וואָס דערהייבן דאָס ליד און וואָס האַלטן די גאַנצקייט פון ליד אויף זייער רוקנביין. אַ בעטלער איז נאָר וואָס געשטאַנען און געבעטלט אויפן ראָג פון גאַס. אין רייזל זשיכלינסקיס אַ ליד ווערט ער דער צדיק גמור. זי שטעלט זיך אויפן זעלביקן אָרט, ווייל „ס׳איז איצטער דאָס הייליקסטע און זיכערסטע אָרט”. לאָגיש? ניין. אָבער קלאָר — יאָ, אַפילו עטיש־קלאָר. אַ נעגער שלאָפט־איין אויף אַ גאַס און די „וואָלקנקראַצערס טראָגן דעם נעגער אויף זיל־בערנע טעלער צום הימל” ווידער אַ מאָל — לאָגיש? ניין. אָבער ס׳איז קלאָר מיט רייזל זשיכלינסקיס מיטגעפיל פאַר דעם עלנטן און איינזאַמען. רייזל האָט זייער אַ סך צו זאָגן אויף איר שטייגער וועגן נעגערס. זי אַליין זעט זיך אָפט ווי אַ נעגע־רין, אין מיטן דער טומלדיקער שטאָט, זוכנדיק אַ ביסל טרייסט, אין פיזישן אויפטרייסל.

רייזל זשיכלינסקי פאַרמאָגט אַ ספּעציפישע סאַטירע, וואָס זי ווינקט־אָן אויך אויף איר שטייגער, מיט גראָטעסקע בילדער. ווען דאָס מיידל אויפן סאָבוויי לייענט די סענסאַציעס פון טאָג, ווערט עס ביי דער דיכטערין איבערגעזעצט אויף — דאָס „מיידל מיט דער צייטונג שוואַנגערט מיט אַ מערדער”.

כ׳האָב אַזוי פיל מאָל געגוצט דאָס וואָרט זאָגן, אין שייכות מיט רייזל זשיכ־לינסקיס לידער. כ׳וויל אילוסטרירן, וואָס איך מיין, די פריִער ציטירטע שורות וועגן שלאָפנדיקן נעגער — „וואָלקנקראַצערס טראָגן אים אויף זילבערנע טעלער צום הימל״, זענען אויסגעשטעלט אין פיר שורות אַזוי —

וואָלקנקראַצערס
טראָגן אים
אויף זילבערנע טעלער
צום הימל.

פאַר וואָס די שורות זענען אַזוי אויסגעשטעלט וויזועל איז שווער צו זאָגן, סיידן מען זאָל דערויף ענטפערן, אַז דער דיכטערין האָט זיך אַזוי געוואָלט. זי האָט געוואָלט אַקצענטירן געוויסע ווערטער. אָבער דער אמת איז, אַז שרייבנדיק אַזאַ לויזן פרייען פערז, איז רייזל זשיכלינסקיס פּאָעטישער דרך נאָך שווערער, ווייל זי מוז שאַפן דאָס ליד מיט אירע אייגענע אומגעריכטע מיטלען, נישט פאַרלאָזנדיק זיך אויף דעם צוואַנג פון אַן איבערצייגנדיקער מוזיק. און ווען איר געלינגט דורכצוגליִען איר ליד מיט איר וואַרעמער זעעוודיקייט, ווערן די שורות אויך צוזאַמענגעציטערט. ווען ס׳גיט זיך איר נישט איין, בלייבט נישט מער ווי האַלו־צינאַציע, וואָס אַנטפּלעקט די נאַקעטקייט פון די שורות.

ווען די פענצטער גייען אריין אין די ווענט
און די לאָמפּ טרינקט זיך אין שפּיגל,
גיי איך אַרויס אויף די וועגן —
פון וועלכער זייט וועט קומען דער טויט ?
מיט וועלכן קאָליר ?
איך האָב אָנגעטאָן דאָס רויטע קלייד.

פענצטער, וואָס גייען אַריין אין ווענט און די (דער ?) לאָמפּ, וואָס טרינקט זיך אין שפּיגל זענען נישט פון די בילדער, וואָס קענען דערלייזן זשיכלינסקיס אַ ליד און די טרוקענע מוזיק פון אירע אויסגעשטעלטע שורות. ווען רייזל זשיכ־לינסקי טוט תפילה יעדן פרימאָרגן „צום געטלעכן נאַר אויפן דאַך״ און זי בעט זיך ביים קוימען —

פּאַל, נאַר, נישט,
אַ, פּאַל נישט איין
מיין גאָט. —

איז עס אַ גראָטעסק, וואָס זינגט נישט אײַן די שורות אין דער פאַרוויגונג פון אַ ליד. אָבער ווען רייזל זשיכלינסקיס גראָטעסק ווערט פאַרמענטשלעכט און נישט פאַרקוימענט, ווערט איר ליד — פּאָעזיע. אַפילו אַזאַ גראָטעסק בילד ווי אַ לבנה, וואָס וואָלט זיך גערן באַהאַלטן אין דער באָרד פון אַ שיכור „און זיך געטובלט אין זײַנע טרערן", ווערט אַ דערלייזערין פאַר די לויזע שורות פון ליד.

רייזל זשיכלינסקי איז צום בעסטן אין אירע גאָר קליינע לידער, ווײַל זי קען אין געציילטע שורות אויספּאַקן איר גאַנצן אַרסענאַל פון פּאָעטישער אָריגינאַליטעט, וואָס איינציקן אירע לידער אין דער יידישער פּאָעזיע —

כ'וויל זיין אַ נעגערין,
מיט געלע אויגן,
טרינקען די לבנות,
מיט גראָבע ליפּן,
זויגן שוואַרצע זאַפּטן פון די נעכט.
אויף הויכע,
שוואַרצע,
דינע פיס
אַרומפליִען איבער דער שטאָט,
און מיט די ראָזע פּיאַטעס אָנזאָגן —
אַ נייעם מענטש.

נאָך איידער מען וויל פרעגן קשיות אויף אַזאַ ליד דערשפּירט מען דאָס אינערלעכע ליכט פון די געציילטע שורות. די קאָלירן זענען אַלע אויפן אָרט און די גראָטעסקע בילדער וואַרצלען אין גוטער, וואַרעמער מענטשלעכקייט. דער אומגעריכטער סוף ווערט אַן עטישע דערהייבונג פאַר דער שוואַרצער שוועסטער, וואָס פליט אַרום מיט די ראָזע פּיאַטעס איבער דער נאַכטיקער שטאָט. דאָ זענען אַפילו די דריי אויסגעטיילטע שורות־ווערטער —

אויף הויכע,
שוואַרצע,
דינע פיס

גוט אַקצענטירט און מוזיקאַליש אין הייסן אָטעם פון די ווערטער.

רייזל זשיכלינסקיס אָנגעסודעטע טעמאַטיק שטאַמט פון אַ טיפער מיט־פילנדיקער מענטשלעכקייט, מיט וועלכער זי שרייבט אירע פּערפעקטע לידער. אָט איז אַ ליד „בלינדע", ווו איר גאַנצער גראָטעסק פון בילד קומט צו הילף דעם ליד און וואַרעמט־אָן די שורות.

וווילדע גראָזן וואַקסן פון זייערע אויגן
און פאַלן ביטער אַריין אין זייער מויל,
זייערע אַקסלען פאַלן איין אונטער דער לאַסט
פון ליכט,
און די הענט הענגען פאַרברענטע אויף קויל.
די פינצטערע היילן פון זייער בויך
פאַרדייען לאַנגזאַם די געוויישן פון טאָג.
אין די נעכט גייען אַרום זייערע ווייסע שטעקנס,
זוכן צו דער לבנה דעם וועג.
די בלינדע שלאָפן איינגעהילט אין זייער נאַכט.
ווייסע שטעקנס אין ליידיקע גאַסן
וועקן די ערד.

קיינער האָט דאָס ליד נישט געקענט אָנשרייבן, אַחוץ רייזל זשיכלינסקי. אָבער ביי איר אַליין איז עס אַ ליד פון לידער, ווייל די שורות זענען דורכגעפלאָכטן מיט איר אייגנאַרטיקייט. אַזאַ ליד איז הויכע פּאָעטישע קולטור, ווייל אין אַן אַנטאָלאָגיע פון פּאָעזיע וועט עס זיין אַ זעלטן ליד און עס פּאַסט זיך אויך אַריין אין אַ מעדיצינישער אַנטאָלאָגיע, אָדער גאָר אין אַ פּסיכאָאַנאַליטיש בוך, וואָס וואָלט איינגעשפּאָרט צענדליקער זייטן טערמינאָלאָגישע פּראָזע.

דאָ, אין דעם ליד, זענען אַלע „גוזמאדיקע" בילדער איבערצייגנדיק, דורך דעם טיפן רחמנותדיקן אַריינדרינג אין די סאַמע פינצטערע היילן פון דעם בלינדנס בויך. ווען רייזל זשיכלינסקי איז גראָטעסק לשם גראָטעסק, פרעגן זיך אַ סך קשיות אויף אירע שורות —

איך בין די היטערין
איך שטיי פאַר די געשלאָסענע פירעקן —
ווי פאַר די צעין געבאָט:
שטאַרבט עמעצער הינטער זיי?
ווערט עמעצער געבוירן?
איך בויג מיין קאָפּ,
פון שווייגנדיקע טירן.

די דיכטערין האָט אונדז געוואָלט זאָגן, אַז איר אינטערעס זענען די מענטשלעכע געהיימע הינטערטירן. איז עס אַן אַלטער מאָטיוו, וואָס ווערט נאָך שווערער מיט אַזעלכע פאַרגלייכן, ווי „די צען געבאָט".

אָבער ס׳זענען פאַקטיש נישטאָ קיין לידער אין רייזל זשיכלינסקיס נייער

לידער־זאַמלונג, וואָס אין זיי זאָל נישט זיין כאָטש אַ באַלוינענדיקע שורה. נאָר אירע גאַנצע לידער, וואָס זענען טאַקע אויף אַן אמת אָרקעסטרירט אין געזאַנג, מוזיק, בילד און שטימונג, זענען איר אייגנס, ווייל זיי זענען די צוגעגעבענע אייגנאַרטיקייט צו דער רייכקייט פון יידישן ליד —

איך בין נישט געווען אין מדבר,
איך האָב נאָר געזען דעם קעמל,
קען איך דעם מדבר.
איך האָב געזען זיינע טרוקענע פיס,
קען איך די זאַמדן.
איך האָב אָנגערירט זיין הויקער —
קען איך די בערגלעך פון דער ווייטנס.
איך קען די ווינטיקע, איינזאַמע שלעסער,
דער קעמל האָט צו מיר אויסגעדרייט זיין האַלדז.

דאָס איז אַ פּערפעקט ליד, וואָס מ׳קען דערויף אַ סך אָנדרשענען, אָבער כ׳וועל עס לאָזן שטיין פאַר זיך און בלויז בעטן דעם לייענער עס עטלעכע מאָל דורכצולייענען.

אָט איז אַן אמת „כינעזיש" ליד, וואָס וואָלט געווען אַ כבוד אין דער שענסטער כינעזישער אַנטאָלאָגיע —

דער זומער איז געווען אַ הויכער,
מיט ברייט צעבלעטערטעביימער,
מיט שלאַקס־רעגנס,
שטורעמס.
ווילדע ווינטן האָבן אַרויסגעטריבן
די טייכן פון די ברעגן
און די וואַסערן האָבן איינגעשלונגען
מענטשן, פי און רינדער.
דער זומער איז געווען אַ לאַנגער
און ווידער איז סעפּטעמבער.
מיד און רייף ווערט דאָס גאָלד
אויף די ביימער.
די טעג ווערן שוין קירצער,
די נעכט — טיפער און באַנגער,
און באַלד וועט דער אָקטאָבער אַרויפדרייען זיין קנויט.

וועל איך טרעפן צווישן די ליידיקלעכע ביימער —
מיט שווערע ווײַעס,
אַן אָפּגעקילטן בוים.

אַחוץ די חורבן־לידער, ווו רייזל זשיכלינסקי דערציילט פון איר אומגעקו־מענער משפחה, האָט זי כמעט נישט קיין אינטימע לידער, כ׳מיין אינטים־ביאָ־גראַפישע. רייזל זשיכלינסקי באַציט זיך מיט צניעות צו אירע לידער און זי וויל זיי נישט באַלאַסטיקן מיט פּרטים פון איר באַזונדער לעבן, הינטער איר אייגענער שוויגנדיקער טיר. די אייגנאַרטיקייט פון איר ליד באַשטייט אין איר אינטימיזירן אירע שורות מיט אַ טיפערער אינטימיטעט. זי באַהאַלט אַלע אירע עמאָציעס הינטער בילדער און אירע בענקשאַפטן הינטער אומגעריכטע שורות. פאַרענדיק איך מיט רייזל זשיכלינסקיס נאָך אַ גאַנץ ליד, וואָס פאַרמאָגט אַלע אירע מעלות —

ווען איך בין אַלט געווען אַכצן יאָר —
וואָס האָב איך געזוכט
אין דער קאַשטאַנען־אַליי ?
קאַשטאַנען,
אָדער דעם קופער,
וואָס האָט געטריפט פון אָונטיקע
קלויסטער־גלאָקן ?
בין איך פאַרליבט געווען אין גלח,
וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט
מיטן געבעטבוך אין די הענט
און דינער געמאַכט די ביימער
מיט זיין געשטאַלט.
די לבנה האָט מיך דעמאָלט געשטאָרבן
און פאַרגעסן אויף אַ באַנק.

דער כלומרשט אומגראַמאַטישער קינדערישער — „האָט מיך געשטאָרבן" איז דער שענסטער פּאָעטיש־לאָגישער פינאַל צום ליד פון אַן אַכצניאָריקער.

11.5.62

## מלכה חפץ־טוזמאַן

די דיכטערין מלכה חפץ־טוזמאַן ראַנגלט זיך מיט איר טאַלאַנט. אפשר איז ראַנגלען אַ צו שוואַך וואָרט, ווייל די אינטערעסאַנטע דיכטערין דערגייט איר טאַלאַנט די יאָרן. זי האָט כסדר מורא, אַז ער וועט פאַרגעווינלעכט ווערן. ער וועט זיצן אין פּאָעטישן גאָרטן מיט אַנדערע טאַלאַנטן, וואָס וועלן זינגען און זאָגן, זאָגן און זינגען און מען וועט קוים הערן איר קול; זי אַליין וועט זיך פאַרגעסן און זיך איינהערן וואָס אַנדערע זאָגן און זי וועט זיין אַזוי שטיל צווישן די פאַרשידענע טאַלאַנטן, אַז זי וועט אין גאַנצן פאַרשוויגן ווערן.

דערפאַר ווען ס׳הייבט זיך איר אָן דאַכטן, אַז איר טאַלאַנט ווערט צו אָנזעעוודיק, אַז ער פאַרנעמט זיך אויפן רשות הרבים, הייבט זי זיך אָן קריגן און שלאָגן מיט אים. אַ מאָל איז זי גובר, ער פּאָלגט זי און ער פאַרטונקלט זיך מיט קלאַנגען און רייד, אַ מאָל זיגט איר טאַלאַנט און ער ווייזט איר, אַז ס׳איז נישטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן, ער האָט אַן אייגן קול און אייגענע רייד, וואָס וועלן זיך סיי ווי תמיד אויסטיילן.

אין איר בוך לידער, וואָס מלכה חפץ־טוזמאַן האָט אַרויסגעגעבן אין 1958, האָט זי גלייך ביי דער טיר אָנגעקלעפּט דעם נאָמען — „מילד מיין ווילד”. ס׳איז געווען אַ מין איינטריט־באַצאָל. ווער ס׳לייענט איבער דעם נאָמען, פאַרהאַלט זיך און וויל פאָרט אַריינגיין אינעווייניק, איז אַן אָנגעלייגטער גאַסט. ווער אָבער ס׳דערשמעקט פון נאָמען, אַז דער אינעווייניק פון אַזאַ בוך — „מילד מיין ווילד” איז נישט פאַר אים, האָט אַ ברירה צו בלייבן פון דרויסן.

איר געראַנגל מיט איר אייגן ליד און אייגענעם טאַלאַנט איז זיכער דער גורם, וואָס איר ערשט בוך, וואָס האָט דווקא געהייסן אַזאַ פשוטן נאָמען ווי „לידער”, איז דערשינען ערשט אין 1949, אָדער מיט איבער דרייסיק יאָר נאָך דעם, ווי זי האָט פאַרעפנטלעכט איר ערשט ליד. דאָס ערשטע בוך האָט געהאַט 124 זייטן. געוויינלעך דאַרף מען אַ פּאָעט נישט משפּטן לויט דעם כמות פון זיין „פּראָדוקציע”, אָבער אין פאַל פון דער דיכטערין מלכה חפץ־טוזמאַן, איז עס דער סימן פון איר קאַמף מיטן אייגענעם טאַלאַנט, וואָס וויל אַרויס פון די כלים און זי האָט אַלץ מורא, אַז אים וועט דערפון קיין געזונט נישט צוקומען.

דאָס צווייטע בוך לידער איז געווען דאָס פריִער דערמאָנטע — „מילד מיין ווילד”, מיט 116 זייטן, און איז געקומען גאַנצע ניין יאָר שפּעטער. איצטער האָבן מיר געקראָגן איר דריט בוך, וואָס זי האָט אַ נאָמען געגעבן — „שאָטנס פון געדענקען”; שויז אַ קלאָרער נאָמען פאַר דעם בוך, וואָס אַנטהאַלט אין גאַנצן אַן

אַכציק זייטן טעקסט און איז געקומען זיבן יאָר נאָך איר לידער־זאַמלונג פון "מילד מיין ווילד".

דאָס אי. נישט אַזוי קנאַפּקייט און מאָגערקייט פון שאַפונג, ווי די שטענדיקע פאַרנומענקייט מיט איר טאַלאַנט. זי איז צו פיל מפונק, זי לאָזט אים נישט אויף אייגענע קעסט, זי האָט מורא ער וועט זיך פאַרדאַרבן מיט אַ שלעכטער שורה, אָדער גיכער פון אַלץ מיט אַ גרויער, געוויינלעכער שורה און זי האַלט אים אונטער כסדרדיקער השגחה און דיסציפּלין. ער רייסט זיך פון אירע הענט, ער איז זיכער, אַז מען מעג אים געטרויען, אָבער זי מאַמעט אים אפשר צו פיל. מלכה חפץ־טוזמאַן האָט אַ סך שיינע מאַמע־בילדער אין אירע לידער. איר שטרענגע מוטערלעכע און וויבלעכע דיסציפּלין ווענדט זי אָן אויף איר טאַלאַנט. זי זאָגט אין אירס אַ ליד וועגן מדינת ישראל — "אַלע קינדער טוען ווי דער מאַמען, ווען זיי זייגן". ס׳גייט אין דעם, אַז מען דאַרף דעם אייגענעם טאַלאַנט פרי אַנטוויינען, מען דאַרף האַלטן אַן אויג אויף אים, אָדער אַ וויטלעכע השגחה, ווייל אַ דערוואַקסענעם טאַלאַנט מוז מען געטרויען, אַז ער זאָל קריגן פולע אייגענע פרייהייט.

איך פּערזענלעך האָב דעם שענסטן און פולסטן צוטרוי צו מלכה חפץ־טוזמאַן און צו איר טאַלאַנט און ס׳איז מיר תמיד אַ שאָד, וואָס די דיכטערין אַליין האָט ווייניק צוטרוי צו אירע מעלות און זי פאַרוואַלקנט זיי באַוווּסטזיניק, זי הילט זיי אַרום מיט אַזוי פיל אויסטערלישקייט, אַז זיי זאָלן חלילה נישט כאַפּן אַ פשוטע פאַרקילונג. זי האָט פיינט פשוטקייט — דער רעזולטאַט איז, אַז טייל לידער אירע און די מעלות פון אירע לידער כאַפּן ערנסטערע קראַנקייטן, זיי ווערן פאַרשטייפט ביז ווייטיק.

די דיכטערין מלכה חפץ־טוזמאַן איז, נישט געקוקט אויף אירע קאָמפּלעקסן, איינע פון אונדזערע אינטערעסאַנטסטע פּאָעטן. ס׳איז אַ מחיה צו פאַרברענגען מיט אירע גוטע, קלוגע און פאַרטיפטע שורות, מיט איר עקזאָטישער בילדלעכקייט און מיט דער בולטער אַמעריקאַנישקייט פון איר געזאַנג. איר אַמעריקאַנישקייט דאַרף מען נישט דעפינירן, ווייל די לופט אַרום אירע לידער איז אַמעריקאַניש. געקומען קיין אַמעריקע איז זי אַ יונג מיידל און איר פולע אויסבילדונג האָט זי באַקומען אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן. אויסבילדונג ווערט דאָ גענוצט אין דעם בעסטן און ראַיעלסטן זין פון וואָרט.

מלכה חפץ־טוזמאַן איז איינע פון אונדזערע אמת־מאָדערנע פּאָעטן. און אויף דעם אויך דריקט אַ קאָמפּלעקס אירער — זי גע׳דענקט צו פיל, אַז זי מוז תמיד זיין אויסטערליש. אָן דעם דאָזיקן פאַרזיכט איז די דיכטערין סיי ווי ניי, בליציק, פריש און אינטערעסאַנט, אָבער — ווידער אַ מאָל — זי געטרויט זיך נישט. זי פאַרציקלט, פאַרוויקלט, פאַרצערטלט און פאַרוווערטלט איר מאָדערניזם. אָפּט מאָל זעט מען בפירוש, אַז זי האָט זיך פאַרעקשנט צו זיין מאָדערניסטיש, זי שטעלט

אויס אירע שורות אין פאַרשידענע פּאָזעס, זי האַקט אָפּ אַ שורה אין מיטן, זי פאַרטויבט באַוווּסטזיניק איר איינגעבוירענע מוזיק. זי ווײנט שוין עטלעכע צענדליק יאָר אין לאָס־אַנדזשעלעס און איר בילדלעכקייט פאַרמאָגט זייער אָפּט די קאַליפאָרניער ליכטיקייט און לופט, אָבער זי אַליין ווענט צו פיל אויף אירע שורות און נישט תמיד איז עס געזונט פאַר דעם פולן ליכט פון איר ליד.

די דיכטערין מלכה חפץ־טוזמאַן קען מען שוין נישט אָננעמען ביי דער האַנט און זי פירן און איר געבן עצות. זי האָט שוין צו לאַנג פאַרבראַכט אין וואַרשטאַט פון ליד, אַז מען זאָל איר געבן אָנווייזונגען און פאַרשרייבן פּאָעטישע רעצפּטן. איך האָב בלויז געוואָלט דעפינירן איר טאַלאַנט און אָנווייזן, אדרבא, נישט אויף אירע חסרונות, נאָר אויף אירע קאָמפּלעקסן, וואָס זענען אַן איינגע־בוירענער טייל פון איר. מיר דאַכט זיך, אַז אַזאַ דיכטערין ווי מלכה חפץ־טוזמאַן וואָלט געוועןאַ סך געוווּנען, ווען זי וואָלט יאָ פּרי באַקומען „פּסיכאָפּאָעטישע" הדרכה, אַ געוויסע ערלעכע אַנאַליטיק, וואָס וואָלט אַרויסגעבראַכט דאָס שענסטע פון איר אומגעווײנלעכן און אייגנאַרטיקן טאַלאַנט. ס׳פעלט ביי אונדז אַזאַ הדרכה, וואָס צו איר זאָל אַ טאַלאַנטירטער מענטש האָבן צוטרוי.

דערפאַר איז נישט שייך צו אַנאַליזירן מלכה חפץ־טוזמאַנס טאַלאַנט און אים צענעמען. אַזאַ איז ער און אַזוי זענען אירע כאַראַקטעריסטישע און אייגנאַרטיקע לידער. די חסרונות אירע, וואָס קומען, ווי געזאָגט, פון איר אומצוטרוי צו איר אייגענעם טאַלאַנט, זענען אַריינגעוואָקסן אין אירע לידער און זיך צוזאַמענגעוואָקסן מיט די מעלות און מען מוז אַזוי אויפנעמען איר ליד. איר ניי בוך הייסט — „שאָטנס פון געדענקען", אָבער ס׳האָט אויך געקענט הייסן — „שאָטנס פון געדאַנקען", ווייל די לידער זענען תמיד — צום גוטן — באַשאָטנט פון געדאַנקען, וואָס גיבן איר ליד דעם חן פון גוטן שמועס, פון פאַרברענגען מיט אַן אָריגינעלן מענטשן.

איך ווייס נישט וויפל מענטשן וועלן הנאה האָבן פון איר ליד — און ווי געזאָגט, מלכה חפץ־טוזמאַן טוט אַלץ, אַז די צאָל פון די אויפנעמער פון איר ליד זאָל נישט ווערן קיין מאַסן־פאַרזאַמלונג — אָבער איך האָב בפירוש הנאה געהאַט פאַרברענגענדיק מיט אירע שורות, מיט איר גערייד, געזאַנג, מיט אירע טראַכ־טונגען און דאַכטונגען, אַפילו דעמאָלט, ווען איך האָב ממש געהערט ווי זי פירט איר טאַלאַנט ביי אַ גאָלדן קייטעלע.

„שאָטנס פון געדענקען" באַשטייט פון דריי סעריעס. אין דער מיטעלער סעריע קומען אירע לידער־אימפּרעסיעס פון איר באַזוך אין מדינת ישראל. די דיכטערין האָט אַוודאי געוווּסט ווי מען שרייבט געווײנלעך די־אָ־לידער וועגן ישראל, מיט די כסדרדיקע קעלבערנע אויסגעשרייען פון פּעטער, סלוני־עדיקער התפּעלות, אָבער זי האָט דעם דרך אויסגעמיטן און אונדז געגעבן אַ סך געדענק־לעכע שורות; די שאָטנס פון געדענקען ליגן בכלל איבער אַלע אירע לידער,

אַפילו אין די לידער פון איר יוגנט, ווו די שאָטנס פון געדענקען מיניען זיך מיט גוטע, ליכטיקע, געדענקלעכע שורות.

כ׳האָב נישט ציטירט, ווייל כ׳וואָלט ציטירנדיק אפשר געווען גענייגט צו נעמען אַ מלמדישן טייטל אין האַנט און אָנווייזן, ווי די גוטע שורות ראַנגלען זיך מיט דער דיכטערינס להכעיס זיך אַליין; מיט איר וויסנשאַפטלעכער טערמי־נאָלאָגיע, וואָס פירט איבער זייער אָפּט איר זעטיקע פשטות. אין אַ ליד פון דער ערשטער סעריע זאָגט די דיכטערין אַזוי:

איך מאַך אין זיך
אַן אַנטי־איך
און לאָז עס הערשן.

אָט דער אַנטי־איך אין איר ליד וועט שטיין אין וועג טייל אויפנעמער פון איר ליד, אַזעלכע דריי שורות זענען שטערערישע שורות, דערפאַר, ווייל דער אַנטי־איך פאַלט שווער אויפן ליד און ווייל אַן אַנטי־איך מאַכט מען נישט; ווייל וועגן אַן אַנטי־איך קען מען נישט זאָגן — און לאָז עס הערשן.

אָבער דער אַנטי־איך איז בפירוש דאָ אין אירע לידער און דער גאָר גוטער לייענער וועט אים מוזן איגנאָרירן. כ׳וואָלט געקענט ברענגען נאָך אַ סך ציטאַטן פון איר געראַנגל, ווי איר זאָג וועגן די ווערטער אירע „אַזעלכענע פולע", וואָס ווילן אַ שאָל טאָן, נאָר זי „באַגייט אַ געוואַלד" (גוואַלט?) זי כאַפּט און „דער־שלינגט זיי גאַנצערהייט". מלכה חפץ־טוזמאַן האָט אויך אַ ליד, וואָס הייסט „אַ מום", וועגן שווייגן וואָס „איז טואונג". ענדיקט זיך דאָס ליד מיט די שורות:

ערשט דאָרטן
מאַך איך אַ מום
אין דיין פּרעכטיקייט, ליבער.

דער גוטער, אויפמערקזאַמער און וואַרעם־אויפנעמענדיקער לייענער וועט זיכער פאַרזען די באַוווּסטזיניקע אָדער אומבאַוווּסטזיניקע געמאַכטע מומים אין טייל לידער און אויפנעמען דאָס בוך „שאָטנס פון געדענקען" ווי די פאַרצייכנטע געדענק־יאָרן אין לעבן פון איינער פון די אָריגינעלסטע יידישע דיכטערינס — מלכה חפץ־טוזמאַן.

19.3.65

## ראָזאַ גוטמאַן

ראָזאַ גוטמאַן איז אַ דיכטערין, וואָס באַלעסטיקט נישט צו פיל דעם לייענער פון פּאָעזיע. זי האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער מיט איבער פערציק יאָר צוריק. איר ערשט ליד איז געדרוקט געוואָרן אין 1920, אין איר געבוירנשטאָט קאָוונע, און פון דעמאָלט אָן האָט זי אַרויסגעגעבן בלויז צוויי ביכער לידער און דאָס דריטע איז אָקאָרשט דערשינען. אָבער די לידער־זאַמלונגען אירע זענען אויך נישט פון די, וואָס לייגן זיך שווער אויפן לייענער. איר ערשטע זאַמלונג האָט זי אַרויסגעגעבן אין בערלין אין 1925, אונטערן נאָמען — „פאַר גאָר נאָענטסטע", דאָס איז געווען אַ העפטל פון גאַנצע צוועלף זייטן. דאָס צווייטע לידער־בוך איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1947, דאָס איז שוין געווען אַ היפּש בוך פון — 31 זייטן, מיטן פּשוטן נאָמען — „לידער". און אָט נאָך קנאַפּע אַכצן יאָר איז ווידער אַרויס איר דריט בוך לידער פון 46 זייטן, אויך אונטערן נאָמען — „לידער".

צווישן 1921 און 1939, ביז ראָזאַ גוטמאַן איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט זי געוווינט אין פיר אייראָפּעישע לענדער, אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניע און ענגלאַנד. פון אירע ערשטע קליינע לידער־זאַמלונגען איז געווען קלאָר, אַז די דיכטערין האָט איינגעזאַפּט דעם אַראָמאַט פון דער פּאָעזיע אין די לענדער, וווּ זי האָט געוווינט, אַפילו זייערע אינערלעכע שפּראַך־ניואַנסן, זי איז אָבער געקומען צו איר ליד אונטער דער השפּעה פון דער רוסישער ליריק.

ראָזאַ גוטמאַן שרייבט זייער פּאָרזיכטיק יידיש און אירע זאַצן זענען צוזאַמענגעשטעלט מיט גרויס איבערלייג, אָבער מען קען נישט זאָגן, אַז זי איז מער היימיש מיט יידישער פּאָעזיע, ווי מיט די לידער פון אַנדערע לשונות.

ראָזאַ גוטמאַן איז אַן אייגנאַרטיקע דיכטערין. זי האָט זיך פיל נישט געביטן, זינט זי איז דערשינען אין דער יידישער פּאָעזיע מיט אירע ערשטע קליינע און געמאָסטענע לידער. נישטאָ ביי איר קיין איין ליד, וואָס זאָל פאַרנעמען אַפילו אַ גאַנץ זייטל. זי האָט גענוג אַ צען־צוועלף שורות פאַר אַ ליד און אַ מאָל זענען פיר שורות אויך פאַר איר גענוג.

איר ליד איז אַ קאָמפּאָזיציע אין איידלקייט, שטילקייט און באַזונדערקייט, כמעט איזאָלירטקייט. זי שרייבט דורכויס לירישע לידער. אַפילו אירע געציילטע צייטלידער זענען לירישע שורות. זי איז נישט ענלעך אויף קיין איינער פון אונדזערע יידישע דיכטערינס און דאָך איז זי דורכויס ווייבלעך, מ׳קען זאָגן מיידלש. אירע לידער פאַרמאָגן אַ באַזונדערן חן פון שעמעוודיקייט, ווי זיי וואָלטן זיך גערויטלט, וואָס מען מוז זיי אַרויסשטעלן, כדי מען זאָל זיי איבערלייענען.

אין נייעם בוך האָב איך איבערגעציילט 34 לידער. יעדער פּאָעט חלומט צו

שרייבן דאָס קליינע געצאַמטע ליד, וואָס זאָל אים געבן דעם פּערפעקטסטן אויס־דרוק, אָבער ראָזאַ גוטמאַנס לידער זענען נאָך קלענער פון קליין — ס׳רעדט זיך דאָ נישט פון דער צאָל שורות — זי האָט איר ליד אויסגעצערט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז זי וועט זיך צו פיל אַנטפּלעקן, אַרויסזאָגן. דערפאַר זענען אין אירע לידער נישטאָ קיין איבעריקע רייד. פאַרקערט, ס׳וואָלט זיך געוואָלט לייענען די שורות, וואָס זי האָט זיי אָוועקגעשאַרט און זיי צוריקגעהאַלטן.

כ׳האָב שוין לאַנג נישט געלייענט אַזעלכע ליבע־לידער ווי די עטלעכע, וואָס ראָזאַ גוטמאַן האָט אַריינגענומען אין איר נייער לידער־זאַמלונג. זיי פאַרמאָגן אַן אייגנאַרטיקן ציטער און אייגענע רייד פון פרוי צו מאַן. ווען כ׳וואָלט נישט מורא געהאַט פאַר דעם אַ ביסל אָפּגעטראָגענעם אויסדרוק — נאָך דערצו אין אונדזער צעפּראַלטער צייט — וואָלט איך געזאָגט, אַז אירע לידער פאַרמאָגן אין זיך אַ צניעותדיקייט פון אמתער ליבשאַפט, וואָס ווירקט נישט ווי אַן אַנאַכראָניזם, נאָר גראָד פאַרקערט. ס׳גיט אַ צאַפּל אויף מיט אמתער דערמאָנונג, ווען ווייטיקדיקע פאַרבענקטקייט האָט געווירקט אויפן לייענער מיט דער מוזיק פון געשלעכטלעכן קעגנזאַץ. וואָס שאַרפער לירישע מאַן־ווייב־לידער זענען, אַלץ מער ווערט אָפּגע־ווישט די גרענעץ צווישן זי און ער און ביידע ווערן איין צוזאַמענגעפלעכט פון אַ דריטן ווילדן געשלעכט.

ראָזאַ גוטמאַן היט זיך פון צו פיל רייד, אָבער זי פאַרמאָגט אַ סך געדאַנקען, וואָס זי זינגט אַריין אין איר ליד. מיט קליינע לידער דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק, מען טאָר זיי נישט לייענען, ווי זיי שטעלן זיך אויס, אין זייער קורצקייט. זיי דאַרף מען זופּן פּאַמעלעך, ווייל אויב מען פרעפלט אָפּ דאָס קורצע ליד, פאַרלירט זיך דער ניגון צווישן שורה און שורה. ס׳רעדט זיך, פאַרשטייט זיך, פון גוטע לידער און פון אַזעלכע לידער ווי ראָזאַ גוטמאַן שרייבט. איר ליד איז אַן אָרי־גינעלער געמיש פון געדאַנקלעכקייט און געזאַנגיקייט. איר געזאַנג איז אויך נישט פון דעם שטייגער געטרילערטער ליריק, וואָס די פיס הייבן זיך צום טאַקט פון דער שורה און פון גראַם. איר מוזיק איז ענלעך אויף איר ליד. ס׳איז אַ צוריקגעהאַלטענע מוזיק, אַ רווישלאָזע. אַזוי זענען אויך אירע געדאַנקען, זיי זענען זייער אָפט טיף אַרויסגעזאָגטע און טיף־דורכגעטראַכטע שורות, אָבער זיי ווערן אַריינגעצאַמט אין ליד און זיי זענען געשריבן אַזוי, אַז זיי זאָלן נישט אַרויסרופן קיין דערשטוינונג, ווייל זיי ווערן אַ טייל פון דעם קליינעם געזאַנגיקן ליד.

שוין איר ערשט ליד פאַרענדיקט זיך מיט אַזעלכע דריי שורות —

צוויי איז מער —<br>
צוויי איז איינס, ווי אַ טרער מיט אַ טרער<br>
ווערט איין טרער.

אויב מען לייענט די שורות גיך און מען שטעלט זיך נישט אָפּ אויף דעם, וואָס די דיכטערין האָט אָפּגעטאָן אין די דריי קורצע שורות, פֿאַרלירט מען דעם וועג צו איר. מען דערשפּירט נישט ווי זי קען געשיקט זאָגן אַן אָריגינעלן געדאַנק, וואָס זאָל גלייכצייטיק קומען פֿון האַרץ און פֿון קאָפּ.

אין אירע משפּחה־לידער פֿאַרגינט זיך די דיכטערין אַ ביסל אַריבערגעגאַ־סענע עמאָציע, אָבער אויך אין אַזעלכע לידער איז זי דער מייסטער. זי שליסט זיי איין אין שורות פֿון זעלטענער בילדלעכקייט. דאָס ליד „שוועסטער מײַנע" הייבט זיך אָן מיט אַזעלכע געדענקלעכע שורות —

> פֿויגל צווײ פֿון איין געפֿעדער
> פּיעשטשען זיך אין טורקיז־גרינע סעדער,
> טוליען זיך אין יעסנדיקע נעסטער —
> איבער ימען איז מײַן שוועסטער.

אָט דער כמעט פֿאָלקס־מאָטיוו ווערט ניי מיט פֿרישער היימישקייט, ווײַל די דיכטערין האָט דעם פֿאָלקס־טאָן דורכגעזונגען דורכן אייגענעם געמיט. אין די לעצטע שורות דערלויבט זיך אַפֿילו ראָזאַ גוטמאַן צו געבן אַ פֿאַרבענקטן אויסגעשריי, וואָס איז זעלטן אין אירע איינגעשטילטע לידער —

> שוועסטער מײַנע, טויב מײַנע, פֿוך פֿון מײַן פֿוך.
> ניגון פֿון מײַן ניגון.

דער אויסגעשריי ווערט אָבער ליב דורך די אויסגעהאַלטענע בילדער פֿון די „פֿויגל צווײ פֿון איין געפֿעדער".

ראָזאַ גוטמאַן האָט אין דעם קליינעם בוך לידער, קליין אַפֿילו אין פֿאָרמאַט, אויך אַ צאָל שוואַכערע לידער, אָבער אומעטום איז די דיכטערין פֿאַראַן מיט איר געמיט און מיט איר אייגנאַרטיקן צוגאַנג צו ליד. דערפֿאַר פֿאַראיבריקט מען פֿון אַלע לידער אַ שורה, אַן אויסדרוק, אַ פֿאַרזונגענעם געדאַנק. דאָס זעלביקע געשעט אויך מיט טייל לידער, וואָס זענען אַזוי דערצערט, אַז זיי לאָזן זיך נישט צו פֿיל פֿאַרשטיין און אויסטייטשן. מען זעט אָבער קלאָר, אַז ווי קורץ דאָס ליד איז, לענט זי צו, אין טייל אַזעלכע לידער, די לעצטע טיר, זי פֿאַרמאַכט זי נישט און זי פֿאַרהאַקט זי נישט דעם לייענער אין פּנים, נאָר ווי שוין געזאָגט, זי לענט זי צו. פֿון אינעווייניק גיט זיך איבער דער לעצטער שעמעוודיקער מיין, אָבער קיינער וועט די טיר נישט עפֿענען און אַריבערגיין די שוועל.

אין בוך זענען פֿאַראַן אַ סך פֿרומע לידער, שמועסן מיט גאָט, וואָס זענען פּונקט אַזוי ליריש ווי אירע ליבע־לידער. אָפֿט מאָל איז שווער צו אונטערשיידן

מיט וועמען די דיכטערין טענהט זיך אויס. אין דעם ליגט דער חן פון אירע אַלע לידער, אירע צייט־לידער, אפילו חורבן־לידער, אירע אינטים־לירישע לידער — אַלע פאַרמאָגן אַ ליבלעכקייט, וואָס זינגט אַרויס פון דער שורה. אַט איז אַן אייגנאַרטיק ליד, וואָס איז געשריבן אין שליסל פון דער דאָזיקער ווייב־לעכער ליבלעכקייט און לייענענדיק אַרט נישט, צי ס'איז אַ צייט־ליד, אַ פּער־זענלעך ליד, אָדער אפשר גאָר אַ נאַציאָנאַל ליד, ווייל אַריינגעגאָסן איז דאָס ליד אין דעם געפעס, וואָס אין אים גיסט שטענדיק ראָזאַ גוטמאַן אירע געזאַנגיק־געדאַנקלעכע שורות. דאָס ליד הייסט — „קום" און מען קען אַזוי אַפילו רעדן צו גאָט אָדער צו משיחן —

איך גיי אַנטקעגן דיינע קומענדיקע טריט
ווי ס'ציט פעלד זיך צו אַ וואַנדערער אַנטקעגן —
עס האַלט מיין שטח מיך, איך ריר זיך ניט,
נאָר פאַר דיר קירצן זיך כסדר מיינע וועגן,
און ווי אַ פעלד, אַ פריש צעאַקערטס נאָכן שניט,
ווער איך זיך נישט קעגן אַן אומריינעם ווי ריינעם קערן,
שטויס איך נישט אָפּ קיין פוס, וואָס טרעט, קיין האַנט וואָס שיט,
און טראָג זיי אויס, די, וואָס איך מוז געבערן.
נאָר אויב עס קומט אַ טאָג, פון האָרדעס ווילדע פערד
צעטראָמפּלט, אַנמאַכטיק און פרוכטלאָז ליגט מיין ערד —
קום מיט דיין הייליקייט, פאַרזאַם זיך ניט,
איך גיי אַנטקעגן דיינע קומענדיקע טריט.

דאָס ליד לייענט זיך ווי אַ תפילה, דער פאַרזאַם זיך נישט איז אַן אומגע־דולדיקער אָפּנייג פון אונדזער יידישער דורותדיקער וואַרטעניש. דאָס ליד איז פול מיט פרוילעכע טענער און מיט אַזאַ ערלעכער שורה — „און טראָג זיי אויס, די, וואָס איך מוז געבערן".

ראָזאַ גוטמאַן האָט אונדז אין איר נייעם לידער־בוך געגעבן צוויי קליינע ישראל־לידער, זענען זיי פון די אָריגינעלסטע, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען. די לידער געהערן נישט צו אַ געוויסער פאַרפלייצעניש ביי אונדז, וואָס איך רוף — „אַ־לידער". אַ ירושלים, אַ תל־אביב, אַ צפת, וואָס אין סך־הכל שטעלן זיי צוזאַמען אַ האַרטע, פאַרוועררטעטע מאַפּע פון דער מדינה. כ'וועל ברענגען אַכט שורות פון איינס פון די צוויי לידער, וואָס הייסן „באַרג פון ישראל" —

עס בליִען דיינע אויסגעשפּרייטע פאַלעס,
יעדער קנייטש פון יום־טובדיקן זייד.

אויף גרייטע טעמעס

דעם הויכן רוקן אויסגעוועלבט אין חלל,
שטייסטו פֿאַר גאָט און לייט.
די לופֿט איז קלאָר, ווי דורכגעזיפּט דורך אַלע זיבן הימלען,
אַז אויסגעהיט אין לויטערקייט זאָל זיין
דער אָפּהויך פֿון אַמאָל־אַמאָל באַרירטע צימבלען,
דער ריח פֿון אַמאָל־אַמאָל פֿאַרגאָסן וויין.

די צוויי חורבן־לידער „ווי קענען מיר?" און „אויב" — אַ טענה צו גאָט — זענען ניי אין אונדזער נאַציאָנאַלער חורבן־אַנטאָלאָגיע. אין די דאָזיקע לידער הייבט אויף די געצאַמטע דיכטערין איר קול. איר איר אויסטענהן זיך מיט גאָט זענען פֿאַראַן אַ,עלכע לוי־יצחקשע שורות —

וועמען שלאָגסטו? גרעזלעך שלאָגסטו מיט אַ שטורעם,
פֿאַר זינד פֿאַר גרעזלשע, פֿאַר סטעזשקעס קרומע,
פֿאַר פֿלאָנטערס פֿינצטערע, וואָס דו האָסט זיי באַשערט,
פֿאַר וואָרצלען ווינציקע, וואָס טוליען זיך צו דר'ערד
אויס ווייטקייטן פֿון דיין פּנים.

די לעצטע שורה איז אַ טיף־רעליגיעזער זאָג, וואָס פֿאַרפֿרומט דאָס גאַנצע ליד.

און אַזאַ איז די דיכטערין ראָזאַ גוטמאַן, זי איז פּיעטעטיש אין אַלע אירע לידער. אָט דער „אָפּהויך" פֿון פֿרומקייט פּירט איר האַנט פֿון שורה צו שורה. אירע קליינע לידער זענען, נישט געקוקט אויף ראָזאַ גוטמאַנס שפּאָרעוודיקן צוטראָג, אַן אָריגינעלער בייטראָג צו אונדזער פּאָעזיע.

2.10.64

# הדסה רובין

הדסה רובין איז אַ באַקאַנטע יידישע דיכטערין, וואָס האָט נאָך אין וואַרשע פאַרעפנטלעכט צוויי לידער־ביכער. איר נײַ בוך לידער הייסט „פון מענטש צו מענטש", און ווו מען זאָל די נײַע זאַמלונג לידער נישט עפענען, וואָסער קורץ ליד מען זאָל נישט אַ כאַפּ טאָן — הדסה רובין שרייבט מייסטנס קורצע לידער — קריגט מען גלייך דעם איינדרוק, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ געבוירענער דיכטערין.

דאָס מיינט נישט דווקא, אַז מען מוז פון איר ליד גלייך הנאה האָבן. אירע לידער זענען גראָד פון דעם מין, וואָס מען דאַרף איינבייסן, אָבער פריִער פון אַלץ ווירקט איר באַציִונג צום וואָרט, סיי ווען זי שרייבט אין גראַמען, סיי אין פרייען פערז, וואָס זי באַהערשט אויך זייער גוט, ווייל זי ווייסט ווי צו געבן די שורות־פאָרעם. כ׳האָב נישט געציילט אירע אומגעגראַמטע לידער אין איר נײַעם בוך — „פון מענטש צו מענטש", אָבער זי האָט זיי אַ היפּשע צאָל און אומעטום דערקענט מען די האַנט פון דער דיכטערין, וואָס לאָזט נישט, אַז די שורות זאָלן זיך צעפליִען, אָדער פאַרקערט — ווערן פאַרגליווערט אין אַ פּראָזע־טעקסט. אירע געגראַמטע לידער האָבן ווידער די מעלה, וואָס די גראַמען פאַרקלינגען נישט דאָס ליד. מען זעט, אַז דער גראַם איז נישט קיין געצוווּנגענער, אויפן חשבון פון די שורות.

הדסה רובין האָט אַ גוטן נאָמען — צווישן יידישע פּאָעטן, פּשוט דערפאַר, ווייל מען דערקענט גלייך, אַז זי איז — פון צעך. כ׳ווייס נישט ווי ס׳באַציִען זיך צו אירע פערזן לייענערס פון פּאָעזיע, צי אויך זיי אינטערעסירט דער פאַקט, וואָס אירע לידער לאָזן זיך גלייך דערקענען ווי פּאָעטישע — סחורה. כ׳נוץ אַזאַ וואָרט ווי סחורה, נישט חלילה, ווייל איך וויל אַרונטערדריקן דעם ווערט פון ליד בכלל, נאָר פאַרקערט, ווייל די באַציִונג פון אינעווייניקסטע מבינים איז אַ באַציִונג פון די חושים און איבער אַלץ פון אויג און אַפילו ממש פון דער האַנט, וואָס רירט אָן די „טעקסטור" פון ליד נאָך איידער מען שליסט נאָענטע באַקאַנט־שפּאַט מיטן שרייבער פון ליד.

שפּעטער ערשט קומט די הנאה פון גאַנצן ליד, פון זיין אינעווייניק. אַפילו ווען דער אינעווייניק זאָל אַנטוישן, איז שוין אַזאַ דיכטער פון אמתער פּאָעטישער סחורה דורכגעגאַנגען די ערשטע פּראָבע. ער איז אַריין אין דער פּראָפעסיע און ער שטייט אויף אייגענע פיס. מען וועט יאָ אָדער נישט וועלן שליסן מיט אַזאַ דיכטער נאָענטע קאַנטשאַפט, אָבער ער איז אַריינגעציילט אין דער בראַנזשע און ער טוט אַלץ, וואָס ער טוט — אויף אייגענער אַחריות.

ס׳קלינגט ווי אַ פּראָזאַישער צוגאַנג צו מלאכה פון ליד — כאָטש מער ווי מלאכה איז נייטיק צו פאַרכאַפּן די ערשטע אויבנאויפיקע דירעקטע מבינות פון אַן אינעווייניקסטן — ס׳איז די גאַנצע רושטאָוואַניע — אָבער אַפילו אַזאַ מעכאַנישער צוגאַנג איז אַ סך מער ווי מלאכה. אדרבא, ס׳גיט זיך קודם און גלייך איבער די נישט־אויסגעלערנטקייט. אַ פּאָעט דאַרף אַ סך לערנען — ביי זיך און ביי יענעם — אָבער זיין כסדרדיק לערנען מוז אַנטוויקלט ווערן אויף אַ גרייטן פונדאַמענט פון איינגעבוירענער אייגנשאַפט, אויף דעם, וואָס מ׳קען זיך נישט אויסלערנען.

כ׳וויל נישט מאריך זיין און אַריינגיין טיפער אין דעם ענין פון אויסגעלערנטע פּאָעטן, אַן אַ פונדאַמענט — און אַזעלכע זענען דאָ געגוג און האָבן אויך זייערע מאָמענטן פון עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג — און ווידער אַזעלכע פּאָעטן, וואָס באַנוגענען זיך מיט דעם, מיט וואָס זיי האָבן באַקומען ווי אַ געשאַנק. די תורה, זאָגט מען, האָט קיין גרונט נישט. מען קען זאָגן, אַז אַלע תורהס האָבן קיין גרונט נישט. פאַראַן פּאָעטן, וואָס שעפּן וויפל זיי קענען, אַנדערע וויפל זיי ווילן און נאָך אַנדערע וויפל זיי פּאַסט צו זייער טאַלאַנט. מען קען אויך אַן אייגענעם טאַלאַנט אַזוי אַוועקלערנען, אַז ער זאָל אין גאַנצן פאַרדעקט ווערן און מען זאָל נישט אַרויסזען דאָס ביסל אייגנקייט. אָבער, ווי געזאָגט, כ׳וויל נישט, אַז מיין הקדמה זאָל ווערן צו שווער פאַר דעם צוגאַנג צו הדסה רובינס לידער און צו איר ניי בוך — „פון מענטש צו מענטש״. גענוג צו זאָגן, אַז הדסה רובין לאָזט זיך גלייך דערקענען ווי אַ דיכטערין, מיט אַ סך ווייבלעכע מעלות אין איר ליד. איר טאָן איז אַ ווייבלעכער און די צוגעקליבענע ווערטער זענען פון אַ פרוי, וואָס זינגט ווי אַ פרוי. כ׳ווייס נישט, צי מען קען אויך זאָגן — ווי אַ ידישע פרוי. בלויז אין איר צווייטער אָפּטיילונג „איבערפּלאַנצונג״ זענען פאַראַן שורות, וואָס מען קען פון זיי אַרויסהערן די ידישע פרוי.

דאָס בוך „פון מענטש צו מענטש״ איז איינגעטיילט אין צוויי סעריעס. די ערשטע הייסט — „אַ תפילה צו זיך״ און די צווייטע — „איבערפּלאַנצונג״ — האָט אַן אויסערלעכן און דאַרף אויך האָבן אַן אינערלעכן מיין. הדסה רובין איז געבוירן געוואָרן אין פוילן און איז געקומען זיך איבערפּלאַנצן אין מדינת ישראל. דער אינערלעכער מיין איז די שווערערע איבערפּלאַנצונג פון אַ לעבן מיט אידעען, וואָס זענען מיט איר נישט אַריין אין ידישן לאַנד. זיי זענען געוועזן איר „דור המדבר״, וואָס איז געבליבן פון יענער זייט. הדסה רובין האָט געהאַט אַ פּאָליטיש לעבן, וואָס זי האָט קאָמבינירט מיט איר פּאָעטיש לעבן. איך האָב אירע לידער פון איר פּאָליטישער עפּאָכע נישט געלייענט. אין דעם נייעם בוך זענען פאַראַן עטלעכע רמזים אויף די „קראַטעס״ און אויף געפינען זיך אַליין אויף דער אָפּגעשלאָסענער זייט פון די קראַטעס. די „איבערפּלאַנצונג״ איז דערפאַר אַ צווייִקע, זי איז געקומען קיין מדינת ישראל זיך איבעראָריענטירן, מיט אַ ווייטיק און אפשר

בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס איז געבליבן ליגן אין גרויסן מדבר פון אויסגעשעטאָר־בענע יידן און אידעאַלן פון אונדזער דור.

אָבער פאַר דעם אַלעם מוז מען אין הדסה רובינס לידער זוכן געשעפּטשעטע ר׳מזים. די דיכטערין וויל אונדז דערציילן איר ביאָגראַפיע אין ליד, אָבער זי איז אַ צווייִקע — און אין אירע לידער זענען פאַראַן דירעקטע פערזן, וואָס ווּנדערן זיך אויף דער אייגענער צווייִקייט. זי וויל רעדן. אָבער אַ צווייטער איך צענזורירט — (ליריזירט?) אירע רייד, לייגט אויף זיי אַרויף אַ פאַרשוויג פון פּאָעטיזירטע שורות, וואָס בלייבן שטיין מיט אַ קוים געעפנט מויל.

דער סוף איז, אַז זי דערציילט אונדז נישט איר ביאָגראַפיע אין ליד. די דאָזיקע „בלאָקירטקייט״ איז אינטערעסאַנט פּסיכאָלאָגיש. אירע לידער וועקן כמעט תמיד אַ נייגיר צו וועלן הערן אירע רייד און נישט בלויז דעם אָטעם פון פאַרשוויגענע ליפּן.

אויף מיר מאַכן הדסה רובינס מייסטע לידער אַן איינדרוק, ווי זי וואָלט געשטאַנען אויף יענער זייט טייך און אַריבערגערעדט צו מיר. כ׳הער רייד, אָבער כ׳כאַפּ זיי נישט, נישט בלויז אינהאַלטלעך, נאָר אויך פּשוט דעם פיזישן ווערט־לעכן צוזאַמענשטעל. ס׳מישן זיך אַריין — דער ווינט, די לופט, דער מרחק, די ליכט, דאָס געזאַנג פון אַ דערווייטערט מענטשלעך קול — און דאָס אַלץ איז פאַראַן אין איר ליד, אָבער די עצם רייד, וואָס זי וויל מיר זאָגן און דערציילן און אַלץ פאַרוואַנדלען אין ליד — דערגייט נישט צו מיר.

און זי וויל זיכער זאָגן און דערציילן און אויסלאָדן, אָבער זי אַליין, די „צווייטע״, דערלאָזט נישט. פלאַטערט איבער דעם דער גרויסער פּרעגצייכן — פאַר וואָס וויל זי אין גאַנצן פאַרגעסן אירע אידעיִשע פריידן און אַנטוישונגען? וויל זי זיי נישט וועקן, ווייל ס׳טוט צו פיל ווי, אָדער, ווייל ס׳איז בכלל גרינגער נישט אַריינצודרינגען טיפער? כ׳נעם זיך נישט אונטער צו פּסקענען, וואָס דיקטירט דער פרעמדער „זי״, וואָס קוקט אַרויס פון שפּיגל, אַז זי זאָל נישט דערלאָזן דער אַנדערער „זי״ קומען צום פולן וואָרט.

און ס׳זענען אַוודאי פאַראַן וווּנקען אויף וועלן זאָגן און דערציילן, טאַקע אין דעם ליד — „ווער איז זי?״

ערשט נעכטן, דאַכט זיך, האָב איך זי באַגעגנט
אויף מילכוועג קלייבן שטערן אין איר קויש,
ווו איז דאָס ליכט, וואָס האָט אויף איר גערעגנט,
און ווו דער ניגון, וואָס האָט איבער איר געררוישט?
כ׳ציִ אויס די האַנט, דעם גרויען קאָפּ צו טרייסטן,
זי שטרעקט צו מיר איר אָרעם ציטערדיק און הייס.
מיין גאָט,

די פרעמדע פרוי — פון וואַנען ווייסט זי,
אַז איך, אויך איך דאַרף איצט אַ טרייסט.

זענען דאָס דערגאַנגענע רייד פון יענער זייט וואַסער, ס׳איז גראָד געווען שטיל און דער ווינט האָט נישט אַלע רייד אַוועקגעטראָגן, אָבער אַפילו דאָ איז אַלץ אַרומגעהילט, מיט אַ „מילכוועג" און מיט „קלייבן שטערן אין אַ קויש" און מיט אַזאַ לעבלעך וואָרט ווי — טרייסט. איז טאַקע טרייסט גענוג פאַר אַ לעבן פון פאַרביטערטן אויפגאַנג? דאָס ליד „ווער איז זי?" ווערט סטראַטעגיש געשטעלט ביי דער טיר פון דער נייער סעריע „איבערפלאַנצונג", וואָס פאַרמאָגט אַזאַ אונטערקעפּל ווי „תל־אביב", לגבי דער ערשטער סעריע — „אַ תפילה צו זיך" מיטן אונטערקעפּל — וואַרשע. צווישן וואַרשע און תל־אביב ליגט, ווי מיר ווייסן ווויל, מער ווי דער מרחק צווישן צוויי שטעט, אַפילו מער ווי געוויינלעכע עליה, ס׳ליגט צווישן זיי, ווי געזאָגט, אַ גאַנצע וויסטעניש, נאָך בעסער, אַ פאַרוויסטעניש פון יאָרן, וואָס ס׳איז נישט שייך זיי צו פאַררעדן מיט „געקליבענע שטערן".

אָבער „געקליבענע שטערן" זענען פאַר זיך גופא אויך אַן ענין און זיי באַלייכטן דעם וועג, וואָס די דיכטערין הדסה רובין האָט פאַר זיך אויסגעקליבן. מען טאָר אפשר נישט פאָדערן פון איר די רייד, וואָס זי וויל נישט זאָגן, אָדער וואָס זי צאַמט זיך — נישט צו זאָגן. מען דאַרף נעמען אירע לידער ווי זיי ווערן אויסגעונגען אין מילכוועג און נישט פאָדערן דאָס טעלערל פון הימל.

און הדסה רובין איז אַ זינגערין. נישט תמיד נעמט מיך איר געזאַנג, אָבער כ׳הער אין איר געזאַנג אַן אייגן קול. דאָס הערט מען בפירוש כמעט אין אַלע אירע לידער, אַפילו אין די טריוויאַלסטע, אין זיי געפינט מען אויך תמיד אַ שורה, אַ וואָרט, אַן אייגענעם דריי, וואָס ווייזט, אַז הדסה רובין האָט אַזוי אויסגעקליבן איר וועג אין דער יידישער פּאָעזיע.

זיין אַזוי שטאַרק,
ס׳זאָל קלעקן מיר כוח צו בלייבן פאַראייגזאַמט,
אויב ס׳האַרץ וועט זיך אָפּזאָגן דינען דעם שכל.
קיין מחילה נישט בעטן
ביי זיך, נישט ביי קיינעם,
נישט בעטן ביי זיך, נישט ביי קיינעם קיין שמייכל.
פאַרהיטן די שיין, וואָס פאַלט אויס אויף מיין חלק,
צו קענען מיט איר ווי מיט ברויט זיך צעטיילן.

מיר געפעלן אַזעלכע שורות, ווייל אין זיי איז אפשר פאַראַן אַ שליסל צו די צוזאַמענגעפרעסטע ליפּן, ווייל זיי ווילן נישט בעטן קיין מחילה — נישט ביי זיך,

נישט ביי קיינעם. אָבער פּאָרט זענען מיר אַזעלכע שורות נענטער ווי די „גאַלאַנ־טעריע״ פון „מאַך מיר פון וועסנע אַ שנירעלע קרעלן״. מיר געפעלן הדסה רובינס מאַמע־, באָבע־ און קינדער־לידער.

„איבערפלאַנצונג״, וואָס וואָלט אפשר באַדאַרפט זיין די שטאַרקערע סעריע, איז שוואַכער פון דער וואַרשעווער. פון דעסטוועגן איז דאָרט פאַראַן אַ זעלטן ליד, וואָס איז דאָס ידישסטע אין בוך. דאָס איז — „אומרו־ערד״. ס׳איז אַ ליד, וואָס זינגט זיך און זאָגט זיך אַרויס פון די ערשטע שורות, ביז אַזעלכע שורות, אין דער לעצטער העלפט פון ליד —

ערד פון אומרו,
זיי קומען נאָך רו
פון די גריבער און רויכן אַרויס,
די חשבונות פון נעכטן אַ פלאַם
אויסגעגלייכט האָט פון לאַנג און פאַרברענט,
בלויז איין חשבון, אַ בלוטיקער, גליט
אין פאַרגליווערטע זייערע הענט,
און מיר דאַכט זיך, איך זע אויף דיין פעלד
ווי סע זאַנגלט זיך גרין זייער בלוט.

סע זאַנגלט זיך — איז אַ טעלעסקאָפּירט וואָרט־בילד, וואָס זאָגט עדות, אַז ס׳זינגלט זיך און זאַנגלט זיך אין הדסה רובינס פּאָעטישן וואַרשטאַט, אין איר נייער גייסטיקער איבערפלאַנצונג.

14.5.65

## חוה ראָזענפּאַרב

כ׳ווייס נישט וועמענס שולד עס איז, וואָס די דיכטערין חוה ראָזענפּאַרב איז דערוווייטערט געוואָרן פון דעם נאַטירלעכן שטראָם פון דער יידישער פּאָעזיע. אמת, די דיכטערין וווינט שוין אַ לענגערע צייט אין קאַנאַדע, אָבער קאַנאַדע איז נישט אויף אַזוי פיל ווייט פון דער היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע, אויף וויפל חוה ראָזענפּאַרב ווייזט עס אַרויס אין אירע לידער. אין קאַנאַדע גופא איז פאַראַן אַ קרייז יידישע פּאָעטן, מיט מלך ראַוויטשן בראש, וואָס דיכטעריש שטעלט ער מיט זיך פאָר דעם עוואָלוציאָנערן און רעוואָלוציאָנערן גאַנג פון דער יידישער פּאָעזיע אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט. די דיכטערין חוה ראָזענפּאַרב האָט אויך גוט געקענט י. י. סיגאַלן, וואָס האָט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס אַ גרויסע יידישע פּאָעטישע משא פון ניי־לשון און געזאַנג.

ס׳איז דערפאַר אַ גרויס וווּנדער ווען מען לייענט די נייע לידער פון חוה ראָזענפּאַרב און מען זעט איין, אַז זי איז איזאָלירט פון צענטער און אַז ערגעץ־ווו אין דער זייט זינגט זי אירע לידער, וואָס האָבן ווייניק צו טאָן מיט דער אַנט־וויקלונג פון יידישן ליד. איז עס באַוווּסטזיניקע איזאָלאַציע ?

ס׳קען אפשר זיין אַז ס׳איז אַזוי, אַ ס׳איז אַ באַוווּסטיניק אויסגעקליבענער דרך, ווייל לויט איר טעמאַטיק און לויט אירע געזאָגטע רייד, און אירע איבער־געקליבענע פערזן, ווייזט חוה ראָזענפּאַרב, אַז איר זענען נישט פרעמד די גע־דאַנקען און טראַכטענישן פון דעם היינטצייטיקן מענטש, פון דער היינטצייטיקער פרוי. זי קען דורכטראַכטן אַ געדאַנק פון די ערשטע פערזן און דערפירן ביזן סוף. זי באַאַרבעט אַלע אירע לידער, פון די קליינע ביז די גאָר גרויסע, ווי אַ זיך־אַליין־געגעבענעם אויפגאַב. זי ווייזט אַרויס גרויס בריהשאַפט מיט געקלאַנג און גע־קלימפּער פון פערזן־טאַצן. מ׳קען דערפאַר אָננעמען, אַז זי האָט פשוט באַשלאָסן זיך צו דערווייטערן פונעם נייעם יידישן ליד. אין איר בוך קען מען דערקענען, אַז זי האָט מיט דעם נייעם ליד פּאַקטיש אין גאַנצן קיין שייכות נישט. מען דאַרף עס אפשר זאָגן פאַרקערט: אין איר ניי בוך לידער וואָס חוה ראָזענפּאַרב האָט אַ נאָמען געגעבן „אַרויס פון גן־עדן״, אויפן נאָמען פון אַ לאַנגער פּאָעמע אין איר לעצטער לידער־סעריע, הערט מען נישט דעם צוזאמענזינג מיט דער איצטיקער לעבעדיקער יידישער פּאָעזיע, און כ׳וואָלט געזאָגט, אַפילו נישט מיט די לידער פון די „יונגע״.

מען קריגט אַפילו דעם איינדרוק לייענענדיק דאָס בוך, אַז די דיכטערין האָט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו דער וועלט־פּאָעזיע פון אונדזער צייט — און ווען

כ׳זאָג אונדזער צייט, מיין איך נישט דווקא דעם לעצטן צאַפּל, נאָר ס׳רעדט זיך פון לידער, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם נאָכמלחמה־פּעריאָד.

חוה ראָזענפאַרב איז אַ קינד פון אָט דער תקופה, ממש דיכטעריש געבוירן געוואָרן פון דעם שווידער און די יסורים פון אָט די יאָרן. זי האָט דורכגעלעבט דעם גאַנצן גרויל, געראַטעוועט געוואָרן און אַרויס פון אומגליק מיט אַ בוך לידער פון באַדייטנדיקן צוזאָג. אין איר ערשט בוך, וואָס זי האָט אונדז אונטערגעטראָגן נאָכן חורבן, האָבן מיר געלייענט אַ צאָל טיף־דורכגעליטענע פערזן. די דאָזיקע יידישע לידער פון אַ יונג מיידל זענען סיי ווי געווען אַ נס, פון יענע ניסים אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס זענען נאָך נישט גענוג אויסגעפאָרשט געוואָרן; עס איז אוממעגלעך צו באַגרייפן ווי אַזוי יונגע בחורים און יונגע מיידלעך האָבן אין די געטאָס אויפגעהאַלטן די עשירות און דעם דיסציפּלינירטן זכרון פון יידישן וואָרט.

חוה ראָזענפאַרב איז געוואָרן אַ נאָמען אין דער יידישער נאָכחורבן־פּאָעזיע און מען האָט געוואָרט אויף אירע ווייטערדיקע לידער מיט דער דערוואַרטונג, וואָס אירע ערשטע לידער האָבן פאַרזיכערט און צוגעזאָגט.

אָבער ווייזט אויס, אַז עפּעס איז געשען אַ ברוגז צווישן איר און דער גאַנצ־קייט פון דער יידישער פּאָעזיע. אירע נייע לידער זענען ווי אַן עקשנותדיקער אַרויסרוף צום יידישן ליד: אַזוי וויל איך שרייבן! ווי ס׳האָבן געשריבן און געזונגען א. ליעסין, מאָריס ראָזענפעלד, אברהם רייזען, דער יונגער יהואש. פאַראַן אין איר נײַ בוך עכאָס פון מאַנגער און אַפילו פון לוצקי. אָבער דערמיט שליסט זיך איר באַוווסטזיניקער קרייז פון פּאָעטישער באַקאַנטשאַפט. דאָ רעדט זיך נישט פון דירעקטע השפעה, אָדער פון נאָכמאַכעריי. אין יעדן פּאָעטס לידער קען מען דערקענען מיט וועמען ער חברט זיך, מיט וועמען ער זינגט זיך צוזאַמען. חוה ראָזענפאַרבס בוך איז דערפאַר אַ ספּעציעלע דערשיינונג אין דער יידישער פּאָעזיע, מיט דעם צוריקרוף פון דעם עלטערן יידישן ליד — אין קלאַנג, געזאַנג, און אַפילו זייער אָפט מיטן וואָרט.

איר בוך „אַרויס פון גן־עדן" איז איינגעטיילט אין זיבן סעריעס. גלייך אין דעם אַריינפיר־ליד ווערט געשטעלט דער טראָפּ אויף די ערשטע טריט פון יידישן ליד. זי זינגט צום זינגפויגל און זי פרעגט אים —

וואָס־זשע איז דיר, פויגל ליבער,
פּרינץ פון זיידענעם געזאַנג?
ווּהין קוקסטו דאָס אַריבער
און וואָס איז דיין ניגון באַנג?

כ׳בין זיך משער, אַז חוה ראָזענפאַרב האָט — נישט אַנדערש ווי באַוווסטזי־ניק — אויסגעקליבן זיך אויסצוטענהן מיט אַ זינגפויגל און אים אינטערוויוירן

מיט אַזעלכע גראַמען ווי „זיידענער געזאַנג" מיטן „ניגון באַנג". ביים זינגפויגל פרעגט אויך די דיכטערין, פאַר וואָס ער האָט נישט מקיים געווען זיין צוזאָג — „די נאַכט באַזינגען מיט התפעלותדיקע רייד". דער זינגפויגל ענטפערט —

כ'האָב געזאָלט, מיין קינד, איך ווייס עס.
נאָר מיין ניגון פאָלגט מיך נישט.
נעם דאָס האַרץ און כאַטש צערייס עס,
נאָר אַזאַ איז מיין געמיט.

בלויז ווען מען נעמט אָן, אַז די דיכטערין וויל אונדז באַוווּסטזיניק געבן די דאָזיקע נייע איבערסטיליזאַציע פון אַלטע ווערטער, אַלטע גראַמען, אַלטע בילדער און אַלטע התפעלותדיקע רייד, קען זיך שאַפן אַ געוויסער צוגאַנג צום בוך, ווי ס'זענען דאָ גענוג סימנים, אַז חוה ראָזענפאַרב טוט איר פּאָעטישע אַרבעט מיטן קלאָרן וויסן, אַז זי וויל דווקא אַזוי. אין איר בוך זענען אויך פאַראַן גענוג באַווייזן, אַז אַפילו אין ראַם פון אַלטן, געלינגט איר צו איבערראַשן מיט שורות און בילדער.

מען מוז דערפאַר אָננעמען, אַז חוה ראָזענפאַרבן איז פּסיכיש פרעמד דאָס נייע יידישע ליד, אַז זי האָט עס דערפאַר ווייניק געלייענט און ווייניק אין זיך אַריינגענומען. זי שפּירט זיך אַ סך באַקוועמער אין דער סימפּליציטעט פון דער עלטערער יידישער פּאָעזיע, אַפילו אין אירע ליבע־לידער.

אַ שאָד נאָר די פינגער, די קאַלטע,
וואָס בענקען נאָך דיינס אַ באַריר,
אַ שאָד נאָר די טרערן פאַרשפּאַרטע,
וואָס וואַרטן און וואַרטן אויף דיר.

די ערשטע זאַך, וואָס מען וויל לייענען ביי אַ יונגער דיכטערין, זענען אירע פערזענלעכע לידער, און אויב זי שענקט אונדז נאָך ליבע־לידער, וויל מען אַוודאי זען ווי אַזוי די דיכטערין „צענעמט" און וואַרעמט אָן די דאָזיקע טעמע, אָבער חוה ראָזענפאַרב רייצט זיך ממש מיט אונדז און זי זינגט אויס „ליבשאַפט" — אַזוי הייסט איר סעריע פון ליבע־לידער — מיט אַזעלכע פערזן —

נישטאָ מער אויף וועמען צו וואַרטן —
אויף דעכער הענגט שוין די נאַכט.
געקומען זענען שוין אַלע באַנען,

נאָר קיינע האָט דיך נישט געבראַכט.

— — — — — — — —

נישטאָ מער אויף וועמען צו האָפן —
דו ביסט אַן אילוזיע געווען
איצט דאַרף מען בלויז לייגן זיך שלאָפן,
ווי קיין מאָל וואָלט גאָרנישט געשען.

זי האַלט זיך נישט צוריק פון ענדיקן אַ ליבע־ליד מיט אַזאַ קוריאָזן גראַם־קלאַנג:

וואָלט בעסער געווען זאָלסט שוין קומען —
מיין גוף זאָל שוין זיין זאַלבעצווייט,
כאָטש זי, מיין אַליינע נשמה,
זי איז מיט איר אומעט אַלראַיט.

נאָך דעם ווי מיר האָבן געלייענט ליבע־לידער און פרויען־לידער פון ציליע דראַפּקין, ראַשעל וועפּרינסקי, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, רחל קאָרן, רייזל זשיכלינסקי, רבקה באַסמאַן, ראָזע גוטמאַן, מלכה לי און אַ צענדליק אַנדערע, זענען אַזעלכע ליבע־לידער אפשר אַלראַיט, ווען מען נעמט זיי אויף, ווי כ׳האָב פרי׳ער געזאָגט, ווי סטיליסטישע קאָמפּאָזיציעס אין אַלטן סטיל, וואָס די דיכטערין האָט פאַר אונדז דווקא און אפשר גאָר טראַציק געוואָלט אויפשפּילן. ס׳גלייבט זיך נישט, אַז חוה ראָזענפאַרב האָט פון זיך געשריבן אַזעלכע לידער, פון אייגענעם געמיט.

אין איר בוך איז פאַראַן אַ ליד, וואָס איז ממש קלאַסיש, הן אין אופן ווי דאָס ליד איז אויסגעזונגען, הן מיט די אָריגינעלע בילדער און מיט דער צוגע־פּאַסטער מוזיקאַלישקייט. כ׳וועל ברענגען בלויז צוויי פערזן, וואָס וועלן ווייזן ווי די דיכטערין האָט איינגעהערט אין זיך דאָס מוראדיקע זוכן.

פון מאָך פון אַליינקייט געבויט איז דאָס הויז
און נאַכט איז דער נאָענטסטער שכן.
דאָס איינציקע ליכט וואָס דאָ בלאָנדזשעט אַרום,
איז ס׳ליכט פון די פינגער, וואָס זוכן.

דאָס הויז פון די בלינדע האָט טירן פון צער
און יעדער — אַן אָנגעשפּיצט אויער.
די פענצטער, ווי פידלען, פאַרשוויגענע לאַנג,
געקרייציקט אויף סמיטשקעס פון טרויער.

בלויז די לעצטע שורה איז אַ ביסל מטושטש אין בילד, אָבער אַזעלכע שורות, אַז „דאָס איינציקע ליכט, וואָס בלאָנדזשעט אַרום, איז ס'ליכט פון די פינגער, וואָס זוכן" — זענען ווערט אַ סך נישט געראָטענע שורות, וואָס מען געפינט אין בוך.

מען קען אין בוך אָפּקלייבן אַ צוויי צענדליק גוטע לידער. אין די ראַמען פון פאַרעלטערטער פּאָעזיע איז אין זיי פון דעסטוועגן אויך פאַראַן אַ סך אייגנס, און דאָ און דאָרט בליצנדיקע שורות, וואָס לייכטן אַריבער די רייד. חוה ראָזענפּאַרב ליידט פון צו פיל בריהשאַפט. זי האָט אַ סך ווערטער און זי נוצט זיי צו אָפט, ווען אַ צווישנשוויַיג וואָלט געווען אַ סך בעסער. זי טאָקט צו פיל אויס אַ טעמע. אַ ליד דאַרף שאַפן דעם איינדרוק, אַז אַלץ איז געשאַפן געוואָרן צוזאַמען — וואָרט, מוזיק, געדאַנק, געפיל; מען דאַרף דערשפירן, אַז דער פּאָעט האָט אַלץ געהאַלטן צוזאַמען און באַמייסטערט, אָדער מען מעג אויך זען ווי די טעמע, דער רויער אינהאַלט אַנטלויפט פון פּאָעט און עס בלייבט פון אינהאַלט נישט מער ווי אַ קוימלעכער עכאָ, וואָס בלאָנדזשעט אין ליד.

ביי חוה ראָזענפּאַרב דאָמינירט די טעמע צו שטאַרק, זי סובאָרדינירט דאָס מיסטישע אין ליד, דאָס נישט־באַשיידלעכע — צום אינהאַלט, און דערפאַר באַקומט זיך אָפט אַ ליד געשריבן פאַר כרעסטאָמאַטיעס. דער רעזולטאַט איז, אַז אַפילו לידער מיט אַן אַזוי געראָטענעם קאָמפּליצירטן אינהאַלט ווערן אָפט שול־מעסיק. כ'האָב דערפאַר וויניקער פון אַלץ הנאה געהאַט פון אירע לענגערע דע־קלאַמאַטאָרישע לידער, די אויסטייטשעוודיקע פון ביבלישע אַלעגאָריעס.

אַ גוט ליד איז — „איך וואָלט אַריינגעגאַנגען אין אַ שולכל". ס'איז אַ ליד פון אייגענעם געמיט און דערפאַר פאַרמאָגט עס אויך אַן אייגענע מוזיק.

אַ שיין ליד, ווי „די הענט פון מיין שוועסטער" הייבט זיך אָן מיט אַזעלכע גוטע שורות.

ס'צעוויקלען זיך באַגינענס די הענט פון מיין שוועסטער,
ווי בלומיקע בעכערס דערוואַכטע פון דרימל.
ס'צעגיסט אַזוי באַנג זיך אויף הענט פון מיין שוועסטער
די בענקשאַפט צעבלויטע פון לויטערן הימל.

די פיר גוטע שורות פאַרמאָגן אַ פּגם — דאָס פאַרעלטערטע וואָרט „באַנג"; אָבער מען קען דאָס דאָזיקע וואָרט מוחל זיין, צוליב דער גאַנצער איינגעגעבענער מוזיק פון פערז. אָבער אין דריטן פערז שאַפט שוין די דיכטערין נישט קיין בילדער, נאָר — גוזמאות.

ס'ליגט יאָמער פון פידלען אויף הענט פון מיין שוועסטער,
דער ברויז פון קלאַווישן — אויף פינגער אויף דיגע,

און יעדער איר גלעט רופט אַ פּליטן־אָרקעסטער;
און יעדער באַריר ווערט אַ האַרפּישע סטרונע.

ווען מען זאָל זיך טאַקע וועלן פֿאָרשטעלן אַזאַ פּרוי, וואָס גיט אַרויס פֿון זיך אַ.וי פֿיל מוזיקאַלישן „ברויז״, וואָלט מען געמוזט היטן די אויערן.

נאָך אַ גוט ליד איז „בריקן״; אָבער ווידער אַ מאָל אין דעם ליד רייסן זיך אַריין אַזעלכע צו־פֿאָלק־לידערישע שורות:

אָ, דאָרט וואָלט איך גערן געגאַנגען שפּאַצירן
מיט דעם, וואָס איז ליב מיר און נאָענט צו מיין לעבן;
און כ׳וואָלט מיט מיין ליפּ זיינע ליפּן באַרירן;
אַן אָנדייט פֿון ניגון, וואָס טוט אין מיר וועבן.

צו די גאָר גוטע און אָריגינעלע לידער אין בוך געהערן אויך — „גאָלדפיש, דו שטאַרבסט״ און „אַ קלייד פֿאַר מיין קינד״. פֿון חוה ראָזענפֿאַרבס גוטע לידער איז קלאָר, אַז זי פֿאַרמאָגט אַ סך פּאָעטישע מעלות, און ווען מען לייענט אירע גוטע לידער פֿאַרדריסט אַזש, פֿאַר וואָס זי איז אַזוי אָפּגעריסן — ביודעים, אָדער בלא יודעים — פֿון דער מאָדערנער פּאָעזיע נישט נאָר יידישער, נאָר אויך פֿון דער נישט־יידישער.

6.2.66

# די דערציילערין שרה האַמער־דזשאַקלין

אין דער אַמעריקאַנישער ליטעראַטור אונטערשיידט מען צווישן דער קורצער דערציילונג און דער קורץ־קורצער דערציילונג און זייער זעלטן ווערן אַזעלכע דערציילונגען געשריבן פון באַקאַנטע שרייבער און נאָך זעלטענער געזאַמלט אין בוכפאָרעם. ביי אונדז האָט מען די דאָזיקע פאָרעם גערופן — סקיצע און דער גרעסטער מייסטער פון דעם שטייגער דערציילונג אין דער יידישער ליטעראַטור, איז געווען — אברהם רייזען. ער האָט געהאַט אַ סך תלמידים און אין די יידישע צייטונגען אין אייראָפּע און אין אַמעריקע זענען סקיצן געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, און דערציילער זענען אויך באַקאַנט געווען ווי סקיצן־שרייבער.

לעצטנס זענען די דאָזיקע קורץ־קורצע דערציילונגען געוואָרן זעלטענע געסט אין יידישע צייטונגען און אין זשורנאַלן. אונדזערע בעלעטריסטן דרוקן מייסטנס לאַנגע דערציילונגען, וואָס מאַכן גיכער דעם איינדרוק פון קאַפּיטלען פון נאָוועלן. צווישן די געציילטע, וואָס פּראַקטיצירן נאָך די קונסט פון דער קורץ־קורצער דערציילונג איז — שרה האַמער־דזשאַקלין.

ביי אונדז איז מען נישט געוווינט צו ציילן די ווערטער פון אַ דערציילונג, אָבער רעדנדיק מיט דער מאָס פון ווערטער, קען שרה האַמער־דזשאַקלין אין וואָסערע פּופצן הונדערט ווערטער אַריינקלאַמערן אַן אינטערעסאַנטע צענטראַלע טעמע און אַפילו שאַפן אַרום דעם אַ דראַמאַטישן קאָנפליקט. די שרייבערין איז אַ מאָל געווען אַן אַקטריסע און איר ציט צו דראַמאַטישע סיטואַציעס, וואָס זי נוצט אויס זייער געשיקט אין דערציילונגען, וואָס פאַרנעמען עטלעכע זייטלעך. אין איר נייסטן בוך — „שטאָט און שטעטל“ זענען פאַראַן בלויז אַ פיר־פינף דערציילונגען וואָס שטייגן אַריבער די מאָס פון דער קורץ־קורצער דערציילונג.

„שטאָט און שטעטל“ איז שרה האַמער־ד,שאַקלינס דריט בוך. זי האָט פאַרעפנטלעכט איר ערשטע דערציילונג מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק און איר ערשט בוך — „לעבן און געשטאַלטן“ איז דערשינען מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק. דאָס צווייטע בוך — „שטאַמען און צווייגן“ האָט שרה האַמער־דזשאַקלין אַרויסגעגעבן מיט אַ צען יאָר צוריק. דאָס נייסטע בוך ווי די פריִערדיקע צוויי ביכער, איז בלויז אַן אָפּקלייב פון די צענדליקער דערציילונגען, וואָס זי האָט פאַרעפנטלעכט אין צייטונגען און אין זשורנאַלן. אין „שטאָט און שטעטל“ האָט די דערציילערין אונדז געגעבן אָפּגעקליבענע 21 דערציילונגען און זיי זענען פון די בעסטע, וואָס שרה האַמער־דזשאַקלין האָט געשריבן. זי איז געקומען זייער יונג קיין קאַנאַדע, שפּעטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער דאָס שטעטל לעבט נאָך אין איר און זי באַ־

שרייבט איר קינדהייט מיט אַ זעלטענער געדענק־פרישקייט. ווייניק יידישע שרייבער גייען לעצטנס אַזוי ווייט צוריק צום קליינעם יידישן שטעטל, צו זיין שטייגער, גייסטיקן קלימאַט, טאָג־טעגלעכקייט און גאַלעריע פון משפּחה־מיטגלי־דער, ווי שרה האַמער־דזשאַקלין. אירע שטעטל־דערציילונגען פאַרמאָגן עטלעכע מעלות מיט אַ מאָל. זיי זענען באַזונדערע קליינע דראַמעלעך און זיי לייענען זיך אויך צוזאַמען ווי קינדער־זכרונות, ווי אינטערעסאַנטער אויטאָביאָגראַפישער מאַטעריאַל. מיר באַקענען זיך מיט איר זיידע־באָבע, פעטערס און מומעס און שוועסטערקינדער. שרה האַמער־דזשאַקלין לעבט־אויף אין אירע סקיצירטע דער־ציילונגען קליינע קאָמעדיעס און טראַגעדיעס פון שטעטל. די שרייבערין לעבט עס אַלץ אַרויס פון זיך, ווי ס׳וואָלט אויך געווען איר ביישטייער צו אונדזער חורבן־כראָניק. זי באַנוצט זיך נישט מיט קיין עפעקטן, די טעמע אַליין און די קאָנפליקטן צווישן יונג און אַלט, גיבן איר קורצער דערציילונג די רעאַליטעט פון אמתדיקן צוריקרופן די שטעטלשע לופט און שטעטלשע געשטאַלטן.

אַ שאָד בלויז, וואָס די דערציילונגען, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשידענע צייטונגען זענען נישט בעסער צוגעגרייט געוואָרן צו דער גאַנצקייט פון בוך. די באָבע הייסט חיה־טייבעלע, אָבער אין אַן אַנדער דערציילונג, בייט זיך איר נאָמען אין דער זעלבער דערציילונג. אין אַזאַ ביאָגראַפישן מאַטעריאַל האָבן די פּערזאָנען פון דער משפּחה־דראַמע געמעגט אַנהאַלטן זייערע נעמען, בפרט ווען די דערציילערין הייסט תמיד — שרהלע. עס זענען אויך איבערגע־חזרט געוואָרן בילדער־שילדערונגען און אַפילו זיידעשע שפּיצלעך, ווי באַהאַלטן אַ לעפל אין תפילין־זעקל, וואָס מען טרעפט עטלעכע מאָל אין פאַרשידענע דערציילונגען.

ס׳איז נישט בלויז דער פאַקט, וואָס די שרייבערין איז געקומען זייער יונג קיין אַמעריקע, וואָס רופט אַרויס פאַרווּנדערונג וואָס דאָס אַלטשטעטלשע לעבט אַזוי אין איר, נאָר אויך די גאַנצע היים־שילדערונג, וואָס איז געזען דורך קינדע־רישע אויגן. טייל דערציילונגען לייענען זיך ווי ערשטע זייטלעך פון פריִע קינ־דער־זכרונות. דאָס לשון איז אויך היימיש־יידיש און גוט צוגעפּאַסט פאַר דער פּליסיקער דערציילערישקייט.

„שמחהלע שוחט״ איז אַ דערציילונג, וואָס אין איר איז אַפילו פאַרוויקלט מאָדערנע קינדער־פּסיכאָלאָגיע, אָבער די שרייבערין פאַרלויפט זיך נישט דעם וועג, נאָר זי דערציילט מיט תמימות.

„אַ חתונה אין פשעדבאָרזש״ איז גוטער דערמאָנונג־מאַטעריאַל. די חתונה ווערט געשילדערט אין איר גאַנצער נגידישער ברייטקייט און צום סוף קומט אַן אומגעריכטער פינאַל. פון די בעסערע דערציילונגען אין בוך איז — „מיין באָבעס גאָלדענע קייט״. די באָבע טיילט־צו גאָלדענע רינגלעך פון איר קייט די אייניקלעך. די דערציילונג פאַרמאָגט שטאַרקן דראַמאַטישן מאַטעריאַל און זי פאַרבינדט די

קינדהייט מיט די פאַרלאָפּענע שפּעטערדיקע יאָרן, ווען דאָס „קינד״ קריגט ערשט אָפּ די צוגעזאָגטע מתנה פון דער באָבעס גאָלדענער קייט, ווי אַ קמיע קעגן די עראָפּלאַן־סכנות.

„אברהמלע צדיק״ איז אַ צוריקרוף פון די כמעט פאַרגעסענע פאָטער־און־זון שאַרפע קריגערייען. ס׳איז איבערגאַנג־צייט אין שטעטל און דער זכרון ברענגט צוריק יענע מאָמענטן, ווען דער אַרבעטער איז געוואָרן אַ קלאַס און אָנגעהויבן וועקן די שטאָט; אגב איז „אברהמלע צדיק״ פון די לענגערע דערציילונגען אין בוך.

אַ שטעטלשע קאָמעדיע ווערט געשילדערט אין דער קורצער דערציילונג „בידניצער דיבוק״, וואָס וואַרפט אָן אַ שרעק אויף קינדער און „אָרגאַניזירטע״ בעטלערס, ביז די אויפגעוואַכטע יוגנט פון שטעטל טרייבט דעם דיבוק אַרויס.

די „מומע טייבעלע״ איז אַ גוט־געשילדערטער זעלטענער טיפּ פון אַ יידענע, וואָס עס ציט איר רק צום טויט און ווי זי לעבט־אויף אין נאָענטשאַפט מיטן טויט; ווי זי צעבליט זיך ערשט, ווען זי באַזעצט זיך אויף יענעוועלטישער ערד. אגב איז די „מומע טייבעלע״ פון די בעסטע מוסטערן פון דער קורץ־קורצער דערציילונג. יעדע שורה איז עקאָנאָמיש און צום פונקט און ברענגט אַרויס בולטער דאָס געשטאַלט פון דער ווייטער קרובה, וואָס די גאַנצע משפחה רופט זי — מומע. אַ געלונגענע קורצע דערציילונג איז אויך „מיין באָבע האָט חתונה״. די באָבע, די אלמנה, גייט קעגן ווילן פון אַלע קינדער און זי בויט ערשט איר צוקונפט. זי פאַרמאָגט אַפילו די גבורה צו פאַרלאָזן איר גאַנצע משפחה און אַוועקפאָרן מיט איר זיווג קיין ארץ־ישראל. אין די דערציילונגען פון דער גרויס־שטאָט איז אויך פאַראַן דער קלימאַט פון דערציילטע זכרונות. די געשטאַלטן זענען מייסטנס פון יענע צייטן, ווען שרה האַמער־דזשאַקלין האָט ערשט באַנומען און „איינגענומען״ די שטאָט, נאָך דעם ווי זי האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. „מיסטער דזשאָו״ געהערט צו די פּרי׳ע שאַפּ־געשטאַלטן; אַן איינזאַמער מענטש, וואָס לעבט זיך אויס אין אַ חלום און דער שאַפּ־פאָרמאַן טרייבט אים מיט זיין חלום צום אומפאַרמיידלעכן סוף.

אַ „פּעט״ געשטאַלט איז „יעקעלע פּאָלקאָווניק״. ער איז אויך אַן אַמאָליקער טיפּ פון אַ טעאַטער־„פּאַטריאָט״. ער ראַנגלט זיך צווישן מגושמדיקער תאווה און געשוווירענער געטריישאַפט צום סימבאָל פון אַמאָליקן יידישן טעאַטער — דאָס באַהאַלטענע ביסל לאָיאַליטעט צו זיין אייגענער יונגט טרי׳ומפירט.

אין די קורצע דערציילונגען פון דעם טייל פון בוך, וואָס שרה האַמער־דזשאַקלין רופט — שטאָט, ווערט אויך אומעטום אויפגעכאַפּט אַ באַזונדערע טעמע, אַ קאָנפליקט, אַ פּראָבלעם. די שרייבערין מאָראַליזירט נישט, אַחוץ אפשר אין איין דערציילונג „צוויי פריינדינס״, ווו די מאָראַל פון דער דערציילונג איז אַן

אַלטע: ס'לוינט זיך נישט צו זיין קיין שטאַרקע און פאַרעקשנטע קלייבערין פון התנים, ווייל דער סוף איז, אַז מען פאַרשפעטיקט.

דאָס בוך „שטאָט און שטעטל" שליסט זיך מיט אַ שטעטלשער דערציילונג — „ווען מיין שטעטעלע האָט געוויינט", מיטן טויט פון ראַדאָמסקער רבין. די דאָזיקע דערציילונג איז ווידער אַרויסגענומען פון זכרון־אוצר און פאַרענדיקט די פאַר־בינדונג צווישן שטאָט און שטעטל, אין דעם געקייטלטן קינסטלערישן אויטאָביאָ־גראַפישן מאַטעריאַל פון דער גוטער דערציילערין שרה האַמער־דזשאַקלין.

17.1.65

# „אין לאַנד ישראל" פון רחל אויערבאַך

רחל אויערבאַך איז געקומען קיין ישראל אין 1950 און דורך דער צייט האָט זי זיך קונה־שם געווען מיט אירע ביכער וועגן חורבן, וואָס זענען דערשינען אויף יידיש און עברית. דאָס נייסטע בוך אירס — „אין לאַנד ישראל", וואָס האַלט קנאַפּע פיר הונדערט זייטן, איז שוין איר זעקסט בוך אין דער יידישער מדינה. דאָ האָט רחל אויערבאַך, ווי זי דערציילט אונדז אין אַריינפיר — „זיך געפרוווט אויסטאָן אויף אַ ווײַלע פון דער חורבן־טעמע", אָבער זי האָט זיך סיי ווי איבער־צייגט, אַז עס דרייט זיך דער רוב פון די „שילדערונגען אַרום מענטשן און גורלות פון דער פוילישער שארית הפליטה".

די שרייבערין האָט דורכגעלעבט דעם חורבן פון פוילישן יידנטום און עס באַגלייטן איר די דאָזיקע אייביקע איינגעווונדיקטע איינדרוקן, ווי זי זאָגט ווייטער אין דעם אַריינפיר — „אַזוי פיל צעטראָטן יידיש לעבן האָבן מיר געזען, אַזוי פיל חורבות און בערג מיט אַש האָבן מיר געלאָזן הינטער זיך, אַזוי פיל שאָטנס גייען אונדז נאָך — די שאָטנס פון די, וואָס האָבן נישט געהאַט די זכיה צו דערלעבן, צו קאָנען זען".

רחל אויערבאַך האָט דערלעבט און זי קאָן זען. זי איז איינע פון די זעעוודיק־סטע און איינע פון די אינטעליגענטסטע אין אונדזער שרייבער־משפחה. ס'איז פאַראַן אין איר זען און אין באַשרייבן דאָס געזעענע — אַן עלעגאַנץ, וואָס איז אַ טייל פון איר באַהאַנדלען מענטשן און לעבעדיקע געפילן. פון איר בוך „אין לאַנד ישראל" קען מען צוזאַמענעמען אַ היפּשע מאַסן־פאַרזאַמלונג פון מענטשן, וואָס האָבן דערגרייכט און אָנגעקומען, און אין איר באַציִונג צום דאָזיקן געזעמל ווייזט רחל אויערבאַך אַרויס דעם ציטער פון שוועסטערלעכער באַוואַכונג איבער די דערגרייכטע. ס'איז גוט צו לייענען אירע קליינע ליריש־קלוגע בילדלעך, ווייל יעדעס בילדל אָטעמט מיט וואַרעמקייט און אַפילו די קירצסטע באַשרייבונג האָט אייגענע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. רחל אויערבאַך געפינט תמיד עפּעס וואָס צו זען און וואָס אויפצוכאַפּן.

אַז מען לייענט איבער דאָס בוך „אין לאַנד ישראל" — איינע פון די אָנגעע־נעמסטע און אָנגעלייגטסטע לייען־דערפאַרונגען — פאַרדריסט, וואָס רחל אויער־באַך ווערט אַזוי זעלטן דערמאָנט ווען מען רעדט וועגן אונדזער געקליבענער משפחה פון יידישע שרייבערינס. דאָס נייסטע בוך, וואָס איז דערשינען אין פאַר־לאַג י. ל. פרץ אין תל־אביב, האָט זעקס אָפּטיילונגען און אין אַלע אָפּטיילונגען איבערצייגט אונדז רחל אויערבאַך, אַז איר שרייבן קאָמבינירט גאָר אַ סך מעלות, אָבער איר גרעסטע מעלה איז אַ וואַרעמקייט, וואָס גיט זיך גלייך איבער

דעם לייענער. מען לייענט און מען שפּירט די דאָזיקע וואַרעמקייט ממש אין יעדן בילדל. זי הייבט אָן פון דער עליה אין 1950 און זי „פּירט" אַ סך יידן אין לאַנד אַריין, מיט אַ זעלטענער באַגלייטונג פון קלוגשאַפט, יידישן הומאָר, שפּראַכ־לעכער שפּילעוודיקייט; און אין לאַנד גופא צעאָטעמט זי זיך מיט אַן אויסגע־בענקטן נייגיר, וואָס טאַנצט פון אָרט צו אָרט, פון בוים צו בוים, פון באַרג צו באַרג און פון מענטש צו מענטש, מיט אַ געפיל, אַז זי לעבט־אויס פון זיך אַ לאַנגן חלום. אָט דאָס געפיל פון אַרויסחלומען די וואָר איז פאַראַן אין איר שרייבן און עס גיט צו די קליינע און קלענערע פּען־צייכענונגען אַן אייגנאַרטיקן חן.

רחל אויערבאַך קאָן אַ פּאַק־טאָן דעם לייענער מיט געציילטע שורות. זי איז קיין מאָל נישט באַרעדעוודיק, זי וואַרפט זיך נישט אָן מיט איר שרייבן. אירע זייטיקע טרויעריקע באַמערקונגען ווישט זי גיך אָפּ, ווי מען ווישט אָפּ אַ טרער, און זי באַגלייט ווייטער מיט אירע טרייסט־רייד. אויפן וועג באַגעגנט זי מענער, פרויען און קינדער און זי פּירט זיי מיט, אָבער אויפן וועג באַטראַכט זי זיי און קריגט פון יעדערן אַרויס עטלעכע געדענקלעכע שטריכן, רייד, ווערטער און ווערטלעך. זי קען אי גוט זען, אי גוט הערן און זי קען אַפילו גענעראַליזירן מיט אַן אויסשעפּנדיקן אויסדרוק. שוין גלייך אין די ערשטע זייטלעך געפינט זי אַזאַ באַצייכענונג פאַר אירע אַנטרונענע אין דער עליה 1950 — „אַזעלכע גורל־מידע, רו־באַדערפטיקע".

רחל אויערבאַך איז אויך אַ גוטע אָפּקלייבערין. זי ווייסט אויף ווי ווייט מען מעג זיך פאַרגינען הומאָר און קריטיק אויפן חשבון פון די דאָזיקע „רו־באַדערפּ־טיקע"; פאַרוואַנדלט עס אפילו אירע לייכטע דורכלויפנדיקע באַמערקונגען אין משפּחהדיקן הומאָר — צווישן אייגענע. נישט זעלטן זענען אירע סומירנדיקע באַמערקונגען פול מיט מיין: „אָרעם לאַנד, וואָס יידן ווילן דיר אַלץ אָנהענגען! און דו וועסט אַלץ קענען פאַרענטפערן?" אַזאַ זאָג רייסט זיך ביי איר אַרויס, ווען איר עליה־משפּחה פּאַקט שוין באַצייטנס אויס דאָס גאַנצע פּעקל פּראָבלעמען. יידן, וואָס האָבן, זיצנדיק אין פּוילן, אפשר נישט געלייענט קיין סך פּוילישע ביכער, קריגן איצט אַרויס דערלויבענישן מיטצונעמען פּוילישע ביכער. באַמערקט די שרייבערין — „ווי יידן וואָלטן וועלן מיטנעמען מיט זיך אַלס אָנדענק דעם סאַמע איידלסטן עקסטראַקט פון דער אַלטער היים אין דער געשטאַלט פון בענדער — אַלטע און נייע פּאָעזיע". ס'איז אַ באַמערקונג, וואָס פאַרמאָגט אין זיך ירושה־דיקע יידיש איידלקייט אַפילו בנוגע דעם לאַנד פון וואַנען מען האָט נישט אַרויס־געפירט קיין איידעלע דערמאָנונגען.

אין שייכות מיט דעם דאַרף מען דערמאָנען די וואַרעמע קאַפּיטלען, ווען די שרייבערין פאָרט זיך געזעגענען מיט אירע פּוילישע לאַנדסלייט פון דאָרף, ווו זי איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. צו די קאַפּיטלען גיט רחל אויערבאַך אַן אַריינפיר וועגן אירע זיידע־באָבע, וואָס זענען זיך געפאָרן געזעגענען מיט דער

משפחה פון אייניקלעך און אוראייניקלעך אידער זיי האָבן באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. דאָס געזעגענען האָט גענומען גאַנצע זמנים פון ווינטערס און זומערס. די משפחה איז קיין עין־הרע געוועזן אַ גרויסע, מען האָט עס נישט געקענט מאַכן כאַפּנדיק. קינדער און קינדס־קינדער זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט. דאָס געזעגענען אַליין איז געוואָרן אַן עפּאָפּייע פון צייט און פון צוטרוי צו צייט, און צוגעקנופּטקייט צו דורות.

אָבער רחל אויערבאַך האָט שוין נישט קיין לעבעדיקע משפּחה אין איר דאָרף. פאָרט זי זיך געזעגענען מיט אירע אַמאָליקע קריסטלעכע דאָרף־שכנים און מען דאַרף לייענען די דאָזיקע יידישע קאַפּיטלען, וואָס זענען פול מיט זעל־טענעם הומאַניזם און גלויבן אין מיטמענטש, אַפילו נאָך דער גרויסער פּאַרטילי־קונג.

רחל אויערבאַך איז כסדר וואַך צו שפּראַכלעכע חידושים. איר סטיל איז אַ געמיש פון פאָלקישן און נישט־איבערגעזאָלצענעם אינטעליגענטן יידיש. איר אויער איז וואַך צו אַזאַ זעלטענעם נוץ פון וואָרט „מליצה". אַ ייד קלערט אויף, אַז מען זאָל נישט מיינען, אַז יידישע באַאַמטע אין יידישן לאַנד דאַרפן זיך באַנוצן מיט ספּעציעלער איינזעעניש ביים רעגיסטרירן די אָנגעקומענע. „איר ווילט, אַז זיי זאָלן פון אונדז מאַכן אַ מליצה?" און ער פאַרטייטש, אַז דאָס מיינט „ווען מען האַלט אין איין רעדן וועגן הויכע זאַכן". מיט איין וואָרט וויל ער אָנווייזן, אַז מען איז געקומען צו דער רעאַליטעט און מען דאַרף נישט דערוואַרטן קיין „מלאכים".

ס'איז נישט שייך זיך אָפּצושטעלן אויף די באַזונדערע בילדער און איינדרוקן אין בוך, אָדער איבערדערציילן דעם לירישן אינהאַלט פון אַ בוך, וואָס אין זיין באַטראַכטן דאָס באַזונדערע איז פאַראַן אַ גאַנצקייט, אַ צוזאַמענגעמעגדיקע יידישע גאַנצקייט. אויף די שער־בלעטער פון די ספרים, וואָס תימנער יידן האָבן מיטגע־בראַכט פון זייער אַראַביש לאַנד, נאָך דעם ווי זיי זענען געקומען צו פליען מיטן „פליענדיקן כישוף־־טעפּיך", געפינט מען די חתימות פון דער רוסישער צענזור — „דאָזוואָליענאָ צענזוראָיו". רחל אויערבאַך האָט דערפאַר אַ דערקלערונג, וואָס מאַכט נאָך דעם ענין מיסטישער, מיט יידישער געשיכטלעכער ניסימדיקייט. „ווייסט איין גאָט ווו אַרום עס איז געגאַנגען דער פּאַרקער. אַ סימן האָבן מיר — דער קאָנטאַקט האָט עקזיסטירט".

כמעט אויף יעדן זייטל איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס גיט צו חשיבות אַ בוך, וואָס אין תוך אַנטהאַלט ער אַ סך מאָל גענוצטע מאַטעריאַלן. אָבער רחל אויערבאַך באַנייט אַלץ מיט איר אייגענעם זע־חוש. ווען זי מאַכט דעם שפּאַציר איבער אַלע ווינקעלעך פון לאַנד, לוינט זיך מיט איר מיטשפּאַצירן, ווייל זי באַגעגנט אומע־טום מענטשן מיט וואַרעמקייט, וואָס זינגט איר אַנטקעגן און צוזאַמען ווערט דערפון אַ ליכט פון הייליקייט איבערן לאַנד, מיט אַזוי פיל דאגות און פּראָבלעמען. די שרייבערין פאַרגעסט נישט אויפן וועג, אַז זי איז נישט נאָר אַ זאַמלערין פון

געשטאַלטן, נאָר אויך פון לשון און אַפילו פון אַלטע יידישע לידער, וואָס באָבעס און זיידעס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אין יידישן לאַנד. די באָבע, דאָס ווייב פון אַלטן איינבינדער־מייסטער פיינט־זיך־אויס מיט אַ „חומש־ליד" וועגן רבקהס טויט.

ס'איז נאַכט, אין הימל זעט מען נישט קיין שטערן,
ס'איז אַ פּחד אויף דער גאַס אַרויסצוגיין.
שוואַרצע וואָלקנס גיסן דריבנע טרערן
און דער ווינט זיפצט־צו מיט אַ גרויס געוויין.

יעקב איז נעבעך געוואָרן אַ יתום.

יעקב איז ביי איר געווען איינגעבאַקן אין האַרצן,
אַן ערלעך קינד, געלערנט אין קלויז —
פאַר עשׂיון האָט זי זיך געמוזט דאָס פּנים שוואַרצן,
מען האָט זי געשאָלטן אין אַ יעדן הויז.

ווער ווייסט, ווער ס'איז געווען דער טאַטע פון ליד, אָבער די באָבע זינגט און דער מאַן אירער זינגט אויך אַ שטיפעריש פאַרשייט לידל און אַפילו אַ ליד פון אַן אַלטן ניקאָלאַיעווסקן סאָלדאַט, וועמענס געזאַנג איז אויך ראוי צו געפינען אַ תיקון אין יידישן לאַנד.

אַ טייל פון די באַשרייבונגען, ווי אויערבאַך רופט זייער באַשיידן אירע קינסטלערישע אימפּרעסיעס, איז פריִער פאַרעפנטלעכט געוואָרן און אויך באַזונ־דער געהערט געוואָרן אין די ראַדיאָ־אוידיציעס פון „קול ישראל" און „קול ציון לגולה", אָבער פון די באַזונדערע צאַפּלענדיקע זאַכן האָט רחל אויערבאַך געשאַפן אַ גאַנץ בוך. ערגעץ ווו אין אַ פּראָזע־ליד, אין זעלביקן בוך וועגן דער שארית הפליטה, באַנוצט זי זיך מיט אַזאַ פאַרגלייך־וואָרט, ווי — ל ה ו ט ע ר אויפן לעבן. רחל אויערבאַכס אייגנאַרטיקער טאַלאַנט איז להוט אויף זוכן און אויסגעפינען לעבן אומעטום און זי איז להוטער אויף בענקען נאָך שורות, וואָס צווישן זיי זאָל אויך זיין דער ריטעם פון לעבן, ס'איז דאָס געזאַנג פון אַ דערלעבט לעבן, וואָס מען געפינט אין רחל אויערבאַכס בוך „אין לאַנד ישראל". זי זוכט איר שארית הפליטה אויף די גאַסן אין תל־אביב און זי זעט אַפילו זייערע באַזאָרגטע און אויפגעפרייִדיקטע פּנימער. זי ווייסט, אַז זיי וועלן זיך אַלע איינאָרדענען, ווי ס'האָט איר דערקלערט אַן אַלט־געזעסענע אין לאַנד — זיי וועלן זיך „איינ־טרייסלען".

מיט איר בוך „אין לאַנד ישראל" האָט זיך רחל אויערבאַך „איינגעטרייסלט" אין דער יידיטער ליטעראַטור.

22.1.56

## ליטעראַרישער קאָלאָניאַליזם

וויליאַם באַטלער יעיטס ווערט פאַררעכנט פאַר דעם גרעסטן אירלענדישן פּאָעט און טייל זאָגן, אַז ער איז דער גרעסטער פּאָעט אין דער ענגלישער שפּראַך פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. היות יעיטס איז געבוירן געוואָרן מיט 100 יאָר צוריק, דאַרף מען אָננעמען, אַז גלייך מיט זיין געבוירן האָט זיך באַוויזן דער גרעסטער ענגלישער פּאָעט פאַר אַ יאָרהונדערט. איך האָב נישט געהאַט קיין מזל צו יעיטסן, כ׳האָב תמיד געהאַט ספיקות וועגן זיין פּראָקלאַמירטער גרויסקייט, אָבער אַזוי ווי איך האָב לעצטנס געלייענט גוואַלדיקע שבחים וועגן אים אין דער העברעיִשער פּרעסע, האָב איך באַשלאָסן, אַז ס׳מוז פאָרט ליגן אַ שטיק אמת אין די אַלע לויבגעזאַנגען וועגן אים, אַזיסטן וואָלט מען דאָך אים נישט אַזוי צעזונגען אויך אין דער יידישער מדינה, צו זיין הונדערטסטן געבוירן־טאָג. מיר איז אַ קאַפּיטשקע שווער געווען צו כאַפּן וואָס אייגנטלעך מען קען ביי יעיטסן שעפּן פאַר דעם העברעיִשן פּאָעזיע־געניסער, אָבער, ווי זאָגט מען — זעט איר דאָך.

כ׳האָב דערפאַר זיך ווידער גענומען לייענען זיינע לידער, אין דער גרויסער זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אין 1940, אַ יאָר נאָך זיין טויט. איך האָב געלייענט פּאַמעלעך און גרינטלעך, אָן אַן איבערהיפּ, פון די סאַמע ערשטע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין 1889, ווען דער פּאָעט איז אַלט געווען 24 יאָר. די זאַמלונג איז איינגעטיילט כראָנאָלאָגיש, לויט די לידער־ביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, אַזוי, אַז מען קען פאַרברענגען מיט דעם פּאָעט פון זיינע יונגע יאָרן אָן, ביזן יאָר פון זיין טויט, אין עלטער פון 74 יאָר.

יעיטס איז געשטאָרבן אַ פאַשיסט און אַ מטושטשדיקער מיסטיקער פון פינצטערסטן סאָרט. ס׳האָט עמעצער ערשט נישט לאַנג צוריק באַמערקט, אַז שעליס זאָג וועגן דעם פּאָעטס ראָלע פון דעם נישט אָנערקענטן געזעצגעבער, איז גאַנץ אָפּט געוואָרן צו שאַנד און שפּאָט, ווען געוויסע פּאָעטן האָבן זיך גענומען זאָגן דעות אין פּאָליטיק. דער וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דער פּאָליטישער געמיינקייט פון געוויסע פּאָעטן, האָט נישט דערמאָנט קיין נעמען, אָבער ער האָט שטאַרק מרמז געווען אויף יעיטסן און זיינע ווילדע, פאַשיסטישע עצות, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיין געבוירנלאַנד אירלאַנד, און אויף קיפּלינגן, מיט זיין פאַרשימלטן אימפּעריאַליסטישן מאָנאַרכיזם. אין שייכות מיט פּאָעטישער פּאָליטיק, האָט מען אויך געקענט דערמאָנען דעם פאַשיסט און אַנטיסעמיט פּאַונדן און אַפילו אַריינרעכענען אין צעטל דעם אַנגליקאַנישן מאָנאַרכיסט — עליאָטן. די עטלעכע נעמען וואָלטן זיכער נישט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן צעטל פון לינקע און רעכטע „געזעצ־

געבערישע" פּאָעטן, וואָס זייער פּאָליטיק איז געווען — סם המות פֿאַר דער מענטשהייט.

ס׳וואָלט אָבער געווען אַן עוולה, ווען מען וואָלט אָנגענומען, אַז אַלע פּאָעטן זענען אַזעלכע שעדלעכע און פּידרעכדיקע פּאָליטיקער. געווען פּאָעטן און ס׳זענען היינט צו טאָג דאָ פּאָעטן, וואָס האָבן אַ גוטן קאָפּ אויף די פּלייצעס און זייער פּאָליטיק פֿאַרשעמט נישט זייער פּאָעזיע.

די גאַנצע קריסטלעכע וועלט ווענדט אָן איר פּסעוודאָ־רעליגיעזע מידת הרחמים אין איר צוגאַנג צו קונסט. זי טיילט אָפּ דאָס ביסל קונסט־פּיזעם פֿון מענטשן און זי גיט דעם קינסטלער די פּריווילעגיע צו רעדן און אַפּילו צו קינסטלערן אויף דעם פֿאַרדאַרבנסטן שטייגער, אויב מען קען ביי אים אויסדיס־טילירן אַ ביסל קונסט־עסענץ — אין מוזיק, מאָלעריי און אין ליטעראַטור.

אַן אינטערעסאַנטער ביישפּיל איז פֿאָונד. אַלע ווייסן, וואָס פֿאַר אַ מיאוסע און געפֿערלעכע ראָלע ער האָט געשפּילט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער מען האָט אים אַרומגערינגלט מיט פֿאַרגעבונג, זיך איינגעמיאוסט און געקליבן די עטלעכע שורות פֿון דעם גאַנצן משוגענעם חזיר־מיסט זיינעם און אים געשיקט מיט טריומף קיין איטאַליע. נישט לאַנג צוריק האָט מען אַפּילו אויסגעגראָבן זיינס אַן „אָפּערע", וואָס ער האָט, נישט זייענדיק קיין מוזיקער, צונויפֿגענוצימבלט ווען ער איז נאָך געווען 28 יאָר אַלט און מען האָט זי אויפֿגעפֿירט, ווי עפּעס רעכטס, און פֿאַרבעטן דעם איצטער אַכציקיאָריקן תרח, ער זאָל הערן זיינע יוגנט־גאַרגלע־רייען.

די דאָזיקע קריסטלעכע מחילה איז, פֿאַרשטייט זיך, דער יסוד פֿון אַלדאָס בייז און דינט תמיד ווי אַן אָוועטורע פֿאַר נייער צוקונפֿט־פֿאַרגעבלעכער רשעות. צו אַלדי צרות פֿאַרשפּרייט זיך די מחילה־חולאַת אויך צווישן געוויסע יידן, וואָס זענען שוין אויך געוואָרן געניטע אָפּנעמערס; זיי העלפֿן קלייבן די ריינע און וואָרע קונסט אויף אַלע מיסטקאַסטנס פֿון דער וועלט און זיי אַרט נישט, וואָס זיי צע־שטעכן זיך די פֿינגער אין ווילדע אַנטיסעמיטישע זלזולים.

אָבער דאָס איז אגב אורחא, מיר האַלטן ביי יעיטסן, וועמענס לידער כ׳האָב זיך גענומען לייענען לכבוד זיין הונדערטסטן געבוירן־טאָג. וויל איך זאָגן אָן שום רעזערוואַציעס, אַז ביז יעיטס איז געקומען צו די פֿופֿציקער, איז ער געווען דער נידנעסטער פּאָעט פֿון יאָרהונדערט. ווען נישט דאָס ביסל מוזיקאַלישקייט, פֿאַר די, וואָס האָבן ליב זיך צו וויגן אין אַ מעטרישער וויגשטול און צוקלאַפּן מיטן פֿוס, וואָלטן זיינע בלוטלאָזע ליבע־לידער און אומהיימלעכע אַלוזיעס אויף אירלענ־דישן פֿאָלקלאָר געווען אומדערטרעגלעך. ווען ער איז אַלט געווען 28 יאָר האָט ער אָנגעשריבן דאָס באַרימט־געוואָרענע ליד — „די לעיק אייל אָוו איניספֿרי", וואָס האָט אויסגענומען מיטן ביסל מוזיק פֿון די ליידיקע שורות. אַלע אַנטאָלאָ־גיעס זענען מרעיש עולם מיט „איניספֿרי", אָבער ס׳איז בפֿירוש אַ ליידיקע זינ־

גענדיקע נוס. אָבער איי האָבן די גויים מזל און דאָס ענגלישע לשון האָט אַוודאי אַ גוייִש מזל. אַ סך יידישע און העברעיִשע פּאָעטן, אין די זעלביקע יאָרן, האָבן געשריבן אָן אַן ערך בעסערע, שענערע, וואָגיקערע, מער דיסציפּלינירטע און מיט ווייניקער ראָמאַנטישן לאָקריץ — לידער, וואָס די וועלט וועט קיין מאָל נישט וועלן וויסן דערפֿון, און אַלץ דערפֿאַר, ווייל יידיש איז נישט קיין וועלט־אימפּעריאַליסטיש לשון און ווייל די באַרימטקייט קלאַפּט קיין מאָל נישט אָן אין די פענצטער פון יידישע פּאָעטן.

ווען ס׳קומט צו שאַצן ליטעראַטור, ווערט מען אין דער יידישער מדינה אויך געפּאַנגען פון צעפּויקטער באַרימטקייט. מען ציטירט פון דער „טיימס״־בייל־אַגע פּאַר ליטעראַטור הויך־פּראָקלאָמירטע נאַרישקייטן, ווי אַבסאָלוטע אויטאָריטעטע מיינונגען; מען נעמט עס אָן ווי אַקסיאָמען און מען דערוועגט זיך נישט אָפּצור־פרעגן ליטעראַרישע מיינונגען פון יעדן בר־נש, וואָס שרייבט פון לינקס. מיר פאַרלאָזן זיך אויף די דאָזיקע מיינונגען און מיר הייבן אָן פון זיי און שפּינען ווייטער. באַרימטקייט איז אין אונדזער יאָרהונדערט — מייסטנס — נישט קיין פּועל יוצא פון אמתער, אינעווייניקסטער ווערטיקייט, נאָר איז — דאָס גרויסע געווינס. אָבער בעת דאָס גרויסע געווינס אין אַ רעזולטאַט פון צופאַל, קען מען אין פאַל פון יעדער צעפּויקטקייט דערגרונטעוועון די סיבות; מען קען דערגיין צו זיי און פאַרשטיין ווי אַזוי ס׳איז געשען און פאַר וואָס ס׳איז געוואָרן.

אָבער פּונקט ווי מיטן גרויסן געווינס איז דער געווינער דורך דעם אָפּגליק נישט געוואָרן קיין בעסערער מענטש, אַזוי איז דאָס ווערק פון אַ מזלדיק געווינס נישט געוואָרן דורך דעם אַליין קיין גרעסער ווערק און דער קינסטלער איז נישט געוואָרן קיין גרעסערער קינסטלער.

אָבער פאַר מיינסטע קונסט־געניסער איז באַרימטקייט גופא די בעסטע מאַרקע. ספּעציעל איז עס אַזוי מיט קלענערע פעלקער, וואָס פאַלן כורעים פאַר באַרימטקייטן פון גרויסע פעלקער, וואָס שפּרייטן אויס זייער איינפלוס. ס׳איז אַ מין קינסטלערישער קאָלאָניאַליזם, וואָס די קלענערע פעלקער לאָזן זיך פון אים באַהערשן און נישט נאָר קעמפן זיי נישט קעגן אים, נאָר זיי חנפנען אים נאָך און זיי פאַרקנעכטן זיך צו אים פרייוויליק.

כ׳האָב געלייענט יעיטס לידער פון 1889, פון 1893, פון 1899, פון 1904, פון 1910, פון 1914 און דערגאַנגען ביז 1919. יעיטס איז געשטאָרבן אין 1939, הייסט עס, אַז כ׳האָב געלייענט די לירישע לידער פון דעם „גרעסטן פּאָעט אויף דער ענגלישער שפּראַך״, אַפילו ווען ער איז שוין אַלט געווען 54 יאָר און כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געפינען קיין צען זעטיקע לידער, אַזעלכע שטייגער לידער ווי מען האָט געקענט געפינען ביי רייזענען, מאָריס ראָזענפעלדן, יהואָשן, מאַני לייבן, מ. ל. האַלפּערנען, לייוויקן און אַ צענדליק אַנדערע. יהואָש האָט נישט געלעבט קיין סך לענגער ווי 54 יאָר און מ. ל. האַלפּערן האָט נישט דערלעבט ביז 54.

כ׳מוז ציטירן אַ ליד, וואָס יעיטס האָט געשריבן אין 1910, ווען ער איז שוין געווען אַ באַרימטקייט פון 45 יאָר. כ׳וועל דאָס ליד איבערזעצן ווערטערלעך, ס׳האַלט אין גאַנצן זעקס שורות. דאָס ליד הייסט „אַ טרונק־ליד״.

וויין קומט אַריין דורכן מויל
און ליבע קומט אַריין אין אויג.
דאָס איז אַלץ וואָס מיר וועלן וויסן פאַרן אמת,
איידער מיר ווערן אַלט און שטאַרבן.
איך הייב־אויף דאָס גלאָז צו מיין מויל,
איך קוק אויף דיר און זיפץ.

זאָל מען מיר וויזן איין באַרימטן יידישן פּאָעט, וואָס האָט צו זיינע פינף און פערציק יאָר אָנגעשריבן אַזאַ ליד און זי — פאַרעפנטלעכט. און זאָל מען נישט מיינען, אַז כ׳האָב ספּעציעל אויסגעקליבן אַזאַ ליד, כדי צו באַקרעפטיקן מיין צוגאַנג צו אַ וועלט־באַשטעטיקטן פּאָעט. מען קען ברענגען צענדליקער אַזעלכע לידער און פון זיי נישט קליגער און נישט דערהויבענער ווערן.

וייסן וויס איך, אַז ס׳איז אַן איינשטעלעניש צו שרייבן אַזוינס וועגן וויליאַם באַטלער יעיטס צו זיין הונדערטסטן געבוירן־טאָג, אָבער זאָל מיר זיין מיסטישער גייסט מוחל זיין. כ׳האָב געלייענט זיינע לידער און געקוקט ראָמאַנטישע קליאַטשע וועגן דער „רויז אויף דעם קרייץ פון צייט״, „די רויז פון דער וועלט״, „די רויז פון שלום״, „די רויז פון מלחמה״, „די געהיימע רויז״ און אַנדערע שאַלאַמויזן און רויזן.

30.7.65

# יידישע שרייבער אויף פרעמדע לשונות

כ׳האָב אָקאָרשט געלייענט אַן אַרטיקל פון דעם באַרימטן אַמעריקאַנער שרייבער סאָל בעלאָ, אין דעם בני־ברית־זשורנאַל „דזשואיש העריטעדזש". סאָל בעלאָ האָט מיט אַ צייט צוריק אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג, וואָס ער האָט גערופן — „גרויסע יידישע קורצע דערציילונגען". דאָס אַרטיקל אין בני־ברית־זשורנאַל איז אייגנטלעך די הקדמה, וואָס בעלאָ האָט געשריבן צו זיין זאַמלונג פון יידישע דער־ציילונגען אויף ענגליש. איך האָב די זאַמלונג נישט געזען און איך ווייס נישט וועמען בעלאָ האָט פאָרגעשטעלט פאַר די גרויסע דערציילער, אָבער די הקדמה איז אַ מין התנצלות, אַן איבעריקע און אומנייטיקע, אַז מען קאָן און מען מעג שרייבן יידישע דערציילונגען — אויף אַלערליי לשונות. פאַראַן ביי אונדז אַזעלכע „עקסטרעמיסטן", וואָס האַלטן, אַז יידישע ליטעראַטור איז בלויז מעגלעך אויף העברעיִש אָדער יידיש, אָבער איך בין מיט אַזאַ מיינונג נישט מסכים.

כ׳קען בלויז זאָגן, אַז ווען אַ ייד שרייבט אויף אַ פרעמד לשון פאַר אַ נישט־יידישער וועלט, איז ער אפשר געצייגט צו געדענקען, בעתן שרייבן, פאַר וועמען ער שטעלט זיך און ער קען, אויב ער איז נישט פאַרזיכטיק, קאָרומפּירט ווערן וועלנדיק אויסנעמען ביי אַ ברייטער וועלט.

פאַראַן קלענערע און גרעסערע מכשולים, קלענערע און גרעסערע קאָרופּציעס, אַ באַוווּסטזיניק אונטערקויפן דעם פרעמדן אַלגעמיינעם לייענער, אַ זעלבסט־צענזור אויף צו פיל יידישקייט, אַ בייגן דעם שטעקן אויף דער זייט פון זוכן רק שלעכטס, כדי מען זאָל נישט מיינען, אַז מען איז פון די ראָמאַנטישע גוט־זוכערס ; ביליקער סענסאַציאָנאַליזם — יידישע מאַמע, יידישער טאַטע, יידישער וויץ, יידישע ווולגאַריזאַציע, יידישע אייגן־שנאה און אַנדערע שטרויכלונגען.

אַ יידישער אָדער העברעיִשער שרייבער שטייט נישט פאַר אַזעלכע סכנות, ער האָט נישט צו דערוואַרטן קיין גרויסע גליקן, ער דאַרף קיינעם נישט אונטער־קויפן, ער קען גיין אויפן גלייכן וועג, ער דאַרף זיך נישט גליטשן און ער דאַרף נישט ציילן די טריט.

דאָס זענען מכשולים, וואָס ליגן אויפן וועג פון אַ ייד אין אַ פרעמדער ליטע־ראַטור — אָבער ס׳זענען פאַראַן גענוג יידישע שרייבער אויף נישט־יידישע לשונות, וואָס מיידן אויס די דאָזיקע אַלע געפאַרן — און סאָל בעלאָ איז זיכער איינער פון זיי.

סאָל בעלאָס הקדמה איז אַ ביסל אַ צעטומלטע און איז אַן אָנוואַרף פון עטלעכע געדאַנקען, וואָס האַלטן זיך נישט צוזאַמען. אָבער די צענטראַלע טעמע איז, אַז

מען מוז אונטערשיידן פון „פּובליסיטי", וואָס בעלאָ רופט מיטן אײדעלן נאָמען — „פּאַבליק רילײשאַנס" (עפנטלעכע באַציִונגען) און קונסט. פּיליפּ ראָט מיט זײנע נישט־ייִדישע ייִדישע טיפּן איז אמתע קונסט, בלויז דערפֿאַר, ווייל ער ראָמאַנטי־זירט נישט זײנע העלדן, כדי בעסער צו פֿאַרקויפֿן דעם ייִד צו דער גויִשקער עפנטלעכקייט, נאָר ער סאָרוועט אונדז משמעות דעם קינסטלערישן אמת, ווי אומאָנגענעם ער זאָל נישט זיין פֿאַר אונדזערע נאַזלעכער.

איז כאָטש איך בין נישט מסכים מיט יענעם טייל גוטע חברים מײנע, וואָס האַלטן, אַז ייִדישע ליטעראַטור איז מעגלעך בלויז אויף ייִדיש אָדער העברעיִש, מוז איך צוריקקומען צו מיין טעזע פון די שטרויכלונגען און איך בין מער ווי זיכער, אַז גראָד אין פּיליפּ ראָטס מיאוסע ייִדישע העלדן, ווי אין אַנדערע ביכער פון דעם שטייגער, ליגט אַ היפּשע דאָזע „פּאַבליק רילייִשאַנס", וואָס וויל אויסנע־מען ביי אַ צד שכנגד. אויב „עקזאָדוס", ווי סאָל בעלאָ וויל האָבן, איז גוטע פּובליסיטי פֿאַר ייִדן, כדי צו געווינען ייִדישע אויפמערקזאַמקייט, איז פּיליפּ ראָטס דרך אויך אַ ספּעציעלער שטייגער פֿאַרקערטע פּובליסיטי וואָס וויל געווינען דעם נישט־ייִדישן לייענער דורך ווייזן אים, אַז אַ ייִד „דערהייבט" זיך איבער זיך אַליין און איז כלומרשט היפּער־גערעכט אַפילו ווען ער דאַרף זיך אַליין קראַצן עפנטלעך.

דער היפּוך פון ראָמאַנטיזירן, ווען דער היפּוך איז אַזוי עקסטרעם היפּוכדיק, קען אויך זיין שונד און קען אויך האָבן כוונות צו פֿאַרקויפֿן די סחורה, האָבנדיק אין זינען אַ ספּעציעלע קליענטעלע.

ס'איז דערפֿאַר אפשר פֿאַראַן אַ בעסערע מאָס אויף צו כאַפּן דעם חילוק צווישן קונסט און פּובליסיטי. אַלץ איז גוט און פיין און שיין קען טאַקע זיין נישט מער ווי אַ פּאַרטל צו כאַפּן אויף דער ווענטקע אַ געוויסן טיפּ אָדער קלאַס לייענער, אָבער ווען אַלץ איז שלעכט, ביטער און מיאוס, איז אויך אָפט מאָל נישט מער ווי אַן אויסגערעכנט מיטל צו כאַפּן אויף דער ווענטקע אַן אַנדער סאָרט לייענער.

30.7.65

צווישן די אַלע געהיימע אָרגאַניזאַציעס ביי אונדז אין לאַנד — גוטע, שלעכטע, שעדלעכע און אומשעדלעכע — איז זיכער פאַראַן אַ געהיימער ראַט, וואָס קומט זיך צוזאַמען, לאָמיר זאָגן איין מאָל אַ יאָר און איז צוזאַמענגעשטעלט פון קרום־קעפּיקע קריטיקער און פּאָעטן, געוויינלעך קרענקלעכע, פאַרקרענקטע, מיט גייסטיקע מיחושן, און זיי באַשטימען ווען מ׳דאַרף אַרויפצווינגען ווי דעם גרויסן פּאָעט פון אונדזער דור. כ׳רעד דאָ, פאַרשטייט זיך, פון אַן ענגליש־אַמעריקאַנישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אויך איר גרויסן כוח ווי אַזוי דאָס דורכצופירן. ווייל באַלד הייבן אָן פון אַלע זייטן דערשיינען לויב־אַרטיקלען אין אַלע זשורנאַלן וועגן דעם אויסדערוויילטן און געזאַלבטן; מ׳קען זאָגן, אַז די אַרטיקלען ברעכן אויס ווי אַן עפּידעמיע און דער לייענער קען זיך פון זיי נישט אויסבאַהאַלטן.

וועגן דער שעדלעכקייט אָדער אומשעדלעכקייט פון אַזאַ קרוינונג (ראַווי־טשס אַן אויספּאַנטאַזירטער אַקט פון פּאָעטישער דערהייבונג) נעם איך זיך נישט אונטער צו זאָגן, אָבער ס׳געשעט — דער אויסדערוויילטער איז אַ „געמאַכטער״, מ׳וועט שוין זיין נאָמען אַרומטראָגן אין אַלע קאַלעדזשעס, ביי אַלע פרויען־קלובן; מ׳וועט אים באַלאַגערן און באַלעסטיקן מיט אָכצנדיקער און קעלבערנער באַ־וווּנדערונג, מ׳וועט שטודירן זיין יעדן באַוועג, מ׳וועט אין אים געפינען אַזעלכע מעלות — פיזישע און גייסטיקע — וואָס ס׳האָט זיך דעם פּאָעט אַפילו נישט געחלומט; מ׳וועט אים פאַרבעטן אויף די שענסטע שמחות, ס׳וועט זיך רודערן און קאָכן מיט אים.

זענען פאַראַן מאָטיוון פאַר אויסדערוויילן דעם אָדער יענעם, ביי דעם גע־היימען פּאָעטישן סנהדרין, וואָס עקזיסטירט זיכער ערגעץ אין אַ ווינקל פון ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, אָדער סאַן־פראַנציסקאָ? שווער צו באַשטימען די מעלות פון אַ פּאָעט, וואָס פירן דירעקט צו זיין קרוינונג. אָבער בדרך כלל מעג מען זאָגן, אַז ער מוז באַזיצן די קאָלעקטיווע הילצערנקייט פון די קרוינערס, זייער קרענק־לעכקייט, אומבאַוועגלעכקייט, נישט־לעבעדיקייט, האַרט־ביינערדיקייט פון אויס־דרוק, און אַן אינטעלעקטואַליזם, וואָס טראַכט שטייענדיק אויפן קאָפּ. אויב דער פּאָעט איז נאָך דערצו אַנטי־אַמעריקאַניש, אַ מין גייסטיק־עקספּאַטריִרטער, איז ער זיכער צו קריגן דעם סצעפּטער מיט דער קרוין און ער קיניגט אויף אַלע שטאָטן און אַ מאָל גרייכט זיין הערשאַפט אויף אַלע מדינות. די געהיימע חברה איז נישט קאַרג אויף קרוינונגען, עס ווערט אַלע יאָר געזאַלבט נאָך אַ קיניג,

נאָך אַ קאַנדידאַט אויף דער פּוליצער־פּרעמיע. עס דרייען זיך שוין אַרום אין אַמעריקע אַ טוץ אַזעלכע פּאָעטישע מלכים.

דער לייענער נעבעך נעמט אָן דעם דעקרעט, ווייל די קרוינערס באַהערשן די זשורנאַלן; אַ מאָל האָבן זיי באַהערשט די קליינע זשורנאַלן, היינט האָבן זיי שוין אַריינגעכאַפּט די גרויסע זשורנאַלן אויך, אומעטום האָבן זיי אַריינגעזעצט אָן אייגענעם פּאָעטישן רעדאַקטאָר; דער לייענער קען זיך נישט ראַטעווען, וואָס פאַר אַ זשורנאַל ער וועט נישט אויסקלייבן, וועט ער אַלץ לייענען קרוינ־ און לויב־געזאַנגען צום אויסדערוויילטן פּאָעט. די לידער פון געקרוינטן פּאָעט זענען, נעבעך, שווער צו פאַרדייען, אָבער זיי, די לייענער, דער עיקר די לייענערינס, און דער עיקר שבעיקר די גבאיטעס פון די ליטעראַרישע קלובן, וועלן זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דעם ווערדיקט און זיי וועלן קרעכצנדיק און וויינענדיק אָננעמען דעם ווערדיקט פון דעם געהיימען קאָנקלאַוו.

*

אַזאַ פּריש־געקרוינטער פּאָעט אין אַמעריקע איז — ראָבערט לאוועל. ער איז אַרויס פון דער געהיימער קרוינונג מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווי דער גרעסטער פּאָעט פון אונדזער צייט, וואָס שרייבט אויף ענגליש. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מ׳האָט אים געקרוינט פאַר דעם גרעסטן אין אַלע מדינות, וווּ ענגליש ווערט גערעדט און געשריבן. ער איז זיכער אַ פּאָעט מיט באַשיידענע פעיִקייטן, אָבער ער איז געקרוינט געוואָרן דווקא פאַר זייער אַ שלעכט און הילצערן בוך מיט לידער וועגן דער שטאָט באָסטאָן, וואָס זענען שווער אין מויל צו נעמען, מען דאַרף כראָמזשקען די שורות און מען דאַרף זיך אָנשטרענגען צו דערלייענען אַ ליד ביזן סוף. ער פאַרמאָגט אַלע מעלות, וואָס האָבן זיכער געשפּילט אַ ראָלע ביי דער קרוינונג. ער איז מאָרביד, פאַרקרענקט, איז אַ געשוווירענער פּאַצי־פיסט, האָט נישט ליב זיין אַמעריקע; זיין אינטעלעקטואַליזם איז אָן אויסגע־מוחטער און שטעכיק און די מוזיק פון זיינע שורות איז — בלעכיק.

דער דאָזיקער לאוועל האָט אַנומלט נישט אָנטוישט זיינע קרוינער. ווען מ׳האָט אים פאַרבעטן צו אַ קונסט־ און קינסטלער־יום־טוב אין ווייסן הויז, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו קומען, אָבער נישט גלאַט פּריוואַט און שטיל זיך אָפּגע־זאָגט, נאָר מיט אַ סענסאַציעלע, מיט אַ בריוו, אַז ער איז קעגן דער וויעטנאַם־פּאָליטיק פון אונדזער רעגירונג און דערימאַך קען ער נישט קומען צום יום־טוב, ווען מ׳וועט אין ווייסן הויז פייערן אַ ספּעציעל באַשטימטן בודזשעט פאַר די קונסטן. פּרעזידענט דזשאָנסאָן ווייסט זיכער נישט ווער דער דאָזיקער לאוועל איז, אָבער ער האָט שוין געוווּג יועצים, פון דער געהיימער פּאָעטישער חברותא, וואָס דערגרייכן אַזש צום ווייסן הויז. זיי האָבן שוין געזען, אַז לאוועל זאָל זיין צווישן

די פֿאַרבעטענע געסט, כּדי דער בריוו זיינער, דער אָפּזאָג, זאָל מאַכן אַ סענסאַ־ציאָנעלן רושם.

כ׳האָב בפֿירוש גאָרנישט קעגן לאָועלס פּאָליטישע מיינונגען, איך קען אַפֿילו מושווה ווערן, אַז ער האָט געמעגט שיקן אַן אָפּזאָג־בריוו, כּדי אַרויסצורופֿן אַ סענסאַציע דורך אַן אַנטי־וויעטנאַם־אַקציע, אָבער — אָבער — אָבער — כ׳האָב זיך בפֿירוש פֿאַרשטאַמלט שרייבנדיק, ווייל כ׳ווייס פּשוט נישט ווי צו פֿאַרשטיין און כאַראַקטעריזירן דעם פֿאַקט, וואָס צום פּרעזידענט אין ווייסן־הויז, ווו ס׳האָט זיך לחלוטין נישט געהאַנדלט וועגן וויעטנאַם, איז ער נישט געקומען און נישט געקומען מיט אַ טראַסק, אָבער אויף אַ טעלעוויזיע־פֿייערונג לכּבֿוד עזרא פּאָונדס אַכציק־יאָריקן געבוירנטאָג איז ער דווקא יאָ געקומען און געהאַלטן אין איין הנפֿנען דעם אַלטן פֿאַשיסט און אַנטיסעמיט און אים באַזאַלבן פֿון קאָפּ ביז די פּיס. עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג, מיט דעם פּאָעט־אימפּעראַטאָר — ראָבערט לאָועל. ווען ס׳איז דערמאָנט געוואָרן פּאָונדס אַנטיסעמיטיזם, האָט עס לאָועל פֿאַרענטפֿערט, ווען מען האָט דערמאָנט פּאָונדס פֿאַשיזם און פֿאַשיסטישע עקאָנאָ־מישע פֿילאָזאָפֿיעס, מ׳שטיינס געזאָגט, האָט ער עס גרינג אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, ווען מען האָט גערעדט וועגן פּאָונדס פֿאַרראַט צו אַמעריקע דורך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען פּאָונד האָט געאַרבעט פֿאַר מוסאָליניִן און געווען זיין ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדיסט און אויפֿגעפֿאָדערט אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אַוועקצוואַרפֿן זייער געווער, רעוועענדיק, אַז ס׳איז אַ יידישע מלחמה — האָט עס ראָבערט לאָועל „גערעדט" מיט פּאָונדס — כאַראַקטער, איידלקייט, האַרציקייט, נשמהדיקייט. דאָס טעלעוויזיע־פּראָגראַם פֿאַר פּאָונדן איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיף־בוקנדיקער אָנערקענונג און גרויס פֿאַרערונג צום פּאָעט־פֿאַשיסט.

ס׳איז מיר נישט אַרויס פֿון זינען דאָס סענסאַציע־בריוול, וואָס לאָועל האָט געשריבן פּרעזידענט דזשאָנסאָנען וועגן וויעטנאַם, בעת זיין באַטייליקונג אין דעם פֿאַרערונג־פּראָגראַם פֿאַר פּאָונדן, ווו לאָועל האָט געשפּילט די ערשטע פֿידל.

געווען אויך דאָרט די אַלטע אַמעריקאַנער דיכטערין — מאַריאַן מור. ז׳י איז שוין נעבעך עובֿר־בטל און ס׳איז געווען אַ בזיון זי צו לאָזן רעדן, ס׳איז פּשוט געווען פּיינלעך צו הערן איר פּלוידעריי. אויך זי האָט שוואַכזיניק באַלויבט פּאָונדן פֿון אַלע זייטן — אָבער מען האָט קוים פֿאַרשטאַנען, וואָס זי האָט גערעדט, אָדער וואָס זי האָט געוואָלט. עזרא פּאָונד האָט פֿון איר תּמיד געהאַלטן און זיך מיט איר דורכגעשריבן. פּאָונד האָט אויך געלויבט לאָועלן און דער יונגער פּאָעט האָט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו באַזוכן פּאָונדן אין משוגעים־הייז, ווו פּאָונדס חבֿרים האָבן אים אַריינגעגראַטעוועט, כּדי ער זאָל נישט קריגן טויט־שטראָף פֿאַר זיין אָפּענעם און מיאוסן פֿאַרראַט. פֿרעגט זיך אַ קשיא, צי איז טאַקע לאָועל שולדיק אַזוי פֿיל לאָיאַליטעט פּאָונדן פֿאַר אַ גוטע מיינונג וועגן לידער, אַז ער קען אַראָפּשלינגען די גאַנצע געמיינהייט פֿון פּאָונדס שׂנאה צו אַמעריקע, צו יידן,

צום מענטשלעכן פּראָגרעס — און אַלץ אין נאָמען פון עטלעכע אויסגעלויזטע פּאָעטישע שורות, וואָס לאָועל האָט אויסגעזוכט ביי פּאונדן אין זיינע אַנגעוואָרכענע, צערודערטע און פאַרמיסטיקטע מיט אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם — „קאַנטאָס" — אַזוי רופט עזרא פּאונד זיין פּאָעמע, וואָס ער שרייבט שוין פערציק יאָר און וואָס איז אַן אָנגעהויפּנטער מיסטקאַסטן, ווו זיינע פאַרערער גראַבלען זיך און זוכן היסטעריש אַ פּערל.

אגב, די פאַרערער זיינע האָבן דערקלערט, אַז פּאונד איז געוואָרן אַן אַנטיסעמיט אין די היטלער־יאָרן, דאָס איז אַ בפירושער ליגן, ווייל נאָך אין 1929 איז פּאונד געווען אַ מיטאַרבעטער אין פּעליס טרויעריק־באַרימטן זשורנאַל פאַר די „זילבערנע העמדלעך". פּעלי איז, ווי באַוווּסט, געווען אַ ווילדער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדיסט און ער איז אויך געזעסן אין תפיסה ווי אַ פאַרמשפּטער פאַררעטער, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

נו, און ווי מיינט איר, האָט זיך טאַקע אַזאַ יום־טוב לכבוד פּאונדן געקענט באַגיין אָן אַ ייד? חלילה, ווי האָט אייך געקענט איינפאַלן אַזאַ געדאַנק, אַ געוויסער פּראָפעסאָר — ראָזענטאַל, האָט מיט אַ האָניקדיקער שטימע גערעדט וועגן פּאונדס פּאָעזיע ווי ער וואָלט געווען דער פּאָעטישער ריז פון אַלע דורות און פאַר אַלע דורות. וואָס האָט ער נישט געפונען אין פּאונדן? חכמה, ווייזהייט, טיפקייט, נאָבלקייט, אייביקייט, סופּער־געניאַליטעט. ער האָט אויך מינימיזירט די אַלע פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישע מעלות טובות פון פּאונדן, ווייל זיי ווערן דאָך בטל בשישים אין די פּאָעטישע שורות זיינע פון די „קאַנטאָס", וואָס זענען דאָס גרעסטע און דאָס אַמביציעזסטע ווערק פון אונדזער דור, די גרויסע קינסטלערישע ירושה פאַר דער צוקונפט פון דער וועלט און איר אַרויפפיר אויפן גלייכן וועג.

אָט דער דאָזיקער ייד ראָזענטאַל האָט געמוזט קומען און זאָגן און גלייכשטעלן די וואָג. ווייל די דאָזיקע יידן פון דעם באַקאַנטן שניט, קענען נישט פילן ביי זיך, אַז זיי זאָלן נישט קומען באַשיצן פּאונדס פּאָעטישע אויסקוועטשעכץ. די פּאָעטישע שורה איבער אַלץ, איבער מענטשלעכקייט, איבער שכל, איבער יושר. קולטור, קולטור, גיט זיי נאָר קולטור. פּאונדס פילאָזאָפיע באַשטייט אין פאַרגעצן די קולטור, אין היטלער־דייטשישן זין פון וואָרט, בוקן זיך צו איר, און אַפילו מקריב זיין אויף דעם מזבח פון אַ פּאָעטישער שורה — דעם ווילזיין פון דער מענטשהייט. אַ ייד ראָזענטאַל האָט געמוזט קומען און געבן זיין הסכמה אויף פּאונדס פּאָעטיש וויסן, וואָס מעג פאַרשווענקען און פאַרטרינקען דאָס מענטשלעכע געוויסן.

געווען בלויז איין פּאָעט — סעלדאָן ראָדמאַן — וואָס האָט אַריינגעוואָרפן אין פּראָגראַם עטלעכע אמתע און לאָגישע רייד, ער האָט אָנגעוויזן, אַז פּאונד איז אַ מיזעראַבל מענטשל, אַ געפערלעכער און פאַנאַטישער מאַניאַק, אַן אַנטיסעמיט און פאַשיסט מיט געפערלעכע טעאָריעס פון אַ גראָבן, מיזאַנטראָפּישן עם־הארץ, אַן אַלטער תרח, וואָס איז געבליבן אַן איינגערעדט יינגל, אַז ער קען ראַטעווען די

וועלט מיט זײַנע פֿאַרפֿלוידערטע לידער; אַז ער איז זייער ווייט פֿון אַ גרויסן, אַפֿילו פֿון אַ מיטלמעסיקן פּאָעט און אַז זײַנע פּאָליטישע און קריטישע קריטעריעס זענען — אומזין.

ער האָט געהאַט מוט — סעלדאָן ראָדמאַן, דער פּאָעט און צונויפֿשטעלער פֿון עטלעכע פּאָעזיע־אַנטאָלאָגיעס. די אַנדערע באַטייליקטע האָבן זיך אַזש געקאָרטשעט פֿון זײַנע הייסע, אויפֿריכטיקע, אָן־פּניותדיקע און קעמפֿערישע מיינונגען. ער האָט געקעמפֿט קעגן דער קראַנקער פֿאַרפֿינצטערונג פֿון מוחות און ער האָט עס געטאָן מיט מענטשלעכער און פּאָעטישער ווירדע, אָפּוואַרפֿנדיק דעם האָניק, וואָס מיט אים האָבן די אַנדערע אַרומגעריבן פּאַונדס אַלטע, בייזע ביינער.

ס׳איז אַ קראַנקער שיכט פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס קלאַמערט זיך אין פּאַונדן און איז אים מוחל זײַן גאַנצע אַקטיווע אומווירדיקייט, אין נאָמען פֿון פּאָעזיע. ס׳וועט זײַן אָך און וויי צו דער פּאָעזיע, אַז מען וועט אין איר נאָמען קענען מוחל זײַן פֿאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם. דאָס בחורל, וואָס האָט געפֿירט די טעלעוויזיע־פֿייערונג, האָט סומירט, אַז מען וועט ערשט נאָך מער צוריקקומען צו פּאַונדס וואָרט און זײַן טיפֿער פֿילאָזאָפֿיע. ס׳איז געווען אַ רחמנות אויף אַזאַ ביטערער קאָפּ־פֿאַרקרימונג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אונדזער פֿאַרפֿירטן און פֿון גלייכן שכל אַראָפּגעפֿירטן דור פֿון קינסטלערישע שאַצערס און אָפּשאַצערס.

דעם געקרוינטן פּאָעט ראָבערט לאָועל האָב איך בשום אופֿן נישט געקענט מוחל זײַן זײַן צביעות. ווען ער האָט אַזוי שטאַמלענדיק פֿאַרזיכטיק און מיט האַרוואַרד־פּראָפֿעסאָרישן און אַקאַדעמישן אָנשטעל געהאַלטן אין איין דעקן מיט פֿייגנבלעטלעך פּאַונדס אַלע שאַנדעס, האָב איך בעת מעשה אַלץ געטראַכט פֿון זײַן סענסאַציאָנעל בריוול צום ווײַסן הויז וועגן וויעטנאַם, ווען ס׳האָט זיך אַפֿילו וועגן וויעטנאַם נישט געהאַנדלט און וועגן זײַן שלום מיטן אייגענעם געוויסן, וואָס האָט אים זייער גרינג דערלויבט צו זײַן דער הויפּט־מחותן ביי עזרא פּאַונדס געבורטסטאָג־יום־טוב.

12.11.65

# נאַציאָנאַל אָדער אוניווערסאַל

איך האָב תמיד איינגעזען, אַז אוניווערסאַלע טעמעס שטעלן אייגנטלעך צו אַ קלענערן אויסוואַל ווי נאַציאָנאַלע. ווען מען שרייבט לידער וועגן די פיר דעפינירטע צייטן פון יאָר, מען באַשרייבט אַ בוים, אַ בלום, אַ שקיעה אָדער אויפגאַנג, אַ ביסל גראָז; מען באַזינגט אַ ביסל ליבע (היינט איז עס שוין אַן אַלטמאָדישע אוניווערסאַלע טעמע) און מען דערמאָנט זיך אין טויט — האָבן מיר דערמיט פּאַקטיש אויסגעשעפּט דעם גאַנצן אוניווערסאַלן טעמאַטישן לאַגער. די דאָזיקע טעמעס זענען אוניווערסאַל, ווייל מיר נעמען אָן, אַז זיי זענען פאַרשטענד־לעך אומעטום אויף דער גאַנצער וועלט און אַז די נאַטור אין איר אויפשטיין און פאַרטונקלונג, מיט איר האַרצרייסנדיקן קאָנטראַסט צום מענטש, מיט וועמענס אויפשטיין ס׳הייבט זיך גלייך אָן זיין אונטערגאַנג; אַז דאָס איז אַ מין גאָט־געגע־בענער פּאָעטישער עספּעראַנטאָ, וואָס פון די ראַפינירטסטע, ציוויליזירטסטע פעלקער, ביז די קאַניבאַלישע שבטים, וועט מען עס מוזן פאַרשטיין, ווייל די טעמעס אַליין וועלן זיי אַ כאַפּ טאָן ביים אוניווערסאַלן האַרץ.

אָבער קונסט מיינט דאָך דיסציפּלין, און דיסציפּלין מיינט אין לעצטן סך־הכל — ענגשאַפט, אין ענגשאַפט צו קענען שאַפן גענוג קינסטלערישע באַקוועמלעכ־קייט. מען גיט דיר אַ צוגעשפּאַרטע אַרומצאַמונג און דו דאַרפסט דאָרט באַוויזן וווּנדער צו מאַכן דיין שפּאַציר, זאָלן מיר דערפאַר זאָגן, אַז אין דער באַגרענעצט־קייט פון דעם אוניווערסאַלן טעמאַטישן אויסוואַל ליגט דער אַרויספאָדער צו קינסטלערישער דיסציפּלין. ס׳קלינגט פּאַראַדאָקסאַל צו רעדן וועגן אוניווערסאַלע טעמעס און וועגן באַגרענעצטקייט — אין איין אָטעם, אָבער מיר שמועסן דאָך — לאַבאָראַטאָריש און מיר מיינען מיטן וואָרט אוניווערסאַל דאָס אַלגעמיינע לשון פון געפילן, וואָס פּאָעזיע איז מחויב צו רעדן.

ש. ניגער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז ווען איך וואָלט זיך נישט אַזוי קאָנ־צענטרירט אויף נאַציאָנאַלע טעמעס, וואָלט איך געקענט ווערן אַן אוניווערסאַלער פּאָעט. ס׳איז געווען אַ בחיפּזונדיקער זאָג און ס׳איז מסתמא געווען אַריינגעקנאָטן אין אַ לענגערן שמועס, נאָר דעם פאָדעם פון יענעם שמועס געדענק איך שוין נישט. מיר איז אָבער, געדענק איך, געבליבן אויף איבערצוקייען דעם דאָזיקן קאָנטראַסט צווישן אוניווערסאַל און נאַציאָנאַל, און נאָך עד־היום פאַרשטיי איך נישט אַקוראַט דעם אונטערשיד צווישן דיביידע באַגריפן, אָדער זאָלן מיר זיי רופן — טערמינען.

יענער שמועס איז, דאַכט זיך, געפירט געוואָרן בעת די שוידער־יאָרן, ווען

מייסטע יידישע פּאָעטן און פּראָזע־קינסטלער האָבן געשריבן וועגן חורבן, סיי די פּאָעטן, וואָס זענען געווען אין ממשותדיקן חורבן, סיי די, וואָס זענען געווען אין קאַשמאַר פון חורבן. ש. ניגער אַליין האָט דעמאָלט געשריבן וועגן יענע לידער און געזוכט די אויסגעטיילטע קולות פון יחידים, ווען מען האָט געקענט אַרויסהערן פון דעם קלאָג־ציבור.

מיר דאַכט זיך פון דעסטוועגן, אַז ניגער האָט באַטראַכט די אַלע קלאָג־ און חורבן־לידער ווי אַ צייטווייליקן איבערפאַל אויפן יידישן פאָלק, וואָס מען וועט און מען מוז דערפון זיך ראַטעווען. דערינען איז אַוודאי געלעגן גרויסער אָפּטימיזם, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט עס אַלץ איבערלעבן, און דער ווּנטש, אַז מען וועט און מען דאַרף איבערגיין צו „פּערמאַנענטערע" טעמעס. אָפּט מאָל דאַכט זיך מיר נאָך איצטער, אַז יידישע פּאָעטן זינדיקן גאָר וואָס זיי זענען אַוועק פון דער דאָזיקער „צייטווייליקער" טעמע און ס'האָט אפשר באַדאַרפט זיין אונדזער געהייליקטע שליחות נישט אויפצוהערן באַקלאָגן דעם חורבן ביזן סוף פון אונדזערע טעג — די טעג פון אונדזער דור, וואָס האָט עס אַלץ אויף זיינע פּלייצעס דורכגעטראָגן אָדער דורכגעשוידערט אין מאַרך.

כ'ווייס נישט צי ש. ניגער האָט זיך דעמאָלט אָפּגעגעבן אַ פולן חשבון און צי ער האָט טאַקע געמיינט די חורבן־לידער, ווען ער האָט מיך געוואָלט אַרויספירן אויף די ברייטע וועגן פון מיטאָס, אָדער עפּאָס, וואָס האָבן אים דעמאָלט שטאַרק געהאַט פאַרכאַפּט. ס'קומט מיר אָבער אויס, אַז ניגער האָט נישט געשריבן מיט צו פיל וואַרעמקייט וועגן חורבן־לידער. אפשר האָט ער מורא געהאַט פאַר דער פאַרפלייצעניש פון אַזעלכע לידער, בעת ער האָט געזוכט די „חזנים" אין די גרויסע כאָרן פון „משוררים". דאָס זענען אַלץ פּראָפּאַגירטע אויסדרוקן, אָבער כ'רעדט זיך דאָך דאָ טעמאַטיש און אויב איר ווילט אַפילו לאַבאָראַטאָריש.

ס'איז כדאי אַ מאָל צו נעמען אין האַנט אַריין אַן אָנגענומענע אַנטאָלאָגיע פון ענגלישער פּאָעזיע, וואָס איז זיכער, ווי קינד און קייט ווייסט — אוניווערסאַל. לאָמיר זאָגן — דאָס „אָקספאָרד"־בוך פון ענגלישער פּאָעזיע און לאָמיר זיך אַוועקזעצן און ערלעך לייענען, כ'מיין אַן דער צוגעגרייטער קעלבערנער התפעלות, און לאָמיר דאָרט זוכן די באַזונדערע גוטע לידער, וואָס קענען „רעדן" צום היינטיקן לייענער, צום לייענער, וואָס לייענט נישט מיטן טראָפּ פון שול־נאָסטאַלגיע, ווען מען האָט אים אַריינגעקנעלט, אַז די לידער זענען זהב טהור. אַז מיר וועלן אויף אַן אמת דאָרט זוכן גוטע לידער, וועלן מיר געפינען, אַז צווישן די פאַרהייליקטע בלעטער פון ענגלישן פּאָעטישן פאָלקס־אוצר זענען פאַראַן זייער ווייניק היינטצייטיקע גוטע „אוניווערסאַלע" לידער. די אוניווערסאַלקייט האָט זיך פון זיי אויסגעוועפּט. די מייסטע לידער, מיטן אויסנאַם אפשר פון אַ צוויי צענדליק, קלינגען ווי פּראָווינציעלע געזאַנגען, וואָס זייער חן ליגט בלויז אין לשון, אָבער מער נישט אין אינהאַלט. לשון איז דאָך דער היפוך פון אוניווערסאַל,

סיידן מען זאָל אָפּיציעל פּראָקלאַמירן, ווי ס'איז שוין פאַקטיש אָנגענומען אין דער וועלט־דיפּלאָמאַטיע, דאָס ענגלישע לשון פאַר אוניווערסאַל. אָבער אויך דעמאָלט וועט מען אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב קוים קענען אָפּשאַצן די אינערלעכע שיינקייט פון אַן אַמאָליקן געשניצטן ענגלישן פערז, די מייסטערשאַפט און די מוזיק, וואָס איז זיכער בלויז אַלט־אייראָפּעיִש און בפירוש נישט אַפריקאַניש, אָדער אַזיאַטיש; אַפילו נישט היינטצייטיק אייראָפּעיִש.

ס'איז אַ סברא, אַז דעם באַגריף אוניווערסאַל, אין שייכות מיט ליטעראַטור, דער עיקר מיט פּאָעזיע, האָבן אויף אונדז אַרויפגעצוווּנגען מיט באַהערשערישן כוח שטאַרקע און גרויסע פעלקער; ס'איז געווען אַ מין ליטעראַרישער אימ־פּעריאַליזם. די קלענערע פעלקער, מיט די זעלביקע קלינג־קלאַנג־לידער וועגן טויט אָדער וועגן פרילינג, אויף זייערע נישט־אוניווערסאַלע לשונות, האָבן נישט געקענט אַרויסרוקן אין פאָדערגרונט דעם טעם פון זייער אוניווערסאַלער טעמאַ־טיק. דער אמת איז, אַז אַ סך אַזוי־גערופענע גרויסע פּאָעטן זענען געווען — פּראָזאַיִקער. זייער גאַנצע פּאָעטישקייט איז באַשטאַנען אין דער באַחנטקייט פון זייער לשון און אין דעם צוזאַמענשטעל פון די גלעטנדיקע אָדער שטורעמדיקע שורות. די „אוניווערסאַלע" פעלקער האָבן פאַרקויפט זייערע נאַציאָנאַלע פּאָעטן דער גרויסער וועלט, וואָס האָט זיי אָנגענומען מיט אַ געפלעפטער מורא — אָנגענומען און זיך אונטערגעגעבן. פאַר אַביישפּיל לאָמיר נעמען די מאָדערנע גריכישע פּאָעזיע, וואָס איז שוין אויך אַלט אַ הונדערט און פופציק יאָר, האָט זי ערשט היינטיקס יאָר באַקומען אַ נאָבעל־פּרעמיע און פאַרקויפט דער גרויסער וועלט איר אוניווערסאַלן פּאָעט — סעפעריס, וואָס איז אויף אַן אמת אַ נאַציאָ־נאַלער פּאָעט.

דערפון איז אַ שפּרונג צום געדאַנק, אַז די אמתע אוניווערסאַלע פּאָעטן זענען — נאַציאָנאַל, נאָר זייער אוניווערסאַלקייט באַשטייט אין דער פאַרקויף־קראַפט פון אַ באַזונדער פאָלק. דאָס יידישע פאָלק האָט קיין מאָל נישט פאַרמאָגט קיין פאַרקויף־קראַפט. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז כדי צו פאַרקויפן זיין שרייבער צו דער וועלט מוז אַ פאָלק פאַרמאָגן גענוג מיליטערישן און דיפּלאָמאַטישן כוח, און אַוודאי אַ שטיקל באַזונדער געאָגראַפישן שטח. זי מוז אויך האָבן געדונגענע ליטעראַרישע מעקלערס, וואָס זאָלן דעם שרייבער זייערן „אוניווערסאַליזירן".

וואָס זשע איז דער אמת? די גאַנצע מעשה מיט אוניווערסאַלע שרייבער, אין קעגנזאַץ צו „ענגע" נאַציאָנאַלע שרייבער, איז אַ פיקציע. דער נאַציאָנאַלער שלום־עליכם האָט נעבעך, שרייבנדיק טביהן, נישט געוווּסט, אַז ער שרייבט אַפילו „כינעזיש", און אַז פון זיין נאַציאָנאַלער ענגשאַפט וועט ער אויסוואַקסן צו איינעם פון די גרעסטע וועלט־שרייבער. ווייל, אויב איר ווילט קינסטלערישע דיסציפּלין, איז אין נאַציאָנאַלער קונסט פאַראַן די געטריישאַפט, וואָס צווינגט אַ שרייבער צו זיין אָפּגעהיט און קאָנצענטרירט אויף יאָרן פון זיין קינדהייט און

יינגלשאַפט; ווייל בלויז מיט אָט דעם כוח שרייבט מען נאַציאָנאַלע קונסט אַ גאַנץ לעבן. בלויז אַלץ, וואָס מען האָט איינגעזאַפּט אין שטוב, אַרומגערינגלט פון וואַרעמער משפּחהשאַפט, קען שפּעטער פאַרוואַנדלט ווערן אין נאַציאָנאַלער קונסט.

און אַז מען וויל רחבות, די מעגלעכקייט זיך צענעמען די הענט, אויסוואַל פון טעמעס, איז נאַציאָנאַלע קונסט אַוודאי אַ סך ברייטער, ווי די אַזוי גערופענע אַד נאַוסעום, צעאַרבעטע אוניווערסאַלע טעמעס, פון ליבע, ליידנשאַפט, טויט, בוים און בלום.

און אַז ס׳קומט צו אונדזער יידישער קלענערער פאַרקויף־קראַפט פון אונדזער אייגנס צו דער וועלט, מעג מען זאָגן, אַז די נאַציאָנאַליסטע און עקזאָטישסטע פּאָעזיע, ווי למשל, די כינעזישע פּאָעזיע, אָדער די אַפריקאַנישע, וועט אָנגענו־מען ווערן ווי אוניווערסאַלע פּאָעזיע, אָבער צו יידישער פּאָעזיע טרעט מען גלייך צו מיט דעם פאַראורטייל אַז ס׳איז צו־נאַציאָנאַל. דער ווײ־געשריי אָדער טריומף־געזאַנג פון אַ נעגער אין אַ באַפרייטער אַפריקאַנישער קאָלאָניע וועט אויפגענומען ווערן פון דער גרויסער וועלט מיט אַ סך מער אויפנעם־גרייטקייט, ווי די גאַנצע חורבן־פּאָעזיע פון יידישן פּאָעט און די אַלע גאולה־לידער פון אַן אויפגעריכטער יידישער מדינה. דאָס איז נישט קיין נאַציאָנאַלער שפּלות־געפיל, נאָר אַזוי איז עס. אַוודאי געשעען ניסים, די וועלט האָט יאָ אַ שטיקל קוואָטע פאַר אונדז, אַ מין ליטעראַרישן נומערוס קלאַוזוס, וואָס איז כמעט — נולוס, ס׳געשעט אַ מאָל, אַז אַ נאָמען רייסט זיך פאַרט דורך, אָבער בעיקר בלייבט אונדזער נאַציאָנאַלע קונסט — עקזאָטיק, כאָטש אַ מאָל מאַכט זיך אַז דער עמעצער, וואָס רייסט זיך דורך און קומט צו דער וועלט, געווינט זיין דורכרייס דווקא מיטן כוח פון עקזאָטיק, וואָס אין איר וויל מען אונדז כסדר איינוויגן.

ס׳איז ווערט צו געדענקען, אַז פון דער גאַנצער גרויסער יידישער און העב־רעיִשער פּאָעזיע, איז קיין איין פּאָעט נישט באַקאַנט אין דער גרויסער וועלט, מיטן אויסנאַם פון איינציקן נאָמען — ביאַליק, אָבער מיט דעם נאָמען געטרויט מען אונדז אויפן וואָרט. צי שוין זשע זענען אַלע העברעיִשע און יידישע פּאָעטן געווען ענג־נאַציאָנאַל? כאַפּט ווידער אַ קוק אויף אַ גוטער אַנטאָלאָגיע פון קלאַ־סישע ענגלישע לידער און זעט, אדרבא, מיט וואָס זענען זיי קלאַסישער פון אונדזער גרויסער פּאָעזיע און מיט וואָס זענען מיר, אין אונדזער נאַציאָנאַלקייט, ענגער ווי די באַרימט געוואָרענע ענגלישע פּאָעטן?

אויב ס׳איז פאַראַן אַזאַ ענין ווי אוניווערסאַלע ליטעראַטור, וואָס שליסט אויס נאַציאָנאַלע קונסט, איז זי אַ סך ענגער און ממש קלוב־מעסיקער, ווי נאַציאָנאַלע ליטעראַטור. אין באַציִונג צו דער יידישער ליטעראַטור, איז די מיטאָלאָגישע אוניווערסאַלע ליטעראַטור, נישט נאָר נאַציאָנאַל, נאָר זי ליידט פון אַן אַלנאַציאָנאַלן שאָוויניזם, וואָס וויל אונדז נאָך אַלץ נישט האָבן אין דער וועלט־געזעלשאַפט.

ס׳איז אויך נישט אמת, אַז די יידישע פּאָעזיע לאָזט זיך נישט איבערזעצן. זי פאַרלירט נישט מער דורך איבערזעצונגען, ווי יעדעס ציוויליזירטע לשון. איך האַלט נישט, אַז מ׳קען נישט גוט איבערזעצן די גוטע יידישע פּאָעזיע. ס׳איז בלויז שווער איבערצוזעצן די רויכיקע לירישע לידער אין אַלע לשונות, די לידער, וואָס הינקען בלויז אויף קלאַנג און וואָס זענען פאַרפומירט. דווקא די נאַציאָנאַלע לידער לאָזן זיך איבערזעצן אויף אוניווערסאַלע באַגריפן.

מען קומט נאָך אַלץ אָן, יעדער פּאָעט אויף זיין שפּראַך און יעדער אויף זיין שטייגער, צום אייגענעם נאַציאָנאַלן לשון און צום אייגענעם נאַציאָנאַלן געמיט, אַפילו כדי אַרויפצושפּרינגען אויפן וואָגן פון דער צוקונפטיקער וועלט־טעמאַטיק. ס׳איז ווי מיט אַ קינסטלעכער אינסעמינאַציע, וואָס וועט קיין מאָל נישט אָפּשאַפן קיין חתונות, נאַציאָנאַלע חופות און בעטן.

ס׳איז דערפאַר אַן אַבסורד צו בענקען נאָך יענער אויבערפלעכלעכער אוני־ווערסאַלקייט, וואָס מיינט נישט מער ווי וועלט־אָנערקענונג, געבויט אויף צופאַל, מזל און פּיפּיקער מעקלעריי, אייגענער אָדער געדונגענער. ווען אַ פּאָעט דערגראָבט זיך צו די טיפן און ווונדער פון זיין נאַציאָנאַלער ירושה, איז ער ממילא אוני־ווערסאַל, אַפילו ווען זיינע לידער דרימלען אין אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן אָרון־קודש,

# וואָס איז אַ יידיש בוך?

איך בין תמיד גרייט צו רעדן וועגן ביכער און זיי נישט אַרויפפירן אויף נאַציאָנאַלע סטעזשקעס, וואָס, לאָמיר דערווייל צוגעבן, אַז זיי זענען שמאָלע וועגן לגבי דער ברייטקייט פון קונסט, אירע מאָסן און גרויסער אַלנאַציאָנאַלער הנאה. אָבער ווי באַלד מיר זענען מסכים צו פאַרשמעלערן דעם ענין און דווקא רעדן וועגן דער טעמע — יידישע ביכער, מוזן מיר אָננעמען לכתחילה, אַז מיר זענען גרייט צו רעדן צו דער טעמע און צו דער זאַך.

אין לאָגיק איז נישט פאַראַן קיין פּאָזיטיוו, וואָס זאָל הויזן צוזאַמען מיט אַ נעגאַטיוו. אַזאַ צוזאַמענלעבן קען מען געפינען אין עלעקטריציטעט. אַז ס׳קומט צו קונסט, איז מען אָפט גענייגט צו רעדן וועגן דעם אין נאַציאָנאַלע טערמינען און תוך כדי דיבור לייקענען, אַז ס׳איז פאַראַן אַזאַ זאַך אויף דער וועלט ווי — נאַציאָנאַלע קונסט. קונסט, זאָגט מען, טאָר נישט זיין נאַציאָנאַל, זי מוז זיך אַריבערהייבן איבער נאַציאָנאַלע באַגריפן.

פון דעסטוועגן זוכן אַלע פעלקער פּריִער פון אַלץ דעם אָפּשפּיגל פון זייער נאַציאָנאַלן פּרצוף. די אַלע אויפגעגאַנגענע נייע אַפריקאַנישע לענדער זענען גלייך געלאָפן צו די נאַציאָנאַלע קונסט־קוואַלן זייערע זיך אָפּצוטובלען דאָרט, ווי פרייע מענטשן. נאָר אַז ס׳קומט צו שמועסן וועגן דעם — רעדן זיי אויך אין איבער־נאַציאָנאַלע טערמינען.

ס׳איז אפשר נישט אַזוי די קונסט אַליין, ווי די הנאה פון קונסט, וואָס איז אי אינדיווידועל אי נאַציאָנאַל. אויב אַ מענטש האָט הנאה פון אַ קונסטווערק, ווי אַ טאַמעוואַטער געניסער, מיט פאַרגלייזטע אויגן און געקיצלטע אויערן, איז ער אפשר דער איבערנאַציאָנאַלער איקס, וואָס פרעגלט זיך פון הנאה. אָבער אַז ער קומט געניסן צום קונסטווערק ווי אַ פולער מענטש, מוז ער זיין אַ נאַציאָ־נאַלער געניסער. ער מוז הנאה האָבן מיט אַלע מעלות, פאָדערונגען און ספּעצי־פישע אייגנשאַפטן, וואָס זענען אין אים אַריינגעירשנט געוואָרן.

רעדן מיר דערפאַר וועגן יידישער קונסט, מוזן מיר גלייך וויסן, אַז וויפל מיר זאָלן זיך נישט מענטשלען, מוזן מיר זיך אָנשטרענגען צו פאַרשמעלערן און דעפינירן דעם ענין. מען קען נישט צוזאַמענעמען בילדער פון יידישע מאָלער, זיי אויסהענגען אין אַ יידישן מוזיי, צוזאַמענרופן אַן עולם יידן און זיי מיט אַ מאָל דערקלערן, אַז ס׳איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי יידישע מאָלעריי. אמת, ס׳איז טאַקע שווער צו דעפינירן, וואָס איז אַזוינס יידישע מאָלעריי — איז סוטינס שטיק פלייש — יידיש, ווייל סוטין איז געווען אַ ייד אָדער איז זיין שטיק רויפלייש געמאָלן

אויף אַ יידישן שטייגער ? אַז מען וועט נישט אויסזאָגן ווער ס'איז סוטין און מען וועט זיינע בילדער נישט אויפהענגען אין אַ יידישן מוזיי, וועט מען אפשר נישט טראַכטן וועגן יידישער הנאה פון יידישער קונסט.

זענען רעמבראַנדטס ביבלישע פּנימער — יידישע קונסט, אָדער מוז דער קינסטלער אַליין אויך זיין אַ ייד ? איז סטראַווינסקיס נייסטע קאָמפּאָזיציע „נח" — יידישע מויק, ווייל ס'איז אַ יידישע טעמע, אָדער ווערט גאָר קאָפּלענדס מעקסיקאַנישע פאַנטאַזיע — יידיש, ווייל דער קאָמפּאָזיטאָר איז אַ ייד ? אָט די אַלע קשיות דאַרפן אפשר אין גאַנצן נישט געפרעגט ווערן, אָדער גאָר אַוועקגעשטעלט ווערן, נאָר ווי באַלד מען שטעלט די דאָזיקע קשיות יאָ אויף אַ נאַציאָנאַלן יסוד, מוז מען עס זוכן צו פאַרענטפערן, ווי שווער ס'זאָל נישט אָנקומען. אַזוי האָבן געטאָן אַלע פעלקער. זיי האָבן קודם כל געזוכט צו געניסן נאַציאָנאַל פון זייער אייגענער קונסט, איידער זיי האָבן זי אַוועקגעשענקט דער וועלט.

ווען ס'קומט צו יידישע ביכער, בין איך בפירוש גרייט אין גאַנצן צו פאַרשווייגן זייער יידישקייט און רעדן בלויז וועגן זייער קינסטלערישן ווערט, אויב דאָס זענען די פאָרויס איינגעשטימטע תנאים פון שמועס. אויב מען נעמט יידישע ביכער אויף אַלערליי לשונות און מען וואַרפט זיי אַריין אין אַ גרויסן באַרג ביכער פון אַלערליי פעלקער און מען ציט אַרויס אַ בוך, ווי פון אַ קאַלפּע, און מען רעדט וועגן בוך מיט נייטראַלע רייד, בין איך אויך גרייט זיך לאָזן מצרף זיין צו אַזאַ שמועס און נישט איבערפירן די אינטערנאַציאָנאַלע אידיליע מיט רייד וועגן — נאַציאָנאַלער קונסט. אָבער אַז מען שאַפט אַ ספּעציעלן יידישן חוש פאַר יידישע ביכער, מיט אַ ספּעציעלער פּאָליצע פאַר יידישע ביכער און מען מאַכט עס פאַר אַ מין נאַציאָנאַלן יום־טוב און מען מאַכט נאָך דערצו פּראָפּאַגאַנדע — נישט צו פאַרפעלן קויפן אַ יידיש בוך, קען מען מיר נישט איבערשלאָגן די רייד, ווען איך וועל לייענען דאָס בוך פון אַ זייער שמאָלן שטאַנדפּונקט, זוכנדיק ספּעציפישע יידישקייט אין אַזעלכע ביכער. נישט איך האָב געעפנט די טעמע, נאָר די, וואָס האָבן מיך אַריינגענאַרט אין דעם דאָזיקן עסק. די געזעצן פאַר דער נאַציאָנאַלער דיסקוסיע זענען געשאַפן געוואָרן, ווי נאָר מען האָט אַרויסגערעדט די פאַרפלאָנטערטע רייד — אַ יידיש בוך.

איז דערפאַר נייטיק צו דעררעדן זיך צו אַ שטיקל דעפיניציע וועגן אַ יידיש בוך, וואָס ווערט מיר אונטערגערוקט אויף אַלערליי לשונות, אין חודש פון יידישן בוך.

ס'איז אָן ספק, אַז אַ בוך מיט יידישע אותיות, אויף העברעיִש אָדער יידיש, געשריבן פון אַ ייד, איז לכל הדעות אַ יידיש בוך. ווי מען זאָל אַ מאָל נישט וועלן אויסשליסן טעמאַטיש געוויסע יידישע ביכער, מוז מיר זיי אָננעמען, אַפילו מיט אַ זיפץ, און זיי דערקלערן פאַר יידישע ביכער, מיט דעם אויסנאַם פון מיסיאָנערישער פּראָפּאַגאַנדע.

די שווערקייט הייבט זיך אָן, ווען ביכער ווערן געשריבן אויף אַנדערע שפּראַכן און זיי קומען צו אונדז ווי — יידישע ביכער. איך בין גרייט צוצוגעבן, אַז דאָס יידישע פאָלק, צווישן פעלקער, נייטיקט זיך שטאַרק אין נאַציאָנאַלער „פּובליסיטי", ס'איז גוט פאַר יידן צו האָבן באַרימטע נעמען, ס'מאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף דער קריסטלעכער וועלט. איך אַליין בין אפשר אויך צופרידן, פון אַ נאַציאָנאַלן פּובליסיטי־שטאַנדפּונקט, וואָס דער אָדער יענער ייד האָט עס „געמאַכט" און איז געוואָרן, אָדער ווי מען רופט עס, וואָס ער האָט — דורכגע־בראָכן. אָבער דאָס מיינט נישט, אַז איך מוז דערפאַר, ווי אַ ייד, הנאה האָבן פון זיין ווערק. די גאַנצע הנאה פאַלט אויף דעם דערפאָלגרייכן ייד. די פראַגע, צי האָט זיין ווערק אַ יידישן ווערט, מוז דערפאַר געענטפערט ווערן נישט בלויז פון דעם פּובליסיטי־שטאַנדפּונקט, אָדער דערפאַר, וואָס אַ יחיד איז דערהויבן געוואָרן ביי די גויים, נאָר צי איז פון דעם דאָזיקן יידס ווערק אויך צוגעקומען אַ שטיקל פרייד פאַרן יידישן פאָלק. אויב דאָס ווערק האָט בלויז באַרייכערט — פון אַלערליי שטאַנדפּונקטן — דעם מחבר, געשאַפן פּריוואַטע פרייד זיינע עלטערן, אַ ווייב, אַ געליבטער, האָט עס געגעבן איין סאַטיספאַקציע; אָבער וויפל פרייד, אָדער פריידיקער טרויער איז דערפון צוגעקומען דעם יידישן פאָלק?

שלום־עליכם, ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער זייער שטאַרק הנאה געהאַט פון זיין באַרימטקייט; אָבער דאָס יידישע פאָלק פרייט זיך מיט זיין גרויסן נאָמען, נישט נאָר דערפאַר, ווייל אַ ייד איז באַרימט געוואָרן, נאָר דערפאַר, ווייל ס'איז דערפון געוואָרן אַ גרויסער נאַציאָנאַלער יום־טוב. שלום־עליכמס ליכטיקע געלעכטער האָט אונדז דערהויבן.

ווען שלום אַש האָט אַרויסגעגעבן זיינע קריסטאָלאָגישע ווערק אויף ענגליש, האָט ער דערפון הנאה געהאַט, דער יידישער פּובליסיטי־עלעמענט איז געווען אַ גאַנץ נישקשהדיקער — אַ ייד האָט צוגעשטעלט קריסטאָלאָגישע ווערק דער גויעשער וועלט. אָבער צי איז אין זיין פּריוואַטער באַרימטקייט אויך געלעגן נאַציאָנאַלע הנאה פאַרן יידישן פאָלק? האָבן מיר דערפון אויך עפּעס „פּראָפּי־טירט", אָדער דער פּראָפּיט דערפון איז געווען אַ יחידישער?

דאָס זענען אַלץ פראַגן, וואָס קענען העלפן באַשטימען וואָס איז אַ יידיש בוך, אויב מיר רעדן וועגן אַ יידיש בוך.

שלום אַש איז מיט זיין קינסטלערישער סחורה געקומען צו די גויים און זיי פאַרקויפט עפּעס וואָס ער איז געווען זיכער, אַז זיי ווילן קויפן. שלום־עליכם איז נישט געגאַנגען צו די גויים מיט זיין סחורה. ס'איז אים נישט געלעגן אין דער לינקער פּיאַטע. פאַרקערט, די גויים זענען געקומען צו אים, פאַראַן אַ משל וועגן אַ רב, אַ שאלה און אַ מויד, וואָס וואָלט געקענט אילוסטרירן דעם דאָזיקן ענין, אָבער מיר וועלן עס אָפּלאָזן און זיך באַגיין אָן משלים.

ס'איז אויך בפירוש מעגלעך, אַז אַ יידיש בוך, מיט יידישע אותיות אויף

העברעיִש אָדער יידיש, זאָל על־פּי הכרח מוזן אַוועקגעלייגט ווערן צווישן יידישע ביכער. אָבער אין אַן איבערזעצונג אויף אַן אַנדער לשון, ווי דערפאָלגרייך אַזאַ בוך זאָל נישט ווערן און ווי דערפאָלגרייך דער מחבר זאָל נישט ווערן, ווערט עס אויס יידיש בוך, אויב ס'שטעלט בלויז צו נאַציאָנאַלן צער דעם יידישן פאָלק און נישט קיין נאַציאָנאַלע הנאה. דער בלבול, אַז יידן האָבן געקרייציקט דעם גויעשן גאָט ווייסן שוין אַלע פּראָגרעסיווע מענטשן, אַז ס'איז נישט מער ווי אַ בלבול. אָבער פאַראַן יידישע מחברים וואָס האַלטן אין איין קרייציקן יידן און זיי פאַרשוואַרצן זיי גוט ס'פּנים איידער זיי ליקווידירן זיי, און פון דעסטוועגן וויל מען אונדז אונטערוואַרפן אַזעלכע ביכער ווי יידישע ווערק.

פון דאַנען איז געדרונגען, אַז ווען מען רעדט פון אַ יידיש בוך, מוז מען זיך האַלטן ביי דער טעמע און זוכן צו באַשטימען, צי איז עס טאַקע אַ יידיש בוך, אָדער אַן אונטערגעוואָרפענער ממזר.

כ׳וויל גלייך, ביים אַרויספּאָר, אויסדריקן אַ דאַנק דעם גוטן חבר מלך ראַוויטש, וואָס האָט מיר דערלויבט אַ פּריוואַטע לייענונג פון זיין פייערלעכער פּראָקלאַמאַציע צו אַלע יידישע פּאָעטן, איידער זי האָט אַ הילך געטאָן אויף די זייטן פון דער „סביבה״. ס׳קומט אויך אַ דאַנק אונדזער אָנפירערין פון דער „סביבה״, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, וואָס האָט מסכים געווען אויף אַ „פּרעוויו״ פון דעם דראַמאַטישן אויפרוף, איידער ער האָט אויפגעשאַלט און אָפּגעקלונגען אין רשות הרבים.

זאָל דאָ גלייך ביים אָנהייב אָנגעוויזן ווערן, אַז הגם איך האָב נישט געקענט אויפזוכן מיין „פּראָסט און פּשוט״, וואָס פון אים ציטירט ראַוויטש, אַז איך זאָל האָבן „פֿאַרטיידיקט דאָס רעכט פון פּאָעטן צו זיין אַזוי פיל אומפאַרשטענדלעך ווי עס גלוסט זיך זיי״, און כאָטש כ׳בין זיכער, אַז איך האָב דעם זאַג אַרומגע־רינגלט און אַרומגעוואָרנט מיט גאַנץ פעסטע רעזערוואַציעס, אַז דער „ווי עס גלוסט זיך זיי״ איז נישט געווען אַזוי ברייט און „אַנאַרכיסטיש״ ווי ראַוויטש וויל האָבן, וועל איך פון דעסטוועגן נישט אַמפּערן זיך מיט אים איבער דעם ציטאַט, ווייל מיר גלוסט זיך אָפּצופּרעגן מיט עטלעכע ווערטער ראַוויטשס אומקלאָרן באַגריף וועגן קלאָרקייט און אומקלאָרקייט אין לידער.

איידער כ׳קום צום ענין לידער, וויל איך אָנווייזן אויף עטלעכע פּאָעטישע ליצענצן און אומקלאָרקייטן אין ראַוויטשס גאַנץ פּראָזאַאישן אויפרוף. אויב פּאָעזיע איז לויט ראַוויטשן מחויב צו זיין קלאָר און פאַרשטענדלעך, איז דאָך אַ פּשיטא, אַז פּראָזע וועגן ענין קלאָרקייט דאַרף אַוודאי זיין קלאָר און פאַרשטענדלעך. לאָזט זיך אויס, אַז די צוויי מאָל צווייקייט, וואָס ראַוויטש פאָדערט פון פּאָעטן, אַנטהאַלט אין זיך אַ שלל מיט אומפאַרשטענדלעכקייטן, און איידער מיין חבר ראַוויטש וועט מיט מיר נישט לערנען פּשט און אויפקלאָרן די פאַרהוילענע שטעלן, איז פאַר מיר שווער אויפצונעמען זיין אומפאַרשטענדלעכן רוף פאַר קלאָרקייט.

ראַוויטש שרייבט, אַז ער פאַרקריגט זיך מיט „דער מאָדערנער און אולטראַ־מאָדערנער פּאָעזיע״ און מיט די „אולטראַ־מאָדערנע״ יידישע פּאָעטן. דאָס איז אַ זאַץ פול מיט רמזים. כ׳וויס נישט, וואָס ער מיינט מיט מאָדערנער פּאָעזיע און וואָס ביי אים הייסט אולטראַ־מאָדערנע, סיידן כ׳זאָל אָננעמען, אַז די צעטיילונג באַציט זיך אויף דער גראַד אומפאַרשטענדלעכקייט פון די פּאָעטן און זייערע לידער. אויב אַזוי, איז מיר בפירוש אומקלאָר, ווי אומפאַרשטענדלעך אַ מאָדער־נער פּאָעט דאַרף זיין און וואָס פאַר אַ מאָס קלאָרקייט ער מוז פאַרמאָגן, אַז ער

זאָל נישט אַריינפּאַלן אין כּף הקלע פון „אולטראַ־מאָדערנע". ווידער פּאַרשטיי איך נישט, פאַר וואָס עס לאָזט אַרויס פון צעטל די „מאָדערנע" יידישע פּאָעטן און נעמט זיך בלויז צו די „אולטראַ־מאָדערנע". האָט ער מיט די „מאָדערנע" יידישע פּאָעטן שלום געמאַכט, אויב אַזוי — וואָס זענען די שלום־באַדינגונגען?

פּאַרשטיי איך שוין אויך נישט ראַוויטשס גוזמא, אַז אַ ליד איז אַ „דיסטי־לירטע און קאָנדענסירטע וועלט". אַ וועלט קען מען אפשר ווי עס איז קאָנדענ־סירן, איינשרומפּן, זאָגן מיר, מיט פּלי־מכשירים, אָבער דיסטילירן אַ וועלט, איז אַ ביסל שווערער צו באַנעמען. איך בין אָבער ליבעראַל גענוג צו דערלויבן דעם פּאָעט ראַוויטשן מער אומפאַרשטענדלעכקייט, ווי ער איז גרייט צו שענקען אַנדערע פּאָעטן.

אומפאַרשטענדלעך איז אַוודאי ראַוויטשס פּלי אין די הימלען, ווען ער פאַרזיכערט אונדז, אַז אַ פּאָעט איז דער באַהעלפער, וואָס קאָן דעם מענטש העלפן אַרויסגעשאָסן צו ווערן אין חלל. ווען ראַוויטש דערטאַפּט אַ אַ שורה ביי אַ פּאָעט, וואָלט ער עס פאַרצייכנט פאַר אומקלאָר, אָדער נאָך ערגער — פאַר אומלאָגיש, ווייל אומוויסנשאַפטלעך. אַזאַ שורה וואָלט פון דעם פּאָעט אפשר צוגענומען דעם קאָנטאַקט פון מי יודע וויפל ערנסטע לייענער. זיי וואָלטן געטענהט אַז די פּאָעטישע בילדלעכקייט פון פּלי־ען אין די הימלען, איז שאַבלאָניזירט געוואָרן ביז אומלאָגישקייט, מיטן פּלי פון אַ גאַגאַרין, שעפּאַרד אָדער טיטאָוו.

ראַוויטש אָפּערירט אויך מיט גאַנצע באַגריפן, וואָס זענען מיר אַבסאָלוט אומקלאָר, ווייל זיי רופן אין מיר נישט אַרויס קיין שום קאָנטאַקט מיט דעם זאָגער. כ׳קען נאָך מער־וויניקער פאַרשטיין, וואָס עס מיינט אַזוינס אַן אַבסטראַקט — געפיל, אָדער בענקשאַפט, אָבער ווען מען לייגט־צו דעם אַדיעקטיוו — פּאָעטיש, אי צו געפיל, אי צו בענקשאַפט און מען זאָגט, אַז אַזאַ מין געפיל איז בפירוש דאָ אין יעדן מענטש, הייב איך עס נישט אָן צו פאַרשטיין וויפל איך זאָל נישט רופן היינען צו הילף. מיר דאַכט זיך, אַז אַ פּאָעט, וואָס גייט אַרויס צו מלחמה, ביבליש גערעדט, מיט אולטראַ־מאָדערנע פּאָעטן, וואָלט אַליין געמעגט זיין אָפּגעהיטענער מיט אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע רייד.

און אַז מיר האַלטן שוין ביי היינען מוז איך זאָגן אָט וואָס: מיר איז אַ וווּנדער אויף דעם עטישן חבר ראַוויטש, וואָס באַוואָרנט זיך מיט אַ פּאָעטישן פעטער היינע און וואָס זידלט — אָט ווי איר הערט — זידלט אָן גלייך יעדן איינעם, וואָס דערוועגט זיך צו זאָגן אַ קרום וואָרט אויף היינען. גיט זיך ראַוויטש אַ כעסדיקן זאָג, אַז היינע איז „אַ פּאָעט וואָס נאָר בייזוויליקייט אָדער פּערווערסיע קען אים נעגירן אַלס קלאַסישן וועלט־ליריקער". פּאַרשטיי איך נישט און איך טשעפּע זיך אסור נישט צו ווערטער, וואָס פאַר אַ טיטל עס איז — וועלט־ליריקער, ווען וו׳ערט מען אַ קלאַסישער וועלט־ליריקער, און פאַר וואָס זאָל אַזאַ גוטער מענטש און מזג טוב ווי ראַוויטש לכתחילה אָנזידלען אַפילו איין מענטשן, אויב יענער

האַלט נישט, אַז היינריך היינע איז טאַקע די אַלע גוטע זאַכן, וואָס ראַוויטש רעכנט אויס, און אַז דערפֿאַר דאַרף מען היינעס ספּעציפֿישע פּאָעטישע קלאָרקייט באַשטימען ווי אַ מאָס פֿאַר דער היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע ?

און אַז מיר רעכענען שוין אויס אומפֿאַרשטענדלעכקייטן אין ראַוויטשס רוף צו יידישע פּאָעטן, איז מיר ערשט אומקלאָר ראַוויטשס ביי זיך אַליין אָפּגעדונגענער קאָמפּראָמיס, אַז אַ ביסל אומפֿאַרשטענדלעכקייט איז פֿאָרט נייטיק, ווי זאַלץ צו שאָקאָלאַד. דאָ עפֿנט ערשט ראַוויטש די טיר פֿאַר גאָר גרויסע סכנות. ער וואָרנט קעגן „צו פֿיל אומפֿאַרשטענדלעכקייט“, אָבער ער שענקט יידישע פּאָעטן אַ נדבה פֿון אַ ביסל אומפֿאַרשטענדלעכקייט. ווער זאָל זיין דער מעסטער און וועגער אויסצוגעפֿינען, ווען דאָס ביסל הייבט אָן ווערן צו פֿיל און וויפֿל דאַרף וועגן דאָס ביסל, אַז עס זאָל חלילה נישט אָפּפֿרעמדן דעם לייענער, וועמענס ריטער ראַוויטש איז געוואָרן.

וואָס מיינט בכלל — גלאַט אַ לייענער און וויפֿל אומפֿאַרשטענדלעכקייט מעג מען אויף אים אָנשיקן; און אויב אַ לייענער קען שוין פֿאַרטראָגן אַ קאַפּיטשקע אומפֿאַרשטענדלעכקייט אין אַ ליד, צי וועט אַזאַ לייענער נישט קולטיווירן אַ חשק צו וועלן, אויב נישט אַ ביסל מער אומפֿאַרשטענדלעכקייט, איז כאָטש אַ ביסל וויניקער צעקייטע קלאָרקייט און פֿאַרשטענדלעכקייט ?

נאָך ערגער ווערט ווען מען נעמט־אָן אויף אַן אמת ראַוויטשס מתנה פֿון אַ ביסל אומפֿאַרשטענדלעכקייט, מיט דער גאַנצער מאַטעמאַטיק פֿון צוויי מאָל צוויי איז פֿיר. די מאַטעמאַטישע קלאָרקייט פֿון צוויי מאָל צוויי מוז אויך ווערן אַ ביסל פֿאַרנעפּלט און מאַטעמאַטיש וועט מען עס מוזן אַזוי פֿאָרמולירן: צוויי × צוויי + אַ ביסל אומפֿאַרשטענדלעכקייט = 4 + עקס אָדער גאָר 4 — עקס. אגב, וועט דער לייענער מיר אַנטשולדיקן אויב איך פֿאַרבייט ראַוויטשס צוויי און צוויי אויף צוויי מאָל צוויי. ראַוויטש וויל עס מאַכן אַזוי קלאָר מיטן נאָמען פֿון זיין אַרטיקל, אַז ער וויל אַפֿילו נישט אַרויס פֿון די ראַמען פֿון חיבור און ריזיקירן מיט אַ כפֿל.

ראַוויטש וואַרפֿט זיך אין זיין רוף מיט פּאָעטיזאַציעס, אַז אָנשרייבן אַ ליד איז ווי געבוירן אַ מענטש. וועל איך זיך אָנטאָן אַ כוח און זיך אָנשטרענגען צו פֿאַרשטיין דעם פֿאַרגלייך, שוין אַפֿילו מיט די ווייען, אָבער וואָס איז מיר אַבסאָלוט אומפֿאַרשטענדלעך איז ווען ער זאָגט, אַז אַ ליד איז אַ לעבעדיקע און הויך־אינטעלעקטועל וועזן. ווי קען אַ הויך־אינטעלעקטועל וועזן אויסקומען מיט צוויי און צוויי איז פֿיר ? קען אַ הויך־אינטעלעקטועל וועזן טאַקע רעדוצירן אַלץ צו אַזאַווילדער קלאָרקייט ?

מיין חבר ראַוויטש שטעלט אַוועק אַ ציפֿער פֿון 480 לידער, וואָס אַ דורכשניט־דיכטער דאַרף שרייבן, כדי אַרויסצושלאָגן פֿון זיי, נאָך אַ ריי עקספּערימענטן, צוועלף יסוד־לידער. מיר געפֿעלן גראָד די דאָזיקע כאַפּ־לאַפּ־ציפֿערן,

אָבער נישט דערפֿאַר, ווייל זיי זענען גרינטלעך סטאַטיסטיש, אָדער קלאָר און פֿאַרשטענדלעך, נאָר דווקא ווייל זיי זענען מיסטישע ציפֿערן. 480 לידער אַנט־האַלט שוין די פֿיר און אַכט, די צוועלף יסוד־לידער. 480 טיילט זיך גלייך אויף צוועלף און דער ענטפֿער איז פֿערציק. דאָס מיינט, אַז אויף יעדע פֿערציק לידער קומט אויס איין יסוד־ליד. אַנגענומען, אַז אַ דורכשניטלעכער פּאָעט איז אַ מין סמבטיון, וואָס רוט שבתים און יום־טובים, וועלן מיר קומען צום אויספֿיר, אַז שרייבנדיק אַפֿילו נישט מער ווי אַ ליד אַ וואָך, וועט אים געלינגען אָנצושרייבן ווינציקסטנס אַ יסוד־ליד איין מאָל אַ יאָר. מיט די 480 לידער קען ער פּאַרטיק ווערן אין צוועלף יאָר. ער זאַמלט אָן זיינע צוועלף יסוד־לידער און ער קען זיך צוריקציִען פֿון דער שאַרפֿער פּאָעטישער קאָנקורענץ. ווי מיר זעען, איז עס אַ גאַנצע מאַטעמאַטיק און ס׳איז שוין אַ סך טיפֿער און העכער ווי דער פּשוטער חיבור פֿון צוויי + צוויי. דער ענין ווערט ערשט קאָמפּליצירטער, ווען אַ פּאָעט פֿאַרגלוסט זיך נישט צו רעזיגנירן און ער אַרבעט־אָן מער ווי זיין אָנגעצייכנטן טוץ יסוד־לידער. צי מעג ער כאַטש אין די „איבעריקע" לידער זיך פֿאַרגינען צו זיין אַ ביסל מער ווי אַ ביסל אומפֿאַרשטענדלעך? ווייל נאָך אַלעמען זענען דאָך די לידער געשענקטע לידער און אַ געשענקט ליד מעג מען דאָך אָננעמען באהבה, מיט אַלע קאַפּריזן פֿון די מער ווי צוועלף גרונט־לידער.

סיידן אפֿשר לערנען מיר פּשט, אַז ווי באַלד דער פּאָעט איז אומפֿאַרשטענד־לעך, קען שוין זיין ליד ממילא נישט ווערן קיין יסוד־ליד. איז דאָך דערפֿון קלאָר, אַז די אולטראַ־מאָדערנע פּאָעטן, מיט וועמען מלך ראַוויטש ווייל זיך פֿאַרקריגן, זענען מסתמא ביטערע אביונים, וואָס מחמת זייער אולטראַ־מאָדערניזם, לייען — אומפֿאַרשטענדלעכקייט, האָבן זיי צווישן זייערע 480 לידער נישט אָנגע־שריבן קיין איין יסוד־ליד, איז דאָך נישט שייך זיך צו קריגן מיט אַזעלכע קאַב־צעניוקעס.

איז שוין זעען מיר, גאַנץ קלאָר, וויפֿל אומקלאָרקייט ראַוויטש האָט זיך אַליין דערלויבט אין זיין פּראָקלאַמאַציע פֿאַר קלאָרקייט. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ.

ראַוויטש זאָגט זייער קלאָר, אַז מיט באַשאַפֿן מענטשן קען מען נישט עקספּע־רימענטירן. אַז מען ווייל קען מען אויך דאָס אָפּפֿרעגן. ווייל וואָס איז קינסטלעכע באַפֿרוכפּערונג, אָדער קאָנסערווירטע זרע, ווי אַ שוץ קעגן אַטאָמישער פֿאַרוויס־טונג, אָדער גענעטישער אָפּקלייב, אויב נישט עקספּערימענטן? נאָר מיר וועלן עס לאָזן גיין ווי עס שטייט — אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן; און איך בין כמעט ווי זיכער, אַז מען טאָר נישט — אָבער ווען ראַוויטש דערקלערט, אַז „מיט לידער מעג מען יאָ עקספּערימענטירן", און גאַנצע 480 מאָל, פֿרעגט זיך אַ קשיה, אויף וואָס דאַרף מען אַזוי פֿיל מאָל עקספּערימענטירן מיט — קלאָרקייט, און צי איז טאַקע מעגלעך, אין פּראָצעס פֿון עקספּערימענטאַציע, אַרויסצושיילן קלאָרע יסוד־לידער, אויב זיי וועלן זיין אַ פּראָדוקט פֿון עקספּערימענטן?

גאָר־גאָר אומפאַרשטענדלעך ווערט מיר ראַוויטש, וואָס האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אַוועקגעלייגט אַ כלל, אַז אַ ליד מוז דערציילן אַ מעשה, ווען ער איז איצטער מוסיף, אַז אַ ליד דאַרף מען קענען „איבערלייגן אויף מוזיק". איך מאַרשטיי לחלוטין נישט דעם זין פון אַזאַ געזעץ. מיינט עס איבערלייגן אַ ליד אויף איר אייגענער אינעווייניקסטער מוזיק, אָדער מיינט עס אַ מוזיקאַלישע קאָמ־פּאָזיציע, דער זין פון ראַוויטשס זאָץ פירט צו דער הנחה, אַז עס מוז זיך לאָזן „מוזיצירן". פון וועמען? ס'זענען דאָך פאַראַן אַזעלכע מוזיקער, וואָס ווען זיי רירן זיך צו צו אַ ליד, זענען זיי מבייש דאָס ליד. אַנדערע גוטע מוזיקער נייטיקן זיך אַבסאָלוט נישט אין דער קוואַליטעט פון ליד; אדרבא, וואָס ווייניקער דאָס ליד שטייט זיי אין וועג מיט גרויסע מעלות, אַלץ גרינגער איז זיי צו שאַפן די מוזיק. אויב אַ גוט ליד דאַרף תּמיד וואַרטן אויף אַ מוזיקאַלישן זיווג, איז עס דאָך אומפאַרענדיקט, מעג דאָך דער לייענער אַוודאי וואַרטן ביז דער ריכטיקער מוזיקער וועט דערפון מאַכן אַ לייט.

נאָך דעם ווי ראַוויטש רופט מיט אומפאַרגעבלעכן מוט, אין אונדזער רעוואָ־לוציאָנערער צייט, צו אַ מעכטיקער „קאָנטעררעוואָלוציע אין דער פּאָעזיע", פאַרענדיקט ער מיט דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבן — זוכנדיק דעם קאָנטאַקט מיטן לייענער (און ווער נאָך ווי ראַוויטש ווייסט אַזוי ווויל, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ באַשעפעניש, ווי אַן אַבסאָלוטער לייענער און אַז דאָס פּראָבלעם פון לייענער ווערסוס פּאָעט איז זיכער נישט אין פּראָפּאָרציע צו דער אַזוי געדרופענער קלאָר־קייט פון ליד; אַז פּאָר געוויסע לייענער פון „קלאָרע" לידער וועט אַפילו ראַוויטשס קלאָרקייט אויסזען איינשטייניש־אומפאַרשטענדלעך; אַז ראַוויטש וואָלט זיך נישט געוואָלט באַרימען מיט דער פּאָפּולאַריטעט ביי טייל לייענער, וואָס זייער סטאַנדאַרט פּאַר קלאָרקייט וואָלט ראַוויטשן געגעבן מאַטעריאַל פּאַר אַ נייער דיסערטאַציע). נאָך דעם ווי ראַוויטש וויל אָנקניפּן קאָנטאַקט מיט „אונדזערע צוהערער" דורך פאַרשטענדלעכקייט, קומט ער מיט זיין פייערלעכן רוף צו די פּאָעטן, צו די „אולטראַ־מאָדערנע" יידישע פּאָעטן (ווייל די אַנדערע, נעמען מיר אָן, טוען דאָך סיי ווי שרייבן צוויי און צוויי לידער), מיט אַ קרעשטשענדאָ פון קאָלאָסאַלער אומקלאָרקייט:

„לאָמיר שרייבן גרויס און קלאָר — אַזוי ווי עס איז דאָס אייביקע געזעץ, וואָס איז וואָר געווען נאָך איידער בראשית, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר, און זאָלן אונדזערע שורות זיין גרויס אין זייער שיינעם ריטעם — אויך ווי צוויי מאָל צוויי".

מיר איז לגמרי נישט קלאָר, וואָס אייגנטלעך ס'איז וואָר געווען „נאָך איידער בראשית". דאָס איז „פּאָעזיע" און אומקלאָרע פּאָעזיע. דעמאָלט ווען דער האַר פון תוהו ובוהו האָט אַ געשריי געטאָן אויף דעם אור־שטויב און אים איבער־געשראָקן און אָנגעהויבן עקספּערימענטירן מיט טעג און נעכט, מיט פיש, פייגל, חיה, מענטש, מיט מענער־ריפּ און ברודער־מאָרד, בין איך נישט גאַנץ זיכער

צי צוויי מאָל צוויי האָט שוין עקזיסטירט, צי עס איז געווען וואָר און צי ביי אונדזערע מעגאַטאָן־באָמבעס קען מען עס טאַקע אַסעקורירן און רופן אייביק געזעץ.

„שורות, וואָס זענען גרויס אין זייער שיינעם ריטעם" איז מיר צענפּאַך אומקלאָר, ווייל „גרויסע שורות" און „שיינער ריטעם" פאַרמאָגן מטושטשדיקע אַדיעקטיוון. איך פּערזענלעך, קאָן אַוודאי נישט דיפערענצירן אַ מיאוסן ריטעם פון אַ שיינעם ריטעם. ווען ראַוויטש ענדיקט זיין פלאַמיקן רוף פאַר קאָנטעררעוואָלוציע מיט דער דערקלערונג, אַז די שורות און דער ריטעם דאַרפן זיין „אויך ווי צוויי מאָל צוויי", בלייב איך זיצן אַ געפּלעפטער און זאָג, אַז איידער איך לאָז זיך אַוועק אויף ריזיקאַלישע וועגן פון קאָנטעררעוואָלוציע אין דער פּאָעזיע, און איידער איך אַדאָפּטיר היינריך היינען פאַר אַ וועגווייזער פאַר היינטצייטיקער יידישער פּאָעזיע, וועט מיר מיין טייערער פריינד מלך ראַוויטש מוזן קלאָרער אויפקלערן ווי אַזוי זיינע פּראָיעקטירטע צוויי מאָל צוויי שורות וועלן העלפן גרעסער און שענער מאַכן דעם גאַנג פון דער יידישער פּאָעזיע.

# קריטיקער און די טענות צו אים

ס׳איז אַן איינשטעלעניש אַקעגנרעדן אַ רעדאַקטאָר, זאָל זשע קלאָר ווערן, אַז כ׳נעם זיך חלילה נישט אונטער זיך צו שפּאַרן מיט קאַדיע מאַלאַדאָווסקיס מיינונגען וועגן שאַפונגען און קריטיק. מיר דאַכט זיך בלויז, אַז איך בין לכל הפחות די שער, וואָס מעג זיך אָפּרופן, ווען מען רופט־אויף די קריטיק, כ׳פאַרטרעט דערמיט מיינע פיר ביכער וועגן שרייבער, וואָס האָבן אַ שטיקל שייכות מיט קריטיק. כ׳האָב אַמאָל אין אַ בריוו צו ש. ניגערן זיך אָפּגעוואָרפן פון דער ראָלע פון אַ קריטיקער, אָבער ער האָט דווקא געוואָלט האָבן, אַז איך בין יאָ אַ קריטיקער. כ׳ווייס נישט אין וואָס ס׳איז אים געגאַנגען מיך אַריינצושלעפּן אין דער בראַנזשע, אָבער וואָס אָפּטער איך האָב געשריבן וועגן ביכער און וואָס מער מען האָט פון צייט צו צייט אויפגעהויבן אַ געשריי, אַז ס׳זענען מער נישטאָ קיין קריטיקער ביי יידן, אַלץ מער איז אין מיר געוואַקסן דער להכעיס דווקא צו גילטן פאַר אַ קריטיקער. מחמת אַ פּשוטן שכל, אַז אויב כ׳בין נישט קיין קריטיקער איז למה זה אנוכי, וואָס טו איך פאַקטיש אילע־וואָך מיט די ביכער, וואָס איך באַשרייב?

נאָך דער דאָזיקער התנצלות וועל איך זיך דערלויבן צו מאַכן עטלעכע באַמערקונגען וועגן די אויפגאָבן, וואָס קאַדיע שאַרט צו דער קריטיק ביי יידן. ערשטנס, בין איך נישט אין גאַנצן מסכים מיט קאַדיעס חומש־משל פון כי טוב, אַז ס׳איז געווען קריטיק, אָדער אַפילו זעלבסטקריטיק. געווען איז עס נישט מער און נישט ווייניקער ווי זעלבסטלויב, אָדער עלעגאַנטער און טאַקטישער זיך־לויב, אַ מין ווערגווייזער פון באַשאַפער פאַר אַלע שאַפער. דעם ערשטן באַשאַפער איז אַליין געפעלן זיין ווערק. אָבער ער איז נישט אַריין אין התפעלות, ער איז זיך נישט צעגאַנגען אין ליבגעזאַנגען וועגן זיך אַליין. ער האָט באַשיידן אַ זאָג געטאָן, אַז ס׳איז גוט און איז גלייך אַריבער צו ציילן די טעג פון באַשאַף, איינשטעלן אַ קאַלענדאַר און בכלל זען, צי ער האַלט אויס די שאַפונג־קוואָטע פון דיסציפּלין. דער רבונו של עולם האָט געהערט צום סאָרט שאַפער, וואָס אַרבעט דיסציפּלינירטע טאָג־אַרבעט. אַנדערע אַרבעטן לויט דער שטימונג, אָדער ווען כ׳באַפאַלט זיי דער רוח הקודש. דער באַשעפער פון אַלץ איז סיי ווי געווען זיכער, אַז וואָס־וואָס, אָבער קיין רוח הקודש פעלט אים נישט. מחמת דער דאָזיקער זעלבסטזיכערקייט — זאָל מיר דערלויבט זיין אַ ביסל קריטיק — איז שוין גראָד דער מענטש באַשאַפן געוואָרן נישט מיט פולן רוח הקודש, נאָר אַ קאַפּיטשקע בחפּזונדיק און מיט שפּעטערישער מידקייט.

איך בין מסכּים, אַז דער בעסטער קריטיקער איז אַליין אַ קינסטלער, אָבער איך האַלט נישט, אַז דער ציל פון קריטיק איז צו זיין אָביעקטיוו. פאַרקערט, וואָס שעפערישער דער מענטש איז, וואָס שרייבט קריטיק — און אַ קריטיקער קען זיך מיט קריטיק דערשרייבן צו שעפערישקייט — אַלץ מער מעג מען אים געטרויען אַ סוביעקטיווע מיינונג. די אַמביציע פון אַ גוטן שרייבער איז גראָד צוצוטרעפן אַן ערנסטן סוביעקטיוון קריטיקער. אויב דער קריטיקער איז פאַרעוועט אָביעקטיוו און ער קען אַלץ שלינגען און פאַר אַלץ געפינען אָביעקטיווע מאָסן, איז עס גאָרנישט אַזאַ מעלה פאַר אַ ווערק, אַריינצופאַלן אין אַזאַ מאָגן וואָס קען אַלץ אויפעסן און פאַרדייען. אַ סוביעקטיווער קריטיקער, וואָס מען מעג אים גע־טרויען, ווייל ער האָט געשמאַק, איז אַ ברכה פאַר אַ ווערק, ווייל ער נעמט עס אַריין אין דער באַגרענעצונג פון זיין גוטן געשמאַק און נישט אין דער אומענדלעכער נייטראַליטעט פון זיין קריטישער פילאָנטראָפּיע.

מיט מיין גאַנצן רעספּעקט צו די פיינע משלים, וואָס קאַדיע מאָלאָדאָווסקי ברענגט אין איר עסיי, מוז מען פון דעסטוועגן זיך האַלטן ביי דער טעמע. ר׳ לוי יצחק דער מלמד־זכותניק איז נישט געווען קיין קריטיקער, נאָר אַ טייערער אַדוואָקאַט. דאָס יידישע פאָלק איז תמיד געשטאַנען צום משפט און אויב מיר ווילן דווקא מאַכן פון יידישן פאָלק אַ ווערק — האָט עס דער אַדוואָקאַט פאַר־טיידיקט, ווען מען איז גוזר אויף אַ ווערק, אַז ס׳זאָל אַרויסגענומען ווערן פון דער צירקולאַציע איז דער, וואָס פאַרטיידיקט דאָס ווערק, נישט קיין קריטיקער, נאָר אַן אַדוואָקאַט. אין פאַל פון ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער איז זיין אַדוואָקאַטור געווען נאָך ספּעציפישער דערמיט, וואָס ער האָט פאַרטיידיקט אַ ווערק פאַרן באַשאַפער פון ווערק. ווען דער רבונו של עולם איז געוואָרן גלייכגילטיק צו זיין אייגן ווערק — דאָס יידישע פאָלק — איז געקומען ר׳ לוי יצחק און עס אים פאַר־ליובט, אַז דאָס ווערק איז גאָר לעילא ולעילא. דערפאַר האַלט איך נישט, אַז ר׳ לוי יצחק איז געווען אַ פאַרטיפטער קריטיקער, אָדער בכלל אַ קריטיקער.

ס׳איז מיר אויך קלאָר, אַז קאַדיע מאָלאָדאָווסקי האָט נישט פאַרזיכטיק געלייענט איינס פון די בעסטע ביכער פון ש. ניגער, וואָס איז דערשינען נאָך זיין טויט. דאָס בוך אַנטהאַלט זיין אני מאמין איבער קריטיק. אין יענעם ווערק דער׳עט מען זייער קלאָר, אַז ניגער איז שוין גאָרנישט אַזוי באַשיידן און ער וויל דווקא זיין דער מורה־דרך פאַר קינסטלערישן שאַפן; און ער האָט געהאַט רעכט דערצו, ווייל אים איז תמיד געגאַנגען — און לייענענדיק דאָס בוך זעט מען עס בולט — צו דערהייבן די קריטיק צו קינסטלעריש שאַפן.

כ׳גלייב קוים צי מען דאַרף זיך באַקלאָגן אויף דעם פאַרמיש פון „פּובלי־סיטי" מיט קריטיק. אַפילו ביי די אומות העולם איז זייער גרינג צו אונטערשיידן צווישן פריינדלעכער אָדער באַצאָלטער פּובליציטעט און ערנסטער קריטיק. כ׳זאָג אַפילו — דערפאַר, ווייל פּובליציטעט און „בעסטסעלער" איז ביי זיי אַן

ענין, וואָס לוינט זיך און דער גאַנצער האַרמידער פון פּובליסיטי גערדייעט ביי די אומות העולם טאַקע דערפאַר, ווייל ס׳איז אַ גרויסע אינדוסטרי און עס ברענגט גוטע רעזולטאַטן. דערפאַר איז פּובליסיטי אין גרויסע נישט־יידישע ליטעראַטורן געוואָרן אַ פּראָפעסיע, וואָס נעמט אָן אויסערלעך אַלע כלומרשטע פאָרמען פון קריטיק, ווייל איר צוועק איז צו שאַפן באַרימטקייט און געלט. זי פּוצט זיך אין פעדערן פון קריטיק, ווייל ס׳גייט דער פּובליסיטי אין אויסזען לייטיש, כדי צו מאַכן דעם גוטן איינדרוק, אַז אויסן איז זי אָביעקטיווע קריטיק — און דאָ זעען מיר ערשט, אַז אָביעקטיוו קען זיין גאַנץ טרייף. דער פּובליסיטי־קריטיקער וויל דווקא מאַכן דעם אָנשטעל פון אַן אָביעקטיוון שופט.

ביי אונדז ברענגט פּובליסיטי לחלוטין גאָרנישט. די באַרימטקייט ווערט נישט געמאָסטן אין געלט־ווערט ; די באַרימטקייט גופא איז אַ שוואַך אַרטיקל, וואָס איז נישט עובר לסוחר. פאַראַן ביי אונדז באַרימטקייטן, ווו אַ סך קלענערע באַרימטקייטן וואָלטן גאָרנישט געוואָלט שטיין. ביי זיי, ביי די גרויסע ליטעראַטורן, איז פאַראַן אַ מאָס פאַר וועלט־באַרימטקייט, וואָס גילט אָפּ דעם שרייבער, און ווען דער שרייבער דערגרייכט די אייבערשטע באַנק, ווו מען האָט אים דערבע־זעמט צו וועלט־באַרימטקייט, ציילט זיך עס אין הכנסה.

דערפאַר האָט זיך פשוט נישט געלוינט צו אַנטוויקלען אַ גוטן פּובליסיטי־סטיל ביי אונדז יידן פאַר ווערק און שרייבער. די עקאָנאָמיק פאָדערט עס נישט. דאָס ביסל פּובליסיטי, וואָס עקזיסטירט יאָ ביי אונדז איז אַזאַ שלימזלדיקע, אַז עס וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן. ביי אונדז, זעט איר, איז גיכער שכיח די ריינע פריינדשאַפט־קריטיק. איז אויך די אייגענע מעשה, אויב דער פריינד טוט נישט קיין עוולה דעם פריינד־שרייבער ווען ער שאַצט־אָפּ, און זיך אַליין אויך נישט, ברענגט די פריינדשאַפט־קריטיק כאָטש — אַ גוטע עסיי. פאַראַן פריינדשאַפט־קריטיקן, וואָס שטאַמען פון אַ געפיל, אַז ס׳איז דאָ ביי אונדז אַ קליינע משפחה פון גוטע שרייבער, וואָס מען דאַרף צו זיי האָבן אַ וואַרעמע באַ־ציִונג, אָבער מען טאָר נישט פאַרגעסן אויך אין זיך. קומט פון אַזאַ שותפות פאָרט אַרויס אַ קינסטלערישער שידוך. די צרה מיט אונדזער פריינדשאַפט־קריטיק, וואָס ס׳האָבן זיך אין איר אַריינגעכאַפּט „פלייצעס“, תקיפים, וואָס גיבן „פּראָטעקציע“ מיט זייער לויבן געוויסע פריינד. דאָס זענען גלאַט נידעריקע באַשעפענישן און מען דערשפּירט דעם כוח־גייער אין דעם לויבגעזאַנג. דאָס איז ערגער פון פּוב־ליסיטי, ס׳דערנידעריקט דעם שרייבער פון ווערק, וואָס יאָגט זיך נאָך אַזאַ לויב און פאַרמיאוסט צום הונדערטסטן מאָל דעם תקיף־לויבער, וואָס שאַפט אַליין גאָרנישט אַחוץ עטלעכע אָנגעשמירטע שורות.

מיר געפעלט די מאָס פון יידישער צייט, וואָס קאַדיע מאָלאָדאָווסקי פאַר־שרייבט דעם יידישן קריטיקער, כאָטש מ׳קען מיט דעם אויך נישט אין גאַנצן מסכים זיין, ווען מען גיט אַ טראַכט פון שעקספּירן, האָמערן, דאָסטאָיעווסקין,

טשעכאָוון, וואָס האָבן אַלע געשריבן פון זייער צייט, אָדער פון אָקאָרשטיקער צייט און דאָך איז זיי געלונגען צו ווערן צייטלעך. קינסטלערישע צייט־זאַכן אין אַלע נישט־יידישע ליטעראַטורן ווערן אויך געמאָסטן מיט איבערצייט. אָבער דער זאָג, אַז ביי יידן מיינט אַ צייט־שרייבער, אַ מיטצייטלער פון אַלע צייטן, איז אַ נוצלעכער. כ׳וועל זיך פון דעסטוועגן נישט אין גאַנצן אָנשליסן אין קאַדיעס מיינונג, אַז דער יידישער קריטיקער טאָר זיך נישט לאָזן פאַרשלעפּן פון פרעמדע השפּעות. ס׳זענען פאַראַן אַבסאָלוטע מאָסן, וואָס זענען גילטיק פאַר אַלע ליטע־ראַטורן, בעסער געזאָגט, ס׳איז פאַראַן איין גרויסע מאָס — גוטער געשמאַק. אויף אָט דער מאָס טאָרן יידישע ווערק אויך נישט עובר זיין. וואָס איז אַזוינס גוטער געשמאַק, איז אַ סך שווערער צו דעפינירן. ס׳איז אַזאַ אַרטיקל, וואָס געוויסע קריטיקער איבערצייגן, אַז זיי האָבן עס, און אַנדערע קענען בשום אופן נישט איבערצייגן, ווי לאַנג זיי זאָלן נישט אַרבעטן ביי קריטיק. הגם גוטער געשמאַק קען אויך קולטיווירט ווערן און מ׳קען עס זיך דערווערבן מיט דער צייט. ווען אַ גוטער קריטיקער פאַרמאָגט געשמאַק, האָט ער מיט וואָס צו גיין אין מלחמה; און קריטיק איז אין אַ געוויסן זין אַ מלחמה קעגן אַ ווערק — אָדער דער קריטיקער באַזיגט דאָס ווערק, אָדער דאָס ווערק באַזיגט דעם קריטיקער.

ווען קאַדיע מאָלאָדאָווסקי רעדט וועגן די כפל־כפלים־אויפגאַבן פאַר דעם יידישן קריטיקער, לאָזט זי אַרויס פון חשבון דאָס סאַמע עיקרדיקסטע פאַרן יידישן קריטיקער — אַ וויכטיק ווערק. אַ וויכטיק ווערק איז דער בעסטער סטימול פאַר אַ גוטן קריטיקער און פאַר אַ יידישן אַוודאי און אַוודאי. דער געשריי דאַרף זיין — גיט דעם ערנסטן קריטיקער — סחורה, גיט אים שטאָף פאַר זיין וואַר־שטאַט; זאָל ער האָבן וואָס צו טאָן, זאָל מען זיך דינגען — אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף, אַבי ס׳זאָל זיין איבער וואָס זיך צו דינגען. מען דאַרף ביי אונדז שטעלן פאָדערונגען דעם שרייבער און נישט דעם קריטיקער. די עטלעכע גע־ציילטע, וואָס נעמען ערנסט קריטיק, וואַרטן מיט אומגעדולד אויף אַ וויכטיק ווערק. ס׳שרייבט זיך אַנדערש, ס׳רעדט זיך אַנדערש, ווען ס׳איז פאַראַן אַ גוט בוך. דער גוטער קריטיקער האָט ליב אַ וויכטיק בוך, ער ווייס, אַז דאָס בוך, וואָס איז דעם קריטיקערס טעמע, איז שעפעריש בלויז דעמאָלט ווען עס וועט אים, דעם קריטיקער, אינספּירירן. אַרום אַ שלעכט בוך מוז דער ערנסטער קריטיקער מער האָרעווען, ער דאַרף אַ סך שעפּן פון זיך, ווייל דאָס ווערק אַליין גיט אים זייער ווייניק.

די הויכע פאָדערונג פון יידישער צייט מוז דערפאַר גיכער אַדרעסירט ווערן צום שרייבער, ווי צום קריטיקער. אויב דער שרייבער וועט שרייבן מיט די קאַטעגאָריעס פון יידישער צייט־אייביקייט, וועט עס סיי ווי צווינגען דעם קרי־טיקער צו גיין אויפן זעלביקן דרך. קאַדיע מאָלאָדאָווסקי גיט צוויי ביישפּילן: ביאַליק און קולבאַק, אָבער קיין איין קריטיקער האָט אין זיי נישט פאַר,ען דעם

עלעמענט פון יידישער אַלצייטיקייט. נישט דער קריטיקער איז דער מורה־דרך פאַרן שרייבער, נאָר אַ שרייבער איז דער מורה־דרך פאַרן קריטיקער. קאָדיע קען פאַרשרייבן די בעסטע רעצעפּטן דעם יידישן קריטיקער, אָבער אויב זי וועט אים נישט צושטעלן קיין ווערק, וועט עס דעם קריטיקער סיי ווי נישט זיין צו רפואה.

אַן אמתער שרייבער באַנוגנט זיך נישט גלאַט מיט גוטער קריטיק. אויב זיין דרך איז תמיד איינצושאַפן אַ גוטע קריטיק איז עפּעס ביי אים נישט אין אָרדענונג, ער וויל זיך אַליין פאַרליגנערן און פאַררעדן אייגענע פוסטקייט. אַן אמתער שרייבער וויל, אַז זיין קריטיקער זאָל זיין ראוי צו ווערן זיין חבר, ער וויל אין אים דערקענען אַ מיטשמועסער און אַפילו אַ מיטשאַפער. דער גוטער שרייבער שאַפט דערפאַר דעם גוטן קריטיקער. אַ גוטער יידישער שרייבער, וואָס פאַרמאָגט אין זיך דעם כוח אָפּצושפּיגלען די יידישע אַלצייטיקייט, איז ממילא דערמיט אַליין זיין אייביקער שאַרפסטער קריטיקער, און ווען עס קומט אים אַנטקעגן דער פאַרשטענדיקער אויפנעמער און אָפּשאַצער, וועט דער קריטיקער זיין פון זעלביקן טייג געקנאָטן, ער וועט נישט קענען אָפּטרעטן אויף אַ האָר פון דער שטרענגער מאָס, וואָס דער שרייבער האָט אים צוגעשטעלט.

# געדאַנקען וועגן אונדז און זיי

אין 1966 וועט ווערן פונקט אַכציק יאָר זינט מאָריס ראָזענפעלד האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ליד אין אַמעריקע. כאָטש דאָס ליד האָט נישט פאַרמאָגט אין זיך דעם מינדסטן שפּור פון דער שפּעטערדיקער גרויסער און פלאַמיקער פּאָעטישער פּערזענלעכקייט, מעג מען פון דעסטוועגן די דאָזיקע דאַטע, דאָס יאָר 1886, אַוועקשטעלן ווי אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע. אברהם ליעסין איז שוין דעמאָלט געווען אַ פּאָעט, אָבער קיין אַמעריקע איז ער געקומען מיט גאַנצע צוועלף יאָר שפּעטער. יהואָש האָט נאָך דעמאָלט נישט געחלומט צו זיין אַ יידישער פּאָעט. די פּאָעטן, וואָס זענען געקומען פאַר מאָריס ראָזענפעלדן האָבן נישט באַוויזן צו שאַפן קיין וויכטיקע פּאָעטישע ווערק און דער יונגער מאָריס ראָזענפעלד האָט גאָר גיך געאָדלערט איבער זיי אַלעמען. דערפאַר וועט קיינעם נישט געטאָן ווערן קיין עוולה, אויב מ׳וועט אָנהייבן די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע מיטן דערשיינען פון מאָריס ראָזענפעלד, די ערשטע גרויסע אַמעריקאַנער פּערזענלעכקייט אין דער יידישער פּאָעזיע.

אַכציק יאָר איז נישט קיין שפּילכל. ס׳איז אַ היפּשער צייט־אָפּלויף. די יידישע פּאָעזיע, ווענדליג זי איז אַ פּאָעזיע פון אימיגראַנטן, פאַרגלייכט זיך נישט שלעכט מיט דער איינגעזעסענער פּאָעזיע פון לאַנד, אין פּרט פון איר ערנסטן און גרויסן אָנהייב. ווען מאָריס ראָזענפעלד האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ליד איז ערשט לאָנגפעלאָו געווען טויט פיר יאָר. וואָלט וויטמאַן האָט נאָך געלעבט גאַנצע זעקס יאָר נאָך ראָזענפעלדס ערשטלינג, וואָס איז געווען אַ ליד — צום יאָר 1886. עדגאַר עלען פּאָו איז שוין געווען טויט 38 יאָר, דער באַרימטער פּאָעט האָט געהאַט כרת און איז געשטאָרבן אין עלטער פון פערציק יאָר. אויב מיר וועלן זאָגן, אַז די אַמעריקאַנער פּאָעזיע איז עלטער פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע בלויז אויף אַ האַלבן יאָרהונדערט, וועלן מיר זיכער נישט גרייזן. די יידישע פּאָעזיע איז אַנטשטאַנען גלייך מיט דער אימיגראַציע פון די אַכציקער יאָרן און זי האָט זיך אַנטוויקלט מיט אַזעלכע ריזן־טריט, אַז אין צאָל פון וויכטיקע פּאָעטישע פּערזענלעכקייטן איז זי ווייט אַריבערגעשטיגן די אַמעריקאַנער פּאָעזיע, וואָס האָט ביז 1913, ביז דעם גרויסן איבערבראָך, נישט געציילט קיין צו פיל פּאָעטישע פיגורן. ראָבערט פראָסט האָט אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך לידער אין 1913 און זיינע לידער האָט ער אָנגעהויבן שרייבן נישט קיין סך פריִער. אַן עלטערער פּאָעט, עדווין אַרלינגטאָן ראַבינסאָן, האָט זיין ערשט לידער־בוך

אַרויסגעגעבן אין 1897, לאַנג נאָך דעם ווי מאָריס ראָזענפעלד איז שוין געווען אויף דער אַמעריקאַנער סצענע.

ווען מען זאָל רעכענען די נייע אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, איר גרויסן רעוואָלט, מיטן אימאַזשיזם, וואָס איז איבערגעפּלאַנצט געוואָרן פון פראַנקרייך אויפן אַמעריקאַנער באָדן — אַז מען זאָל דאָס דאַזיקע בלאָט פון דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע אָנהייבן מיט דעם אַנטיסעמיט עזרא פּאַונד, וואָלט מען געזאָגט, אַז דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן אין 1914. טי־עס־עליאָט איז גע־קומען שפּעטער. זיין ערשט בוך לידער איז דערשינען אין 1917.

אָבער גלייכצייטיק מיט דעם מאָדערניזם אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, זענען אויפגעקומען אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע די „יונגע", וואָס זענען שוין געווען פּאָעטיש אַקטיוו אין 1914 און האָבן שוין געדרודערט אין 1917 מיט רעבעלישע זשורנאַלן און אַנטאָלאָגיעס. ס'האָט גענומען בלויז עטלעכע יאָר און ס'זענען דערשינען די אינזיכיסטן, מיט זייערע מאַניפעסטן, פּאָעטישע באַטאַ־ליעס, זשורנאַלן און ווערק.

צו וואָס זשע צילט דאָס אַלץ? פּשוט, אַז די יידישע פּאָעזיע האָט זיך גאָר נישט וואָס צו שעמען אַנטקעגן דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, נישט אין יחוס פון יאָרן, נישט אין גרויסקייט פון פּערזענלעכקייטן און נישט אין באַוווסטזיניקער פּאָעטישער אָריענטאַציע. כ'רעד דאָ נישט פון קוואַליטעט, ווייל לויט מיין מיינונג פאַרמאָגט די יידישע פּאָעזיע אַ סך גרעסערע ווערק ווי „וועיסטלענד" פון טי־עס־עליאָט און די „קאַנטאָס" פון עזרא פּאַונד, וואָס האָבן מרעיש עולם געווען בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן געהאַט יונגע פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן די ווערק אויפגע־כאַפּט און גוטע יונגע אוניווערסיטעט־תלמידים, וועמען מ'האָט די ווערק אָנגע־האַנגען ווי מייסטער־שאַפונגען.

אָבער ס'גייט נישט אין פאַרמעסט, אָדער פאַרגלייך, אָדער גאָר אין איבער־ציילן די אמתע פּשוטע פּערזענלעכקייטן, אין דער אַמעריקאַנער אָדער אין דער ענגלישער פּאָעזיע. ס'האַנדלט זיך אין דעם, וואָס די יידישע אימיגראַציע איז די איינציקע פון אַלע אַמעריקאַנער איינוואַנדערונגען, וואָס האָט געשאַפן אַ גרויסע פּאָעזיע אויפן אַמעריקאַנער באָדן, אַ פּאָעזיע, וואָס איז שוין איינגעוואָרצלט און אַלט 80 יאָר און וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע טרייסלונגען און רעוואָלטן פון דער וועלט־פּאָעזיע, אויף אייגענע באַדינגונגען, אָן שום נאָכמאַכעריי, נאָר מיט דעם פאַרטיפטן ווילן צו שפּאַנען אין כאָר פון גרויסן וועלט־געזאַנג, ווי שטאָלצע יידישע פּאָעטן מיטן יידישן לשון און יידישן געמיט.

אגב, רעדנדיק וועגן לשון, אַפילו אין דעם פּרט האָט די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע אויפגעטאָן וווּנדער. זי האָט געשאַפן אַן אייגענע יידיש־פּאָעטישע לעקסיק און געהאָלפן ראַפינירן דאָס יידישע לשון. דווקא דאָ אין אַמעריקע, ווו

אב. קאַהאַן האָט נאָך ביים שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, פאָרויסגעפינצ־טערט דעם אונטערגאַנג פון יידישן לשון.

דאַכט זיך מיר, אַז די פּאָעטישע אַמעריקאַנער אינטעליגענץ וואָלט זיך געוועזן באַדאַרפט פאַראינטערעסירן מיט אַזאַ געשעעניש אין לאַנד: אַ פּאָעזיע פון אימי־גראַנטן, מיט צענדליקער יידישע פּאָעטן, וואָס זענען אויפגעוואַקסן אויף אַמערי־קאַנער ערד, אַ לעבעדיקע פּאָעזיע, וואָס איז נישט קיין סך יינגער פון דער אַמע־ריקאַנער פּאָעזיע און וואָס איר שעפערישער באַראָמעטער ווייזט אויף הויכע קלעטערדיקע דערגרייכונגען, אין אַ לשון, וואָס האָט זיך דאָ־הי אויסגערייפט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איגנאָראַנטישע באַרעדער שרייבן שוין צענדליקער יאָרן אין ענגלישע זשורנאַלן, אַז מיר זענען אונטערגעגאַנגען.

דער אַבסאָלוטער אומאינטערעס צו דער דאָזיקער פענאָמענאַלער דערשיינונג פון אַ וויכטיקער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע, מצד דער אַמעריקאַנער ענג־לישער פּאָעזיע, ווייזט אויף אַן ענגהאַרציקן שפּראַך־אימפּעריאַליזם. אַמעריקאַנער ענגלישע פּאָעטן וועלן קריכן צו די ווייטסטע אַפריקאַנער קאָלאָניעס, כדי צו הערן אַ קריי, וואָס איז ענלעך אויף פּאָעזיע, אָבער די אונטער־דער־נאָז יידישע פּאָעזיע איז כסדר געוואָרן איגנאָרירט. בלויז איין מאָל איז געלונגען אַ יידישן פּראָפעסאָר פון סלאַווישע שפּראַכן צו מאַכן אַ שטיקל גערודער מיט מאָריס ראָזענפעלדן, אָבער פון דעמאָלט אָן שטייט די אַמעריקאַנער פּאָעזיע מיטן רוקן צו אַ ברודער־פּאָעזיע אין לאַנד, וואָס פאַרמאָגט אַ סך מער מיט וואָס זיך צו באַרימען, ווי די קינסטלעך־געשאַפענע אַקאַדעמישע פּאָעזיע אין אַמעריקע.

אָפט מאָל ווילט זיך אַרויסוואַרפן פון זכרון די נעמען פון אַמעריקאַנער פּאָעטן, וואָס טייל יידישע פּאָעטן זענען „מחויב" צו געדענקען. מען ווערט אַליין מיטגעשלעפּט אויפן וואָגן פון דער לאַנד־שפּראַך און מען לאָזט נישט פון אויג די אַלע גיגאַנטלעך, וואָס זענען לעצטנס אויסגעוואַקסן אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. מיר מוזן זיי געדענקען; זיי אונדז — נישט. מיר זענען מחויב צו זיין אינפאָרמירט; זיי קענען זיין פולע זעלבסטצופרידענע אַמעראַצים בנוגע דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע.

מיין כעס אויף זיך אַליין איז פאַרשטאַרקט געוואָרן ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, ווען אַ האַלבער טוץ אַמעריקאַנער פּאָעטן איז געזעסן און באַלאַקעט אויף טעלעוויזיע. די טעמע האָט באַדאַרפט זיין „דער פּאָעט וואַרפט אַ בליק אויפן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט", אָבער גערעדט האָט מען נישט נאָר — נישט צו דער טעמע, נאָר נישט צו דער זאַך. ס'איז געווען אַ בושה און אַ חרפּה פאַר דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. שענערע און בעסערע געדאַנקען און בעסער אָרגאַניזירטע רייד, פלעגט מען אַרויסוואַרפן ביי די טישלעך אין יידישע קיבעצאַרניעס און קאַפעען. אין טעלעוויזיע־שמועס האָט זיך ממש נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

די מייסטע פון די זעקס האָבן נאָך דערצו פיינט אַמעריקע. די איינציקע פּאָעטעסע צווישן די זעקס, סאַנדראַ האָכמאַן — כ׳האָב קיין מאָל פריִער איר נאָמען נישט געהערט און אירע לידער נישט געלייענט — האָט זיך באַקלאָגט פאַר וואָס מען געטרויט נישט די אַמעריקאַנער פּאָעטן מיט קיין דיפּלאָמאַטישע און אַמבאַסאַדאָרישע שטעלעס. זי האָט אָנגעבאָטן איר גרייטקייט צו נעמען אויף זיך אַזאַ פליכט. פון די רייד, וואָס מען האָט געהערט פון איר און אירע קאָלעגן, איז געווען קלאָר, אַז מען טאָר אַזעלכע פּאָעטן נישט דערהייבן צו דער שטעלע פון שטאַטישע הינטשלעגערס.

די אַנדערע פינף זענען נישט געווען אַ ליאַדע־ווער, נאָר גאַנץ באַקאַנטע פערזן־שרייבערס. אַלאַן גינסבערג איז דער פאָטער פון די „ביטניק״־פּאָעטן. ער פלעגט טראָגן אַ לאַנגע צעפּאַטלטע באָרד, אָבער צו דער טעלעוויזיע איז ער געקומען אָן דער באָרד. אפשר האָט ער די דעקאָראַציע איבערגעלאָזט אין דער היים. אים איז אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָר געלונגען זיך צו מאַכן אַ סך פּובליסיטי פאַר זיין פּאָעזיע, און מען זאָגט, אַז ער איז אַפילו נתעשר געוואָרן. גינסבערג האָט פּשוט געשוועבלט מיט שנאה צו אַמעריקע. ער האָט קריטיקירט די אַדמיניסטראַציע פון אַ רויט־כינעזישן שטאַנדפּונקט און נאָך באַדויערט, וואָס ער קען נישט רעדן אויף טעלעוויזיע מיטן לשון פון זיינע פּריוואַטע שמועסן. ער האָט זיך נעבעך געפילט גוואַלדיק אונטערדריקט אין אַמעריקע.

אַ צווייטער — לע־ראָי־דזשאונס, אַן אַנטיסעמיטישער נעגער מיט אַ באָרד, האָט געאָטעמט מיט שנאה צו אַמעריקע. ער האָט ממש טעראָריזירט דעם טיש מיט זיין האַס. נישט ווילנדיק האָב איך אים פאַרגליכן מיט עטלעכע אַפריקאַנער פּאָעטן פון די נייע לענדער, וועמען מיר איז אויסגעקומען צו הערן אויף טעלעוויזיע. זיי זענען געווען ליבע און טייערע מענטשן און הימלהויך מיט זייער שמועס וועגן ליטעראַטור און וועלט־פּראָבלעמען, לגבי דעם דאָזיקן לע־ראָי־דזשאונס, וואָס האָט געפאָדערט די העכסטע אָנערקענונג פאַרן פינפטקלאַסיקן דזשאַז. סאַנדראַ האָכמאַן, די פּאָעטישע מויד, מיט אַ פּראָזאַיִשן מענה־לשון, האָט זיך פּלוצעם אַרויסגעכאַפּט מיט אַ ווילדן אַבסורד, אַז דער וויצלינג גראַוטשאָ מאַרקס איז פּונקט אַזאַ גרויסער קינסטלער ווי דער געניאַלער פראַנצויזישער אימפּרעסיאָניסטישער מאָלער — קלאָד מאָנעי. דער פּאָעט פּיטער וויערעק האָט געעפנט די דיסקוסיע — קייענדיק עפּעס און פון דעמאָלט אָן האָבן זיינע רייד געקלונגען ווי ער וואָלט עפּעס געקייעט. דער פּאָעט נאָרמאַן ראָסטען האָט, דאַכט זיך, תמיד געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ס׳איז נישט אַרויסגעקומען. דער איינציקער, וואָס האָט קלאָר געזאָגט, אַז די היינטצייטיקע אַמעריקאַנער פּאָעזיע פאַרמאָגט נישט קיין ווichtיקע טאַלאַנטן, איינשליסנדיק זיך אַליין, איז געווען דער שטאַרק באַבערדל־טער פּאָעט — סנאָד־גרעס. ער האָט זיך אָבער אַרויסגעגעבן אַ זייער שלעכטן דיפּלאָם, ווען ער האָט גלייך ביים אַרויספאָר געזאָגט, אַז אים אינטערעסירן נישט

די וועלט־פּראָבלעמען פון אונדזער צייט. ער איז פּאַראינטערעסירט בלויז אין לידער, כאָטש ער האָט נישט דערקלערט פון וואָס פאַר אַ שטאָף ער וויל וועבן זיינע, פון דער וועלט אָפּגעזונדערטע, לידער. דער פירער פון דער דיסקוסיע, העיווּד העיל ברון, האָט אומזיסט געוואָלט צוריקקערעווען די פּאָעטן צו דער טעמע פון פּאָעט, וואָס וואַרפט אַ בליק אויפן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אָבער די טעמע איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.

די אַמעריקאַנער פּאָעזיע האָט געהאַט אַ שלעכטן אָונט. דער סעקסטעט האָט מיר קיין גוטס נישט געטאָן. איך האָב נאָך אַזוי פיל „פּראָזאַ׳שע" נאַרישקייטן נישט געהערט פון פּשוטע מענטשן אין אַ וואָך, ווי די זעקס פּאָעטן האָבן אַרויסגע־פּלאַפּלט אין משך פון אַנדערהאַלבן שעה. און איך האָב נאָך דערצו געטראַכט: אָט די באַרימטע פינף אַמעריקאַנער פּאָעטן — נישט רעכענענדיק סאַנדראַ האָכמאַן — מוז איך פון דעסטוועגן טראָגן אין זכרון, ווייל איך וויל נאָכפאָלגן די אַמעריקאַ־נער פּאָעזיע, זיי, די פינף גיגאַנטלעך, זענען נישט פּאַראינטערעסירט אין דער יידישער פּאָעזיע, וואָס איז אַ סך אַמעריקאַנישער פון זייערע פּראָדוקטן. איך מוז קיין אינטעליגענץ דערגאַנצן מיט זייערע נעמען און זיי קענען זיך אויסלעבן די יאָרן, שרייבן נאַרישקייטן און רעדן נאָך גרעסע שטותים און נישט וועלן וויסן פון דער יידישער פּאָעזיע.

אפשר איז דאָס אויך אַ טייל פון — גלות.

25.9.64

# דער כינעזישער אָפּגאָט

געוויינלעך, אַז מען וויל זיך גריבלען אין דעם שאַרפֿן אידעאָלאָגישן קאַמף, צווישן כינע און סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, רעדט מען נאָך אַלץ וועגן דעם ווי ס׳וואָלט געווען אַ טיפֿער סוד, און ווי ביידע צדדים וואָלטן עס נאָך געוואָלט אונטער־דריקן. דער אויסטויש פֿון מיינונגען און פֿון קעגנזייטיקער קריטיק דערגייט צו דער וועלט־פּרעסע, — ווי אונטערגעהערטע רכילות — שטיקלעך און ברעקלעך פֿון רעדעס, וואָס ווערן געהאַלטן הינטער געשלאָסענע טירן, און וואָס אויף זייער סמך בויט מען ערשט השערות און מ׳קומט צו פֿאַרשידענע, אָפּט מאָל סתירות־דיקע אויספֿירן.

דער אמת איז אָבער, אַז עס איז גאָר קיין סוד נישט און אַז די הייסע דיסקו־סיע איז שוין לאַנג אַרויס אין דער עפֿנטלעכקייט, און ס׳איז נישט נייטיק אָנצוקו־מען צו פֿאַרשידענע שערלאָק־האָלמס־פּאָרטלען, כדי צו דערגיין, אַז מאַאָ און כרושטשאָוו זענען נישט שוה בשוה צווישן זיך. מען וואָלט דערווייל געמעגט נישט בויען דערויף קיין צו סאָלידע בנינים, פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער מערב־פּאָליטיק, און נישט מגזם זיין דעם גאַנצן ענין, אַז מיר האָבן שוין צו טאָן מיט צוויי בלוטיקע שונאים. ס׳איז גענוג, ווען מען וועט זאָגן, אַז זיי זענען מלחמה־פֿירער, וואָס שלאָגן זיך איבער אַ וויכטיקער סטראַטעגיק. די סטראַטעגיק הייסט — קאָעקזיסטענץ. סאָוויעט־רוסלאַנד פֿאַרמאָגט אַטאָמיש געווער און זי קען נישט ציִען די געפֿער־לעכע שלוסן פֿון איר אייגענער פֿאַרשאַרפֿטער פּראָפּאַגאַנדע, און כינע האָט נישט — נאָך נישט — קיין אַטאָמיש געווער און זי קען יאָ באַהויפּטן אַרויפֿצושרויפֿן איר פּראָפּאַגאַנדע ביז צום הייסטן פּונקט, ווייל זי איז נישט מחויב צו ציִען קיין „פּראַקטישע“ קאָנסעקווענצן פֿון איר אייגענער אַגיטאַציע.

אָבער דאָס איז פּאָליטיק און עס וואָלט נישט געזעצלעך געהערט צו דער דאָזיקער אָפּטיילונג, וואָס גיט זיך אָפּ געוויינלעך מיט ליטעראַרישע פּראָבלעמען. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז ס׳איז טאַקע, אין דעם פּרט, אַ ליטעראַריש פּראָבלעם. ערשטנס, דערפֿאַר, ווייל אויב פּאָליטיק איז נישט קיין ליטעראַטור איז אָבער ליטעראַטור אין די קאָמוניסטישע לענדער — פּאָליטיק, צווייטנס, איז דער גאַנ־צער וויכוח צווישן מאַאָ און כרושטשאָוון אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד, דווקא אין די ליטעראַרישע פּראָקלאַמאַציעס פֿון רויטן כינע. ס׳אי, נישט נייטיק געווען זיך צו שושקען וועגן דעם, ווייל מאַאָס ליטעראַרישע אויפֿזעערס און צושטעלערס האָבן שוין לאַנג געקראָגן אַ באַפֿעל צו פֿירן אַ שאַרפֿן קאַמף קעגן „רעוויזיאָניזם“ און

קעגן דעם, לאָמיר עס רופן ליבעראַלן קאָמוניזם, וואָס ניצט די פּראַזעאָלאָגיע פון קאָעקזיסטענץ.

דאָס רויטע כינע געפינט זיך נאָך אַלץ אין דער סטאַדיע פון פּרימיטיוון סטאַליניזם. ווי עס ווייזט אויס, האָט כרושטשאָוו קיין מאָל נישט פולשטענדיק געוווּנען זיין קאַמף קעגן סטאַליניזם. מען דאַרף, פאַרשטייט זיך, שטאַרק מאָדי־פיצירן דאָס וואָרט קאַמף, ווען עס רעדט זיך וועגן כרושטשאָווס ערשטע פּאַרזוכן צו באַזייטיקן דעם סטאַליניזם, ווי אַ צוואַנג־מעטאָד פאַר ווייטערדיקע פירונגען. ער אַליין איז געצוווּנגען געווען זיך צוריקצוציִען און פאַרוואָסערן זיין קאַמף, אָפּצוטעמפּן די שאַרפקייט, וואָס מיט איר און אפשר דורך איר איז ער אַרויפגעשווומען. די פרייד פון פרייערן אָפּטעמען האָט זיכער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם פאַקט, וואָס אין קאָמוניסטישע מדינות האָט מען באַגריסט כרושטשאָווס אַקציע. אָבער דאָס רויטע כינע האָט זיך גראָד געשראָקן פאַר דעם דאָזיקן פונקעלע פרייהייט. מאָאָס כינע האָט זיך נאָך געניייטיקט אין סטאַליניזם, אין דער דאָזיקער בלינדער און אָן־תנאימדיקער געהאָרכיקייט.

אירע קאָמיסאַרן, וואָס האָבן געקראָגן זייער דיסציפּלינירטע אויסבילדונג אין סטאַלינס סאָוויעט־רוסלאַנד, האָבן נישט געקענט, מיר נישט דיר נישט, זיך גלייך אַנדערש איבערבויען, אויפן סיגנאַל פון כרושטשאָווס אַ רעדע. די כינעזישע פאָלקס־רעפּובליק איז נאָך געווען יונג און זי האָט זיך געקלאַמערט אין סטאַליניזם. ווען ס׳האָט זיך גערעדט, אַז כרושטשאָוו האָט איינגענומען די גאַנצע קאָמוניסטישע וועלט, האָט ער שוין קעגן זיך געהאַט דאָס רויטע כינע וואָס האָט נישט געוואָלט אויפגעבן דעם סטאַליניזם, ווייל ס׳האָט מער האַרמאָניזירט מיט מאָאָס פּלענער, ווי מיט כרושטשאָווס געשאָנקענע פונקען פון פרייהייט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

היינט איז די רויטע כינעזישע רעפּובליק ערשט אַלט עלף יאָר, און שוין האָט זי אַן איינגעפונדעוועטע אַלטע סטאַליניסטישע טראַדיציע, וואָס דעקט דאָס לאַנד פון איין עק צום אַנדערן, אין דער לענג און אין דער ברייט, און געוועלטיקט איבער 600 מיליאָן נפשות. דער פּערזאָנען־קולט איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דער גאַנצער פּאָליטיק פון לאַנד, אַז עס וואָלט געווען אַ צו שאַרפע רעוואָלוציע, ווען מען וואָלט דעם קולט פּלוצעם אָפּגעשאַפט. דערביי מעג מען געדענקען, אַז דער „קולט" איז שוין געהאַט פיזיש געשטאָרבן אין רוסלאַנד, ווען כרושטשאָוו האָט זיך דערוועגט אויף אים אָנצושטעלן די קאַנאָנען פון זיין היסטאָריש באַרימטער רעדע. דער „קולט" אינעם רויטן כינע לעבט, און זיין נאָמען אין מאָאָ־טסע־טונג, און אים ווערט עס געררייכערט די זעלביקע פּאָרציע ווייררויך, ווי אַ מאָל לכבוד סטאַלינס נאָזלעכער, און ווי עס ווייזט אויס האָט מאָאָ שטאַרק הנאה דערפון און גרייט זיך בשום אופן נישט אויפצוגעבן די דאָזיקע דיעטע.

פאַראַן אַ קליינער זשורנאַל, וואָס דערשיינט אין פּעקין, אויף ענגליש, און

וואָס הייסט „טשייניעס ליטעראַטור״ (כינעזישע ליטעראַטור), דער זשורנאַל ווערט צעשיקט איבער דער גאַנצער וועלט, און יעדער איינער, וואָס נעמט זיך די מי אים צו קריגן, קען אים לייענען און „געניסן״. ס׳איז דערפאַר אַ גרויס ווּנדער, וואָס די מערב־וועלט האָט באַדאַרפט כאַפּן קלאַנגען אין דער לופט וועגן דער אידעאָלאָגישער מלחמה צווישן כינע און סאָוויעטן־פאַרבאַנד, סיידן ס׳איז אונטער דער ווירדע פון דיפּלאָמאַטן צו לייענען קליינע ליטעראַרישע זשורנאַלן. זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין שטאַרק הינטערשטעליק, ווייל אין דעם דאָזיקן זשורנאַל איז שוין לאַנג דער סוד פון אַ שאַרפן אידעאָלאָגישן קאַמף קיין סוד נישט.

אין דעם ליטעראַרישן זשורנאַל רעדט זיך זייער שטאַרק פון פריינדשאַפט מיט דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס האָט, ווי עס ווערט דערקלערט אין אַן אַר־טיקל, (פאַרעפנטלעכט אין מאַי־נומער פון ענגליש־כינעזישן זשורנאַל) געהאַט אַ קאָלאָסאַלן איינפלוס אויף דעם „רעוואָלוציאָנערן גייסט״ אין כינע. ביז 1958 זענען נישט ווייניקער פון 3500 ווערק איבערגעזעצט געוואָרן פון דער רוסישער און דער נייער סאָוויעטישער ליטעראַטור, און איבער 82 מיליאָן קאָפּיעס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די כינע,ישע לייענער.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז צווישן די ביכער, וואָס זענען דערשינען, אין שייכות מיט דער אינוואַזיע פון רוסישע ווערק, איז אויך געווען אַ בראָשור, וואָס האָט געהייסן „די סאָוויעטישע ליטעראַטור איז אונדזער גוטער לערער און פריינד״. דער דאָזיקער אַריבערטראָג פון רוסישער ליטעראַטור, נאָך פון די דרייסיקער יאָרן אָן, האָט גורם געווען, אַז דער גאַנצער אַלטער קאָמוניסטישער נוסח זאָל דאָמינירן יעטוועדער דיסקוסיע וועגן קונסט און ליטעראַטור אין כינע, וואָס ציִען נאָך ביזן היינטיקן טאָג יניקה פון יענע ביכער און בראָשורן. אַ סך פון זיי זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין געהיים, טראָץ די רעפּרעסיעס פון פאַרהאַסטן קיאָמינטאַנג. די כינעזישע קאָמוניסטן האָבן באַצאָלט מיט מאַרטירערטום פאַר דער סאָוויעטיש־קאָמוניסטישער ליטעראַטור פון סטאַלינס צייטן, און עס איז פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס די השפּעה איז ביי זיי איצטער, אויפן עלפטן יאָר פון זייער באַפרייונג, אַזאַ חיובדיקער טייל פון זייער גאַנצן צוגאַנג צו ליטעראַטור־פּראָבלעמען; און ווי מיר ווייסן שוין, צו דער גאַנצער פּאָליטיק פון לאַנד, וואָס קריגט זיך מיט דעם „רעוויזיאָניסטישן״ שיר נישט טיטאָ׳סטישן קאָמוניזם, וואָס זיין געפערלעכער פאָרשטייער איז — כרושטשאָוו.

איך וועל זיך באַגרענעצן אויף דער פּאָליטיק פון ליטעראַטור־שפּיגל, ווי ער שפּיגלט שוין לאַנג אָפּ, אָן שום רמזים און באַהעלטענישן, די ליטעראַרישע רעק־רעטן פון מאַאָס כינע.

אין דעם דערמאָנטן מאַי־נומער פון דעם ענגלישן זשורנאַל „טשייניעס ליטרעטשור״, געפינען מיר אַן אַרטיקל, וואָס איז שוין אַ המשך פון אַ פריִערדיקן

נומער און וואָס איז, ווי מען וואָלט עס גערופֿן אויפֿן אַלטן סטאַליניסטישן זשאַרגאָן, אַ פּלאַמיקער אויפֿרוף צום שרייבער־פֿאָלק. שוין דער נאָמען פֿון דער אָפּהאַנדלונג אַליין זאָגט אויס פֿון חדר, אַז ס׳איז — סטאַליניסטישער כינעזיש. דאָס אַרטיקל הייסט „הייבט אויף העכער די פֿאָן פֿון מאַאָ־טסע־טונגס געדאַנקען וועגן ליטעראַטור און קונסט".

ווען איך וואָלט זיך נישט געפֿוילט איבערצוציילן, וויפֿל מאָל מאַאָס נאָמען ווערט דערמאָנט, אויפֿגערופֿן, און ממש אַריינגעשלעפּט ביי די האָר, אין דער לאַנגער פּראָקלאַמאַציע וועגן ליטעראַטור, וואָלט איך מסתמא געמוזט איבערגעבן, אַז אין דעם אַרטיקל פֿון וואָסערע 17 זייטן ווערט מאַאָ מסתמא דערמאָנט גוטע הונדערט מאָל. אַזוי־אָ אָבער, נישט איבערציילנדיק, מעג מען מיר גלייבן אויפֿן וואָרט, אַז עס זענען פֿאַראַן זייער ווייניק הפּסקות אָן דעם נאָמען מאַאָ. די דער־מאָנונגען לאָזן נישט צו לאַנג וואַרטן אויף זיך און דער חלב אַרום דעם נאָמען ווייזט בולט, אַז מאַאָ־טסע־טונגן איז דווקא שטאַרק צום האַרצן דער פּערזאָנען־קולט, וואָס אין זיין כינעזישער פֿאָרעם איז ער שוין פֿאַקטיש נישט בנמצא אין איצטיקן סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד. די דאָזיקע ממש היסטערישע דערמאָנונגען ווייזן, אַז סטאַלינס דיבוק איז אַריין אין דעם רויטן כינע, און אַז דער סטאַליניסטישער קאָמוניזם ווערט אַרויפֿגעצוווּנגען אויף 600 מיליאָן כינעזער. דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי ווערט תמיד פֿאַרבונדן מיט איין נאָמען, מאַאָ, וועמענס חכמה איז אומאויסשעפּלעך און אַלזייטיק, און יעדעס וואָרט, וואָס ווערט געזאָגט וועגן אים, פֿאַרנייגט זיך מיט אַ חניפֿהדיקן שמייכל — סטאַלין לאָזט אייך גריסן.

אין דער ליטעראַרישער אָפּהאַנדלונג ווערט פֿעסטגעשטעלט, אַז אין משך פֿון די צען יאָר האָט מאַאָ נישט גערוט און אַנטוויקלט די אמתע מאַרקסיסטישע ליניע וועגן ליטעראַטור. ס׳ווערן דערמאָנט עטלעכע אַנטיפּאַרטיי־נעמען, ווי יו־שי, יו־פּענג, אַן אַנטיפּאַרטיי־קליקע פֿון טונג־לונג און טשען־טשי־סי. ס׳ווערט נישט געזאָגט, וואָס פֿון דער אַנטיפּאַרטיי־קליקע איז געוואָרן, נאָך דעם ווי מאַאָ האָט זיך אַ נעם געטאָן צו איר. דער עיקר, ווי מיר ווערן געוווירט, איז מאַאָן געגאַנגען אין אַוועקלייגן כללים, וואָס מען מעג לויבן אין דער קונסט און וואָס מען מוז שאַרף אַראָפּרייסן.

נאָך דעם, לייענען מיר ווייטער, איז שוין אַלץ געגאַנגען ווי געשמירט. די באַפֿרייענדיקע כוחות פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און קונסט האָבן אויפֿגעבליט אַ דאַנק מאַאָס קונסט־שולחן־ערוך, וואָס האָט דערלאַנגט דעם טויט־קלאַפּ דער רעאַקציאָנערער אידעאָלאָגיע, אַרויסרופֿנדיק די פּראָלעטאַרישע קונסט אויף איר ברייטן וועג.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז איידער מאַאָ איז אַרויס מיט זיין קאַמף קעגן די שעדלעכע עלעמענטן אין דער קונסט, האָבן קאָמוניסטישע שרייבער אָפֿן געפּרע־דיקט בורזשואַזן אינדיווידואַליזם און זיך געשטעלט קעגן דער פּאַרטיי־פֿירער־

שאַפט און איר אויבערהאַנט איבער זייערע שאַפונגען. דער שרייבער פון דער פּראָקלאַמאַציע, וואָס דאַרף מכלומרשט זיין אַ קריטישער אַנאַליז, צעגלידערט מאַאָס אַרויסטריט פאַר דער אויבערהערשאַפט פון דער פּאַרטיי וועגן די קינסטלער און ליטעראַטן, וואָס מוזן ווערן די דינער פון דער פּאַרטיי און לעבן לויט זייערע פאַרשריפטן און אָנווייזונגען.

ער שרייט אויס אַלץ מיט דעם גאַנצן כוח פון דער אַמאָליקער סטאַליניס־טישער טערמינאָלאָגיע, וואָס געטרייע לייענער פון דער סאָוויעטישער ליטעראַטור און קונסט־קריטיק געפינען שוין מער נישט אין די אויסגאַבעס פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, סיידן אפשר אַ שוואַכן רמז, וואָס רופט גלייך אַרויס אַן איצט שוין דערלויבטע מילדע קעגן־קריטיק.

די גרעסטע זינד, וואָס דער כינעזישער קריטיקער געפינט אין דעם אָפּנייג פון די אַזוי גערופענע אַנטיפּאַרטייאישע קאָמוניסטישע שרייבער, וואָס צו זיי האָט זיך מאַאָ געוואָנדן מיט זיין גאַנצער ענערגיע, באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זענען נישט געווען באַוואָפנט מיט „פּראָלעטאַרישן כעס". עס ווערט אַפילו געוואָרפן אַ חשד נישט נאָר אויף די, וואָס זענען דירעקט שולדיק געווען אין די אָפּנייגן, נאָר אַפילו אויף יענע שרייבער, וואָס האָבן געשוויגן און נישט פאַרטיידיקט מאַאָס שטאַנדפּונקט. „אָבער מאַרקסיזם אין דער ליטעראַטור און קונסט איז פונ־דאַמענטאַל איינגעשטעלט געוואָרן".

מיר געדענקען גוט ווען ס'איז אין 1956 געקומען פון כינע דער שיינער זאָג, איינגעהילט אין כינעזישן סטיל: „זאָלן הונדערט בלומען בליִען, זאָלן הונדערט געדאַנקען־ריכטונגען זיך ראַנגלען". אין מערב איז דאָס אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ שטיקל ליבעראַליזם, אָבער לויט שפּעטערדיקע באַריכטן האָבן מיר געמוזט פאַרריכטן אונדזער געאיילטן פּירוש, ווייל דאָס רויטע כינע האָט אונדז אָפּן און קלאָר געלאָזט וויסן, אַז ווען די הונדערטער בלומען האָבן געפּאַלגט און טאָקע גענומען אַרויסשטעקן די קעפּלעך, האָט מען געמאַכט מיט אַזוי פיל קעפּלעך קירצער.

דער שרייבער פונעם אַרטיקל אין „טשייניעס ליטרעטשור" געפינט דערפאַר פאַר נייטיק אויף ס'ניי אויסצוטייטשן דעם דאָזיקן שפּרוך, אַז עס האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן בורזשואַזן ליבעראַליזם, ס'איז גיכער אַ שטאַרקע פּראָלעטאַרישע שטעלונג. ס'איז געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך פאַרן פּראָלעטאַריאַט און נישט, כדי צו דערלויבן, „אַז בורזשואַזע טעאָריעס זאָלן קענען פראַנק און פריי פאַר־שפּרייט ווערן". מאַאָס קריטיקער זאָגט פּשוט, מיט רירנדיקער אויפריכטיקייט, אַז ווי נאָר „די גיפטיקע בלומען נעמען בליִען, פליקן מיר זיי אויס".

שפּעטער קומט אַ באַלייכטונג, ווי אַזוי צו געפינען די פאַרבינדונג צווישן רעוואָלוציאָנערן רעאַליזם און רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק. ווי פּערפעקטע ביי־שפּילן פון אַזאַ שידוך צווישן רעאַליזם און ראָמאַנטיק, אויף אַ רעוואָלוציאָנערן

הינטערגרונט, ווערט אַרויסגעשטעלט לענין און, פאַרשטייט זיך נישט קיין אַנדע־רער, ווי מאָאָ־טסע־טונג. אַגב, כרושטשאָווס נאָמען ווערט קיין איין מאָל נישט דערמאָנט אין דעם גאַנצן חודש־זשורנאַל, וואָס האַלט אַ 130 זייטן. דער כינעזישער קריטיקער (וועמענס נאָמען ס׳איז לין־מאָ־האַן), וואָס פאָדערט צו הייבן די פאָן פון מאָאָס געדאַנקען וועגן קונסט, ציטירט לענינס אַן איבערזעצונג פון קאַרל מאַרקס׳ אַ בריוו צו קוגעלמאַנען, ווו עס ווערט געוואָרנט קעגן די רעאַליסטן, וואָס האָבן נישט קיין וויזיע און וואָס פאַרטיידיקן דעם בורזשואַזן סטאַטוס־קוואָ. אַ, דער כינעזישער קריטיקער איז זייער און זייער דיאַלעקטיש באַהאַוונט. ווי אַ ביי־שפּיל פון פּאָעטישער שלימות רעקאָמענדירט ער גלייך צו לייענען חבר מאָאָס לידער, וואָס יעדעס ליד, אָן אויסנאַם, איז דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון רעוואָ־לוציאָנערער ראָמאַנטיק. כדי צו קענען שרייבן אין זיין סטיל, מוז מען שטודירן מאַרקסיזם־לעניניזם און די ווערק פון דעם אומפאַרמיידלעכן מאָאָ. אויב מען באַקענט זיך נישט מיט די ווערק, וואָרנט דער כינעזישער קריטיקער, קען מען נאָך חלילה געשטרויכלט ווערן מיט טריפהנע אידעאָלאָגיעס.

אָבער אָט קומען מיר צו דער בולטער פּאָליטישער זייט פון דער ליטעראַטור־קריטיק. ווי עס ווייזט אויס האָט חבר מאָאָ געהאַלטן אַ רעדע, נאָך אין 1942, אין אַ געוויסן „יענאַן פאָרום״, ווו ער האָט שוין דעמאָלט פאַרויסגעזען דעם רעוויזיאָ־ניזם און אים שאַרף קריטיקירט. אָט די אַלטע רעדע ווערט שטאַרק ציטירט אומעטום ווי אַ וועגווייזער, ווי אַ וואָרענונג קעגן די רעוויזיאָניסטן, וואָס ווילן איבערשרייבן דעם מאַרקסיזם און, „עמאַסקולירן זיין רעוואָלוציאָנערן תוכן און רעוואָלוציאָנערע נשמה״. דער רעוויזיאָניזם, האָט אונדז מאָאָ געלערנט, טוט זיך אָן פון צייט צו צייט פאַרשידענע מאַסקעס, אָבער מ׳דאַרף זיך אויסלערנען אים צו דערקענען, ווייל ער איז שעדלעך אונטער אַלע מאַסקעס.

און דאָ הייבט זיך אָן די אמתע חתונה. מאָאָ האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף אַן אונגאַרישן רעוויזיאָניסט (דעם באַרימטן אַלטן אונגאַרישן שרייבער) לוקאַטש, וואָס האָט זיך פאַרגונען צו מאַכן די הימל־שרייענדיקע דערקלערונג, אַז ביי געווי־סע אומשטענדן איז מעגלעך, פאַר פאַרשידענע סאָציאַלע סיסטעמען, צו קאָעקזיס־טירן פרידלעך, און אַז קאַמף איז אומנייטיק.

אָט די אידעאָלאָגישע קאָעקזיסטענץ־טעאָריע, וואָס איר פאָטער זאָל זיין דער אונגאַרער לוקאַטש, אָבער וואָס מען קען זייער לייכט אונטערשטעלן דעם נישט־דערמאָנטן נאָמען כרושטשאָוו, ווערט אַטאַקירט מיט דער גאַנצער קראַפט פון דעם כינעזישן קריטיקערס „פּראָלעטאַרישן כעס״. עס ווערט שוין דאָ אויך אַריינגע־וואָרפן דער נאָמען פון אוירל בראַודער. דער גרעסטער חטא פון דעם דאָזיקן רע־וויזיאָניזם איז, וואָס ער וויל אָפּשאַפן דעם קלאַסנקאַמף און בכלל אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די נייטיקייט פון קאַמף, און אַוועקשטעלן פאַר דעם וויכטיקן

געראַנגל אין אונדזער לעבן, דעם אַלגעמיינעם קאַמף צווישן פאַשיזם און אַנטי־פאַשיזם.

דער כינע.ישער באַדינער פון דעם אַלמעכטיקן אַלקלוגן און אַלוויסנדיקן מאַאָ ווערט ביטער איראָניש און ער לאַכט אָפּ פון די באָבע־מעשיות ווי „הומאַני־טאַריזם", די „טעאָריע פון מענטשלעכער נאַטור", וואָס מיט דעם וויל מען פאַר־בייטן די „קלאַסן־נאַטור", און נאָך ערגער — דעם „גייסט פון דער פּאַרטיי". מאַאָ, באַקרעפטיקט דער כינעזישער קריטיקער זיינע טענות, האָט שוין לאַנג אַראָפּגעריסן דעם שלייער פון דער „אוניווערסאַלער ליבע פאַר דער גאַנצער מענטשהייט". דאָס איז אַ שפּיצל פון דער בורזשואַזיע, וואָס וויל אונדז אונטער־רוקן מענטשן־ליבע, כדי מיר זאָלן פאַרגעסן אין דעם קלאַסנקאַמף.

מאַאָ האָט שוין לאַנג עקספּלאָדירט די היפּאָקריטסטווע און פאַלשקייט פון דער לערע „ליב צו האָבן די מענטשהייט". און ווייטער: ווער עס שטעלט זיך אַנטקעגן דער הערשאַפט פון דער פּאַרטיי איבער ליטעראַטור און קונסט, איז אַ פאַררעטער, ווייל ער מיינט דערמיט צו פאַרניכטן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין איין אָטעם ווערט אויך קריטיקירט „די ליגע פון די יוגאָסלאַווישע קאָמוניסטן". דאָס איז מער ווי אַ קאַפּולע אָנצוהערעניש, אַז די „הומאַניטאַרע" קאָעקזיסטענץ־טעאָריעס שמעקן מיט פאַררעטערישן יוגאָ־סלאַווישן אָפּנייג פון טיטאָיזם.

פאַרטיק געוואָרן מיט אַן אַטאַקע אויף די רעוויזיאָניסטישע טעאָרעטיקער, נעמט זיך דער קריטיקער ווידער און אָבער אַ מאָל, מיט ראיות פון מאַאָס זאָגעכ־צער, באַווייזן, אַז דער „רעוויזיאָניזם" פאַרגינט זיך צו גיין אַזוי ווייט, אַז ער דערלויבט זיך אַזש צו קריטיקירן און אויפדעקן די נישט־שיינע זייטן פון קאָמו־ניזם. איז דאָס אויך אַ טייל פון דעם אַפּיקורסישן רעוויזיאָניזם, וואָס זוכט כלומרשט, מיט זיין עסטעטישער און סאָציאַלער קריטיק, אונטערצוגראָבן דעם צוטרוי צו דער רעוואָלוציע.

ס'איז נישט אַזוי אַ פראַגע פון ליטעראַטור און קונסט, לאָזט דער כינעזישער קריטיקער אַרויס די קאַץ פון זאַק, ווי פון פּאָליטיק. דער וועלט־אימפּעריאַליזם שאַפט אַ מלחמה־אַטמאָספער אָנצוואַרפן אַ פחד, און שרעקעוודיקע מענטשן ווערן אַריינגעוואָרפן אין אַ פּאַניק, ווייל זיי האָבן שרעקלעך מורא פאַר קאַמף און קלאַסן־געראַנגל; און אָט די מורא ניצט אויס דער וועלט־אימפּעריאַליזם פאַר זיין עקזיסטענץ און באַפעסטיקונג. פון דאַנען איז צו דרינגען אַז דער כינעזישער קאָמוניסט טאָר נישט באַטראַכטן שרעק פאַר מלחמה, ווי אַ געפיל, וואָס דאַרף דאָמינירן זיין קאָמוניסטישע עקזיסטענץ. מלחמה, הייסט עס, איז נישט געפערלעך. ס'זענען דאָ בילכערע קאָמוניסטישע פּראָבלעמען.

און מיט אַ מאָל ווערט דער כינעזער צוריק אַ ליטעראַטור־קריטיקער און ער וואַרפט אָפּ די גרויסע און קלאַסישעביישפּילן פון שרייבערישע וועגווייזער,

ווי טאָלסטאָי און באַלזאַק. ער וואַרפט זיך אַרויף אויף די פאַרשידענע קליינ־בירגערלעכע סאָציאַליסטן, וואָס ווילן נישט אָפּטרעטן פון די אַלטע ליטעראַרישע ריזן. לעניןס ווערט ציטירט, ווי דער שאַרפסטער קריטיקער פון טאָלסטאָיען, ווייל, לויט לענינען, האָט טאָלסטאָי נישט קריטיקירט דעם קאַפּיטאַליזם פון אַ ברייטן פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט, נאָר פון אַ מאָראַלישן און פויערישן שטאַנדפּונקט. ס׳ווערט שוין איינוועגס געבראַכט אַ ציטאַט פון גאָרקין אַז בורזשואַזע ליטעראַטור איז אַ געמיש פון האָניק און גיפט, און מען דאַרף זיין זייער שטאַרק געוואָרנט קעגן דעם גיפט. דער וועג פון אַן אמתן קאָמוניסטישן שרייבער איז דערפאַר פּטור צו ווערן פון דעם רעוויזיאָניסטישן גיפט, זיך אָפּזאָגן פון הומאַניטאַריזם און מענטשן־ליבע, זיצן טאָג און נאַכט און שטודירן מאַאָס ווערק, כדי נישט אַרונטערגעפירט צו ווערן פון דרך הישר.

ווי אַזוי ווערט פאָרגעשטעלט דער אָפּגאָט סטאַלין־מאַאָ פאַרן כינעזישן פאָלק? אין זעלביקן מאַי־נומער „טשייניעס ליטרעטשור" איז פאַרעפנטלעכט אַ קריטיק איבער אַ בוך לידער פון פּאָעט, קוילנגרעבער, סים־יו־טיען, וואָס האָט אָנגעהויבן צו גראָבן קוילן, ווען ער איז קוים אַלט געווען אַכט יאָר און צו פינף יאָר האָט ער שוין געאַרבעט און געשאַרט קוילן אַרום די קוילנגרעבער. דער פּאָעט זינגט וועגן דעם ווי ער האָט יונגערהייט געפילט אויף די פּלייצעס זיינע —

> די וואָג פון אַרבעט־אויפזעערס שטעקן,
> דעם ביס פון פּאָליציאַנטס בייטש.

די ציטאַטן פון די לידער ווייזן, אַז דער פּאָעט איז אַ טאַלאַנטפולער באַזינגער פון דער שוידערלעכער אָרעמקייט, פון וועלכער די כינעזישע רעוואָלוציע זאָל האָבן באַפרייט דאָס כינעזישע פאָלק, אָבער ער, וועמען פּיין און דלות האָט דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ פּאָעטישן פאַרצייכענער, פאַרגעסט אויך נישט צו צאָלן קיין צינז מאַאָן. ער זינגט אין זיינע לידער וועגן די נייע באַלייכטונגען אין די קוילנגרובנס, אָבער —

> דאָס זענען נישט קיין פּשוטע לאָמפּן,
> נאָר די אויגן פון פאָרזיצער מאַאָ.

דער קריטיקער געפינט פאַר נייטיק צוצולייגן אַ נופך פון זיך. ער פּאַסמאַקעוועט זיך ממש מיט די דאָזיקע „הויך־פּאָעטישע" שורות און באַשטעטיקט, אַז אַזוי איז עס טאַקע, ווייל מאַאָ־טסע־טונג איז „ווי די זון, וואָס גיט די אַרבעטער ליכט, וואַרעמקייט און דערמוטיקונג". דער פּאָעט־קוילנגרעבער שרייבט אַפילו אַ ליד, געווידמעט דעם פריידיקן מאָמענט, ווען „ער האָט מיט זיינע אייגענע

אויערן געהערט, ווי זיין יונג ברודערל האָט צום ערשטן מאָל זיך אויסגעלערנט אַרויסצורעדן קלאָר — מאַאָס נאָמען״.

האָב איך דאָס אַלץ איבערגעגעבן אַזוי געטריי ווי מעגלעך און אין גאַנצן להיפּוך מיין געוויינלעכן שרייב־מעטאָד, האָב איך געבראַכט אַ סך ציטאַטן, כדי מ׳זאָל דערשפּירן דעם פולן טעם פון דעם כינעזישן פּרימיטיוון סטאַליניזם, וואָס הערשט איצט אין רויטן כינע, און כדי צו פאַרשטיין מיט וועמען מיר האָבן שוין צו טאָן און מיט וועמען מיר וועלן נאָך האָבן אַ סך מער צו טאָן, אין די קומענדיקע עטלעכע יאָר. די דאָזיקע געבראַכטע „ליטעראַרישע״ אויסצוגן לאָזן אונדז בעסער פאַרשטיין דעם קאַמף צווישן כרושטשאָוון און דעם לעבעדיקן סטאַלין. דער קאַמף איז, ווי מיר זעען, נישט קיין באַהאַלטענער אידעאָלאָגישער סוד, נאָר אָפענע פּראָפּאַגאַנדע, דורך דעם קליינעם פענצטערל פון ליטעראַטור און קונסט, צום ברייטערן שליאַך פון אַ געראַנגל צווישן צוויי קאָמוניסטישע כטראַטעגן וואָס קעמפן פאַר דער אָנערקענטער הערשאַפט איבער הונדערטער מיליאָנען קאָמוניסטן איבער דער גאַנצער וועלט. כרושטשאָוו האַלט, אַז מ׳קען די קאַפּיטאַליסטישע וועלט אַרייננאַרן אין זאַק מיטן שפּרוך פון קאָעקזיסטענץ, און מאַאָ האַלט נישט פון דער סטראַטעגיק, ער פאָדערט שאַרפערע מיטלען, אַז כרושטשאָוו אַליין כאַפּט אַזש אַ ציטער.

אָקט. 1960

# איבערטרייבונגען און איבערזעצונגען

אַן אַרטיקל וועגן שטרעמונגען אין דער העברעיִשער פּאָעזיע האָט פאַרעפנטלעכט שלום י. קאַהן, אין דעצעמבער־נומער פון זשורנאַל „ריקאָנסטראָקשאָניסט“. דאָס אַרטיקל פאַרענדיקט דער מחבר מיט זיינע איבערזעצונגען אויף ענגליש, פון דריי העברעיִשע פּאָעטן — יונת רטוש, יצחק שלוו און אהרן אמיר. אמיר איז דער יינגסטער פון די דריי. ער איז סך־הכל אַלט פערציק יאָר. שלוו איז מיט פיר יאָר עלטער פון אים. רטוש איז אַלט 55 יאָר און אויף אים קאָנצענטרירט זיך דער מחבר פון דער ברייטער אָפּהאַנדלונג און פון אים ברענגט ער גאַנצע דריי איבערגעזעצטע לידער, בעת די אַנדערע צוויי פּאָעטן ווערן פאַרגעשטעלט מיט איין ליד.

איז אײדער איך קום צו דער עצם אָפּהאַנדלונג, מוז איך קודם כל דערלאַנגען אַ גאַנצן בוקעט מיט קאָמפּלימענטן דעם מחבר פאַר זיין טאָלעראַנץ. איך וואָלט ביי זיך נישט געקענט פועלן אַזאַ טאָלעראַנץ צום פּאָעט יונתן רטוש. רטוש איז נישט קיין צאַברע, ער איז געבוירן געוואָרן אין אוקראַיִנע און פון דעסטוועגן איז ער געוואָרן דער פירער און אידעאָלאָג פון דער כנענים־גרופּע. ס'איז מער נישט נייטיק צו פאַרטייטשן, וואָס אַזוינס די דאָזיקע גרופּע, וואָס איז לעצטנס שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן, האָט געפּאָדערט. די „כנענים“ האָבן זיך דערקלערט פאַר אַ נייעם שבט — „עברים“ און געהאַלטן, אַז די גאַנצע יידישע געשיכטע איז געגאַנגען אויף אַ פאַלשן דרך. זי האָט אונדז פשוט פאַרפירט און אונדז אָפּגעטאָן אויף — יידיש, יידיש אין ברייטסטן זין פון וואָרט, וואָס שליסט איין אַלץ: מאָנאָטעיִזם, דער יידישער גאַנג אין דער וועלט, די נביאים; מען רעדט שוין נישט מער פון לאַנגן גלות, פון די יידן פון אונדזער דור און פון די יידן, וואָס היטלער האָט אומגעבראַכט. די עברים אָדער כנענים האָבן געפּאָדערט איבערצורייסן די ירושה־פאַרבינדונג מיט די צעזייט־און־צעשפּרייטע יידן איבער דער גאַנצער וועלט — אויס ברידער, אַפילו אויס וויטע קרובים. די איצטיקע יידן אין מדינת ישראל זענען אַ ניי פאָלק, באַפרייטע יידן — באַפרייט פון משפחה־פאַרבינדונג מיטן אַלטן יידישן פאָלק, וואָס איז געווען און איז מפוזר איבער דער וועלט. די כנענים האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין ברעקל מיטגעפיל מיט די יידן, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין היטלערס גאַז־אויוונס. פאַרקערט, ביי זיי האָט די גרויסע פאַרטיליקונג אַרויסגערופן שפּאָט.

מוז איך מודה זיין, אַז איך וואָלט אַזאַ פּאָעט נישט געקענט באַהאַנדלען מיט

דער פּאָטערלעכער אויפמערקזאַמקייט, ווי שלום י. קאַהן ווייזט אַרויס (אגב, היות דאָס אַרטיקל וועגן דער העברעיִשער פּאָעזיע איז אין ענגליש, ווייס איך נישט, צי איך לייג־אויס ריכטיק דעם מחברס נאָמען). אַ פּשוט געפיל פון עלעמענטאַרן שטאָלץ וואָלט מיר דיקטירט נישט צו האָבן קיין שום עסקים מיט אַן אידעאָלאָג פון אַזאַ באַוועגונג, וואָס ראַטעוועט אַ ניי עברים־פאָלק און לאָזט אַוועק אויפן פייער דאָס גאַנצע יידישע פאָלק פון אַלע צייטן, פון איצטער און פון דער צוקונפט. ס'וואָלט מיר נישט אָנגעשטאַנען צו פאַררעכענען אַזאַ מין עברי אָדער כנעני אין חשבון פון יידישער שאַפונג, בפרט ווען דער „שולחן ערוך" פון די כנענים זאָגט, אַז די שאַפונגען זייערע מוזן אויך קלאָר ווייזן, אַז זיי האָבן איבער־געריסן מיט יידן, אַפילו מיט אונדזער געצאַמטער מאָראַל פון אַ מאָנאָטעיִסטיש פאָלק.

דערפאַר האָב איך באַוווּנדערט די ברייטקייט פון דעם שרייבער, וואָס „האַלט שבת" אויף דעם כנעני־פּאָעט יונתן רטוש און צעלייגט אים אויף טעלערלעך, און אַנאַליזירט זיין פּאָע.יע פון אַ יידישן אינעווייניק, אַזוי צו זאָגן, בעת רטוש האָט זיך אומגעקערט צו אונדז מיטן בייזן רוקן. אָבער פאַרפאַלן, מיך האָט צוגעצויגן ד'ער נאָמען פון אַרטיקל — שטרעמונגען אין דער העברעיִשער פּאָעזיע און דער צוגאָב פון די איבערגעזעצטע לידער. ס'האָט מיך אינטערעסירט, ווי תמיד, אויף וויפל אַן איבערזעצונג ברענגט־מיט איר אייגענע איבערצייגונג, ווייל נאָך אַלעמען איז דאָך דאָס דער עיקר. די איבערזעצונג וויל איבערצייגן דעם פרעמדשפּראַכיקן לייענער, אַז דאָס איבערגעזעצטע ליד איז אַ געווינס און דער אָריגינאַל טראָגט אין זיך די באַרעכטיקונג צו פאַראינטערעסירן אַ פרעמדשפּראַכיקן לייענער.

אין דעם געגעבענעם פאַל פון שלום י. קאַהנס עסיי איז דער רעזולטאַט אַ שאַרפער קידער־ווידער צווישן זיין אַנאַליטישן אַרטיקל און זיינע פינף פּאָעטישע ביישפּילן. ס'וואָלט שוין געווען אַ סך גלייכער ווען ער וואָלט אונדז געלאָזט הערן זיינע מיינונגען וועגן דער נייער העברעיִשער פּאָעזיע אָן די געבראַכטע אילוס־טראַציעס, אָדער די לידער־ביישפּילן אָן די אַרטיקלען.

אין וואַשינגטאָן דערשיינט אַ רעגירונג־געשטיצטער זשורנאַל — „אַמעריקאַס". דער זשורנאַל דערשיינט חודשלעך, אין ענגליש, שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש, און איז אין גאַנצן געווידמעט אונדזערע קולטור־באַציִונגען מיט די לאַטיין־אַמעריקאַ־נישע פעלקער. מיר געפינען אין דעם זשורנאַל אַרטיקלען וועגן פּאָעזיע, דראַמע, קונסט, עקאָנאָמיע, אינדוסטרי און אַנדערע אינפאָרמאַציעס וועגן די לאַטייך־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן. אין דעם נאָוועמבער־נומער איז פאַראַן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער נייער פּאָעטישער באַוועגונג אין קאָלומביע, וואָס הייסט — „נאַדאַיִסטאַ". איך ווייס נישט דעם פולן טייטש פון דעם וואָרט, אָבער איך שטויס זיך אָן, אַז עס מיינט — גאָרנישט. נאַדאַ אויף שפּאַניש איז דער טייטש גאָרנישט. בין איך זיך משער, אַז די באַוועגונג איז אַ מין פּאָעטישער ניהיליזם, עפּעס ענלעך צום

אַמאָליקן דאַדאַיִזם, צום קינדערישן געפּרעפּל, וואָס הייבט אָן פון אומפאַרשטענד־לעכע קלאַנגען.

די אָפּהאַנדלונג וועגן דער נייער נאַדאַיִסטישער באַוועגונג איז געשריבן פון דעם אָנפירער פון דער באַוועגונג, איר וויכטיקסטער פּאָעטישער פאַרשטייער — גאָנסאַלאָ אַראַנגאָ.

ווײ, ווײ, וואָס עס טוט זיך אין דעם אַרטיקל, וואָס איז שוין גאָרנישט־גאָרנישט. דער פּאָעט קוועטשט אַריין אין דעם אַרטיקל — די צעבראָכענע אָרדענונג פון אוניווערס, די ליקווידאַציע פון געשיכטע, וועלט־מלחמות, עוואָלוציע, רעוואָלו־ציע, נשמה־קריזיס, כאַאָס „ברוגזע שיינקייט״. ס׳איז אַ גוואַלדיקע פילאָזאָפיע וועגן דעם באַשעפער פון דער וועלט, וואָס האָט טריִומפירט איבער גאָרנישט און געוווּנען אַ דורכפאַל, דערפאַר האָט ער אויסדערוויילט דעם פּאָעט, אַז ער זאָל עס ברענגען אַ פאַרבינדונג צווישן עקזיסטענץ און גאָרנישט און דעם פּאָעטס מיסיע איז צו טריִומפירן אין דעם דאָזיקן בונד.

נאָך אַזאַ פילאָזאָפיע זעצט מען זיך אַוועק און מען נעמט זיך פאַרשטעלן וואָס פאַר אַ עוקר־הרימדיקע פּאָעזיע די באַוועגונג האָט מסתמא געבראַכט און מען ווערט נייגעריק זיך צו באַקענען מיט מוסטערן פון דער קאָלומביאַנישער ריכטונג אין דער פּאָעזיע.

וואָלט דער פּאָעט און פירער פון דער באַוועגונג זיך באַגנוגנט מיט זיין אַרטיקל, וואָלט געבליבן אָן אויסערגעוויינלעכע נייגעריקייט, ווייל נאָך אַזאַ פילאָ־זאָפישער באַגרינדונג וואָס נעמט אַריין דעם גאַנצן אוניווערס און קרוינט דעם פּאָעט נאָך דעם באַנקראָטירטן באַשעפער, מוזן דאָך די לידער זיין עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס.

איז אָבער דער פּאָעט גאָנסאַלאָ אַראַנגאָ באַגאַנגען די אומפאַרזיכטיקייט צו ברענגען אַ מוסטער־ליד פון דער נאַדאַיִסטישער באַוועגונג, טאַקע זיינס אַ ליד. דאָס ליד הייסט — „אַ זייער טרויעריק ליד״ און אַז מען ווערט פאַרטיק מיט די 22 קליינע שורהלעך, ווערט אמת טרויעריק אויפן הארצן, ווייל מען דערשפירט פּלוצעם, אַז מען האָט נאָך דער פילאָזאָפישער באַגרינדונג געקריגן אַ שנעל אין דער נאָז, אָדער אַ גענעץ, וואָס איז ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת, צום אַריינפיר. אויב אַזאַ ליד דאַרף עס מתקן זיין, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט קאַליע גע־מאַכט, איז ביטער, זענען מיר אַלע פאַרלוירן אויף אַלע גאָרנישטן, כ׳וועל זיך באַמיִען איבערצוזעצן דאָס ליד — פון דער ענגלישער איבערזעצונג, וואָס איז געטריי צום שפּאַנישן אָריגינאַל.

אויב איך וועל שטאַרבן
פאַרבעט איך דיך צו דער זון
מיין נשמה

**און פאַרגעס נישט צו ברענגען**
**דיין גוף,**
**אונדזערע יסורים וועלן זיין גליקלעך**
**און צוזאַמען וועלן מיר זיין**
**פלייש פון ליכט**
**אין געדעכעניש**
**פון גאָט.**
**און אויב ס׳איז נישטאָ קיין גאָט**
**מאַכט נישט אויס.**
**מיר וועלן געדענקען די זון**
**פון יעדן טאָג**
**וואָס מיר האָבן אַזוי האָלט געהאַט**
**דאָרט אין באָגאָטאָ**
**קאָלאָמביע**
**זיד־אַמעריקע**
**נייע וועלט.**
**געדענקסטו**
**אָדער אפשר איז עס געווען אויף דער לבנה?**
**איך פאַרגעס!**

**די פּונקטאַציע און דער אויסשטעל פון די שורות איז דעם מחברס. דער המצית פון ליד איז אפשר — גאָרנישט, אָבער נישט פון יענעם גאָרנישט, דעם יש מאין, וואָס מיט אים קען אַ פּאָעט פאַררייכטן וועלטן.**

**כ׳האָב אויסגעקליבן אַ ליד, וואָס לאָזט זיך גרינג איבערזעצן. כ׳בין אַ רעכט ביסל אַוועק אין אַ זייט, אָבער כדי צו ווייזן, אַז ווען מען וויל ברענגען לידער־מוסטערן פון אַ פרעמדער שפּראַך, טאָר מען אויף זיי נישט לייגן קיין שווערע משא, אויב מען איז נישט זיכער, אַז די לידער וועלן עס נישט אויסהאַלטן. ס׳איז זייער מעגלעך, אַז ווען שלום י. קאַהן וואָלט געבראַכט די דריי לידער פון שלוו, רטוש און אמיר, וואָלטן מיר זיי אָנגענומען ווי געוויינלעכע שוואַכע לידער און מיר וואָלטן פון דעסטוועגן געווען דאַנקבאַר דעם איבערזעצער, וואָס ער האָט אונדז באַקאַנט געמאַכט מיט עטלעכע אָריגינעלע אימאַזשן, אָדער מיט אַ געוויסער נייער ביבלישער סטיליזאַציע. אָבער איידער מיר קומען צו די לידער, קריגן מיר אַן עסיי וועגן די דריי פּאָעטן און דער עיקר, ווי געזאָגט, מיט אַ שטאַרקן אָנשפּאַר אויף דעם כנעני — יונתן רטוש, בלייבן מיר שטיין אַנטוישט, ווייל דער פּראָדוקט איז צו פיל אָריבערגעשריגן געוואָרן, איידער מיר גיבן אַ טאַפּ די סחורה.**

שלום י. קאַהן איז נישט צופרידן מיט אורי צבי גרינבערגס „מאַנגל אין פּראָפּאָרציע און קאָנטראָל", בעת רטוש איז לויט אים קינסטלעריש קאָנטראָלירט און נישט פּרימיטיוו, ווי אורי צבי. רטוש ווערט פאַרגליכן צו עליאָטן. ער ווערט געלויבט ווי אַ מוטיקער עקספּערימענטירער. זיין עראָטיק איז אַן אורביבלישע און זיין גאָט — בעל רעדט ווי דער תנ"כישער גאָט. פאַר מיר איז דער גאַנצער צוזאַמענפּלאָנטער היפּש אומפאַרשטענדלעך און גאַנץ נודנע. רטוש, דערציילט אונדז דער מחבר פון עסיי, רעבעלירט קעגן דעם יידישן אַסקעטיזם „און ער גיט אונדז דאָס געזאַנגט פון פלייש און בלוט־תאווה".

ווי אַן אילוסטראַציע ווייזט אונדז שלום י. קאַהן אויף רטושעס אַ ליד — וועגן אַן „ער" און אַ „זי", אַן עפּל און אַ מענלעך־סימבאָלישער שלאַנג. הכלל, ס'איז לעבעדיק. דער עסייִסט שפּינט ווייטער און ווייטער וועגן דעם גרויסן כנענישן קינסטלער און ער וועקט אונדזער נייגיר צו כאַפּן לייענען אַ ליד, וואָס זאָל באַרעכטיקן די גרויסע רושטאָוואַניע, וואָס דער קריטיקער בויט אויף.

איז, ווי געזאָגט, אַ ביסל וויניקער אָנגעסטראָיעטער אַריינפיר, אַ קלענערע אוווערטורע און מיר וואָלטן געגעבן אַ קאַרגן דאַנק פאַר די עטלעכע איבערגעזעצטע לידער, וואָס זענען אַגב זייער גוט און זייער באַלמעלאָכיש איבערגעגעבן אין ענגליש. אפשר האָט ער געזינדיקט קעגן רטושס וואָרטשפּילן, זיין „אַרכאַיִשער דיקציע", אָדער זיינע רמזים — זענען מיר אים מוחל. אָבער די פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער כנענישער עראָטיק פון אַ פּאָעט, וואָס איז אַוועק פון כלל ישראל, טוט דעם פּאָעט קיין טובה נישט. דער פּאָעט האָט זיך מרחיק געווען פון אונדז ווי אַ ברודער־ייִד, כאָטש ער איז שוין געקומען קיין ארץ־ישראל פון אוקראַיִנע אַ בר־מצווה־בחורעץ. דער פּאַרטייטשער זיינער אויף ענגליש איז אים מרחיק מן השכל און ווען מיר קריגן צו פאַרזוכן זיינע לידער אין אַן ענגלישן לבוש, ווערן מיר נישט וויניקער געפּלעפט ווי פון דעם קאָלאָמביאַנער פּאָעטס ליד, נאָך דעם ווי ער האָט אונדז גוט צוגעגרייט, אַז זיין פּאָעטישע מיסיע ווי אַ „גאָרנישיסט" איז מרעיש עולם צו זיין מיט זיינע שורות.

ס'קען זיין, אַז כ'האָב אַ שווערן פּאָראורטייל צו אַ פּאָעט ווי רטוש, וואָס איז אויף אונדזער מיסט געוואַקסן — אונדזער מיסט — תרתי משמע, אָבער כ'האָב פּאָרט זיך געוואָלט ערלעך איינהערן אין זיינע שורות, ווי זיי קלינגען אין ענגליש, נאָך דעם ווי כ'האָב מיט גרויס נייגיר איבערגעלייענט די לענגערע אָפּהאַנדלונג. צוויי זאַכן זענען פאַר מיר קלאָר געוואָרן: מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק אויף אַ פרעמד לשון מיטן אָפּקלייב פון מאַטעריאַל פאַר איבערזעצונגען. מען טוט דערמיט דעם אָריגינעלן פּאָעט זייער אָפט אַ בערישע טובה. אין זיין אייגענעם געצעלט ליגט דער פּאָעט רויִק און אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל היימישער אָנערקענונג ווי אים איז באַשערט, אָבער אַז מען פירט אים אַרויס פון זיין געצעלט ווערט ער זייער אָפט קנאַפּער און וויניקער. אָבער דער עיקר טאָר מען נישט בויען קיין

פּיתּום ורעמסס אויף שרייבער, וואָס זענען עלול דערשטיקט צו ווערן אונטער די אויפגעשטעלטע קריטישע געביידעס. אַז אַ קריטיקער לייענט צו פיל אַריין אין אַ שרייבער, שפּירט אַ מאָל דער לייענער, אַז מען נעמט אים אויפן זיכער, אַז מען וויל אים עפּעס איינרעדן. מער פון אַלץ דאַרף מען אָבער זיין אָפּגעהיט, ווען עס האַנדלט זיך אין איבערזעצונגען פון אַזעלכע לידער, וואָס קומען מייסטנס אַרויס, ווי אַ ווייטער געגנעץ פון אַ שלעפּעריקן פּאָעט.

ועל כולם דאַרף מען צוגעבן, אַז דער ברייטער נאָמען פון דער עסיי האָט אויך געמעגט איינשליסן אַן אַריינבליק אין דער אַרבעט פון וויכטיקערע העבּ־רעיִשע פּאָעטן פון אונדזער צייט.

3.1.64

## צו דער ביאָגראַפיע פון אַ דיכטערין

אין דער יידישער ליטעראַטור איז דער ביאָגראַפישער מאַטעריאַל פון אונדזערע שרייבער אַ פרומער און אַ טרוקענער. וועגן די ביאָגראַפיעס אין די פאַרשידענע לעקסיקאָנען איז אָפּגערעדט. דאָרט קריגן מיר בלויז די סאַמע נייטיקסטע אינפאָרמאַציע, דאַטעס פון געבוירן און געשטאָרבן, אַרויסגעגעבענע ווערק, באַשעפטיקונג און עטלעכע מאָמענטן אין די עטאַפּן פון שרייבערס לעבן און אַנטוויקלונג. אָבער אַפילו אין זייטיק־געשריבענע ביאָגראַפיעס איז דער מאַטעריאַל אַ גערייניקטער פון ספּעציעלן „קלייען”, וואָס מאַכן די ביאָגראַפיעס פון נישט־יידישע שרייבער עקזאָטיש און אינטערעסאַנט. אַ ביסל בעסער זענען די עטלעכע אויטאָביאָגראַפיעס, אָבער אויך זיי זענען געשריבן אין אַ פרומען זעלבסטצענזורירטן טאָן. דער רעזולטאַט איז, אַז אַפילו פון אונדזערע קלאַסיקער האָבן מיר שטילע, אויב איר ווילט „פּאַפּירענע” ביאָגראַפיעס, אָן יענער לעבעדיקייט, וואָס מאַכט די ביאָגראַפיעס פון נישט־יידישע שרייבער אינטערעסאַנט און פּיקאַנט.

פאַראַן, דאַכט זיך, בלויז איין ביאָגראַפיע פון אַ יידישן שרייבער אין גאַנצן, גרויסן גאָרטן פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אויסטערליש און לעבעדיק־אינטערעסאַנט — פון דעם רומענישן יידישן שרייבער, יעקב פסנתר. שוין דער מוזיקאַלישער נאָמען זיינער האַרמאָניזירט מיט זיין באַשעפטיקונג. ער איז געווען אַ צימבלער אויף חתונות און רייכע שמחות. דעם העברעיִשן נאָמען זיינעם, וואָס דער טייטש זיינער איז אַ פּיאַנאָ, האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין משפחה, אָבער די דערפאַרונג פון זיין לעבן האָט ער אַליין מיטגעמאַכט. לויט זיין אויטאָביאָגראַפיע, האָט ער גאַנצע דרייסיק יאָר געלעבט ווי אַ מוזיקאַנט, צווישן די ציגיינערס, זיך אַרומגעשלעפּט מיט זיי, ווי ער אַליין דערציילט אונדז זייער לעבעדיק — „איך האָב געלעבט איניגע דרייסיג יאָר צווישען איין נידערטרעכטיג פאָלק, צווישן ציגיינער מוזיקאַנטן, די וואַרען דעמאָלט אייביקע שקלאַפּען ביי די באָיאַרען. איך בין געצוואונגען געווען מיין מלאכה מיט זיי צו פירען, דעמאָלט, איך זאָל קענען מיין ווייב און קינדער אויף איין אָרדענטלעכען וועג ערנערען”.

אָבער אַחוץ אפשר אָט דער איינציקער קאָלירפולער ביאָגראַפיע פון אַ יידישן ציגיינער־מוזיקאַנט, זענען אונדזערע אַנדערע ליטעראַרישע ביאָגראַפיעס אַפילו אָרעם אין אויסגעפאָרשטן סאָציאַלן הינטערגרונט. מען היט זיך צו שילדערן דעם פיזישן אויסזען פון אַ שרייבער. מיר ווייסן דווקא יאָ וועגן פרצן און זיין פּעלערינע, וועגן מענדעלעס הויכן שטאָלצן וווקס, אָבער אויך די דאָזיקע געשטאַלטן זענען אַלע „רעטושירט”. איך האָב אַ מאָל געשריבן אַ ליד צו אַ פּאָעט,

וואָס איז יונג אַוועק פון דער וועלט. ער איז געווען — פיזיש — איינער פון אונדזערע שטאַרקסטע פּאָעטן, אַ רי', מיט גרויסע הענט און פיס און אַ מוראַדיק גרויס פּנים. איך האָב אין מיין ליד אים אַזוי באַזונגען: „דיינע ברייטע אַקסלען פון אַ ריז, דיינע שווערע, מעכטיקע הענט, די מעכטיקע צורה פון אַ שטאַרק פערד".

דעם פּאָעטס געליבטע האָט געהאַט צו מיר טענות, הלמאי כ'האָב איר אויס־דערוויילטן געמאַכט פאַר אַ פערד. וויפל כ'האָב איר נישט אַנגעוויזן, אַז כ'האָב נישט געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט אַ פערדישן אויסזען, נאָר — די מעכטיקע צורה פון אַ פערד, און וויפל כ'האָב איר נישט געוואָלט איבערצייגן, אַז איך האָב דווקא ליב פערד און אַז מיין פאַרגלייך איז נישט געווען לגנאי, האָט עס אַלץ נישט גע־האָלפן. זי איז געבליבן ביי אירע טענות, אַז כ'האָב פון איר געליבטן געמאַכט אַ פערד.

ווייזט עס ווי עמפּינדלעך מען איז ביי אונדז, ווען ס'קומט אויפצולעבן אַ שרייבער און אים אַרויסהייבן פון פּאַפּיר און בוך.

אין 1910 האָט ביי אונדז אויפגעשיינט דאָס פּאָעטישע געשטאַלט פון אַ יונג מיידל, וואָס איז געקומען פון גאַליציע. זי איז געווען שיין, פּיקאַנט אין אויסזען. אירע לידער זענען געווען עלעגאַנט און אָריגינעל. זי האָט, ווי די מייסטע שריי־בער אונדזערע פון גאַליציע, נישט מורא געהאַט צו זאָגן אַ דירעקט און שאַרף וואָרט אין אירע לידער, דערביי איז איר ליד געווען געמייסטערט און דיסציפּלי־נירט. אָבער ווי פּלוצעם ז'י איז געקומען, אַזוי אומגעריכט איז זי פאַרשוווּנדן. ווען איך בין אין 1919 געקומען צווישן יידישע שרייבער, איז זי שוין געווען אַ לעגענדע. מען האָט דערציילט, אַז זי האָט זיך אַנגעברוגזט און אַוועק צו די גויים, געוואָרן אַן ענגלישע שרייבערין, אָבער אַן דערפאָלג. ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז זי איז געשטאָרבן אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר גייסטיק־קראַנקע.

אין באַסינס אַנטאָלאָגיע ווערט, ווי דער שטייגער, געגעבן בלויז אַ מאָגערע אינפאָרמאַציע. זי איז געבוירן געוואָרן אין 1890 און געקומען קיין אַמעריקע איז זי אַ זיבעצניאָריק מיידל. כ'האַלט זיך אָפּ פון דערמאָנען איר נאָמען טאָקע דער־פאַר, ווייל מיר זענען באַקאַנט געוואָרן אינטערעסאַנטע מאָמענטן אין איר ביאָ־גראַפיע און אָפּשטאַם, און כ'וויס, אַז ביי אונדז איז מען נישט צוגעוווינט צו אַזעלכע אָפּנהאַרציקע באַשרייבונגען. ליבהאָבער פון דער יידישער ליטע־ראַטור וועלן סיי ווי וויסן וועגן וועמען ס'רעדט זיך. איך וויים נישט וויפל קרובים זי האָט איבערגעלאָזט און מיט וואָס פאַר אַן עמפּפינדלעכקייט זיי וועלן זיך באַציִען צו דער לעבנס־באַשרייבונג פון דער פיינער יידישער דיכטערין, וואָס איז צו פרי פאַרלאָשן געוואָרן. די ביאָגראַפישע איינצלהייטן, וואָס איך וועל דאָ ווייטער ברענגען, העלפן טיילווייז אויפקלערן איר אַנגעברוגזטן, זיגזאַגישן וועג,

וואָס האָט זי אָוועקגעפירט פון דער ידישער ליטעראַטור, פון אַ ליכטיקן אויפשיין, צו דער פינצטערניש פון גייסטיקער קראַנקייט.

כ׳וועל זי רופן מיט דעם אויסגעטראַכטן נאָמען — אַנאַ טאַבאַק, ווייל אַזוי רופט זי אירס אַן אַמאָליקע פאַרעריך, וואָס קומט פון זעלביקן שטעטל און וועמען איך קום אַ דאַנק פאַר דער ווייטערדיקער אינטערעסאַנטער ביאָגראַפישער אינפאָרמאַציע.

דער דיכטערינס לאַנדסמיידל איז אויך געקומען יונג קיין אַמעריקע. אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט האָט זי געדרוקט דערציי־לונגען אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע״, אונטער איר אמתן נאָמען — שיינדל בעדריק. זי האָט זיך אַליין קריטיש באַצויגן צו איר ליטעראַרישער קאַריערע און איז אַוועק פון יידישן פעלד. זי האָט שטודירט, געקריגן הויכע אַקאַדעמישע בילדונג, און זי האָט אַ לענגערע צייט געאַרבעט אין ביכער־פאַרלאַג פון קאָלומ־ביאַ־אוניווערסיטעט. איצטער איז זי אַ מאַמע פון דערוואַקסענע קינדער, אַ באַבע פון אייניקלעך. זי איז פאַרבליבן אַ גוטע יידישע לייענערין און זי רעדט נאָך איצט אַ מחיהדיקן יידיש. ס׳איז אַנגענעם צו שמועסן מיט איר וועגן אַלערליי פראָבלעמען, אין יידישן און אין אַלגעמיין אַמעריקאַנישן לעבן. איר נאָמען איז איצטער מרס. דזשעני ב. הערצאָג. ווען כ׳בין געוווּיר געוואָרן, אַז די דיכטערין איז געוועזן אירס אַן עלטערע לאַנדסמיידל און אַז זי האָט זי, ווי אַ יונג מיידל, פאַרערט און באַוווּנדערט און אפילו אין דעם נייעם לאַנד מיט איר אָנגעהאַלטן פריינדשאַפטלעכע פאַרבינדונגען, האָב איך ביי דער פרוי הערצאָג געבעטן אַן אינפאָרמאַציע וועגן דער אָריגינעלער און טראַגישער דיכטערין. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און מיר דערקלערט, אַז ביי איר איז די דיכטערין תמיד געווען און פאַרבליבן אַ פּראָבלעם און אַז זי האָט דערפאַר אָנגעוואָרפן עטלעכע פּאַקטן אויפן פּאַפּיר, אָן שום בעלעטריסטישע אַמביציעס, נאָר בלויז די אומבאַקאַנטע איינצלהייטן פון דער דיכטערינס אָפּשטאַם, וואָס דאַרף העלפן לייזן דאָס רע־טעניש פון אַ נשמה, וואָס איר גורל איז זיכער באַשטימט געוואָרן — דורך איר אומגעבונג. מיט אַ שעמעוודיק געפיל פון אַ יונגער אָנהייבערין, ווי זי וואָלט צוריק געוואָרן די שיינדל בעדריק פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע״, האָט מיר מרס. דזשעני הערצאָג געגעבן איר מאַנוסקריפּט און די ווייטערדיקע ביאָגראַפישע פּאַקטן וועגן דער דיכטערין מיט דעם פיקטיוון נאָמען — אַנאַ טאַבאַק. שעפּ איך פון די עטלעכע זייטלעך פון דעם דאָזיקן ענגלישן מאַנוסקריפּט.

תמיד עלעגאַנט געקליידט, מיט איר שטאָלצן גאַנג, שיינעם קאָפּ שוואַרצע האָר און בליצנדיקע נייגיריקע ברוינע אויגן, איז אַנאַ טאַבאַק באַוווּנדערט גע־וואָרן פון אַלעמען אויף דעם שטאָטישן שפּאַציר־גאַנג. אָבער נישט בלויז איר אויסערלעכער אויסזען האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג. זי איז געווען די בעסטע שילערין אין דער שולע. זי האָט געשפּילט פידל, דעקלאַמירט שילערן און געטען,

זי האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף די יינגערע מיידלעך, ווי אַ ראָמאַנטיש געשטאַלט, ממש פון אַ בוך אַרויס.

אַנאַ טאַבאַק איז יונגערהייט געוואָרן אַ קיילעכדיקע יתומה, די מוטער אירע איז געשטאָרבן ווען זי איז אַלט געווען צוויי יאָר, איר פאָטער איז געשטאָרבן אין טורמע, פאַר אַ מאָרד, וואָס ער איז אין אים געווען פאַרפּלאָנטערט. אַזוי האָט מען דערציילט אין שטאָט. דער מאָרד איז געווען אַ סענסאַציאָנעלער, ס'זענען אין אים געווען פאַרמישט געדונגענע מערדער. ווען איר פאָטער איז געשטאָרבן אין טורמע, איז אַנאַ טאַבאַק אַלט געווען צען יאָר.

ס'איז נישט שווער געווען צו באַשולדיקן און באַרעדן איר טאַטן. אין שטאָט האָט מען געזיפּצט אויף אַנאַ טאַבאַקס גורל. ווי צו דער טאָכטער, וואָס האָט אַזאַ טאַטן — האָבן ווייבער אויסגעדריקט זייער מיטגעפיל מיט דער שיינער און גראַציעזער אַנאַ. דער פאָטער אירער איז געווען געבענטשט מיט גרויסע פעיִקייטן אויף אַ סך געביטן, אָבער דער עיקר האָבן אים געדינט די הענט. וואָס די אויגן האָבן געזען, האָבן די הענט געקענט באַשאַפן — אין קונסט, אין טעכניק, אין מאַשינעריע. הכלל, ער האָט געהאַט פלינקע, אינטעליגענטע הענט. אָבער דווקא די הענט האָבן אים אַראָפּגעפירט פון וועג. אים האָט מען באַשולדיקט, אַז ער האָט געמאַכט די אייזערנע הענטשקע, וואָס האָט געדינט ווי דער מאָרד־אינס־טרומענט.

אַנאַס פאָטער איז תמיד געווען אַ גוטער פאַרדינער. געזעצלעך האָט ער פאַרדינט אויף חיונה, ווי אַ פאַרריכטער פון אַגריקולטור־מאַשינען אין רייכע גיטער, אָבער ער האָט געהאַט אַ סך זייטיקע פאַרדינסטלעך. מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט געמאַכט די נאַכשליסלען פאַר זיינע גוטע־ברידער, די גנבים, אַז זיי זאָלן קענען זיך אַריינברעכן אין די שטאָטישע קראָמען. ער איז תמיד געווען אַרומגערינגלט מיט די אונטערוועלט־לייט פון שטאָט.

אַז די קעשענעס זיינע זענען געווען פול, האָט ער געהוליעט מיט זיינע גוטע־ברידער, מען האָט געפרעסן און געזויפן, ווי אויף אַ שטאָטישער חתונה — מיט געבראָטענע קאַטשקעס, לאַטקעס, טאָרטן, שטרודל, טייערע ווײַנען. די הוליאַנקע־געשרייען האָט מען געהערט אין די וויטסטע גאַסן. פאַר אַזאַ סעודה פלעגט ער אויספּוצן זיין שיין טעכטערל. די גנבים האָבן זיך געצאַצקעט מיט איר, זי געטראָגן אויף די פּלייצעס, געוואָרפן זי אין דער לופט און געשטאַנען אויף די קעפּ, כדי זי צו אַמוזירן.

אַנאַס מאַמע איז געווען אַ ווילע און שטילע פרוי. ווי איז זי געקומען צו איר מציאהדיקן מאַן? אויף דעם האָט אויך דאָס שטעטל געהאַט אַ גרייטן ענטפער. זי האָט זיך צוגעאיילט און נעבעך פאַרשוואַנגערט פאַר דער צייט. שפּעטער, נאָך דער חתונה, האָט זי זיך צוריקגעצויגן אין איינזאַמקייט. ווי דערמאָנט איז זי פאַרשלאָפט געוואָרן און איבערגעלאָזט דאָס קינד — אַ צוויי־יאָריקע יתומה.

ווען אַנאַ איז געבליבן אַ קיילעכדיקע יתומה, איז זי דערצויגן געוואָרן ביי איר מומען אין שטוב — אַן אָרעמע נייטאָרין, ביי וועמען אַנאַ האָט געהאַלטן אין איין פאַדערן שיינע קליידער. די מומע האָט איר כסדר פאָרגעוואָרפן דעם טאַטן, וואָס האָט פאַרשוואַרצט דאָס פּנים פון דער גאַנצער משפחה. ער איז פאַרבליבן דער פלעק, אַפילו נאָך זיין טויט, און אַנאַ האָט עס זייער אָפט געהערט פון דער מומען, אַז זי זאָל אויפהערן זיך האַלטן מעשה פּרינצעסין. אַנאַ פלעגט אויף דעם ענטפערן מיט איר פידל און נישט מיטן מויל.

ס'זענען אַוועק עטלעכע יאָר. אַנאַ איז געקומען קיין ניו־יאָרק. זי איז גיך באַרימט געוואָרן צוליב אירע אָריגינעלע לידער. זי האָט שפּעטער אָנגעהויבן שרייבן קורצע דערציילונגען, און ווען איר בוך דערציילונגען האָט נישט שטאַרק אויסגענומען ביי אַ יונגן פּאָעט און קריטיקער, האָט זיך אַנאַ נישט געפוילט, גע־קומען צו אים אין דער רעדאַקציע, ווו ער האָט געאַרבעט, און אים געשלאָגן. דער געשלאָגענער האָט נישט אויפגעהויבן אַ האַנט אויף איר. ער האָט זיך אויפ־געפירט אמת־ריטערלעך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יונגן פּאָעט. אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג האָט זי אין יענער צייט פאַרבעטן קומען, כדי זיך דורכשמועסן מכוח דרוקן אירע דערציילונגען. ווען זי איז געקומען, איז דער רעדאַקטאָר גראָד געווען פאַרנומען און ער האָט געבעטן זי זאָל וואַרטן עטלעכע מינוט. אָבער אַנאַ טאַבאַק וואַרט נישט אויף קיינעם — זי איז אַוועק און — ס'איז געוואָרן אויס משא־ומתן.

דער דאָזיקער שטאָלץ אירער האָט איר גענומען איינרעדן, אַז מען גיט איר נישט גענוג אָנערקענונג אין דער יידישער ליטעראַטור און זי דאַרף דערפאַר אַיזעק — צו די גויים. זי האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג אויף ענגליש פון אירע קורצע דערציילונגען, אָבער אַ האַן האָט נישט געקרייעט.

מרס. הערצאָג דערציילט נאָך אַ טשיקאַוון עפּיזאָד. ווען אַנאַ האָט חתונה געהאַט, האָט זי רייך אויסמעבלירט איר דירה, פאַרבעטן לאַנדסלייט און געסט. אָבער מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט זי צעקלאַפּט די גאַנצע אויסשטאַטונג, מאַרקויפט דאָס מעבל פאַר אַ שיבוש. אַזוי האָט זי געטאָן דריי מאָל אין פינף יאָר. איר תירוץ איז געווען, אַז אירע לאַנדסלייט האָבן דערוואַרט צו זען לוקסוס ביי איר אין הויז, האָט זי עס זיי צוליב געטאָן, אָבער זי אַליין דאַרף עס נישט האָבן. זי האָט כסדר געלעבט אין שרעק, אַז אירע לאַנדסלייט באַרעדן זי.

אַן אַנטוישטע און צעבראָכענע איז זי געוואָרן מעלאַנכאָליש. זי לעבט שוין צענדליקער יאָרן אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע.

איז דאָס די ביאָגראַפיע פון אַ יידישער דיכטערין, וואָס האָט יונג אַ גלאַנץ געטאָן מיט אירע לידער און וואָס איז מיט אירע מעשים נישט געווען אין אירע אייגענע הענט, נאָר אַ קרבן פון איינגעבוירענע נייגונגען און קאַפּריזן, וואָס האָבן געקענט אויסגענוצט ווערן אויף קינסטלערישע שאַפונגען, אָבער איר

איינגעירשנטער קרענקלעכער שטאָלץ האָט זי אַראָפּגעפירט פון וועג. וועל איך דאָ ברענגען צוויי קאָנטראַסטיקע לידער אירע, אַרויסגענומען פון מ. באַסינס אַנטאָלאָגיע. אין איין ליד זינגט זי פאָלקסטימלעך־פרום וועגן איר באָבעס עצות און וועגן חתונה האָבן און האָבן שיינע קינדער. אין אַ צווייט ליד — אַ סאָנעט, רעדט זי אָפנהאַרציק וועגן אירע שווערע זינד און אַז איר נשמה איז „הונגעריק נאָך זינד", ביידע לידער ווייזן, אַז זי האָט געקענט אַריינשרייבן אַ שיין קאַפּיטל אין דער יידישער פּאָעזיע.

כ'ברענג פריִער דאָס פאָלקסטימלעכע ליד:

קומט די באָבע מיר צו חלום
אינעם קאָפּטל אינעם ברייטן,
אינעם ווייסן שטערנטיכל.
נעמט זי אירע פינגער שפּרייטן
איבער מיינע מידע אויגן —
ווייסע ליכט און זילבער־לייכטער,
וויין און חלה צוגעדעקטע,
מיינע אויגן: פייכטער, פייכטער.
אַזוי, טאָכטער, זאָלסטו בענטשן —
שעפּטשען, שעפּטשען אירע ליפּן.

וועט ער קומען קידוש מאַכן,
זאָלסטו פון זיין בעכער זופּן.
און דאָס טאָרבעלע מיט בשמים,
אין אַ שלאַפקייט צו דערלאָנגן,
זאָלסטו טראָגן אויפן האַרצן,
וועסטו שיינע קינדער האָבן.

און אָט איז דער סאָנעט, אַ טייל פון אַ ציקל פערזענלעכע לידער:

דו טראָגסט דאָס האַרץ אין דיינע שטילע אויגן.
באַשטענדיק אום — אַז זאָלסט דערמאָנען מיך
אָן מיינע שווערע זינד, וואָס שטראָפן דיך
און האָבן שוין דיין שטאָלצן קאָפּ געבויגן...

צי בין איך ווערט דען דיינע שטילע אויגן?
מיין זעל איז אַזוי הונגעריק נאָך זינד,

**און ס'וועט נישט איינער נאָך ווי דו אַצינד,**
**אַרומגיין מיטן קאָפּ אַראָפּגעבויגן,**

**און דו וועסט טיף אין דיר דעם צער באַהאַלטן**
**און שווייגן שטיל, און איידל זיין און גוט,**
**ביז ס'וועט דיר אויסטרינקען דאָס גאַנצע בלוט**
**און נעמען וויאַגנען אינעם האַרץ דעם קאַלטן,**
**דו „איוב" מיטן קאָפּ אַראָפּגעבויגן,**
**צי בין איך ווערט דען דײַנע שטילע אויגן?**

# די נאָבעל־פּרעמיע

ס׳איז אַ פאַקט, כאָטש ס׳קלינגט אומגלויבלעך, אַז אין די 62 יאָר, וואָס מען האָט אויסגעטיילט די נאָבעל־פּרעמיעס, האָבן די גריכן, ביז היי־יאָר נישט זוכה געווען צו אַזאַ אָנערקענונג, וואָס ווערט נאָך אַלץ באַטראַכט פאַר דעם העכסטן ליטעראַרישן כבוד. גיאָרגאָס סטיליאַנו סעפּעריאַדעס, וואָס שרייבט גריכישע פּאָעזיע אונטער דעם קירצערן נאָמען — גיאָרגאָס סעפּעריס, איז דער זוכה בגורל פאַר 1963 און די ליטעראַרישע וועלט האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויפזוכן אינפאָרמאַציע וועגן דעם אומבאַקאַנטן פּאָעט, וואָס מ׳קען זיין נאָמען נישט געפינען אין קיין וויכטיקער ענגלישער ליטעראַטור־ענציקלאָפּעדיע. אין דער באַרימטער קאַסעלס־ענציקלאָפּעדיע פון ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען אין ענגלאַנד און אין אַ באַזונדער אויסגאַבע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו עס זענען דאָ עטלעכע זעכציק פּאָזיציעס פון יידישע שרייבער, געפינט מען נישט דעם נאָמען סעפּעריס. אויב מען זוכט גוט קען מען אין דער זעלביקער ענציקלאָפּעדיע געפינען זיין נאָמען, אין אַן עם כל הנעורים, צום סוף פון אַן אַלגעמיינער אָפּהאַנדלונג וועגן גריכישער ליטעראַטור.

די ענגלישע צייטונגען און זשורנאַלן האָבן קוים אויסגעזוכט עטלעכע שורות פון סעפּעריס׳ אַ ליד, וואָס מ׳האָט זיך אין זיי אָנגעכאַפּט, פּשוט ווייל מען האָט נישט געפונען עפּעס בעסערס: „ווי שווער עס איז צונויפצוזאַמלען די טויזנט שטיקלעך פון יעדן באַזונדערן מענטש״. נישט קיין גוואַלדיקע שורות, אָבער עפּעס בעסערס האָט מען אונטער דער האַנט נישט געקענט געפינען. כאָטש מיט אַ צוויי יאָר צוריק איז דערשינען אין ענגליש אַ גאַנץ בוך מיט זיינע איבערגעזעצטע לידער. ווער עס דערמאָנט זיך, וועט געדענקען, אַז מען האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן מאַכן אַ שטיקל וואָרע פאַר דער גריכישער פּאָעזיע בכלל און פאַר סעפּעריס׳ לידער באַזונדער. נאָבעל־פּרעמיעס קומען נישט פון זיך אַליין. מען מוז פריער גוט צוגרייטן דעם באָדן, מען דאַרף קריגן די הילף פון גרויסע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס, גוטע־פריינד און איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן. די שוועדישע אַקאַדעמיע לאָזט זיך באַאַרבעטן. זי קריגט קאָרעספּאָנדענציעס, רעקאָמענדאַציעס, עצות און צוגעשטעלטע נעמען פון קאַנדידאַטן. ס׳איז רעכט, אַז די אַקאַדעמיע דאַרף אויסקלייבן פון אַ הונדערט קאַנדידאַטן דעם איינציקן פון יאָר.

אַמאָליקע צייטן איז די נאָבעל־פּרעמיע געקומען ווי די קרוינונג פאַר וועלט־באַרימטקייט. אַן אינטערנאַציאָנאַל אָנערקענטער שרייבער איז תמיד געשטאַנען אין דער ריי פאַר דער נאָבעל־פּרעמיע. ווער ס׳האָט געהאַט אַ חוש פאַר אַזעלכע

זאָכן, האָט געקענט אויסרעכענען װעמענס ריי ס׳איז, מען האָט זיך נישט באַדאַרפט אָנשטרענגען כדי צו טרעפן. מיט אַ מאָל האָט זיך די נאָבעל־אַקאַדעמיע אַװעקגעזאָצט אויפן װעג פון אַנטדעקן טאַלאַנטן. דאָס איז אויך אַ נאָבעלע אַרבעט, אָבער ס׳איז אַ נייער װענד, װאָס מען האָט אָנגעהויבן זען ערשט אין די לעצטע עטלעכע יאָר. די שװעדישע אַקאַדעמיע האָט זיכער װייניק געהערט פון דעם איטאַליענער קוואַזימאָדעס פּאָעזיע, װאָס האָט געקריגן די פּרעמיע מיט עטלעכע יאָר צוריק, אַדער פון סעפעריס׳ לידער. גוטע־פריינד האָבן זיך משתדל געװען און די אַקאַדעמיע האָט זיך געבויגן פאַר דער שתדלנות.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער פראַנצויזישער פּאָעט־דיפּלאָמאַט פּערס באַקומען די פּרעמיע. הײַ־יאָר איז דער פּרעמירטער אויך אַ צוריקגעצויגענער גריכישער דיפּלאָמאַט. ס׳איז קיין נייעס נישט, אַז די פּרעמיעס זענען געװיינלעך אַ רעזולטאַט פון דיפּלאָמאַטישע „שטריקלעך״, אָבער מיט אַ מאָל האָט מען אָנגעהויבן דירעקט אָנערקענען דיפּלאָמאַטיע אין פּאָעזיע — סיי די רעקאָמענדאַציעס פון דיפּלאָמאַטן, װאָס נעמען זיך אָן פאַר זייערע לענדער און װייזן אויף, אַז ס׳איז שוין געקומען די צייט ליטעראַריש צו אָנערקענען זייערע לענדער, סיי דירעקט דיפּלאָמאַטישע דינסט, װאָס איז פּלוצעם געװאָרן אַ מעלה פאַר אַ שרייבער. אַ סך שרייבער זענען סיי װי דיפּלאָמאַטן און זיי װייסן װי זיך צו באַגיין דיפּלאָמאַטיש מיט זייער סחורה, ביים שרייבטיש זענען זיי ריינע קינסטלער, אָבער, אַז זיי הייבן זיך אויף פון טיש, נעמען זיי דיפּלאָמאַטיש האַנדלען מיט זייער סחורה און זיי װייסן װי אַזוי זיך איינצושאַפן די ריכטיקע פריינד און װי זיך צו מאַכן װאָס װייניקער שונאים, װייל דאָס מינדסטע אומפריינדלעכע קעצעלע קען אויך קאַליע מאַכן.

סעפעריס׳ אַן איינציק ליד קען מען אויך געפינען אין דער אַנטאָלאָגיע פון דער װעלט־פּאָעזיע, װאָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק דערשינען אין סקריבנער־פאַרלאַג. דאָס ליד רופט אויך נישט אַרויס קיין ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צום פּאָעט, און פון דאָרט איז שװער אַרויסצוקריגן עטלעכע ציטירלעכע שורות. צװישן די פריינד, װאָס פּאָעטן דאַרפן זוכן, מעגן זיך אַװדאי געפינען אויך געװעזענע נאָבעל־פּרעמירטע, װייל זייערע רעקאָמענדאַציעס װערן גאָר־גאָר הויך געשעצט. סעפעריס האָט געהאַט אַזאַ פריינד. ער האָט איבערגעזעצט טי. עס. עליאָטס ענגלישע לידער אויף גריכיש און עליאָט פאַרגעסט געװיינלעך נישט די, װאָס זענען אויפמערקזאַם צו אים.

ביזן הייַנטן יאָרהונדערט איז כמעט נישט געװען קיין שפּור פון אַ נייער גריכישער ליטעראַטור. דער העלעניסטישער פאָדעם האָט זיך אין גאַנצן איבערגעריסן. די טערקישע אָקופּאַציע האָט די גריכן אָפּגעפרעמדט פון דער קלאַסישער טראַדיציע און ביז דער באַפרייונג פון טערקישן יאָך זענען נישט אויפגעקומען קיין װיכטיקע גריכישע שרייבער.

אינטערעסאַנט איז, אַז ביי די גריכן האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַן איגענער „יידיש", אַ פאָלקס־לשון, אַן אַזוי גערופענע דעמאָטישע שפּראַך. גריכישע פּאָעטן, וואָס האָבן אַלץ געשריבן אין קלאַסישן גריכיש, האָבן זיך נישט אָנגענומען. ביי די מאָדערנע גריכן איז אויך פאָרגעקומען אַ ריב־הלשונות און זייער „יידיש" האָט נישט געלעבט בשלום מיט זייער „העברעיש", אָדער אַלט־גריכיש. מיט זייער נאַציאָנאַלער באַפרייונג האָט גאָר געוווּנען דער גריכישער „יידיש" — די פאָלקס־שפּראַך. די גריכן זענען געווען אַזוי שטאָלץ מיט זייער געוווּנענער אומאָפּהענגיקייט (אין 1832), אַז זיי האָבן אויך מיט שטאָלץ באַשיצט זייער פאָלקס־גריכיש און עס באַטראַכט פאַר דער שפּראַך פון באַפרייונג. ס'האָבן אַפילו פון צייט צו צייט אויסגעבראָכן שפּראַך־ראַיאָטן צווישן די אָנהענגער פון קלאַסישן גריכיש און די „פּאַטריאָטן" פון דעמאָטישן גריכיש, אָדער דעם פאָלקס־לשון. אַזעלכע אומרוען זענען פאָרגעקומען ווען די עוואַנגעליע איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף ניי־גריכיש. דער ערשטער גרויסער גריכישער פּאָעט, וואָס האָט געשריבן לידער אין גריכישן „יידיש", איז געווען דיאָניסיאָס סאָלאָמאָס. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1798 און ער האָט געלעבט 59 יאָר. ס'איז ביז גאָר אינטערעסאַנט, אַז שלמה עטינגער, וועמען מען האַלט פאַר דעם „ערשטן גרויסן דיכטער, מיט וועמען די טראַדיציע פון דער יידישער דיכטונג הייבט זיך אָן" (זע באַסינס אַנטאָלאָגיע — פינף הונדערט יאָר יידישע פּאָעזיע, ערשטער באַנד), איז געבוירן געוואָרן אין 1799 און געשטאָרבן אין 1855.

אונדזער ערשטער „מאָדערנער" יידישער פּאָעט און דער ערשטער גרויסער נאָמען פון די גריכישע „יידיש"־פּאָעטן, זענען געווען צייט־חברים, געלעבט און געשטאָרבן אין דער זעלבער צייט. זייערע ביאָגראַפיעס זענען געווען פון באַזונדערע קאַטעגאָריעס, כאָטש זיי האָבן ביידע געשטאַמט פון גרויסן יחוס. דער פּאָטער פון גריכישן פּאָעט איז געווען אַ גראַף, דערפאַר איז די מוטער זיינע געווען אַ דינסטמויד. עטינגערס זיידע איז געווען כעלמער רב און דער פאָטער זיינער האָט אויך געהאַט סמיכה אויף רבנות. עטינגער אַליין איז געווען אַ מעדיצינער, אַ דאָקטאָר אָן דערלויבעניש צו פּראַקטיצירן. דיאָניסיאָס סאָלאָמאָס, דער „עטינגער" פון דער גריכישער פּאָעזיע אויף דער גערעדטער שפּראַך, איז געווען אַ גרויסער שיכור און ער האָט קיין מאָל נישט פאַרענדיקט די מייסטע לידער זיינע.

נאָך סאָלאָמאָסן זענען געקומען אַנדערע גריכישע פּאָעטן אויף דער פאָלקס־שפּראַך, אָבער ביסלעכווייז איז אָפּגעקילט געוואָרן דער שפּראַך־פאַנאַטיזם. ס'האָבן אָנגעהויבן אויפקומען פּאָעטן, וואָס האָבן, פאַרקערט, גענומען באַרימט ווערן, אַ דאַנק זייער צוריקרופן דעם טעם, די מוזיק און אַפילו דירעקט דאָס האָמערישע לשון. דער ערשטער גרויסער פּאָעט פון דער גריכיש־נאָסטאַלגישער טראַדיציע איז געווען קאָנסטאַנטינאָס קאַוואַפיס. ער איז געבוירן געוואָרן אין

1863 און געשטאָרבן אין 1933. סעפעריס וועט אויך גערעכנט פֿאַר אַן אַלט־גריכיש־נאָסטאַלגישן פּאָעט. ער שרייבט אויף דער פֿאָלקס־שפּראַך, אָבער ער שאַפֿט אַ סינטעז צווישן אַלטן און נײַעם גריכנלאַנד, צווישן דער העלעניסטישער ירושה און גריכנלאַנד פֿון און אין דער נײַער וועלט. ער איז אַ „העברעיִש־יידישער פּאָעט", ווי אַ צאָל יידישע פּאָעטן פֿון אונדזער דור.

בלייבט צו וואַרטן ביז די נאָבעל־אַקאַדעמיע וועט זיך דערשלאָגן צו אַ יידישן אָדער אַ העברעיִשן פּאָעט. איך בין זיך גרייט צו וועטן, אַז ווען דער טאָג וועט קומען, וועט אַ יידישער פּאָעט, אַ נאָבעל־געפּרייזטער, זײַן אַ יידישער פּאָעט מיט טיפֿע העברעיִשע וואָרצלען און דער העברעיִשער פּאָעט, וואָס וועט זײַן דער ערשטער צו קריגן אַזאַ וועלט־פּרעמיע, וועט זײַן אַ העברעיִשער פּאָעט מיט טיפֿע יידישע גלות־וואָרצלען. אָבער זאָל זיך בעסער די שוועדישע נאָבעל־אַקאַדעמיע אונטעראײַלן, ווײַל מען פֿאַרלירט שוין ביסלעכווייז דעם אַמאָליקן רעספּעקט פֿאַר דער פּרעמיע און דעם צוטרוי צו דער שוועדישער זשורי. מען הייבט אָן אײַנזען, אַז ס'איז פֿאַראַן ווייניק קאָנטאַקט צווישן די אויסוויילער און די ווערק פֿון די פּרעמירטע שרייבער; צווישן דער זשורי און די לאָרעאַטן שטייען צו פֿיל מעקלערס און אונטערזאָגערס.

15.11.63

# ליטעראַרישע גרופּעס

מיר האָבן שוין מער נישט קיין ליטעראַרישע גרופּעס און ווען מיר האָבן זיי געהאַט, איז מען זיי נישט אַנטקעגנגעקומען מיט קיין פּויקן און טאַצן. טייל גרופּעס זענען דערפֿאַר געקומען מיט אייגענע פּויקן און טאַצן און געשאַפֿן אַרום זיך אַ שטיקל נייטיקן טומל, דאָס ביסל לעבן, וואָס איז געווען — שעפֿערישער זויערשטאָף. געווען גרופּעס אין וואַרשע, ווילנע, מאָסקווע, קיִעוו, ניו־יאָרק, שיקאַגאָ און אַפֿילו אין תּל־אָבֿיבֿ.

מיר האָבן שוין מער נישט קיין ליטעראַרישע גרופּירונגען און מיר האָבן זיי, ווי אַלע ווייסן, ווען זיי זענען אויפֿגעקומען און פֿאַרשוווּנדן, קיין מאָל נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט, כאָטש יעדע גרופּע האָט עפּעס צוגעגעבן און צוגעטראָגן נישט נאָר צום סכום פֿון אונדזער קאָלעקטיווער שעפֿערישקייט, נאָר אויך יעדע גרופּע האָט פֿון זיך סוף כּל סוף אָפּגעשפּאָרט עטלעכע באַזונדערע נעמען, וואָס זענען געבליבן אין דער אויסשטעלונג פֿון אונדזער קינסטלער־גאַלעריע. קיין איין ליטעראַרישע גרופּע האָט ביי אונדז נישט אויף אַזוי פֿיל אָנגעזעצט, אַז ס'זאָל פֿון איר קאָלעקטיוון אויפֿקום נישט פֿאַרבלייבן באַזונדערע שרייבערישע געשטאַלטן. מיר האָבן צו די גרופּירונגען גאָרנישט דערלייגט, זיי זענען קיין מאָל נישט שפּורלאָז פֿאַרשוווּנדן. פֿון איין גרופּע יידישע פּאָעטן איז אַפֿילו אַרויסגעקומען אַ גרויסע העברעיִשע פּאָעטישע פּערזענלעכקייט.

אַוודאי זענען די מייסטע קינסטלער פֿון וואָרט, סיי ביי אונדז, סיי ביי די אומות העולם, געקומען באַזונדער, אָבער אַפֿילו אין דער באַזונדערקייט מוז זיך יעדער שרייבער — ווי עס איז גרופּירן. ער שאַפֿט נישט בלויז פֿון זיך, ער גרופּירט זיך מיט אַזעלכע, וואָס ווייסן אַפֿילו נישט פֿון אים. ער „גרופּירט" זיך מיט פּאָעטן און בעלעטריסטן, וואָס זענען שוין אפשר לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ. כ'וואָלט געזאָגט, אַז מען קען כּמעט פֿון יעדן וויכטיקן יחידותדיקן שרייבער אויסטיילן אַ ספּעציעלע גרופּע, וואָס עקזיסטירט אפשר נישט אויפֿן פּאַפּיר, אָבער זי עקזיסטירט אין אים און אין זיין שרייבן.

מיר זענען געוויינלעך געוווינט צו באַזינגען די יחידות פֿון דעם אינדיווידועלן שרייבער, און אויב ער איז אַ מאָל געווען אַ מיטגליד פֿון אַ גרופּע, באַזינגען מיר אים דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך כּלומרשט באַפֿרייט און אָנגעהויבן גיין פֿאַר זיך, אויף אַן אייגענעם וועג. אָבער מיר פֿאַרגעסן, אַז יעדער אמתער קינסטלער וואָלט אויסגעגאַנגען, ווען ער וואָלט זיך אַזוי אַריינגעטונקלט אין זיין אייגענער יחידות, ווי ער וואָלט געווען דער איינציקער באַזונדערער שעפֿערי־

טער מענטש. אַפילו אין זיין אייגענער לאַבאָראַטאָריע, מיט טיר־און־טויער געשלאָסן, איז דער אמתער קינסטלער תמיד „גרופּירט" מיט דער שעפערישער וועלט און ער איז אַפילו מיט זיך אַליין אין אַ חברותא פון קינסטלער, וועמען ער פאַרבעט צו זיך ווי אושפיזין.

ווי און ווינד איז דעם קינסטלער פון וואָרט, וואָס איז טאַקע אויף אַן אמת איינער אַליין. אָפּגעהיט זאָל מען טאָפּלט ווערן אין דער יידישער וועלט, ווען אַ שרייבער „גרופּירט" זיך נישט, נאָר איז קאָנצענטרירט אויף דעם אייגענעם בייגעלע פּאַפּיר. פאַראַן אַ שרעקלעכע קמצנות אין אַזאַ סאָרט שרייבן, וואָס פאַר־באַט קודם כל הנאה צו האָבן פון אַ חברס ווערק. אין דעם איז טאַקע געלעגן די גרויסע מעלה פון באַוווסטזיניקער גרופּירונג. זי איז געווען באַזירט אויף דער חברשאַפט פון שאַפן און נישט בלויז אויף אייגענע שורות. די גרופּירונג האָט אויסגעקריסטאַליזירט אַ ספּעציעלע קינסטלערישע אַטמאָספער, וואָס איז געווען אַ סטימול פאַר יעדן מיטגליד פון דער גרופּע. די טעאָרעטישע „אָפּמאַכן" און די קינסטלערישע דעפיניציעס, וואָס האָבן כלומרשט געהאַלטן די גרופּע צוזאַמען, זענען סיי ווי געוואָרן נישט מער ווי אַן אָפּגעריבענע שילד אויף אַ וואָרעמער קרעטשמע. די סכנה פון באַלאַנגען צו אַ גרופּע איז באַשטאַנען אין נישט צוהערן זיך צום אייגענעם קול און באַשיצן זיך מיט דער אָנגעהעריקייט צו אַ גרופּע.

אין אַ קליינער ליטעראַטור, מיט אַ קליינצאָליקן לייענער און אַ וואַכע־דיקער אומשעפערישער לופט, איז יעדע גרופּע קודם כל געוואָרן אַ טייערע אילוזיע פון אַ קינסטלערישער אַטמאָספער. חברים, וואָס מיט זיי האָט מען זיך געזען טאָג־טעגלעך, זענען געוואָרן — די וועלט, אַ וועלט פון פולערער פאַר־טועניקייט אין וואָרט, קלאַנג, בילד, אויסדרוק און פרייד פון דערגרייכונג. די גרופּע איז אָפט מאָל אַפילו געווען — דאָס פאָלק; שרייבנדיק פאַר דעם טאָג־טעגלעכן אויער און אויג פון חברים, האָט מען געשריבן פאַרן פאָלק און געזוכט די נאַציאָנאַלע טעמאַטיק.

דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז ס'איז נישט געווען קיין קנאה־שנאה, קיין נישט־פאַרגינערישקייט, ווען עמעצער האָט מער אַרויסגערוקט דעם קאָפּ אין גאַס אַריין. אָבער דאָס זענען געווען די קלענערע מענטשלעכע שפּריצלעך. ס'איז אַפילו אין דעם געלעגן אַ חברישע מורא פון אָפּפרעמדונג, פון אַוועקשענקען דער פרעמד — אַ חבר. יעדן פרימאָרגן האָט מען געשריבן אין אַ וואַרעמער ליכט פון שעפערישן אָנרעג. זיצנדיק ביי זיך און פאַר זיך, האָט מען געוווּסט, אַז מען איז אין אַן אייגענער אויסגעוואַרעמטער ליטעראַטור, וואָס אַפילו אין בלויזן פאַרטראַכטן איז געלעגן קינסטלערישע טאָג־טעגלעכע טואונג, און רייד וועגן און קעגן, און אַלץ לשם אַ גרויסן ענין. ס'איז געווען די קינסטלערישע סטימו־לירנדיקע קאָנקורענץ, די קנאת־סופרים אין שענסטן זין — און אין דעם אַליין

איז געלעגן די גרעסטע חכמה פון אַ גרופּע. די גרופּע האָט געשאַפן אַ קינסטלע־רישן קלימאַט, וואָס דער דרויסן וואָלט פאַר איר קיין מאָל נישט פּראָדוצירט.

אפשר אין דעם זין וואָלט מען געמעגט וואַרפן אַ פריינדלעכן צוריקבליק אויף אונדזערע אייגענע אַמאָליקע ליטעראַרישע גרופּירונגען, די קינסטלעך־געשאַפענע אינדזעלעך, וואָס יונגע יידישע פּאָעטן און בעלעטריסטן האָבן צוגע־טראַכט, כדי צו קענען אָטעמען — צוזאַמען און באַזונדער.

18.12.64

## די שווייגנדיקע פּויפּסטן

אין מערץ 1936, האָב איך, אין דעם חודש־זשורנאַל — „אינזיך“ (נומער 22), פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל א. נ. „הייל! עזרא פאונד“. אין יענעם אַרטיקל האָט זיך, מער ווי דריי יאָר פאַר דער מלחמה, געזאָגט, אַז — „פאַשיזם, ווו ער זאָל זיך נישט אָנרוקן, וועט אין פאונדן געפינען אַן איבערגעגעבענעם און הייסן פריינד“. עזרא פאונד איז שוין דעמאָלט געווען אַ נאָענטער שמעלקע מיט די אַמעריקאַנער פאַשיסטישע „זילבערנע העמדלעך“. ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דאָס דאָזיקע אַרטיקל און דעם פאָרויסזאָג פון פאונדס דירעקטער פאַררעטערישער באַטייליקונג אין פאַשיזם, כדי צו ווייזן ווי ווייט איך האָב שוין דעמאָלט געהאַלטן פון פאונדן און פון זיין אוממענטשלעכן מאָדערניזם. איך האָב קיין מאָל נישט אָפּגעטיילט דעם מענטש פון דעם ליד און איך האָב תמיד געוווּסט, ווו צו געפינען דעם מיאוסן אַנטימענטשלעכן פּאָליטיקער אין זיין ליד. און טאָמער האָב איך עס גלייך נישט געפונען, איז מיר סיי ווי פאַראומווערדיקט געוואָרן זיין ליד.

אין דעם זעלביקן אַרטיקל האָב איך אויך אָנגעוויזן אויף דער נישט־אומזיס־טיקער חברשאַפט פון טי־עס עליאָטן מיט פאונדן, וואָס האָט עליאָטן אויך געפירט צו זיין פּאָליטיק. איך האָב אַזוי געשריבן: „זיין (פאונדס) זילבערהעמדלדיקייט איז פּונקט אַזאַ קנאַפּע איבעררַאשונג, ווי דער מאָנאַרכיזם, קלאַסיציזם און קאַטאָ־ליציזם פון דעם צווייטן, אָבער פעיִקערן פאונד — טי־עס עליאָט“. איך האָב פאַרענדיקט מיין אַרטיקל מיט די ווערטער: „דעם אינזיך איז פאונד אַפילו אין זיין ערב־פאַשיסטישער סטאַדיע, אַלע מאָל געווען פריקרע ווי אַ ביטערע ציבעלע“.

דער „פעיִקערער פאונד“, וואָס האָט אין 1948 באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע, האָט זיך תמיד געחברט מיט פאונדן, נישט נאָר אין זיינע ערב־פאַשיסטישע יאָרן, נאָר די פריינדשאַפט איז נישט איבערגעריסן געוואָרן אויך אין די מלחמה־יאָרן. פאונד האָט זיך אָנגעשלאָסן אין מוסאָליניס פאַשיסטישער פּראָפּאַגאַנדע־אַרמיי בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און געשאָסן מיט זיינע פאַררעטערישע פּראָפּאַ־גאַנדע־קוילן צו דער אַמעריקאַנער אַרמיי. זיינע העצערישע רעדעס זענען געווען פול מיט דעם וווּלגאַרסטן אַנטיסעמיטישן פעך און שוועבל. ווען פאונד איז נאָך דער מלחמה אַרעסטירט געוואָרן אַלס פאַררעטער פון אַמעריקע, האָט עליאָט געהאָלפן מרעיש־עולם זיין, מען זאָל דעם אַנטיסעמיט־פאַשיסט ראַטעווען פון טויטשטראָף. ער האָט אויך אים געהאָלפן באַפרייען פון משוגעים־הויז און אים צוריקגעבן זיין אַמאָליק פאַשיסטישע לופט — אין איטאַליע.

עליאָט איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט זייער באַקוועם אָנגע־

האַלטן זיין חברשאַפט מיט מוסאָליניס פּאַשיסטישן פּראָפּאַגאַנדיסט און מיאוסן אַנטיסעמיט. צווישן פּאונדס חברים זענען אויך געווען „טאָלעראַנטע" יידן, פּאַר וועמען פּאונדס אָנשטעל־פּאָעזיע איז ביזן היינטיקן טאָג אַזאַ נשמה־שפּייז, אַז זיי זענען אים אַלץ מוחל, אַפילו זיינע ווילדע אַנטיסעמיטישע שורות אין די לידער גופא. אויף דער נשמה־פריינדשאַפט צווישן פּאונדן און עליאָטן, האָב איך, ווי פריִער געזאָגט, אָנגעוויזן מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק. די פריינדשאַפט האָט אָנגעהאַלטן אַפילו ביז נאָך עליאָטס טויט. צו דער לוויה פון ט. ס. עליאָט איז דער אַלטער פּאונד געקומען פון איטאַליע. ער איז געווען פון די געהויבענע און נאַטירלעכע געסט.

דאָס אַלץ ווערט געשריבן אַרום דער גרויסער צאָל אַרטיקלען וועגן עליאָטן און זיינע איבערגעזעצטע לידער, וואָס זענען לעצטנס דערשינען אין דער העברעיִשער פּרעסע. כ׳בין אויך אַ קאַפּיטשקע באַקאַנט מיט דער ענגלישער פּאָעזיע און אַ שטיקל שייכות צו פּאָעזיע האָב איך אויך און כ׳וואָלט געוואָלט מען זאָל מיר געבן צו פאַרשטיין דעם מעכטיקן העברעיִשן הכצעקתה אויפן טויט פון ט. ס. עליאָט. אין דער איטאַליענישער, פראַנצויזישער און כ׳האָב מורא — אַפילו אין דער אַמעריקאַנישער פּרעסע — איז אַזוי פיל נישט געשריבן געוואָרן וועגן עליאָטן, ווי אין דער ישראל־פּרעסע. האָט ער טאַקע אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַר דעם העברעיִשן ליד, אַז מען איז דאָרט אַפילו מוותר אויף זיין פּאָליטיק און אויף זיין געשוווירענער נשמה־חברשאַפט מיט דעם פּאַשיסט־אַנטיסעמיט?

מיר האָבן אַזוי פיל געשריבן וועגן האָכהוטס דראַמע, וואָס האָט אָנגעשטעלט דעם פּראָזשעקטאָר אויף פּיוס דעם צוועלפטנס שווייגן, בעת דער היטלער־אויסראָטונג פון יידן. אָבער דער אמת איז דאָך, אַז יעדער קריסט, וואָס האָט זיך פאַרשאַפט אַן איינפלוס־פּאָזיציע, איז געווען אַ שטיקל פּויפּסט, און אויב ער האָט געשוויגן, אויב אים האָט נישט אַ שטויס געטאָן אויסצושרייען און צו העלפן אויפטרייסלען דאָס געוויסן פון דער וועלט, איז ער אויך געווען אַ שווייגנדיקער פּויפּסט און ער איז שולדיק, שולדיק, שולדיק.

דער פרומער עליאָט האָט מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אַרויסגעכאַפּט, אין דער ספערע פון זיין אייגענעם גרויסן איינפלוס, ווען אַלע גלעקער האָבן שוין אויסגעקלונגען זיין רום און צוגעגרייט זיין נאָבעל־פּרעמיע־דערהייבונג. דער פּאָעטישער פּויפּסט האָט געשוויגן. מיט אייגענע אַנטיסעמיטישע שורות האָט ער זיך יאָ געקענט „אַרויסכאַפּן" אין זיינע לידער, אָבער קיין איין וואָרט קעגן דער פאַרטיליקונג פון יידן, האָט עליאָט נישט פאַרלוירן. זיין חבר עזרא פּאונד האָט דווקא נישט געשוויגן — ער האָט נישט געשוויגן — ער האָט געטאָן זיין ספּעציעלע „פּויפּסטלעכע" פליכט און געדרעוועט קעגן אַמעריקע און קעגן אינטערנאַציאָנאַלן ייד אויף מוסאָליניס ראַדיאָ. עליאָט האָט דאָס אַראָפּגעשלונגען און געשוויגן.

יעקב גלאַטשטיין

קומען אים טאַקע אַזוי פיל וואַרעמע יידישע הספדים?
ניין, נישט פּאָליטיש און אַפילו נישט פּאָעטיש; און אַוודאי און אַוודאי נישט געמאָסטן מיט דער מאָס פון די שווייגנדיקע פּויפּסטן, וואָס האָבן מיט זייער פּאַסיוויקייט דערמוטיקט היטלערן און אים זיכער געהאָלפן איינשמועסן דעם געדאַנק, אַז ער גייט אויפן ריכטיקן וועג, מיט זיין „טאָטאַלער לייזונג" פון יידישן פּראָבלעם. אַ סימן: די פּויפּסטן שוייגן!

19.2.65

אַז שרייבערישע קנאה פאַרמערט חכמה ווייסן מיר זייער ווויל און מיר האָבן עס געהערט און געלערנט און איינגעחזרט. אָבער ס׳איז אַ קנאַפּע חכמה צו נוצן דעם אויסרייד פון קנאה, ווי אַן אָפּווער קעגן קריטיק. אויב אַ שרייבער זאָל זיך איינרעדן, אַז יעדער איינער, וואָס וואַרפט אַ שטויבעלע קריטיק אויף אים איז אים מקנא, וועט דער רעזולטאַט נישט פאַרמערן קיין חכמה. אַ סך שרייבער האָבן שוין לאַנג געוואָלט דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ דער קריטיק מיט דער הנחה, אַז יעדער קריטיקער איז תמיד שטאַרק מקנא דעם שעפערישן שרייבער און קריטיק איז די קנאה, וואָס רעדט אַרויס פון קריטיקערס האַלדז.

אַוודאי קען מען ביי מיר פועלן, אין געוויסע מאָמענטן, אַז קריטיק איז בכלל אַן אומדאַנקבאַרע פּראָפעסיע און אַפילו אויך אַן אומנייטיקע, אָבער ס׳האָט אַבסאָלוט נישט צו טאָן מיט מקנא זיין דעם קריטיקירטן שרייבער, ווייל אויב ס׳זאָל דורכגעפירט ווערן אַ ריכטיקע סטאַטיסטיק, וועט מען זיכער אויסגעפינען, אַז פּראָפעסיאָנעלע קריטיקער האָבן גאָר מער הנאה פון לויבן ווי פון רייסן. טאָ ווי קען דאָ זיין אַ רייד וועגן מקנא זיין ?

מיט דעם זאָג וועגן קנאה צווישן שרייבער, וואָס פאַרמערט חכמה, איז מען זיכער נישט אויסן געווען די נישט־פאַרגינערישע קנאה, נאָר דעם שרייבערישן פאַרמעסט, דעם ווילן זיך אַליין אויך אויסצוצייכענען און ברענגען עפּעס רעכטס אויפן ליטעראַרישן יאַריד. אָבער מען האָט דאָס גלייכווערטל פאַרוווּלגאַריזירט און געמאַכט דערפון אַ קרעמערישן ענין, דער עיקר האָט מען זייער גרינג געקענט אָנהענגען די וווּלגאַריזאַציע אויף שעפערישע שרייבער, וואָס פאַרנעמען זיך אויך מיט עפנטלעכער קריטיק און אָפּשאַצונגען. ס׳איז אָנגענומען געוואָרן, אַז דער ציל פון שרייבן איז — דערפאָלג און ווייניקער דערפאָלגרייכע שרייבער מוזן דערפאַר מקנא זיין זייערע דערפאָלגרייכע חברים.

קומט דאָ אַריין די פראַגע, וואָס איז אַזוינס דערפאָלג און צי איז דערפאָלג טאַקע די ריכטיקע מאָס צווישן שרייבער. ביאַליק איז געווען זייער דערפאָלגרייך און פון דעסטוועגן האָבן אַלע שרייבער, מיט גאָר ווייניק אויסנאַמען, זיך געאייניקט אויף אים. פרץ איז ביי אונדז אויך געווען, וואָס מען רופט דערפאָלגרייך, און דאָך האָבן אים בפירוש אַלע יידישע שרייבער פאַרגונען זיין דערפאָלג. אין די ראַמען פון דעם דערפאָלג און פון אָנגענומענער פאַרגינעריי, האָט מען אויך קריטיקירט פרצן און פרץ האָט זיכער געלערנט פון דער קריטיק דאָס, וואָס ער האָט געקענט לערנען. פאַראַן אַ קריטיק, וואָס גייט ווייטער פון דעם קריטיקירטן

שרייבערס מעגלעכקייטן און ס׳איז אַרויסגעוואָרפן צו פאַרלאַנגען פון אַ שרייבער, וואָס ער פאַרמאָגט נישט.

ווען מען זאָל אָננעמען די באַשולדיקונג פון קנאה פאַר אַ גוטער מטבע, וואָלט קריטיק געוואָרן אַ בייטש בלויז קעגן געשלאָגענע און דערשלאָגענע שרייבער. ס׳איז קלאָר, אַז ווען מען איז מקנא אַ שרייבער, מוז עס דאָך זיין פאַר עפּעס. כ׳דערמאָן זיך, אַז צביון, וואָס איז נישט געווען קיין אָרעמאַן אַ ייד, איז געווען דער ערשטער צו באַשולדיקן יידישע שרייבער, וואָס האָבן קריטיקירט אַשס קריסטלעכע ווערק, אַז מען איז אַשן מקנא דאָס פאַרמעגן, וואָס ער מאַכט פון זיינע ביכער. אַנדערע זענען געווען זיכער, אַז מען איז מקנא געווען אַשס וועלט־נאָמען, כאָטש ביז ער איז געוואָרן פאַרקריסטלעכט, האָט ער אויך געהאַט אַ ניש־קשהדיקן וועלט־נאָמען און די מייסטע יידישע שרייבער האָבן זיך גאָר באַרימט מיט דעם, וואָס זיי האָבן אַריבערגעשאָסן אַ נאָמען איבערן פּלויט און געטראָפן אין ציל.

ווען די קריטיקער פון אַשס אַפּאָסטאָלישער אַרבעט וואָלטן זיך טאַקע דער־שראָקן פאַר דעם געשריי, אַז אין דער קריטיק שטעקט קנאה, וואָלט אַ וויכטיקער טייל פון ערלעכער געזעלשאַפטלעכער און אויך ליטעראַרישער קריטיק נישט געקומען צום אויסדרוק.

אויב מען וויל איז די באַשולדיקונג, אַז קנאה דיקטירט קריטיק, עלול צו פּאַראַליזירן קריטיק, אָדער נאָך ערגער, צו שאַפן אַ מין אויבערקלאַס פון דער־פאָלגרייכע שרייבער, וואָס דאַרפן שטיין איבער קריטיק. ווי באַלד זיי זענען דערפאָלגרייך, נעמט מען זיי אַרויס פון גדר פון קריטיק און מען שטויסט אָפּ לכתחילה דעם קריטיקער, אַז ער זאָל זיך נישט צורירן צו אים, ווייל זיין קריטיק קען נישט זיין אַנדערש ווי — קנאה. באַקומט זיך אַ באַפּעסטיקטער דעספּאָטיזם פון דערפאָלג, וואָס קריגט גלייך זיינע אחשתרנים און זיי לויפן פאָרויס און שרייען: נישט אַרויסכאַפּן זיך מיט קיין קריטיק. דערפאָלג דאַרף רייטן נאַשפּיץ און יעטוועדע קריטיק קעגן דערפאָלג איז בלויז נישט־פאַרגינערישקייט.

דאָס וואָלט געפירט צו אַ מין קולטור־פאַשיזם. אויב מען קען גאָרנישט זאָגן קעגן פּיקאַסאָן און מען טאָר נישט טשעפּען טענעסי וויליאַמס און וועגן ראָבערט פראָסטן, דעם פּרעזידענטס פריינד (אויך שוין כרושטשאָווס פריינד!) טאָר מען אַוודאי נישט זאָגן קיין קרום וואָרט, ווייל אַזאַ קריטיק שטאַמט לכתחילה פון קנאה, ווערט מען דאָך בלויז געשטויסן צו „טשעפּען" — שלימזלען. זיי איז מען מפקיר, זיי, וואָס איז נעבעך נישטאָ וואָס מקנא צו זיין, גיט מען איבער דעם קריטיקער אין די הענט, אָן אַ פּיפּס. זיי זענען שוצלאָז, אָבער די נאַשפּיץ־רייטנדיקע דער־פאָלגן טאָר מען נישט קריטיקירן.

מיינט עס פּשוט, אַז דער קריטיקער דאַרף לכתחילה גוט אַ נישטער טאָן, צי האָט נישט דער שרייבער אָפּגעשפּאָרט עפּעס אַזוינס, צוליב וואָס מען קען

אים מקנא זיין: געלט, אַ גרויסן נאָמען, אַ שיין ווייב, יחוס, אַ מעדאַל, אָדער אַנדערע צייכנס פון דערפאָלג. אַזאַ איינער איז איבער קריטיק אָבער אָט איז זיך אַ שרייבערל, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין מאַטעריעלע פאַרמעגנס, אויף אַזאַ איינעם מעג מען פראַנק און פריי שבת־האַלטן און קיינעם וועט נישט איינפאַלן צו באַשול־דיקן דעם קריטיקער, אַז ער איז דעם שרייבער חלילה מקנא.

# יידישע „קריסטלעכקייט“

אין דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פון דער לאָנדאָנער „דזשואיש קראָניקל“ איז דעם צוועלפטן אויגוסט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ טשיקאַווע אַרטיקל וועגן דעם פאַשיסט און אַנטיסעמיט עזרא פאונד. דער שרייבער פון דעם אַרטיקל דזשאַן סילקין ברענגט ראיות, אַז פאונד איז אין זיינע לידער אַ ווילדער שונא־ישראל, אָבער ער פאָדערט ביים יידישן לייענער, אַז ער זאָל זיך שטעלן „העכער“ פון אַ נאַטירלעכן און געזונטן צוגאַנג צו פאונדן, אַז ער זאָל זיך זעצן און קלייבן די „פערל“ אין פאונדס לידער און שעצן דאָס ביסעלע קונסט.

דזשאַן סילקין איז אַ ייד און ער האָט אַ שטיקל נאָמען אין דער יונגער ענגלישער ליטעראַטור. פון דעם צעפּאַטלטן אופן ווי דאָס אַרטיקל וועגן פאונדן איז אָנגעשריבן קען מען זייער ווייניק אַרויסלייענען ווו עס ליגן סילקינס כוחות. כ׳בין זיך פון דעסטוועגן משער, אַז ער האָט אַנדערע באַווייזן פאַר זיין טאַלאַנט. דאָס אַרטיקל וועגן עזרא פאונדן איז אויך ספּעציעל נישט געראָטן, ווייל דער שרייבער גייט אויף שטאָלצן און ער וויל אונדז געבן אַ לעקציע אין איבער־קריטיק צו אַ ווולגאַרן יידנפרעסער.

איז אָבער די צרה, וואָס די געבראַכטע ציטאַטן וועגן פאונדס אַנטיסעמיטיזם זענען זייער קלאָרע. ער האַלט יידן פאַר אַלץ וואָס אין דער קאָרט, פאַר פאונדן איז דער ייד אַ פּראָצענטניק, וואָס קאָרומפּירט די גאַנצע וועלט־עקאָנאָמיע, און דעם יידס אמונה איז אַ גראָבע, ער קושט די ספר־תורה, אָבער ער איז שולדיק אין פאַרגוואַלדיקונג און אויספּרעסונג.

ווען מען לייענט אַזעלכע שורות אין „פּאָעזיע“ און מען איז אַ ייד פון דור־דורות, וועמענס נשמה ציט איר יניקה פון סיני, מוז מען שפּייען קלעק אויף אַזאַ פּאָעט, בפרט ווען מען ווייסט, אַז זיין אַנטיסעמיטישע פּאָעזיע איז געווען דער שולחן ערוך זיינער אין לעבן; אַז בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געהאָלפן מוסאָליני׳ן און היטלערן און געהאַלטן אַנטיסעמיטישע און אַנטי־אַמערי־קאַנישע פּראָפּאַגאַנדע־רעדעס דורכן פאַשיסטישן ראַדיאָ.

דזשאַן סילקין ברענגט אונדז אָבער עטלעכע אָפּגעשנאָרעטע שורות פון פאונדס לידער און ער בעטלט מיט זיי איינזעעניש פאַר דעם פּאָעט — צווישן יידן. וואָלטן די שורות געווען אַזוי גרויס ווי גאַנץ „מלחמה און שלום“ פון טאָלסטאָיען, אָדער גאַנץ שעקספּיר, וואָלט מען עס דעם ברוטאַלן און פיזיאָלאָגישן אַנטיסעמיט אויך געמעגט שליידערן אין פּנים אַריין. אָבער די עטלעכע אויסגע־

קליבענע שורות זענען אַזעלכע, וואָס סיי די וועלט, סיי אַ ייד אין דער וועלט, מעגן זיך גאַנץ גוט באַגיין אָן זיי.

פרעגט זיך אַ קשיא, פון וואַנען נעמט זיך צו אונדזערע אויסגעכאָוועטע און אויסגעכאָליעטע יידישע יונגעלייט אַזוי פיל „קריסטלעך“ געדולד. סילקין עצהט יידן צו בראָדיען אין פאונדס געשמאַקן וויינגאָרטן, נוצן דעם יידישן אינ־טעלעקט און אָפקלייבן דאָס וואָס שטייט איבער ראַסיזם.

ס׳גייט אונדז ממש אין לעבן. מיר האָבן שוין נישט קיין בילכערע זאַכן אויף וואָס צו פאַרנוצן דעם יידישן אינטעלעקט, ווי אויף אַזאַ ווילדער עקספעדיציע צו קריגן אַן אַנטיסעמיטישן פראַסק מיט אַ שפיי אין פנים דערצו, אָפּווישן דעם שפיי, געפינען אַ שורה און אויסשרייען: זעט, אָט האָב איך געפונען אַ פערל אין דעם מיאוסן געמויזעכץ. איז דאָס אפשר אַן אינטערעסאַנטער צייט־פאַרטרייב פאַר די דזשאַן סילקינס, אָבער נישט פאַר קיין יידן מיט תשבורות פון יידישן אינטעלעקט.

ס׳איז צום שטוינען, וואָס אַזאַ רעקאָמענדאַציע ווערט געמאַכט פון אַ ייד און ס׳ווערט געדרוקט אין אַ יידישן זשורנאַל. מען רייבט זיך די אויגן פון דעם עסיק, וואָס עס זעצט פון אַזאַ „ליבעראַלן“ פאָרשלאָג און מען פאַרשטייט בשום אופן נישט, צי איז אַ גוטע שורה ביי פאונדן ווערט די טירחה פון אַ ייד מיט אַ קליין ביסל זיך־רעספּעקט.

אָבער ווען מיר זאָגן — ייד, מוז מען היינטיקע צייטן מאַכן פאַרשידענע רעזערוואַציעס און קוואַליפיקאַציעס. אָט איז מיט עטלעכע טעג צוריק געהערט געוואָרן אַ דיסקוסיע וועגן רעליגיע אויף דער ענגלישער טעלעוויזיע. דער „ייד“ וויקטאָר גאָלאַנץ האָט עס באַדאַרפט אויסדריקן דעם יידישן שטאַנדפּונקט. דאָס איז דער זעלביקער גאָלאַנץ, וואָס האָט גלייך נאָך דער היטלער־מלחמה אונטערגע־נומען אַ רחמנות־פּראָפּאַגאַנדע־טור לטובת די געשלאָגענע דייטשן און געזאַמלט געלט פאַר די געליטענע דייטשע קינדער. האָט דער גאָלאַנץ איבערגעגעבן, אַז ער גייט זייער אָפט אין דער קירכע פאַר „פּריוואַטער מעדיטאַציע“, אָבער ער שמעקט קיין מאָל נישט אַריין אין אַ שול. אַפילו דער קאַטוילישער זשורנאַל „די טאַבלעט“ האָט געפונען פאַר נייטיק צו קריטיקירן גאָלאַנצן פאַר אויפגעבן אַזוי גרינג די שול, „וואָס האָט געשטאַרקט דעם יידישן מוט דורך די יאָרהונדערטער“.

האָבן מיר פאַר זיך נאָך אַ „יידישן“ שטאַנדפּונקט. מ׳קען פון די דאָזיקע ביידע שטאַנדפּונקטן מאַכן איין פערל: מען זיצט אין קירכע און מען מעדיטירט איבער אַ גוטער שורה פון עזרא פאונד.

# ביאָגראַפיעס

די דענישע שרייבערין איזאַק דינעסען איז געשטאָרבן אין עלטער פון 77 יאָר. זי האָט געשריבן פאַנטאַסטישע מעשות און זי איז פריִער באַרימט געוואָרן אין אַמעריקע ווי אין איר אייגענעם דענעמאַרק. געשריבן האָט זי אירע מעשות מייסטנס אויף ענגליש, זי איז מפורסם געוואָרן אין 1934 מיט אירע „זיבן גאָטישע מעשות". דאָס איז געווען אין יענער צייט — „עסקייפּיסטישע" ליטעראַטור. היטלער איז שוין דעמאָלט אויפגעשטאַנען קעגן דער וועלט, אָבער די דענישע מעשה־שפּינערין האָט דערציילט וועגן אַריסטאָקראַטן, באַראָנען, שלעסער, פּאַלאַצן, און אירע מעשיות האָבן אָנגעריסן ביי טייל שרייבער, וואָס האָבן פאַר איר געמאַכט אַ וואַרע.

אַ סך האָט דערצו געהאָלפן איר רייזע־ביאָגראַפיע. איר טאַטע איז אַמאָל געווען אין אַמעריקע, ווו ער האָט באַשריבן די אינדיאַנער. זי אַליין האָט אַ צייט געלעבט אין אַפריקע, ווו זי האָט געהאַט אַ קאַווע־פּלאַנטאַציע. מען האָט דער־ציילט וועגן איר לעגענדעס, אַז זי האָט מיט אַ בייטש אָפּגעטריבן דריי לייבן, זי האָט זיך געקליידט זייער אויסטערליש, געלעבט אָפּגעזונדערט און געבענקט נאָך דער צייט, ווען אַריסטאָקראַטן האָבן געהאַט קנעכט.

אַ טשיקאַווע ביאָגראַפיע, טשיקאַווע קליידונג און טשיקאַווע מיינונגען מיט פאַרשפּרייטע לעגענדעס וועגן זיך זענען זייער אָפט אַ גוטער צושטייער צום וווּקס פון אַ ליטעראַרישער רעפּוטאַציע. די מאָראַל דערפון איז — אויב אַ שרייבער פאַרמאָגט נישט קיין צו גרויסן טאַלאַנט, דאַרף ער זיך באַמיִען איינ־צושאַפן אַן אינטערעסאַנטע ביאָגראַפיע און ער דאַרף שרייבן קוריאָזע זאַכן, וואָס זאָלן אַרויסרופן אַ צייטווייליקן אינטערעס. ס'איז אַ סגולה צו באַרימטקייט, ווייל ביז מען כאַפּט זיך, אַז דער שרייבער איז נישט איי־איי, איז ער שוין — אומ־שטערבלעך.

14.9.62

מעג אַ פּאָעט אַרבעטן ? ס׳איז אַן אַלטע פראַגע, און אין די גאָר אַלטע צייטן איז דער ענטפער אויף דער קשיא געווען אַ שאַרפער — ניין, אַ פּאָעט האָט גאַנצע טעג געטרילערט ווי אַ פייגעלע, אַפילו ווען ער האָט געגעסן שווערע מענטשלעכע מאַלצייטן.

אין אַ בוך אינטערוויוען מיט אַמעריקאַנער און ענגלישע שרייבער, וואָס איז אָקאָרשט דערשינען, האָט מען די פראַגע געשטעלט דעם באַרימטן פּאָעט ט. ס. עליאָט. מען האָט אים פּשוט געפרעגט, צי דער פאַקט, וואָס ער האָט געמוזט פאַרדינען אויף חיונה האָט אים געשאַדט צו זיין פּאָעזיע ? על׳יאָט האָט געענט־פערט, אַז פאַרקערט, ס׳האָט אים גאָר אַ סך געהאָלפן, ווייל ווען ער וואָלט חלילה געהאַט אַ סך צייט, וואָלט ער געשריבן צו פיל און מיט ווייניקער פאַרזיכ־טיקייט און קינסטלערישער קאָנצענטרירטקייט. אַזוי האָט ער געמוזט זיך באַציִען ערנסט צו דער פרייער צייט, וואָס איז אים געבליבן פאַר זיינע לידער. ער האָט די צייט באַהאַנדלט שטרענג און ער איז נישט געווען אַזוי פאַרשווענ־דעריש.

די דאָזיקע פראַגע איז אַ סאָציאַל פּראָבלעם. היינטיקע צייטן איז שוין נישט אַזוי אָנגענומען, אַז אַ פּאָעט האָט אַ רעכט צו פאָדערן פון דער געזעלשאַפט, אַז זי איז אים מחויב אויסצוהאַלטן, כּדי ער זאָל קענען כּסדר — זינגען. כאָטש ביי אונדז באַוויינט מען נאָך ביזן היינטיקן טאָג דעם פאַקט, וואָס עטלעכע פּאָעטן האָבן געמוזט אַרבעטן אין זייערע יונגע אָדער עלטערע יאָרן. מען דערציילט אַ מיאוסע מעשה, אַז רייזען האָט אַמאָל באַגעגנט לייוויקן, ווען לייוויק איז גע־גאַנגען פון דער אַרבעט מיט אַ לייטער. לייוויק איז דעמאָלט אין די יונגע יאָרן געווען אַ טאַפּעטן־לייגער אויף ווענט. די מעשה ווערט מ׳יאוס דערציילט, אַז רייזען האָט זיך געשעמט, וואָס דאָס ידישע פאָלק באַהאַנדלט אַזוי מיאוס זיינע פּאָעטן.

די מעשה איז מיאוס דערפאַר, ווייל זי פאַרשעמט אַרבעט און דעם אַרבעטער. לייוויקן האָט אַסור געשאַדט, וואָס ער איז געווען עטלעכע יאָר אַן אַרבעטער, ווי ס׳האָט נישט געשאַדט מאַני לייבן, זישע לאַנדוין און אַנדערע. פאַרקערט, ס׳האָט גאָר געשאַדט און דעמאָראַליזירט אַ צאָל פּאָעטן, וואָס האָבן זיך דווקא פאַרלייגט, אַז די וועלט איז זיי עפּעס שולדיק. עס ווערן פאַרשפרייט נאַרישע זיפצערישע מעשיות וועגן פּאָעטן, וואָס האָבן געהונגערט און „די וועלט" האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. איך האָב גראָד גוט געקענט אַזעלכע „פאַרהונגערטע" פּאָעטן,

וואָס וואָלטן אַ סך געהאָלפֿן געוואָרן פֿערזענלעך, מאָראַליש און אַפֿילו פּאָעטיש, ווען זיי וואָלטן זיך איינגעשאַפּט אַרבעט און נישט געוואָרט אויף „דער וועלט", מיט אירע טובות.

נישטאָ ביים היינטיקן טאָג קיין איין ענגלישער אָדער אַמעריקאַנישער שרייבער וואָס אַרבעט נישט, וואָס דערוואַרט זיך מפרנס צו זיין פֿון זיינע לידער, אָדער פֿון „דער וועלט". אפֿשר געפֿינט מען נאָך אַ צוויי־דריי אַזעלכע זינגערס, וואָס קרייזלען זיך זייערע בערדלעך גאַנצע טעג און זענען באַשעפֿטיקט ביי פּירן ליבעס, אָבער ליבע־פּירערײַ קען ווערן אַ גאַנץ שווערע מלאכה, אויב מען פּראַקטיצירט עס אַ גאַנצן מעת־לעת. עטלעכע שעה אַרבעט איז אַ סך געזונטער און גרינגער.

24.5.63

# לעבעדיקע אָדער טויטע יאָרצייטן

צום צוואַנציקסטן יאָרצייט פון מ. ל. האַלפּערן איז מיר אויסגעקומען צו האַלטן אַ לעקציע וועגן אים אין אַ שטאָט, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר האַל־פּערנס אַ „הויפּטשטאָט״. פאַראַן יידישע שרייבער, וואָס האָבן אין געוויסע שטעט ביי אונדז אַ סך חסידים און אין אַנדערע זענען זיי אין גאַנצן אָן אַ מעמד און זייערע נעמען זענען דאָרטן אָן אַן עכאָ. יענע שטאָט וווּ מיר איז אויסגעקומען צו האַלטן די יאָרצייט־לעקציע וועגן מ. ל. האַלפּערנען, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך פלאַמענדיקע האַלפּערן־פאַרערער.

אַ יאָרצייט, וואָס רעכנט זיך אין די צענדליקער יאָרן דאַרף געבן אַ גוטע געלעגנהייט ריכטיק אָפּצושאַצן דעם שרייבער, וועמענס יאָרצייט־דאַטע ס׳ווערט פייערלעך אָפּגעצייכנט. אַזוי האָב איך געטראַכט און כ׳האָב דערפאַר איינגעטיילט דאָס לעבן און שאַפן פון מ. ל. האַלפּערן אויף עטלעכע פעריאָדן און כ׳האָב אָנגע־וויזן אויף אַ צאָל מאָגערע און אפשר גאָר בלאָנדזשענדיקע יאָרן זיינע. כ׳האָב אָבער גלייך אַרויסגעפירט דעם פּאָעט פון זיין בלאָנדזשעניש און געבראַכט זיינס אַ טריומף־ליד, וואָס האָט אים ווידער געשטאַרקט און אים צוריקגעגעבן זיינע כוחות און זיין קינסטלערישן באַלאַנס. די לעקציע איז געהאַלטן געוואָרן מיט די בעסטע כוונות און מיט אַ וואַרעמען צוגאַנג.

אָבער היות דאָס איז געווען דעם פּאָעטס הויפּטשטאָט, אָדער איינע פון די שטעט, וואָס ער האָט „איינגענומען״ביים לעבן, האָט מיין לעקציע שיר נישט גורם געווען אַן אמתן סקאַנדאַל. ווי געזאָגט, איז עס נישט געווען גלייך נאָך מ. ל. האַלפּערנס טויט, ווען די אומגעריכטע אבידה איז נאָך געווען אַ פרישע ווונד, נאָר צוויי צענדליק יאָר נאָך זיין טויט. זיינע שטאָטישע „פּאַטריאָטן״ — כ׳נוץ דעם אויסדרוק ווי מען פלעגט אים נוצן אַרום יידישן טעאַטער — האָבן געהאַלטן, אַז אַ פאַרערטער יידישער שרייבער איז הייליק אויף אַלע צייטן און מען טאָר קיין האָר פון זיין שאַפן נישט קרימען. איך ווידער האָב אָנגעוויזן, אַז דערמיט, וואָס מען שאַצט אָפּ אויפריכטיק און ערלעך אַ שרייבער ביים לעבן און בפרט אַ צוויי צענדליק יאָר פון זיין יונגער אומשטערבלעכקייט, גיט מען אים ערשט אָפּ כבוד און מען לעבט אים אויף, ער ווערט אַ זייל פון דער ליטע־ראַטור. ער ווערט לעבעדיק, ווייל זיין קינסטלערישער כוח ווערט באַלויכטן און אַרויסגעפירט אויפן ליכטיקן וועג פון אַ לעבעדיקער און פאָרזעצלעכער ליטע־ראַטור.

עמעצער האָט אַ מאָל דעפֿינירט אַ קלאַסיקער — אַ שרייבער, וואָס ליגט אויף דער פּאָליצע און קיינער לייענט אים נישט. אָט די באַציִונג איז קאָנטיקער ביי אונדז ווי ביי אַלע פֿעלקער און מען קען עס זען און הערן ביי אונדזערע פֿייערלעכע יאָרצייטן. ווען ביי אונדז וואָלטן חלילה געשריבן געוואָרן אַזעלכע ביכער, ווי ס'איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אין אַמעריקע, אויף ענגליש, וועגן טעאָדאָר דרייזערן, וואָלט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. די הייליקע אומבאַרירלעכקייט לייגט ביי אונדז אַרויף אַ שווערע צענזור, ווען ס'קומט צו שרייבן מענטשלעך וועגן אונדזערע אַוועקגעגאַנגענע. ביי אונדז שאַצט מען נישט אָפּ, נאָר מען זינגט שירים ותשבחות. דער רעזולטאַט איז, אַז פֿון שירים ותשבחות, ווי מען זאָל נישט וועלן אַריבערשטייגן איינער דעם אַנדערן אין לויב־עפּיטעטן, מוז זיך שאַפֿן אַ מאָנאָטאָנע און אַ באַנאַלע איבערקייַעניש.

אַזוי באַציִען מיר זיך צו באַרימטע לעבעדיקע שרייבער און אַזוי — נאָך מיט עטלעכע שמיצלעך — באַציִען מיר זיך צו אונדזערע קלאַסיקער. היות מיר קענען קיין מאָל נישט אַרויס פֿון ציקל יאָרציימן, לייענען מיר אין הויכן יתגדל ויתקדש, אין צענדליקער וואַריאַנטן.

קיין איין ליטעראַטור ביי די אומות העולם כאַפּט זיך נישט צו מיט אַזאַ התלהבות און ברען צו אירע גרויסע און קיילעכדיקע יאָרצייטן ווי אונדזער ייִדישע ליטעראַטור. מיר אַליין לעבן־אָפּ און לעבן־אויף אונדזער ליטעראַטור מיטן כוח פֿון אונדזערע יאָרצייטן. אָבער מיר פֿאַרגעסן, בעת־מעשה, צו טאָן אונדזערע קלאַסישע באַרימטקייטן דעם חסד של אמת — זיי אָפּצושאַצן. קיין שפּרענקעלע לאָזן מיר נישט פֿאַלן אויף אונדזער ליטעראַטור, אָבער דער שטויב פֿון נישט לייענען ביכער פֿון אונדזערע שרייבער — אַרט אונדז נישט. אוודאי לעבט אונ־דזער ליטעראַטור בכלל ביי ספּעציפֿישע אומשטענדן, אָבער אַפֿילו אין איר ספּעציפֿישקייט ווערט אָפּט טראַגיקאָמיש, ווען מען זעט ווי מען כאַפּט זיך צו צו די ליטעראַרישע יאָרצייטן און מען האַלט אין איין שאָקלען הייליקן ווייִרעך. זאָל מען חלילה נישט מיינען, אַז איך נעם זיך אַליין אַרויס פֿון כלל. ס'איז ביי אונדז אוממעגלעך נישט אַריינצופֿאַלן אין דעם אַלגעמיינעם כאָר; ס'איז אַן איינשטעל אַזאַ און אַלע מוזן גיין אין שפּאַן. דערפֿאַר שרייבט מען נישט ביי אונדז קיין ניכטערע ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען, וועגן אונדזערע קלאַסיקער, נאָר האַגיאָ־גראַפֿיע — ממש הייליקע שריפֿטן. מיר נעמען תמיד, צו אַ יאָרצייט, מער ווי אַ גלעזעלע פֿאַר עלית נשמה; און וואָס מער יאָרצייטן ס'גייען אַוועק, אַלץ מער דערוווייטערטער און עליהדיקער ווערן אונדזערע קלאַסיקער; און מיטן ברען פֿון די נשמה־גלעזלעך פֿאַרשיכורן מיר אונדזערע אָפּשאַצונגען, וואָס קריגן קיין מאָל נישט די געלעגנהייט זיך אויסצוניכטערן.

ס'וואָלט באמת געווען אַ דערפֿרישונג, ווען מיר וואָלטן אַריינגעפֿירט אַ נייעם סטיל אין אונדזערע יאָרצייטן און מיר וואָלטן אַוועקגעשטעלט אונדזערע קלאַ־

סיקער אויף לעבעדיקע, געלייענטע פּאַליצעס; און דאָס, וואָס פֿאַלט מיט דער צייט אַוועק, מעג אַוועקפֿאַלן. פֿאַרקערט, אַזאַ צוגאַנג גיט די ליטעראַטור־זיידעס, פֿאָטערס און פֿעטערס אונדזערע מער לופֿט צו אָטעמען — אין זייער שטערבלעכקייט.

אָט איז נישט לאַנג צוריק, אין דער סעריע פֿון די „מוסטערווערק" פֿון אונדזער ליטעראַטור, פֿון דעם יוסף ליפֿשיץ־פֿאָנד אין אַרגענטינע, דערשינען אַ בוך — מענדעלע. מענדעלע מוכר־ספֿרים איז פֿאַרבונדן מיט דער דאַטע פֿון הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור און ס'איז אַ גערעכטע פֿאַרבינדונג, ווייל מענדעלעס „דאָס קליינע מענטשעלע", וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין 1864, האָט אָנגעזאָגט דעם אָנקום פֿון אַ גרויסן באַוווסטזיניקן יידישן מייסטער. אגב, האָט „דאָס קליינע מענטשעלע" דעמאָלט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דעם אָדעסער „קול מבשר" און דאָס ווערק איז פֿאַר זיך אַליין געוואָרן דער „קול מבשר" פֿון אַ קינסטלערישן יום־טוב.

דער רעדאַקטאָר פֿון דער סעריע (וואָס איז אַ מין אָפּקלייב פֿון דער יידישער ליטעראַטור) שמואל ראָזשאַנסקי, האָט אויסגעקליבן פֿאַר זיין אָפּגעקליבן ווערק צו פֿייערן די היסטאָרישע דאַטע פֿון הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור, גראָד און דווקא „פֿישקע דער קרומער". דאָס איז ראָזשאַנסקיס פּריווילעגיע און ער האָט די פֿולע רעכט אויף זיין אָפּקלייב־געשמאַק. אמת, דאָס ווערק קען מען שוין מער כמעט אין מויל נישט נעמען, ס'איז שוין אומלייענבאַר און מען קען אַרגומענטירן, אַז אַזאַ ווערק איז נישט פּאַסיק פֿאַר אַ לעבעדיקן אָפּקלייב. אָבער, ווי געזאָגט, דער ענערגישער ליטעראַטור־פֿאָרשער און ליטעראַטור־פּעדאַגאָג שמואל ראָזשאַנסקי האָט אַ רעכט אָפּצוקלייבן וואָסער ווערק ער וויל פֿאַר אַ שפּיגל־ווערק.

אָבער גראָד אַרום מענדעלען זענען יאָ אַנטשטאַנען הייסע דעבאַטעס און ס'זענען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון — גערעכטע אָדער אומגערעכטע — צוצוגיין מיט אַ ניכטערער מאָס צום זיידנס ירושה. אַזעלכע פּרוּוון זענען געמאַכט געוואָרן סיי אין העברעיש, סיי אין יידיש, ווייל מענדעלע איז דאָך געווען אונדזער ערשטער און גרעסטער קינסטלער פֿון און אויף אונדזערעביידע לשונות.

דעם פֿאַקט, וואָס שמואל ראָזשאַנסקי האָט באַשלאָסן, אַז „פֿישקע" איז דאָס לעבעדיקסטע ווערק פֿון מענדעלען, איז זיין זאַך. מען מעג מיט אים נישט מסכּים זיין, אָבער ער, ווי דער רעדאַקטאָר און איניציאַטאָר פֿון די מוסטערווערק, מעג זיך גיין מיט זיין דרך. אָבער ער איז בפֿירוש אַריינגעפֿאַלן אין דעם יאָרצייט־טאָן אונדזערן, ווען ער האָט לחלוטין איגנאָרירט, אַז אַרום מענדעלעס ירושה האָט מען זיך געקריגט — לשם שמים. מיר דאַכט זיך, אַז אַזאַ פֿאַרצייכענונג וועגן אַן אָפּקלייב־ווערק וואָלט גאָר צוגעגעבן חשיבֿות דער דאַטע פֿון הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור, ווייל ס'וואָלט געוויזן, אַז ס'קומט פֿאַר אַ לעבעדיקע דיסקוסיע

אַרום דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור און אַז ער ווערט נישט באַדעקט מיט אַ מאַיעסטעטישן יאָרצייט־שטויב.

ווי שענער וואָלט געווען פאַר מענדעלעס נאָמען און פאַר אונדזער ליטעראַ־טור, ווען דער רעדאַקטאָר וואָלט אָנגעוויזן, אַז דווקא זיין אָפּגעקליבן מוסטער־ווערק איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ טויט צווייגל אויף מענדעלעס בוים, און אַז ס'איז אַפילו אַרום דעם ווערק פאָרגעקומען אַ פּעדאַגאָגישע דיסקוסיע, טאַקע אין בוענאָס־איירעס גופא. ס'וואָלט געווען גוט פאַר דער ליטעראַטור און גוט פאַר דעם רעדאַקטאָר, און ס'וואָלט נישט נאָר נישט געמינערט פון דער פאָרערונג פאַר מענדעלע מוכר־ספרים, נאָר ס'וואָלט אים נאָך צוגעגעבן לעבעדיקע חשיבות.

אָבער ביי אונדז קרייזלט מען די וואָנסן און בערד פון די קלאַסיקער, אַז יעדע האָר ווערט באַדעקט מיט שטויב. דווקא מיט ווייַרעך קען מען אַזוי פאַרהייליקן אַ קלאַסיקער, אַז מען זאָל מורא האָבן צוצוגיין צו אים און אים לייענען ווי מען לייענט אַ לעבעדיקן שרייבער, וואָס האָט נאָך עפּעס צו זאָגן אונדזער דור און די דורות וואָס קומען. ווען מען קריטיקירט אַ קלאַסיקער, נעמט מען פון אים חלילה נישט צו זיינע אומגעראָטענע זאַכן, זיי געפינט מען נאָך אַלץ אין די ביבליאָטעקן. מען מאַכט בלויז גראַמער און באַקוועמער דעם צוגאַנג צו זיין בלייבעוודיקער שעפערישקייט.

4.6.65

# אַ שלאָס אויף דער פּען

כ׳האָב שוין עטלעכע מאָל געזאָגט און מען מעג עס נאָך אַ מאָל זאָגן, אַז די ערגסטע צענזור איז — זעלבסטצענזור. קעגן צענזור, וואָס קומט פון דרויסן קען מען קעמפן, מען קען זי אַריבערקליגן, מען קען זיך אַן עצה געבן, מ׳קען געפינען אופנים ווי אַזוי אַרומצוגיין דאָס געזעץ, ווי אָנצווּווינקען אויף דעם וואָס איז פאַרבאָטן צו זאָגן. אָבער די צענזור, וואָס ווערט געשאַפן פון אינעווייניק, די צענזור, וואָס מען לייגט אַרויף אויף זיך אַליין און מען באַשווערט זיך מיט איר, איז די שאַרפסטע צענזור, ווייל קעגן איר קעמפט מען נישט, נאָר מען גיט זיך אונטער, מען פאַלט אונטער איר השפּעה און מען נעמט עס אָן ווי דעם פּראַקטישסטן דרך אין לעבן.

געווינלעך קומט מען צו זעלבסטצענזור אין די שפּעטערע יאָרן. מען באַשליסט, אַז נישט אַלץ מוז מען אַרויסלייגן אויפן טעלער, מען דאַרף נישט זוכן צו פאַרריכטן אַלע עוולות, מען טאָר זיך נישט פאַרקריגן מיט צו פיל מענטשן, אַזעלכע געדאַנקען האָבן גראָד קעמפערישע מענטשן, וואָס דערשפּירן פּלוצעם אַז זיי זענען צו אָפּט אויפן יאַריד, און גאַנץ אָפּט אַליין. זיי דערזען אַז ס׳מערן זיך זייערע שונאים און זיי קומען צום אויספיר אַז ס׳לוינט זיך נישט איינצורייסן מיט צו פיל מענטשן. ווי לאַנג איז דער שיעור זוכן עוולות און אַ קלאַפּ טאָן אין טיש. אפשר מעג מען אַמאָל דורכלאָזן אַן עוולהלע, זאָלן שוין אַנדערע אויפהייבן אַ געשריי און גיין אין מלחמה. הייבט מען אָן אַזוי טראַכטן, מעג מען שוין פאַר זיך פאַרצייכענען, אַז מען האָט דערגרייכט די שטופּע פון זעלבסטצענזור.

דאָ רעדט זיך נישט פון נוצלאָזער און גאַליקער אַגרעסיווקייט, וואָס איז אַנטישעפעריש און אַנטיגעזעלשאַפטלעכער סם. אָט די רשעות ליידט קיין מאָל נישט פון זעלבסטדיסציפּלין, אָדער פון זעלבסטצענזור. עס גייט אין גערעכטן קאַמף קעגן אומגערעכטיקייט, קעגן פּניותדיקייט, געזעלשאַפטלעכן דעספּאָטיזם, פאַלשער וואָג און מאָס אין דער ליטעראַטור; קעגן ביליקן געשמאַק, פּאַרטייִשער קליינלדיקייט און פּאַרטייִשע ווענדעטאַס; קעגן קליין־סטאַליניזם אין די קלענסטע גרופּירונגען, קעגן פאַלשע און זעלבסטגעשאַפענע רעפּוטאַציעס. אָט דער קאַמף ווערט מיט דער צייט אויפגעגעבן, ווייל מען הייבט אָן „איינזען״, אַז ס׳לוינט זיך נישט, אַז מען האָט דערפון בלויז עגמת־נפש און גאָר קיין נחת נישט.

דערצו האָט נאָך דער שונא אויסגעפּרווּוטע כלי־זיין. ער האָט איין טענה,

אַז דער וואָס קעמפּט קעגן עוולות איז געוויינלעך מקנא דעם דערפאָלג פון די דערפאָלגרייכע. די טענה לייגט זיך תמיד אויפן שכל, ווייל ס׳קלינגט לאָגיש און פאַרשטענדלעך. קנאה איז אַזוי נאַטירלעך, אַז די מענטשהייט פאַרשטייט אַזאַ געפיל; און ביליקער דערפאָלג קען זיך תמיד באַשיצן מיט אָט דער טענה און קריגן טויזנטער באַשיצער, וואָס וועלן צובאָמקען, ווייל דערפאָלג איז ווי אַ מאַגנעט, וואָס ציט צו אַ סך אָנהענגער, נאָכשלעפּער און טעלערלעקער.

דערפאַר הייבט מען אָן שפּירן, אַז ס׳איז מייסטנס אומסאַניטאַריש זיך צו פאַרמעסטן מיט געוויסע דערפאָלגן און אויפהייבן דאָס קול אין אַ פאַרלוירענעם קאַמף. די זעלבסטצענזור נעמט די אויבערהאַנט און הענגט אויף אַ שלאָס אויף דער פּען.

פאַראַן אויך אַ דערפאָלג, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון אָנטאַפּן דעם מאַזאָכיסטישן אָדער ביי געוויסע מענטשן, וואָס האָבן אַזעלכע נייגונגען. וואָס מער מען וועט אויף אַזעלכע מענטשן טרעטן, אַלץ מער וועט עס אין זיי וועקן אַ קנעכטיש געפיל צום טרעטער, ציניקער און אָפּשפּעטער.

אַנטקעגן וואָס איז צו רייד געקומען אָט די „דיסערטאַציע״? כ׳בין זיך משער, אַז אויף דעם אָרט האָט אפשר באַדאַרפט פאַרעפנטלעכט ווערן אַן אומצענזורירטער אויסגעשריי קעגן אַ נייער עוולה און ער איז איינגעשטילט געוואָרן דורך דעם פרייוויליקן שלאָס פון זעלבסטצענזור.

15.11.63

ס׳איז שווער צו דעפינירן קולטור, אָבער על רגל אחת קען מען זאָגן, אַז ס׳איז דאָס גייסטיקע האָב־און־גוטס פון אַ פאָלק, דער אָנזאַמל, וואָס ווערט כסדר געאיידלט און איבערגעפוצט, מיט כבוד דערהויבן, ווייל ס׳גייט אין דעם שפּיגל פון אַ פאָלק און זיינע שענסטע אייגנטימלעכקייטן.

דערפאַר קען מען זאָגן, אַז מיר האָבן אויף זיך גענומען נישקשה פון אַן אויפגאָב, אָפּצוהיטן, אַנטוויקלען און האַלטן הויך דאָס גייסטיקע פּנים פון אונדזער פאָלק, אַלץ, וואָס איז אייגן און מיט וואָס מען קען זיך גרויסן און אַרויסשטעלן פאַר דער וועלט. לויט דער אָנגענומענער דעפיניציע, איז לשון דער גרעסטער און וויכטיקסטער טייל פון דער קולטור פון אַ פאָלק, ווייל לשון אַנטהאַלט אין זיך אַלע קעמערלעך און צעלן פון אַ פאָלקס־נשמה, פון זיין מאָראַלישן און אינטעלעקטועלן ניווא.

איז פון דאַנען געדרונגען, אַז דאָס שיינדל פון אונדזער קולטור־אַרבעט איז דאָס יידישע לשון. מיר דאַרפן דערפאַר זיין די שטאַרקסטע קעמפער פאַר דער לעבעדיקער אויפהאַלטונג און פאַר דער חשיבות פון אונדזער לשון. מען טאָר זיך נישט לאָזן אַראָפּשלאָגן פון וועג מיט נייע, לייכטע און קאָרופּטירנדיקע דעפיניציעס פון אַסימילאַציע, אַז מיר מוזן אַנדערשן אונדזער שטעלונג צום גאַנג פון דער אַזוי גערופענער נאַטירלעכער אַסימילאַציע אין די תפוצות, זאָלן די סאָציאָלאָגן פאַרענטפערן, פאַרגעבן, אויפקלערן אַזאַ אַסימילאַציע, אויב זיי ווילן. מיר, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין דער דערהאַלטונג פון אונדזער קולטורעלער עשירות, טאָרן נישט מוותר זיין אויף יידיש אין אַ לייכטן משא־ומתן מיט אַסימילאַציע.

אָבער בעת יידיש איז פאַר אונדז פול מיט קדושה, מיט דערמאָנונגען, אַן איבערגעפולטער לאָגל מיט טרערן און פרייד און מיר רעדן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם פון דעם דאָזיקן וווּנדער, וואָס האָט אונדז אויפגעהאַלטן און באַשיינט אונדזער לעבן אין גלות, זענען מיר כמעט הילפלאָז, ווען מיר ווילן עס איבערגעבן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער. אויך מיר האָבן שוין באַדאַרפט איבערזעצן די קדושה פון יידיש אויף נאָסטאַלגיע, אויף איינגעדענקטער בענקשאַפט, ביי אונדז איז דאָס שוין געוואָרן אַ מין ערזאַץ־קדושה, אַ רעליגיעזקייט אָן אמתן רעליגיעזן ציטער, אָן אַ העכערער שליחות. אויפגעהאַלטן האָבן אונדז אונדזערע זכרונות, וואָס זענען געוואָרן די ראַם פון אונדזער לעבן, אין די נייע היימען, נאָך אונדזער אויסוואָרצלונג.

מיט וואָס קענען מיר אָבער קומען צו אונדזערע קינדער, און עס רעדט זיך דאָ וועגן די אונטערוואַקסנדיקע קינדער, נישט די, וואָס איבער זיי קען מען נאָך האָבן אַ שליטה און זיי באַפעלן און שיקן אין די יידישע שולן? מיר רעדן דאָ וועגן די גרעסערע, וואָס דער גאַנצער ענין יידיש וועפּט זיך אויס פון זיי און וואָס שטעלן טריט אַוועק פון אונדז. האָבן מיר זיך טאַקע ריכטיק פאַרטראַכט, פאַר וואָס דער יונגער אונטערוואַקסנדיקער דור האָט מיט אונדז קנאַפּע באַריר־פּונקטן?

מיר דאַרפן זיך אויסטענהן מיט אונדזער יוגנט, אָבער אונדז פעלן לאָגישע אַרגומענטן. מיר ווערן צו עמאָציאָנעל, מיר האָבן זיך אויסגעלערנט אויסגעצייכנט רעדן צו זיך אַליין און מיר פאַרשטייען זיך מער וויניקער. אָבער דאָס דאָזיקע בענקשאַפט־לשון האָט אַ קנאַפּע השפעה אויף אונדזערע קינדער.

מיר האָבן נאָך נישט אַנטוויקלט קיין אַפּאַראַט פאַר אויסטענהן זיך מיט אָט דער יוגנט, וואָס מיר אַליין בילדן אויס און בילדן אַוועק פון אונדז. אויב זיי זענען דרך־ארצדיקע קינדער, קוקן זיי אונדז אפשר אין מויל אַריין, אָבער זיי, וואָס זענען איינגעגלידערט אין דער גייסטיק־דערשראָקענער וועלט פון אונדזער צייט, וואָס קענען אַלע נייסטע קינסטלערישע באַוועגונגען פון די „ענגרי יאָנג מען״, די אָנגעברוגזטע יונגעלייט אין דער ענגלישער ליטעראַטור, ביז די „ביטניקעס״ און דער בודיסטיש־אָנגעשטעקטער יוגנט פון די פאַראייניקטע שטאַטן; אונדזער טייערע יוגנט, וואָס קען יעדן לעצטן גרילץ אין דער מוזיק און כאַפּט אויף יעדן פּיקאַסאָ־פלעק — ווי אַזוי זאָל מען קומען צו דער דאָזיקער יוגנט און זיי איבער־ענטפערן אונדזער פאַרצייטיקע יאָרצייטישע ירושה?

ירושה האָט בכלל אַ טויטן קלאַנג. אַ לעבעדיקע קולטור און אַ לעבעדיק לשון מאַכן עטלעכע טריט פאָרויס, עטלעכע קריק, אָבער זיי צווינגען אויף קיינעם נישט אַרויף ירושה. בלויז פראַפּעסיאָנעלע גריבלערס האָבן אַ זין פאַר די ענינים. דעם יידישן יונגנמאַן אונדזערן, דעם אַנטלויפער, באַטן מיר גאַרנישט אָן, מיר האָבן אים גאַרנישט צו פאַרקויפן אַחוץ — ירושה, אָבער ס'פעלט אים, דעם לע־בעדיקן יוגנטלעכן, אַ זין פאַר דעם. ער איז נאָך נישט גרייט זיך מטפּל צו זיין מיט ירושה. ער וויל לעבן מיטן טעמפּאָ פון זיין צייט. אויב יידישע ירושה אידענ־טיפיצירט זיך אין זיין געדאַנק בלויז מיט אוראַלטער פאַרגאַנגענהייט, שפּאַנט ער אַוועק דערפון און לאָזט זיך נישט איבערצייגן, אַז עס איז אַ נויטווענדיקייט פאַר זיין אייגענער ווייטערדיקער עקזיסטענץ ווי אַ ייד אין דער היינטצייטיקער וועלט.

דער אמת איז, אַז די קולטור פון אַ פאָלק דאַרף נישט נאָר קענען געדענקען, נאָר מוז אויך קענען — פאַרגעסן. מיר טראָגן אויף אונדזערע פּלייצעס אונדזער גאַנצן הייליקן שטויב. די לעבעדיקסטע מאָמענטן אונדזערע זענען לוויות און יאָרצייטן. מיר וואַרפן קיין מאָל נישט אַרונטער פון זיך קיין באַלאַסט. מיר גיבן

נישט די מינדסטע געלעגנהייט דעם צוקונפטיקן ליטעראַטור־היסטאָריקער אויסצוגראָבן אַ פאַרגעסענעם, אָדער, חלילה, אַ פאַרזעענעם טאַלאַנט. מיר באַגראָבן נישט אונדזערע מתים, מיר פאַראַדירן מיט זיי. מיר טראָגן אַ גרעסערע קולטור־משא אויף אונדזערע מידע פלייצער, ווי אַ סך אַנדערע פעלקער. צום יונגנמאַן וואָס גייט פאָרויס מיט דער צייט, צום יונגן ייד, וואָס לעבט אין אונדזער שרעקעפּאָכע, צו אונדזער יידישער יוגנט מוזן מיר רעדן ווי וועלט־יידן, און נישט אויסזיפצן ביי זיי אײַנזעעניש פאַר אונדזער המשך.

מיר קענען זיי נישט איבערגעבן אונדזער איינגעוואָרצלטע באַוווּנדערונג, זיי דאַרפן מיר באַווייזן, מיר דאַרפן קלאָר מאַכן פאַר וואָס אויך זיי זענען מחויב ממשיך צו זיין אונדזער קולטור און אונדזער לשון, ווי פריִער געזאָגט, האָבן מיר זיך אויסגעלערנט רעדן זייער שיין צו זיך אַליין, אָבער נישט צו אונדזער יוגנט. מיר מוזן געדענקען, אַז די אַרבעט פון אָנקניפּן קאָנטאַקטן מיט דער יוגנט פאָדערט אַ סך טאַקט און געשמאַק, פאַרטיפונג און אינטעליגענץ. דערפאַר טאָר יידישע קולטור־אַרבעט נישט ווערן קיין ענין פאַר כיבודים און פאַר אויספילן דעם חלל אין לעבן פאַר אָפּהענטיקע געעלשאַפטלעכע טוער. מיר מוזן זוכן, אויסזוכן און געפינען אַזעלכע יונגע מענטשן, וואָס זאָלן זיך קענען דורכשמועסן מיט דער יוגנט, נישט נאָר וועגן ירושה, נאָר וועגן לעבן.

נאָכן חורבן פון דער יידישער אייראָפּע איז אונדז אויף אַן אמת קלאָר געוואָרן אונדזער אייגענער גייסטיקער חורבן. מיטן אויסנאַם פון איין יידישן ישוב אָדער צוויי, איז אונדזער גאַנצע אַרבעט געטאָן געוואָרן אָן יענער גרויסער מסירת נפש, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַלטער היים. אַ סך פון אונדז זענען געוואָרן עגאָצענטרישע יידן. אויב אַפילו מיר אַליין האָבן נישט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די עטלעכע יידישע פעקלעך, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט, האָבן מיר זיך באַצויגן מיט פאָטערלעכער איינזעעניש צו די קינדער, וואָס זענען געוואַקסן און אַריינגענומען אין זיך די פרעמד, אַריינגעוואַקסן אין דער פרעמד, און אַרויסגעטריבן פון זיך אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַלטן פאַר הייליק און טייער.

ס׳איז געווען אַ מין יששכר־זבולון־שותפות, מיר האָבן געוווּסט, אַז דער ביניקער אייזל יששכר זיצט אין זיינע געצעלטן און זבולון מחסרט און אַרבעט אַרויף זיינע מאַטעריעלע גיטער. מיר האָבן געשטיצט די אַלטע היים, מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אונדזער חוב, מיר האָבן אָבער דערפון געצויגן אַ סך באַפרידיקונג, אַז מיר האָבן וועמען צו שטיצן און אויף וועמען זיך צו שטיצן. דאָס איז געווען די סיבה פון אַ גייסטיקער אַפּאַטיע אויף פיל געביטן פון יידישן לעבן, מיט דעם גליקלעכן אויסנאַם פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אומעטום געוואַקסן אין אַן אייגענער חלל־וואַזאָנע, אויף שטיינער און ביינער, גענערט פון אייגענע שעפערישע זאַפטן. ווען עס זענען אונדז חרוב געוואָרן אונדזערע

יידישע שטעט, האָבן מיר זיך דערזען פנים אל פנים מיט זיך אַליין, דערשפּירט, אַז די פאַרוויסטע היים־שטרעקעס האָבן נאָך בולטער אונטערגעשטראָכן אונדזער אייגענע גייסטיקע פאַרוויסטונג. מיר האָבן פאַרלוירן וועמען צו שטיצן און אויף וועמען זיך צו שטיצן.

אָבער אָט און די היסטאָרישע אַפּאַטיע אונדזערע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם גרעסטן און שענסטן געשיכטלעכן נס פון אונדזער צייט — מדינת ישראל. מיר האָבן ווידער געקריגן אַ וועמען צו שטיצן און אַן אויף וועמען זיך צו שטיצן און אויף וועמען גייסטיק זיך אָנצולענען. ביי אַ סך פון אונדז האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די נאָר וואָס אויפגעהויבענע טועוודיקע הענט. דאָרט וועט מען שוין אַלץ מתקן זיין. שוין, מיר דאַרפן זיך שוין נישט אָנשטרענגען זיך מתווכח צו זיין מיט אונדזערע קינדער, מיר דאַרפן שוין נישט מאַכן קיין פאָרווורפן זיך אַליין. מיר ווילן אַזוי דערלעבן אונדזערע טעג און נעכט, אין אויסשטראַל פון מאָדערנעם עפּאָס פון דער יידישער געשיכטע: העלדישקייט כלפּי אונטערגאַנג, אויפריכטונג ווי אַ טרייסט פאַר חורבן.

געבענטשט זאָל זיין דער גרויסער נס מן השמים און מן הארץ — מדינת ישראל. אויפגיין זאָל דאָס ליכט פון דאָרטן און באַשטראַלן די וועלט מיט דעם נייעם אויפלייכט פון אַן אַקטיווער יידישער ציוויליזאַציע. אָבער זאָל דאָס ליכט אונדז נישט בלינד מאַכן צו אונדזערע אייגענע פליכטן. מיר, די גרויסע פאַרשווענדער און פאַרטאַכליעווער, טאָרן נישט וואַרפן אין פייער טויזנט יאָר האָבּ־און־גוטס. מיר טאָרן נישט שטאַרבן דערנידעריקט, פאַריתומט און אָן אַ צונג אין מויל. די יידישע געשיכטע וועט אונדז קיין מאָל נישט מוחל זיין אַזאַ וואַנדאַליזם, כ׳מיין אַ געשיכטע, וואָס וועט געשריבן ווערן נישט פון פאַרטייען, נאָר מיטן האַרץ פון פאָלק. קינדער און קינדס־קינדער וועלן אונדז שטראָפן דערפאַר.

אַ ציטער נעמט אַדורך ווען מען גיט אַ טראַכט, אַז אין דעם פאַרפליכטיקטן שטיצן און אין דעם באַרעכטיקטן זיך שטיצן אויף מדינת ישראל, זאָלן מיר זיך אין גאַנצן, חלילה, אויפלייזן, און נישט זיין ראוי אויפצונעמען די גרויסע גאולה; מיר זאָלן, חלילה, אויסשטאַרבן ווי אַ נאַרישער דור־המדבר, וואָס האָט זיך פריִער גייסטיק בדלות געשטעלט, איידער ער האָט געשיכטלעך פאַרענדיקט זיין מיסיע.

1.5.66

# אינהאַלט

### III



### IV



### V

## VI

זאָל דאָ פֿאַרצייכנט ווערן דער נאָמען פֿון דעם טייערן ייִד ווילי שאָר, וואָס האָט איינער אַליין, פֿון זיין אָפּגעשפּאָרטער יגיעת כּפּיים אויפֿגעטאָן אַזוי פֿיל פֿאַר דער ייִדיש־קולטור. נישטאָ אַזעלכע ייִדישע ל״ו, הלוואי וואָלט געווען כאָטש אַ מנין אַזעלכע ייִדן, ווי דער פֿרומער און איבערגעגעבענער צום ייִדישן וואָרט — ווילי שאָר.